וועראַ קעטלינסקאַיאַ

# מוט

ראָמאַן

יידיש: פיניע קאַץ

## ערשטער בוך

ערשטע און צווייטע טייל

פאַרלאַג „היימלאַנד"
בוענאָס איירעס 1956

VERA KETLINSKAIA

# VALOR

NOVELA

Traduc.: P. KATZ

TOMO I

PRIMERA Y SEGUNDA PARTE



EDITORIAL «HEIMLAND»
BUENOS AIRES
1 9 5 6

---

# ע ר ש ט ע ט ײ ל

### I.

דער לאָקאָמאָטיוו שנײַדט זיך איבער אומענדלעכע פעלדער, פאַרנעפלטע מיט פרילינגדיקער אויסדעמפונג.

סערגיי האָט אַ מאָדנעם געפיל, אַז דאָס אַלץ וואָס ער זעט און טוט וועט זיך מער ניט איבערכאַזערן. דער לאָקאָמאָטיוו לויפט מיט אײַנגעהאַלטענער שנעלקייט אַריבער די בריק און סערגיי טראַכט זיך, אַז ער וועט מער ניט הערן דאָס הודושען פון די מעטאַלענע ווערסטן. ער קוקט זיך אום אַף הינטן, אַף דער לאַנגער ריי פראַכט־וואַגאָנען און ער ווייס, אַז מער וועט זיך פאַר זײַנע אויגן ניט שלענגלען די רויטע קייט וואַגאָנען און פלאַטפאָרמען, אַז מער וועט זיך צו אים ניט דערטראָגן דער שווערער קלאַפן פון די פול אָנגעלאָדענע וואַגאָנען און דאָס מונטערע טראַכקען פון דעם ליידיקגייענדיקן. אַף די סטאַנציעס ווישט ער איבער די באַוועגלעכע טיילן, (וואָס אַף דער מאַשיניסטן־שפראַך רופט מען זיי פאַרקירצט „באַוועגונג״) און פיזיש שפירט ער, אַז זײַן יעדע באַוועגונג איז אַ לעצטע און אַז יעדע אים באַקאַנטע פאַרניטונג וועט אים מער פאַר די אויגן ניט קומען, אַז די דורכגעפעצטע שמאַטע וועט איבערגיין אַף אַנדערע, פרעמדע הענט. ער דערהערט דאָס קאָל פון זײַן פאָטער, דעם אַלטן מאַשיניסט טימאָפיי איוואַנאָוויטש, און די אַנגסט פון שיידונג טרעט אים צו צום האַלדז: צום לעצטן מאָל הערט ער די זקייניש דורכגעפילטע רייד, מאָרגן וועסטו שוין מיטן טאַטן ניט ריידן און ניט לאַכן און עמעצער אַן אַנדערער וועט הערן ריידן דעם שטילער געוואָרענעם זאָקן.

— שוין זעקס און דרײַסיק יאָר ווי איך פאָר אַרום, און אַלץ איבער די זעלביקע מעקוימעס — טײַנעט טימאָפיי איוואַנאָוויטש, און דער זון פאַרשטייט אים גאַנץ לײַכט אינמיטן דעם גערויש פון די מאַשינען — און וואָסערע וועגן זײַנען פאַראַן אין סיביר, ווייס איך ניט, נאָך ניט פאַרזוכט. און איך האָב שטענדיק דערצו כיישעק געהאַט. נאָך ווען ניקאָלקע האָט דורכגעפירט דעם וועג קיין מאַנדזשוריע, צום וולאַדיוואָסטאָקער האַפן, האָב איך מיר באַלד אַ טראַכט געטאָן: מען וואָלט זיך באַדאַרפט אַהין אַוועקלאָזן! אינטערעסאַנט! נײַע ערטער. נײַע מענטשן. און זיי ריידן מיסטאָמע אַן אַנדער לאָשן... אַן אייגענע שפראַך באַ זיי, אַ מאָנגאָלישע ראַסע.

דער הייצער סווירידאָוו הערט זיך צו און שמייכלט שפאָטיש. מיסטאָמע ווייס ער דערין עפעס מער פון טימאָפיי איוואַנאָוויטשן און פון סערגייען. פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אים אַזויפיל וויסן וועגן אַלץ אין דער וועלט.

באַ טימאָפיי איוואַנאָוויטשן איז דאָס קאָל אַ ביסל אָנגעשפּאַלטן. סער־

גייען דוכט זיך, אַז זײַן פֿאָטער האָט קליינע שפּעלטעלעך אין האַלדז. אים איז עס ביז ווייטיק פֿײַנלעך, נאָר ער שענקט אים אַ שמייכל און גיט אַ פֿינטל מיטן אויג צו סווירידאָוון: — נאָך אַלעמען, אַ טשיקאַווער מענטש, דער אַלטער!

— מיר איז עס ניט געראָטן. דו אָבער וועסט אויספֿירן דעם טאַטנס כאַלעם — וועסט דערציילן ווי איז דאָרט. און קוק זיך גוט אײַן, קוק זיך צו, טראַכט זיך אַרײַן. פֿאַרפֿיר קאָנטשאַפּט מיט גוטע מענטשן, שעם זיך ניט. פֿון אינטערעסאַנטער קאָנטשאַפּט האָט מען שטענדיק אַ נוץ, די פֿער־זענלעכקייט ווערט באַרײַכערט.

סערגיי האָט זיך אַליין אָבגעשלאָגן פֿאַרן — אים האָט געצויגן דער וויַטער מיזרעך, בוויונג, זעלבשטענדיקייט, די אייגענע קויכעס פּרוּוון, — נאָר איצט, מיט דעם ווי פֿון נאָענטער שיידונג, איז אים די גאַנצע פֿאַרפֿי־רערישקייט פֿון דער רײַזע פֿון מויעך אַרויס.

— ווער ווייס ווו מען וועט אונדז פֿאַרשטעקן — גיט ער אַ ברוי־געזן זאָג.

דער אַלטער שווײַגט אָפּ. ער שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פֿונעם פֿענצטערל. ער קען דאָ יעדן אויסבייג אויפֿן וועג, יעדעס ביימל באַם זוים. מיט פֿאַרמאַכטע אויגן וואָלט ער דאָ געקענט פֿירן דעם צוג, מיטן כוש בלויז. אָפּגעשוויגן האָט ער פֿאַשעט קעדיי אַ טראַכט צו טאָן:

— אָט האָב איך מיך דערמאָנט גרויסע ווערטער — רופֿט ער זיך אָן און נעמט דעקלאַמירן, מיט אַ פֿײַערלעך אויפֿגעהויבענעם פֿאַרהאַרטעוועטן פֿינגער:

אין טעג פֿון אומגליק, ווייס איך ווו צו זוכן
אַ מיטגעפֿיל אין מײַן גורל שווערן.
צו וואָס־זשע אויפֿן לעבנס־וועג דעם מוט פֿאַרלירן?
כ׳גיי פֿאָרויס מיט האָפֿענונג פֿריילעכער אין האַרצן.

וואָלסט אויך אַזוי באַדאַרפֿט. פֿאָרויס גיין מיט האָפֿענונג פֿריילעכער. נאָר וואָס איז דאָ צו ריידן, וואָסער שווערער גורל קען גאָר הײַנט געמאָלט זײַן! הײַנט איז דער גורל אַ גרינגער. נאָר אָט וואָס, דיר זײַנען נאָך קיין פֿעדערן ניט אָנגעוואַקסן"...

סערגיי ברויגעזט זיך אַ באַליידיקטער. "נאָך קיין פֿעדערן ניט אָנגע־וואַקסן"... דאָס צוואַנציקסטע גייט מיר שוין, און אַ געהילף־מאַשיניסט, און נאָך אַלץ אָן פֿעדערן.

זיי דערנענטערן זיך צו אַ סטאַנציע. דער סעמאַפֿאָר האַלט זיי אײַן. אין פֿענצטערל רײַסט זיך אַרײַן דער רייעך פֿון נאָכגעלאָזטער ערד. דער אַלטער קוקט מיט סינע אויף דער סטאַנציע:

— מ׳עט אונדז זיכער פֿאַרטרײַבן אויף דער רעזערוונער. אָ, דאָס קיזי־לאָווקע! דאָ בלײַבט מען אייביק פֿאַרסטראַגעט...

מ׳האָט זיי פֿאַרטריבן אויף דער רעזערוונער. טימאָפֿיי איוואַנאָוויטש איז יונג אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם לאָקאָמאָטיוו און איז אַוועק זיך אויסזידלען מיט דעם דעזשורנעם.

סערגיי ווי געוויינלעך, לויטן אײַנגעפֿירטן קלאַל, ווישט איבער די "באַוועגונג", ווי געוויינלעך צינדט ער אָן אַ פּאַפּיראָס באַ אַ קוילכל פֿײַער און זעצט זיך אַוועק אויפֿן טרעפּל. סווירידאָוו, ווי שטענדיק, זעצט זיך צו

לעבן אים, נאָר קיין געשפּרעך פאַרפירן זיי ניט: די שיידונג פילט זיך שוין אַזוי שאַרף, אַז זיי געפינען קיין ווערטער ניט. ניט דאָס טרעפל, ניט דאָס פאַרשאָלטענע קיזילאָווקע, ניט דעם טאַטנס וואָרקען, ניט דאָס אָנגעצונדענע פּאַפּיראָסל באַ דער פײַער־קויל, קיין זאַך דערפון וועט מער ניט זײַן...

דער פאָטער איז צוריקגעקומען. ער קריכט אַרויף אַפן לאָקאָמאָטיוו און אײַסעקט זיך דאָרט לאַנג און מרוקעט. דערנאָך באַרויקט ער זיך, צינדט אָן די פּײַקע און זעצט זיך צו צום זון. און ערשט דעמאָלט קומט ער צוריק צו זײַנע פריערדיקע געדאַנקען.

— איז אַט וואָס, זונדעלע! צו וואָס פאַרלירן דעם מוט אַפן לעבנס־וועג? דעם מוט דאַרף מען קיינמאָל ניט פאַרלירן. ווייסטו ווער עס האָט די ווערטער געזאָגט?

ער גיט קלוגעטשקע אַ קוק מיט אַ זײַט אַף זײַן זון. סערגיי קוקט גלײַכ־גילטיק אַוועק אָן אַ זײַט.

— דו ווייסט ניט. דאָס האָט געזאָגט דער פּאָעט באַראַטינסקי. אין דער פּאָעזיע אונטערן טיטל „צו דעלוויגן“. און דעלוויג, ווייסטו ווער ער איז געווען? אויך אַ פּאָעט, אַלעקסאַנדער סערגייעוויטש פּושקינס אַ צײַט־כאַווער...

סערגיי וויל זיך ניט ווײַזן פאַר קיין אַמאַרעץ, גיט ער אַ צוק מיט די אַקסלען און וואַרפט אַרײַן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן:

— פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן! ער האָט דאָך דערשאָסן פּושקינען אַפן דועל.

טימאָפיי איוואַנאָוויטש ווערט אויפגעציטערט, ער איז אַזש רויט פאַר קאַס. דער זון כאַפּט זיך, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פעלער און ער ווערט אויך רויט און קוקט זיך אום.

— דעלוויג האָט דערשאָסן פּושקינען! — איז דער אַלטער אויסער זיך. — דאַנטעס האָט אים דערשאָסן: דאַנטעס העקערן, דער אויסוואַרף, דער פאַרשאָלטענער אוממענטש! איז וואָס־זשע האָט מען אײַך געלערנט? פאַרמישן דעלוויגן מיט דאַנטעסן!

סערגיי וואַרפט אַ בייזן בליק צום שפּאַטיש־שמייכלענדיקן סווירידאָוו און גיט אַ שטשירע צו אים די ציין:

— וואָלסט געקענט מיינען עפּעס אַן אומגליק איז געשען. צו וואָס טויג עס מיר אײַנגאַנצן וויסן — און שוין שעמעוודיק גיט ער צו: — מען קען דען אַלץ געדענקען... די נעמען זײַנען ענלעכע.

דורכגעלאָפן איז פאַרבײַ זיי אַ שנעל־צוג. טימאָפיי איוואַנאָוויטש קוקט אים פײַנטלעך נאָך, זיפצט אָפּ און גיט אַ זאָג, מען ווייס ניט צי וועגן דעם צוג צי וועגן דעם זונס קענטעניש:

— עס טויג ניט צו גאָרניט.

סערגיי פילט זיך אומבאַקוועם. ווער האָט אים פאַר דער צונג געצויגן! צו וואָס האָט אים געטויגט זיך רוקן מיט דעם דעלוויג—דאַנטעס. פאַראַן וועגן וואָס צו קלערן אָן זיי...

דער אַלטער פאַרפירט ווידער אַ געשפּרעך, קלוימערשט רעדט ער צו סווירידאָוון.

— ניטאָ באַ אײַך, יונגע, קיין ערנסט. אַט ווי באַראַטינסקי זאָגט:

איך דענק, איך פּיל, ניטאָ קיין קייטן פֿאַר דעם גײַסט.
באַ די מעסוירעס פֿון יאָרהונדערטן פֿרעג איך אָן,
און לייען די סיבעס אין זיי פֿון אַלוועלטלעכן צײַטן־בײַט...

און איר, וואָס פֿרעגט איר אָן? איר ווייסט נאָר לויפֿן אין קינאָ, און ער, דער שטומער, וועט אײַך קיין סאָך ניט לערנען...

— וואָס רעדסטו, פּאַפּאַ! איך לערן דאָך — פּראַלט סערגיי אַרויס אָן אויפֿגערעגטער, ניט אַזוי פֿונעם פּאָטערס פֿאַרוואורפֿן ווי פֿון סווירידאָווס שפּאָטישן שמייכלען.

— אָך־אָך־אָך! לערנסט... — שטילט זיך ניט אײַן דער פֿאָטער — וויאַזוי אָבער לערנסטו? דעם גרויסן עמעס דאַרף מען וויסן, און באַ אײַך איז דער עמעס אַ שמאָלינקער, פֿון פֿרעמדן וואָרט, אַ ניט דורכגעדרונגענער... אָט שטאָלצירסטו ביסט אַ קאָמיוגיסט. און איך, לויט דײַנע רייד, בין אָן אומפּאַרטייִשע גרויקייט. האָסטו געלייענט קאַרל מאַרקסן? און זײַן פֿרײַנט, פֿרידריך ענגעלסן, האָסטו געלייענט? ער האָט אַ בוך — ניט קיין גרויס בוך, נאָר אַ בוך פֿון גרויס כאָכמע, פֿון גרויסער בילדונג. ער רופֿט זיך „דער אורשפּרונג פֿון דער פֿאַמיליע, פֿון פּריוואַט־אייגנטום און מעלוכע". געלייענט?

סווירידאָוו הערט אויף שפּאָטיש שמייכלען און ענטפֿערט פּאַשעט:

— איך האָב דעם בוך געלייענט. אַ דײַטלעך בוך. נאָר פֿון ערשטן מאָל אַ ביסל שווערלעך.

דער דעזשורנער האָט סאָפּקאָלסאָף געגעבן דעם סיגנאַל צום אָפּגיין. פֿאָטער און זון ריידן צווישן זיך ניט דעם גאַנצן וועג. אַהיימגעקומען, גיבן זיי איבער דעם לאָקאָמאָטיוו אין דעפּאָ, רייכערן אויס מיט די הייצער צו פּאַפּיראָסלעך און גייען אַרײַן אין קאָמיטעט זיך טרעפֿן מיט היימישע. אַלע באַדויערן טימאָפּיי איוואַנאָוויטשן.

— דער זון פֿאָרט אַוועק, מיט וועמען־זשע וועסטו אומפֿאָרן?

דער אַלטער שפּאַסט זיך אָפּ:

— איך דאַרף נאָר אַ פֿינף טאָן, וועלן אַלע קומען צו לויפֿן. מײַן לאָקאָמאָטיוו איז ניט פֿון די פּאַשעטע, ער איז פֿון די גאָליצינס.

אָפֿן וועג צו זיך אין שטוב, פֿאַרפֿירט דער אַלטער ווידער אַ שמועס איבער דעם זעלביקן. ער גיט קענטיק דעם זון די לעצטע באַלערנונגען:

— ווען איך בין אינעם נײַנצן זעקסטן געזעסן אין טורמע, איז מיט מיר געזעסן איינער אַ פּאָעט, אַ ייִדיקער דענקער, מיט אַ גרויסער נעשאָמע. די זשאַנדאַרן האָבן אים געשלאָגן און ער פֿלעגט דערנאָך ווייגען און פֿלעגט מיר לייענען אַזעלכע פּערזן: „כאַווער, גלייב, זי וועט אויפֿשײַנען, די זון פֿון קישעפֿדיקן גליק..." און ער האָט מיר דעמאָלט אָנגעוויזן אַף אונדזערע לערערס און ער האָט מיר דערציילט וועגן קאַרל מאַרקס און פֿרידריך ענגעלס. און ער האָט מיר געזאָגט: לייען, באָכער, זייערע גרויסע געדאַנקען און פֿריי דיך וואָס אַזוינע מענטשן זײַנען דאָ אַף דער וועלט... און דו? וואָס לייענסטו?

— דאָס בין איך דורכגעגאַנגען אינעם קרײַז — ענטפֿערט סערגיי אַ ניט געצווונגענער — די ביאָגראַפֿיעס פֿון מאַרקס, ענגעלס, לענין...

— „דורכגעגאַנגען, דורכגעגאַנגען"... דורכגיין קען מען אַ גאַס, אַ וועג. דאָס מוז מען באַנעמען מיט דעם סייכל, דערפֿילן מיטן האַרצן...

זייער שטיבל האָט זיך שוין אָנגעזען. אַ שטיבל פון קלעצער, מיט געלע לאָדנס, מיט געלע שטאַכעטן אַרום גערטל. אין הויף האָבן זיך געאייסעקט סערגייס שוועסטערלעך.

— איז וואָס דו זאָלסט ניט טאָן, לערן דיך, באַנעם עס מיט דעם סייכל

— האַלט טימאָפיי איוואַנאָוויטש אײַן די טריט.

סערגיי הערט און איז צערודערט. ער שטעלט זיך ניט פאָר וויאַזוי זײַן לעבן וועט דאָרט גיין, אינעם פרעמדן קאַנט, אָן די לאַנגע געשפּרעכן אָפן לאָקאָמאָטיוו, אָן סווירידאָווס פרײַנטשאַפט, נאָר דעריקער, אָנעם פאָטער.

— דו שרײַב אָפטער — בעט זיך באַ אים דער פאָטער און גיט צו:

— די מאַמע וועט זײַן אומרויִק...

אין שטוב, דערשטיקט ער זײַן זאָרג. ער גיט זיך שפּאַסיק אַ פאַרנייג פאַרן ווײַב און רופט פײַערלעך אויס:

— מײַן טײַערע פרוי מאַטריאָנאַ ספּירידאָנאָוונאַ, גיב דײַן מאַן מיט דעם טראָן־יוירעש אָפּצועסן.

דער גאַנצער אָוונט גייט פאַרבײַ מיט ערעוו רײַזע־טומל און ערעוו רײַזע־געשפּרעכן.

סערגיי פילט זיך געפאַנגען און קליין: איצט קען מען שוין גאָרניט ענדערן, נאָך אַ פאָר שאָ און אָפן באַקאַנטן וועג, אין פרעמדן צוג וועט זיך אָנהייבן דאָס זעלבשטענדיקע לעבן. זאָל עס זײַן אַן עמעס?

מען האָט אויסגעטרונקען טיי אין וועג אַרײַן. באַם אויפהייבן זיך פונעם טיש גיט טימאָפיי איוואַנאָוויטש אַ ציטקע צו די מיידלעך זיי זאָלן ניט טומלען, ער גיט אַ פילדײַטיקן ווונק צום ווײַב און, מיט די הענט אָנגעשפּאַרט אָפן אַנלען פונעם שטול, רופט ער זיך אָן:

— זײַ בראַוו, סערגיי, זע פאַרשעם ניט די מישפּאָכע. ביסט ניט אַן אַבי ווער, ביסט אַ גאַליציין. געווען זײַנען גאַליצינס פירשטן, אַדעליקער ייִכעס. געווען און ניטאָ מער... נאָר פאַראַן זײַנען גאַליצינס און גאַליצינס וועלן זײַן — גאָר אַן אַנדער ייִכעס, פּראָלעטאַריער, פונעם זיידן ביז צום אייניקל, באַן־אַרבעטער, אַלע אינאיינעם מיליאָנען ווערסטן אײַנגעפאָרן... און דעם ייִכעס האָט נאָך קיינער ניט פאַרפלעקט. זע־זשע אויך דו...

סערגיי איז אויפגערעגט פון אַזאַ בראָכע אָפן וועג און שאָקלט צו מיטן קאָפּ. דער אַלטער מאַכט זיך נאַריש! מאַטריאָנאַ ספּירידאָנאָוונאַ הערט גוטמוטיק אויס און שווײַגט, זי קען אים שוין, אַ דאַנק גאָט, צוויי און צוואַנציק יאָר, ווי זיך אַליין, ער איז שטענדיק געווען אַ מאָדנער, פלעגט זיך פונאַנדערריידן, ביכלעך לייענען דורך די נעכט, דעקלאַמירן פּאָעזיעס אַף אויסנווייניק... נאָר אַ גוטער, אַ שטילער, ניט קיין שעדלעכער, און זאָל ער זיך אײַנריידן וואָס ער וויל, דער קאָפּ אין שטוב איז זי, מאַטריאָנאַ ספּירידאָנאָוונאַ.

מען האָט זיך צעקושט, גענומען די זאַכן. טימאָפיי איוואַנאָוויטש וויל בעשום אויפן ניט לאָזן דעם זון טראָגן דאָס קוישל, ער טראָגט עס אַליין.

זיי גייען מיט דעם באַקאַנטן אויסגעטראָטענעם וועג. נאָר דערנאָך מײַדן זיי אויס די באַקאַנטע פּערטקע און גייען איבערן פלאַץ צום פאַראַדנעם אַרײַנגאַנג אין וואָקזאַל, און די ענדערונג אינעם לעבן איז געוואָרן קענטיק, באַשײַנפּערלעך, קאָנקרעט.

אָפן וואָקזאַל זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען די קאָמיוגיסטן, לאָקאָמאָטיוו־אַרבעטער, גוטע ברידער, מיידלעך. די מיידלעך שמייכלען צו סערגייען; ער

גלײַכט זיך אויס, צענעמט די פּלייצעס. עס דערמאָנען זיך באַנאַכטיקע שפּאַצירן, קושן בײַ די פּערטקעס, צאַרטער געפּלוידער, פאַרוווּרפן, שפּאַס, פאַרניכערונגען... ער לויפט דורך מיט דעם בליק איבער די מיידלשע פּענעמער, ער זוכט איינע, די בעסטע... גרוניאַ, דעם וועג־אויפפּאַסערס טאָכטער, האָט זיך צוגעשפּאַרט אין אַ ווינקל און צופּט אירע קאַשטאַן־קאָלירטע צעפּ. סערגיי האָט זיך נעכטן אינאָוונט מיט איר געזעגנט. פון אירע גרויע אויגן און אומדרײַסטן שמייכל האָט ער נעכטן פאַרלוירן זײַן דרײַסטקייט און האָט זי געפרעגט: „וועסט פאַרגעסן?” און זי האָט ערנסט געענטפערט: „איך בין ניט אַזאַ, איך זאָל פאַרגעסן...”

— צי דען דאַרף מען פון דיר אָוועקפאָרן, גרוניאַ?

געקומען זײַנען די אַלטע מאַטווייעווס מיט זייער זון פּאַשקאַ, סערגייס מיטפאָרער. פּאַשקאַ ברענגט טייקעף אַרײַן אַן אויפלעבונג, ער שרײַט אָפן גאַנצן פּעראָן און בראָווירט מיט זײַן אוקראַיִנישער אויסשפּראַך:

— דאַ יאַק־זשע ווי כלאָפּטשיקי... וויִאַזוי וועט איר קינדער בלײַבן אָן מיר? וויִאַזוי וועלן אָן מיר די צוגן גיין?

פּאַשקאַ איז אַ מאַשין־שמירער און איז סערגייס אַ גוטער ברודער, נאָך פון קינדווײַז.

לאַנג וואַרט מען אָפן צוג און מען פּלוידערט. דער סעקרעטאַר פון דער קאָמיוג־אָרגאַניזאַציע האַלט אַ רעדע, נאָר טימאָפּיי איוואַנאָוויטש איז פון איר ניט צופרידן: עס איז ניט געזאָגט געוואָרן עפּעס טיפס, באַדײַטנדיקס. נאָך יונג! דאָס גאַנצע לעבן איז אין זייערע הענט איבערגעגעבן און צי דען ווייסן זיי דעם עמעסן ווערט דערפון?

אין דער ווײַט האָבן זיך צעלויכטן די פײַערן פונעם צוג. אַלץ נענטער, נענטער... פאַרבײַ דעם פּעראָן האָט זיך דורכגעטראָגן מיט אַ געפּילדער און האָט מעכטיק געבלאָזן פון זיך מיט ווײַסן דאַמף דער הייסער און שטאַרקער לאָקאָמאָטיוו. טימאָפּיי איוואַנאָוויטש האָט די הענט אויפגעהויבן און אַ צערודערטער גענומען שרײַען:

— אַרבעט, סערגיי! אַרבעט, פּאַוועל! אַרבעט, קינדער, מיט האַרץ! דער קאָמיוג שיקט אײַך ווי די בעסטע. קומט־זשע אַהיים ווי העלדן, ווי קאָמוניסטן!

און ער האָט אַרומגענומען זײַן זון און האָט זיך צוגעדריקט צו זײַן באַק מיט זײַן האַרטער, שטעכיקער באַק.

— פאַרגעס אונדז ניט, זונדעלע!

סערגיי האָט זיך פון אים אָפּגעריסן, האָט אַ שלינג געטאָן די טרערן, וואָס זײַנען אים צום האַלז צוגעטראָטן, איז אַרויפגעשפּרונגען אָפן טרעפּל און האָט גענומען פרייליך פּאָכען מיט דער קעפּקע.

II

יעפּיפּאַנאָוו איז געקומען אַף דער באַזע ציוויל געקליידט. דער אַנצוג, אַ גרויער מיט אַ פּאַסיקל, ליגט אַף אים וווילעריש און פריש, דער פאַרביקער קראַוואַט אונטערגעהויבן און דאָס ווײַסע איבערגעטריבן בלענדיקע קעלנערל גלאַנצט אַף זײַן פאַרברוינטן רויט־פלאַטישן האַלדז. דאָס אַלץ, דוכט זיך, איז ניט אַף אַן עמעסן, ס'איז אַ מין מאַסקע־קאָסטיום, אַ שפּאַס, — זאָל ער נאָר אויסטאָן דעם אַנצוג, וועט אַלץ זײַן ווי געווען.

מען טאַפּט אים אַרום, מען באַטראַכט אים און מען לאַכט פון אים. מען שטעלט זיך אַלץ פאַר ווי ער וועט זיך דאָרט גאָנערן אין מילעראָווע, זײַן היים־שטאָט, ווי ער וועט דאָרט פאַנגען פרויען־הערצער מיט זײַן אָנצוג, מיט זײַנע אונטערוואַסער־מײַסעס און מיט זײַן מיליטעריש־העפלעכן שיק.

דערנאָך הייבט זיך אָן דאָס אויספרווון די נײַע פאָנטאָנען. יעדערער טוט זײַן זאַך — די מאָטאָריסטן פּאָמפּען דאָס וואַסער, די טויכערס קאָנטראָלירן די באַשלאָגעכץ. אויך יעפּיפאַנאָוו ווייס זײַן אָרט. נאָר אָף זײַן אָרט אַרבעט אַ נײַער יונגער טויכער.

ער בלײַבט איינער אַליין שטיין אָף דער שיף־נאָז, שוין אַ זײַטיקער אין דעם לעבהאַפטיקן אַרבעטס־טומל, אַ צעטראָגענער, אַ פאַרבענקטער...

און מיטאַמאָל דערזעט ער דעם יאָם.

צי דען האָט ער אים פריִער געזען?

ער שפּרייט זיך פאַר אים צו ערגעץ ווײַטע מעטושטעשע ברעגעס, מיט דעם זון־רויכל פאַרשטעלטע. עס ליגט פאַר אים די באַוועגלעכע צאַרט־בלויע וואַסער־מאַסע. קיין ווינט איז ניטאָ, נאָר דער יאָם אָטעמט; זײַן ריינער אָטעם טראָגט זיך צו יעפּיפאַנאָוון און ער אָטעמט אים אײַן אין זיך ווי מען אָטעמט אײַן דעם אָטעם פון אַ געליבטער, געריִרט און אומדערזעטיקט.

ער פאַרשטעלט די אויגן פאַר דעם בלענדיקן געוויג פון דער וואַסער־מאַסע. נאָר דער יאָם הערט ניט אויף לעבן, ער זעט אים דורך די צוגעמאַכטע אויגן־דעקלעך, נאָר איצט שוין אַ געענדערטן מיט דער אָנגעשטאָנענער פינצ־טערניש, אַ שוואַרצן, אַן אומרויִקן, אַ צעבליצטן און צעפּאַטשטן, ווי מען שטעלט זיך אים פאָר אין שטורמישע נעכט אָף אַ שיף.

ער געדענקט אים נאָך אַנדערש: אַ בלײַיִק גרויען אונטערן הענגענדיקן גרויען הימל, מיט פאַמעלעכדיקע פוילע כוואַליעס זיך קײַקלען און אומקלאָר דערמאָנט זיך אים (איז עס טאַקע געווען?) אַן איינזאַמער קלאָץ וואָס פירט אויס אַן אומבאַהאָלפענעם און אומענדלעכן טאַנץ איבער זייערע מעכטיקע רוקנס.

און נאָך אַ יאָם געדענקט ער: אַ בלייך־ראָזעווון בעייס זון־פאַרגאַנג, ווען הייסע קאָלירן פאַרכאַפּן אַ האַלבן הימל און רויטע וואָלקנדלעך זעצן זיך אַוועק אָפן וואַסער־האָריזאָנט ווי לעגענדאַרישע אינדזלען און אַרום זיי שײַנט דער הימל, אַ רויִקער און אַ צאַרטער, מיט אַ רויטן גלאַנץ פאַרצויגן.

ער עפנט די אויגן. אָט איז ער דער יאָם... דער הײַנטיקער, אַ וואַרע־מער, אין לויטערן בלוי. ער כאַפּט אים איצט ניט אַרום אינגאַנצן ווי אַ בילד, ער זעט נאָר טיילן זײַנע, פרישע, ווי צום ערשטן מאָל דערזעענע: אַ צופעליקן קרויז פון אַ כוואַליע, גרין־בלויע שאָטנס פון די וואָלקנס, וואָס לויפן אום דאָ און דאָרט איבער דער פינקלדיקער אייבערפלאַך, די דורכזיכטיקע געלע טיפעניש פונעם ברעג; רײַסט מען אָפּ דאָס אויג פונעם גאַנצן, זעען אויס די כוואַליעלעך ווי אַן עמעסער כוואַליע־אַנלויף, נאָר אַ פילפאַך פאַרקלע־נערטער, ווי אָף אַ פאָטאָגראַפיע.

— טרוימען, טרוימען!... — זיגגט אויס אים הינטערן רוקן דער סטאַרשינאַ זשאַריקאָוו.

יעפּיפאַנאָוו דרייט זיך שנעל אום.

— זשאַריקאָוו — רופט ער זיך אָן מיט אַ ווייך געוואָרענעם קאָל — איך וויל מיך אַרונטערלאָזן אונטערן וואַסער... צום לעצטן מאָל.

אָפן „באָט” זעט ער אויס אַן עקסקורסאַנט, און ווען ער נעמט זיך אויס־

טאָן אין דער קאַיוטע, פלאָנטערן זיך אים די פינגער אין די נאָך ניט אויסגעשטודירטע ספּראַנדזשקעס, ער מאַטערט זיך מיט די זאַפּינקעס, ער ציט דעם קראַוואַט אָן אַ טאַלק, ער קוקט אַף זיך אַליין ווי אַף אַ רעקרוט און באַליידיקט זיך ניט ווען זײַנע כאַוויירים שפּאַסן פון אים. נאָר ווען ער קריכט אַרײַן אינעם בריזענטענעם העמד און די גוטע ברידער ציִען פונאַנדער, ווי געווײַנלעך, אײנס און צוויי, דעם גומענעם קאָלנער און מיט צוויי צי הייבן זי אים אַרויף ביז צום האַלדז, באַקומט ער צוריק דעם טויכער־געפיל, און מיט קנאַפּע און פלינקע באַוועגונגען, גרייט ער זיך צום אַרונטערלאָזן.

און אָט איז ער צום לעצטן מאָל אַפן טראַפּ. די כאַוויירים טוען אים אָן דעם העלם, פעסטיקן צו איין מוטער־שרויף נאָך דער צווייטער, און דורכן גלאָז הערט ער שוין זשאַריקאָווס קאָל אַ צוגעטויבטן:

— איצט שפּאַציר דיך דורך, ברודערל, אַף לעצט!

און עס הילכט אָפּ דער לעצטער שנאָל איבערן העלם — הײַדאַ!

דער געניטער גוף מאַכט דעם לעצטן שפּרונג, דער קאָפּ דריקט אַליין צו דאָס דעקל און רעגולירט מעכאַניש די לופט.

און אָט איז שוין ניטאָ, ניט קיין „באָט", ניט קיין הימל, ניט קיין זון. די באַקעטע אָרעמס דערפילן די ווייכע פרישקייט פונעם וואַסער. הינטערן גלאָז שטראָמט אַף אַרויף די גרינבלעך־געלע וואַסער, אַ דורכגעדרונגענע מיט שײַן, און אונטן וויגט זיך די פּילקאָלירטע, מיט לעבן אָנגעזעטיקטע טונקלקייט.

איז אָט וואָס דו ביסט, יאַם!

יעפּיפּאַנאָוו זינקט אַף אַראָפּ, אין דער טונקלקייט. מיטן נאַקן רעגולירט ער די לופט. די דאָזיקע באַוועגונג איז בײַ אים געוואָרן אַן אינסטינקטיווע, זי פאַרנעמט בײַ אים ניט דעם געדאַנק, ער איז אַ געניטער טויכער. און די אויגן נעמען אויף דעם יאַם ווי צום ערשטן מאָל, נאָר אַ סאַך שאַרפער, טיפער, דורכדרינגלעכער, ווײַל עס איז ניטאָ די מוירע, ניטאָ די דײַגע עפּעס צו פאַרגעסן, אַ טאָעס צו מאַכן, — ניטאָ די אויסבאַהאַלטענע רעגונג פונעם רעקרוט.

דער גוף ווערט גרינג, וואָגלאָז, דער אָנצוג האַלט אינעם וואַסער ווי דער פּאַראַשוט אין דער לופטן: צאַרט און רויִק. דער שטיוול טאַפּט אָן דעם באָדן. די אויגן זוכן דעם גרונט אין דער טונקלקייט פון דער טיפעניש. אָט איז ער, דער גרויִנקער, דער וואַקלדיקער, מיט די פאַנטאַסטישע לאַפּעס פון זײַנע קרומע פלאַנצן.

ער רײַסט אָפּ אַ שלײַמיקע פלאַנץ מיט בלעזלדיקע בלעטער. די פינגער טאַפּן אָן דאָס ווייכע לײַב פונעם שטענגל.

אַ שאַרף און פלינק פישל טראָגט זיך דורך ווי אַ פײַל. נאָך דעם אַ צווייטס. זיי נעמען אויף יעפּיפּאַנאָוון ווי אַ פרעמדן, און עפּשער ווי אַ שטיין. נאָר ער הייבט אויף די האַנט. און פאַר זײַן נאַקעטער שײַנענדיקער האַנט אַנטלויפן זיי ווי פאַר אַן אומבאַוווסטער סאַקאָנע.

יעפּיפּאַנאָוו, צערודערט פונעם שפּאַציר, שאַרט פונאַנדער די וואַסערפלאַנצן, הייבט אויף צוויי פלאַכע שטיינער, אָפּגעפּאָלירטע מיט דעם וואַסער, קלאַפּט זיי אָן — אונטערן וואַסער הערט מען דײַטלעך יעדן קלאַנג.

ער פאַררײַסט דעם קאָפּ, קוקט אַרויף, סאַראַ פילפאַרביקייט, ווי פאַנטאַסטיש די וועלט איז פון אויבן!

ער בייגט זיך אָן, קוקט זיך אײַן אינעם גרונט, שאַרט מיטן שווערן

שטיוול צווישן די וואַסער־פּלאַנצן, הייבט אויף אַ מייער־קעפּל, טראָגט עס צו ביזן סאַמע גלאָז, באַטראַכט עס, גיט אַ פּיר דערויף מיט דעם פינגער...

און מיט אַן אַנטשלאָסענעם באַוועג נעמט ער זיך אַרויפהייבן.

ווידער די זון, פינקלדיק־בלויער יאַם, דאָס שלײַמיקע טרעפּל אַפן טראַפּ. פונעם אַנצוג רינט דאָס וואַסער אַפן דעק פונעם „באָט". דאָס גלאָז איז אָפּ־געשרויפט און אינעם פאַרדומפּענעם סקאַפאַנדער רײַסט זיך אַרײַן אַ פאַר־שיקערנדיק ריינע געזאַלצענע לופט.

יעפּיפאַנאָוו לייגט אַוועק דעם רומפּולן אַנצוג, וואָס פלעגט אים דינען, און רופט זיך אַן צום יונגן טויכער:

— נעם מײַנעם, ער איז אַ גוטער, אַ דורכגעקוקטער...

ער גייט און וויגט זיך, פאַרטשעפּעט איין הויז אַנעם צווייטן און טראָגט זײַן ציוויליק, ניט אָפּגעטראָגענעם, ניט באַקאַנטן אַנבליק צום קאָמיסאַר. דער קאָמיסאַר געזעגנט אים און רעדט צו אים וועגן זײַנע אויפגאַבן: דאָרט, אין זײַנע היימישע מעקוימעס, וועט ער זיך באַווײַזן ווי אַ פאַרשטייער פונעם באַרימטן רויט־פאַניקן פלאָט...

אינעם צוג דערמאַנט ער זיך וועגן דעם מייער־קעפּל, וואָס ער האָט אַרײַנגעדרוקט צו זיך אין רעקל־קעשענע. ער נעמט עס פאָרזיכטיק אַרויס, פאַרוויקלט עס אין אַ פּאַפּיר און באַהאַלט עס אַפן דעק פונעם רײַזע־קעסטל. און לאַנג דערציילט ער אין דער פינצטער דעם צופעליקן מיטפאָרער האַלב־פאַנטאַסטישע און האַלב־עמעסע טויכער־געשיכטעס, ער דערציילט וועגן יאַם, וועגן דער וווּנדערלעכער נאַטור אַפן יאַם־גרונט. דער מיטפאָרער הערט אים אויס אַ פאַרגאַפטער, ער שטעלט אים נאַיווע ציווילע פראַגעס, און יעפּי־פאַנאָוו פילט זיך העלדיש, ניט געוויינלעך, און האַלט פון זיך מער ווי ווען עס איז.

די היימישע שטאָט מילעראָוואָ זעט אים אויס קליין און לאַנגווײַליק. ער הייבט זיך אויף אַפן וואַקזאַל און קוקט לאַנג אַף די רעלצן וואָס ציען זיך אַוועק אַף ביידע זײַטן, אַ דאַרשטיקער אַף ענדערונגען און געשעענישן.

ער פילט ניט קיין שום באַדערפעניש אָפּצורוען. ער ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך, מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען. אין שטוב איז לאַנגווײַליק: די שוועסטער גראָבט זיך אײַן אין די לערנביכער, גרייט זיך אַף קורסן. די אַלטע פרײַנט זײַנען זיך צעפאָרן ווער וווהין. אינעם קאָמיוגישן קאָמיטעט איז פּוסט: אַלע זײַנען אין די ראַיאָנען אַף פאַרזיי־אַרבעט.

דער טעכנישער סעקרעטאַר פונעם קאָמיוג, וואָס פאַרטרעט אַלץ און אַלעמען, קלאָגט זיך. קונציק מישט ער דאָס קלאָגן זיך פאַר יעפּיפאַנאָוון מיט דער ברויגעזער זידלערײַ אינעם טעלעפאָן־טרײַבל:

— און דאָ נאָך האָט זיך אַנגעזעצט דער געגנט־קאָמיטעט. — האַלאָ, האַלאָ, סטאַנציע, ווען גיט איר מיר וויעשקי?! — שוין די צווייטע טעלע־גראַמע אַרײַנגעשיקט: שנעל מאָביליזירן דרײַ קאָמיוגיסטן פאַרן ווײַטן מיזרעך... — סטאַנציע, האַלאָ, איר שלאָפט דאָרטן צי וואָס?! גיט וויעשקי! — פון וואַנען זאָל איך זיי נעמען, אַז איצט גייט דער פאַרזיי? כאָטש נעם און שיק זיך אַליין! האַלאָ! וויעשקי! וויעשקי! — איך הייב ניט אָן פאַרשטיין וואָס צו טאָן!... — יאָ, פרײַלן, כאַפּט עס דער טײַוול, קלינגט אָן אין וויעשקי!

— סאַראַ מאָדנער מענטש דו ביסט, — רופט זיך אָן יעפּיפאַנאָוו — און איך, וואָס טו איך דאָ? האָסט באַלד באַדאַרפט זאָגן!

ער איז אַפילע קיין צען טעג ניט געווען אין דער היים און איז אַוועק־געפאָרן. אַן אויסגעצויגענער ליגט ער אין וואַגאָן אַף דער אייבערשטער פּאָ־ליצע און טראַכט וועגן שטילן אָקעאַן, וועגן די ווײַטמיזרעכדיקע טויכערס, וועגן דעם וואָסערע געוויקסן דאָרט זײַנען פאַראַן אַפן גרונט פונעם וואַרעמען יאַפּאַנישן יאַם און פון דעם קאַלטן אָכאָטישן יאַם.

אינעם קאָמיוגישן עשעלאָן האָט ער באַלד געשלאָסן קאַנטשאַפט מיט אַלעמען, האָט זיי דערציילט עמעסע און אויסגעטראַכטע מײַסעס און איז גאַנץ שנעל אַרײַן אינעם נײַעם קאָלעקטיוו, מיט דער זשעדנער באַדערפעניש פון היימישקייט און פרײַנטשאַפט, וואָס שאַפט זיך אַ דאַנק דעם גאַנצן אײַנשטעל פון דעם רויט־פלאָטישן לעבן.

## III

אינעם שיס־לאָקאַל באַם זאַוואָד זײַנען איצט פאַראַן אַ סאַך שיסער און צוקוקער. די צוקוקער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום אַ מיידל וואָס וואַרט אַף איר ריי צו שיסן. מיט דעם עלנבויגן האַלט זי צו איר העל־בלאַנדן שטײַף־פאַרפלאָכטענעם צאָפּ און לאָדט זאָרגעווודיק אָן די ביקס. די באָכערים דרענגען זיך אַרום איר און יעדער איינער וויל איר העלפן.

— לידינקאַ, הייב אָן — שרײַט דער אינסטרוקטאָר.

לידינקאַ ציט זיך אויס אַף דער ערד און דריקט צו די ביקס. זי מאַכט צו דאָס לינקע אויג, ציט אויס די ליפּ און בלאָזט אַראָפּ אַ פּאַסמע האָר פונעם פּאָנעם. זי צילט...

דערהערט האָט זיך דער שאָס און אָפן ווײַסן קרײַז פונעם ציל־קאַרטל באַם סאַמע צענטער, איז אַרויסגעשפּרונגען אַ דורכגעריסענער פּינטל. נײַן.

לידינקאַ זיפצט אָפּ און כמאַרעט זיך, זי בלאָזט ווידער אַראָפּ דאָס קאַ־פּריזנע פּאַסמעלע, זי שטייט אויף און שרײַט טייקעף אויס:

— צען!

— ניין, נײַן!

— ס'וועט באַלד זײַן אַ צען!

און זי שיסט ווידער אויס. דאָס ציל־קאַרטל זעט אויס ניט באַרירט. לידינקאַן גלוסט זיך אַליין צולויפן, נאָר דאָס איז ניט דערלויבט. דער אינס־טרוקטאָר גייט פּאַמעלעכן צו צום ציל־קאַרטל.

— בראַוואָ, לידאָק, אינעם סאַמע צענטער.

לידינקאַ גיט מיט ניצאָכן אַ קרומען קוק אַף איר קאָרטעזש און גע־שעפּטסמעסיק רופט זי זיך אָן:

— אַכצן און צען איז אַכט און צוואַנציק. נאָך צוויי שאָס.

ס'דערהערט זיך נאָך אַ שאָס. דער קאָרטעזש איז צעוויגט. עטלעכע לאָזן זיך לויפן צום ציל־קאַרטל.

— צען! בראַוואָ, לידינקאַ! צען!

לידינקאַ באַפעלט שטרענג:

— אַוועקט פונעם קאַרטל — כ'שיס!

די באָכערים קוקן נאָך איר שאַרפן פּראָפיל וואָס איז צוזאַמענגעגאָסן מיט דער ביקס. אַ ציטער לויפט דורך איר אָרעם, זי לאָזט אַראָפּ דעם רער, כאַפּט אָפּ דעם אָטעם, דערנאָך הייבט זי שנעל אויף די ביקס און שיסט אויס.

— וויפל ? — שרייט זי אויס און לויפט אַליין צו צום קאַרטל. אַ־ינעם שוואַרצן רעדעלע זיינען, אייגס לעבן צווייטן, דורכגעלעכערט דריי פינטעלעך.

— אַכט און פעןציק פון פופציק מעגלעכע — גיט זי צו וויסן און שפּאַנט פּאַמעלעכן צוריק עטוואָס אויסשטעלעריש אונטער די אַנטציקטע באַכערישע בליקן.

זי טוט אָן דעם ראָק, רוקט אָן דעם בערעט מיט דעם דרייסטן זשעסט פון אַ מיידל, וואָס איז זיכער, אַז ווי זי זאָל אים ניט אָנטאָן, וועט ער אַף איר ליגן גוט, און זי רופט זיך אָן צו דעם וואָס שטייט וויטער פון אַלע אָפּגערוקט פון איר:

— קום, קאַליאַ.

ווי נאָר זיי קומען אַרויס פונעם שיס־לאָקאַל, ווערט לידינקאָס ניצאָכנ־דיקער פּאָנעם אַ ביסל אומרויִק און שולדיק. קאַליאַ זאָגט איר מיט אַ צוגע־שטיקטן קאָל:

— עס איז, הייסט עס, באַשלאָסן, לידאָק, וויטער אָפּלייגן קען מען ניט.

— איך וועל זי צוגרייטן, און דו רייד מיט איר, — איז לידינקאַ דער־שראָקן — צו דיר וועט זי זיך גיכער צוהערן.

דער עק באַם שפּיטאָל איז שוין אַ גאַנץ לאַנגער, נאָר מען לאָזט נאָך ניט אַריין. און איינעם זאָל פון די שווער קראַנקע גייט זיך דאָס לעבן ווי געוויינלעך.

די אַלטע איז נאָכן מיטאָג גוט געשטימט און הערט ניט אויף פּלוידערן און זיך אַרומקוקן צי מען הערט זי אויס:

— איך וואָלט נאָך איצט אַ לויף געטאָן, די פּיס, אַ דאַנק גאָט, דינען, נאָר די שיך גייען ניט. און איר וואָס ליגט איר? ע־עך, מיך, אין אייערע יאָרן וואָלט מען ניט נאָר אין שפּיטאָל, אין שטוב ניט איינגעהאַלטן! עס פלעגט מיך אַמאָל אַ לופט דורכנעמען, מיט היץ, מיט קעלט, און איך, ווער האָט זיך געקענט גלייכן צו מיר ווען איך פלעג מיך צעטאַנצן.

אין דער טיר שטעלט זיך אַריין אַ דינע בלייכע פרויען־פיגור מיט איינ־געדרייטע לעקלעך אין פּלויקעס באַ די שלייפן, מיט אַ בלימל אינעם שלייפל פונעם שפּיטאָל־כאַלאַט.

— שרעק פון די יאַמען, קום אַריין! — שרייט צו איר די אַלטע און שמייכלט צו איר מיט אַ ווונק אַפן בלימל: — דער מאַן איז געווען, טאַניושאַ?

טאַניושאַ זעצט זיך אַוועק לעבן דער אַלטער און ענטפערט ניט גערן:

— דער מאַן.

איינע פון די קראַנקע זיפצט אָפּ אַ פאַרדראָסיקע.

— גוט איז ווען דער מאַן באַלעוועט... אייך לעבט זיך און איר מערקט אַפילע ניט.

— וואָס איז דאָ צו מערקן? — ענטפערט איר טאַנוישאַ אַ געלאַנג־ווייליקטע — ס'האַרץ ליגט מיר ניט דערצו, כאָטש נעם און עק זיך!

די אַלטע רודערט אַפן בעט, וואָרטשעט, נאָר טאַניושאַ שמייכלט און רעדט צו איר ווי זי וואָלט זיך מיט איר אַן אייצע געהאַלטן:

— זעט איר דאָך, איך ווייס ניט פאַרוואָס, איך קען מיין מאַן ניט נעמען. מיט וואָס איז ער ניט מיין מאַן? ער האָט מיך ליב, און אויך אין דער באַלעבאַטישקייט טוט ער אַלץ, און איז אַ גוטער פאַרדינער, און טרינקט ניט — אַן אָנשטענדיקער מענטש. נאָר ס'אויג קוקט ניט צו אים.

— פריִער פלעגט מען פון אַזוינע זאַכן ניט קלערן, מען האָט געלעבט ווי מען האָט געלעבט — וואָרטשעט די אַלטע.

— מאַלע וואָס אַמאָל איז געווען! — ענטפערט פריילעך טאַניושאַ — מיר זײַנען שוין הײַנט גאָר אַנדער מענטשן. איך בין צו זעכצן יאָר פון דער היים אַנטלאָפן. און נאָך ווי אַנטלאָפן. געווען איז דעמאָלט דאָס צוואַנציקסטע יאָר, פראָנטן. אָף אַן אָוונט האָבן מיר זיך באַקאַנט, צוזאַמען געהוליעט — מאָרגן דאַרף ער אָפּפאָרן. אין אַ שפּאַס זאָג איך: „נעם מיך מיט". און ער מיר אויך אין שפּאַס: „פּאָרוואָס ניט, קום". און גאַנץ פרי האָב איך געמאַכט אַ קלומעקל און גלײַך אָפּן וואָקזאַל. ער האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, נאָר גאָרניט, ער האָט מיך מיטגענומען. דרײַ כאַדאָשים האָבן מיר זיך אַרומגע־שלעפּט. איר ווייסט דאָך — ס'לעבן אָף די פראָנטן. ער האָט מיך געשוינט, ניט אָנגערירט, נאָך אַ קינד. רײַטן מיר אַזוי איין מאָל דורך אַ וואַלד און ער רופט זיך אָן צו מיר: „דו נאַריש מיידל, איך קען דאָך מיט דיר טאָן וואָס איך וויל". לאַך איך: „וועסט מיר קיין בייז נישט טאָן, און טאָמער פּרוּווסטו טאָן, דראַפּע איך דיר אויס דאָס גאַנצע פּאָנעם און דו וועסט אָפּן גאַנצן לעבן בלײַבן אַ געצייכנטער". און צו וואָס, פרעגט, האָב איך מיך געהיט? מען האָט אים דערהאַרגעט און דערמיט האָט זיך עס פאַרענדיקט.

זי לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, און אַלע שווײַגן אויס אָפּשײַ צו יעבעמס אומגליק.

— מיט מײַן מאַן אָבער מאַך איך סקאַנדאַלן — דערציילט ווײַטער טאַניושאַ, און איר בלייך פּאָנעם ווערט באַלויכטן מיט אַן אָהוועסדיקן שמייכל — ניט פאַר שלעכטיקייט, נאָר פון ערגערניש: געקענט האָט פון מיר אַרויסקומען ניט דאָס וואָס האָט זיך באַקומען. שולדיק, פאַרשטייט זיך, איז ע ר. אַ פּאַרטיי־מענטש, אַן אַקטיוויסט, און מיך ציט עס. נאָר אויפ־הייבן זיך איז שוין שפּעט — שוין ניט די פליגל וואָס געווען. נו, טומלט מען...

— דער שרעק פון די יאָמען! — לאַכט די אַלטע.

— אָט, אָט, אָף דער וווינונג רופט מען מיך טאַקע אַזוי — קלערט אויף טאַניושאַ אַלץ מיט דעם זעלביקן אָניוועסדיקן שמייכל — אַזוי רופט מען מיך — סיורקוף דער שרעק פון די יאָמען. ער קומט אַהיים, גיט מיר עפּעס ניט נאָך, נעם איך שרײַען, קלאַפּן, שלײַדערן. אַ געט! [צום טײַוול! כ'וויל ניט לעבן! און ער נעמט צונויף זײַנע זאַכן, קושט די קינדער, גייט אַרויס אָפּן גאַניקל און זיצט, זויגט די פּײַקע. ווען מיר גייט אָפּ פּונעם האַרצן, איז עס מיר אַליין קאַמיש. קלוימערשט נעם איך מיך אָן מיט קור־ראַזש, גיב אַ קלאַפּ מיט דער טיר און גיי אַרויס צו אים: „וואָס זיצטו פאַר מענטשן אין די אויגן, מען לאַכט דאָך. גיי אַרײַן אין שטוב!" און ער רוקט מיר אין דער האַנט דאָס קלומעקל: „נעם טראָג עס אַרײַן, איכל דעררויכערן". איך טראָג אַרײַן דאָס קלומעקל, צעהענג די זאַכן אָף זייער אָרט, וואָרעם אַן כ'עסן, דערנאָך גייען מיר אין קינאָ, אין טעאַטער, אָדער אין צירק. אַזוי לעבן מיר.

די קראַנקע פּונעם שכייניש בעטל לאַכט און קוקט אָף טאַניושאַן מיט אַ דורכדרינגענדיקן, פאַרשנדיקן בליק.

— וואָלסט דיך מיט עפּעס פאַרנומען, — זאָגט זי — נעם אַרבעטן, וועסטו קיין צײַט ניט האָבן צו טומלען...

די אַלטע רײַסט זי איבער:

— שוין אָנגעדרייט, פּאַרטייישער געוויסן. איין אייצע האָט איר —

אַרבעטן! אַט האָב איך קיינמאָל ניט געאַרבעט, און האָב געלעבט, אין פֿור־טער געשווומען, און האָב קיינעם קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט. נאָר אַקעגן מײַן וואָרט האָט זיך קיינער ניט געשטעלט! איך האָב די שטוב אין די הענט געהאַלטן. אויך איצט שטעלט זיך קיינער ניט אַקעגן, ווי איך זאָג אַזוי בלײַבט עס. און לאַנגווײַליק איז אײַך ווײַל איר זײַט צעלאָזן געוואָרן, ניטאָ קיין שטרענגקייט. מײַן לידקאַ, ווען זי איז אין זאַוואָד אַרײַנגעטראָטן, האָט זיך אויך גענומען פֿאַרקוקן אַף זיי — קאָמיוג און אַסאָכים און דאָ־בראָכים, שיסן איז איר אײַנגעפֿאַלן. באַ מיר אָבער וועסטו זיך ניט דרייען. כ׳האָב אַ פֿאָר מאָל אָנגעשריגן און — אַ סאָף. דערפֿאַר טאַקע קוקט זיך צו, איז מײַן לידקאַ ווי אַ בלום צווישן זיי, צווישן די הײַנטיקע געשווירענע מיט זײ טיכעלעך... און טאַקע, וואָס איז עס אַזוינס? מען בייט זיך אָן טיכע־לעך, אַ פֿינגער די גרייט, גרינע און באַזעווע, מען לאָזט אַרויס אַ שפּיץ פֿונעם קעשענקעלע און געגאַנגען. מען שמאָרעט מיט דער נאָז. אויך אַ מאָ־דע. זיך דערטראַכט. באַ מיר זײַנען אַפֿילע אַזוינע שנעקעס ניטאָ, כ׳זאָל זיי וויקלען אין זײַדענע טיכעלעך...

אין דער צעפּראַלטער טיר באַווײַזט זיך לידינקאַ אַליין מיט דעם צאָפּ אַף די פּלייצעס, מיט אַ בלייך געוואָרענעם צערודערטן פּאָנעם. זי האָט פֿון דער טיר דערזען די מוטער, אַלץ אַזאַ אויסגעמאַטערטע פֿון די קראַנקייטן, אָן אײַנגעשרומפּענע, אַ פֿלוידערנדיקע, אַ קאַפּריזנע און אָן אומבאַהאָלפֿענע, און דעם אויסדרוק פֿון אומרו האָט פֿאַרביטן אַ קאָמישע מינע. מוטער און טאָכטער זײַנען מיטאַמאָל געוואָרן שטאַרק ענלעך איינע צו דער צווייטער.

— געקומען — גיט די מוטער אַ וואָרטשע און כאַפּט זיך צו די מאַטאַנעס.

— האָסט דיך אַוואַדע פֿאַרבענקט, ווילסט עפּעס געזאַלצנס — פֿרעגט לידינקאַ אַ צוגעלאָזענע און גיט דער מוטער אַ קוש אינעם געקנייטשטן געלן שטערן.

פֿון אַלע זײַטן שמייכלט מען צו לידינקאַן; זי איז שוין לאַנג אַ היימי־שער מענטש אין שפּיטאָל און אַלע קראַנקע האָבן ליב מיט איר אַ פֿלוידער צו טאָן. נאָר הײַנט איז לידינקאַ ניט אויפֿגעלייגט צו פֿלוידערן. זי איז רויט געוואָרן און האָט אַף קויעך אַרויסגעמורמלט:

— מאַמאַ... דאָ וואָרט קאָליאַ פֿלאָט... זאָל ער צו אײַך צוגיין?

דער אַלטער געפֿעלט עס וואָס די טאָכטער איז רויט געוואָרן, וואָס זי שרעקט זיך. איר געפֿעלט אויך וואָס דער כאָסן איז געקומען אין שפּיטאָל. אויך ער, קענטיק, שרעקט זיך.

— אויב ער וואַרט, בעט אים אַרײַן. נאָר מײַן קיבעד איז ניט ווי פֿאַר אַ כאָסן, זאָל ער עס ניט נעמען פֿאַר אומגוט.

לידינקאַ קען ניט אײַנהאַלטן די פֿרייד און גיט אַ שפּרונג.

— וואַרט אַ מינוט, שפּרינגערקע, לויפֿסט שוין, גיב מיר אַהער דאָס שפּיגעלע און קעם מיך צו. מיסטאָמע ניט וועגן וועטער קומט ער ריידן. מען דאַרף אַרויפֿציִען אַוואַנטאַזש.

לידינקאַן גלוסט זיך ווייבן ווען זי צעקעמט דער מוטערס שיטערע הערעלעך אַפֿן קליינעם ציטערנדיקן קאָפּ. די אַלטע ראַמט זיך אויף מיט אירע ציטערדיקע הענט, אַ שטאָלצע און אַ נעבעכדיקע.

ווי נאָר אָבער לידינקאַ איז אַף יענער זײַט טיר, רעדט זיך די אַלטע פֿונאַנדער באַרימעריש אויפֿגעלעבט:

— מירן זען, כ'וועל עפּשער צושטימען לידקען כאַסענע צו מאַכן. וואָס זאָגט איר, אין שפּיטאָל געקומען דער כאָסן, האָט קיין געדולד ניט צו וואַרטן...

— יונג בלוט, — זאָגט טאַניושאַ — נאָך גוט וואָס זיי פרעגן.

דער אַלטער שפּאַרט דער שטאָלץ און די קינע צו דער טאָכטער.

— מײַן לידקאַ וועט אָן מיר אַ טראָט ניט טאָן, — זאָגט זי — נאָר איך פאַרשטיי זיי ניט, אַ נאַר. ס'קומען צו איר קאַוואַלירן, איינס אין איינס, מיט גיטאַרעס, מיט באַלאַלײַקעס... איך האַלט מיך אַפילע בײַ דער שטרענגקייט, נאָר ניט אַף שטערן פריילעכקייט, — אין שטוב מעגסטו גיין אַפילע אַפן קאָפּ. איך אַליין בין אַף פריילעכקייט געווען די ערשטע, און די טאָכטער איז אין מיר געראָטן, האָט זיך געלערנט גיטאַרע, זינגט לידער, ראָמאַנסן אַלערליי, — אַ פּעקע! איז אָט, זאָג איך, קומען זיי זיך צונויף, ווי אונטערגעקליבן, קאַוואַלירן, און קאַליאַ צווישן זיי, איז דער ערגסטער! ניט ער שפּילט, ניט ער זינגט, ניט ער טאַנצט, און דער געשפּרעך אויך ניט קיין אינטערעסאַנטער, און דאָס פּאָנעם, וואָס קען מען פאָדערן פון אַ פּאָנעם? אַ פּאָנעם איז אַ פּאָנעם, דעריקער איז דער שטעל, מיטן שטעל פאַרדרייט מען יענעם. און ער האָט קיין שטעל אויך ניט, רוקט אָן די ברעמען, בלויזע געבילדעטקייט... אַ שווײַגער. אַ געלערנטער צוואַק.

נאָר קענטיק, אַז דעם צוקונפטיקן איידעמס סאָלידקייט און ערנסטקייט געפעלט איר גראָד.

דער כאָסן קומט אַרײַן און ציט אַרום זיך אַף אַראָפּ דעם צו קורצן שפּיטאָל־כאַלאַט. אַלעמענס בליקן זײַנען אָנגעשטעלט אַף אים. קאַליאַ פּלאַט איז אַ הויכער, מיט אַ געקרויזטן קאָפּ או זאַ פאַרשטײַפטן טרוקענעם פּאָנעם. ער האָט געבראַכט דער אַלטער אַ בײַטעלע צוקערלעך און פאַרנייגט זיך פאַר די אַנדערע כוילאָים.

צווישן דעם כאָסן און דער אַלטער פאַרבינדט זיך אַ לײַטישער און געהיטער שמועס. קאַליאַ פּלאַט וואַרט אָפּ, וויל מאַכן אַן אײַנדרוק און די אַלטע פראַוועט כשיוועס און האַלט דעם טאָן.

צום סאָף נעמט קאַליאַ דרייען מיטן גאַרטעלע פונעם כאַלאַט און טרעט צו צום אייניען:

— ליזאַוועטאַ אַרטיאָמיעוונאַ, לידינקאַ האָט אײַך שוין מיסטאָמע געזאָגט, — ער הייבט אָן זיכער, נאָר דערנאָך פאַלט ער אַראָפּ — וועגן... אונדזערע באַציִונגען... אַף כאַסענע האָבן...

די אַלטע ווערט רירעוודיק, ער ווערט איר מיטאַמאָל ניט באַקוועם. דאָס קישן איז איר האַרט געוואָרן, די קאָלדרע רוקט זיך אַראָפּ. קאַליאַ פּלאַט העלפט איר ווי ער קען.

— וואָס איז דאָ צו ריידן. די גאַנצע שטאָט זעט שוין ווויהין עס איז פאַרגאַנגען. ניט איך, לידינקאַ דאַרף מיט אײַך לעבן... איך בין מײַן טאָכטער ניט קיין שטער...

קאַליאַ הייבט אויף ס'קאָל, קעדיי די אַנדערע כוילאָים זאָלן אים הערן:

— מיר איז איצט פיר און צוואַנציק יאָר, און די קוואַליפיקאַציע — אַכטע קאַטעגאָריע. ווייניקער ווי זעקס הונדערט אַ כוידעש פאַרדין איך ניט, און פאַר לידינקאַן... קאַרג איך קיין שום זאַך ניט — גיט ער צו שוין שטילער, נאָר פונעם גאַנצן האַרצן.

— וואָס־זשע דען פאַרלאַנג איך, — רעדט שוין אויך די אַלטע אַפן קאָל — ראַט און ליבע. איכל נאָר אַרויס פונעם שפּיטאָל, שטאַט איך אויס

אַ כאַסענע און לעבט אײַך און ליבט אײַך. און איך, אַלטע, וועל מיך פֿרייען אַף אײַך קוקנדיק.

קאַליאַ פּלאַט וויל עפּעס זאָגן, נאָר די אַלטע לאָזט אים ניט אויסריידן.

— נאָר איין באַדינג שטעל איך: ווילט איר האָט כאַסענע, ווילט איר איז ניט, און דאָ האָט איר אײַך מײַן וואָרט: וווינען באַ מיר איך שטוב. לידקאַן וועל איך פֿון שטוב ניט אַרויסלאָזן. איך בין שוין אַן עלטערער מענטש, איך דאַרף האָבן אַף דער עלטער עמעצער זאָל זאָרגן פֿאַר מיר, און לידקאַ אַליין וועט גאָר פֿון מיר ניט אַוועקגיין. זי איז אַנדערש ניט דערצויגן געוואָרן.

— ליזאַוועטאַ אַרטיאָמיעוונאַ...

— וואָרט אויס, כאַפּ ניט, ס'איז נאָך צײַט, שפּעטער וועסטו ריידן, איצט הער מיך אויס, אַזוי לאַנג איך לעב...

זי איז אַראָפּ פֿונעם אָנגעשלאָגענעם סאָלידן טאָן און קען אים שוין צוריק ניט אָנכאַפּן.

— מײַן שטוב איז אַן אײַנגעפֿירטע, ניט אין איין יאָר צונויפֿגעשלאָגן. פֿאַראַן וואָס מען דאַרף און לידקאַ איז באַ מיר באַשיכט און באַקליידט, לײַלעכער אַ טוץ און ציכן מיט אַ קאַנט אַ טוץ נאָך ניט גענוצטע, בלויז העמדער זעכצן שטיק מיט שפּיצן און פּליסע, און אַפּליקע, און אַזשור, און ווי נאָך מען רופֿט עס דאָרט, איך געדענק שוין אַפֿילע ניט. זילבער צוועלף געדעק, און ניט ווי הײַנטיקע, נאָר שווער זילבער, די האַנט פֿילט עס...

— ליזאַוועטאַ אַרטיאָמיעוונאַ, צי דען דאַרף איך נאָדן...

— שווײַג, דו! — שרײַט אַף אים די אַלטע — נאָדן וואָלסטו נאָך וועלן. מײַן לידינקאַ איז אויך אַן דעם שיין. מיט דעם צאָפּ קען זי זיך צודעקן. יעדער איינער וועט זיך אין איר אײַנליבן. איך וויל נאָר ניט, אַז מײַן גוטס זאָל זיך צעפֿליען אַף אַלע זײַטן; נאָכאַמאָל וועסטו עס ניט אָנקלײַבן... איכל שטאַרבן, בלײַבט עס פֿאַר לידקאַן. זאָל זי מיט די זאַכן לעבן און אַ באַלעבאָסטע זײַן. באַלעבאַטישקייט דאַרף מען הײַנט זוכן, און איך האָב לידקאַן פֿון קינדווײַז אָן געלערנט, היט אָפּ אַ זאַך, אַ זאַך דאַרף מען שוינען, וואָס איז געלט! הײַנט איז עס דאָ און מאָרגן ניטאָ. אַ זאַך איז שטענדיק אַ זאַך.

פֿון לאַנג ריידן האָט זי זיך אײַנגעמאַטערט און איז אַוועקגעפֿאַלן אַפֿן קישן, אַ קליינינקע, אַ הילפֿלאָזע, אַן קויכעס, אַ כוץ דעם קויעך פֿון איר איבערצײַגונג.

— ליזאַוועטאַ אַרטיאָמיעוונאַ, — ניצט קאַליאַ אויס דעם איבעררײַס

— איך וואָלט מיט פֿאַרגעניגן, און אויך לידינקאַ...

— דו פֿאַר לידינקאַן ענטפֿער ניט, פֿאַר לידינקאַן וועל איך אַליין ריידן,

— רײַסט אים איבער די אַלטע.

קאַליאַ ווישט זיך דעם פֿאַרשוויצטן שטערן.

— איך זאָג עס אַקעגן דעם, ליזאַוועטאַ אַרטיאָמיעוונאַ, וואָס פֿאַראַן איז אַן אומשטאַנד... פֿאַרשטייט איר, איך דאַרף אָפּפֿאָרן... אַף אַ צײַט... מען שיקט מיך אַפֿן ווײַטן מיזרעך... דאָס איז נייטיק... מאָביליזאַציע... דיסציפּלין...

— מיך זאָלסטו מיט קיין אויסלענדישע ווערטער ניט שרעקן, — האַקט אים אָפּ די אַלטע — פֿאָרסט אַוועק אַף אַ צײַט, איז ניט קיין אומגליק. וועסט

צוריקקומען, וועט איר כאַסענע האָבן. זי איז נאָך אַ יונג קינד, און דו ביסט נאָך אויך ניט אָף דער עלטער, איר׳ט אַ ביסל צודולדן...

— ניין, ליזאַוועטאַ אַרטיאָמיעוונאַ, דאָס איז אַ רײַזע אָף צוויי יאָר!

— קוק אים נאָר אָן! — ציט די אַלטע, קלוימערשט פאַרשטייט זי ניט וואָס דער כאָסן איז אויסן — איך זע שוין ביסט אַן אויסגערעכנטער מענטש. מיילע, דאָס איז אײַער זאַך, זײַט אײַך כאָסן־קאַלע, ס׳איז אײַער יאָנטעוו. וועסט צוריקקומען, וועלן מיר דעמאָלט פראַוועןדי עמעסע כאַסענע. ביז דעמאָלט וועל איך מיט גאָטס הילף צו זיך קומען.

— ליזאַוועטאַ אַרטיאָמיעוונאַ, — נעמט זיך קאַליאַ אַן מיט אַנט־שלאָסנקייט — איר האָט מיך ניט ריכטיק פאַרשטאַנען. מיר גייען שוין איצט כאַסענע האָבן, מיר ווילן זיך ניט שיידן, לידינקאַ פאָרט מיט מיר.

ער זעט די אַלטע איז דערשראָקן, גיט ער צו:

— נאַטירלעך, ווען איר וועט צו זיך קומען...

נאָר די אַלטע זעצט זיך ענערגיש אויף, אַ צעטרייסלטע פון אוממעכ־טיקן זקײנישן צאָרן און צעשרײַט זיך:

— דאָס וועט ניט געשען! און ניטאָ וואָס צו ריידן דערפון! גיי דיר בעסער אַוועק מיט גוטן, וואָרעם איכל דיך אַרויסטרײַבן!

— ליזאַוועטאַ אַרטיאָמיעוונאַ...

— איכל דיך אַרויסטרײַבן! — שרײַט די אַלטע און פאָכעט מיט אירע אויסגעמאָגערטע הענט מיט די אַנגעשוואָלענע אָדערן. — איך וועל לידקאַן ניט לאָזן, זי אַליין וועט ניט פאָרן, ביסט אַ ליגנער! און וועסטו איר דעם קאָפּ פאַרדרייען, זאָג איך אײַך ביידן: כ׳וועל אײַך פאַרשילטן, און אַ סאָף צום געשפּרעך...

זי האָט זיך אוממעכטיק אַ וואָרף געטאָן אָף די קישנס און האָט זיך צעכליפּעט:

— און דו גיי אַוועק פון מיר, בעט איך דיך. איכל אַרויס פונעם שפּי־טאָל, ס׳איז נאָך דאָ צײַט, וועלן מיר זיך דורכשמועסן, נאָר איצט גיי דיר. מיט אַן עמעסן, וואָס עפּעס געקומען צו לויפן אין שפּיטאָל, ס׳ברענט... מען לאָזט ניט רויִק שטאַרבן...

די אַלטע פאַרמאַכט די אויגן ווי זי וואָלט אין אַן אָנמאַכט אַרײַנגעפאַלן, נאָר דורך אַ שפּעלטעלע שפּיאָנירט זי נאָך דעם כאָסן.

קאָליאַ שטעלט זיך אויף, נעמט טרעטן אָף איין אָרט און רעדט פאַר־לוירן:

— צו וואָס, ליזאַוועטאַ אַרטיאָמיעוונאַ...

זי רירט זיך ניט.

— ווי איר ווילט, ליזאַוועטאַ אַרטיאָמיעוונאַ; מיר פון אונדזער זײַט האָבן אײַך באַדאַרפט זאָגן...

און ער לאָזט זיך גיין צו דער טיר.

די אַלטע זעצט זיך אויף, וויל עפּעס ענטפערן, נאָר איצט איז זי שוין מיט אַן עמעס געפאַלן אין אָנמאַכט.

און קאָליאַ פלאָט לויפט אַהיים און ציטערט פון קאַס און ערגערניש. מען האָט אים אײַנגעפּלאָנטערט, מ׳האָט אים אָפּגענאַרט. לידינקאַ איז זײַנע, נאָר ער קען זי ניט רופן זײַן ווײַב, ער האָט איבער איר קיין מאַכט ניט. ער מוז זי איבערלאָזן. עס קומען אים אָפּן געדאַנק אַלע באַכערים וואָס שאַרן זיך שטענדיק צו איר... ער דערמאָנט זיך איר קאָקעטירן, איר שפּאַסן,

אירע לידלעך אַף דער גיטאַרע צוגעשפּילט, וואָס אַנדערע וועלן איצט הערן, אַנדערע...

לידינקאַ זיצט אָפן בעט אינעם ראָק, מיטן בערעט אָפן קאָפּ. ווען ער איז אַרײַנגעקומען, האָט זי נאָר אַ קוק געטאָן אים אין פּנים און האָט אַלץ פאַרשטאַנען.

ער נעמט איר דערציילן.

טרערן רינען איר איבער די באַקן, נאָר זי שווײַגט.

— וואָלסט געקענט מײַנען ווער ווייס וואָס — איר צושטימונג! — זאָגט ער מיט גרינגשעצונג. — מיר האָבן געטאָן וואָס מיר האָבן געקענט, מיר האָבן געוואָלט טאָן אַלץ מיט גוטן, און איצט, כאַפּט איר דער טײַוול! מיר האָבן איר באַדאַרפט זאָגן...

לידינקאַ הייבט זיך אויף אַן אונטערגעטראָגענע:

— וויאַזוי קענסטו דאָס! זי איז אַ קראַנקער מענטש. אַן אומגליקלעכער קראַנקער מענטש... וואָס וועט זי טאָן אָן מיר?

— פאַרשטייט זיך, דו גיסט זיך שוין אונטער! — שרײַט ער אַן אויפגעבראַכטער — האָסט שוין כאַראָטע באַקומען, ביסט שוין גרייט צו בלײַבן, אַבי די מאַמע זאָל אַף דיר ניט שרײַען!...

זי איז בלייך געוואָרן, נאָר זי ענטפערט אים פעסט:

— דו ווייסט דאָך, אַז איך וויל פאָרן... נאָר וויאַזוי זאָל איך זי איבערלאָזן? וואָלט זי אַליין פאַרשטאַנען... איך וויל זי ניט דערהאַרגענען... איך שווער דיר, אַז איך וועל קומען ווי נאָר דאָס וועט מעגלעך זײַן... נאָר איצט ניט, מען טאָר ניט, דאָס וועט זי דערהאַרגענען.

ער דערשטיקט אין זיך דעם קאַס:

— זי איז דאָך אָבער אַ כראָנישע... גלייבסטו מיט אַן עמעס, אַז זי וועט אַזוי גיך געזונט ווערן?

געקלערט האָט ער וועגן איר טויט, נאָר דאָס האָט ער זיך ניט דערוועגט צו זאָגן.

לידאַ פאַרשטייט עס און טרערן האָב זאיר פון די אויגן אַ שפּריץ געטאָן.

— איך קען זי ניט דערהאַרגענען! — אַקשנט זי זיך — אַז זי וויל ניט, בלײַב איך...

דעמאָלט ערשט לאָזט ער פרײַ אַרויס זײַן קאַס.

— נו, בלײַב! נאָר זאָג ניט אַז דו האָסט מיך ליב. האָסט דיך אַליין פאַרפּלאָנטערט, און האָסט מיך אויך אײַנגעפּלאָנטערט. איצט זע איך עס! איך זע שוין! זאָג בעסער גלײַך, האָסט דיך דערשראָקן פאַר דער נאַרישער פאַרשילטונג. זאָג, אַז דו ביסט אַ קליינבירגערלעך מיידל, דער מאַמעס טאָכטער; אַז ליבע, קאָמיוג, אידעען, דאָס אַלץ איז ליגן, ליגן, ליגן!

— קאָליאַ!

— שווײַג בעסער, מאַך זיך ניט, וואָלסטו מיך ליב געהאַט, וואָלסטו ניט איבערגעקלערט און וואָלסט גלײַך געפאָרן מיט מיר, און זאָל אַלץ קראַפּירן.

— איך האָב דיך דאָך ליב! — שרײַט זי פאַרצווייפלט — דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב דיך ליב. וואָלט זי געזונט געוועזן...

— זי מאַכט זיך, — שרײַט ער אויסער זיך — זי איז אַ כיטרע זקיינע. און דו, דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווײַט פונעם ביימעלע, אָט וואָס איך וויל דיר זאָגן.

זי איז דערשראָקן און שווײַגט. זי האָט אים נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געזען.

— דו שווערסט זיך, אַז דו וועסט קומען? — לאַכט ער זיך בײַז פונאַנדער — אַ נאַר וועט זײַן ווער עס וועט דיר גלייבן! וועסט מוירע האָבן פאַרן וועג, וועסט מוירע האָבן עס וועט דיר קאַלט זײַן, עס וועט דיר ניט באַקוועם זײַן, עס וועט דיר זײַן אַ שאָד דײַנע זאַכן...

זי ציטערט פון באַליידיקונג:

— איך בין אַ קאָמיוגיסטקע, איך האָב פאַר קיין זאַך ניט מוירע וואָס שײַעך מיר, דו ווייסט עס גאַנץ ווויל. נאָר די מאַמע...

ער כאַפּט עס בײַז אונטער:

— „מאַמע", „מאַמע"!... דו ביסט ניט קיין קאָמיוגיסטקע, ביסט דער מאַמעס טעכטערל. דײַן גאַנצע ליבע איז ווערט אַ גראָשן. אין אַ כוידעש אַרום וועסטו אַלץ פאַרגעסן, מען קען דערין זיכער זײַן. נאָך וויאַזוי! אַ גאַנצער עק שלעפּט זיך דיר נאָך, די מאַמע אַליין וועט דיר כאַסענע מאַכן...

— קאַליאַ!

— וואָס „קאַליאַ"! זי וועט אָף דיר אָנשרײַען, וועסטו כאַסענע האָבן... וועסט זיך אויסווייגען און וועסט כאַסענע האָבן... זי וועט דיר שוין אויס זוכן אַ כאַסנדל, ניט אַזאַ ווי איך, נאָר אַ רײַכינקן, מיט קאָמאָדעס, מיט קישנס, מיט רובלען אינעם זאַק. מיך עקלט עס! ס'עקלט מיך!

ער איז גרייט געווען נאָך לענגער צו שרײַען, אויסטראַכטן אַלץ נײַע און נײַע באַליידיקונגען. נאָר לידינקאַ לאָזט זיך מיטאַמאָל אַראָפּ אָפן פּאָל, גראָבט אײַן דעם קאָפּ אינעם קישן און צערעוועט זיך אָפן קאָל, ביז ספּאַזמען.

דאָס האָט אים אויסגעניכטערט. ער האָט כאַראַטע אָף זײַן שאַרפקייט, ער דערשרעקט זיך, שטעלט זיך אַוועק אָף די קני לעבן לידינקאַן און נעמט צוריק אַלע זײַנע פאַרווורפן. נאָר לידינקאַ הערט ניט אויף יאָמערן און פאַרצווייפלט שרײַען: „איך בין אַזאַ אומגליקלעכע, אַזאַ אומגליקלעכע!..."

ער לייגט זי אַרײַן אין בעט, גיט איר וואַסער אויסטרינקען, קושט איר נאַסן, ציטערנדיקן, אומגליקלעכן פּאַנעם, און בעט זי זאָל אים מויכל זײַן.

דערנאָך כאַפּט זיך לידינקאַ אַז זי מוז שוין אַהיימגיין, די מומע וועט באַלד קומען, וועט זײַן אַ סקאַנדאַל.

ער פירט זי צו און אים איז איצט קלאָר, אַז געשען איז דאָס ערגסטע: ניט ווילנדיק שטימט ער אײַן מיט איר; לידינקאַ בלײַבט, ער פאָרט אָן איר.

## IV

פיר מיידלעך — וועבערקעס און קאָמיוגיסטקעס — האָבן ערשט באַקומען רײַזע־באַשטימונגען אָפן ווײַטן מיזרעך. אַלע פיר פאָרן זיי פרײַוויליק. טאָניאַ וואַסיאַיעוואַ האָט זיך אַרויסגערופן די ערשטע, ווײַל איר ציט צו שוועריקייטן און קאַמף; סאָניאַ טאַרנאָווסקאַיאַ פאָרט ווײַל עס פאָרט גרישאַ איסאַקאָוו; קלאַוואַ מעלניקאָוואַ, ווײַל אַרבעטן אָפן ווײַטן מיזרעך ווײַזט זיך איר אויס איז זייער אינטערעסאַנט, און לילקאַ, קעדיי ניט אָפּצושטיין פון די כאַווערטעס: די מיידלעך לעבן אין אַ קאָמונע, אין פירן, און לילקאַ וויל ניט בלײַבן איינע אַליין, און פאַרוואָס טאַקע ניט אַ קוק טאָן אָף נײַע ערטער, ווען עס מאַכט זיך אַ צופאַל.

ווען זיי קומען אַהיים, אינעם ליכטיקן צימער מיט די פיר שער־בעטלעך, באַקוקן די מיידלעך נאָכאַמאָל פון אַלע זײַטן די באַשטימונגען און מיטאַמאָל־

זעען זיי זיך אַרום, אַז געענדיקט האָבן זיך די רייד, די זאַך איז אָפּגעטאָן און איינגיכן פאָרט מען אָפּ. און אַלע פאַרטראַכטן זיי זיך ניט ווילנדיק, אַז קיין איינע פון זיי איז נאָך פון דער אייגענער שטאָט איוואַנאָוואָ ביז איצט ניט אַרויסגעפאָרן.

סאָניאַ זעצט זיך אַוועק מיט די פיס אַפן בעטל, נעמט אַרום די קני מיט די הענט און נעמט טרוימעריש דערציילן:

— און מיר האָבן געוואָלט, איך מיט גרישען, זומער פאָרן קיין לעניני־גראַד... אין מוזיי אַרײַנגיין, קיין פּעטערהאָף צופאָרן, די פאָנטאַנען זען, די ווײַסע נעכט...

— איז וואָס־זשע, און אַפן ווײַטן מיזרעך איז דאָ די טײַגע — רופט זיך אָן קלאַוואַ, — גייסטו אָן אַ קאָמפּאַס, פאַרבלאָנדזשעסטו. מיר האָט אַמאָל אַ יעגער דערציילט: גייסט איבער דער טײַגע און דיר דוכט זיך דו גייסט גלײַך, און אינדערעמעסן דרייסטו זיך אין אַ קרײַז. גייסט אָפּ אַ מעס־לעס און דו קומסט אַפן זעלביקן אָרט... טייל קומען טאַקע אַזוי אום.

די בערן קענען נאָך צערײַסן — שעפּטשעט לילקאַ און שטאַרצט די צעשראָקענע אויגן.

טאַניאַ דרייט זיך אַוועק, לייגט זיך אַפן ווײַטסטן בעטל, פאַרוואַרפט די הענט אונטערן קאָפּ און פאַרמאַכט די אויגן. אַ שווײַגערקע.

קלאַוואַ גיט אַף איר אַ קרומען קוק און רופט זיך אָן פילדײַטיק:

— אָן אָפּנהאַרציקן מענטשן איז אומעטום גוט. מיר האָבן דאָ פריילעך געלעבט און דאָרט וועט זיך אויך לעבן פריילעך... ווען מיר וועלן אויפ־בויען דעם ווײַטן מיזרעך, וועלן מיר פאָרן קיין לענינגראַד, קיין מאָסקווע און אַף קאַווקאַז.

— איך וואָלט געפאָרן דאָרט ווו עס איז פאַראַן אַ סאַך פרוכטן — זיפצט אָפּ לילקאַ, — לייענסט אַמאָל: גראַנאַטן, באַנאַנעס. און ווי זעען זיי אויס? ניט געזען!

— „די קעניגן האָט געבעטן אויפשנײַדן אַ „גראַנאַט”, — דעקלאַמירט סאָניאַ מיט אַ בלאָנדזשענדיקן שמייכל, — זי דערמאָנט זיך אָן גרישאַ אי־סאַקאָוו און אָן די לידער וואָס ער האָט איר געלייענט.

— וואָלסט בעסער קאַרטאָפל אָנגעשיילט, קעניגן — רופט זיך שאַרף אָן טאָניאַ און האַלט די אויגן פאַרמאַכט.

סאָניאַ שווײַגט אָפּ, נאָר זי רירט זיך ניט פונעם אָרט. קלאַוואַ מאַכט אַ גרימאַסע אין טאָניאַס זײַט און נעמט אײַנהייצן דאָס אייוועלע.

— פונדעסטוועגן, וועט דאָרט זײַן לאַנגווײַליק, — זאָגט לילקאַ — ניט קיין טעאַטער, ניט קיין קינאָ. וואָסערע פאַרווײַלונגען קענען דאָרט זײַן, אויב טײַגע און בערן?

— פאַרווײַלן זיך קען מען אומעטום, — ענטפערט קלאַוואַ שנעל און איבערגעצײַגט — אָט מיר, איז קיינמאָל ניט לאַנגווײַליק. סאָנקען אויך ניט. סאָנקע, פאַרשטייט זיך, איז פאַרליבט, און איך, בין פריילעך אַליין.

זי צעלאַכט זיך שטיל און קוקט מיט אַ שמייכל ווי דאָס פײַער צע־ברענט זיך.

טאָניאַ עפנט די אויגן און פרעגט זי איבער שטאַרק פאַראינטערעסירט:

— אַליין אַ גליקלעכע? וויאַזוי?

— איך וואַרט ניט אַף אַנדערע, — רופט זיך גערן אָפּ קלאַוואַ — איך פאַרווײַל מיך אַליין... איך אַרבעט און טראַכט מיר צו לידלעך. איך זינג

זיי מיר אַליין. און עס באַקומען זיך גוטע לידער. אין דער הויך וועסטו זיי ניט זינגען. ס'וועט דיר קיין קאָל ניט קלעקן. אָדער כ'גיי מיר שפּאַצירן און טראַכט מיר אויס פּאַסירונגען. ווי אין די ביכער. איך טרעף עמעצן אָן און ראַטעווע אים פון טויט אָדער ער ראַטעוועט מיך, און ביידע פאַרליבן מיר זיך פון ערשטן בליק. אָדער באַנאַכט ליג איך און שטעל מיר צונויף מעשה־לעך. איך נעם די ערשטע שורע ווי עס פאַלט מיר איין: „געגאַנגען איז אַ פויער אין וואַלד און מיטאַמאָל דערזעט ער: אויפן בוים זיצט אַ גאַניידיק־פויגל און ער רעדט מיט אַ מענטשלעך קאָל: שטיי, דו אומגליקלעכער!" דערנאָך טראַכט איך צו — פאַרוואָס... אַמאָל קומט אַרויס אינטערעסאַנט... כאַטש נעם און פאַרשרייב...

דאָס פייער איז צעברענט. קוקט מען זיך איין אינעם פייער און מען פאַרטראַגט זיך מיט דעם געדאַנק, קען מען אַ סאַך זען. קלאַווא זעט שלאַכטן, שטעט, צעשראָקענע מאַכנעס פייגל און לעגענדאַרישע ריטערס מיט פערדישע עקן אויף די העלמען.

טאַניאַ קוקט אויך אינעם פייער, נאָר זי זעט גאָרניט אַ חוץ פייער.

— ווייסט איר וואָס איך האָב פאַרטראַכט, מיידלעך, ווען מיר זיינען געווען אינעם גאָרקאָם (שטאָטישער קאָמיטעט), — דערציילט קלאַווא און איז אַנטציקט — וואָס אַ שטייגער וואָלט געווען ווען מיר בייטן פּלוצים איי־בער אונדזערע פראָפעסיעס? מיר וואָלטן דאָך געוואָרן גאָר אַנדערע מענטשן! נעמט, אַ שטייגער, גרישאַ איסאַקאָוון. ער איז אַ וואַלקער, אַן אַרבפאַק־שילער, אַ פּאָעט. דאָס אַלץ דערקענט מען ווי נאָר מען גיט אויף אים אַ קוק. גיב אַ קוק אויף זיין פּלייצע, וועסטו באַלד זאָגן ער איז אַ וואַלקער, קוק אים אַריין אין די אויגן, זעסטו אַ פּאָעט... איר געדענקט מיר האָבן געזען אינעם קולטור־הויז באַלעט? מיטאַמאָל ווער'ט גרישאַ אַ באַלעט־טענצער!

לילקאַ גיט אַ קוויטש:

— אין טריקאָ!

און זי קייכט פאַר געלעכטער.

סאָניע איז באַליידיקט און שאָקלט מיטן קאָפּ.

— ניט אינעם טריקאָ גייט עס, — פאַרענטפערט זיך קלאַווא — איר געדאַנק איז אַ טיפערער און ווי איר דוכט זיך אַ זייער אינטערעסאַנטער.

— טראַכט זיך נאָר אַריין. פון וואָס לעבט ער איצט? ער אַרבעט, ער טראַכט פון אויספילן די אַרבעט און שרייבט לידער. דעמאָלט, אָבער? וואָלט ער געשטאַנען פאַרן שפּיגל און זיך טרענירט, וואָס פאַר אַ פּאָזע אָנצונעמען, וואָס פאַר אַ באַוועגונג צו מאַכן, ער וואָלט זיך געזאָרגט וועגן דעם אָנצוג, וואָס שענער אויסצוזען... גאָר אַנדערע דייגעס. אַלע געדאַנקען בייטן זיך.

לילקאַ כיכיקעט, ס'איז איר קאָמיש: גרישקאַ אין טריקאָ!

— אָדער נעמט מיך. וואָלט איך געווען ניט איך, נאָר אַ צירק־רייטערן, וואָלט איך געקענט זיין אַ קאָמיוגיסטקע?

טאַניאַ הייבט זיך אויף און שניידט איר שטרענג אָפּ:

— אַ קאָמיוגיסטקע קען מען זיין אומעטום.

און זי דרייט זיך אויס מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט.

— פאַרשטייט זיך, — איז קלאַווא ניט געווען מסכים — נאָר שטעלט אייך פאָר, מיידלעך, מיך. מיטאַמאָל גיב איך אַ פלי אַרויס אויף דער אַרענע אין אַזאַ קליידעלע, מיט גילדערנע וואָליטשקעס, אין אַ הוט מיט אַ ווייסן פעדער, איך שטיי אויפן פערד אויף איין פוס און מיט דער האַנט אין דער

לופטן: וואָליאַ! איר ווייסט ווי זיי מאַכן... — זי גיט אַ קוק אַף טאָניאַס פּלײצע, גיט אַ ווונק אַף איר און רעדט ווײַטער:

— אָדער שטעלט אײַך פֿאָר טאָניאַן ווי אַ באַרימטע זינגערין. זי טראָגט אַ זײַדן קלייד מיט אַ שלעפּ, די הענט נאַקעט, אַף די אַקסלען אַ פֿוטערנער באָאַ, און שטעלט זיך אַוועק באַם ראָיאַל, גיט אַ ווונק צום פּיאַניסט ער זאָל אָנהייבן, און זי צעזינגט זיך איבערן גאַנצן זאַל: „ס'קלאַפּט דאָס האַרץ מיר, דאָס ניט רויקע, און פֿאַרנעפּלט איז דער בליק...“

לילקאַ און סאָניאַ לאַכן. טאָניאַן פֿאַרדריסט:

— נאַרישקייטן.

זי הייבט זיך אויף און גייט אַרויס.

— טרוקן ווי אַ סוכאַר! — וואַרפֿט איר נאָך סאָניאַ און זיפֿצט אָפּ. זי שרעקט זיך פֿאַר טאָניאַן.

טאָניאַ קומט צוריק מיט אַ קעסעלע קאַרטאָפֿל, שיט זיי אויס צו זיך אין פֿאָדאָלעק און נעמט זיי שיילן. לילקאַ נעמט אַ מעסער און גייט איר העלפֿן. קלאַוואַ און סאָניאַ שווײַגן. צוליב טאָניאַס בייזן פּאָנעם גלוסט זיך קיינעם ניט ריידן.

און מיטאַמאָל רופֿט זיך טאָניאַ אָן אַ ווייכע:

— מיידלעך, איך האָב אײַך נאָך וועגן מײַן מוטער ניט דערציילט?

און באַ איר איבערן פּאָנעם גייט אַריבער אַ מין פֿאַרצווייפֿלונג אָדער גלאַט אַ מוירע, אַז די מיידלעך וועלן איר ניט נאָכהאַלטן, ניט וועלן אויס־הערן. קלאַוואַ האַלט איר נאָך:

— ניין, האָסט נאָך ניט דערציילט.

און לילקאַ בלײַבט שטיין אַ פֿאַרגליווערטע מיטן מעסער אין דער האַנט. איר ווונדערט וואָס אַט דער סוכאַר טאָניאַ האָט אַ מוטער.

— זאָגסט דו ביסט אַליין אַ גליקלעכע, — נעמט טאָניאַ ריידן און פֿאַרמאַכט די אויגן — און איך בין פֿול מיט האַס, מיט קינע.

באַ לילקאַן פֿאַלט אַרויס דאָס מעסער פֿון דער האַנט.

טאָניאַ רעדט האַסטיק, מיט אַ הייזעריקלעכן קאָל, און די הענט שיילן די קאַרטאָפֿל, פֿינקטלעך און שנעל:

— יעדער איינער קען זיך האָבן זײַן אומגליק, נאָר ניט יעדערער האָט געזען אַזוינס וואָס איז אַפֿילע אַ ביזאָיען צו דערציילן... און איך, ווי איך געדענק מיך, האָב געלעבט אין אַן אָפּטריט. אין פּאַרק. אַ גרויסער פּאַרק געווען, אַ שטאָטישער. און דער אָפּטריט איז געווען — אַ גאַנץ הויז: איין העלפֿט אַ מענערישע, די צווייטע פֿאַר פֿרויען. מײַן מוטער איז דאָרט געווען אַן אויפֿראַמערין. פֿריִער, עמעס, האָבן מיר געוווינט ערגעץ אַנדערש. דערנאָך איז דער פֿאָטער געשטאָרבן. געווען זײַנען מיר דרײַ קינדער, נאָך פֿיצלעך: איך מיט מײַן שוועסטער און אַ ברידערל. מיר האָבן געלעבט אין דער פֿרויען־העלפֿט. באַ איין וואַנט די בענקעלעך אין אַ ריי, מיט וועגטלעך צווישן, און באַ דער אַנדערער וואַנט אַ פֿענצטערל, מיט קאַלך פֿאַרשמירט. אונטערן פֿענצטערל האָבן מיר געוווינט. געשטאַנען איז אַ בעט און אַ שאַפֿקעלע. אָפּן בעט האָבן אַלע פֿיר געגעסן און געשלאָפֿן. דערנאָך איז דאָס שוועסטערל געשטאָרבן, זײַנען מיר געבליבן דרײַען. דעם געשטאַנק האָט מען ניט גע־מערקט. צוגעוווינט געווען...

אַ רעגע שווײַגט זי, קוקט ניט אַף קיינעם און רעדט ווײַטער:

— דאַמען פלעגן אַרײַנקומען. פרײַלנס אַלערליי. אַלץ פריילעכע, פונעם שפּאַציר. זיי פלעגן אונדז געבן קאָפּיקעס. איינע פלעגט בעטן אַ נאָדל־פאָ־דעם, די שיך אָפּווישן. איין מאָל איז אַרײַנגעקומען אַ גרויסע פריצע מיט צוויי טעכטער. מיידעלעך אין מײַן עלטער. איך האָב מיך אין זיי אַזוי אײַנ־געקוקט. אונטערוועש מיט שפּיצן. שטרויענע היט, אַראָפּגעהאַנגענע אָף היגנטן מיט סטענגעס. די פריצע האָט זיך ראַק געקנייטשט, מוירע געהאָט ס׳איז שמוציק, און האָט ראַק געוואָרנט די מיידעלעך: „היט זיך, היט זיך, רירט זיך ניט צו, ס׳איז אַ פעסט, אַ פעסט".

באַ טאָניאַן איז אַ קאַרטאָפל אַראָפּגעפאַלן. זי בייגט זיך אָן זי אויפ־צוהייבן און אַזוי פאַרבלײַבט זי אַנגעבויגן.

לילקאַ האָט זיך צעוויינט:

— גאָט מײַנער, טאָניעטשקע, מיר האָבן דאָך ניט געוווּסט.

טאָניאַ הייבט האַסטיק אויף דעם קאָפּ און רעדט ווײַטער מיט איר גלײַכן הייזעריקלעכן קאָל, ווי זי וואָלט גאַרניט געהערט לילקאַס ווערטער:

— ווען דאָס ברידערל איז אַ ביסל אונטערגעוואַקסן — איך קען נט אים, ניקאָלײַ, אַ מאַטעמאַטיקער, ווינטער איז ער דאָ געווען — איז נאָך ערגער געוואָרן. אַ הויכער יונג, אַ גרויסער, ס׳איז ניט באַקוועם. האָט מען אים גענומען טרײַבן. דעם גאַנצן טאָג איז ער אין גאַס. מיר עסן אָפּ, טראָגן מיר אים אַרויס די שיסל, און ער פרעסט, ווי אַ הונט, אָף דער גאַס. אַז ס׳איז קאַלט, לייגן מיר אים אַרײַן אין בעט און דעקן אים צו מיט שמאַטעס. די מוטער פלעגט אים איבערדעקן איבערן קאָפּ, מען זאָל אים ניט אַרויסזען. און ווי אָף צולאַכעס צעוויינט ער זיך אַזוי...

לילקאַ שנײַצט די נאָז, זי האַלט אײַן די טרערן.

טאָניאַ גיט אַ בייזן מאַך אָף איר מיט דער האַנט און דערציילט רויק:

— דערנאָך זײַנען מיר קראַנק געוואָרן אָף טיפוס. די מוטער איז גע־שטאָרבן, דאָס ברידערל האָט מען אַוועקגעגעבן אין יעסוימים־הויז, און נאָך דער רעוואָלוציע איז געקומען דער פעטער און האָט מיך אַהער געבראַכט. די מוטער איז פאַר דער כאַסענע געווען אַן איוואַנאָווער, און דעם פעטער קענט איר, ער איז איצט מײַסטער. געקומען איז יעווגראַפאָוו, אַן אַלטער וועבער, ער אַרבעט איצט מיט סאַנקען אָף איין שטאָק. ער איז באַקאַנט געווען מיט דער מאַמען. געקומען איז ער אַ קוק טאָן אָף מיר. איך בין שוין דעמאָלט נײַן יאָר אַלט געווען. ער האָט לאַנג געקוקט, מיך געגלעט איבערן קאָפּ און זאָגט: אָף דער מוטער ענלעך. איך דערקען זי. נאָר אַליושקאַ איז געווען אַ פריילעכע. אַ זינגערקע. בעייסן איבעררײַס פלעגט זי אַרויס אָפּן הויף און נעמען זינגען. און אַז זי האָט געזונגען, פלעגט מען זיך פאַרגעסן, ניט געקענט זיך אָפּרײַסן. די באַלעבאַטים אַפילע פלעגן זיך אָפּשטעלן הערן. איר באַליבט ליד איז געווען „פּאָליאַנקאַ, פּאָליאַנקאַ..." (לאָנקע, דו, לאָנ־קע). דערנאָך פלעגט יעווגראַפאָוו זאָגן: „איך בין שוין ניט איין מאָל אין דער אָפּערע געווען און האָב נאָך אַזאַ קאָל ניט געהערט...״

מיטאַמאָל שפּרינגט טאָניאַ אויף, די קאַרטאָפל שיטן זיך באַ איר אויס און זי לויפט אַרויס פונעם צימער.

אַלע שווײַגן און מײַדן אויס זיך צו קוקן אין די אויגן.

דערנאָך לויפט קלאַוואַ אויפזוכן טאָניאַן. און זי שטייט אינעם פינצ־טערן קאָרידאָר און כליפּעט אָפּן קאָל. קלאַוואַ נעמט זי אַרום און וויינט אינאיינעם מיט איר.

# V

די זוניקע אַדעס גאָלדיקט זיך אין הייסע פרילינגדיקע שטראַלן. און ווידער דוכט זיך, ווי אום זומער, אַז דאָ, אין דער שטאָט, אַרבעט גאָר קיינער ניט; אַזויפיל אוילעם פאַרשיידענער פוסטעפּאַסעוועט דאָ אין די גאַסן, אַזויפיל מענטשן, וואָס האָבן עפּשער ערשט פאַרענדיקט זייער שווערע אַרבעט, נאָר מיט אַלע זייערע טנועס, מיט זייער גאַנצן אָנבליק, זעען זיי אויס ווי ליידיקגייערס, וואָס פאַר זיי עקזיסטירט ניט עפּעס אַנדערש ווי די פריילעכע אַדעסער גאַס, ווי די זון און דער געפלידער און דער בלויער יאַם אַפן האָריזאָנט. צווישן דער דאָזיקער מאַסע באַוועגן זיך צוויי יונגע מענטשן, אויך אַזוי פוסטעפּאַסנע און פאַמעלעכדיק, און אויך אַזוי ניט געאײַלט קוקן זיי אַף ביידע זײַטן גאַס און שמועסן צווישן זיך. איינער פון זיי איז אַ מעכטיקער, אַ ברייטער, אַ הויכער — אַ פּרעכטיקער עקזעמפּלאַר פון מענערישער קראַפט און שיינקייט. דער צווייטער — אַ דאַרער, אַ נידעריקער, אַ ניט אָנזיכטיקע — מען קען ניט וויסן, אַ יוגנטלעכער צי אַ דערוואַקסענער. דער ערשטער טראָגט אַ ברייט צעשפּיליעטן רעקל, די רויט־פאַרברוינטע ברוסט אַף דער זון אַרויסגעשטעלט אין זײַן בלוי־געשטרײַפטן מאַיאָווע העמדל און דער אַנדערער טוליעט זיך אין אַ האַרבסטיקן מאַנטל.

דאָס זײַנען צוויי גוטע ברידער, באַקאַנטע אַף גאַנץ אַדעס, ביפראַט אינעם זאַוואָד פאַר שיף־רעמאָנט — דער בעסטער „פאָרוואָרד” פון דער יאַוואַדישער פוטבאָל־מאַנשאַפט גענאַדי קאַליוזשני און דער בעסטער זאַוואָדישער דערפינדער סיאָמאַ אַלטשולער — ביידע טאָקערס, ביידע שטאָמיקע אַדעסיטן, פאַרבונדענע צווישן זיך מיט טיפער כאַווערישער ליבע.

סיאָמאַ רופט זיך אָן און הייבט אויף זײַנע צעשויבערטע ברעמען:

— זיי ווייסן דען וואָס איך קען און וואָס איך קען ניט?

נאָך אַ פויזע ענטפערט גענאַדי:

— איך האָב זיי געזאָגט: דאַרף מען רירן שטיינער, וועט מען רופן מיך. נאָר דאַרף מען רירן מיטן מויעך — איז ווער וועט עס טאָן אַז ניט סיאָמאַ אַלטשולער? זיי זאָגן ביסט שוואַך אין געזונט און דער זאַוואָד לאָזט דיך ניט אַוועק. זיי זאָגן אַז דו וועסט זײַן אַן אינזשעניער און דער שטאָלץ פונעם זאַוואָד.

סיאָמאַ גיט אַ טראַכט און זאָגט:

— און דו ביסט דען ניט דער שטאָלץ פונעם זאַוואָד? לאָמיר נאָר זען ווער וועט פאַרשטעקן די קיעווער אַף דער באַגעגעניש קיעוו—אַדעס. עפּשער איך? אָדער דער סעקרעטאַר פונעם ראַיקאָם (ראַיאָן־קאָמיטעט).

לאַנג גייען זיי און שווײַגן.

דאָס פוטבאָל־פעלד לאָקט זיי שוין מיט זײַן דאַכוועס, אַ צונויפגעדריקטער פון אַלע זײַטן מיט דער אומרויִקער און טומלדיקער מאַסע.

און סיאָמאַ רופט זיך אָן:

— איך וועל צוגיין צו זיי און וועל זיי זאָגן, אַז זיי זײַנען נאַראָנים. און אויב זיי דאַרפן האָבן בינדיוזשניקעס אַזעלכע ווי דו, וועל איך זיי זאָגן, זאָלן זיי זיך גיין, איידער אַנדערע פאַרטרײַבן זיי.

ווען גענאַדי וויל אים ענטפערן, איז שוין סיאָמאַ ניטאָ. ער גייט שנעל צוריק און די פאָלעס פונעם מאַנטל פלאָטערן בעייסן גיין. גענאַדי שטייט אַ ווײַלע און קוקט אים נאָך און גייט אַרײַן אינעם שטיבל צום איבערטאָן זיך.

הײַנט איז די ערשטע פרילינגדיקע שפּיל. אַ געװײנלעכע, אַ טרענירונג־שפּיל, נאָר גאַנץ אַדעס, די נײַגעריקע און ניט־געשטילטע אַדעס, איז זיך, דוכט זיך צונױפגעלאָפן „באַליעען" אַף די טריבונעס פונעם סטאַדיאָן. און װען די צװײ מאַנשאַפטן — די העל־בלױ־געשטרײַפטע פון די מעטאַליסטן און די שװאַרץ־רױטע פון דער באַשפּײַזונג — לױפן אַרױף מיט געמאָסטע־נעם שפּאַן אַפן פעלד, װערט דער טױזנטער־קעפּיקער אױלעם פאַרגליװערט און גרײט זיך קרעכצן און זיך פרײען באַ די ערשטע שטױס פונעם באַלעם.

דער דיקער ריכטער, װאָס אַלײן קען ער שױן זײַט לאַנגע יאָרן ניט אַנטײלנעמען אינעם שפּיל, נאָר דער שאַרפער פאַרגעניגן־ציטער נעמט אים דורך װי נאָר ער דערזעט דעם באַלעם אונטערשפּרינגען אַפן פעלד, — דער דיקער ריכטער ציט אײַן דעם בױך, באַקוקט שטרענג דעם אױלעם און טראָגט צו דאָס פײַפל צו די ליפּן מיט דער פײַערלעכער געמאָסטענער באַװעגונג פון דעם סיגנאַליסט אַפן פאַראַד װען ער הײבט אױף דעם פאַנפאַר.

דער באַלעם קײַקלט זיך אַװעק פונעם צענטער צום עק פעלד, צום טױער, פליט אַרױף אין דער הײך, דרײט זיך, װי טױזנטער אױגן װאָלטן אים אונטערגעהאַלטן, און װען זײַנע קױכעס פאַרלאָזן אים, לאָזט ער זיך אַראָפּ גלײַך צװישן צעציטערטן קנײַלכל שפּילער. דאָס קנײַלכל נעמט זיך דרײען װי אײן פילפאַרביקער שװאַרץ־רױט־העל־בלױער גוף און מיטאַמאָל שפּרינגט דער באַלעם אַרױס אַף דער פרײַ, געטריבן פון אַ געניטן פוס, נאָר אַ צװײטער געניטער פוס כאַפּט אים באַלד אונטער און דער באַלעם פליט אַװעק אָן אַ זײַט. באַלד כאַפּט מען אים װידער... די שפּיל האָט זיך אָנ־געהױבן.

און אינעם אַדעסער אָבקאָם פונעם קאָמיוג האַלט סיאָמאַ אַלטשולער אַ רעדע פאַר דער אָפּקלײַב־קאָמיסיע פון דער מאָביליזאַציע צום װײַטן מיז־רעך. ער האַלט שטאָלץ פאַרלײגט זײַנע טרוקענע נערװעזשע הענט אַף דער ברוסט:

— איך פרעג אײַך: גיט איר אײַך אָפּ כעשבן דערפון װאָס איר טוט און װאָס איר דאַרפט טאָן? קען זײַן, איר האָט קײנמאָל ניט שטודירט דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם און איר האָט קײנמאָל ניט געהערט װעגן דער ראָל פון דער פּערזענלעכקײט אין דער געשיכטע? װײסט איר װאָס נאַפּאָ־לעאָן איז געװען, כאָטש פאַר אונדז זײַנען ניט אַלע נאַפּאָלעאָנס, נאָר דרױב און שמענדריקעס.

— דאָס ביסטו נאַפּאָלעאָן? — זאָגט דער פּאָרזיצער פון דער קאָמי־סיע — לאָמיר זיך באַקענען.

נאָר סיאָמאַ מאַכט אַװעק מיט דער האַנט:

— און אַז איך װעל אײַך זאָגן, אַז באַפּעלאָען איז געװען אַ קלײנגע־װיקסיקער, און אױך סוװאָראָװ איז געװען אַ קלײנגעװיקסיקער און דאָך זײַ־נען זײערע נעמען באַקאַנט יעדן שול־ייִנגל, — און װער קען אײַך? און אַז איך בין געבױרן ניט קײן גרױסער, װאָס־זשע, װעט איר מיר הײסן זיך אױפהענגען אָדער בלײַבן אין דער הײם ביז איך װעל אונטערװאַקסן? אױב מענטשן הײסן באַ אײַך אַזעלכע זשלאָבעס װי מײַן בעסטער פרײַנט קאָ־ליוזשני, נעמט־זשע באַ מיר צו דעם קאָמיוג־בילעט און לאָמיר מער ניט רײדן װעגן דעם שטאָלץ פונעם זאַװאָד. נאָר אױב איך בין אַ מענטש און אַ קאָמיוגיסט, טאָ שרײַבט מיר אָן אַ רײַזע־באַשטימונג און לאָמיר פאַרגעסן

װעגן מײַן װוקס. און אויב איך האָב באַשלאָסן בויען סאָציאַליזם אַפֿן װײַטן מיזרעך, װײל איך זען װער עס קען מיך אײַנהאַלטן!

— מיר װעלן ניט ריידן װעגן דײַן װוקס, נאָר צי דען איז סאָציאַליזם נאָר אַפֿן װײַטן מיזרעך? צי דען בויסטו ניט סאָציאַליזם אויך דאָ אַפֿן זאַװאָד?

סיאָמאַ הייבט אויף די הענט און צעלאַכט זיך גרינגשאַציק:

— אַז מען װעט זיך דאָ בײַטיקן אין מער מענטשן װי אַפֿן װײַטן מיזרעך, װעל איך קומען צוריק און אויך גענקאַ װעט צוריקקומען. נאָר אויב איצט רופֿט מען קאָמיוגיסטן אַפֿן װײַטן מיזרעך, איז װאָס פֿאַר אַ רעכט האָט איר מיך ניט צו לאָזן פֿאָרן? און װי קענט איר גאָר דענקען אַז קאַליוזשני זאָל אָװעקפֿאָרן און איך זאָל בלײַבן דאָ, װען גאַנץ אַדעס װייס, אַז ס'איז נאָך קיין איין טאָג ניט געװען מיר זאָלן זיך ניט טרעפֿן, און װען די מאַנשאַפֿט איז געפֿאָרן קיין ניקאָלאַיעװ, האָב איך גענומען אורלויב און בין געפֿאָרן מיט אים קיין ניקאָלאַיעװ.

די קאָמיסיע געפֿינט ניט װאָס צו ענטפֿערן.

און סיאָמאַ באַפֿעלט:

— גיט מיר אַן אַנקעטע, שרײַבט אָן אַ באַשטימונג, און מען דאַרף מיך ניט פֿאַרהאַלטן, װאָרעם די שפּיל האָט זיך שוין אָנגעהויבן, און איך פֿאַרשטיי ניט פֿאַרװאָס לויפֿט איר אַליין ניט אַפֿן סטאַדיאָן? אָדער איז ניט פֿיזקולטור די זאַך פֿון קאָמיוג?

אַפֿן סטאַדיאָן פֿירן די העל־בלוי־געשטרײַפֿטע אַן ענערגישן אָנגריף אַפֿן טויער פֿון די שװאַרץ־רויטע. אינעם צענטער פֿון אַלעמענס אויפֿמערקזאַמקייט זײַנען גענקאַ קאַליוזשני און באָריס כײַמאָװיטש. קיינעם גיט זיך ניט אײַן דורכשיקן דעם באַלעם פֿאַרבײַ זייערע שנעלע און פֿלינקע פֿיס; דער באַלעם שפּרינגט און לויפֿט פֿון איינעם צום צװייטן, אָט פֿליט ער אַף אַרויף, אָט נעמט אים באָריס כײַמאָװיטש מיטן קאָפּ או זגיט אים אומגעריכט איבער דעם עקסט לינקן פֿון די העלבלויע, דער עקסט־לינקער העלבלויער שיקט אים אַװעק דורכן פֿיס־לאַבירינט גלײַך צו די פֿיס פֿון גענקאַ קאַליוזשני און דער באַלעם איז שוין אינעם טויער פֿון די שװאַרץ־רויטע; דער שװאַרץ־רויטער פֿאַרטיידיקער פֿינטלט פֿאַרלוירן מיט די אויגן, זיפֿצט און קוקט זיך אום אַף די טריבונעס, און אַף די טריבונעס קװיטשעט מען, שרײַט מען און מען קרעכצט, און נאָר אַ געניטער אויער קען זיך פֿונאַנדערקלײַבן אין די באַגריסונגס־געשרייען פֿון די געװינער און אין די שפּאָט־געשרייען פֿון די פֿאַרשפּילער.

נאָר די שפּיל גייט װײַטער. די שװאַרץ־רויטע רײַסן זיך אין שלאַכט, װילן זיך פֿאַר יעדן פּרײַז רעװאַנשירן. אונטער זייער פֿעסטן אָנדרוק גייט די שפּיל אַריבער צום טויער פֿון די העלבלויע און די העלבלויע גיט זיך בעשום אופֿן ניט אײַן אַרויסצושטויסן דעם באַלעם פֿון זייער העלפֿט פֿעלד. אַף די טריבונעס זײַנען אַלע אויפֿגעהויבן. דער דיקער ריכטער זעצט זיך אַף די שפּיץ פֿינגער און פֿאַרגעסט זיך אײַנגאַנצן אַף זײַן בויך.

גענקאַ קאַליוזשני גיט זיך אַ װאָרף אַקעגן דעם שװאַרץ־רויטן „פֿאָרװאַרד" און מיט אַ פֿלינקן זײַטיקן קלאַפּ שלאָגט ער בײַ אים אַרויס דעם באַלעם, גיט אים איבער מיט אַ קורצן שאָס באָריסן, און דער באַלעם גיט אַ פֿלי אַף אַרויף און װען ער פֿאַלט אַף אַראָפּ װערט ער מיט אַ שטאַרקן זעץ פֿונעם קאָפּ אַװעקגעשלײַדערט אַפֿן קעגנערס האַלבן פֿעלד. גענקאַ פֿליט

אים נאָך ווי אַ פויגל, נאָך אים לויפן די העלבלויע און די שוואַרץ־רויטע. גענקאַ באַהערשט דעם באַלעם, ער נאַרט אָפּ און מײַדט אויס די קעגנער; פון די טריבונעס הערט זיך דער געוואָי פון צושטימונג און פון צווישן דעם געוואָי אַ שאַרפער געשריי:

— גענטשיק, מען לויפט אָף דיר פון הינטן!

דאָס שרײַט סיאָמאַ. ער האָט זיך דורכגעשטופּט צום סאַמע באַריער, האָט זיך אין אים אײַנגעקלאַמערט מיט זײַנע אָנגעשטרענגטע פינגער און לאָזט פונעם אויג ניט אַרויס דעם פלי פונעם באַלעם און פון זײַן גוטן ברודערס שווינדל־שנעלער און פלינקער געשטאַלט.

די שוואַרץ־רויטע פאַרלויפן אים פון הינטן... מען מוז שרײַען, וואָרענען, ראַטעווען!

נאָר גענקאַ האָט שוין אַ קלאַפּ געטאָן אינעם טויער. דער באַלעם ווערט אָפּגעשטויסן. באַריס נעמט אים אויף און שוין אָן אַ ציל שיקט ער אים אין טויער. ווידער איז דער באַלעם אָפּגעשטויסן צו די פיס פון די שוואַרץ־רויטע. דער פאַרשוויצטער פאַרטיידיקער ווישט דעם שטערן, נאָר גענקאַ גיט אַ לויף אָן ווי אַ בליץ און צום דריטן מאָל שיקט ער אַרײַן דעם באַלעם אינעם טויער.

— גענטשיק! גענטשיק! — שרײַט סיאָמאַ אויסער זיך פאַר גליק און פּאַטשט אין די דלאָניעס. דער מאַנטל שפּרינגט אָף זײַן דאַרן גוף און אין די אויגן שטייען אים טרערן. קיינער קוקט זיך אָף אים ניט אום, אַלע אַרום פּאַטשן, שרײַען, קוויטשען: דעם ריכטערס פײַף, וואָס גיט צו וויסן אַן איבעררײַס, זינקט אינעם שטורמישן געפּילדער... פון דער טריבונע שפּרינגט אַראָפּ איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ צענטער, אַ הונדערטסטער — דאָס פעלד ווערט פול און עס איז ניטאָ אַזאַ קויעך, וואָס זאָל איצט אָפּהאַלטן דעם סטיכישן אָנפאַל פון פרייד.

לעבן גענקאַ קאַליוזשניך, אַן אַרומגערינגלטן מיט דעם אוילעם „קרענקער" באַווײַזט זיך דער סעקרעטאַר פונעם „ראַיקאָם". אויך דער סעקרעטאַר איז בלייך פון רעגונג, ער דריקט גענקען די האַנט און באַמיט זיך אַז זײַן קאָל און זײַן פּאָנעם זאָלן מאַכן אַן אײַנדרוק פון רויִקער העכערקייט:

— הער אויס, קאַליוזשני, מיר האָבן דיך ניט באַדאַרפט אַוועקלאָזן. שרײַב אָן אַ מעלדונג: צוליב פאַמיליע־איניאַנים. דער ראַיקאָם וועט איבערקוקן דעם באַשלוס.

דער ריכטער פײַפט פאַרצווייפלט. די וועכטער טרײַבן דעם אוילעם צוריק צו די טריבונעס.

די פוטבאָל־שפּילער גייען צוריק אָף זייערע ערטער. די שפּיל ווערט באַנײַט מיט דעם זעלביקן יאָגנדיקן טעמפּ. דער סעקרעטאַר פונעם ראַיקאָם שטיקט זיך פאַר עמאָציע און שרײַט גלײַך מיט אַנדערע, ער פאַרגעסט זיך אָף דער רויִקער העכערקייט פונעם פירער:

— קאַליוזשני אַליין, קאַליוזשני!

דרײַ טריט פון אים, אינעם באַריער אײַנגעקלאַמערט מיט זײַנע אָנגעשטרענגטע פינגער, קריכט פון דער הויט סיאָמאַ:

— גענטשיק, האַלט זיך! גענטשיק, אַליין!

איבער דער טומלדיקער אַדעס, איבערן שטילן יאַם, לאָזט זיך אַרונטער די זון...

דער דיקער ריכטער גייט אַהיים פעסט אַרומגערינגלט מיט אַ קרײַז

„קרענקלער“. ער סאָפּעט, קוים וואָס ער גייט אַף די טרעפּ און רעדט צו די אויפמערקזאַמע צוהערער:

— ע, וואָס איז קויעך אָן סייכל? קאַליוזשני האָט קלוגע פּיס!

און קאַליוזשני מיט סיאָמען גייען באַנאַנד, מײַדן אויס דעם אוילעם. פון אָנהייב שווײַגן זיי, לעבן דורך די פרייד פונעם ניצאָכן. דערנאָך גיט אים סיאָמאַ צו וויסן:

— אַלץ איז שוין פאַרטיק, זיי האָבן געבעטן מען זאָל זיי מויכל זײַן. כ'האָב שוין די באַשטימונג אין קעשענע, און דו וועסט אַליין ניט פאָרן — איך וועל מיט דיר פאָרן.

גענקאַ קוקט זיך אום און קוקט אַראָפּ אַף זײַן גוטן ברודער. ער פרעגט נאָר:

— ענדגילטיק?

— נו, זיכער, אונטערגעשריבן און צוגעשטעמפּלט! — באַשטעטיקט סיאָמאַ מיט פרייד.

קאַליוזשני שווײַגט.

— וואָס האָט פון דיר געוואָלט דער סעקרעטאַר פונעם ראַיקאָם? — פרעגט סיאָמאַ.

גענקאַ קוועטשט מיט די פּלייצעס.

— איך ווייס?... אַזוי זיך די האַנט געדריקט און געווונטשן דערפאָלג.

און זיי גייען ווײַטער, צו סיאָמאַ אַלטשולער אַהיים. סיאָמאַ עפנט די טיר מיט זײַן אייגענעם שליסל, און באַלד צעקלינגען זיך אַלע גלעקלעך אין דער וווינונג — סיגנאַליזאַציע קעגן גאַנאָווים, וואָס סיאָמאַ האָט צוגעטראַכט. פון דער קיך קומט צו לויפן אַ דערשראָקענע סיאָמעס מאַמע, זי האָט זיך נאָך אַלץ ניט צוגעוווינט צו דעם בייזן קלינגען.

— מאַמע, — זאָגט סיאָמאַ — נעם מיר צונויף די זאַכן, איבערמאָרגן פאָרן מיר אָפּ אַפן מיזרעך.

די כאַוויירים קומען אַרײַן אין צימער אַ פאַרלייגטן מיט ראַדיאָ־אויפנעמערס, מיט מאָדעלן און מעטאַלישן אַלטוואַרג. סיאָמאַ צעעפנט דאָס פענצטער, דריקט אָן אַ קנעפּל און פאַרן פענצטער נעמט זיך דרייען אַ פּראָפּעלער און צעטרײַבט די אײַנגעשטאַנענע צימער־לופט.

— מאַמע, — רופט סיאָמאַ — הער זיך אײַן. דעם אויפנעמער שענק איך דיר, זאָלסט הערן און זיך אַנטוויקלען. נאָר דו מוזט אײַנפירן אַ קאַלענדאַר און יעדע זעקס וואָכן אָנלאָדן די באַטערייעס. און יענעם אויפנעמער שענק איך גענקעס מוטער, זאָל זי זיך אויך אַנטוויקלען. די אַלע זאַכן וואָס האָבן דיר געשטערט, וועל איך פאַרקלאַפּן אין אַ קאַסטן און באַהאַלטן אין קאָמער, נאָר טאָמער ווערט פון דאָרט פאַרלוירן אַפילע איין שרײַפל, מאַמע, ביסטו פאַראַנטוואָרטלעך מיט דײַן קאָפּ.

די מוטער וויינט. פון דער קיך הערט זיך דאָס מערדערישע פײַפן פונעם טשײַניק.

— מאַמע, הער אויף וויינען, הערסט דאָך, דער טשײַניק זידט — זאָגט סיאָמאַ און שטופּט זי צערטלעך צו צו דער טיר. דאָ, אין מיטן די הונדערטער זאַכן, וואָס ער האָט אַליין צוגעטראַכט און מיט די אייגענע הענט געמאַכט, איז סיאָמאַ אַליין אַ צעשמאָלצענער פון געפילן.

באַ דער סטויקע דרענגען זיך קונדן. קאַטיאַ סטאַווראָוואַ וואַרפט נאָכ־לעסיק געקנייטשטע גליטשיקע אוגערקעס אַף דער וואָג, זי דערלאַנגט דעם קונד אַ דורכגענעצט פּעקל און שלעפּט ווײַטער די אוגערקעס פונעם פעסל, אָפּצוּוועגן צום הונדערטסטן מאָל אַ האַלבע קילאָ אוגערקעס. עס שווינדלען איר שוין פאַר די אויגן אוגערקעס אָן אויפהער. אַזוי דעם גאַנצן טאָג, פון אינדערפרי ביזן אָוונט. ס'איז איר גרין פאַר די אויגן! זי דערקענט שוין אַפּילע ניט אינעם ווײַטערדיקן קאָל אירן אַ באַקאַנטן. ער מוז איר אַ פּאַטש טאָן איבער דער האַנט.

— הער אויף, פּעטקאַ! — שרײַט זי אָן אַף אים און מיט דער לינקער זײַט דלאָניע פאַרשאַרט זי די האָר אַפן שטערן — פון וואַנען ביסטו עס אַראָפּגעפאַלן?

— איך פאַרגרייט מיך אַפן וועג, — זאָגט פּעטקאַ — מאָרגן פאָר איך אָפּ קיין מאַגניטאָגאָרסק.

— וואָס רעדסטו? אַט דאָס הייסט גרויס!

— פאַקטיש גרויס. ווייסטו וואָס פאַר אַ זאַוואָד דאָס וועט זײַן? אַ וועלט־גיגאַנט, און נאָך גרעסער.

— און נאָך אַ סאַך גרעסער. וואָס־זשע, אַף דײַן ספּעציאַליטעט?

— ווי דען! דער פּעטער וועט בויען?

— ווייס עס דער טײַוול! מענטשן האָבן מאַזל...

— און וואָלאָדקאַ, האָסטו שוין געהערט, פאָרט אַף מאָנטאַזש צום דניעפּראָגעס.

— וואָלאָדקאַ? אַט דער קאַפּעליוש! פון מאָסקווע קיין מיטישטשי האָט ער זיך דאָך געפוילט פאָרן.

— אַט האָסטו דיר „זיך געפוילט”... און דו ביסט געפאָרן קיין מי־טישטשי, און דעם דניעפּראָסטרוי אָדער מאַגניטאָגאָרסק וועסטו ניט זען ווי דו זעסט ניט דײַנע אויערן...

— גיי צום טײַוול!

— ביסט אין קאַס, קאַטיושאַ?

— איך האָב דיר געזאָגט: גיי צום טײַוול — טאָ נעם קײַקל דיך אַוועק! שטער ניט אין דער אַרבעט, האָסט מיר נאָר די בעשאָמע פאַרסאַמט...

פּעטקאַ גייט אַוועק, און ווידער אוגערקעס, אוגערקעס, אוגערקעס, די וואָג, די קונדן, דער ראָסל וואָס עסט די פינגער... דערנאָך דאָס פעסל אַוועקקײַקלען, די סטויקע אָפּוואַשן, די טשעקן אָפּגעבן... ענדלעך!

אינעם קאָמיוג טרעפט זי אירינען. און צײַטונגען, וואָס דאָס האַרץ נאָר ווערט פון זיי צעריסן יעדן טאָג... „דער פינפיאָר־פּלאַן אין פיר יאָר”, „די נאַפט־ברונעמער אין דריטהאַלבן”... אַ „רעקאָרד פון די בעטאָן־לייגער פון עס־טע־זע”... די בעסטע שלאָגלער: מאָלאָכאָוו און אַניסימאָוואַ... אַני־סימאָוואַס בילד. ווער ס'איז מיט אַן עמעסן גליקלעך איז אַניסימאָוואַ... ווי דען!

— וואָס זיפצטו? — פרעגט אירינאַ — דאָ האָסטו אַ מעלדונג צום צוזאַמענקום פון די שלאָגלער־פאַרקויפער. מאָרגן אַכט אַזייגער.

באַ קאַטיאַן ציטערן די ליפּן.

— וואָס איז מיט דיר?

קאַטיאַ לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אויפן טיש. אירינאַ הערט ווי זי כליפּעט.

— וואָס איז מיט דיר, קאַטיושאַ, דיר איז עפּעס געשען?

— נו, ווי דען, געשען... ס'איז גאָרנישט ניט געשען... און עס קען ניט געשען... לעבסט... ווי אין אַ באַנקע... לעבסט, און דאָס לעבן זעסטו ניט... אַלע פאָרן... אַלע בויען... מענטשן זײַנען בעטאָן־לייגער, מאָנטירער... און דו, מיט דײַנע אַר־גער־קעס...

אירינאַ קען זי פון אָנהייב ניט פאַרשטיין. און ווען זי פאַרשטייט שוין, ווערט זי אין כּעס. — מאַך נאָר ניט קיין דעמאָנסטראַציעס, סטאַוראָווּאַ. וואָס איז עס פאַר אַ וויינען. און נאָך אַ קאָמיוגיסטקע.

דערנאָך פירט זי אירינאַ אַהיים און רעדט איר אויס, ווי מען רעדט אויס אַ קינד, כאָטש זיי זײַנען אין איינע יאָרן. קאַטיאַ טוליעט זיך אין איר האַרבסטיקן מאַנטל, נאָכן אויסוויינען זיך איז איר קאַלט. און זי האַלט ניט אויס:

— איך קען ניט מער, פאַרשטייסט, אירינאַ, איך קען ניט...

— זײַ ניט קיין נאַר, אויב אַלע זאָלן פאָרן, טאָ ווער וועט בלײַבן דאָ באַדינען? אַ פאַרקויפער איז אַ בעקאָוועדיקע פּראָפעסיע, און יעדער איינער דאַרף זײַן אַרבעט פאַרשטיין און ליב האָבן... און אויב דו ביסט אַ קאָמיוגיסטקע...

— פאַרוואָס־זשע זאָל איך גראָד מוזן בלײַבן באַדינען? וואָלאָדקאַ אַפילו פאָרט בויען דעם דניעפּראָגעס.

— שרײַ ניט! אויך מיר אַ בויער. די אויגן זײַנען אים אַף אַ באָסן אָרט...

אין שטוב, שנײַדט דער מאַן רייפטלעך וווּרשט — מען האָט הײַנט באַ זיי אַרויסגעגעבן צו פינף הונדערט גראַם אין דער „אינדוסטריע אַ".

— פאַרוואָס־זשע האָסטו ניט אַהיימגעבראַכט קיין אוגערקעס פאַר אונדז? — פרעגט ער און רוקט אין מויל אַרײַן אַ רייפטל וווּרשט מיט אַ ראָזעווע הײַטעלע.

און קאַטיאַ האַלט ניט אויס. זי האָט מיטאַמאָל פײַנט באַקומען דעם מאַן און נעמט שרײַען אַף אים: „גאַנעוו, פריקאַזטשיק, קאָאָפּעראַטיווע מויז!" אַזוי שרײַט זי די גאַנצע צײַט און נעמט אַפילו ניט צום מויל דעם וווּרשט, כאָטש זי איז היפּש הונגעריק.

אינדערפרי לויפט זי אַוועק אין צענטראַל־קאָמיטעט פונעם קאָמיוג און בעט זיך מען זאָל זי מאָביליזירן אַפן ווײַטן מיזרעך. מען האָט מאָביליזירט צוויי פאַרקויפער און פאַרן אַוויאַציע־אַפּאַראַט האָט מען מאָביליזירט איינעם אַ באַקאַנטן באָכער. מיט וואָס־זשע איז זי ערגער? זי וועט דערווײַזן...

פונעם צענטראַל־קאָמיטעט האָט מען זי געשיקט אינעם אָרטיקן און פונעם אָרטיקן צום ראַיאָנעם און פונעם ראַיאָנעם צו אירײַנאָן.

— ראָמאַנטיק האָט זיך דיר פאַרוואָלט — וואַרפט איר פאָר אירינאַ.

— יאָ, — ענטפערט קאַטיאַ מיט אַזוינע צעשטראַלטע אויגן, אַז אירינאַ קען צו איר גאָרנישט ניט האָבן.

פון אירינען מאַכט זי דורך דעם זעלביקן וועג, נאָר שוין פון אונטן אַף אַרויף. אינעם צענטראַל־קאָמיטעט קריגט זי זיך לאַנג און שרײַט אַף דער קאָמיסיע, אַז מען וויל זי ניט נעמען, ווײַל זי זעט אויס מאָגער אַפן פּאָנעם און זי שטופּט זיי איר האַנט אונטער דער נאָז: „וואָס זאָגט איר שלעכטע קלעמערס? איך טויג ניט?" מען לאַכט און מען גיט איר אַ רײַזע־באַשטימונג.

זי איז ניט מוידע דעם מאַן אַז זי פאַרט פרײַוויליק. ער איז אויסער זיך, ווי קען מען עס אָפּרײַסן ווײַבער פון די מענער, און ער גייט אום אַ פאַר־כמורעטער און האָט קיין אַפּעטיט ניט.

קאַטיאַן איז אַ ראַכמאָנעס אַף אים, זי איז צערטלעך צו אים אין די לעצטע טעג און אַפן וואָקזאַל קען זי זיך ניט אָפּרײַסן פונעם געזעגענונגס־קוש.

נאָר אין וואַגאָן איז איר אַזוי פריילעך, ווי עס וואָלט איר פון די פליי־צעס אַ שרעקלעכע מאַסע אַראָפּגעפאַלן. זי נעמט זינגען דעם אַוויאַציע־מאַרש און דעם גאַנצן ערשטן אָוונט לאַכט זי און זינגט און מאַכט אַלעמען פריילעך, אַזוי אַז צו נאַכט צו קלײַבט מען זי אויס אין דער פאַרווײַלונגס־קאָמיסיע.

באַנאַכט איז זי געשלאָפן ווי קינדווײַז, אָן כאַלוימעס. און אינדערפרי האָט זי זיך אויפגעכאַפּט ווי מיטאַמאָל. מיט אַ פרישן קאָפּ און האָט זיך געפילט זייער גליקלעך. עס האָט זיך איר געוואָלט באַוועגן, און שוין די מינוט איז איר אײַנגעפאַלן אײַנצופירן אין וואַגאָן אַ קורצע גימנאַסטישע געניטונג אין די פרימאָרגנס, כעוורע זאָל אין די צוויי וואָכן ניט פאַרזײַערט ווערן.

זי האָט דעם איניען געגעבן צו פאַרשטיין דעם סטאַראָסטע פונעם וואַ־גאָן קאָסטיאַ פערעפּעטשקאַ. פון אָנהייב האָט ער זיך פאַרווונדערט, נאָר דערנאָך האָט ער איר געהאָלפן. זיי האָבן אויסגעשטעלט דעם גאַנצן אוילעם אינעם דורכגאַנג, און קאַטיאַ האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַף אַ בענקל און האָט קאָמאַנדעוועט.

דער וואַגאָן האָט זיך געהוידעט און געטרייסלט, כעוורע זײַנען געפאַלן און זיך אָנגעשלאָגן איינער אָנעם צווייטן, נאָר אַלעמען איז עס געפעלן געווען.

און קאַטיאַ קאָמאַנדעוועט, מאַכט נאָך די שטים פונעם דיקטאָר אינעם ראַדיאָ, און זי פילט זיך ווידער ווי אַ פּיאָנערקע אינעם לאַגער און פילט אַפילע די זון אַפן באַנײַטן פרישן פּאָנעם.

VII

אינעם פרײַיקן בײַנאַשמאָשעס איז דאָס ניט דערבויטע הויז פוסט און פאַרכמורעט, זײַטיקע מענטשן דוכט זיך, אַז די ליידיקע רישטאָוואַניע איז איבעריק. די טריט קלינגען הילכיק און ניט זיכער.

וואַלקאַ בעססאָנאָוו שפּאַנט צו איבער די רישטאָוואַניעס צו זײַן טייל וואַנט און קוקט פון דער הייך אַף דער שטאָט. די שטאָט שפּרייט זיך פאַר אים אַ רויִקע און אַ מאַיעסטעטישע, אַ נאָך ניט צעוועקטע פון דער נאַכט. אינעם בלוילעכן רויכל שטייען צעשווומען די סטאַטועס אַפן פּאַלאַץ. די געוואַ־וואַסערן האָבן אַ שטאָלענעם אָפּגלאַנץ, דער שטרענגער שפּיץ אַף דער פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג שנײַדט איבער, ווי אַ מעסער, אַף דער העלפט דעם הימל וואָס רויטלט זיך אין מיזרעך.

די פרימאָרגנדיקע באַוועגונג אַף די גאַסן הייבט זיך ערשט אָן. קיין טאַקסיס פאָרן נאָך ניט, דערפאַר טראָגן זיך אין פולן גאַנג די אומפאַרמאַ־טערלעכע לאַסט־אויטאָמאָבילן.

די שטאָט זעט אויס ווי געוויינלעך, גלײַך קיין זאַך וואָלט זיך אין איר ניט געביטן, וואַלקאַ קערט אָפּ פון איר זײַן בליק און באַקוקט די וואַנט.

ער באַטאַפּט זי, און קערט זיך אָפּ פון איר, וואָרעם קיין זאַך פרייט אים ניט מער.

עס דערמאָנט זיך אים דער נעכטיקער געשפּרעך אינעם ראַיקאָם (ראַיאָן־קאָמיטעט) מיט אַלע זײַנע באַליידיקנדיקע פּראָטים. און איך בין דאָך געגאַנגען אין ראַיקאָם אַ פריילעכער, אַ גערנדיקער, באַצײַטנס שטאָלץ מיט זיך. וואָרעם ביז נעכטן פלעגט מען אים אַרויסרופן נאָר אָף בעקאָוועדיקע באַראַטונגען — אָדער אין אַ שאָלעם זיך אַרײַנלייגן, אָדער צוליב אַן איניען מיט אַ „לײַכטן פּאַסאַזשיר" — און שטענדיק ווי אַ העלד באַגעגנט.

און דאָס מאָל איז אַלץ אַנדערש געווען. מען האָט אים אַרויסגערופן צום סעקרעטאַר פונעם קאָמיוג; דער סעקרעטאַר האָט אים קורץ אויסגעפרעגט: צי איז ער אַ כאָסענע געהאַטער, ווו ווױנען זײַנע עלטערן, ווי אַלט איז ער, און פון דער העלער הויט:

— קלײַב זיך, גוטער ברודער, אין וועג אַרײַן, וועסט פאָרן אָפן ווײַטן מיזרעך. דער קאָמיוג מאָביליזירט דיך.

ניט דאָס נאָך איז די באַליידיקונג, וואַלקאַ האָט זיך אַפילע דערפרייט און האָט פילדײַטיק אַ פרעג געטאָן:

— די יאַפּאַנעזער?

— ניין — האָט אים דער סעקרעטאַר געענטפערט מיט אַ שמייכל, אין וועלכן וואַלקאַן האָט זיך געדוכט שפּאָט, — ניט אין דער אַרמיי, נאָר אַרבעטן.

— דאָס הייסט, וואָס מיינט „אַרבעטן"? — האָט וואַלקאַ ניט פאַרשטאַנען.

— אָט אַזוי, ווי דו אַרבעטסט. בויען, שטוקאַטורען, אַ קאָמיוגישע מאָביליזאַציע. פאַרשטאַנען?

וואַלקאַ איז פאַר קאַס אַזש רויט געוואָרן:

— וואָס־זשע איר האָט שוין קיין אַנדערע ניט געפונען?

— פאַרוואָס עפּעס ניט דיך?

— מיך? דעם בעסטן שלאָגלער? דעם בעסטן בריגאַדיר פון דער בויונג?

— נו יאָ, דיך, דעם בעסטן שלאָגלער! — או זווידער הערט ער שפּאָט אינעם סעקרעטאַרס קאָל — קיין שלעכטע דאַרף מען דאָרט ניט האָבן.

— אַ דאַנק פאַר אַ ליב וואָרט! — האָט וואַלקאַ אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש — די גאַנצע צײַט געאַרבעט און איצט, צו אַלדי רוכעס? דרײַ יאָר קיין איין טאָג ניט פאַרפעלט, קיין איין מאָל ניט פאַרשפּעטיקט, דעם פּלאַן ווי פון אַ קאַנאַן אויסגעשאָסן, ניט ווייניקער פון הונדערט פופציק פּראָצענט, די קוואַליטעט, ווייסט איר אַליין, באַ די בעסטע שטוקאַטורער צו זוכן!...

און אַזוי דאַנקט מען מיר?! אַ דאַנק אײַך אינעם היטל, פאָרט אײַך אַליין!

און דאָ איז געשען דאָס וואָס האָט אים די גאַנצע נאַכט שלאָפן ניט געלאָזט און האָט אים קאַיאַר פון שטוב אַרויסגעטריבן און אַהערגעבראַכט, אַף דער באַקאַנטער פּוסטער רישטאָוואַניע. דער סעקרעטאַר פונעם ראַיקאָם איז פונעם טיש אַפּירגעגאַנגען, איז שטיין געבליבן פאַר וואַלקאַן און האָט זיך פאַראַכטלעך צו אים אָנגערופן:

— ביסט אַ שלאָגלער און אַ העלד, און אַ נעשאָמע האָסטו, ניט קיין קאָמיוגישע, נאָר אַ ליפּענע. פאַרשטאַנען? אַזוי טראַכטן נאָר עגאָיסטן און פּאַכדאָנים. גיי אַהיים, באַטראַכט זיך מיט אַ פרײַען קאָפּ, דערנאָך וועסטו קומען אַהער. פאַרשטאַנען?

דער געשפּרעך האָט זיך נאַטירלעך ערשט געהאַט אָנגעהויבן. מען האָט

געמוזט אויפקלערן, אָפּענטפערן, פאַרריכטן... איצט פאַרשטייט ער עס, נאָר דערמאָלט האָט ער פון זיך אַ שלײַדער געטאָן דעם שטול און האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר, מיט דער צווייטער, מיט דער דריטער — ביז ער איז אַרויס אַף דער גאַס. אַ ליפּענע געשאַמע... ער איז אַליין אַ ליפּענער! ווי איז עס געהערט געוואָרן מען זאָל דעם בעסטן שלאָגלער, אָנהייב בוי־סעזאָן, פּלוצים אַראָפּנעמען פון דער בויונג. „פאַרשטאַנען? פאַרשטאַנען?״ ניין, האָסט ניט געטראָפן ס'אָרט, וואָלענטין בעססאָנאָוו וועט ניט דערלויבן מען זאָל אים גענאַרן ווי עפּעס אַ טיפּעש. מירן נאָך זען, ווער וועמען וועט אָבלערגען!... איכל גיין אין קרײַזקאָמיטעט, אין קרײַזקאָמיטעט פון דער פּאַרטיי און וועל זיך ניט אונטערגעבן!

די ווערטער האָט ער געכאַזערט די גאַנצע נאַכט. און איצט, אַף דער פּוסטער רישטאָוואַניע און באַ דער הוילער וואַנט, קלינגען זיי הילכיק און אַנטשלאָסן. נאָר ווערטער ראַטעווען ניט. מיט ווערטער וועסטו זיך אַליין ניט פאַרשטעלן, און אינעווייניק ברויזט, פּרעסט אַ טרויער... אינעם גליקלעכן בעשאַלעמדיקן לעבן איז עפּעס האָפענונגסלאָז קאַליע געוואָרן. מען קען, נאַטירלעך, אַרבעטן. מען קען נאָך אַ קעמף טאָן פאַרן קאָוועד פונעם בעסטן שטוקאַטורער, מען קען נאָך שטעלן אָפן נאָך ניט דאָ געוועזענעם, די סאָנים אָנצושרעקן, רעקאָרד פון אויסגעפירטן פּלאַן...

נאָר אין דעם פרימאָרגן גייט אויך די אַרבעט ניט ווי געהעריק.

וואָלקאָס ווילדער קוק און זײַן בייזער געשריי שטעלן זײַן בריגאַדע פאַר אַ רעטעניש, נאָר די הענט גאַרן אים — זיי אַרבעטן אָן דער געוויינלעכער פלינקייט, די שטוקאַטורקע לייגט זיך גראָב, שאָרסטקע, ניט געהאָרכיק, און דער קאַלטער ווינט רעגט אים אויף און אַ קאָס כאַפּט אים אַרום ווען ער קוקט אַראָפּ פונעם זעקסטן שטאָק אַף דער צוגעגעסענער גאַס, אַף די טראַמווײַ־אָנגעהאַנגענע און אומגעשיקטע פּוסגייער, וואָס שטערן זיך איינער דעם צווייטן!...

אַרום נײַן דערזעט וואָלקאָ בעססאָנאָוו אַף דער רישטאָוואַניע אַן אומבאַקאַנטן מענטשן. דער מענטש באַקוקט די אַרבעט מײַסע פאָדערנדיקער באַלעבאָס, און נאָר זײַן פאַרזיכטיקער טראָט מאָסערט אין אים דעם זײַטיקן. עמעצער פונעם בוי־טרעסט? נאָר פונעם טרעסט קומט מען ניט אַזוי פרי און אַז נאַטשאַלסטווע קומט, רופט מען טייקעף אַרויס דעם אויפזעער און ער גייט אַרום איבערן געבוי שוין מיט דעם אויפזעער.

דער מענטש איז שוין ניט קיין יונגער, אַ פעסטער און ניט קיין הויכער. ער טראָגט אַ מיליטעריש־געשניטענע טוזשורקע, צעשפּיליעט באַם קאָלנער, וואָס דעקט אָפּ אַ פעסטן שטאַרקן האַלדז. די אויגן קוקן שאַרף, מיט אַ פרייַלעכן צושפּיץ. ער שלאָגט זיך אָן אַף צוויי צוהעלפער וואָס זיצן אומבאַשעפטיקט. ער פרעגט זיי עפּעס און פון זײַנע אויגן פאַרשווינדט זייער פריילעכע צוגעשפּיצטקייט און זיי ווערן שטײַף.

און איבער דער רישטאָוואַניע לויפט שוין און שטרויכלט דער צערודערטער אויפזעער.

וואָלקאָ אַרבעט און קוקט ביגנייווע און פאַראינטערעסירט אַף דעם פרעמדן, און איצט אַרבעט זיך שוין אַנדערש. ער האָט צוריקבאַקומען זײַן געוויינלעכע פלינקייט, וואָס שטענדיק פאַרשאַפט אים פאַרגעניגן ווען ער שפּירט זי אין זיך. אים ווילט זיך מען זאָל מערקן די פלינקייט פון זײַנע באַוועגונגען. ער ווייס ניט ווער דער מענטש איז, נאָר ער זעט ווי די צוויי

פויליאַקעס כאַפּן זיך פאַרשעמט צו די טאַטשקעס, ווי אַלע קוקן זיך אום און גריסן מיט באַזונדערער העפלעכקייט און דער מענטש אין דער טוזשורקע ענטפערט פריילעך אַף די באַגריסונגען, שטעלט זיך אָפּ, פרעגט זיך אויס, פרווט מיטן פינגער די שטוקאַטורקע.

ווער־זשע איז ער?

אין זײַן פּנים איז פאַראַן עפּעס אומבאַדינגט באַקאַנטס, נאָר וואַלקאַ קען זיך ניט דערמאָנען ווו ער האָט ערגעץ געזען אָט דעם פריילעכן צושפּיץ, דאָס פּעסטע מויל מיט דעם קורצן שטאַרקן האַלדז, וואָס פּאַראײַניקט אַזוי גוט דעם ענערגישן קאָפּ מיט דער קרעפטיקער און שטאַרקער געשטאַלט.

— און דאָס איז בעססאָנאָוו, אונדזער בעסטער בריגאַדיר — רופט זיך אָן הינטער אים דער אויפזעער.

וואַלקאַ קוקט זיך אום און פאַרנייגט זיך אַן אומזיכערער.

דער אומבאַקאַנטער מענטש צעשמייכלט זיך.

און אין דעם אויגנבליק דערקענט ער אים. וואַלקאַ דערקענט אים אינעם ניט רעזערווירט אויפריכטיקן, אָפענעם און פּאַשעטן שמייכל, וואָס וואָלט דאָס פּנים העל אויסגעצייכנט צווישן הונדערטער ענלעכע פּנעמער. ס׳איז אַן אינדיווידועלער שמייכל, אַזוי שמייכלט נאָר ער איינער.

— גוט מאָרגן! — רופט אויס וואַלקאַ אַ דערפרייטער און פאַרהאַקט זיך: פאַר פרייד און צעטומלטקייט האָט ער פאַרגעסן דעם מענטשנס נאָמען און פאָטער־נאָמען, וואָס זײַנען באַקאַנט דעם גאַנצן לאַנד.

— ווי אַרבעט זיך, כאַווער בעססאָנאָוו? וואָסערע שוועריקייטן האָט איר?

וואַלקאַ הערט צום ערשטן מאָל דאָס קאָל, נאָר ער דערקענט עס. פון דעם מענטשנס מוטיקן און וואַרעמען אָנבליק, איז צו דערוואַרטן אַזאַ מוטיק און וואַרעם קאָל.

— הונדערט פינף און זיבעציק פּראָצענט פּלאַן! — ראַפּאָרטירט וואַלקאַ און איז רויט פון פאַרגעניגן. נאָר באַלד דערמאָנט ער זיך און נעמט זיך קלאָגן: — און שוועריקייטן זײַנען פאַראַן אַ סאַך. מיר האָבן אָפּגעשטוקאַטורעט דעם זיבעטן און דערנאָך נעמט מען בײַטן די ראַמען און מען צעדריבלט. מוז מען ווידער שטוקאַטורען. צי דען איז עס אַן אַרבעט?

דער אויפזעער פאַרענטפערט זיך.

וואַלקאַ אַרבעט ווײַטער. אונטערן קוקנדיקן און שאַצנדיקן בליק, באַקומען זײַנע הענט זייער פולע ווירטואָזיטעט. בײדע האָבן זיי ליב גוט געניטע אַרבעט, בײדע פילן זיי אין איר אַ געשמאַק. וואַלקאַ פילט די פאַרשטענדעניש־פעדעם וואָס פאַרבינדן זיי און ס׳האַרץ קלאַפּט בא אים מיט פרייד און אין קאָפּ הייבט זיך אַ גליקלעכער נעפּל, נאָר ער דערמאָנט זיך אַלץ ניט דעם נאָמען און פאָטער־נאָמען, וואָס זײַנען באַקאַנט דעם גאַנצן לאַנד.

נאָר ווען יענער רײַסט זיך ניט גערן אָפּ פון וואַלקאַס אַרבעט און גייט אַוועק, דערמאָנט ער זיך מיטאַמאָל, און איידער נאָך ער ווייס צוליב וואָס, טוט ער אַ רוף:

— סערגיי מיראָנאָוויטש!

קיראָוו דרייט זיך אום. ער קוקט אַף אים פריילעך און אָפּוואַרטנדיק, און ווידער צעשמייכלען זיי זיך מיט דעם פאַרשטענדיקן שמייכל. וואַלקאַ שפּירט אין דעם שמייכל די ליבע אויפמערקזאַמקייט צו אים, צו מענטשן, צום לעבן, — פאַר אָט דעם אויסגעצייכנטן מענטשן איז לעבן ניט קיין

שווערע טאָג־טעגלעכקייט, נאָר אַ ברייטע באַוועגונג, ווו שוועריקייטן אַפילע פֿרייען מיט דער מעגלעכקייט זיי בײַצוקומען, ווו אַלץ איז דורכגעטראַכט, דורכגענומען מיט מונטערער זיכערקייט, אָנגעהיצט מיט דער וואַרעמקייט פֿון אַ גרויס האַרץ. אונטערבאַוווסטזיניק כאַפּט וואַלקאַ אויף די קלוגע מעכטיקע לעבנס־פֿרייד און גיט אַ זאָג מיט אומדערוואַרט גליקלעכער באַטאָנונג:

— און מיך, סערגיי מיראָנאָוויטש, מאָביליזירט דער קאָמיוג אָפֿן ווײַטן מיזרעך.

קיראָוו רירט אָן וואַלקאַן באַם אַקסל.

— ווי אַ בראַוון יונג! זע פֿאַרשעם ניט, וואַרף ניט דעם לעניגראַדער אויטאָריטעט! — און ער גיט אים פֿרײַנטלעך אַ פֿרעג:

— פֿאָרסט גערן?

וואַלקאַ ווייס אַליין ניט וואָס מיט אים איז אין דער מינוט געשען, ער ווייס נאָר, אַז ס׳איז געשען עפּעס אַ גרויסע און גוטע זאַך. ער קוקט אים גלײַך אין די פֿרײַנטלעך־אויפֿמערקזאַמע אויגן און שרײַט אויס:

— גערן, סערגיי מיראָנאָוויטש! האָט ניט קיין מורע, איכל ניט פֿאַרשעמען!

קיראָוו שטייט אַ מינוט צײַט לעבן אים און רופֿט זיך וואַרעם אָן:

— נו ווינטש איך דיר דערפֿאָלג — און ער שפּאַנט ווײַטער, פֿאָרזיכטיק נאָר פֿעסט טרעטנדיק איבער דער רישטאָוואַניע.

וואַלקאַ זינגט דעם גאַנצן טאָג באַ דער אַרבעט און שפּירט אין די הענט די ווירטואָזע פֿלינקייט פֿונעם בעסטן שטוקאַטורער אין דער וועלט. אָנגענעם בלאָזט איבער אים דער פֿרילינגדיקער ווינט, גרינג און גלײַך לייגט זיך די געהאָרכיקע שטוקאַטורקע, און שיין זעט אויס די שטאָט פֿון דער הייך פֿונעם זעקסטן שטאָק.

ער וואַרט לאַנג צי וועט ניט קיראָוו פֿאַרבײַגיין אַף צוריק. ער טראַכט זיך, אַז ער וועט אים זאָגן: „צום ווידערזען, סערגיי מיראָנאָוויטש...״ און עפּשער אויך: „איכל אײַך שרײַבן פֿון דאָרט, סערגיי מיראָנאָוויטש״. פֿאַר וואָס טאָקע ניט?

קיראָוו איז צוריק ניט פֿאַרבײַגעגאַנגען, נאָר וואַלקאַ ווייס אַז ער וועט אים שרײַבן.ביידע האָבן זיי ליב גוטע אַרבעט, דאָ, אָפֿן ווײַטן מיזרעך, אָדער מעטום... אַהאָ! קיראָוו ווייס פֿון דער מאָביליזאַציע — אַ וויכטיקע און ערנסטע זאַך, הייסט עס... דער סעקרעטאַר פֿון ראַיקאָם וואָלט באַדאַרפֿט זאָגן: „מען גיט דיר איבער פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט! מען ניטיקט זיך אין די בעסטע שטוקאַטורער פֿונעם לאַנד!...״

נאָך דער אַרבעט לויפֿט וואַלקאַ אַוועק אין ראַיקאָם, רײַסט זיך אַרײַן צום סעקרעטאַר אין קאַבינעט און גיט פֿאָדערנדיק אַ זאָג:

— שרײַב אָן דאָס פּאַפּיר. איך פֿאָר.

דער סעקרעטאַר קוקט פֿאַרכידעשט ווי ער וואָלט אים ניט דערקענט.

— אַך, דו ביסט עס! — דערמאָנט ער זיך מיט אַ שמייכל — זיך באַטראַכט?

וואַלקאַ צינדט זיך אָן:

— ניט זיך באַטראַכט, נאָר קיראָוו האָט מיך געראָטן, פֿאַרשטאַנען?

— שרײַט ער אָפֿן סעקרעטאַר — סערגיי מיראָנאָוויטש קיראָוו האָט פֿערזענלעך מיך געראָטן, מיט אַן אָנזאָג: אויפֿהאַלטן דעם לעני נגראַדער אויטאָריטעט אָפֿן ווײַטן מיזרעך. פֿאַרשטאַנען?

## VIII

נאָרוואָס איז אַדורך דער ערשטער פֿרילינגדיקער רעגן. אינעם בולוואַר גלאַנצן די פֿײַכטע שמעקעדיקע ביימער־שטאַמען, פֿון די אויפֿגעטויכטע בליטן טריפֿן גראָבע גלאַנציקע טראָפּנס, די הויפֿוועכטער קערן אַראָפּ מיט די בעזעמער דאָס וואַסער פֿון די טראָטוואַרן. און אָפֿן וואָקזאַל טרעטן הונדערטער מענטשן אין דער בלאָטע און די שוואַרץ־שיטערע קאַלוזשע שליאָפּעט זיי אונטער די פֿיס.

צווישן דעם געדיכטן שליאָפּענדיקן אוילעם, שטופּט זיך דורך אַ מיידל. זי איז פֿאַרסאָפּעט, טראָפּנס שווייס זײַנען אַרויסגעטראָטן אָף איר ראָזעווען מויל. דער ווינט שפּילט זיך מיט אַ פּאַסמע האָר וואָס שפּאַרט איר אַרויס איבערן קליינעם אויער.

אָפֿן פּעראָן איז טומלדיק. מוזיקאַנטן שטימען אָן זייערע קיילים אָף פֿאַרשיידענע אויפֿאַנים. עמעצער האָט זיך אַרויפֿגעשטעלט אָף אַ קויש מיט זאַכן און רופֿט אויס פֿאַמיליע־נעמען לויט אַ צעטל. געזונטע, קרעפּטיקע, טומלדיקע יונגען רופֿן זיך אָפּ אָף אַלערליי קוילעס, טייל ערנסט פֿלײַסיק און אַנדערע שפּאַסיק.

— דאָ! דאָ! — טראָגט זיך פֿון אַלע זײַטן.

דאָס מיידל בלײַבט שטיין און דריקט אין דער האַנט אַ בלימל אין פּאַפּיר אײַנגעוויקלט. קאַלט גלאַנצט אָף אירע ראָזעווע נעגל, ווי טרערן, דער דורכזיכטיקער לאַק.

— אַך, ניט פֿאַר מיר איז דאָס בלימל?

זי רײַסט זיך ווײַטער, די באָכערישע פֿריילעכע פּענעמער באַליידיקן זי.

פֿון ערגעץ אָ זײַט, פֿון צווישן געדיכטן אוילעם, דערטראָגט זיך אַ שטיקל רעדע. עס רעדט אַ געניטע רעדנער־שטים:

— דער קאָמיוגישער מוט וועט פֿאַרוואַנדלען דעם ווײַטן מיזרעך אין אַ רײַפֿן בליִענדיקן גאָרטן, און אינעם בוך פֿון די סאָציאַליסטישע ניצכוינעס, וועלן אײַערע נעמען, די נעמען פֿון די רומפֿולע ראָסטאָווער קאָמיוגיסטן...

מען זעט ניט אין ערגעץ אַנדריי קרוגלאָוון.

זי קוקט זיך אַרום, שוין גרייט צו וויינען, און רײַסט מעכאַניש שמאָלע פּאַסיקלעך פּאַפּיר מיט די פֿינגער.

האַרט לעבן איר הערט זי אַ בעקיוונדיק הויכן קאָל:

— וועמען באַגלייט עס אַזאַ שיין מיידל?

זי רײַסט זיך ווײַטער און דערזעט פּונקט פֿאַר זיך אַנדריי קרוגלאָוון, זײַנע אָנגעשפּאַנטע אויגן, זײַנע בלייך־געוואָרענע ליפּן.

— דינאַ, ביסט דאָ!

אָן ווערטער טרעט מען זיי אָפּ דעם וועג. מען קוקט זיי נאָך — אַזאַ שיין פּאָרל. זיי גייען באַנאַנד און מערקן קיינעם ניט. זיי האָבן מיט שרעק געוואַרט אָפֿן סאָף. איין וואָך... איין קאַרגע וואָך... און וואָלט ער מיט אַ וואָך צוריק ניט געקומען אין קאָנטאַר נאָך אַן אינפֿאָרמאַציע, וואָלטן זיי זיך שוין קיינמאָל איינער דעם צווייטן ניט געקענט

און די גאַנצע וואָך איז אַדורך אונטערן דרוק פֿון לאַסטנדיקער שרעק, אַז אָט נאָך פֿינף טעג... נאָך פֿיר... דרײַ... נאָך צוויי טעג... איין טאָג... און אַלץ וועט אָפּגעריסן ווערן.

— איך וועל טעלעגראַפירן פונעם וועג. ווי נאָר איך וועל מיך אײַנאָר־דענען, וועל איך שיקן אַ בליץ... איך וועל אַזוי וואַרטן אַף דיר...

דוכט זיך אַז ס'איז געווען אַ סיגנאַל, און אַלע שפּאַרן זיך צו די וואַגאָנען. דער אָרקעסטער האָט פּאַרטויבנדיק אַ רעווע געטאָן, די מעשענע טאַצן בראַזגען, ניט אויסצוהאַלטן.

דינאַ דערמאָנט זיך אָפּן בלימל און זאָגט:

— ליליען... נאָך פונעם וואָרעם־גאָרטן...

ער באַוויזט ניט צו דאַנקען. פון די וואַגאָן־פענצטער שרײַט מען:

— אַנדריושאַ! אַנדריי! קרוגלאָוו!

פון הינטן לויפט אָן דער סעקרעטאָר פונעם גאָרקאָם (שטאָטישער קאָמיטעט), שאַדרין.

— וואָס איז עס פאַר אַן אומאָרדענונג? פאַר וועמען איז דער סיגנאַל?

ער האָקט זיך אָפּ ווען ער דערזעט דינאַס בלייך געוואָרענעם פּאָנעם און איז שוין ניטאָ.

זיי צעקושן זיך אומגעשיקט פאַר אַלעמען אין די אויגן. אין פענצטער גיט עמעצער אַ הויכן טשמאָקע. אַנדריי שפּאַנט שטרויכלדיק צום וואַגאָן. דינאַ רעדט אין אײַלעניש:

— שיק פאָטאָגראַפיעס. שרײַב וועגן דער שטאָט, וועגן דער וווינונג, וועגן אַלץ... אומבאַדינגט פאָטאָגראַפיעס.

ער כאַזערט איבער אָן אַ זין:

— כ'וועל טעלעגראַפירן פונעם וועג.

פון די וואַגאָנען שרײַט מען „אוראַ". שאַדרין שרײַט אויס לאָזונגען און פאָכעט מיט דער קעפּקע.

דער צוג האָט זיך אַ ריס געטאָן און איז אַוועק.

דינאַ לויפט איבערן פּעראָן און דריקט אין די פאַרקלעמטע פינגער דאָס צעריסענע פּאַפּיר.

אַנדריי שטרעקט זיך דורכן פענצטער ביז די פאַרקירעוועטע רעלצן רײַסן איבער די געזעגענונג.

אינעם וואַגאָן זינגט מען שוין:

דזשים, דער אונטערשקיפּער פון דער ענגלישער שכונע
איז געשוואומען צוועלף יאָר...

די ליליען שמעקן.

טימקאַ גרעבען קומט צו און נעמט ווייך אַרום אַנדרייען און צענעמט אים די פינגער. דאָס שמעקעדיקע בלימל, הענגט לעבלאָז אַריבערגעבויגן, אַ וואָרעם־גאָרטנדיקס. איבערן ראַנד פון דער גלאָז.

אַנדריי קוקט זיך אום, אַ געריירטער פונעם כאַוועריס אויפמערקזאַמקייט. און טימקאַ זאָגט צו אים, ווי ער וואָלט קיין זאַך ניט געמערקט:

— אַנדריושאַ, קום צו די יאָטן! טייל זײַנען טרויעריק, מען דאַרף זיי מונטערן.

און זיי גייען מונטערן.

## IX

דער קאָמיוגישער עשעלאָן גייט אַף מיזרעך.

פון אָנהייב זײַנען עס געווען אָפּגעזונדערטע וואַגאָנען — לענינגראַדער,

ראָסטאָווער, קיעווער, מאָסקווער, כאַרקאָווער. דערנאָך האָט מען די יוגנט פון אַלע וואַגאָנען צוזאַמענגענומען אין איין עשעלאָן. עס האָט זיך באַוויזן אַ גאַטשאַלניק פונעם עשעלאָן, עס האָבן זיך באַוויזן סטאַראָסטעס פון די וואַגאָנען, פּאַרווילער, רעדאַקטאָרן פון וואַנט־צײַטונגען.

אַלע דערוואַרטן דעם אוראַל. מען ריכט זיך אַף היככע באַשנייטע באַרג רוקנס, ווי אַף די בילדלעך. נאָר פונעם צוג זעען אויס די בערג גאָרניט הויך און גיט גאָר אינטערעסאַנט. דערפאַר געפעלט אַלעמען דער געדאַנק, אַז מען איז היינט אַריבער די גרענעץ צווישן אייראָפּע און אַזיע.

— אַהאַ! מיר זײַנען שוין אין אַ צווייטער וועלט טייל! — שרײַט מען איבער די וואַגאָנען. נײַגעריקע רײַסן זיך ניט אָפּ פון די פענצטער. מען קוקט זיך אײַן אין יעדער באַן סטאַנציע, מען פאַרצייכנט די נעמען, מען פאַרמאַטערט די באַגלייטער מיט פראַגעס: ווו זײַנען מיר, סאַראַ סטעפּ איז עס, סאַראַ באַרג, סאַראַ זאַוואָדן זײַנען עס, סאַראַ טײַכל איז מען אַריבער.

מען רעדט אַ סאַך וועגן דעם ווײַטן מיזרעך, אַ טײַגע־לאַנד, אַ געפּערלעכע גרענעץ, דער קאַנט פון די בײַ־אַמורער פּאַרטיזאַנער און פון דער העלדישער „אָקדוואַ״ (באַזונדערע רויטפאַניקע ווײַטמיזרעכדיקע אַרמיי) — מער ווייס קיינער ניט. נאָר אַלע פאָרן זיי מיט גרויס זיכערקייט, ווי מען פאָרט צו פרײַנט צו גאַסט.

דאָך זײַנען די געדאַנקען באַך פול מיט דעם וואָס מען האָט איבערגעלאָזט אין דער היים, באַזונדער אין די אָוונטן, אינעם האַלב־טונקל פון די שוואַך־באַלויכטעטע וואַגאָנען, און באַנאַכט ווען עס שלאָפט זיך ניט. ניט ווילנדיק רופט זיך איינער אָן: „יאָטן זײַנען היינט אַוואַדע געגאַנגען אין קינאָ...״, אינטערעסאַנט, פּעטקאַ האָט היינט געדאַרפט אָפּגעבן עקזאַמען״, „ווען וועט מען איצט שטעלן פאַר „פאָרוואַרד״, „זעט, שניי, און באַ אונדז איז שוין וואַרעם... פרילינג...״.

די אָנבאַגעגנטע צוגן פירן אַוועק הונדערטער קאַרטלעך און בריוו — קיין לעגינגראַד, קיין אָדעס, קיין זאַפּאַראָזשיע, קיין מאָסקווע, קיין פּעטראָזאַוואָדסק, קיין באַקו, קיין מינסק, אין שטעט, אין דערפער, אין סטאַניצעס, אין כוטערס.

אַנדריי קרוגלאָוו לויפט אַף יעדער סטאַנציע צום טעלעגראַף־פענצטערל און שרײַבט אײַלנדיק ווערטער אַדרעסירטע: „ראָסטאָוו, פּאָסט־רעסטאַנט, דינאַ יאָרצעוואַ...״.

אינעם עשעלאָן האַלט מען זיך גרופּעסווײַז — לויט די שטעט, לויטן אָרט פון דער מאָביליזאַציע. יעדע גרופּע האָט זיך אירע געזעצן, אירע געוווינהייטן, אירע פאַרוויילונגען.

עס פאַרבינדן זיך שוין אָבער נײַע קענטשאַפטן, נײַע שנעל־אויסגעצײַטיקטע וועג־פרײַנטשאַפט. עס קומען פאַר אומגעריכטע באַגעגענישן.

אַזוי באַגעגענען זיך קאַליאַ פלאַט פון לענינגראַד און דער שוואַרציאַמיקער טויכער יעפּיפאַנאָוו. זיי ליגן איינער לעבן צווייטן אַף אייבערשטע בעטלעך, מיט אַ ווענטל אינמיטן. ס׳איז הייס, ביידע האָבן זיך די זײַטן אָנגעקוועטשט און קענען ניט אײַנשלאָפן. יעפּיפאַנאָוו נעמט זיך באַקוועמער אויסבעטן און קוקט אַריבערן ווענטל, און ביידע רופן זיי אויס אייגצײַטיק:

— קאָלקאַ!

— אַליאָשאַ!

זיי האָבן זיך געהאַנט באַקאַנט אין באַלאַקלאַוו. יעפּיפאַנאָוו האָט זיך

געלערנט אין דער טויבער־שול און קאָליאַ פּלאָט איז געקומען אין אָפּרו־הויז. באַגעגנט האָבן זיי זיך אין יאַם, ווײַט פֿונעם ברעג — צוויי שווימער, פֿאַרליבטע אינעם וואַסער. דערנאָך זײַנען זיי אַ סך מאָל געשווומען צוזאַמען, געגאַנגען צוזאַמען אַפֿן שטראַנד, געשמועסט צווישן זיך מיט דער אויפֿריכטיקייט און צוטרוי, וואָס קומען אויף צווישן צופֿעליקע באַקאַנטע, וואָס זיי שטייט פֿאָר אינגיכן זיך צו שיידן אַף שטענדיק.

און אָט זײַנען זיי זיך ווידער צוזאַמענגעקומען אַף לאַנג.

— נו, ווי גייט עס, ברודער?

קאָליאַ פּלאָט איז אַ מענטש אַן אײַנגעשלאָסענער, אַ ניט־צוטרוילעכער. די יאַטן אינעם עשעלאָן מײַדן אים אויס, האַלטן אים פֿאַר אַ גאַדלען. נאָר פֿאַר יעפּיפֿאַנאָוון קען ער ניט זײַן פֿאַרשלאָסן — ער איז פֿאַר אים אַן אומגעריכט גליק, אַן אָנשפּאַר, אַ פֿרייד. ער דערציילט יעפּיפֿאַנאָוון פֿון אַלץ, פֿון לידינקאַן, פֿון דער אַלטער, פֿון זײַנע ספּייקעס און קלערענישן: צי וועט אים ניט לידינקאַ פֿאַרגעסן? צי וועט מען איר ניט כאַסענע מאַכן? די אַלע יאַטן אַרום איר...

יעפּיפֿאַנאָוו הערט אויס, מיטן קין אַפֿן ווענטל, וואָס טיילט זיי פֿונאַנדער:

— אַ טויטער איניען! — זאָגט ער מיטפֿילנדיק — נאָר ניט געדײַגעט. עס וועט זיך אַלץ אײַנאָרדענען. מירן קומען אַף אַן אָרט, וועסטו איר שרײַבן, וועט זי קומען. אַ קאָמיוגיסטקע, מוז זי פֿאַרשטיין. די אַלטע וועט דאָך אויך ניט ווער ווייס ווי לאַנג לעבן.

— איך ווינטש איר ניט דעם טויט — זאָגט קאָליאַ מיט אַ ציטער אינעם קאָל, — נאָר פֿאַר אַקשאָנעס קען זי נאָך אָפּסקריפּען אַ יאָר פֿינף, וועסט זען...

— אַ טויטער אייסעק! — באַשטעטיקט יעפּיפֿאַנאָוו.

און קאָליאַ פּלאָטן ווערט גרינגער אַפֿן האַרצן.

קאַטיאַ סטאַווראָוואַ ווערט באַלד אַ פֿאַרבינדונגס־רינג צווישן אַלע גרופּעס. זי וויל די יאַטן זאָלן זיך ניט לאַנגווײַלן, ניט קריגן, ניט דערמאָנען די איבערגעלאָזטע כאַווייִרים און כאַווערטעס, מישפּאָכע. זי טראַכט אויס שפּילן, אָרקעסטערס, פֿאָרלעזונגען, און קוקט נאָך עמעצער זאָל זיך ניט „באַכלאָזן”. זי פֿאַרפֿאָלגט בראָנפֿן און קאָרטן.

אַף דער סטאַנציע טיומען לויפֿט אַ גרופּע לעונינגראַדער אין בופֿעט טרינקען בראָנפֿן. איינער אַ זייעריקער פּרוווט זיך שפּעטער אַרײַנכאַפּן אין וואַגאָן צו די מאָסקווער.

ווי נאָר דער צוג רירט, לייגט פֿאָר קאַטיאַ נעמען די לעונינגראַדער אַפֿן דראָנזשיק און גייט אַוועק צו זיי ווי אַ דעלעגאַט. די לעונינגראַדער ווײַזט זיך אַרויס, זײַנען ווילע יאַטן. זיי נעמען אויף קאַטיאַן העפֿלעך און אַפֿילע מאַנירלעך, נאָר ווען זי דערציילט זיי צוליב וואָס זי איז געקומען, הייבן זיי אויף אַ טומל:

— וואָס? אַפֿן דראָנזשיק נעמען? די לעונינגראַדער אַפֿן דראָנזשיק? גיי, מיידעלע, נעם אַפֿן דראָנזשיק די מאַמע דײַנע!

קאַטיאַ וויל שוין בערויגעז ווערן, נאָר די לעונינגראַדער זײַנען זי מעכאַבעד מיט מאַרמעלאַד, וואָס איך דוכט זיך ער איז געשמאַקער פֿונעם מאָסקווער, וואָס זי האָט געקויפֿט אין מאָסקווע אַפֿן וואָקזאַל. און מען באַשליסט אָפּמאַכן אַ געוועט.

— אי וֹדער צײַט וואָס מען שרײַבט דעם אָפּמאַך, קוקט קאַטיאַ אַרויף —

פונעם אייבערשטן בעטל שטעקן אַרויס פון אונטערן צעקנייטשטן קישן העלע שויבערס האָר, אַ שטייף אָנגעצויגן העמד אַף אַ פּלייצע און אַן אַראָפּגעהאַנגענע האַנט וויגט זיך אײַנאײַנעם מיט דעם וואַגאָן.

קאַטיאַס בליק שטעלט זיך אָפּ אַף דער האַנט. קאַטיאַ האָט ליב און פאַרשטייט מענטשלעכע הענט. איר מאַן האָט זייער פלינקע און פינקטלעכע הענט, ער שנײַדט מיט זיי גאַנץ קונציק ברויט און ווורשט און שינקען; אַ קליין ביסעלע פעטקייט באַדעקט זייער ביינער־ליניע. איר דוכט זיך שטענדיק, אַז זיי באַשווינדלען, באַגאַנווענען די קונדן אַף דער וואָג. און אירינאַ האָט גרויסע, געוואַגטע הענט, מיט דײַטלעכע בוילעטקייטן, מיט ברייטע און שטאַרקע נעגל. אַזעלכע הענט מעג מען געטרויען. און וויפל הענט לויפן פאַרבײַ באַם פאַרקויף־טיש! קאַטיאַ שיידט אונטער אַלערליי הענט, ערלעכע און קלאַמערדיקע, זשעדנע; הענט פוילע, געצערטלטע, גאַנאָווישע, פאַכדאַנישע און הענט האַרעפּאַשנע, מידע וואָס גלוסטן אַרויסצוגעבן וואָס מער און בעסער.

די האַנט פון דעם באָכער וואָס שלאָפט דאָרט אויבן, איז אַ גוטע, אַן ערלעכע האַנט — אַ גרויסע, אַ ביינערדיקע, מיט בייגיקע פינגער און אַרומגעבראָכענע נעגל. די האַנט שאָקלט זיך אומבאַהאָלפן אײַנאײַנעם מיט דעם וואַגאָן, נאָר עס מערקט זיך אין איר קויעך.

— און ווי איז מיקויעך בראָנפן? — פרעגט קאַטיאַ ווען מען פאַרענדיקט שרײַבן דעם אָפּמאַך.

דער אייבערשטער באָכער ציט אַרײַן די האַנט, דרייט זיך איבער אַפן געלעגער און הענגט אַראָפּ אַ פאַרשלאָפן ווינטיק־ראָזעווע פּאָנעם מיט סימאַנים פונעם צעקנייטשטן קישן.

— דערלויבט זיך פאָרצושטעלן — וואַלענטין בעססאָנאָוו, — רופט ער זיך אָן מיט אַ הייזעריקלעך קאָל פון שלאָף — דאָס דאַרפט איר האָבן דעם בראָנפן?

קאַטיאַ קען זיך ניט אײַנהאַלטן פון געלעכטער. די לעניגראַדער שמייכלען פאַרשעמט.

— באָרגט מיר אויס אַ האַלב פלעשל, — זאָגט קאַטיאַ.

נאָר וואַלקאַ דערפילט אַז זי פירט אים אונטער.

— אָט אַ קליגעטשקע — האָט זיך אין אַ פרעמדן וואַגאָן אַרײַנגעכאַפּט נאָך אַ ביסל בראָנפן. און אַף דער וואַנט־צײַטונג זיך באַווײַזן ווילט איר ניט?

נאָר קאַטיאַ האָט שוין דערקענט אין אים דעם זעלביקן באָכער וואָס האָט זיך געפּרווט אַרײַנכאַפּן אין וואַגאָן צו די מאָסקווער. זי גיט אים ניט אויס און דערציילט אים מיט אַ שמייכל וועגן נעמען אַפן דראָנזשיק און וועגן דעם אָפּמאַך.

— און מיר האָבן גערעכנט נעמען די מאָסקווער צו זיך אַפן דראָנזשיק — זאָגט בעססאָנאָוו פאַרריסן.

— איך האָב עס הײַנט אינדערפרי געמערקט — ענטפערט אים כוצפּעדיק קאַטיאַ.

בעססאָנאָוו ווערט רויט און לייגט ווײַטער שלאָפן, נאָר ער קוקט אַף איר אַראָפּ מיט געפעליקער נײַגעריקייט.

בעייסן אַוועקגיין קוקט זיך קאַטיאַ אום — דער באָכער קוקט איר נאָך. זי ווײַזט אים אַ צונג און לויפט אַרויס מיט אַ געלעכטער פונעם וואַגאָן.

אַנדריי קרוגלאָוו האָט זיך צוגעטוליעט צום טישל באַם פענצטער און

שרײַבט אַ בריוו. עס ליגן שוין באַ דער זײַט פיר פאַרשריבענע בייגעלעך פאַפיר.

— נאָך שרײַבסטו? — וווּנדערט זיך קאַטיאַ. זי פאַרשטייט ניט וואָס קען מען שרײַבן אין אַזוינע לאַנגע בריוו.

— וואָס־זשע, דו האָסט גאָרניט וועמען צו שרײַבן? — רײַסט זיך קרוגלאָוו אָפּ ניט גערן פונעם שרײַבן. אין זײַנע גרויסע אויגן גלאַנצט נאָך צאַרטקייט און צערודערטקייט.

קאַטיאַ גיט אַ צוק מיטן קאָפּ און גייט ווײַטער. דער מאַן לויפט איר דורך אינעם מויעך, נאָר זי פאַרטרײַבט טייקעף פונעם מויעך די דערמאָנונג. ניין, דאָס לעבן מוז ווערן אינגאַנצן נײַ, מיט נײַע מענטשן, מיט נײַע געפילן.

X

דער קאָמיוגישער עשעלאָן שנײַדט זיך איבער סיביר. אויך דאָ פילט זיך פרילינג, נאָר נאָך זייער פריִער, אָנהייב פרילינג, ווען ערשטע הייסע זון־שטראַלן באַרירן קוים דעם ערדישן צודעק. ווו ניט ווו איז די ערד שוין נאַקעט און עס וויגט זיך אין דער לופט אַ ווײַסער דאַמף. אין די וועלדער ליגן נאָך האַרטע פאַרבאַקטע קופּעס שניי.

די גאַנצע נאַכט וואַרט מען אַפּן בײַקאַל. מער פאַרויסזעענדיקע פאַרנעמען באַצײַטנס ערטער באַ די פענצטער. די בלויע קאַלטע וואַסערן פונעם אַנגאַראַ טראָגן זיך זיי אַנטקעגן. דער מעכטיקער טײַך האָט ניט קיין מוירע פאַר פרעסט, זיי זײַנען ניט בעקויעך אים אײַנצושמידן.

מען ריכט זיך זען דעם „הייליקן שטיין”. מענטשן באַהאַוונטע דערציילן, אַז דאָרט ווו דער אַנגאַראַ ווערט געבוירן, שטעקט אַרויס אַ פעלדז פונעם וואַסער. זאָל דער פעלדז אײַנפאַלן, אַזוי רײַסט זיך אַרײַן דאָס וואַסער פונעם בײַקאַל אינעם געלעגער פונעם אַנגאַראַ און פאַרטרינקט די גאַנצע געגנט, אינאיינעם מיט אירקוטסק. אין דער פאַרשטעלונג מאָלט זיך דער שטיין ווי אַ דראָענדיקער שטרענגער וועכטער. נאָר ניט אַלע זעען אים. דער וועכטער באַהאַלט זיך אויס אונטערן וואַסער.

דערנאָך הייבט זיך אָן דער בײַקאַל.

אַ ריזיק אײַז־פעלד שפּרייט זיך ווײַטער ווי דאָס אויג קען כאַפּן. בלויע שפּאַלטן צעאַקערן דאָס שווערע אײַז אין אַלע ריכטונגען. מען זאָגט, אַז ווען דאָס אײַז שפּאַלט זיך, הילכט עס איבער דער אָזערע ווי קאַנאָנען וואָלטן שיסן.

דער צוג גליטשט זיך לענגאויס דעם שלענגלדיקן ברעג. יאַטן נעמען זיך ציילן די טונעלן, נאָר באַלד פאַרגעסן זיי אין כעשבן. מען זאָגט אַז פערציק זײַנען זיי, אַנדערע זאָגן אַז מער. איבערן סאַמע באַן־וועג הענגען פעלדזן, וואָס צעעפענען זיך פאַרבײַלויפנדיק און אַנטפּלעקן פאַרן אויג ווונדערלעכע טאָלן מיט באַרג־טײַכן, מיט פישער־שטיבלעך האַלב־אויסבאַהאַלטענע צווישן געדיכטע יאָדלעס.

אַף דער סטאַנציע סליודיאַנקאַ לויפן יאַטן קויפן אָמולן. פיש ווי פיש, נאָר אַפילע די צעבאַלעוועטע מיט פיש קאָמיוגיסטן פון די וואָלגע־געגנטן און פונעם קאַספּישן ברעג געפינען אויס די אָמולן אַלס זעלטן געשמאַק.

אינעם עשעלאָן רעדט מען אַלץ פון סיביר, פון בײַקאַל, פון דעם וואָס אַלעמען שטייט פאָר. וואָס אַזוינס זײַנען די סאָפּקעס? פאַרוואָס עפּעס סאָפּ־

קעס און ניט בערג? פּראַוואָס טײַגע און ניט וואַלד? צי איז עמעס אַז דער טײַך אַמור האַלט דרײַ קילאָמעטער אין דער ברייט, און מען קען דעריבער ניט אָנזען פון איין ברעג דעם צווייטן?

קאַליאַ פלאַט קריכט אַראָפּ פון זײַן אייבערשטן געלעגער און נעמט פלוצים דערציילן וועגן דעם ווײַטן מיזרעך. ער האָט מיט זיך ביכלעך און אַרטיקלען. דעם גאַנצן וועג שטודירט ער זיי, ווײַל ער וויל ניט קומען אַפן נײַעם אָרט אַן „אומבאַוואָפנטער".

אַלע באַוווינער פונעם וואַגאָן קלײַבן זיך אַרום קאַליאַ פלאַט.

די יעדיע צעשפּרייט זיך איבער אַנדערע וואַגאָנען: „די לענינגראַדער האָבן זייערן אַן אייגענעם פּראָפעסאָר איבערן ווײַטן מיזרעך".

און דאָ באַווײַזט זיך באַ קלאַוואַ מעלניקאָוואַ אַרסעניעווס ביכל „דערסו אוזאַלאַ". אַ ביכל וועגן דער טײַגע, וועגן יעגערס טריט־נאָכשפּירער, וועגן שטורעם־אונטערגעהאַקטע ביימער, וועגן טיגערס און שטעגן אויסגעטראָטענע פון וואַלד־כאַיעס.

דאָס ביכל גייט פון האַנט צו האַנט, עס אָרגאַניזירט זיך אַ לייענער־ריי. לייענען האָט מען אַ רעכט ניט מער ווי פיר שאָ. „לייען גיכער, — זאָגט מען דעם לייענער לויט דער ריי — פאַרקלײַב זיך אויבן און שפּאַן ביזן לעצטן פינטל".

נאָר אין די ביכער פעלט דער איקער — דער הײַנטיקער ווײַטער מיזרעך. און דער ווײַטער מיזרעך לאָזט זיך וואָס ווײַטער אַלץ שטאַרקער פילן. פראַכט־צוגן יאָגן זיי אַריבער, אָנגעפּאַקטע מיט אויטאָמאָבילן, מיט טראַקטאָרן און אַנדערע מינים מאַשינען, אײַנגעדעקטע מיט בריזענטן. די צוגן לויפן מיט קוריער־שנעלקייט; זיי ווערן געפירט פון מעכטיקע לאָקאָמאָטיוון און פון אויסגעצייכנטע מאַשיניסטן. אַף די סטאַנציעס לאָזט מען זיי דורך אין דער ערשטער ריי, מען באַפרײַט זיי דעם וועג אָן שום טײַנעס. אויך דער קאָמיוגישער עשעלאָן יאָגט איבער אַנדערע צוגן, איבערגעפולטע מיט מענטשן. מען באַווײַזט נאָר איבערצוואַרפן זיך מיט אַ וואָרט אַף די סטאַנציעס. „וווהין?" — „אַפן ווײַטן מיזרעך. און איר?" — „אויך אַהין. ווער זײַט איר?" — „קאָמיוגיסטן. און איר?" — „מיר זײַנען ווערבירטע".

עס גייען טעג נאָך טעג. שוין דער צענטער טאָג ווי דער קאָמיוגישער עשעלאָן גייט אַף מיזרעך. — עס נעמט גאָר קיין סאָף ניט צו דער רײַזע. אַלץ די זעלביקע פעלדער און וועלדער, בערג און טײַכן לויפן פאַרבײַ די פענצטער.

— זיי ווייסן — זאָגן די יאַטן, — אַז דאָס לאַנד איז גרויס, נאָר אַזוי גרויס האָבן זיי זיך ניט פאָרגעשטעלט.

ספּעציעלע ליבהאָבער פון רײַזעס, נאָכדעם ווי זיי פאַרענדיקן זייערע אַסאָקים אַפן מיזרעך, פאַרבלײַבן ערגעץ אַף אַ סטאַנציע מיט אַ ראָמאַנטישן נאָמען: „טײַגאַ" אָדער „יעראָפיי פאַוולאָוויטש", אָדער „יאַיאַ" — וואַנדערן אַ ביסל, נײַע ערטער אויסקוקן.

סערגיי גאַליצין בענקט, ניט גערן באַטייליקט ער זיך אינעם געמיינזאַמען וועג־לעבן. ס'איז דעם ערשטן מאָל ווי ער פאָרט אין צוג אַלס פּאַסאַזשיר. און אַלץ ערגערט אים: די לאָקאָמאָטיוון געפעלן אים ניט, אים געפעלט ניט די אַרבעט פון די באַוועגער אַף פרעמדע וועגן, די סטאַנציעס.

פון לאַנגווײַל גייט ער אַפן לאָקאָמאָטיוו זיך באַקענען. נאָר דער מאַשיניסט איז גאָר ניט פרײַנטלעך און זאָגט אים מיט גרינגשעצונג:

— באַ אײַך קען יעדער טיפּעש. דו פּאָר באַ אונדז.

און אויך דער געהילף באַזיצט זיך פון אויבן אַראָפּ צו סערגייען, ווי ער וואָלט אים ניט געגלויבט, אַז ער איז בעעמעס אַ געהילף־מאַשיניסט.

סערגיי ווערט ברויגעז און גייט אַוועק, כאָטש געהאַט האָט ער בעדייע דורכפּאָרן זיך אַ פּאָר סטאַנציעס אַפן לאָקאָמאָטיוו. ער קומט צוריק אַ באַ־ליידיקטער און צעקריגט זיך מיט פּאַשקאַן. פּאַשקאַ מאַטווייעוו שלאָפט אָפּ גאַנצע מעסלעסן און ווען ער כאַפּט זיך אויף זאָגט ער:

— ווי דען! איכל זיך אויסשלאָפן אַף גאַנצע צוויי יאָר. דאָרט וועט קיין צײַט ניט זײַן אַף שלאָפן, פאַרגרייט איך זיך.

פון ניט האָבן וואָס צו טאָן, ווערט אויך סערגיי אײַנגעשלאָפן. ער באַ־שליסט זיך אָפּוואַרטן די בריגאַדע זאָל זיך בײַטן. נאָר ער האָט ווידער מוירע טאָמער וועט אים אויך די נײַע בריגאַדע ניט גלייבן.

נאָך צוויי טעג האַלט ער ניט אויס און גייט ווידער אַפן לאָקאָמאָטיוו. שוין אַפן נאָך־בײַקאַלישן וועג. דער מאַשיניסט און זײַן געהילף זײַנען קאָמ־יוגיסטן און ווילע יאַטן.

נאָר ווען ער בעט זיך מען זאָל אים צולאָזן צום לאָקאָמאָטיוו, ענטפערט אים יענער גאַנץ פעסט:

— כ׳וואָלט דיך מיט פאַרגעניגן, נאָר ווייסט דאָך אַליין, זײַטיקע איז ניט דערלויבט.

— זײַטיקע... פון פאַדראָס איז אים ענג אין האַלדז. ער איז דאָס אַ זײַטיקער? שנעקעס, פאָרמאַליסטן, אידיאָטן!

פון לאַנגוויַיל פּרוּווט סערגיי קאָרטעזשירן די איוואַנאָווער קאָמיוגיסטקע סאָניאַ טאַרנאָווסקאַיאַ. סאָניאַ איז זייער פרײַנטלעך און פאַרבעט אים צו זיך אין וואַגאָן. נאָר דאָרט ווײַזט זיך אַרויס אַז זי איז ביז איבער די אויערן פאַרליבט אינעם פּאָעט גרישאַ איסאַקאָוו. איסאַקאָוו, ווי מען שמועסט, איז אַ ריכטיקער פּאָעט, ער דרוקט זיך אין דער געגנט־צײַטונג אונטער זײַן איי־גענעם נאָמען. און סאָניאַ פּרוּווט אַפילע ניט אויסבאַהאַלטן איר פאַרליבט־קייט. סערגייען איז עס דערווידער, און ער גייט זיך שווײַגנדיק אַוועק. ער קלאַפּט נאָר מיט די טירן. און ווילנדיק ניט ווילנדיק לייגט ער זיך שלאָפן.

— שוין לאַנג אַזוי באַדאַרפט — צעעפנט פּאַשקאַ די אויגן, — שפּע־טער וועט דיר האַנאָע טאָן וואָס דו האָסט זיך גוט אויסגעשלאָפן.

און סאָניאַ טאַרנאָווסקאַיאַ מערקט אַפילע ניט אַז איר גאַסט איז אַוועק. גרישאַ איסאַקאָוו האָט אָנגעשריבן אַ ליד. זײַנע לידער לייענט ער צוערשט בלויז סאָניאַן, דערנאָך סאָניאַן און קלאַוואַן, שפּעטער יעדן אײנעם.

נאָר ווי קען מען זיך אָפּזונדערן אין אַן אָנגעפּראָפּטן וואַגאָן? גייען זיי אַרויס אַף דער פּלאַטפאָרמע. גרישאַ לייענט אונטערן געבראַזג פון די רעדער, דערנאָך צעקושן זיי זיך, און זי גייט רופן קלאַוואַן. קלאַוואַ הערט אויס, גיט איר האַסקאָמע און לויפט צוריק אין וואַגאָן מיט אַ געשריי:

— יאַטן! קומט זיך אַלע צונויף! גרישאַ וועט לייענען לידער!

גרישאַ ברעקלט זיך, צוליב פּאַסאָן: — ס׳איז צו טומלדיק, עס טרייסלט, מ׳עט שטערן. דערנאָך לייענט ער. דאָס איז אַ ליד וועגן דעם וואָס זיי אַלעמען שטייט פאָר אין דער אומקלאָרער צוקונפט, צו וועלכער זיי קומען אַלץ נענטער.

...פון גלאָז און בעטאָן וועלן מיר אַ שטאָט אויפבויען.
דעם טײַך אַמור אײַנשמידן, פליסן זאָל ער אין די ברעגן.

אין דער פֿאַרטראַכטער שטילקייט פֿון דער טײַגע ברענגען די שיינע כאַוועראַשאַפֿט פֿון אַקשאַנעס און פֿון טרוים.

קלאַוואַ זאָגט אים נאָך אַ פֿאַרטרוימטע: „די שיינע כאַוועראַשאַפֿט פֿון אַקשאַנעס און פֿון טרוים!" און זי ווערט אַנטשוויגן, מיט די הענט איבערן קאָפּ פֿאַרלייגט.

סיאָמאַ אַלטשולער ווענדט זיך צו איר אַ העפֿלעכער:

— אײַער כאַווער איז אַן עמעסער פּאָעט. איר מעגט מיר גלייבן, ער האָט אַ צוקונפֿט.

קלאַוואַ האַלט גערן אונטער דעם געשפּרעך:

— אַלץ זעט ער און אַלץ פֿילט ער. פֿאַרן פּאָעט איז דאָך דער איקער פֿילן, עמעס?

סיאָמאַ פֿילט זיך צוליב עפּעס פֿאַרלוירן און ענטפֿערט ניט. דערנאָך שילט ער זיך אַליין דעם גאַנצן טאָג, נאָר די מעגלעכקייט זיך דורכצורייד̈ן האָט ער שוין אַנגעוווירן און אים איז שוין אַ ביזאָיען צוצוגיין צום מיידל: וואָס טראַכט זי וועגן אים? אַז ער איז אַן אומוויסנדיקער, אַן איגנאָראַנט, אַ טיפּעש?

שפּעטער, אין דער שלעפּעריקער שטילקייט פֿונעם וואַגאָן, הערט ער קלאַוואַ זאָגט:

— קוקט נאָר אָן, מיידלעך, דעם טײַך. וואָס איז עס פֿאַר אַ טײַך? אַזאַ ברייטער טײַך, אַזאַ שנעל־שטראָמיקער.

— דאָס איז דער טײַך שילקאַ — איז פּלוצים פֿון ערגעץ אַרויסגעשווומען קאַליוזשני.

— שילקאַ? אַ דאַנק, — ענטפֿערט קלאַוואַ טרוקן און ווי אַנטוישט.

גענקאַ גייט צוריק אַרײַן אין זײַן אָפּטיילונג און זעצט זיך אַוועק אַן אַנגעכמורעטער באַ זיך אַף דער באַנק.

— דער אַמור, מיידלעך, איז דאָך דער גרעסטער פֿון אַלע טײַכן, עמעס? איך געדענק שוין ניט ריכטיק, נאָר מיר האָבן עס געלערנט אין שול, ער איז זייער ברייט און שנעל־שטראָמיק.

גענקאַ קאַליוזשני גיט זיך אַ ריס פֿונעם אָרט, נאָר סיאָמאַ זיצט און פֿאַרשטעלט אים אַנטשלאָסן דעם וועג מיט די פֿיס.

— טראַכט זיך אַרײַן, מיידלעך, —רעדט ווײַטער קלאַוואַ — מירן אויסבויען אַ נײַע שטאָט, און דאָרט וועט זײַן אַ נײַ לעבן... ווי־אַזוי וועט עס זײַן? קענט איר אײַך פֿאָרשטעלן?

טאַניאַס שאַרפֿער קאָל דערהערט זיך אַ ברויגעזער:

— ווער שוין אַמאָל אַנטשלאָפֿן, ס'איז שוין שפּעט.

קלאַוואַ גיט אַ הויכן זיפֿץ און רופֿט זיך אָן אַ פֿריילעכע:

— אַ גוטע נאַכט. נאָר זעט סאַראַ ערטער מיר פֿאָרן פֿאַרבײַ, מיר האָבן נאָך אַזוינס ניט געזען.

שפּעטער, אין אַ האַלבער שאָ אַרום, פֿאַרזיכטיק קעדיי קיין טומל ניט אויפֿצוהייבן, לאָזן זיך אַרויס ביידע כאַווײרים איבערן וואַגאָן. קלאַוואַ שלאָפֿט, ווי אַ בייגל אײַנגעדרייט, קינדעריש אונטערגעשפּאַרט די באַק מיט דער האַנט.

די כאַווײרים גייען שווײַגנדיק צוריק אַף זייער אָרט.

גענאַדי גיט זיך אַ צי אויס, אַזש דאָס העמד טרעשטשעט אַף אים, ער טוט אַ קוק אָפּוואַרטנדיק אַף סיאָמען און רופֿט זיך אָן:

— איכל זיך דוכט זיך צושאַרן. ווי מיינסט, עס פּאַסט זיך?
סיאָמאַ ווערט רויט.
ווידער שווײַגן זיי.

— ניין, עס פּאַסט זיך ניט, — רופט זיך אָן סיאָמאַ אַ צערודערטער.
— געננאַדי, מיר זײַנען שוין אַזוי לאַנג כאַווײַרים, און איך וועל דיך בעטן ווי אַ פרײַנט: פּאַרגעס דעריך צו טראַכטן. דו ביסט אַ וועלט־פאַרוואַרד, דו ביסט אַן אומדערשראָקענער יאַט, נאָר ניט אין דעם! דו האָסט אַ גראָבע נעשאָמע, גראָבע לאַפּעס, און דאָס מיידל איז אַ טרוים, אַ בלימל, אַכצן יאָר...
געננאַדי, איך בעט דיך, פּאַרגעס צו טראַכטן דערפון!
זייער שווײַגן איז לאַנג און שווער. געננאַדי קײַט מיט די ליפּן, ער סאָפּעט און קוקט אָן אַ זײַט.

— נו, גוט — רופט ער זיך פּלוצים אָן פויל און גלײַכגילטיק, — פּאַסט זיך ניט, איז ניט. שטעל אַ פּיגטעלע. וואָס איז דאָ צו ריידן?
און ביידע לייגן זיי זיך אַוועק שלאָפן.

און אין דער שכייגישער אָפּטיילונג, צווישן די שלאָפנדיקע כאַווערטעס, קען טאַניאַ ניט אײַנשלאָפן. זי קען אָפן קאָל ניט טראַכטן, דערפאַר צעגליִען זיך אירע טרוימען אַלץ העלער און אומגעווייגלעכער, ווען זי איז אַליין, מיט זיך, ווען קיין איין בליק קען ניט מערקן אירע גליִענדיקע באַקן, אירע טרערן, איר שווערן אָטעמען.

— אַ נײַ לעבן!
צום ערשטן מאָל זעט זי איצט דאָס לעבן אַרויסקומען פון אירע פאַרשטונקענע כוישעכדיקע קינדער־יאָרן. זי ווייס אַז פאַר איר איז שוין דאָס לעבן געוואָרן נײַ. נאָר איר מאָלן זיך די ענגע פאַרשטונקענע ווינקלען פון לאָנדאָן, שאַנכײַ, בערלין, ריאָ דע זשאַנײַראָ, קאַלקוטע... און זי רעאַגירט אינעם טרוים. אירע הענט ברעכן די פינצטערע לעכער פון דער נויט. פון די פײַכטע קעלערס לויפן אַרויס אָף דער זון ראַכיטישע קינדער, פרויען שטעלן זיך זינגען. „פּאַליאַנקאַ, פּאַליאַנקאַ..." סאַראַ לידער זינגען די הינדוסישע פרויען?... די כינעזערנס טראָגן די קינדער אָף די רוקנס. דער רוקנביין קרימט זיך באַ זיי אויס... גלוסט זיך זיי זינגען?...

זי גיט אַ קוק אָף סאָניאַן ווי זי שמייכלט פונעם שלאָף, אָף קלאָוואַס קינדערישן פּאָנעם די כאַווערטעס רעגן זי אויף. ווי זאַרגלאָז זיי זײַנען! און טאַניאַ ליגט און קען ניט אײַנשלאָפן און אָטעמט שווער, און אירע שטאַרקע הענט ברעכן אַלץ און רײַסן אויף די פינצטערע פאַרשטונקענע ווינקעלעך...

## XI

אָט איז עס, דאָס פּעקל טעלעגראַמעס:
„IV.6. מאָסקווע. אַלע געדאַנקען מיט דיר געליבטע".
„IV.7. וויאַטקאַ. איך בענק טרוים באַגעגעניש".
„IV.8. סווערדלאָווסק. ווען וועל איך דיך ווידער זען איינציקע".
דינאַ קלײַבט איבער די טעלעגראַמעס, לייגט זיי אויס לויט די דאַטעס, זוכט אָף דער מאַפּע די ווײַטע שטעט: סווערדלאָווסק, פּערם, טיומען, אָמסק... דערנאָך זײַנען זיי שוין אַפילע אָף דער מאַפּע ניטאָ: יאַיאַ, יעראַפּיי פּאַוולאָוויטש, מאַגאַטשאַ... יעראַפּיי פּאַוולאָוויטש — ווי מאָדנע! און מאָדנע וואָס פון יעראַפּיי פּאַוולאָוויטש איז געקומען די בעסטע: „איך פיל

דײַן נאָענטקייט געליבטע ניטאָ פֿאַר ליבע קיין ווײַטקייטן..."* זי ווערט רויט ווען זי לייענט עס איבער צום ערשטן מאָל. זי לויפֿט אַרויס פֿונעם טונקעלן טעלעגראַף־צימער און ווייס ניט ווו זיך אַהינצוטאָן. איוך זי פֿילט זײַן נאָענטקייט, פֿון ווײַט... נאָר ווי מאָדנע — יעראָפּיי פּאַוולאָוויטש! אָדער פּאַוולאָ'וויטש! ווו איז עס ערגעץ? און ווער איז ער געווען דער יעראָפּיי? אַ קאָזאַק מיסטאָמע... אָדער אַ פּאַרטיזאַנער, אַ גרויער, מיט אַ פּרעסטל אַף דער באָרד...

און אָט איז דער ערשטער בריוו.

דער בריוו איז ערגער פֿון דער טעלעגראַמע. ניטאָ אין דעם בריוו קיין איינהייט, קיין אַלץ אַרוימכאַפּנדיקער געפֿיל. ניטאָ אין אים אויך קיין סאַך ליבע, קיין בענקשאַפֿט, קיין טרוימען. נאָר ווי ער וואָלט זיך שעמען. די טעלעגראַמעס, פֿון אַזויפֿיל מענטשן איבערגעלייענטע, זײַנען נאַקעטער, און אינעם בריוו, דוכט זיך, האָט ער מוירע פֿאַר אַ פֿרעמדן בליק. ער האָט געקענט שרײַבן אַנדערש: „נאָר דו מיין ניט, אַז איך בין אַנטמוטיקט. איך בין פֿול מיט מוט. דער גלויבן אין דיר גיט מיט נאָכמער קויכעס. איך וועל אַ סאַך אַרבעטן, איך וועל באַרעכטיקן דעם צוטרוי פֿון קאָמיוג וואָס האָט מיך געשיקט אַפֿן ווײַטן מיזרעך..."

ווי אין דער צײַטונג: „איך וועל באַרעכטיקן דעם צוטרוי פֿון קאָמיוג..." ווי קומט אַהער צוטרוי? מען שיקט קאָמיוגיסטן, ווײַל אומפּאַרטייאישע ווילן ניט פֿאָרן, דאָס איינגאַנצן.

דינאַ נעמט אַרונטער די פֿיס אונטער זיך אַפֿן פּאָטעל, מיט אַנדרייס בריוו און טעלעגראַמעס אַף די קני. עפּעס איז אין זיי דאָ אַזוינס וואָס זי קען ניט אָנכאַפּן. אומבאַקאַנטס, פֿרעמדס... „באַרעכטיקן דעם צוטרוי פֿון קאָמיוג..." באַגרענעצטקייט? ניין, ניין, — באַשטרײַט זי זיך אַליין, ער איז אַ שיינער, אַ קלוגער, אַ ניט געוויינלעכער... ס'איז אַ גרויס גליק! — און זי לייענט נאָכאַמאָל דאָס ערשטע און דריטע זײַטל פֿונעם בריוו. מיט אַ קיוון קוקט זי ניט אַרײַן אינעם צווייטן זײַטל, ווו עס זײַנען פֿאַראַן די צײַטונגס־ווערטער. דאָס ערשטע און דריטע זײַטל צערודערן זי: „מײַן יעדער האַרצנס שלאָג איז פֿאַר דיר, מײַן הייס געליבטע". אַזוי האָט איר נאָך קיינער ניט געשריבן.

זי שטרעקט אויס די האַנט צום קעסטל ווו עס ליגן אַלטע בריוו. „טײַערע דינאַ... דו ווייסט ווי איך האָב דיך ליב, פֿאַרוואָס שפּילסטו זיך מיט מיר...", „כ'פֿאַרבלײַב דײַן דיך ליבנדיקער קאָליאַ...".

זי קנייטשט זיך און גיט אַ האַסטיקן פֿאַרמאַך דאָס קעסטל

ניט צו פֿאַרשטיין. קאָליאַ איז אַן אינזשעניער, סאָווין — אַ מיטגליד פֿון דער פֿאַרטיידיקער־קאָלעגיע, וויטאַלי — אַן עקאָנאָמיסט, און אַנדריי איז ניט מער ווי אַ קאָמיוגיסט, אַ מעכאַניקער — ס'הייסט אַן אַרבעטער. אַ פֿרוי פֿון אַן אַרבעטער... אינטערעסאַנט! אַזוי קומט פֿאַר בײַ דזשעק לאָנדאָן—זיך פֿאַרליבט און אַוועקגעפֿאָרן קיין קלײַדאַק אָדער אין אַ ראַנטשאַ...

נאָר דאָס זײַנען דאָך צענדליקער טויזנטער קילאָמעטערס! פֿאַראַן דאָרט, זאָגט מען, פֿרעסט, זאַווערוכעס, ווינטן. די פֿינגער פֿרירן... אָקערשט מען זעט ניט איז די נאָז אָפּגעפֿרוירן... און זי פֿאַרבלײַבט שוין אַפֿן גאַנצן לעבן ווי אַ פּלוים.

און צו וואָס דער ווײַטער מיזרעך?

און ניט פֿאָרן צו אים, וואָס־זשע בלײַבט מיר טאָן? ווידער די שטעלע,

פלירט, טעאַטער, קינאָ, קוויטעלעך... צעטרײַבן זיי אַלעמען? נאָר ווי קומט מען אויס איינע אַליין? צוויי יאָר...

אַ קלאַפּ אין טיר.

דינאַ פאַרשטעקט אַף שנעל די טעלעגראַמעס אינעם שפּאַלט פונעם פאַטעל. זי גיט טרוקן אַ זאָג:

— קומט אַרײַן.

זי ווייס ווער דאָס איז. זי קוקט פרײַנטלעך אַרײַן אינעם יונגן ווילן פּאָנעם פונעם אינזשעניער קאָסטקאָ. זי איז קימאַט ברויגעז — ניט אַף אים נאָר אַף זיך, ווען זי דערזעט די בלומען בײַ אים אין דער האַנט.

— ליליען, נאָך פונעם וואַרעם־גאָרטן...

דאָס זאָגט ע ר, נאָר דאָס זײַנען דאָך א י ר ע ווערטער אין יענעם טאָג... פינף שמעקעדיקע צווײַגלעך ליגן בײַ איר אַף די קני. ער קוקט אַף איר זשעדנע, ער וואַרט אַף אַ בליק, אַף אַ שמייכל, אָדער אַף אַ דאַנק־וואָרט. פינף צווײַגלעך... זי האָט דעמאָלט געקויפט נאָר איינס... פינף מאָל פינף איז פינף און צוואַנציק רובל... און עפשער איז שוין ביליקער געוואָרן?...

דינאַ שמייכלט ניט, זי זאָגט ניט קיין דאַנק. אָן אַרײַנגעטאָנענע אין זיך, פרעגט זי אים:

— איר ווייסט ניט ווו איז ערגעץ יעראָפיי פאַוולאָוויטש?

ער פאַרשטייט ניט.

— ווער?

זי שרײַט אַף אים אָן:

— ניט „ווער", נאָר אַ סטאַנציע! — און מיטאַמאָל שפּרינגט זי אויף, די ליליען פאַלן אַראָפּ אַפן פּאָל, און זי נעמט ריידן קימאַט שטיל, היסטעריש שנעל:

— איך ווייס צוליב וואָס איר קומט! איך ווייס וואָס איר ווילט. גייט אײַך! איך האָב ליב אַ צווייטן, איך וועל אים ניט פאַרגעסן, איך וויל אים ניט פאַרראַטן, ווי לאַנג עס זאָל ניט דויערן די שיידונג... אַלע טראַכט איר זיך, אָט איז דער מענטש, אַ דאַנק גאָט, אַוועק און אויס, זי איז אַ לײַכטזיניקע! גייט אײַך — זאָג איך — איר וועט בײַ מיר קיינמאָל גאָרניט פועלן!

דערנאָך וויינט זי, מיטן פּאָנעם אינעם פאַטעל וואָס שמעקט מיט נאַפטאַלין, און איר איז אַ גרויס ראַכמאָנעס אַף זיך. דער אינזשעניער קאָסטקאָ שטייט פאַר איר אַף די קני, זיי דריקן צו די בלומען, און ער גלעט איר דעם אַקסל און פאַרזיכערט איר, אַז ער פאַרשטייט, אַז ער וויל פון איר גאָרניט, אַז ער פאַרערט זי נאָך מער ווי פריער, אַז בײַ איר זײַנען די נערוון צערודערט און זיי נייטיקט זיך מען זאָל פאַר איר זאָרגן, און זאָל זי דערלויבן...

## XII

דער קאָמיוגישער עשעלאָן האָט איבערגעשניטן סיביר אין דער גאַנצער לענג און לויפט איבער די אומענדלעכע ראַכוועסן פונעם ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט. מען טאַפּט אים שוין אָן, דעם ווײַטן מיזרעך: באַרג־טײַכלעך שפּרינגען איבער שטיינערנע געלעגערס לענגאויס דעם באַן־וועג, דאָ פון איין זײַט, דאָ פון דער צווייטער, פינצטערע ניט־דורכדרינגלעכע טײַגע, שרעקלעכע זומפּן — קריכסט אַרײַן מיט אַ פוס, וועט דיך שוין דער פאַרעטערישער

זומפּ אַרײַנשלעפּן, — קײַלעכדיקע סאָפּקעס, אײנע אַ קאָפּיע פֿון דער צווייטער... אַף די סאָפּקעס ליגט נאָך שניי.

אַף אַ קלײנעם אָפּצוויַיג דערהערט מען פּלוצים ניַי און קאָנקרעט דעם באַגריף „גרענעץ". אַן אַלטע שלאַנקע זקײנע קומט צו צו אַ גרופּע קאָמיוגיסטן און פֿרעגט מיט אַ שטילן רויִקן קאָל:

— איז דאָך ווידער מילכאָמע אַף דער גרענעץ?

די קאָמיוגיסטן ווייסן ניט פֿון גאָרניט. נאָר וואַלקאַ בעססאָנאָוו דערמאָנט זיך דעם ערשטן אומרויִקן איבנדרוק, ווען מען האָט אים אינעם ראַיקאָם געזאָגט: „וועסט פֿאָרן אַפּן ווײַטן מיזרעך". יאַפּאָנעזער. ער איז גרייט באַוויַיזן די יאַפּאָנעזער וואָס וואַלענטין בעססאָנאָוו איז.

— דאָך, זאָגט מען, ס'וועט זײַן מילכאָמע — זאָגט פּאַרניפּטיק די אַלטע און קוקט צערטלעך אַף דעם יונגוואַרג וואָס האָט זיך אַרום איר אַרומגעשטעלט, — איך האָב אַ זון אַף דער גרענעץ. ווען דער קאָנפֿליקט איז געווען, האָט ער אין צוויי שלאַכטן אָנטיילגענומען.

און זי פֿרעגט:

— און איר פֿאָרט ניט אין דער אַרמיי?

— ווי עס וועט אויסקומען — ענטפֿערט וואַלקאַ שטאָלץ און פֿילדיַיטיק.

— מיַינער אַ זון איז דאָרט — כאַזערט רויִק איבער די אַלטע — איוואַן ראַזוואַדין. דריַי באַדאַנקונגען האָט ער פֿון דער רויטער אַרמיי. אַז איר וועט אים זען, גיט אים איבער אַ גרוס.

אַף די וויַיטערדיקע סטאַנציעס כאַפּט מען זשעדנע די צײַטונגען, צענטראַלע, אָרטיקע, געגנטלעכע. קיין מילכאָמע איז ניטאָ. נאָר אין די צײַטונגען מערקט זיך אַ קלוגע פּראַקטישע אָנגעשפּיצטקייט. יאַפּאַן האַלט זיך פֿאַרדעכטיק, עס קומען פֿאַר איבערפֿאַלן, פּראָוואָקאַציעס אַף דער כינעזיש־מיזרעכדיקער איַיזנבאַן. וויַיסע טאַפּן די גרענעץ.

— איז וואָס־זשע, וועט מען עפּשער גיין אין מילכאָמע, — מישט וואַלקאַ די צײַטונגען. און ער שטעלט זיך שוין פֿאָר אַן ענערגישע רײַטער־אַטאַקע, און ער לויפֿט פֿאָרויס מיט דער ביקס גרייט און ער שיסט מיט איין האַנט אינמיטן לויפֿן, ווי די באַרג־באַוויגער אינעם קינאָ־פֿילם.

סיאָמאַ אַלטשולער און גענקאַ קאַליוזשני דערקלערן, אַז גליַיך פֿונעם צוג גייען זיי אין שטאַב זיך בעטן אין דער רויטער אַרמיי.

לילקאַ צעווייַנט זיך פֿאַר שרעק.

קאָליאַ פּלאַט ווערט בלייך און שריַיבט אַ לאַנגן בריוו און בעט לידינקאַן זי זאָל בעשום אויפֿן ניט אַרויספֿאָרן ביז זי וועט פֿון אים באַקומען אַ טעלעגראַמע.

קאַטיאַ סטאַווראָוואַ שוויַיגט סוידעסדיק, נאָר דעם גאַנצן טאָג גייט זי אום מיט אַזאַ אַנטשלאָסענעם פּאָנעם, אַז ס'איז קלאָר: אין פֿאַל עפּעס געשעט, וועט קיינעם ניט געלינגען זי אויסצולאָזן.

אין אָוונט רעדט מען ניט אין די וואַגאָנען פֿון עפּעס אַנדערש. מ'שריַיבט מעלדונגען צום שטאַב פֿון דער „אָקדוואַ", קעדיי טייקעף זיי אַרײַנצוגעבן אין כאַבאַראָווסק. אַף די סטאַנציעס גייט מען אַראָפּ העלדיש, מיט די ברוסטן אַרויסגעשטעלט. אַ פֿרוי וואָס פֿאַרקויפֿט מילך פֿרעגט: „אין דער אַרמיי פֿאָרט איר צי וואָס?" און קאַטיאַ שפּרינגט אַרויס פֿון הינטער די באָכערישע פּלייצעס און שריַיט העלדיש אויס:

— זיַיט זיכער, אַז מיר וועלן ניט בלײַבן זיצן אין דער היים!

אין אָוונט לאָזט זיך אַרויס אַנדריי קרוגלאָוו איבער די וואַגאָנען צונויפּנעמען אַ פּאַרטיי־קעמערל. ער האָט אָנגעציילט אינעם עשעלאָן אַכצן פּאַרטיי־מיטגלידער און קאַנדידאַטן און נעמט זיי אַרײַן צו זיך אינעם קופּע, פון וואַנען ער בעט אַרויס זײַנע שכיינים.

— עפּשער מאַך איך אַ טאָעס, — זאָגט ער — נאָר די געשפּרעכן זײַנען שעדלעכע. די יאַטן פּאַרכאַפּט, מאַכן ערנסטע פּנעמער אַף די סטאַנציעס, שפּילן די העלדן. און וואָס באַקומט זיך? עס ווערן פּאַרשפּרייט קלאַנגען צווישן דער באַפּעלקערונג.

די קאָמוניסטן גייען זיך פונאַנדער איבער די וואַגאָנען. זיי לייענען די צײַטונגס־יעדיעס און ווײַזן אויף אַז עס איז ניטאָ קיין מילכאָמע. זיי קלערן אויף, אַז די קאָמיוגיסטן פּאָרן אַף בויונג און אויב עס וועט זײַן מילכאָמע, וועט מען נעמען וועמען מען דאַרף אין דער רויטער אַרמיי און די איבעריקע דאַרפן אַרבעטן אַף די ערטער.

די קאָמיוגיסטן באַהאַלטן זייערע מעלדונגען און די געשפּרעכן וועגן מילכאָמע ווערן אײַנגעשטילט. ביז כאַבאַראָווסק איז נאָך דאָ אַ מעסלעס רײַזע.

אַף אַ גרויסער סטאַנציע קומט אַרויס צו זיי אַ הויכער פּאַרשוין אין אַ פּרעכטיקן פּאַלטאָ מיט גלאַנציקע ביינערנע קנעפּ און אַ ווייכן גרויען הוט. ער האָט אַ שמאָלן בלייכן פּאָנעם מיט אַ קווערן שניט אַפן שטערן און מאָדנע הענט — זייער בלייכע הויט איז באַדעקט מיט קרומע שראַמען און אָנשטאָט נעגל טונקלט זיך אַף זיי רויטע בערגלדיקע הויט.

— גוט מאָרגן, כאַווײרים קאָמיוגיסטן — גיט ער אַ הילכיקן רייד אַרויס, און אינעם קאָל פילט זיך די זיכערקייט פון אַ פירער — ווער פירט אָן מיט דעם עשעלאָן?

דעם אומבאַקאַנטן פירט מען צו צו אַנדריי קרוגלאָוון. אַן אוילעם נײַגעריקע גייט אים נאָך.

— געהילף פונעם נאַטשאַלניק איבער דער בויונג, גראַנאַטאָוו — גיט ער זיך צו דערקענען.

ווײַזט זיך אַרויס אַז אַף די קאָמיוגיסטן וואַרט מען שוין. גראַנאַטאָוו איז זיי אַקעגנגעפּאָרן, קעדיי שוין אין וועג זיי אײַנצוטיילן לויט די פּראָפעסיעס.

דער פּאַרטרעטער פונעם בוי־אָנפירער איז די ערשטע וואָר פון דער אומקלאָרער צוקונפט. מען שטעלט זיך אַרום און מען באַקוקט אים. די טונקעלע שראַמען אַף די הענט רעגן די פּאַנטאַזיע. דער הוט וווּנדערט זיי, נאָר מער ווי אַלץ אינטערעסירט זיי דעריקער — ווהין פּאָרן זיי, וואָס וועלן זיי בויען.

— איך אַליין ווייס ניט אַף ריכטיק — ענטפערט ווייך גראַנאַטאָוו — ס׳איז נאָך גאָרנישט ניטאָ. אַ ליידיק פּלאַץ. אַפן אָרט ווערן שוין אויסגעפּערעמט די ערשטע בריגאַדעס. גראַנאַטאָוו איז העפלעך און קאַרג אַף אַ וואָרט, די קאָמיוגיסטן זײַנען אומדרײַסט ווען זיי שטייען פּאַר אים און דערוועגן זיך ניט פרעגן.

איין טאָניאַ נאָר מיט איר פּאַשעטקייט פרעגט אים:

— און איר אַליין, כאַווער, זײַט אַ ווײַטמיזרעכדיקער?

גראַנאַטאָוו ענטפערט איר מיט אַ טרויעריקן שמייכל:

— איצט בין איך שוין מעגלעך אַ ווײַטמיזרעכדיקער.

קיינער דערוועגט זיך ניט פרעגן ווײַטער, נאָר גראַנאַטאָוו אַליין זעצט

זיך צו אַף אַ באַנק. קאַטיאַ נעמט די אויגן ניט אַראָפּ פון זײַנע הענט. אין דער פּאָרעם זײַנען זיי שיין, די ברויך־רויטע שראַמען טײלן זיך אויס אַף דער ווײַסער הויט.

— איך האָב געאַרבעט אַף דער כינעזיש־מיזרעכדיקער באַן, — קלערט אויף גראַנאַטאָוו — דרײַ יאָר, גענוג צײַט אַף צו ווערן אַ ווײַטמיזרעכדיקער, ביפּראַט אַז איך האָב אין די דרײַ יאָר אַ סאַך איבערגעלעבט. ניט אַזוי?

— איר זײַט געווען אַ דיפּלאָמאַט? — פרעגט קאַטיאַ און ווערט רויט. דער געדאַנק וועגן דיפּלאָמאַט איז בײַ איר געבוירן געוואָרן צוליב די גלאַנציקע קנעפּ און דעם הוט.

— ניין.

אין זײַן באַזונדערן טרויעריקן שמייכל ליגט דער קישעף פון אומבאַוווּסטן קאַטיען מאָלן זיך שוין אויסערגעווײנלעכע אַוואַנטורעס. נאָר גראַנאַטאָוו קלערט איר אויף:

— איך בין אַ בוי־אינזשעניער. די פּאַרטיי האָט מיך געשיקט אַף דער כינעזיש־מיזרעכדיקער אײַזנבאַן. דאָרט האָב איך געאַרבעט דרײַ יאָר. אין כאַרבין.

— דאָרט זײַנען דאָך די יאַפּאַנעזער — זאָגט קאַטיאַ מיטפילנדיק.

— יאָ... — ענטפערט פאַמעלעכן גראַנאַטאָוו — די געבירטיקע זײַנען כינעזער, די באַלעבאַטים; די יאַפּאַנעזער זײַנען שפּיר־מײַסטער, די רוסן — ווײַסגוואַרדייער. פאַלסטו אַרײַן אין אַ כאַרבינער קאָנטראַשפּיאָנאַזש־אָפּטײל, ווייסטו ניט ווו דו ביסט, אין יאַפּאַן צי אין אַ ווײַסגוואַרדייִשער פּײַניקונגס־קאַמער.

— איר זײַט דאָרט געווען? — ווערט טאָניאַ בלייך.

ער הייבט אויף זײַן צעקראַלטע האַנט און גיט ווידער אַ שמייכל.

די קאָמיוגיסטן קומען צו נענטער און שווײַגן. גרויס אָפּשײַ רופן בײַ זיי אַרויס די בלייכע שראַמיקע הענט און זײַן טרויעריקער שמייכל — אַן אָפּקלאַנג פון ניט פאַרגעסענע לײַדן.

— מען האָט די נעגל אָפּגעריסן — רעדט שטיל גראַנאַטאָוו, — מען האָט געברענט די הענט מיט אַן אָנגעגליטן אײַזן און די גלידער אויסגעלענקט. מען האָט געשלאָגן מיט נאַהײַקעס אַ פאַרוויקלטן אין אַ נאַסן לײַלעך, קעדיי עס זאָלן קיין שפּורן ניט בלײַבן...

— און אַף די הענט זײַנען די שפּורן פאַרבליבן — שרײַט אויס קאַטיאַ. מען צישקעט איר זי זאָל שווײַגן. זי קוקט זיך אום און פאַרבײַסט די צונג.

— איין זאַך האָבן זיי געוואָלט — טוט גראַנאַטאָוו אַ שטרענגן קוק אַף קאַטיען, — איך זאָל זיי באַשטעטיקן אַז די סאָוועטישע אָנגעשטעלטע אַף דער באַן פאַרנעמען זיך מיט קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע. פיר כאַדאָשים האָבן זיי אָנגעווענדעט אַלערליי מיטלען קעדיי דאָס צו פּויעלן. די פיר כאַדאָשים באַשטייען פאַר פיר יאָר...

טאָניאַ גיט זיך פּלוצים אַ ריס פאָרויס, כאַפּט אָן זײַן צעוווּנדיקטע האַנט און דריקט זיך צו צו איר מיט אירע הייסע ליפּן.

גראַנאַטאָוו ציטערט אויף. אַ לײַכטער קראַמף לויפט אים איבערן פּאָנעם. ער נעמט צו די האַנט און גיט אַ גלעט טאָניאַן איבערן קאָפּ.

— אַלץ קען מען איבערטראָגן — זאָגט ער באַשיידן, — איר וואָלט אויך אַזוי געטאָן.

טאָניאַ לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. ס'איז איר אַ ביזאָיען פאַר די קאָמיוגיסטן, נאָר זיי קוקן דעליקאַט אַוועק.

— און איצט — זאָגט גראַנאַטאָוו אַ פריילעכער, — האָב איך מיך געבעטן אַף דער בויונג.

ער הייבט זיך אויף און נעמט אַרום אַלעמען, וועמען ער קען נאָר מיט די הענט אַרומכאַפּן.

— מירן אַרבעטן! מירן בויען! מירן זײַן כאַווער!

טאָניאַ לויפט אַרויס אַף דער פּלאַטפאָרמע און שלינגט דעם קאַלטן ווינט, זי פאַרמאַכט די אויגן און דריקט מיט די הענט די ברוסט. אָ, ווען מען שיקט זי אַהין, ווען מען גיט איר דאָס גליק אויסצוהאַלטן אַלע פּײַניקונגען פון דער וועלט און אַרויס פון זיי אַ ניט באַפלעקטע, מיט אַ שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ! זי שטעלט זיך פאָר די לײַדן פון פּײַניקונג און אײַנזאַמקייט. נאָר זי וואָלט פאַר זיי קיין מוירע ניט געהאַט. אַזוי ווערן אויסגעשמאָלט קעמפער. כאַרבין, טאָקיאָ, קאַלקוטע, ריאָ דע זשאַנײראָ... וויפל קאַמף עס שטייט נאָך פאָר!

— איר וועט אײַך צוקילן, מיידל — דערהערט זי אַ שטים איבער זיך.

גראַנאַטאָוו איז פאַרבײַגעגאַנגען און האָט צו איר אַ פרײַנטלעכן שמייכל געטאָן.

הינטער אים האָט זיך די וואַגאָן־טיר צוגעקלאַפּט.

טאָניאַ קאָרטשעט זיך ווי פון אַ קלאַפּ. אין זײַן שטים האָט זיך געהערט געלעכטער. ניט שויך־זשע לאַכט ער פון איר?

איז וואָס־זשע, זי האָט נאָך מיט גאָרניט פאַרדינט זײַן אָפּשײַ פאַר איר. דעסטאָ ערגער פאַר איר!

און מיט פאַראַכטונג גיט זי אַ קוק אַף אירע קליינע, פאָשעטע, געוויינלעכע הענט.

## XIII

אין וועג טראַכטן זיך די קאָמיוגיסטן: מירן קומען קיין כאַבאַראָווסק, וועט אַלץ ווערן קלאָר. און דאָ קומט אויף אַ נײַער ציל: זיך דערשלאָגן צום בויונגס־פּלאַץ. אין כאַבאַראָווסק קען זיי קיינער ניט קלאָר מאַכן. פאַראַן איז אַ ביוראָ פון דער נײַער בויונג,, נאָר די בויונג איז נאָך ניטאָ. פאַראַן זײַן אָפּטייל פאַר קאַדרען, ווו אויסגעמאַטערטע מענטשן זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט און רעגיסטרירן, ווײַזן אָן וווינונגען און טיילן אויס טאַלאָנען אין די רעסטאָראַנען די קאָמיוגיסטן און אינזשעניערן. פאַראַן אינזשעניערן וואָס זיצן אָפּ טעגווײַז אין ביוראָ און האָבן טײַנעס. דער הויפּט־אינזשעניער, סערגיי וויקענטיעוויטש, פּילט אויס די פונקציעס פון קאָמענדאַנט איבער דער צוזאַמענוווינונג. דער יונגער אינזשעניער פּעדאָטאָוו גיט אַרויס טאַלאָנען אין רעסטאָראַן און אין באָד אַרײַן. פאַראַן איז אַ פּירער פון דער בויונג, דער כאַווער וועריגער. אים קען מען זען נאָר פאַרבײַלויפנדיק. אַ נערוועזשער דאַרער פאַרשוין מיט קאַלטע ליכטיקע אויגן און אַ באַפעלערישער שטים. ער ווערט פאַרפאַלן אַף גאַנצע טעג אין די געגנטלעכע אָרגאַניזאַציעס און אַף באַראַטונגען. די טיר פון זײַן קאַבינעט ווערט באַוואַכט פון אַ סעקרעטאַרן — אַן עלטערע פרוי וואָס רעדט ניט, נאָר זי קריגט זיך, מיט אַ לאַנגער נאָז און אַן אומצו־

טרויעריקן בליק. שוין דעם ערשטן טאָג פון זייער באַקאַנטשאַפט מיט איר, האָבן זי די קאָמיוגיסטן געקרוינט מיט דעם נאָמען „דער אַמורער קראָקאָדיל".

קיינער ווייס קיין זאַך ניט ווי געהעריק. אַף אַ יאַדע פראַגע ענטפערט מען: „מען דאַרף פרעגן ווערגערן". מען זאָגט, אַז צום בויונגס־פּלאַץ קען מען ניט פאָרן, ווייל דאָרטן, אַראָפּ מיט דעם אַמור, שטייט נאָך דאָס אייז. דאָך דערגייען קלאַנגען יעדן טאָג, אַז מאָרגן זעצט מען זיך אויף אַף שיפן. אין דער צוזאַמענווינונג, וואָס איז אַף שנעל אייַנגעאָרדנט געוואָרן אין לעבעדיקע באַראַקן, איז ניטאָ קיין וואַסער און קיין באַלייַכטונג; אַף באַנאַכט גיט מען אַרויס אַ קנאַפּע צאָל ליכט.

אין שטאָט איז פאַראַן נאָר איין גוטע גאַס, אַפן נאָמען פון קאַרל מאַרקס. אַף אַט דער גאַס און אַרום איר גרופּירן זיך אַלע אינסטיטוציעס, קראָמען, קינאָ, רעסטאָראַנען. די גאַס איז מיט איין עק אַנגעשפּאַרט אַנעם סטאַדיאָן און מיט דעם צווייטן עק אַנעם פּאַרק פון קולטור און אָפּרו, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ איבער קרומע וועגלעך גלייַך צום אַמור. דער פּאַרק איז נאָך געשלאָסן, דער סטאַדיאָן אויך. אינעם קינאָ ווייַזט מען פילמען וואָס אַלע האָבן שוין געזען. בלייַבט דער אַמור, אַ ברייטער, מיטן אויג צו כאַפּן, אַ צעבאָרשטענער מיט שווימענדיקן אייַז. שאָענווייַז קוקט מען אַף אים.

באַטאָג דרייען זיך די קאָמיוגיסטן אום אינעם קאָנט־קאָמיטעט פונעם קאָמיוג. מיט אַלץ אינטערעסירן זיי זיך, פרעגן זיך אויס בא יעדן קאָמיוגיסט:

— ביסט אַ היגער?

און זיי באַקומען אָן ענטפער:

— ניין, פון אוסט־קאַמטשאַטסק.

— פון וויאַכטו.

— פון גראָדעקאָוו.

— פון אָלגאַ.

— פון טעטיוכע.

— פון נאַכאָדקאַ.

ווו ערגעץ איז נאַכאָדקאַ? און טעטיוכע? און וויאַכטו? און צענדליקער אַנדערע ערטער פון וואַנען עס קומען צו פאָרן יאָטן פאַרזאָרגטע מיט זייערע אינייאַנים, און ריידן וועגן פישפאַנג, וועגן לערנביכער, וועגן פאַרזיי, וועגן וואַנדער־ביבליאָטעקן, וועגן הירש־האָדעוואַניע, וועגן ווינונגס־קריזיס און סכוירע־אַרייַנפיר.

נאָך יעדן שמועס, ציגדט זיך יעפּיפאַנאָוו אָן מיט אַ פאַרלאַנג אַוועקצופאָרן קיין טעטיוכע אָדער קיין נאַגאַיעוואַ, אָדער קיין קאַמטשאַטקאַ.

קאָליאַ פלאַט האַלט אים פאַרניפטיק אייַן.

— אַ מענטש איז נייטיק דאָרט ווו עס איז נייטיק זייַן פראָפעסיע.

די קאָמיוגיסטן נודיען זיך פון ליידיקגיין. זיי שעמען זיך דערמיט וואָס זיי האָבן נאָך ניט וועגן וואָס צו זאָרגן.

אַכצן יונגע קאָמוניסטן מיט אַנדריי קרוגלאָוון בעראָש גייען זיך שטעלן צו אַ פאַרטיי־עקזאַמען. דאָרט ווו זיי פאָרן איז קיין פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע ניטאָ. זיי מוזן זי שאַפן פונקט ווי מען שאַפט אַ שטאָט, ווי אַ זאַוואָד, ווי אַלץ.

— איר וואָלט באַדאַרפט אַרייַנפאַלן צו כאָווער מאָראָזאָוו — זאָגט זיי דער סעקרעטאַר, — מען רעקאָמענדירט אים צו אייַך אַף פירנדיקער אַרבעט. נאָר ער איז נאָך דאָ ניט פרייַ, און איך ווייס ניט צי וועט איר אים פאַרשטיין.

איצט איז ער אַפֿן קרעקינג־סטראַי, דערנאָך האָט ער אַ זיצונג, און אָט וואַרטן שוין אַף אים כאַווירים פֿון אַכאַ, פֿון בירעבידזשאַן, פֿון ספּאַסק...

אויך זיי באַשליסן וואַרטן. די כאַווירים פֿון אַכאַ, פֿון בירעבידזשאַן, פֿון ספּאַסק, קוקן קרום אַף די קאָמיוגיסטן מיט דער ניט גערנקייט פֿון מענטשן וואָס זײַנען אײַנגאַנצן פֿאַרכאַפּט מיט זייערע אייגענע געשעפֿטן.

צוויי מאָל האָבן שוין מענטשן אַרײַנגעקוקט אינעם צימער.

דערנאָך קומט אַרײַן אַ פֿעסטער ניט־געראַזירטער פֿאַרשוין אין אַ העלער קעפּקע, מיט אַ פֿאַרמאַטערטן פּאָנעם און אויפֿמערקזאַמע שאַרפֿע אויגן. הינ־טער אים גייען עטלעכע מענטשן וואָס לייגן אים אויס זייערע איניאַנים גייענדיק. דער אַרײַנגעקומענער באַקוקט די גרופּע קאָמיוגיסטן און גיט פֿריי־לעך אַ פֿרעג:

— און דאָס וואָס איז פֿאַר אַ טאַבון?

די קאָמיוגיסטן פֿאַרשטייען אַז דאָס האָבן זיי פֿאַר זיך מאַראַזאָוון. דער סעקרעטאַר גיט אים אָפּ דעם באַריכט, נאָר ער לאָזט אים איבער אינמיטן און גייט צו די קאָמיוגיסטן:

— ווען זײַט איר געקומען? עסן גיט מען אײַך גוט? אין באָד גייט איר? און ווערנער לויפֿט נאָך אַלץ אַרום? האָט ער שוין גערעדט מיט אײַך? פֿאַרוואָס האָט ער ניט גערעדט?

ער פֿאַרשווינדט אינעם קאַבינעט און פֿון דאָרטן הערט זיך זײַן צודרינג־לעכער קאָל. ער רעדט אין טעלעפֿאָן:

— נו, יאָ, אַ מיטינג. טייקעף אַפֿן ברעג. מען מוז זיי דאָך דערציילן ווי געהעריק, וואָס און וויאַזוי. שמועסן אַף דער שיף, זאָלן זיי אַליין דורכ־פֿירן! עס מאַכט ניט אויס וואָס זיי זײַנען יונג, דערפֿאַר זײַנען זיי ענערגיש.

ער רופֿט אַרײַן די קאָמיוגיסטן אין קאַבינעט. די כאַווירים פֿון אַכאַ, פֿון ספּאַסק און פֿון בירעבידזשאַן באַלאַגערן די טיר. ווידער רופֿט עמעצער:

— איוואַן סערגייעוויטש, אַף דער זיצונג.

מאַראַזאָוו זאָגט צו טייעקף אַלעמען אויפֿנעמען, ער זאָגט צו טייקעף קומען צו דער זיצונג און פֿאַרמאַכט די טיר. ער האָט אַ מידן פֿאַרזאָרגטן פּאָנעם, נאָר די אויגן טאַפּן, פֿאַרשן די קאָמיוגיסטן, עס לײַכט זיך אין זיי אומפֿאַרמאַטערלעכקייט.

די קאָמיוגיסטן ריכטן זיך אַף די ערשטע אַלגעמיינע ווערטער, נאָר מאַ־ראַזאָוו טרעט צו גלײַך צום איקער, ער שטעכט אײַן אַן אַדערדיקע האַנט אין אַ גרויסער לאַנד־קאַרטע, וואָס איז דורכגעשניטן מיט בלויע טײַך־ליניעס און ברויך־געלן געשלענגל פֿון באַרג־רוקנס.

— אָט דאָס איז אײַער קאַנט.

ווו ניט ווו אַף דער לאַנד־קאַרטע זײַנען פֿאַראַן נעמען, שוין פֿאַרבונדענע מיט מענטשן, מיט זאַכן. כאַבאַראָווסק, אַכאַ, בירעבידזשאַן, פּאָסיעט, נאַ־גאַיעוואַ... די דאָזיקע פּינטעלעך ווערן פֿאַרלוירן אין די ראַכוועסן פֿון דעם קאַנט.

נאָר מאַראַזאָוו כאַפּט אים אַרום אינגאַנצן מיט דעם באַוועג פֿון אַ לײַ־בער באַלעבאַטישער האַנט:

— אַ ריזיקער שעטעך. אַלע הויפּט־לענדער פֿון אייראָפּע צוזאַמענגענו־מען וואָלטן אַרײַן אין זײַן טעריטאָריע. ענגלאַנד, פֿראַנקרײַך, דײַטשלאַנד, שפּאַניע, איטאַליע, פּוילן... יאַפּאַן קען זיך דאָ אויסלייגן אַכט מאָל... אָט דאָ איז זײַן יאַם־גרענעץ — אַכצן טויזנט קילאָמעטער. דער אײַז־יאַם, דער

שטילער אָקעאַן... דער שטילער! — צעלאַכט ער זיך און גיט אַ פיר מיט דער האַנט איבער דעם צאַרט־בלויען אײבערפלאַך פונעם אָקעאַן: — אַ ברענדיקער איז ער! ווי נאַפט קען ער זיך אָנצינדן! און אָן שום איבערגאַנג, גיט ער זיי אַ פרעג:

— איר ווייסט עפּעס וועגן דעם קאַנט?

— ווייניק — ענטפערט פאַר זיי אַלעמען קרוגלאָוו.

— מען דאַרף וויסן, — גיט שאַרף אַ זאָג מאַראָזאָוו און שפּאַנט איבערן קאַבינעט מיט מיד־צוגעמאַכטע אויגן. נאָר ווען ער עפנט זיי, האָבן זיי אַ יונגן גלאַנץ. ער שטרעקט אויס די האַנט צו אַ ראָמב־פאָרמיקן ברויך־געלן האַלב־אינדזל:

— קאַמטשאַטקאַ. אַ וווּנדערלעך לאַנד. איך בין דאָרט געווען. נאָר איך רעכן נאָך זײַן דאָרט אַף אַן עמעסן, לענגער, אַרומשפּאַנען מיט דער ביקס. קאַמטשאַטקאַ — אַ געגנט פון ניט־אויסגעפאָרשטע רײַכקייטן און אַקטיווע ווולקאַנען. וויסנשאַפטלער גרייטן זיך אַרויפצוקלעטערן אַפן גרעסטן ווולקאַן, קליוטשעווסקאַיאַ, און זיך אַראָפּלאָזן אין זײַן קראַטער. שטעלט איר אײַך פאָר? אין קראַטער פון אַן אַקטיוון ווולקאַן! וועגן דעם וואָלט קענען שרײַבן זשיל ווערן.

ער שמייכלט פריידיק. דעם שמייכל פאַרטרײַבט אַ נײַער געדאַנק.

— אין שול פלעגט מען די הינטערשטע בענק אָנרופן קאַמטשאַטקאַ. און קאַמטשאַטקאַ איז אַן אומגעהײַערע רײַכקייט! באַ אירע ברעגעס שווימען אום מיליאָנען. מיר כאַפּן פיש, יאַם־קרעבסן, וואַלפיש. איר וואָלט באַדאַרפט זען ווי מען כאַפּט וואַלפיש! איך האָב געזען. דאָס איז די אינטערעסאַנטסטע יאַגד אין דער וועלט. דעם דערהאַרגעטן וואַלפיש בלאָזט מען אָן און מען שלעפּט צו דער וואַלפיש־שיף ווי אַ באַרזשע... מיר וועלן פאַרזייען דעם קאַמטשאַטקער ברעג מיט זאַוואָדן... דערווײַל איז דער הויפּט־פּאַרקער — הינט. פאַראַן ערטער, ווו עס נעמט כאַדאָשים ביז מען קומט אַהין אַף הינט. נאָר מיר וועלן דאָרט דורכלייגן וועגן. מירן זי בײַקומען, די קאַמטשאַטקאַ. זי ליגט נאָך אינגאַנצן אין דער צוקונפט...

ער הייבט אויף די האַנט העכער:

— און אָט איז אונדזער אַרקטיק... טשוקאָטקאַ, קאָלימאַ. אַהין דערקלײַבט מען זיך נאָר אום זומער. די שיפן גייען מיט אײַז־ברעכער און מײַדן אויס די אומטערוואַסערדיקע אײַז־בערג. פאַראַן דאָרט ערטער ווו קיין מענטשלעכער פוס האָט נאָך ניט געטראָטן. נאָר דאָרט ווו ער האָט געטראָטן און האָט מיט זיך געטראָגן וויסנשאַפט — סאַראַ רײַכקייט! קאָלימאַ — דאָס איז גאָלד, גאָלד, דער סאָוועטישער קלאָנדײַק. מיר וויקלען דאָרט אויס אַן ערשטקלאַסיקע גאָלד־אינדוסטריע. און סאַראַ גאָלד דאָרט איז! דזשעק לאָנדאָנס העלדן וואָלטן דאָרט מעשוגע געוואָרן פון גאָלד־פיבער.

ער טוט כיטרע אַ שמייכל:

— ראָמאַנטיק — אַ טײַערע זאַך, עמעס? איך אַליין בין אַ ראָמאַנטיקער. נאָר באַ באָלשעוויקעס איז די ראָמאַנטיק פאַראייניקט מיט ניכטערער אויסרעכענונג, מיט קענען טאָן ניצלעכע אַרבעט. דאָס אייגנטלעך ווילן מיר פון אײַך, יוגנט. זוכט ראָמאַנטיק — אַוואַנטורעס וועלן ניט פעלן! — נאָר אַרבעט אויך, אַרבעט ווי די רוכעס!

ער וואַרפט אַרײַן דעם געדאַנק פאַרבײַגייענדיק און פירט דעם פינגער איבער דער לאַנד־קאַרטע צו דאָרעם:

— דער אוסורי־קאַנט. האַלב־טראָפּישע פּלאַנצן און כאַיעס־וועלט. טיגערס און בופלאָקסן. דער געהיימנישפולער וואָרצל זשען־שען — אַ מיזרעכדיקער הייל־מיטל. מיר באַקומען אים אין אַ גרויסער מאָס און פאַרקויפן אים אין אויסלאַנד. און הירשן־מאַן — אויך אַ מיזרעכדיקער הייל־מיטל. בײַ אונדז איז מאַך אַ גאַנצע אינדוסטריע, גרויסע סטאַדעס, אַ קולטור־דעראָבערונג, עקספּאָרט. איר האָט געלייענט אַרסעניעוון? ווען אַרסעניעוו גייט איצט איבער די אַלטע וועגן וואָלט ער פאַרבלאָנדזשעט, ווײַל אַלץ האָט זיך געביטן.

ער פאַרטראַכט זיך. אין זײַן איבערגעלאָדענעם מויעך מיט זאָרגן, גייען דורך די אַלע ענדערונגען, די גאַנצע צוקונפט פון דער געגנט.

— יאָ, — רופט ער זיך אָן, ווען ער קומט אַרויס פון זײַן פאַרטראַכטקייט — מיר זײַנען אַ רײַכער קאַנט. פרעגט וואָס איז דאָ ניטאָ? מיר האָבן אַלץ. — זײַן האַנט הייבט זיך צו דער לאַנד־קאַרטע און לויפט איבער איר אַרום, שפּרינגט פון איין אָרט אַפן צווייטן: — אָט איז סוטשאַן, אַרטיאָם־אוגאַלי (אַרטיאָמער קוילן), און סאַראַ קוילן! סאַכאַלין: קוילן, נאַפט, פיש, פּוטער, גאָלד. בורעיאַ: קוילן, אַרץ, גאָלד. אַמור: פיש, און סאַראַ פיש! אַנצאַליקע צופלוסן — ווײַס גאָלד, עלעקטריציטעט. האָט איר שוין געזען טײַכלעך מיט אַ שנעלקייט פון פערציק קילאָמעטער אַ שאָ?... בלויז זאַלץ פעלט אונדז. מיט זאַלץ איז דערווײַל ניט גוט. נאָר מירן זיך דערגראָבן אויך צו זאַלץ. מיר קענען נאָך ניט אונדזער קאַנט. איר ווילט ציפערן? די נאַטור־רײַכקייטן פון אודזער אונטערערד זײַנען אויסגעפאָרשט אַן ערעך זעקס אָדער אַכט פּראָצענט. מיר טרעטן די ערד, נאָר וואָס טרעטן מיר? וואָסערע אויצרעס ליגן אונטער אונדזערע פיס?

ער פירט מיט דער האַנט איבערן שטערן און ווידער באַווײַזן זיך אַף זײַן פּאָנעם שטריכן פון גרויס פאַרמאַטערטקייט.

— צענדליקער געאָלאָגישע עקספּעדיציעס אונדזערע זײַנען צעשיקט אַף אַלע זײַטן. און מיר נייטיקן זיך ניט אין צענדליקער נאָר אין טויזנטער עקספּעדיציעס. אַ בויונג גייט בײַ אונדז אַף צענדליקער ערטער, און בויען דאַרפן מיר אַף טויזנטער ערטער. מיר האָבן ווייניק מענטשן. מענטשן! וואָס־זשע שטייט איר? — צעשרײַט ער זיך. ער האָט זיך ערשט איצט אַרומגעזען אַז די קאָמיוגיסטן שטייען צונויפגעדרענגט אין מיטן קאַבינעט. — זיצט, זעצט אײַך! — ער זעצט זיי אַלעמען אויס און אַליין שפּאַנט ער הין און צוריק און קערט זיך ראַק אום צו דער פונאַנדערגעוויקלטער לאַנד־קאַרטע אַף דער וואַנט.

— ווילט איר אַרײַנקוקן אין דער צוקונפט? אין אַ גרויסער מאָס איז עס נאָך טרוים, נאָר דאָס וועט זײַן! דאָ האָט איר אַ וועג. איבער דעם וועג זײַט איר געפאָרן. אַ נעבעכדיקער פּאַסיקל רעלצן. צו וואָס טויג עס? דער קאַנט קען מיט איין באַן־רעלץ ניט אָטעמען! די רעלצן וועלן ווערן טאָפּלטע. און גאָר אינגיכן. נאָר דאָס איז ווייניק. אָט דאָ, — כאַפּט ער דעם בלײַער און פירט מיט אים דורך אַ געבראָכענע ליניע, וואָס איר פּינקטלעכקייט לאָזט זיך דערקענען דערפון ווי ער פירט מיטן בלײַער, פונעם בלויען בײַקאַל־האָרנדל ביז צום אָקעאַן — אָט דאָ, מיט דער טײַגע, מיט די ראַיאָנען פון אייביקער געפרוירנקייט, וועט גיין די „ב.אַ.מ.” — בײַקאַל־אַמורער מאַגיסטראַלע. אינאיינעם מיט איר וועט די טײַגע איבערגעבוירן ווערן. אַרום איר וועלן אויסוואַקסן נײַע אינדוסטריעלע געגנטן. וואָרעם ווו נאָר דו גיסט אַ שטעק דעם פינגער, דאַרף מען בויען. ס'איז דוכט זיך אַ שפּאַס! נאָר מיר

זוכן גאָלד, און אין וועג געפינען מיר קופּער, קוילן, צינק, אײַזן. מיר זוכן קוילן און פאַראייניס געפינען מיר נאַפט, צינק, אַרסעניק, גאָלד... און דאָס אַלץ דאַרף מען פונאַנדערוויקלען, אַרויסבאַקומען, באַאַרבעטן... „ב.אַ.מ.” איז דער וועג צו דער צוקונפט פון דעם קאַנט. און אָט דאָ — ער שטעלט אַוועק אַף דער לאַנד־קאַרטע אַ פעטן רויטן פּינטל — אָט דאָ וועלן מיר זײַן.

ער רופט צו צו זיך די קאָמיוגיסטן, זיי שטעלן זיך אַרום. דער רויטער פּינטל אַף דער לאַנד־קאַרטע פינקלט און רעגט.

— דאָ איז גאָרנישט ניטאָ... — רעדט ער שטילער און שפּיצט צו די אויגן, ווי ער וואָלט זיך אײַנגעקוקט אין דער ליידיקייט — איר! — באַטאָנט ער — איר וועט דאָ אויסבויען אַ שטאָט, פאַבריקן, לעבן... אָט דאָ, — זײַן האַנט מיט דעם בלײַפעדער גיט זיך אַ ריס צו דער לאַנד־קאַרטע און פאַרהאַלט זיך באַם גרינעם האָק פון קאָרעאַ, — דאָ האָט די צאַרישע רוסלאַנד אַמאָל באַקומען אַ קלאַפּ, אַזאַ קלאַפּ אַז זי האָט פאַרלוירן איר גאַנצן פלאָט. נאָר סאָוועט־רוסלאַנד איז קיינמאָל ניט צעקלאַפּט געוואָרן און וועט ניט צעקלאַפּט ווערן.

ער רײַסט אָפּ די האַנט פון דעם אָרט, ווו די צאַרישע רוסלאַנד האָט געכאַפּט דעם קלאַפּ און שטעכט ווידער אײַן דעם בלײַער אינעם רויטן פינקלדיקן פּינטל פון דער צוקונפטיקער שטאָט.

— איר פאָרט לייזן איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פאַרן לאַנד־שוץ. און איר וועט זי לייזן. אינאייגעם דערמיט איז עס איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פאַר אײַנאייגענען דעם קאַנט. דאָס איז אַ נײַער צענטער. די הויפּטשטאָט פון דער טײַגע. דאָס איז אַ פרײַנטלעכע האַנט אויסגעשטרעקט צו סאַכאַלין, צו קאַמטשאַטקאַ, צו קאָלימאַ, צו ניקאָלאַיעווסק...

— דאָ בלײַבט ער שטיין און שטעקט אַרײַן דעם בלײַער אין קעשענע, — איז אָט וואָס, יאַטן. איר זײַט קאָמיוגיסטן, באָלשעוויקעס. מען דאַרף פאַרשטיין און פילן: ס'איז דאָ אַזויפיל אַרבעט, אַז ס'איז קיין צײַט ניטאָ אָפּצואָטעמען. די טעמפּן זײַנען העכסט אָנגעשטרענגטע. ניט מיר האָבן זיי אויסגעטראַכט. די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע דיקטירט זיי... די באַדינגונגען וועלן פון אָנהייב זײַן שווערע. נאָר דער קאַנט האָט עס די ווערט. דער קאַנט איז רײַך און שיין, מען דאַרף אים נאָר פאַרהיימישן. אין יעדן בערגל איז פאַראַן גאָלד. — זאָלן נאָר זײַן קויכעס דאָס אַרויסצובאַקומען. נאָר וואָס איז גאָלד!

ער טוט אַ שפּאַן פאָרויס און נעמט אָן אַנדריי קרוגלאָוון פאַר די אַקסלען.

— וואָס איז גאָלד! — זאָגט ער ווידער גרינגשעציק און לאָזט אָפּ קרוגלאָווס אַקסלען, באַרירט אַ צווייטן יאַט די האַנט, נעמט אַרום אַ דריטן, גיט אַ טאָפּ די מוסקולן באַ אַ פערטן — וואָס איז גאָלד! — זאָגט ער ווײַטער — באַ אונדז זײַנען מענטשן טײַערער פון גאָלד. אָן דעם מענטשנס האַנט איז גאָלד און נאַפט און קוילן גאָרניט.

אומגעריכט צעלאַכט ער זיך און פרײלעכע קנײטשעלעך צעלויפן זיך אים איבערן פּאָנעם.

— געהאַט האָבן מיר איינעם אַ יאַט — קירײושאַ פּאָפּאָוו. אַוועקגעשיקט האָט מען אים אַף קאַמטשאַטקאַ איינעם אַליין. ער האָט געטײַנעט, זיך געזידלט, צוויי ווייַנענדיקע בריוו געשריבן — איך קען ניט דעם מין פיש, איך קען זיך ניט ספּראַווען, ניטאָ קיין קולטור. אָפּגעוועזן איז ער אַ יאָר און האָט אויפגעהערט שרײַבן ווײַנענדיקע בריוו, און גענומען זיך באַרימען מיט

זײַנע דערגרייכונגען. געקומען איז ער אַף אורלויב און איז ווידער צעוויקט געוואָרן: איך בין מיד, האָט ער זיך געבעטן, שיקט מיך איבער קיין כאַבאַ־ראָווסק אָדער קיין וולאַדיוואָסטאָק. מיר האָבן אים אָוועקגעשיקט אַף צוויי כאַדאָשים אין אַ קוראָרט. אין אַ כוידעש אַרום, איך זע ער איז דאָ: „כאַפּט עס דער טײַוול, געבוג לעוואָנע־בעדער נעמען. דאָרט וועט מען דערווײַל דעם פישפאַנג פאַטערן, דערנאָך וועט שווער זײַן צו פאַרריכטן". אויפגעזעצט האָט ער זיך אַף אַן עראָפּלאַן און גלײַך אַהיים, קיין קאַמטשאַטקאַ. שוין דאָס צווייטע יאָר ווי ער אַרבעט...

אַ צאַרטקייט באַהעלט זײַן פּאָנעם און זיי פאַרשטייען ווי נאָענט און טײַער אים איז קיריושאַ פּאָפּאָוו.

— אָט איר, דאַרפט אויך אַזוי. ווײַניק איז נאָך שטעט שאַפן. מענטשן דאַרף מען שאַפן. באַלשעוויקעס, ווײַטמיזרעכניקעס, ענטוזיאַסטן, פאַרשער, הייסע פּאַטריאָטן פונעם קאַנט.

שוין לאַנג ווי דער סעקרעטאַר קוקט אַרײַן אין דער טיר.

— איז, אָט דאָס איז גאָר. מען דאַרף פאַרשטיין, ליב באַקומען. מען האָט מיט אײַך קאָנטראַקטן געשריבן. אַף אַ יאָר, אַף צוויי, נאַרישקייטן! וואָס וועט איר אין איין יאָר אויפטאָן? איר זײַט באַלשעוויקעס. קוקט דעם עמעס אין די אויגן. און גרייט צו אַנדערע. אַ ווײַטמיזרעכניק מוז מען ווערן, באַזעצן זיך דאַרף מען, זיך צוטוליען, ליב באַקומען. אָט דאָס איז אײַער אויפגאַבע.

— און איר וועט אינגיכן קומען צו אונדז? — פרעגט אַנדריי.

מאָראָזאָוו צעלאַכט זיך.

— אַליין, אַליין, יאַטן, טוט. וואָס, קיין קויעך ניטאָ? איר'ט זיך ניט ספּראַווען? איר, וואַרט ניט אַף מיר, איר זײַט אַליין יונג.

די וואַרטנדיקע קוקן אַרײַן אין דער טיר. דער טעלעפאָן קלינגט.

— אָט זעט איר, איך האָב נאָך אַ סאַך וואָס אויפצופּלאָנטערן. דער נײַער טוער וועט עפּשער מאָרגן ערשט קומען... אַנפאַלס, איז די לופט־מאַשין אַ שנעלער פויגל, איידער נאָך איר וועט זיך פאַרבענקען, וועל איך אײַך אָניאָגן.

אַנדריי קרוגלאָוו קומט אַרויס פונעם קאַבינעט מיט דעם אײַנדרוק, אַז אַף זײַנע פּלייצעס ליגט נאָך די שווערע און צערטלעכע האַנט. אין רעסטאָ־ראַן איבערראַשט אים מיטאַמאָל דער געוויינלעכער טומלדיקער לײַכטזין פון די קאָמיוגיסטן באַם מיטאָג. וואַלקאַ בעססאָנאָוו שרײַט איבערן גאַנצן רעס־טאָראַן מען זאָל אים דערלאַנגען אַ צוגאָב. קאַטיאַ וואָרפט זיך מיט קײַקעלעך ברויט. קלאַוואַ מעלניקאָוואַ איז אויפגעבראַכט: אַ יאַט פון אוסט־קאַמ־טשאַטסק האָט איר, נאָך צוויי טעג באַקאַנטשאַפט, פאָרגעלייגט כאַסענע האָבן. קלאַוואַ האָט אים אָפּגעזאָגט און איז צערודערט. צי מיינט ער ניט אַז זי האָט פּאַשעט מוירע צו פאָרן קיין אוסט־קאַמטשאַטסק?

זײַנען זיי גרייט צו די שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען? וויאַזוי זאָגט מען זיי, אַז זיי דאַרפן ניט אַהיימפאָרן אין אַ יאָר אַרום און אַפילע ניט אין צוויי, אַז פון הײַנט אָן איז זייער היים דער אומבאַקאַנטער, שטרענגער, אומבאַ־וויִנטער קאַנט? וועלן זיי דאָס פאַרשטיין? וועט זיי פאַרכאַפּן די גרויסקייט פון דער אויפגאַבע?

אַנדריי פילט אַף זיך די שווערקייט פון דער פאַרטייִשער פאַראַנט־

וואָרטלעכקייט פאַר זיי אַלעמען קעגנאיבער דעם מענטשן, וואָס האָט אים געזאָגט: מיר האָבן מער גאָלד ווי מענטשן.

די קאָמיוגיסטן באַשיטן קרוגלאָוון מיט פראַגן: ווען פאָרן מיר, וווהין, וואָס בויען, וויאַזוי? אַנדריי דערמאָנט זיך די פראַגן וואָס ער האָט געוואָלט שטעלן מאָראָזאָוון און האָט ניט באַוויזן. דער שמועס איז געווען קירצער, אומקלאָרער, צעוואָרפענער, ווי ער האָט זיך גערעכט. נאָר גראָד אין דער אומקלאָרקייט און אויסערלעכער צעוואָרפנקייט איז געלעגן דאָס איקערדיקע וואָס רעגט אַזוי אַנדרייען. מאָראָזאָוו האָט וועגן דער בויונג קאָנקרעט גאָרנישט ניט געזאָגט. ער האָט פאַר זיי פאָשעט אויסגעזאָגט דאָס וואָס ער אַליין פילט, — ליבע צום ניט באַוויזנטן קאַנט, שרעק, טרוימען, ליידנשאַפטלעכער פאַרלאַנג די מענטשן זאָלן זיך באַזעצן, זיך צוטוליען, זיך אָנציינדן מיט ענטוזיאַזם...

ער מאַכט אָוועק די קאָנטראַקטן ווי פוסטע פאַפירלעך, און עס קימערט אים ניט דער איינדרוק וואָס דאָס וועט מאַכן. און ער איז גערעכט. דער געדאַנק איז געוואָרפן. און די פאָדערונג...

אַנדריי דערמאָנט זיך מיט אַ שאַרפן ווייטיק, היינט דעם ערשטן מאָל, וועגן דינאַן... און טאָמער וועט דינאַ ניט וועלן קומען?

דעם רעשט טאָג גייט ער אום אַ פאַרסאַמטער מיט ספייקעס.

שפּעט אין אָוונט נעמט וועדנער צונויף די קאָמיוגיסטן און טוט דאָס וואָס קרוגלאָוו האָט דערוואַרט פונעם אינדערפריִיקן שמועס. פראַקטימדיק און פינקטלעך, מיט ציפערן און פאַרגלייכונגען דערציילט ער וועגן דער אויפגאַבע פון דער בויונג. אַנדריי שטעלט אים זיינע פראַגן. נאָר בעייס ער הערט אים אויס, כאַפּט ער זיך, אַז ער קוקט אַף אַלץ מיט די נייע, דורכדרינגלעכע, זשעדנע אויגן פון יענעם מענטשן, וואָס האָט אינדערפרי קאָנקרעט גאָרנישט ניט געזאָגט וועגן דער בויונג.

XIV

איבערן אַמור אַראָפּ שווימען אייז־בלאָקן און שיפן.

די קאָמיוגיסטן האָבן נאָך אַזעלכע אייז־בלאָקן ניט געזען. גאַנצע אינדזלען דרייען זיך, טוקן זיך און גייען מיט דעם וואַסער. ריזיקע, שווערע, בערישע, קריכן זיי איינער אַפן צווייטן מיט קראַך און געדונער, און צעשפריצן איבערן מוטנעם וואַסער טויזנטער דריידלדיקע אייז־שפליטערס. זיי שטעלן אויף קווער איבערן אַמור פאַבלהאַפטיקע בערג, קריכן אַף די נאָך ניט געדירטע אייז־פעלדער און שלאָגן זיך אָן מיט געקנאַל אָן די ברעגעס. די שיפן גייען לאַנגזאַם, ווי שטרויכלדיק, הינטער דער קריִע.

ווען עס גייט די גרונטיקע אייז־מאַסע, זעען אויס די ברעגעס ווי צעוווּנדיקט. גרויסע אייז־בלאָקן שטעלן זיך דיבאָם און האַלטן זיך איינער פאַרן צווייטן.

— שיין! — זאָגן די קאָמיוגיסטן.

— זעט, זעט, סאַראַ שיינקייט! — שרייט קאַטיאַ סטאַוורואָוואַ.

ער איז ניט נאָר שיין, דער ספּעקטאַקל, נאָר אויך שטרענג און שרעקלעך. נאָר וועגן דעם רעדט מען ניט.

פאַרבליבענע אייז־בלאָקן רייבן זיך באַ די זייטן שיף. פון אויבן מערקט

מען טײַלמאָל דורך דעם מוטנעם וואַסער דעם אומריס פֿון אונטערוואַסער־בלאָקן. מיט זייערע שאַרפֿע קאַנטן זעען זיי אויס דאַמבעס.

— נישקאָשע, מירן דערשווימען, — פֿאַרזיכערט יעפּיפֿאַנאָוו מײַסע־קענער. מאַטראָסן שילטן זיך פֿויל און פֿאַרשטעקן די שפּאַלטן. יעפּיפֿאַנאָוו העלפֿט זיי און דערציילט זיי טויכער־געשיכטעס וועגן שיפֿן, וואָס זײַנען צעריבן געוואָרן פֿונעם אײַז, וועגן אײַנגעזונקענע און געראַטעוועטע.

די הילצערנע „קאָלומב" שטייט אָפּ. „קאָמינטערן" גייט אָפֿריער, טאַפּט דעם וועג און שלעפּט נאָך זיך אַן איבערגעלאָדענע שווערע באַרזשע.

בײַ די שטילע דערפֿער און אָפּשטעלן, שטייט מען לאַנג, מאַכמעס ווײַטער איז נאָך דאָס אײַז ניט גערירט. דער פֿרילינג און דאָס וואַסער טוען זיך דאָרטן ווײַטער זייערס, און דאָס אײַז קראַכט, שפּאַלט זיך און די שטיקער לויפֿן איינער אַפֿן צווייטן.

נאַנײַער קומען אַרויס צום ברעג.

זיי טראָגן אויסגענייטע פֿוטערנע כאַלאַטן. די קאָמיוגיסטן זײַנען פֿאַראינטערעסירט מיט זייערע כאַלאַטן, מיט זייערע שוואַרצע, סטײַף־פֿאַרפֿלאָכטענע צעפּלעך און ניט פֿאַרשטענדלעכן לאָשן. נאָר די נאַנײַער ריידן אויך רוסיש. זיי שרײַען צום קאַפּיטאַן:

— דײַנער פֿרי שווים!

דער קאַפּיטאַן קוקט זיך אַרום: די נאַנײַער זײַנען גערעכט.

כאָווער ווערנער שפּאַנט איבערן קאַפּיטאַן־בריקל מיט אַ בינאָקל. ער איז דיקטאַטאָר פֿונעם דראָבערישן אײַז־מאַרש. ער באַראָט זיך מיט דעם קאַפּיטאַן, ער באַשטעטיקט דעם מענו פֿון די מיטאָגן, און יעדן אָוונט האָט ער קורצע באַראַטונגען מיט די קאָמוניסטן און קאָמיוגישע בריגאַדירן. אײנעם אָפּיצירן־זאַל פֿעלן אויס שטולן, זעצן זיך די יאַטן אַפֿן דיל. אַלע קוקן מיט דערעכערעץ אַף כאָווער ווערנערס שטײַפֿער פֿיגור און שטרענגן פּאָנעם.

— די דיסציפּלין טויג צו גאָרניט, — הייבט ווערנער אָן שאַרף און באַקוקט אַלעמען נאָך דער ריי מיט זײַנע קאַלטע ליכטיקע אויגן, — מיט די אוממענטשן ווערט קיין אַרבעט ניט געפֿירט. אַלץ געשפּרעכן, קלאַנגען, אומאָרדענונג. איך בעט מיר דערקלערן, פֿאַרוואָס דערלאָזט איר אַזעלכע סקאַנדאַלן?

קיין סקאַנדאַלן אייגנטלעך זײַנען ניטאָ. עטלעכע הונדערט יונגעלײַט, פֿריילעכע און נײַגעריקע, שווימען שוין דעם פֿערטן טאָג אַף אַן ענגער שיף צווישן שטרענגער נאַטור און אומבאַקאַנטע ערטער. מען האָדעוועט זיי קנאַפּ, וואָרעם באַשטימט געוועזן איז צו מאַכן די רײַזע אין צוויי טעג און די פּראָדוקטן לאָזן זיך אויס. די קאָמיוגיסטן קוקן ניט דערויף וואָס די פּאַרציעס זײַנען מאָגער און ווילן בעשום אויפֿן ניט אײַנזיצן שטיל אין די אַלגעמיינע קאַיוטעס און שטיל שפּאַצירן אַפֿן דעק; עס ציט זיי צום קאַפּיטאַן־בריקל, צו דער מאַשין־אָפּטיילונג, אַלץ ווילן זיי אָנקוקן און אָנטאַפּן. און אַף יעדן אָפּשטעל גלוסט זיך זיי אַראָפּשפּרינגען, אַ פּרווו טאָן מיטן פֿוס די נאָכגעלאָזטע ערד פֿונעם אומבאַקאַנטן קאַנט, פֿון דער נאָענט זען די נאַנײַער, אַ וואָרט מיט זיי אויסריידן. זיי ווילן כאַפּן פֿיש און שיסן דורכפֿליִענדיקע פֿייגל. און זיי ווילן טומלען, שרײַען, רודערן, לויפֿן, ווײַל די ענערגיע בעט זיך בײַ זיי אַף דרויסן.

— איך וואָרן אײַך, — זאָגט ווערנער — פֿאַר אַראָפּגיין אומדערלויבט

אַפן ברעג, וועל איך אַרעסטירן. איך בין אַרעוו פאַר אײַערע שטורמישע קעפּ, און איך וועל מיך באַגיין מיט אײַך שטרענג.

קרוגלאָוו איז פון ווערנערן אַנטציקט. ווערנער רעדט קורץ, זײַן באַטאַנונג איז האַרט, זײַנע אויגן דריקן אויס פעסטן ווילן און זעלבסטזיכערקייט. ער פאַזירט אַ ביסל מיט זײַן שטרענגקייט, נאָר אַנדערייען געפעלט אויך דאָס.

— ער אַרבעט אַף שיינקייט, — זאָגן די קאָמיוגיסטן.

נאָך לאַנגן פוסטעפּאַסעווען אין וועג און נאָכן לאַנגן וואַרטן אין כאַבאַראָווסק, פילן זיי זיך גוט אין פעסטע זיכערע הענט.

נאָר די „סקאַנדאַלן” פונדעסטוועגן, האַלטן אָן.

די ערשטע באַשטראָפטע זײַנען קאַטיאַ סטאַוראָווא, קאָסטיאַ פערעפעטשקאַ און וואַלקאַ בעססאַנאָוו, וואָס האָט זיך אין וועג אײַנגאַנצן צוזאַמענגעלעבט מיט די מאָסקווער. קאָסטיאַ פערעפעטשקאַ האָט אַ יאַגד־ביקס. ער האָט אונטערגעשאָסן אַ קאַרשון גלײַך פונעם באָרט, כאָטש שיסן פונעם באָרט איז קאַטעגאָריש פאַרבאָטן. און אין דער צײַט וואָס דער שאָס האָט צערודערט די שיף, לויפט פערעפעטשקאַ אַליין און מיט אים קאַטיאַ און וואַלקאַ מיט קוויטשערײַ און געשריי אַראָפּלאָזן אַ שיפל. דער אונטערגעשאָסענער קאַרשון טריפעט זיך אַף די כוואַליעס, דער שטראָם טראָגט אים. די מאַטראָסן גיבן זיי ניט קיין שיפל. קאַטיאַ בעט זיי מיט טרערן אין די אויגן, דער קאַרשון וועט אומקומען. נאָר דאָ טראָגט עס אָן ווערנערן.

— אַ נו, שטיל בלײַבן, — זאָגט ווערנער, ניט הויך נאָר באַפעלעריש — וואָס איז דאָ פאַר אַ פאַרווײַלונג ? שיסערײַ, טרערן, אומאָרדענונג. ווער איז שולדיק ?

פערעפעטשקאַ, קאַטיאַ און וואַלקאַ קוקן זיך איבער און יעדערער זאָגט : „איך”.

קאַטיאַ גיט זיך נאָך ניט אונטער און קוים וואָס מען הערט זי, גיט זי צו:

— דער קאַרשון טרינקט זיך . . .

— שנעל גייט אַרײַן צו מיר אין קאַיוטע ! — באַפעלט ווערנער די קאָמיוגיסטן און אַליין גייט ער זיי נאָך.

אין דער קאַיוטע איז ריין און היימלעך. אין אָפענעם פענצטער רײַסט זיך אַרײַן אַ קאַלטע לופט. ווערנער פאַרמאַכט דאָס פענצטער און קוקט אַף די שטיל־געוואָרענע פאַרברעכער.

— גיב אַהער די ביקס — זאָגט ער צו קאָסטיאַן.

קאָסטיאַ דערלאַנגט אים שטיל די ביקס. ווערנער לאָדט זי אויס, לייגט אַרײַן די קוילן צו זיך אין קעשענע און הענגט אויף די ביקס אַף אַ האָק.

— זעצט אײַך דאָ אַוועק און באַטראַכט אײַך. ווי גוט ! פאַרויסגייענדיקע, הויפּטשטאָטישע קאָמיוגיסטן רײַסן אַראָפּ די דיסציפּלין אַף דער שיף.

ער גייט אַרויס און פאַרשליסט די טיר הינטער זיך.

צוויי שאָ זיצן זיי אַרעסטירטע.

אין דער וואַנט־צײַטונג באַווײַזט זיך אַ קאַריקאַטור פון די דרײַ העלדן. גרישאַ איסאַקאָוו האָט צו דער קאַריקאַטור געמאַכט אַן אונטערשריפט :

געכאַפּט האָבן זיי אַ קאַרשון מיט שיסערײַ און מיט געוויין,
נאָר אַנשטאָט דעם קאַרשון, אַרײַנגעפאַלן זײַנען זיי אַליין.

צו אַלעמענס פרייד פאַלן אַרײַן דעם זעלביקן טאָג די אינזשעניערן. אַף דער שיף פאָרן באַ דרײַסיק פאַרשוין אינזשעניערן. זיי פאַרנעמען ערשטקלאַסיקע קאַיוטעס און האַלטן, אַז ווערנערס באַפעלן קערן זיך צו זיי ניט אָן,

אַף יעדן אָפּשטעל גייען זיי אַראָפּ אַפן ברעג מיט זייערע ווענדקעס און ביקסן. שוין דעם ערשטן טאָג איז דער אינזשעניער פעדאָטאָוו אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם פישפאַנג, אַז ער האָט שיר ניט אָנגעווווירן די שיף. דער אינזשעניער סליעפּצאָוו, וואָס פאַצעטעוועט מיט זײַן נײַעם יאַגד־אָנצוג, האָט שיר ניט דערשאָסן אַ היימישע ציג, וואָס ער האָט אָנגענומען פאַר אַ ווילדער.

נאָכן פאַל מיט דער ציג, האָט ווערנער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, וואָס פאַרבאָט יעדן איינעם, אָן אויסנאַם, אַראָפּצוגיין פון דער שיף. און דאָך, זײַנען פינף אינזשעניערן, צווישן זיי דער הויפּט־אינזשעניער, סערגיי ווי־קענטיעוויטש, אַראָפּ אַפן צווייטן אָפּשטעל און האָבן זיך אויסגעזעצט באַם ברעג מיט זייערע ווענדקעס.

— אַרונטערנעמען די קלאַטקע! — באַפעלט פּריילעך ווערנער.

די קאָמיוגיסטן שפּרינגען פון אומגעדולד און פאַרגעניגן.

מען נעמט אַרונטער די קלאַטקע.

די אינזשעניערן כאַפּן זיך צו שפּעט. זיי וואַרפן אַוועק די ווענדקעס און טאַפּטשען זיך אַפן ברעג. זיי זײַנען צעטומלט און זיי שרײַען. די קאָמיוגיסטן דריקן זיי אויס מיטגעפיל און קוקן צו ווערנערן. ווערנער הייסט טייקעף אַרויסשיקן אַ שיפל, נאָר די אינזשעניערן הייסט ער צופירן ניט צו דער שיף, נאָר צו דער באַרזשע. עס העלפן ניט קיין פּראָטעסטן און געבעט. די פינף אינזשעניערן זעצט מען אַרויף אַף דער באַרזשע און דאָרט זיצן זיי ביזן אָוונט.

פאַר זון־פאַרגאַנג פירט זיי ווערנער איבער אַף דער שיף און האָט מיט זיי אַ לאַנגן שמועס אין דער קאַיוטע.

— איך בעט אַנטשולדיקונג, נאָר באַפעל איז באַפעל. איר זײַט אַף די אויגן באַ טויזנט קאָמיוגיסטן. זײַט אַזוי גוט און ווײַזט אַ בײַשפּיל.

דעם גרונט־געדאַנק באַקרעפטיקט ווערנער מיט אַ גוטן נאַכטמאָל.

— אַליינהערשער פון גאַנץ רוסלאַנד! — איז סליעפּצאָוו דערנאָך אויפגעבראַכט.

— בראַוואָ! — זאָגט סערגיי וויקענטיעוויטש. אים איז קאָמיש, וואָס מען האָט אים באַשטראָפט ווי עפּעס אַ קונדעס, נאָר ער האָט ליב אַנטשלאָסענע און באַפעלערישע מענטשן און אין האַרצן איז ער מעקאַנע ווערנערן, וואָרעם אַליין דערוועגט ער זיך קיינמאָל ניט זײַן אָט אַזאַ. פאַר אַ נאַרישקייט צו האַלטן אַף אַ שמוציקער באַרזשע סאָלידע בעקאָוועדיקע ספּעציאַליסטן.

שפּעט אינאָוונט קומט פאַר אַן אָרדנטלעכע באַראַטונג אינעם אָפיצירזאַל. דער קאַפּיטאַן גיט צו וויסן, אַז פאַרויס שטייט פעסטער אײַז, דער טײַך איז נאָך ניט געשפּאַלטן און אַף באַנאַכט וועט מוזן פאַראַנקערן, מעגלעך אַף אַ גאַנצן מעסלעס.

— ברויט לאָזט זיך שוין אויס, — גיט צו וויסן ווערנער — אַף דער באַרזשע זײַנען פאַראַן קאָנסערוון, נאָר ווייניק. מ'עט מוזן שנײַדן די פאַרציעס. מען דאַרף מאָביליזירן די מענטשן. יעדער קאָמיוגיסט מוז זיך דורכדרינגען מיט דעם באַוווסטזײַן, אַז דאָס איז דער ערשטער עקזאַמען. עס שטייען פאַר נאָך מער שווערקייטן. מען מוז צוגעוווינען זיך אַליין און צוגעוווינען די מענטשן.

ביזן נאַכטמאָל פעלן נאָך פערציק מינוט. אַף נאַכטמאָל באַשליסט מען אַרויסגעבן צו האַלבער פושקע קאָנסערוון אַף אַ מענטשן און אַ רייפטל

ברויט ; אַז ניט, וועט ניט קלעקן ביזן סאָף וועג. מען מוז צוגרייטן די מענטשן צו דעם ניט אָנגענעמען סורפּריז.

נאָך דער באַראַטונג גייען זיך די קאָמוניסטן און בריגאַדירן פונאַנדער איבער דער שיף.

אַנדריי דערציילט פּאַשעט וועגן דער באַראַטונג און ווי עס האַלט מיט ברויט. די קאָמיוגיסטן פאַרשטייען פון האַלבן וואָרט און זאָגן :

— נו, מיילע, וועט מען איינציִען די פּאַסקעס.

טאָניאַ האַלט אַ גאַנצע רעדע. אין דער געהויבענער שטימונג ווי זי פילט זיך דעם גאַנצן וועג, ביפראַט נאָך דער באַגעגעניש מיט גראַנאַטאָוון, דוכט זיך איר דער איבערשלאָג מיט ברויט ווי אַן ערשטער קאָרבן וואָס זי דאַרף ברענגען דער אידעע. מיט פרייד איז זי גרייט צו הונגערן און וויל די פרייד איינפלאַנצן אויך אין די קאָמיוגיסטן. מען הערט זי אויס העפלעך און קאַלט. עפּעס דוכט זיך אַלעמען, אַז גרינג איז איר צו אַגיטירן, אַז זי איז ניט הונגעריק און אַז זי קען ביכלאַל ניט זיין אַזוי הונגעריק ווי אַנדערע.

קלאַוואַ העלפט איר אַרויס :

— העלדן זייט איר, און איר האָט דעם מוט פאַרלוירן. וואָלסט געמיינט ווער ווייס וואָס. צוויי טעג צו ליידן. ווער עס וועט ניט קענען אויסהאַלטן, זאָל קומען צו מיר, וועל איך אָפּגעבן מיין נאַכטמאָל, נאָר וויינט ניט.

באַם נאַכטמאָל הייבט זיך אויף פּאַשקאַ מאַטווייעוו.

— קינדער ! — זאָגט ער — דאָס בעסטע מיטל קעגן הונגער איז שלאָפן. אונדז שאַדט ביכלאַל ניט זיך אויסצושלאָפן. אַפּן פלאַץ וועט קיין צייט ניט זיין. איך שלאָג דערום פאָר שוין פאַרנעמען די קאָיקעס און שלאָפן אַזוי לאַנג געדולד וועט קלעקן. לעבן זאָל דער שלאָף !

אינדערפרי כאַפּט מען זיך אויף פון אַ טומל. ניט ווייט פון דער „קאָמינטערן" שטייט פאַראַנקערט אַ צווייטע שיף, און אַף דער שיף הערט זיך אַ שיסעריי, געשרייען און געקלימפּער פון דער אַנקער־קייט. די שיף, ווייזט זיך אַרויס, איז אָנגעפּראָפּט, אַף אַלע דעקן, אַפן קאַפּיטאַן־בריקל, אַף די טראַפּן איז שוואַרץ. באַ דער נאָז אייסעקט מען זיך און מען פרוווט אויפהייבן דעם אַנקער.

די „קאָלומב" איז עס, מיט דער צווייטער פּאַרטיע קאָמיוגיסטן.

— צו דער „קאָלומב" ! — שרייט דער קאַפּיטאַן פון „קאָמינטערן" איבעם הילכער.

נאָר פון דער „קאָלומב" ענטפערן בלויז טומלדיקע געשרייען.

ווערנער באַקוקט זיין אַקטיוו.

— ווער וויל אַף דער „קאָלומב" ?

אַנדריי קרוגלאָוו טרעט אַרויס :

— איכל צופאָרן.

מען לאָזט אַראָפּ דאָס שיפל. מיט אַנדרייען פאָרט אויך טימקאַ גרעבען.

— אַז שטאַרבן, איז אינאיינעם — שפּאַסט ער און לייגט זיך אָן אַף די רודערס.

קיינער קומט זיי ניט אַרויס אַקעגן. לאַנג דרייען זיי זיך אַרום דער שיף, זיי זוכן ווי צוצוקומען און צופעסטיקן דעם עק. דערפאַר רינגלט זיי אַרום אַף דער שיף אַ טומלדיקער אוילעם.

— ווער איז באַ אייך עלטסטער ? — פרעגט קרוגלאָוו אַ ביסל פאַרלוירן.

— קיינער ניט — ענטפערט מען אים פאַרריסן.

אַפּן דעק זעט מען ניט דעם קאַפּיטאַן, ניט די מאַטראָסן. דער קאַפּיטאַן האָט זיך פֿאַרשלאָסן באַ זיך אין קאַיוטע און וויל ניט אַרויסגיין אַזוי לאַנג אַף דער שיף וועלן באַלעבאַטעווען „די דאָזיקע פּיראַטן". טימקאַ גרעבען רעדט אים קוים איַין ער זאָל אים עפענען.

אַנדריי קרוגלאָוו בלייבט אויג אַף אויג מיט די יונגע „פּיראַטן". די „פּיראַטן" זיַינען הונגעריק און פריילעך צערודערט מיט דער אויסערגעוויינ־לעכקייט פון זייער לאַגע. ער געפינט ליַיכט אויס ווער עס זיַינען די פירער: אַ געוויקסיקער באָכער מיט ווייכע ליפּן, וואָס מען רופט אים ניקאָלקאַ, און אַ פריילעך באָכערל מיט זומער־שפּרענקלעך, וואָס פאַרוויַילט זיך קענטיק גאַנץ קינדיש מיט דער פּאַסירונג.

אַנדריי הייבט אָן דעם שמועס פון זיַיטיקע פראַגן, וואָס ווערן אים אונטערגעזאָגט פון טאַקטישע האַשאָרעס און פון אוממיטלבאַרן יוגנטלעכן בגיר:

— צוואָס האָט איר געשאָסן?

— אין דער לופטן... דעם קאַפּיטאַן אָנשרעקן.

— צוואָס האָט איר געוואָלט אויפהייבן דעם אַנקער?

— מען דאַרף שווימען וויַיטער! וואָס וועלן מיר דאָ שטיין? וואָס האָבן מיר דאָ צו טאָן?

— ווער־זשע וועט איַיך פירן די שיף?

— אָט איך, אַ גרויסע קונץ! — שפּרינגט אַרויס דאָס באָכערל מיט די זומער־שפּרענקלעך.

— דו קענסט דען?

— וואָס איז דאָ צו קענען? פאָרויס און פאָרויס. ס'איז ניט דער יאַם. דאָס איז ניט קיין גרויס קענטעניש.

— כ'זע שוין אַז דו ביסט אַ גרויסער קאַפּיטאַן, — שפּעט פון אים אַנדריי — אַפּן יאַם איז גרינגער ווי אַפּן טיַיך. דאָ דאַרף מען קענען דעם פאַרוואַטער (קאַנאַל), פאַראַן זאַמד־בענק, שליוזן, סיגנאַלן, אָן אַ מאַפּע וועסטו ניט אַדורך. קאַפּיטענער אַפילע זעצן זיך דאָ.

דאָס באָכערל מיט די זומער־שפּרענקלעך איך צעטומלט, נאָר מען נעמט זיך אָן פאַר אים.

— עס האָט אויך ניט קיין זין דאָ צו שטיין! — שריַיט ניקאָלקאַ.

— מיר זיַינען נאָך פון נעכטן הונגעריק! — שריַיען אַנדערע.

— עך, איר קאָמיוגיסטן! — גייט אַנדריי טייקעף איבער אין אַטאַקע — ווי לאַנג איר זיַיט געפאָרן אין צוג, זיַיט איר אַלע געווען העלדן. גרייט גע־ווען אין מילכאָמע גיין, ניט געקוקט אַף שוועריקייטן. און ווי נאָר די ערשטע שוועריקייט, „זדרעפּעט" איר?

אַנדריי אורטיילט ניט די יאַטן, ער אורטיילט זיך און די גאַנצע פאַר־טיי־גרופּע,, וואָס האָט ניט פאָרויסגעזען דאָס וואָס האָט פּאַסירט. און איצט, איבערגעלאָזט אַף זייער אייגענעם באַראָט, האָבן די קאָמיוגיסטן, אַף דער הייסער מינוט, באַגאַנגען נאַרישקייטן און האָבן די נערוון צעשרויפט, און ס'איז ניט אַזוי גרינג איַינצופירן אָרדענונג. ער דערמאָנט זיך מאַראָזאָווס ווערטער: „מען דאַרף שאַפן מענטשן". עס קומט אונטער דער אָונט־קאָנ־טראָל; וועט ער זיי קענען איבעררייַדן, אַוועקפירן נאָך זיך?

ער איז גרייט צו דער שלאַכט.

נאָר אומגעריכט און פּאָשעט איז אַלץ געלייזט געוואָרן.

— דו פיר אונדז נאָר ניט אונטער — צעשרײַט זיך אַ צעשויבערטער טונקל־הויטיקער באָכער אין אַ געשטרײַפטן פוטבאָל־העמדל, — אַלע שוועריקייטן וועלן מיר איבערטראָגן, דו שרעק אונדז נאָר ניט מיט שוועריקייטן!

— דאָ גייט ניט אין שוועריקייט! — כאַפּט אונטער דאָס באָכערל מיט די זומער־שפּרענקלעך — דער קאַפּיטאַן איז אַ ביוראָקראַט, האָט זיך אָפּגעשלאָסן, ווי פון אַ מאַגייפע... וואָלט מען זיך מיט אונדז דורכגערעדט... וואָלט מען אונדז געזאָגט, אַז דאָס איז די ערשטע שוועריקייט, וואָלטן מיר ס'מויל ניט געעפנט...

אַנדריי צעלאַכט זיך. אויך די יאַטן צעלאַכן זיך פאַרשעמטע.

— איר האָט, הייסט עס, ניט געוווּסט אַז דאָס איז אַ שוועריקייט, געמיינט ס'איז פּאַשעט קיין ברויט ניטאָ?

— מיר האָבן גאָרנישט ניט געמיינט, — מרוקעט דערויף אַ שיינער שטיפערישער באָכער און מיטאַמאָל צעלאַכט ער זיך — פרעסן האָבן מיר געוואָלט און דאָ איז ניטאָ אַפילע ווער עס זאָל אונדז אַ וואָרט זאָגן. איז עס אַן אָרדענונג? נאָר שוועריקייטן דערלאַנג וויפל דו ווילסט, מירן זיך ניט זעצן ווייגען.

ניקאָלקאַ טרעט אָפּ, ער באַהאַלט זיך הינטערן רוקן פון זײַנע כאַוויירים.

טימקאַ גרעבען בלײַבט אַף דער „קאָלומב” אַלס געהיימער קאָמיסאַר, און קרוגלאָוו מיט דעם געשפּרענקלטן פירער פון די „פּיראַטן” שווימען אָפּ מיט דעם שיפל צו דער „קאָמינטערן”. פאַר אַנדרייען איז קלאָר, אַז מען מוז אומבאַדינגט באַקומען ברויט און קאָנסערוון. דעם געשפּרענקלטן באָכערל האָט מען גערופן פעטיאַ גאָלובענקאַ, ער האָט ערשט פאַראַיאָרן געענדיקט אַ פאַבריק־שול אין דניעפּראָפּעטראָווסק. פאַרריסן און שולדיק קלערט ער אויף:

— די גאַנצע פירערשאַפט האָט זיך באַזעצט אַף דער „קאָמינטערן” און אונדז האָט מען אַנגעפּאַקט ווי הערינג אין אַ פעסל און איבערגעלאָזט, קיינעם גייען מיר ניט אָן.

— דו שווײַג בעסער — זאָגט אים גוטמוטיק אַנדריי.

און פעטיאַ ווערט אַנטשוויגן.

אַף דער „קאָמינטערן” איז מיט פּראָדוקטן ניט פויגלדיק, נאָר די רעזערוון טיילט מען אײַן גלײַך אַף גלײַך. אַף די קאָלומבער פאַלט אויס זיבן ברויטן און הונדערט פּושקעס קאָנסערוון.

קרוגלאָוו און גאָלובענקאַ פאָרן פריילעך צוריק אַף דער „קאָלומב”. קרוגלאָוו שטאָלצירט אַ ביסל דערמיט וואָס ווערנער האָט אים באַפולמעכטיקט צו בלײַבן אַף דער „קאָלומב” אַלס פירער, און גאָלובענקאַ פילט זיך וויכטיק אַלס היטער פונעם באַשפּײַזונגס־רעזערוו.

— ווער זײַנען דאָ מאַטעמאַטיקער? — שרײַט ער אויס ווען ער קומט אַרויף אַף זײַן היימישן דעק, ווו ער איז ערשט געווען אייבערפירער פון די „פּיראַטן”.

עס געפינען זיך אָפּ מאַטעמאַטיקער.

— שוועריקייט נומער צוויי! — שרײַט גאָלובענקאַ אַלע זאָלן אים הערן — אײַנטיילן זיבן ברויטן אַזוי, אַז אַלע זאָלן זײַן זאַט.

— יעזוס קריסטוס! — שפּאַסן די קאָמיוגיסטן.

פרײַוויליקע קיכער קאָכן אָפּ פון די קאָנסערוון אַ זופּ. סײַ ברויט און סײַ זופּ איז ווייניק. נאָר די קאָמיוגיסטן זײַנען מעכאַבעד די מאַטראָסן און

שיקן אַ דעלעגאַציע צום קאַפּיטאַן. די דעלעגאַציע טראָגט מיט זיך אַ שי־סעלע זופּ, אַ רייפּטל ברויט און די אויפריכטיקסטע אַנטשולדיקונגען. די קאָמיוגיסטן בעטן דעם קאַפּיטאַן ער זאָל אומבייטן דעם צאָרן אַף גענאָד.

דער קאַפּיטאַן ברעקלט זיך, ער עסט אויף דעם זופּ און איז מאַסקים.

נאָכן שטורמישן און הונגעריקן טאָג גייט דאָס יונגוואַרג פרי שלאָפן און שלאָפט פעסט איין.

ווען די איינגעשטילטע „פּיראַטן" כאַפּן זיך אויף און גייען אַרויס אַפן דעק, רודערט שוין די אַלטע „קאָלומב" דאָס וואַסער מיט איר פאַרצייטיקער ראָד און שווימט שנעל מיטן שטראָם. זי גייט זיג־זאַגיק, דאָ האַרט באַם ברעג, דאָ אַפן מיטן טייך. פּעטיאַ גאָלובענקאָ קוקט זיך צו צום קאָמפּליצירטן פאַרוואַטער און פרייט זיך וואָס קיינער דערמאָנט אים ניט זיינע נעכטיקע ווערטער.

— קוקט זיך איין, — זאָגט דער גוט געוואָרענער קאַפּיטאַן — ווי נאָר אַף דער לינקער זייט וועט זיך באַווייזן אַ דערפל, זיינען מיר באַם ציל.

רעכטס ציִען זיך פעלדזיקע קרומע באַרג־רוקנס האַרט באַם וואַסער. די ברעגעס זיינען נאָך איינגעשמידט אינעם אייז־הייטל. נאָר אַף די רוקנס פון די סאָפּקעס טיילן זיך שוין אויס צאַרט־לילאָווע פריילעכע פלעקן. ווען די שיף גייט נאָענט פון ברעג, מערקט מען שוין קוסטעס באַשאָטענע מיט בלומען.

— באַגולניק, — קלערן אויף די מאַטראָסן — ער בליט טייקעף נאָכן שניי.

דער לינקער נידעריקער ברעג ווערט אַלץ מער פאַרביטן מיט בערגלעך, וואָס זעען אויס באַם האָריזאָנט אַלץ נענטער צום ווייטן באַרג־רוקן. דער פריילינגדיקער אויסגוס פאַרטרינקט די נידעריקע ערטער. ערטערווייז שטעקן אַרויס פונעם וואַסער שפּיצן ביימער. די שוואַרצע געדיכטע טייגע טרעט צו צום סאַמע וואַסער.

— ערד! — שרייט מיטאַמאָל אויס פּעטיאַ גאָלובענקאָ און פאָכעט מיט דער קעפּקע. אַפן לינקן ברעג, ווייט פאָרויס, מערקן זיך אומקלאָרע שטריכן פון אַ דערפל.

אַלע לאָזן זיך לויפן צום לינקן באָרט.

דאָס דערפל ווערט אַלץ נענטער. אַף אַ הויכן זאַמדיקן ברעג טוליען זיך שוואַרצע געטעסעטע הייזקעס מיט פיצעלעך פענצטער. פון די קוימענס הייבן זיך רויכלעך. מען זעט שוין מענטשן אַרויסקומען פון די שטיבער.

— ערד, — שרייט פּעטיאַ גאָלובענקאָ און דרייט מיט דער קעפּקע איבערן קאָפּ. ער פילט זיך ווי דער מאַטראָס וואָס דערזעט פונעם זעגלבוים די אינדיע וואָס ער האָט זיך פאָרגעשטעלט.

און קרוגלאָוו פילט זיך ווי קאָלומבוס אַליין בעראָש פון זיינע צעבונ־טעוועטע און איינגעשטילטע מאַטראָסן, וואָס אַנטדעקט די נייע ערד. אָט איז ער, דער געגאַרטער ברעג, וווּ עס וועט „פאָרלייגט ווערן די נייע שטאָט". קרוגלאָוו טוט נאָך ווערנערן, ער שפּאַנט איבערן קאַפּיטאַן־בריקל און באַמיט זיך איינהיטן אַפן פּאָנעם דעם אויסדרוק פון באַפעלערישער און שטרענגער רויִקייט.

באַם ברעג דרייען זיך די שיפן אויס מיט דער נאָז אַקעגן שטראָם.

די קאַפּיטאַנען שרייען: „פאָרויס! דער קליינער צוריק! דער קליינער פאָרויס!"

דער ווידערקאָל פאַרלירט זיך אין דער טײַגע, הינטער די שטיבעלעך פונעם יִישעוו.

אָפן ברעג שטייען מענטשן. זיי קוקן אָן שום פרייד אָף דעם טומלדיקן אוילעם פון די שיפן. באַ דער זײַט שטייען קרעפּטיקע, פוכיקע צאָפן־הינט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן.

די שיפן בלײַבן שטיין.

ניט געאײַלט לאָזן די מאַטראָסן אַראָפּ די קלאַטקעס.

— דעם עק דערלאַנג! — שרײַען זיי און וויגן זיך אין די שיפלעך.

אַ פאַררעטערישער אײַז־בלאָק האָט זיך אַרײַנגערוקט צווישן די שיפן און דעם ברעג. ער קערט שיר ניט איבער די שיפלעך.

— היט זיך! — שרײַען די מאַטראָסן און שטופן אָפּ דאָס אײַז מיט די שטאַנגען.

קרוגלאָוו שטייט באַם אַרויסגאַנג און יאָגט זיי אין געדאַנק: „גיכער שוין, גיכער!”

— ניט אַראָפּגיין אָפן ברעג! זיך אויסשטעלן אין אַ קייט! וואַרטן אָף מײַן באַפעל! — קאָמאַנדעוועט ווערנער אינעם הילכער. ער שטעלט אויס זײַנע קאָמיוגיסטן אין רייען. ער וויל אַראָפּגיין אינאײנעם מיט זיי, נאָך דער ערשטער.

אויך אַנדריי קרוגלאָוו שטעלט אויס זײַנע קאָמיוגיסטן און אויך ער וויל אַראָפּגיין דער ערשטער. ער קען שוין ניט אײַנהיטן אָפן פּנעם דעם אויסדרוק פון באַפעלערישער און שטרענגער רויִקייט. ער פאַרגעסט נאָכצוטאָן ווערנערן און קאָלומבוסן. עטלעכע מעטער פון אים איז די ערד און אים שטייט פאָר זי צו באַטרעטן צווישן די דעראָבערערס.

ווערנער שפּאַנט שוין איבער די בריקלעך. די ברעטער וויגן זיך אונטער אים, נאָך דעם באַפעל גיט ער נאָך ניט.

קרוגלאָוו האָט מוירע ער וועט פאַרשפּעטיקן און גיט זיך אַ ריס פונעם אָרט, מיט דרײַ שפּרינג לויפט ער אַראָפּ די צעהוידעטע קלאַטקע, גיט אַ שפּרונג אָפן נאַסן זאַמד, וואַרפט אַרויף הויך איבערן קאָפּ דאָס לאַפּן־מיצל, וואָס ער האָט פונעם קאָפּ אַראָפּגעריסן, און שרײַט מיט אַן איבערגעריסענער יִינגלשער שטים:

— ערדד!

# XV

דער זאַמדיקער ברעג איז צעטראָטן, צעגראָבן מיט די קנאַפּל, פאַרוואַלגערט, מיט וואַליזעס, מיט קיישלעך, מיט קלומקעס.

דער עלעקטריזירטער אוילעם קאָמיוגיסטן דרענגט זיך אָפן ברעג און מישט איבער אייגענע און פרעמדע זאַכן. ווו מען וואַרפט אַ בליק, זעט מען יונגע פּנעמער. און איבער זיי פון אַ הויפן קאַסטנס אַראָפּ הערט זיך ווערנערס קאָל, אַ דײַטלעכער, אַ קלאָרער, אַן אָנגעוואַרעמטער פון דער רעגונג.

— קאָמיוגיסטן! אין לעבן פאַלט אויס אָף יעדן מענטשן אויפצוטאָן אַ זאַך וואָס בלײַבט אָף אייביק, אָף אײַך איז אויסגעפאַלן אַזאַ גליק.

מיט די קעפּ אין די קרעפּטיקע אַקסלען אַרײַנגעצויגן, הערן זיך אָנגעשפּיצט אײַן די אָרטיקע אײַנוווינער צו די נײַע ווערטער. פוכיקע הינט באַשמעקן אומצוטרווילעך די נײַע מענטשן. מיט איין מאָך פון דער האַנט פירט

װערנער איבער אַ שטריך איבער דער הײַנטיקער לאַנדשאַפט און שאַפט אַף איר די צוקונפט־שטאָט.

קאָמיוגיסטן! קאָמיוגיסטקעס! איר װעט אין גראַניט אָנקלײדן די אָפּגעהאַקטע ברעגעס פונעם גרױען אַמור! איר װעט מיט אַספאַלט פאַרגיסן די ברײטע גאַסן פון דער נײַער שטאָט! איר װעט אױפבױען אַ זאַװאָד, װאָס זײַן מאַכט און שײנקײט װעלן מעקאַנע זײַן די גרעסטע זאַװאָדן פון דער װעלט! איר זײַט יונג, איר זײַט ענערגיש, איר זײַט אומדערשראָקן — זאָגט־זשע איצט צו קאָמיוגיסטיש, שלאָגלעריש איבערצושטײַגן די אױפגאַבע אין צװײ יאָר אױפצובױען אַ בליִענדיקע שטאָט.

— מירן אױפבױען! — שרײַט אױס די ערשטע קאַטיאַ סטאַװראָװאַ
— אורר־ראַ!

— קאָמיוגיסטן און קאָמיוגיסטקעס! הײַנט הײבט זיך אָן אַ נײַ אױסגעצײכנט בלאַט געשיכטע פון סאָציאַליסטישער בױונג. לאָמיר־זשע אים אָנהײבן מיט שלאָגלערישער אַרבעט. צו דער אַרבעט, כאַװײרים! צו דער אַרבעט!

ער פאַרשאַרצט די אַרבל און שרײַט אױס מיט אַ יונגער גליקלעכער שטים:

— געװעזענע רױטאַרמײער, פאָרױס!

ער שיקט זײ אױפשטעלן געצעלטן און באַזאָרגן די בױער מיט נאַכטלעגער.

— מוליערעס, סטאָליערעס, טעסליערעס — לינקס!

ער גיט זײ איבער אױפצושטעלן דעם עס־זאַל.

— קיכערס, קעלנערס, מײדלעך — רעכטס!

ער שיקט זײ באַקומען פראָדוקטן און געשיר.

— אַלע איבעריקע בלײַבן. בריגאַדירן אַהער. אונדזער שלאָגלערישע אַרבעט איז ביז נאַכט אױסצולאָדן די שיפן.

און די אַרבעט הײבט זיך אָן.

אוך, װי אײַנגעשטאַנען די פיס זײַנען פון אומבאַװעגונג! װי אױסגעבענקט עס זײַנען די הענט, װי עס לעכצן די מוסקולן! די אַרבעט איז איצט אַזױ געגאַרט, אַזױ אָנלאָקנדיק. ניטאָ קײן מאַסע װאָס זאָל זײַן איבער די קױכעס, און ס'איז דוכט זיך ניט מעגלעך די קלאַטקע אַראָפצוגײן מיט געװײנלעכן שפּאַן. אַלץ װערט געטאָן לױפנדיק. און אַלץ געפעלט דאָ — די פּאַשעטע, גראָבע, באַװעגלעכע אַרבעט און דאָס װאָס די מײדלעך קאָכן, דאָס װאָס דערנעבן רױשט און רײַבט זיך מיט זײַן אײַז באַם ברעג דער כמורנער אַמור און דאָס װאָס די קאָמיוגיסטן רײַסן זיך אַרײַן אין דעם שטילן פאַרשלאָפענעם דאָרף װי די אָנזאָגער פון אַן ענדערונג.

דאָ טײלן זיך אױס אױך אָרגאַניזאַטאָרס. אומבאַמערקט פאַר זיך און פאַר אַנדערע, שטופּט גענאַדי קאָליוזשני אַרױס װערנערן און גראַנאַטאָװן און נעמט אָנפירן מיט דער אָפּלאָדונג. ער האָט אַמאָל געאַרבעט אַלס טרעגער אינעם אַדעסער האַפן. ער װײס װי צו אָרגאַניזירן אַזאַ אײַליקע מאַסן־אַרבעט. אַזױ אױך באַקומט זיך פון זיך, אַז סיאָמאַ אַלטשולער װערט זײַן געהילף. „אַהין! דאָרט! אָט אַזױ!" — װאַרפט גענקאַ װערטער און דערגאַנצט זײ מיט בילדלעכע זשעסטן, און סיאָמאַ פאַרשטײט אים אױסגעצײכנט.

די שיף־קעלערס װערן אַלץ לײדיקער.

און אַלץ פולער װערט דער ברעג, און עס װאַקסן אַף אים בערג מיט

אַלערליי מאַסאָעס. וואָס איז דען דאָ ניטאָ! דריי־בענק און זעק מיט מעל און צוקער, זעקלעך צעמענט און בייגלעך שטריק, קאַסטנס פון פאַרשיידענער גרייס און פײַער־קאַסעס, בינטן מאַטראַצן און שרײַב־מאַשינקעס.

די מיידלעך קומען צו לויפן איין מאָל און אַ צווייטן מאָל.

— איר'ט עפשער גיין עסן.

— צום טײַוול! — שרײַען די יאַטן — מירן פריער פאַרענדיקן. מיט אַ ליידיקן מאָגן איז גרינגער.

דער הימל טונקלט זיך שוין, זאָגט אָן אָוונט. די פיס לויפן שוין ניט אַזוי כוואַטסקע. מ'איז שוין אָנגעשטרענגט. מען פילט שוין שווערער די מאַסע. און אַלץ שאַרפער פילט זיך דער הונגער.

— ענ־דיי־קן! — שרײַט אויס קאַליוזשני.

די לעצטע קאַסטנס, די לעצטע זעק לאָזן זיך אַראָפּ איבער די קלאַט־קעס אַף די רוקנס פון די געבויגענע פאַרמאַטערטע מענטשן.

וואַלקאַ בעססאָנאָוו וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם לעצטן קאַסטן און באַ־קוקט זײַנע ביז בלוט צעריבענע דלאָניעס.

— אָט האָסטו דיר איינס! — קנייטשט ער זיך פאַר ווייטיק און רופט זיך אָן, מײַסטע קענער, צום צוגעקומענעם ווערנערן:

— אַזעלכע טרעגער האָב איך אַפילע אין אַדעס ניט געזען.

נאָכן הייסן און זאַטן מיטאָג גייען זיך פונאַנדער די קאָמיוגיסטן איבערן דאָרף. אין די הײַזער באַזעצן זיך די אינזשעניערן. די קאָמיוגיסטן פרעטענ־דירן אַפילע ניט אַף קיין צימערן. סאַראַיעס, בעדער, בוידעמער, שפּײַכלערס, היי־קאַמערן, אַלץ ווערט צוגעריכט פאַר וווינונגען.

סערגיי וויקענטיעוויטש איז נאָך באַ זיך ניט זיכער צי איז ער שוין הויפּט־אינזשעניער פון דער בויונג, אָדער ער האָט נאָך די פונקציע פון קאָ־מענדאַנט איבער דער צוזאַמענוווינונג. אַף יעדן פאַל פאַרנעמט ער זיך נ"ט מאַטראַצן אַרויסגעבן. מאַטראַצן קלעקט ניט פאַר אַלעמען.

הינטערן דאָרף, באַם ברעג אַמור, קומט אויף אַ לאַגער פון געצעלטן. די געוועזענע רויטאַרמייער ספּראַווען זיך שנעל מיט דער צוגעווויינטער אַר־בעט. איצט מײַסטרעווען זיי אַף שנעל טאַפּטשאַנעס. יעפּיפאַנאָוו טיילט זיך צווישן זיי אויס מיט זײַן באַזונדערן אייפער. ער האָט אַף זײַן לעבן ניט געהאַט צו טאָן מיט קיין געצעלטן אויפשטעלן און מיט טאַפּטשאַנעס מאַכן, נאָר קיין קונצן שטעקן ניט דערין; ווילן אָבער האָט ער איבערגענוג. אַלץ קומט באַ אים אַרויס פונקט ווי ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, — פון גאָרניט דאַרף מען שאַפן אַלץ. פון אָנהייב ביזן סאָף מיט אייגענע הענט. אַוועקקוקן איז קיין צײַט ניטאָ, נאָר אויך אומגעקוקט, פילט ער הינטער זיך די דרעמ־לענדיקע ניט באַטראָטענע טײַגע, פאַר זיך — דעם ברייטן, ווי אַ יאַם צע־לייגטן שיינעם אַמור, און איבער זיך אַ גרויסן, פרײַען, מיט ווינט און פריי־לינג אָטעמענדיקן הימל.

קאָליאַ פּלאַט קומט צו לויפן: „קום, גוטער ברודער, איך האָב פאַר־נומען פאַר אונדז ביידן אַ וווּנדערלעכן ווינקל אין אַ באָד", נאָר יעפּיפאַנאָוו ווערט זיך מיט ביידע הענט:

— וואָס מיינסטו! איכל אַוועקגיין פון דאַנען? דאָ איז דאָך אַ סאַנאַ־טאָריע! וואַלד־לופט! יאַם־געריש! איך האָב שוין אַפילע אַ געצעלט אָפּ־געקליבן: יענעם, דעם לעצטן, אונטער צוויי בעריאָזקעלעך. מען זעט פון דאָרטן דעם גאַנצן אַמור.

און קאַליאַ מוז זיך אָפּזאָגן פֿון דער באַד.

די געצעלטן פֿילן זיך שנעל אָן. די באַלעבאַטים פֿאַרפֿעסטיקן פֿאַר זיך זייער באַליבטע וווינונג. פּעטיאַ גאָלובענקאָ נעמט צונויף אַ גרופּע לאַנדסלײַט און הענגט אויף דער ערשטער איבערן אַרײַנגאַנג אַ ברעטל מיט אַן אויפֿשריפֿט: „דניעפּראָפּעטראָווסק". אין אַ מינוט אַרום טשעפּעט שוין צו קאָסטיאַ פּערעפּעטשקאָ פּונקט קעגנאיבער אַן אויפֿשריפֿט מיט גרויסע אויסיעס: „מאָסקווע", און אין אַ האַלבער שעה אַרום הענגען שוין אַף אַלע געצעלטן ברעטלעך מיט אויפֿשריפֿטן: „קיִעוו", „אָדעס", „לענינגראַד", „סאַראַטאָוו", „וויאַטקאַ", „ראָסטאָוו", „קאַלינין"...

סיאָמאַ אַלטשולער און גענקאַ קאַליוזשני רײַסן זיך אָפּ פֿון זייערע לאַנדסלײַט. סיאָמאַ פֿאַרנעמט אַ גאַנץ ריינעם בוידעם. ער לאָזט איבער קאַליוזשנין היטן די וווינונג און אַליין לאָזט ער זיך לויפֿן צו די איוואַנאָווער מיידלעך. ער טרעפֿט די מיידלעך באַם שײַערן די קעסלען. דער בוידעם לאָקט זיי ניט.

— מיר ווילן אין אַ געצעלט! אומבאַדינגט אין אַ געצעלט!

נאָר גרישאַ איסאַקאָוו שטיצט סיאָמען: — אין די געצעלטן איז קאַלט, אַכוצדעם זײַנען אַלע געצעלטן פֿאַרנומען. מאָרגן וועלן מיר אויפֿשטעלן נײַע, קען מען זיך דעמאָלט איבערציִען, און הײַנט — אַפֿן בוידעם אַרויף.

קלאַוואַ קוקט מיט כשאַד אַף די באַכערים:

— און איר וווּ וועט איר זײַן?

און די מיידלעך דערקלערן אַלע אין איין קאָל: אַלע אַפֿן בוידעם אָדער אַלע אין געצעלט.

סיאָמאַ פֿרעגט פֿאַרזיכטיק קלאַוואַן:

— איז אײַך ניט קאַלט אַפֿן ווינט?

— ניין! — איז קלאַוואַ אויפֿגעבראַכט און באַהאַלט אירע געפֿרוירענע הענט אין די אַרבל.

פֿריילעך גייט דאָס אײַנאָרדענען זיך אַפֿן בוידעם. דער באַלעבאָס פֿונעם הויז, אַ פֿאַרשוין פֿון אומבאַשטימטן עלטער, אַ הויכער מיט אַן אָנגעשפּיצטן בליק פֿון אונטערן שטערן, און אַ בלויען שראַם באַם שלייף, דערשרעקט זיי אַ ביסל. ער קריכט אַרויף אַפֿן לייטערל, באַקוקט זיי אַלעמען און מיטאַמאָל, אָן איין וואָרט צו זאָגן, קריכט ער אַראָפּ.

— ער איז אין קאַס... — מורמלט קלאַוואַ.

נאָר אין אַ פּאָר מינוט אַרום הערט מען ווידער דעם באַלעבאָס שטיוול אַפֿן לייטער. קלאַוואַ פֿאַרבײַסט שולדיק די צונג און טרעט אָפּ. זי האָט מורע ער וועט זיי אַראָפּטרײַבן פֿונעם בוידעם. נאָר ער שטייט אַ ווײַלע באַם אַרײַנגאַנג און רופֿט זיך פּלוצים אָן מיט אַ פֿאַרשעמטן קאָל:

— איך קען געבן שעניקעס פֿאַר די באַרישניעס.

די מיידלעך זײַנען גרייט זיך אָפּצוזאָגן: אַף דער ערד איז אַף דער ערד, אָן צערטלעכקייטן. זיי זײַנען ניט קיין באַרישניעס. נאָר סיאָמאַ שרײַט שוין:

— ברענגט אַהער! גוט אַזוי! ברענגט זיי!

דער באַלעבאָס ברענגט די שעניקעס. ער בלײַבט שטיין און קוקט זיך צו ווי די קאָמיוגיסטן אָרדענען זיך אײַן. די מיידלעך שווײַגן און לייגן זיך טייקעף שלאָפֿן, מיט די קאָלדרעס ביז די גאָמבעלעך אַרויפֿגעצויגן. גענקאַ ציט זיך אויס אַ גלײַכגילטיקער אַף דער ערד. סיאָמאַ דרייט זיך אומדרײַסט

אַפֿן בוידעם און ווייס ניט פֿון וואָס אָנצוהייבן דעם געשפּרעך מיט דעם מאָדנעם מענטשן און האָט מוירע טאָמער וועט ער זיך באַליידיקן. גרישאַ איסאַקאָוו פֿאַרלירט זיך ניט. ער רוקט צו דעם באַלעבאָס אַ ריבֿזע־קאַסטן, אַליין זעצט ער זיך צו אַף אַ שפּיץ און רופֿט זיך אָן אַף אַ גוטמוטיק־פֿאָ־שעטן אויפֿן:

— זיצט, פֿאָטער, וועלן מיר פֿאַררויכערן.

ניט געוואַלט פֿאַררויכערן זיי. דעם באַלעבאָס, קענטיק, טוט האַנאָע וואָס מען בעט אים זיצן, נאָר ער שווײַגט.

— ווי רופֿט מען אײַך? — פֿרעגט גרישאַ.

— טאַראַס.

— און אַפֿן טאַטנס נאָמען?

יענער קוקט אַף אים מיט אַ זײַט, ער טראַכט אַ ווײַלע און רופֿט זיך הייזעריק אָן:

— אילליטש.

דער געשפּרעך בינדט זיך ניט. נאָר גרישאַ ווייס אַז דער געשפּרעך צוײַטיקט זיך, אַז דער מענטש איז ניט אַזוי גלאַט געקומען, אַז מען דאַרף נאָר אָנטאַפּן דאָס פֿאַרבאָרגענע פֿעדעמל.

— וואָס־זשע, טאַראַס איליטש, איינער אַליין ווױנט איר?

ווידער קומט אַ קורצער ניט גערנדיקער ענטפֿער:

— איינער אַליין.

גרישאַ ווערט אַלץ נײַגעריקער אַף דעם איינזאַמען אָפּגעפֿרעמדטן מענטשן.

— די שטוב איז גרויס פֿאַר איינעם אַליין?

— די שטוב איז דען מײַנע? — ווערט טאַראַס איליטש שוין לעבע־דיקער — איך צווײי לעבנס וואָלט איך צו אַזאַ שטוב ניט געקומען.

דאָס פֿעדעמל איז שוין אָנגעטאַפּט. גרישאַ וואַרט אָפּ. און טאַראַס איליטש נעמט טאַקע ריידן.

— אינעם נײַן און צוואַנציקסטן האָט מען בײַ אונדז זיך גענומען ליק־ווידירן די באַלעגופֿישע ווירטשאַפֿטן. און באַלעגופֿים האָבן מיר געהאַט אַ האַלבן דאָרף. נו, האָט מען ליקווידירט. און שוין דעמאָלט האָט מען מיך דאָ באַזעצט. און מײַן אָרט איז אַפּילע אַפֿן בוידעם ניט געווען, נאָר אָט אין יענעם סאַראַי, וואָס לעבן די פֿערד.

— אַ באַטראַק געווען? — ווײַזט סיאָמאַ קענטעניש און זעצט זיך צו אַף דער וואַליזע פֿון דער אַנדער זײַט.

טאַראַס איליטש הייבט מיט די אַקסלען.

— צו וואָס באַטראַק? באַטראַק איז פֿאַר מיר געווען צופּיל. איך בין געווען קיינער. ניט קיין מענטש, ניט קיין בעהיימע. אַ שאָטן. דער מענטש איז דאָ און איז ניטאָ.

די מיידלעך שטעקן אַרויס די קעפּ פֿון אונטער די קאָלדרעס.

טאַראַס איליטש שמייכלט ביטער.

— אַזוי איז עס געווען, באַרישניעס. איר וועט עס ניט פֿאַרשטיין, איר האָט אַזוינע דערפֿער ניט געזען. אַ פּעסטער דאָרף געווען. אַ באַלעגופֿישע נעסט. באַלעבאָטים איינס און איינס. גווירים, סאָחרים. גרעסערע האָבן צו אַכט הײַזער געהאַט. די זין אין דער שטאָטישער שול געלערנט. פֿאַר אָפּי־

צירן געמאַכט, פאַר סאָכרים. דער אוילעם האָט דאָ געלעבט רײַך. אַן אומרייִנע רײַכקייט, און אַ שנעלע. אין דרײַ יאָר פלעגן זיי רײַך ווערן.

סיאָמאַ פרעגט געשעפטמעסיק:

— פון וואָס־זשע זײַנען זיי רײַך געוואָרן?

— אָט, אָט, פון וואָס, דאָס איז די פראַגע — כאַפּט אונטער מאַראָס אילינטש — מיט וואָס, דאָס ווייס איך גרינגטלעך. אָט וועט איר הערן. ערשטנס — די פאָטשט טרײַבן. ווינטער טרײַבט מען די פאָטשט איבערן אַמור אַף דער גאַנצער לענג — פון כאַבאַראָווסק ביז דעם אָכאָטישן יאַם. דער פאָטשט־דעפּאַרטאַמענט פלעגט געבן קאָנטראַקטן דורך ליציטאַציע. לאָמיר זאָגן אַכט פאַר פערד. איז נעמט ער זיבן הונדערט און פופציק רובל פאַר אַ פאָר. אַליין, זאָגן מיר, האָט ער פיר פאָר, נעמט ער די איבעריקע פיר פאָר באַ דער אָרעמשאַפט. ווי־אַזוי־זשע פלעגן זיי דאָס טאָן? עס קומט צו אים אַן אָרעמאַן: „סטיעפאַן איוואַנאָוויטש נעם מיך די פאָטשט טרײַבן”. „גוט, מאַסקים”. — וויפל־זשע ווּעסטו געבן, סטיעפאַן איוואַנאָוויטש?” — „דרײַ הונדערט רובל”. — „סטיעפאַן איוואַנאָוויטש, האָב גאָט אין האַרצן! דיר צאָלט מען דאָך זיבן הונדערט מיט פופציק”. לאַכט ער, סטיעפאַן איוואַנאָוויטש: „וואָס קוקסטו צו מיר אין קעשענע? גיי צו דער ליציטאַציע, עפשער וועט מען דיר אויך געבן. נאָר איך קיין געלט גיב איך ניט”. אָט אַזוי פאַרדרייט ער אים.

— רייִנע פיר הונדערט מיט פופציק — מאַכט סיאָמאַ דעם כעשבן.

— דאָס איז אַבּער נומער איינס. צווייטנס — מיסכער. אונדזער באַלגוף איז געווען אַ סאָכרישער. אין כוידעש מאַרץ פלעגט ער צוזאַמענשטעלן שליטנס מיט הינט און אַף די הינט גלײַך צו די גאָלדן. הינט רופט מען זיי נאַנײַער, פריִער פלעגט מען זאָגן גאָלדן. אויפקויפן פוטער. מיט געלט האָט ער ניט געצאָלט, נאָר אַלץ מיט סכוירעס. פאַר אַ פלעשל בראָנפן צען סויבלען. דערנאָך, פרילינג־צײַט אָנגעלאָדן אַ באַרקע און מיטן אַמור גלײַך אַרויף צו סונגאַרי אָדער סאַכאַלין, פאַרקויפן די כינעזער איבער דער גרענעץ. אויך אַ האַכנאָסע. הײַנט פיש. דעם פישפאַנג פלעגט דאָס דאָרף פאַרדינגען, אויסטיילן וויפל וועמען פלאַץ. פלעגט דעם באַלגוף אָנקומען צוויי הונדערט אַרשין און דעם אָרעמאַן פינף און צוואַנציק. און איבער אים שטייט דער באַלגוף — גיכער, גיכער. אָדער, לאָמיר נעמען האָלץ. האָלץ פאַרגרייט מען ווינטער פאַר די שיפן און מען לייגט אָפּ אין קלאַפטערס באַם ברעג. דער אָרעמאַן, נאַטירלעך, פאַרגרייט אויך, נאָר ווי קען ער זיך מעסטן מיטן באַלגוף! ווי פלעגט עס געמאַכט ווערן? די שיף קומט צו צום ברעג, גייט אַרויס דער באַלעבאָס אַפן באָרט און שרײַט: „וויפל קאָסט דאָס האָלץ?” אונדזער באַלגוף פון זײַן זײַט שרײַט אויך: „וואָס האָסטו צו פאַרקויפן?” בײַטן פלעגט מען מערסטנס אַף מעל, אַף זאַלץ, אַף צוקער. נו, הייבט מען זיך אָן שטײַערן. יעדער וויל פאַרקויפן טײַערער און קויפן ביליקער. ווי קען זיך גאָר דער אָרעמאַן רוקן! פאַרקויפט ער אַפריִער דעם באַלגוף, און יענער פאַרקויפט באַלד מיט רעווועך. דאָס זײַנען אַלץ זײַנע האַכנאָסעס. געווען איז נאָך אַ האַכנאָסע, פאָשעט — איבערפאַלן.

— איבערפאַלן? — פרעגט איבער גרישאַ.

— אָך, וואָס האָבן זיי דען ניט געטאָן! ביפראַט באַם גאָלד פלעגט יעדן יאָר פאָרקומען אַן איבערפאַל. האַרבסט, געוויינלעך, קומען צוריק די גאָלד־זוכער. זיי וואַרטן אַף שיפן. דער באַלגוף פאַרבעט זיי צו זיך, איז זיי

מעכאַבעד, באַלייגט זיי שלאָפן, און באַנאַכט — זעץ. און דאָס גאָלד נעמט ער זיך. ער פירט עס קיין בלאַגאָוויעשטשענסק פאַרקויפן די כינעזער. פלעגט טרעפן דאָס גאָלד זאָל גיין פיר מאָל הין און צוריק. ער פאַרקויפט, וואַרט אָפּ דעם כינעזער און באַרויבט אים. דאָס גאָלד פאַרקויפט ער אַ צווייטן. דער סויכער פירט אונטער דעם כינעזער און דער כינעזער דעם סויכער. מען פלעגט אַמאָל אַ סויכער גופע קוילען.

דאָ בלײַבט טאַראַס איליטש שטיין. ער זיפצט אָפּ, דרייט זיך ווי צום אויפהייבן זיך, נאָר ער בלײַבט זיצן. גרישאַ איסאַקאָוו קוקט אַף אים מיט שאַרפן נײַגיר. וויפל ווילדע געשיכטעס דער פינצטערער מאָדנער מענטש מוז האָבן צו דערציילן!

און ער ווער איז?

טאַראַס איליטש צעלאַכט זיך פּלוצים. אַ ניט פריילעכער געלעכטער, אַ קוואַקעדיקער, און די אויגן לאַכן ניט, נאָר זיי ברענען מיט צאָרן.

— אַלימור — האָט איר אַמאָל געהערט אַזאַ וואָרט? — פרעגט טאַראַס איליטש און כאַזערט עס טייקעף איבער: — אַ־לי־מור. אַזאַ שפּיל. אויך אַ סאָכרישע אויסטראַכטעניש. קיין געלט באַם אוילעם איז ניטאָ. איז מען געפאַלן אַף דער האַמצאָע: טאַלאָנען. מען קומט צו גיין און מען פאַרקויפט אײַך טאַלאָנען — צוואַנציק־קאָפּעדיקע, פופציק־קאָפּעדיקע, רובלדיקע. דערנאָך זעצט מען זיך שפּילן אַף די טאַלאָנען אין קאָרטן. מען קען אַמאָל אָפּשפּילן אַזוי אַ פּאָר מעסלעס, ביז די טאַלאָנען גייען איבער אַלע צו איינעם אין די הענט. מען גייט אַרײַן אין אַזאַ אַזאַרט אַז מען עסט ניט מעסלעסן־ווײַז. אָפּגעשפּילט, נעמט איינער צו די סכוירעס, און די איבעריקע... אָט דאָס איז „אַלימור".

גרישאַ קוקט אַף זײַנע הענט, דאַרע, לאַנגע, אומרויִקע הענט. וויפל מאָל האָבן שוין אָט די ציטערדיקע פינגער געהאַלטן די פאַרשאָלטענע טאַלאָנען? און עפּשער פלעגט ער שטיין ווו אין אַ ווינקל און מיט ברענענדיקע אויגן זיך צוקוקן צו דער שפּיל, אין וועלכער ער האָט זיך ניט געקענט באַטייליקן? „אַ שאָטן". דער מענטש איז דאָ און איז ניטאָ.

— און איר אַליין זײַט אַ היגער?

— ניין, וואָס פאַר אַ היגער? אַ טשערניגאָווער.

— פון די פויערים?

— געבוירן, פאַרשטייט זיך, אין דאָרף. דערנאָך געוווינט אין שטאָט. אַ גערטנער... בין איך אַמאָל געווען.

— אַן איבערגעוואַנדערטער?

טאַראַס איליטש ענטפערט ניט באַלד און זײַן קאָל הערט זיך ווי פאַרדומפן:

— דעם עמעס זאָגן, קען מען מיך אָנרופן איבערוואַנדערער. הינטער גראָטעס בין איך געפאָרן, מיט ליכטלעך באַגלייט. פון סאַכאַלין, פון קאַטאָרגע בין איך. און דער אַריבערפאָר פון דאָרטן איז געווען גאָרניט קיין בעקאָוועדיקער — אין אַ זאַווערוכע, איבערן טאָטערישן יאַם־פּאַס, אַף אַלע פיר... דערנאָך, אין דער טײַגע, ווי אַ כאַיע... קאָרע געגריזשעט...

קאַטאָרגע... די קאָמיוגיסטן מאָלט זיך אַ שרעקלעכע ראָמאַנטישע געשיכטע און טאַראַס איליטשן זעען זיי אין איר ווי אַן אומשולדיקן קאָרבן, אַ קאָרבן פון סאָציאַלער אומגערעכטיקייט.

— און אין קאַטאָרגע פאַרוואָס זײַט איר אַרײַנגעפאַלן? — פרעגט טאַניאַ גלײַך און הילכיק.

— כ'האָב אײנעם אַ פּאָדריאַטשיק דעם האַלדז איבערגעשניטן... און, פאַרשטײט זיך, באַרויבט — ענטפערט פּאַשעט טאַראַס איליטש.

סיאָמאַ און גרישאַ רוקן זיך אָפּ — שוין צו פּאַשעט און אומדערוואַרט איז דער ענטפער. און קלאַוואַ מאַכט אַפילע די אויגן צו, ניט פאַר שרעק, זי שעמט זיך פאַר טאַראַס איליטשן, זי פילט זיך אומבאַקוועם וואָס זי הערט אים זיך מוידע זײַן.

טאַניאַ קוקט אָף טאַראַסן מיט שטרענגער און פאָרשנדיקער אויפמערקזאַמקייט.

סיאָמאַ רופט זיך אָן, ווי נאָכקלערנדיק:

— דאָס איז שוין גאָרניט אַזוי גוט, וואָס איר האָט געטאָן, אַ?

טאַראַס איליטש דרייט זיך אויס צו אים מיט אַ זשעדנער אײַליקייט. נאָר ווען ער דערזעט סיאָמעס ניט בייזוויליקן און רויִקן פּנים, זיפצט ער אָפּ און זאָגט:

— וואָס איז דאָ צו ריידן... גוטס, פאַרשטייט זיך, ווייניק.

אין דער שטילקייט הערט זיך בלויז געגאַדיס געמאָסטענער כראָפּען.

— ס'מאַכט ניט, — זאָגט גרישאַ און באַרירט אים מיט דער האַנט — ס'מאַכט ניט, טאַראַס איליטש, ס'איז דאָך שוין אַן אַלטע זאַך. וואָס אַמאָל איז געווען.

— און הײַנט זײַט איר אָפן אָרנטלעכן האָרעפּאַשנעם וועג, — פאַרבלינצעט זיך סיאָמאַ — און קיינער וועט אײַך ניט פירהאַלטן דאָס אַמאָליקע, און, נאָך אַלעמען, ווער ווייס צי האָט דאָס לעבן פון דעם פּאָדריאַטשיק די ווערט געהאַט אַפילע אַ העלפט פון אײַערע לײַדן.

— אונדזערע לײַדן זײַנען אָן אַ מאָס — רופט זיך אָן טאַראַס איליטש.

— ניטאָ אַזאַ אַרשין זיי צו מעסטן... און דער פּאָדריאַטשיק — מויכל. אַ טויטן גלוכט זיך ניט שלאָגן. ווען ניט די נויט וואָלט איך דען געגאַנגען!... נאָר זאָגט איר אַליין, וואָס מענטשן קענען טאָן. און ניט פאַר נויט! — ער באַקוקט ווידער מיט דער זעלביקער זשעדנער אײַליקייט די יונגעלײַט צי זיי הערן אים אַלע אויס און ער נעמט באַלד דערציילן:

— אָט נעמט, לעמאָשל, מיך אַליין און אָט דעם סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש, אונדזער גרעסטן גזלן. כ'בין געקומען צו לויפן פון קאַטאָרגע — אַ נאַקעטער, אַ באָרוועסער, אַ הונגעריקער, אָן אַ פּאַספּאָרט, אַ קרעציקער הונט. ער האָט מיך צו זיך אײַנגענומען, אָנגעהאָדעוועט, אונטער אַ דאַך אַרײַנגעלאָזט — אַ באַלטויווע. אָף קיין פּאַספּאָרט קוקט ער ניט, אַבי דו אַרבעטסט. און ווי נאָך אַרבעט איך — איין גאָט ווייס. כ'האָק האָלץ, כ'טרײַב שליטנס מיט הינט, און מיט פערד, און אַרבעט באַם פישפאַנג, און הינט האָדעווע איך, און קי מעלק איך, און נעצן פאַריכט איך, און מיסטגריבער רייניק איך, און אַ גרינס־גאָרטן גראָב איך — אַלץ טו איך. און געצאָלטס — דאָס איינציקע, ער ראַטעוועט מיך פונעם פּריסטאַוו. אַ דיקער אַזאַ. צוויי מאָל אין יאָר קומט ער, ווינטער מיט דער פּאָסט און זומער מיט דער שיף. אַנטלאָפענע כאַפּן. איז אָט אַ כאַבאַר דעם פּריסטאַוו פאַר דעם אָן־פּאַספּאָרטיקן — דאָס איז געווען מײַן לוין. און איך בין דאָ ניט איינער געווען. היגע באַטראַקעס האָבן זיי ניט ליב געהאַט נעמען, אַנטלאָפענע געכאַפּט, אומזיסטיקע!

טאַראַס איליטש שטעלט זיך אָפּ, פאַררייכערט, און רעדט ווײַטער:

— איין געדאַנק נאָר האָבן מיר געהאַט: געלט אָנקלײַבן, אַוועקפּאָרן, זיך אָדורכרײַסן. מיט געלט קריגסטו אַ פּאַספּאָרט און מען קען זיך אויסקויפן. וווּ־זשע נעמט מען געלט? איין וועג נאָר איז פאַראַן — גאָלד. נאָר גאָלד מוז מען זוכן. אין די באַרג־טײַכלעך פלעגט מען אַמאָל געפינען. טרעפּסט אָן אָן אָרט, אַרבעטסט קיינער זאָל ניט וויסן. פאַרווישסט די שפּורן און ביסט גרייט די גרײַפּלעך גאָלד אין דער ערד פאַרגראָבן, אַ סאַזשען די טיף, דער באַלעבאָס זאָל אַף זייער שפּור ניט קומען. נאָר סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש שמעקט אָן. און ער פרעגט ניט, ער שטערט ניט, נאָר ער שפּירט דיך אויס, ווי אַ האָז. ער קומט אָפּן שפּור, ער באַהאַלט זיך אויס אין די קוסטעס, ער לאָזט דיר אויסוואַשן וואָס דו געפינסט — און דאָ טאַקע, אין דער טײַגע, מיט דער האַק... אַפּילע מ׳עט דערנאָך געפינען דעם טויטן — איז וועמען קימערט עס אַ קאַטאָרזשניק, אַן אַנטלאָפענער?

גרישאַ זיצט אַ פאַרכאַפּטער, אַן אויפגערעגטער. אַן אומבאַקאַנט באַרג־טײַכל שטייט אים פאַר די אויגן, אַ שאָטן גאַנוועט זיך צווישן די קוסטעס, אַ האַק גיט אַ פינקל, אַ שוואַכער געשריי און אַ פאַרבלוטיקטער גוף גליטשט זיך אַראָפּ אינעם וואַסער... פון דעם בילד ווערן געבוירן פערזן. ווי פון אַ זײַט הייבט זיך אַרויס אַ שורע: „פאַר שטיינדעלע געלן, פאַר גאָלדענעם גלאַנץ...״

— דאָס איז אויך איינע פון די האָכנאָסעס? — פרעגט סיאָמאַ.

טאַראַס איליטש ענטפערט ניט. ער הייבט אויף אַ פינגער און זאָגט שטיל:

— זיי זײַנען אײַנגעשלאָפן.

די מיידלעך הערן. זיי הערן און אומגעריכט שלאָפן זיי אײַן. איין טאַניאַ שלאָפט ניט. זי קוקט גלײַך אַף טאַראַס איליטשן אָן אַ פינטל מיט אַן אויג. — ער אינטערעסירט זי און רופט בײַ איר אַרויס געוויסע אומרויִקע געדאַנקען וועגן מענטשן, וואָס האָבן גאַנצע לעבנס אָפּגעלעבט מיט אומגליק, וועגן מענטשן וואָס האָבן זייער אָרט ניט געקענט פאַרנעמען אין דער אָרדענונג. ווי שרעקלעך עס איז דער עלנט פון די דאָזיקע מענטשן!

— מיר שטערן די באַרישניעס. ס׳איז שפּעט — זאָגט טאַראַס איליטש און הייבט זיך אויף.

סיאָמאַ גייט אים נאָך אַף דער לייטער.

— וואַרט אַ ווײַלע — גיט ער אַ צי טאַראַס איליטשן פאַר אַן אַרבל, און בעט אים זיך אַוועקזעצן אָפּן טרעפּל, — ס׳איז זייער אינטערעסאַנט דאָס וואָס איר דערציילט, און אויב איר אײַלט אײַך ניט שלאָפן, וואָרעם איך וועל שוין סײַ ווי די נאַכט ניט שלאָפן...

עס איז שוין אינגאַנצן פינצטער. דער ווינט איבער די געצעלטן, בוידעמער און סאַראַיעס טראָגט אַוועק מיט זיך די קלאַנגען פון דעם פּיל־קוילעסדיקן כראָפּען.

גרישאַ איסאַקאָוו זיצט אַף דער ערד, מיט דעם עלנבויגן אָנגעשפּאַרט אַף דער וואַליזע און שרײַבט פערזן אין דער ניט גלײַכער שײַן פון דעם שמעלציקן ליכטל. די פערזן גייען לאַנגזאַם, שטרויכלדיק. די בילדער זײַנען העלער און אומגעווייניטלעכער פון די ווערטער.

דער טײַך קלאַפּט זיך אָן די שטיינער, שטיל וויגן זיך די אוראַלטע סאָסנעס, די פעלדזן שטאַרצן. אַן אָפּגעריסענער אָפּגעצערטער מענטש זיצט

איבערגעבויגן איבערן וואַסער און קוקט זיך אַלעמאָל אום. און הינטער אים, שלײַכט זיך אָן אָטעם אַ צווייטער מיט אַ האַק...

און ס'פּלייצט דאָס בלוט, און פֿײַנלעך איז דער כאָרכל,

און ס'קרעמפּן פינגער אין דער קעלט.

די ווערטער זײַנען אָרעמער פֿונעם בילד. ווו נעמט מען די בייגיקע, שטאַרקע, אין ציל טרעפֿנדיקע ווערטער? אַזוי ווי בײַ באַגריצקין: „און שפּליטערס שיקער זיך צעשפּריצן".

גרישאַ איז שוין געהאַט אַרויס פֿונעם פּעריאָד ווען מען שרײַבט אומבאַהערשטע נאַיִווע פּערזן, ווען עס פֿרייט יעדע וואָרט־קאָמבינאַציע. ער פֿילט שוין דעם פֿאַרכאַפּנדיקן פֿײַנלעכן פּראָצעס פֿון אָפּקלײַבן, פֿון נאָכזוכן דאָס בייטיקע וואָרט. ער האָט ליב און קען אָפּ אויסנווייניק אַ סאַך פּאָעטן. ער ווייס אין וואָס עס באַשטייט זייער קויעך. ער ווייס צו וואָס מען קען זיך דערשלאָגן. נאָר די ווערטער פֿאָלגן אים ניט. זיי ברעכן די שורע, פֿאַרקריכן אָן אַ זײַט, ווירקן ניט איינהייטלעך... עס מאַכט ניט אויס. ער איז אַן אַקשן. די פּערזן ברענען אים אין מויעך. ער וויל זיך ניט אָפּזאָגן און קען זיך ניט אָפּזאָגן פֿון דענקען מיט פּערזן. ער דאַרף זיך, הייסט עס, לערנען, גוויווער זײַן, בײַקומען די ניט־געהאָרכיקע זיך צעלויפֿנדיקע ווערטער.

און ער טרײַבט פֿון זיך דעם שלאָף, ער שעפּטשעט, שרײַבט אויף, פֿאַרשטרײַכט, שרײַבט ווידער אויף און פֿרייט זיך, ווי מיט אַ פֿרײַנט, מיט יעדער דײַטלעכער ענערגישער שורע.

סאָניאַ דרייט זיך איבער, זיפֿצט אָפּ, די וויִעס גיבן בײַ איר אַ ציטער, נאָר זיי עפֿענען זיך ניט. גרישאַ רײַסט זיך אָפּ פֿון די פּערזן. זי איז איך זײַנע אויגן שענער פֿון אַלע שיינהייטן אין דער וועלט. ער האָט זי ליב. שוין־זשע פֿילט זי ניט זײַן בליק, זי האָט אים דאָך אויך ליב?

זי עפֿנט מיטאַמאָל די אויגן, ווי זי וואָלט זיך אָפּגערופֿן אָף זײַן רוף.

— גרישאַ... — מורמלט זי נאָך אַ פֿאַרשלאָפֿענע — שלאָפֿסט ניט?

ער קוקט אָף איר מיט אויגן פֿײַכטע פֿון צערטלעכקייט.

— איך האָב דיך ליב — זאָגט ער קוים וואָס מען הערט. מער ווי זי הערט זײַנע ווערטער, כאַפּט זי זיי אויף פֿון זײַנע ליפּן־באַוועגונגען.

און זי ענטפֿערט בלויז מיט די ליפּן:

— איך אויך.

זיי קוקן זיך איבער גליקלעכע מיט זייער אָנווערטערדיקן געשפּרעך.

הינטער דער טיר היצט זיך סיאָמאַ:

— וואָס אַזוינס איז פֿאַרברעכן? דאָס איז אַ סאָציאַלע פּלאָג. אײַך האָט די סאָציאַלע סוויווע פֿאַרגיפֿטיקט — איר פֿאַרשטייט וואָס איך וויל זאָגן?

— ווי אינטערעסאַנט וואָס מיר זײַנען אַהער געקומען — זאָגט סאָניאַ.

גרישאַ שאָקלט צו מיטן קאָפּ און מורמלט:

— שלאָף! ביסט דאָך מיד. מאָרגן דאַרף מען פֿרי אויפֿשטיין...

## XVI

דער פֿרימאָרגן איז אַ ווונדערלעך אײַנגעגעבענער. נאָך די לעצטע אָף צאָפּן אָוועקגעגאַנגענע אײַז־בלאָקן, שמעקט עס פֿון דאָרעם מיט פֿרילינגדיקער וואַרעמקייט. די באַפֿרײַטע ראָכוועס פֿונעם יאָם איז מיט זילבער צע־

פינקלט. פון דער ערד הייבט זיך דער צאַפּלדיקער אָטעם פון דערוואַכנדיקן לעבן, פון דער טײַגע ציט עס מיט אומבאַקאַנטע וואַלד־רייכעס, און אין דער ריינער לופט מערקן זיך וויברירנדיקע אויסדעמפונגען.

סערגיי גאַליצינען איז שווער אויפצושטיין. נאָך דער נעכטיקער ניט צוגעוווינטער אַרבעט פילט ער אַ ווייטיק אינעם גאַנצן לײַב. ווען ער כאַפּט זיך אויף, באַנעמט ער ניט באַלד וווּ ער געפינט זיך. ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט צוגעוווינט צו דער פאַרגעקומענער ענדערונג אין זײַן לעבן, אים דוכט זיך, אַז ער דאַרף נאָר שטאַרק אײַנשלאָפן און דערנאָך זיך אויפכאַפּן — און אַלץ וועט ווערן צוריק ווי געווען, און די אויגן וועלן דערזען דעם באַקאַנטן שפּאַליר אַף די ווענט, די מישפּאָכע־פּאָטאָגראַפיעס, דעם אויסגענייטן האַנטעך מיט ציילעם־שטעך.

נאָר די אויגן דערזעען גאָר דעם לײַוונט פונעם געצעלט, די ענג־צונויפּ־געדרוקטע טאָפּטשאַנעס, און אַריבער דער שוועל... וואָס איז עס? ער שפּרינגט אויף און לויפט אַרויס אין דרויסן. די שימערירנדיקע נאַטור־שײַנ־קייט צעטרייסלט אים. פאַרשיקערנדיקע פרילינג־רייכעס זעצן אים אין קאָפּ.

— כאַפּט עס דער טײַוול! — זאָגט ער אַפן קאָל און טראַכט זיך: מען דאַרף אָנשרײַבן דעם פאָטער.

ער לויפט צום טײַך זיך אײַנוואַשן. ס׳איז קיל, נאָר סערגיי וואַרפט אַראָפּ פון זיך דאָס העמד און נעמט זיך אָן ראַכמאָנעס אײַנרײַבן מיט קאַלט וואַסער און שרײַט פון פאַרגעניגן.

— גוט אַזוי! — דערהערט ער איבער זיך אַ קאָל.

ער קוקט זיך אום און דערזעט ווערנערן. ווערנער קוקט אַף זײַנע פיס מיט די שטאַרקע שטיוול. סערגיי נעמט אויך קוקן אַף זײַנע פיס, נאָר ער זעט ניט אַף זיי קיין אויסערגעוויינלעכס.

— ווי רופט מען אײַך? — פרעגט ווערנער און קוקט סערגייען גלײַך אין פּאַנעם.

— גאַליצין. מאַשיניסט־געהילף.

ווערנער איז צופרידן מיטן ענטפער. ער פרעגט אים זייער ערנסט:

— מען קען זיך, הייסט עס, אַף אײַך פאַרלאָזן?

סערגיי ציט זיך אויס און ענטפערט ווי מעגלעך ווירקואַמער:

— אַף אַלע הונדערט.

נאָר פונקט ווי ער פלעגט זיך ביז איצט פילן אומזיכער, אויסערן וועג, אַזוי דערפילט ער פון דער מינוט אָן אַ גלויב זאין זײַן אַנטשלאָסנקייט, גע־וואַגטקייט און אומבאַדינגטן מוט.

— איך באַשטים אײַך פאַר אָנפירער פון אַ פאַרטיע — באַשליסט ווערנער אומגעטראַכט, — אין דער טײַגע איז פאַרגרייט געהילץ צו דער בויונג. מען דאַרף עס אַראָפּלאָזן אינעם טײַכל סילינקאַ און לאָזן צושווימען אַהער, קאַלומאַן דאָס וואַסער איז הויך. נעמט מיט זיך אַ צוואַנציק פעסטע יאַטן. איר׳ט אײַך אַרויסלאָזן נאָכן פרישטיק. די פאַרטיע קלײַבט אונטער לויט די שטיוול.

— לויט די שטיוול?

— לויט די שטיוול, — באַשטעטיקט ווערנער — גייט אַדורך די גאַס און ווער עס טראָגט שטיוול, דעם וועט איר נעמען.

סערגיי טוט זיך שנעל אָן און לויפט אונטערקלײַבן די פאַרטיע. ער באַדויערט אין געדאַנק וואָס פּאַשקאַ מאַטווייעוו טראָגט ניט קיין שטיוול.

גוט וואָלט געווען צוזאַמען. מיט שטאָלץ זאָגט אים סערגיי פאַרבײַגייענדיק:
— כ׳וואָלט דיך גענומען, נאָר דו טראָגסט ניט קיין שטיוול.
פּאַשקאַ אָבער באַציט זיך אומגעריכט גלײַכגילטיק צו דער שיידונג:
— ניט געפערלעך. כ׳האָב אויך אַן שטיוול שנעלע פיס.
און ער לויפט ווײַטער, צום עס־זאַל. סערגיי שטויגט ווען ער זעט אים צולויפן צו קלאַוואַ מעלניקאָוואַ. אַט האָסטו די אַלטע פרײַנטשאַפט!
און דאָ דערזעט ער גרישאַ איסאַקאָוון אין פּרעכטיקע זומפּ־שטיוול. גרישאַ גייט צום עס־זאַל אינאיינעם מיט סאָניען. זיי דערוועגן זיך ניט גיין געאָרעמט, נאָר זיי שפּאַנען אין פוס און באַריִרן זיך מיט די אַקסלען. סערגיי דערמאָנט זיך דעם ביזאָיען וואָס ער האָט געליטן אין וועג און גיט אַ געשריי צו אים געגנוג בייזוויליק:
— כאַווער פּאָעט, וואַרט אַ ווײַלע! פונקט דיך דאַרף איך האָבן.
— מיך?
— אייגנטלעך דײַנע שטיוול, נאָר אינאיינעם מיט דיר.
ער פאַרשרײַבט אים און הייסט אים נאָכן טיי צוקומען אָפּן ראַג אַקעגן דעם קלויסטער. און באַלד טאַקע קערט ער זיך אָפּ, ווײַל ער האָט דערזען אַ צווייטן אין שטיוול.
ער שטעלט זיך אַוועק באַם אַרײַנגאַנג אין עס־זאַל, קוקט די פאַרבײַ־גייענדיקע אָף די פיס און פּילט אויס דאָס צעטל.
יעפּיפאַנאָוו פּאַראינטערעסירט זיך:
— וווהין קלײַבט איר זיך גיין?
— אין דער טײַגע קלעצער אַראָפּלאָזן אין וואַסער — ענטפערט סערגיי מיט כשיוועס און פון דער האַנט, ווי דאָס וואָלט געווען זײַנע אַ געוויינלעכע גוט באַקאַנטע באַשעפטיקונג.
— אוך, דו! אַט דאָס פאַרשטיי איך.
יעפּיפאַנאָוו גיט אומצופרידן אַ קוק אָף זײַנע פּאַצעטענע געלע באַטינ־קעס און גיט אַ מאַך מיט דער האַנט:
— ווו גייט דען אונדזערס ניט פאַרפאַלן! שרײַב אַרײַן, כ׳גיי מיט אײַך!
— טראָגסט דאָך ניט קיין שטיוול. מען קען ניט.
— צו וואָס טויג מיר שטיוול? — שרײַט יעפּיפאַנאָוו — איך אַליין טויג. אונדזער זאַך איז אַ טויכערישע, מיר האָבן פאַר וואַסער קיין מוירע ניט.
אין אַ מינוט אַרום באַרימט ער זיך שוין אינגעם עס־זאַל און רעדט אײַן זײַן גוטן ברודער קאָליאַ פלאַט:
— קום, ברודערל! אין דער טײַגע איז איצט אַ שיינקייט. און צו וואַסער דאַרפן מיר ניט געוווינט ווערן. קום, וועסט קיין כאַראָטע ניט האָבן.
נאָר איבעררײדן קאָליאַ פלאַטן געלינגט אים ניט.
סערגיי מאַכט דעם צעטל, פרישטיקט אָפּ און לויפט אַוועק אין ביוראָ. דער „אַמורער קראַקאָדיל״ רופט אַרויס אַן אַרטיקן אײַנוווינער, וואָס דאַרף גיין אַלס באַגלייטער, און שיקט זיי ביידן צו גראַנאַטאָוון. גראַנאַטאָוו גיט זיי אַרויס צוויי געצעלטן, ברויט, קאָנסערוון, שוועבעלעך, טאַבאַק און זאַלץ. סערגיי פּויעלט נאָך עטלעכע קווערטלעך, נאָר קיין טשײַניק איז ניטאָ. דער באַגלייטער רופט זיך אָן אַז ער וועט מיטנעמען זײַנעם.
די גרופּע באַשטיוולטע און יעפּיפאַנאָוו אין די געלע באַטינקעס וואַרטן שוין אָפּן ראַג. סערגיי צעטיילט די מאַסע אָף אַלעמען.
גרישאַ איסאַקאָוו דערזעט דעם באַגלייטער, דערפרייט ער זיך:

— טאַראַס איליטש, איר גייט אויך מיט אונדז!

טאַראַס איליטש ענטפערט אײַנגעהאַלטן:

— איכל אײַך צופירן ביז צום אָרט און גאָר. אָן מיר וועט איר אין אַ גאַנצן כוידעש ניט געפינען.

און ער נעמט אָף זיך אַ צונויפגעוויקלטן געצעלט און בינדט קונציק צו אַ יעגערישן טשײַניק, וואָס האָט שוין אָף זײַן לעבן אַ היפש ביסל דורכגעמאַכט.

סאָניאַ באַגלייט די קליינע מאַכנע ביז הינטערן דאָרף. סערגיי קוקט אָף איר אָן אָנגעכמורעטער. צו וואָס אַזוי נאַריש זיך אײַנליבן!

— וואָלסט בעסער אַהיימגעגאַנגען — זאָגט ער אַ ברויגעזער — וועסט דיר נאָך די פיס אײַנעצן.

— ס'איז טאַקע נאָס — כאַפּט אונטער סאָניאַ אין גוטן מוט און נעמט זיך געזעגענען מיט גרישאַן.

זיי בלײַבןביידע פון הינטן.

די מאַכנע גייט ניט מיטן טײַכל, וואָס איז פאַרבליבן ערגעץ אָן אַ זײַט, און שנײַדט זיך גלײַך מיט דער טײַגע איבער קוים מערקלעכע סטעזשקעס. אין דער טײַגע ליגט נאָך ערטערווײַז שוואַרץ געוואָרענער שניי, נאָר דער פרילינג זיגט און טריפט מיט לעכצנדיקע זיסע האָלץ־דייכעס. און כאָטש די אײַנגעפּלאָנטערטע ביימער־צווײַגן זײַנען שוואַרץ און הויל, פילט זיך ווי דער פרילינג קישעפט שוין איבער זיי און ניט הײַנט איז מאָרגן וועט דאָס אַלץ אויפלעבן, זיך פונאַנדערלאָזן, זיך צעבליען מיט איידעלע פרילינגדיקע פאַרבן.

ס'איז שווער צו גיין. מען קריכט איבער שטאַמען אײַנגעוואַלגערטע פונעם שטורעם. די פיס זינקען אין זומפּ. ס'וואַסער טיאָווקעט אונטער די שטיוול. יעפּיפאַנאָווס באַטינקעס זײַנען דורכגענעצט, נאָר ער שפּאַנט זיך אַ רויקער מיט זײַן פּלאַטישן געוויג. פריידיק ציט ער אַרײַן אין די נאָזלעכער די פרילינג־רייכעס און קוקט זיך אַרום לעבנסלוסטיק נײַגעריק. אַנהייב וועג שמועסט מען, שפּאַסט מען. דערנאָך ווערט מען פאַרמאַטערט און מ'שווײַגט.

אַפּן סאָף דריטער שאָ גיין דערבליקט מען אַ נאַקעטן פּלאַץ. נאָך אַ הונ־דערט שפּאַן דערזעט מען די הויפנס קלעצער.

— שוין געקומען — זאָגט טאַראַס איליטש.

— שוין גע־קו־מען! — שרײַט סערגיי און לויפט אַרויס אָף פריִער.

די פאַרמאַטערטקייט איז אַוועק, ווי ניט געווען. אַלע לויפן נאָך סער־גייען. איין טאַראַס איליטש שפּאַנט ווײַטער מיט דעם געמאָסטענעם שפּאַן פון אַ מענטשן, וואָס איז געוווינט צו גיין. די קאָמיוגיסטן לויפן, שפּרינגען איבער די קלעצער און לויפן אַרום די הויפנס געהילך.

זיי דערהערן ווידער דאָס הילכיקע וואַסער־געדויש, דערנאָך דערזעען זיי: צווישן נידעריקע ברעגעס שטראָמט און באַוואַשט פאַרטרונקענע קוסטעס אַ קליינער שטורמישער באַרג־טײַך. און דער גאַנצער רעכטער ברעג, ווי ווײַט דאָס אויג כאַפּט, איז פאַרזייט מיט אָפּגעריינקטע שטאַמען.

די קאָמיוגיסטן טרינקען דאָס געשמאַקע קילע וואַסער, פאַרבײַסן מיט ברויט און רוען אָפּ. סערגייען ווילט זיך פרעגן טאַראַסן וואָס מען דאַרף טאָן, נאָר די אייגגליבע דערלאָזט אים ניט — ווי דאָס איז, איז ער פירער פון דער פאַרטיע. און טאַראַס איליטש איז בלויז באַגלייטער. און ס'איז אויך ניט ווער ווייס וואָסערע כאָכמע.

— וואַרף אין וואַסער! — שרײַט אויס סערגיי און טוט אַ שטויס מיט דעם גאַנצן קויעך דעם נאָענטסטן קלאָץ. דער קלאָץ גיט אַ שפּרונג אונטער, גיט אַ שווערן פּליוך אין וואַסער און צעשפּריצט דאָס זילבערנע וואַסער. אַלעמען געפֿעלט עס. איינער, אַ צווייטער כאַפּן זיך צו די קלעצער. און עס גייט אַוועק אַ גאַנג. מער שפּילנדיק ווי אַרבעטנדיק יאָגן די קאָמיוגיסטן איבער איינער דעם צווייטן און וואַרפֿן אין וואַסער די שמעקעדיקע, קײַקלדיקע גליטשיקע קלעצער.

טאַראַס איליטש בלײַבט שטיין אָן אַ זײַט. ער שמייכלט פֿאַרלוירן. ער ווייס דוכט זיך אין דער אַרבעט אַלץ וואָס מען קען אין איר וויסן. ער קען אײַך פּינקטלעך זאָגן סאָרט מוסקולן עס וועלן אײַך מער ווי טאָן נאָך דער אַרבעט. ער ווייס אַף וועלכע ערטער עס וועלן זיך אַף די דלאָניעס באַווײַזן נײַע מאָזאָליעס. ער ווייס אַלע מעגלעכע פֿאַלן וואָס קאָמפּליצירן די אַרבעט. אַ סענקעוואַטער קלאָץ קען זיך פֿאַרטשעפּען, עס קענען אַ פּראַל טאָן עטלעכע אַף אַ מאָל. עס קען זיך אײַנשטעכן אַ שפּענדל אין דער האַנט. ער האָט נאָר ניט געוווסט, אים איז גאָר קיינמאָל ניט אײַנגעפֿאַלן, עס האָט זיך אים גאָרניט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז אין אַרבעט איז פֿאַראַן פֿרייד, שפּיל, אַז מען קען פֿון איר פֿאַרכאַפּט ווערן...

— כ׳גיי — טראַכט ער זיך... נאָר ער פֿאַרבלײַבט.

די קאָמיוגיסטן פֿאַרגעסן זיך אַף אים. יעפּיפֿאַנאָוו נאָר, אַ צעהיצטער, שרײַט צו אים:

— קום צו אונדז, פֿאָטער! זע ווי עס איז אַוועק אַ גאַנג!

די קלעצער פֿאַלן אַלץ אינעם וואַסער און די לופֿט זילבערט זיך פֿון די שפּריצן.

טאַראַס איליטש ענטפֿערט ניט יעפּיפֿאַנאָוון. אַ טיפֿע באַליידיקונג הייבט זיך אין אים באַם אָנבליק פֿונעם אומדערוואַרטן פֿריילעכן דראַנג פֿון דער יוגנט.

די יוגנט אָבער ווייס ניט וויאַזוי צו אַרבעטן. די יאַטן דרענגען זיך, הויפּענען זיך אָן אַף איין אָרט, שטערן איינער דעם צווייטן. טאַראַס איליטש לעבט אויף, מישט זיך אַרײַן, אַף איינעם שרײַט ער, אַ צווייטן איבערצײַגט ער, ער שטעלט ריכטיק פֿונאַנדער די מענטשן.

— אָט אַזוי איז בעסער — זאָגט ער סערגייען.

— ס׳מאַכט ניט אויס, מירן זיך אויסלערנען — גיט סערגיי אַ פֿינטל צו אים מיט אַן אויג.

ער כאַפּט שנעל אויף דעם טאָך פֿון די אָנווײַזונגען, שטעלט איבער די קאָמיוגיסטן אַף זײַן אויפֿן און ברייטערט אויס דעם פֿראָנט פֿון דער אַרבעט.

— דאָס איז ניט אין סטירע מיט טאַראַס איליטשעס אָנווײַזונגען און קומט פֿון סערגייען, פֿונעם אָנפֿירער, און דערפֿאַר דוכט זיך אים בעסער.

דער ערשטער ברעג איז שוין אַריבער, נאָר איצט קומט שוין פּראַקטישקייט, אָרגאַניזירטקייט, פֿאַרוועט. טייל ציילן די אַרײַנגעוואָרפֿענע קלעצער און באַרימען זיך פֿאַר די אַנדערע יאַטן. מען אַרבעט געטרײַ און שנעל.

טאַראַס איליטש דרייט זיך אַרום אָן עלנטער, — דאָ נעמט ער זיך העלפֿן און כאַפּט זשעדנע אויף די שמייכלען און דעם שפּאַס פֿון דער יוגנט, דאָ דערווײַטערט ער זיך פֿון אַלעמען און קוקט אַף זיי פֿון אונטער שטערן מיט טרוקענע ברענענדיקע אויגן.

קיינער באַמערקט אים ניט.

נאָר פֿאַרנאַכט צו ווערט קלאָר, אַז אַלע זײַנען אויסגעהונגערט און פֿאַלן פֿון די פֿיס פֿאַר מידקייט. עס איז שוין צעלייגט אַ פֿײַער, די קאָנ־סערוון־פּושקעס זײַנען שוין אָפֿן, דער טשײַניק זידט און אויף אַ טרוקענעם אָרט שטייען שוין די געצעלטן, אינעווייניק אויסגעבעטעט מיט טרוקענע בלע־טער און מאָך.

— נו, איז דאָס אַ טאַטעלע! — דערפֿרייען זיך די יאַטן — אָט דאָס הייסט זיך צוגעפּלײַסט! אָט דאָס הייסט בראַוו!

— ווייסעך נו, וואָס איז דאָ אַזוינס! — מרוקעט טאַראַס איליטש — איך בין דאָך שוין געוווינט דערצו...

בײַם טיי טרינקען פֿאַרפֿירט מיט אים סערגיי אַ געשעפּטלעכן שמועס.

— ווי מיינסטו, פֿאָטער, ווי לאַנג וועלן מיר זיך דאָ אייסעקן?

טאַראַס איליטש זאָגט אַז אַן ערעך פֿינף טעג.

— מער ווי פֿינף טאָר מען נאָרניט. נידעריקער בײַם טײַך איז פֿאַר־גרייט נאָך אַ כיילעק געהילץ. דאָרט איז אַפֿילע ניטאָ זיך וואָס צו אײַלן. ביז יולי זיכער. דאָ אָבער וועט דאָס וואַסער אין אַ וואָך צוויי אַרום אָפּפֿאַלן. גיי וואַרט ביז האַרבסט. ווען דאָס וואַסער וועט זיך אויפֿהייבן.

ער פֿאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און רופֿט זיך אָן:

— דעם טשײַניק לאָז איך אײַך איבער. ווען איר וועט צוריקקומען וועט איר אים מיר אָפּברענגען.

— בלײַבט בעסער מיט אונדז, טאַראַס איליטש, — זאָגט גרישאַ איסאַ־קאָוו — וועלן מיר צוריקגיין אינאיינעם.

— מיר לוינט ניט, — כמורעט זיך טאַראַס איליטש — איך בין אויף דער בויונג ניט אָנגעדונגען, צו וואָס קריכן?

סערגיי האָט מוירע צו בלײַבן אָן אַ געניטן מענטשן.

— פֿאַרבלײַב, פֿאָטער, — בעט ער זיך בײַ אים — מירן דיך פֿאַר־שרײַבן אין דער בריגאַדע, וועסט פֿאַרדינען. וועסט בײַ אונדז זײַן עלעהיי אינסטרוקטאָר.

טאַראַס איליטש זאָגט ניט יאָ און ניט ניין. ער מערקט נאָר אָן:

— בײַ מיר לײַדט דאָך אויך די באַלעבאַטישקייט...

גרישאַ איסאַקאָוו באַטראַכט פֿון אַ זײַט זײַן פֿינצטער געוואָרענעם פּאַ־נים. ניין, ניט אין דער באַלעבאַטישקייט גייט עס. אַנדערע סטירעדיקע גע־פֿילן מאַטערן דעם מאָדנעם מענטשן. נאָך דעם נעכטיקן אָפּנהאַרציקן שמועס, מײַדט ער איצט אויס מענטשן, שווײַגט ער, קוקט זיך צו פֿאַרזיכטיק צו אַלץ און זעט אויס ווי מען וואָלט אים באַליידיקט.

בײַ דער שײַן פֿון טאָג איז טאַראַס איליטשעס פּנים גרוי, געקנייטשט. די נאַט אָפֿן שלייף טיילט זיך אויס מיט אירע בלוי־הויטיקע בערגעלעך.

— אַן אָפּצייכן — פֿון אַ האַק? — פֿרעגט פֿאַרזיכטיק גרישאַ.

טאַראַס איליטש וואַרפֿט דאָס אָפּ.

— ניין. פֿון אַ בער.

אַלע פֿאַראינטערעסירן זיך.

— פֿון אַ בער? דערציילט! וויאַזוי פֿון אַ בער?

— וואָס איז דאָ צו דערציילן! ווי געוויינלעך, מיט דער לאַפּע — קוקט ער אויף די אָנגעשטעלטע צו אים יונגע פּנימער. ער גיט נאָך און דערציילט פֿאַרגעניגנדיק: — דאָס איז געווען. מיר האָבן געהאַט איינעם אַ זאַק, שוין געשטאַרבן, באַטורין. איז בײַ אים דאָס גאַנצע פּנים צעגראַ־

טשעט געווען. מען איז געגאַנגען אין יאָגד אַף אַ טיגער. ער מיט נאָך פיר יעגערס און זײַנער אַ פלימעניק. זײַן פלימעניק איז דעמאָלט פערצן יאָר אַלט געווען, דעם ערשטן מאָל אַף יאָגד געגאַנגען. און באַקומען האָט זיך, אַז זיי האָבן דעם טיגער אונטערגעשאָסן, נאָר ניט באַוויזן אים דערהאַרגענען. און ער גיט אַ שפרונג גלײַך אַף באַטורינען, וואַלגערט אים אום און קלאַמערט זיך אײַן מיט די נעגל אין קאָפ. צום אַלטן איז דער טויט געקומען. די יעגערס זײַנען זיך צעלאָפן, און ס'איז מיט אַן עמעסן שרעקלעך געווען. נאָר דער פלימעניק — אייגן בלוט, וווהין וועט ער לויפן? ס'איז דאָך אַ ראַכמאָנעס. האָט ער געכאַפט די האַק און מיט איר אַן אַכקע געטאָן דעם טיגער איבערן קאָפ. די האַק איז אַרײַן ביזן הענטל, האָט באַטורינען מיט בלוט באַגאָסן, גיי ווייס ווו ס'איז אייגנס און ווו דעם טיגערס. דער טיגער איז טאַקע אַף אים געבליבן טויט. נאָר די טיגערישע שפורן זײַנען אים אַפן גאַנצן לעבן פאַרבליבן.

פון דער טײַגע קומען אַנצוקריכן די נאַכט־שאָטנס. אין דער נאָענט פלוידערט דאָס וואַסער, די צווײַגן שאָרכען.

— אַ סאַך טיגערס דאָ פאַראַן? — פרעגט עמעצנס אַן אָנגעשטרענגט רויִקער קאָל.

— ניין. איצט הערט מען עפעס ניט.

יעפיפאַנאָוו רײַבט זיך די נאַקעטע פיס. ער באַטראַכט די צוגעטרוקנטע באָם פײַער באַטינקעס און דערציילט:

— און אין די אָקעאַנען איז אַזאַ מין כאַיע פאַראַן — די יאַם־שפין. מיט שרעקלעכע לאַפעס, אַכט פיס, ניט אַזוי פיס, ווי קלאַמערס. פאַרקלעמט זי מיט זיי אַ מענטשן, איז ער אַ פאַרפאַלענער! זי זויגט אים אויס. די טויכערס יאָגן זיך אַף זיי.

אַ קאָמיוגיסט פון קאַבאַרדינאַ באַלקאַריאַ דערציילט:

— פאַרצווייאָרן זײַנען מיר געהאַט אַרויף אַפן שפיץ באַרג. און מיטאַמאָל, טראַך — אַ לאַווינע האָט זיך אָפגעריסן. דרײַ מענטשן האָט עס אַראָפגעטראָגן. איינעם האָט אַ שטיק אײַז אַזאַ כמאַל געטאָן, אַז ער איז באַלד געשטאָרבן. אַ צווייטער האָט זיך מיט דעם אַלפנשטאָק אינעם אײַז אײַנגעביסן. דאָס אײַז קלאַפט אים און ער האַלט זיך, דערנאָך האָט מען אים קוים די הענט צענומען. דעם דריטן האָט עס גענומען אַזוי טראָגן — נו, טראַכטן מיר, אַדיע טײַערער. נאָר ער איז לעבן געבליבן. מען האָט אים פון אונטערן שניי אויסגעגראָבן. ער איז געווען אײַנגאַנצן אַ צעהאַרגעטער, נאָר ער האָט געאָטעמט. פאַראַיאָרן איז ער ווידער אַרויף.

אַ קאָמיוגיסט פון קניאַזשיאַ גובאַ דעציילט:

— איך בין נאָך אַ שנעק געווען. באַ אונדז זײַנען דעמאָלט געווען די ענגלענדער. דאָס גאַנצע דאָרף האָט געפאַרטיזאַנעוועט. און מיר יאַטלעך זײַנען מײַדימס געווען אַף סקי צו לויפן, וואָרעם באַ אונדז לויפן אַלע, פון קינדווײַז אָן. לויפן מיר אַזוי אין די בערג און טראָגן ברויט פאַר די טאַטעס. ווי מיר לויפן אַזוי, טאַטעלעך! ענגלענדער גייען! וואַרפן מיר אַוועק דאָס ברויט אין שניי און אַליין לויפן מיר, קלוימערשט פאַרוועטן מיר זיך. נאָר זיי כאַפן אונדז: ווו זײַנען די טאַטעס? זיי ציפן, שלאָגן, רײַסן פאַר די אויערן. איך, פאַרשטייט זיך, שרײַ, כ'לאָז מיך ניט. נאָר זאָגן זאָג איך גאָרניט. און אַלע יאַטלעך שרײַען, רעווען אַף די העכסטע קוילעס, נאָר זאָגן גאָרניט. און טאַקע ניט געזאָגט.

סערגײ גאַליצין האָט אויך כּײשעק צו דערציילן עפּעס שרעקלעכס, העל־דישעס, נאָר מיט אים האָט קיין שום שרעקלעכע זאַך אין לעבן ניט פּאַסירט. עס שווימען אים אַרויף אין זיקאָרן מײַסעס וואָס זײַן פֿאָטער דערציילט... נאָר וואָס פֿאַר אַ זין האָט עס פֿרעמדע ווערטער נאָכצוזאָגן?

עס ווערט פֿינצטער.

די קאָמיוגיסטן נעמען זינגען. טאַראַס איליטש זיצט מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ.

— און אונדז טרײַבט מען אַראָפּ — רופֿט ער זיך פּלוצים אָן און הייבט האַסטיק אויף דעם קאָפּ. עס ציגדט זיך אים אַ קאָס אין די אויגן. נאָר דער קאָכ לעשט זיך באַלד אויס און זײַן צרט פֿאַרנעמט אַ טעמפּער גע־פֿיל פֿון באַליידיקונג. — אײַער נאַטשאַלניק זאָגט: מירן יעדן איינעם געבן געלט, רײַזע־הוצאָעס און דעם פֿולן ווערט פֿון דער ווירטשאַפֿט, אַף אַ נײַ אָרט אַריבערפֿירן. דאָ בויט מען אַ שטאָט. מען קען ניט.

עס פֿאַרפֿירט זיך אַ וויקועך — איז עס ריכטיק צי ניט ריכטיק אַ גאַנץ דאָרף אַראָפּצוטרײַבן. אַלע פֿילן מיט טאַראַס איליטשן.

— נו, ווי קען עס זײַן ניט ריכטיק. אַלץ איינס, קיין ווירטשאַפֿט קען מען שוין דאָ ניט פֿירן. מען בויט. נאָר פֿאַרוואָס האָט מען מיך ניט גע־פֿרעגט צי וויל איך, צי וויל איך דאָס געלט? אַף וואָס דאַרף איך געלט? ווען איך זאָל געוועזן וועלן, וואָלט איך שוין לאַנג געקענט אַוועקפֿאָרן. ס'איז ניט אַמאָל. פֿרײַער פֿלעג איך אַלץ טראַכטן וועגן פֿאָרן קיין רוסלאַנד. און דאָ וואָס איז, ניט רוסלאַנד? קוקסט זיך אַרום — טרעפֿט עס פֿאַרכאַפּט דיר אַזש דער אָטעם, אַזאַ ראַכוועס!

— און איר וואָלט ניט וועלן בלײַבן אַף דער בויונג? — פֿרעגט אים גרישאַ ניט זיכער.

טאַראַס איליטש הייבט אויף די אויגן אַף אים און ענטפֿערט ניט.

— איר האָט געהערט וואָס ווערנער האָט געזאָגט אַפֿן מיטינג? אַ גראַ־ניטענעם שטראַנד, אַספֿאַלט, בולוואַרן... — האַלט אונטער יעפּיפֿאַנאָוו גרישאַן — אָט אַזאַ שטאָט, פֿאָטער, וועסטו בויען. דערנאָך איז שוין אויך שטאַרבן ניט שרעקלעך. אַ דענקמאָל געלאָזט.

נאָר טאַראַס איליטש שווײַגט. ער זיצט אַן אָפּגעפֿרעמדטער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. גרישאַ ווייס ניט וויאַזוי פֿאַר אים אויפֿצוּודעקן דעם נײַעם, דעם ליכטיקן אינהאַלט, פֿאַר אים, וואָס האָט געזען בלויז קאַטאָרגע, וועלפֿישן נאָכשפּיר, מאַכט פֿון מעסער און גאָלד.

גרישאַן קומען אַפֿן געדאַנק די פֿערזן וואָס ער האָט באַנאַכט אָנגע־שריבן. זאָל ער זיי דאָ לייענען? וועט ער זיי פֿאַרשטיין?... אויב ער וועט זיי ניט פֿאַרשטיין, הייסט עס, אַז זיי טויגן ניט צו גאָרניט.

— איך האָב נעכטן אָנגעשריבן אַ ליד, — זאָגט גרישאַ מיט אַן אײַ־בערגעריסענעם קאָל — לויט דעם וואָס איר האָט דערציילט. „וועלף" האָב איך עס אַ נאָמען געגעבן.

ער ווערט שטאַרק בלייך און לייענט דאָס ליד.

טאַראַס איליטש זיצט ווי אַ זאַקן געבויגן. נאָך לאַנגן שווײַגן רופֿט ער זיך טרויעריק אָן:

— טאַקע וועלף זײַנען מיר געווען — און ער בייגט נאָך הילפֿלאָזער דעם קאָפּ.

גרישאַ כאַפּט זיך, אַז מען דאַרף דאָס ליד ניט לייענען, אַז ניט דאָס דאַרף מען איצט.

— לייען נאָך עפּעס, — בעט אים יעפּיפּאַנאָוו — באַ אַזאַ וועטער איז נאָר הערן לידער לייענען.

גרישאַ קען לייענען לידער וויפל מען וויל — אייגענע און פרעמדע. נאָר וואָס זאָל ער לייענען? ווען ער איז מיט סאַניאַן, געפינט ער אויס צענדליקער לידער, ווי פאַר איר געשריבענע. „יענעם טאָג האָב איך דיך, פון די קעמעלעך אין קאָפּ ביז די פיס, ווי אַ פּראָווינצער טראַגיקער אַ שעקס־פּיר־דראַמע, מיט זיך געטראָגן און אַף אויסנווייניק געקענט...“

נאָר וואָס זאָל ער איצט לייענען? וואָס זאָל ער לייענען אַז טאַראַס איליטש זאָל בלײַבן אַף דער בוויוונג און זאָל זי ליב באַקומען, אַז די קאָמ־יוגיסטן זאָלן מאָרגן אַרבעטן מיט נאָך מער ברען ווי הײַנט?

עס קומט אים אַפּן געדאַנק „פּערעקאָפּ“. ער האָט אים ליב. די פערזן זײַנען וועגן זיי אַלעמען, וועגן טאַראַס איליטשן, וועגן די קאָמיוגיסטן, וועגן גרויסע געפילן און גרויסע מעַסים.

נאָר איידער זיי פאַלן,
שטעלן די טויטע אַ טריט פאָרויס...

געהאַט האָבן זיי דעם טרוים וועגן דעראָבערטן גליק, עפּשער אויך וועגן דער נײַער שיינער שטאָט אַפּן אַמור.

אונדז האָט זיך געכאַלעמט, אין הונדערט יאָר לעבן
וועלן אַזוינס די אויגן ניט זען.
נאָר מען קען דערוועגן קיין לידער ניט שרײַבן
און אויך ניט פּאַשעט דערציילן.

ער לייענט און דערשרעקט זיך פּלוצים פאַר טיכאָנאָוון. עפּשער וועט מען גאָרניט פאַרשטיין. נאָר אַלע פאַרשטייען זיי.

יעפּיפאַנאָוו קוקט גרישען גלײַך אין מויל אַרײַן, אַ פאַרטרוימטער, אַ ווייכער. ווען גרישאַ פאַרענדיקט, רופט ער זיך אָן:

— וועגן אונדז וועט מען אויך אַמאָל לידער שרײַבן...

גרישאַ לייענט די „באַלאַדע וועגן בלויען פּאַקעט“. ער געדענקט זי ניט גוט און ער לייענט פּאַמעלעך, בלײַבט שטיין זיך צו דערמאָנען אַ שורע אָדער אַ וואָרט. נאָר די צוהערער קנייטשן אינאיינעם מיט אים די שטערנס און באַוועגן מיט די אָנגעשטרענגטע ליפּן ווי זיי וואָלטן אים געהאָלפן זיך דערמאָנען... „נאָר די מענטשן אין קרעמל גייען קיינמאָל ניט שלאָפן...“

— ווער פון אײַך אַלעמען איז געווען אינעם קרעמל? — פרעגט טאַראַס איליטש.

— קיינער ניט.

אין אַ מינוט אַרום פרעגט ער:

— סטאַלין ווייס פון אונדזער בויונג?

— דאָס איז אַ פאַקט, ער ווייס — ענטפערט סערגיי.

— נו זאָג נאָך עפּעס לידער, אויב דו קענסט — בעט טאַראַס איליטש גרישאַן.

גרישאַ קלײַבט איבער איין ליד נאָכן צווייטן פון באַגריצקין. קיין איינס פון זיי פּאַסט זיך ניט. גרישאַ דערמאָנט זיך אַ דערפרייטער אָן מאַיאַקאָווסקין. ער כאַפּט זיך אָן אים אָן ווי אין אַ געוווּנטשענעם פרײַנט, וואָס טרעט אַרײַן אינעם ליכטיקן קרײַז אַרום פײַער — צו טאַט, צו קאַמף, צו הילף.

ער שעמט זיך שוין ניט און האָט שוין ניט מוירע עפּעס צו פאַרגעסן אָדער עפּעס צו פאַרמישן, ער דערמאָנט זיך אָפן קאָל און דערזאָגט מיט אייגענע ווערטער פאַרגעסענע סטראָפן, ער לייענט מיטן פולן קאָל אַלץ וואָס רופט, וואָס קלערט אויף, וואָס שטעקט אָן און קלאַפּט אין ציל:

לאָמיר זיך פאַראייניקן אינעם רום, —
מיר זײַנען דאָך מענטשן אייגענע,
זאָל אונדז אַלעמען
איין דענקמאָל זײַן
דער אויפגעבויטער
אין שלאַכטן
סאָציאַליזם.

און ער ווענדט זיך גלײַך צו טאַראַס איליטשן און זאָגט אים:

מען דאַרף
די פרייד
אַרויסרײַסן
בײַ די קומענדיקע טעג.
אין אָט דעם לעבן
איז שטאַרבן ניט שווער.
מאַכן ס׳לעבן
איז פיל שווערער.

שוין עט שפּעטער, ווען טאַראַס איליטש לייגט זיך שלאָפן זײַט בײַ זײַט מיט גרישאָן אינעם איבערפולטן געצעלט, בייגט ער זיך צו צו אים און זאָגט:
— כ׳זע שוין אַז איך וועל פון אײַך ניט אַוועקגיין... און שוין גראָבלעך גיט ער צו: — איר האָט ניט קיין הענט, איר וועט אײַך אַלץ איינס אָן מיר ניט באַגיין.

גרישאַ איז אַזוי פאַרמאַטערט אַז ער שלאָפט טייקעף אײַן. נאָר אינמיטן דער נאַכט כאַפּט ער זיך אויף ווי פון אַ געשריי. ס׳איז פינצטער, שטיל און קאַלט. דער טײַך פלוידערט. אַלע שלאָפן. וואָס־זשע? וואָס? ער האָט דאָס געפיל פון עפּעס וואָס ער האָט ניט געטאָן. אָך, יאָ! דאָס איז עס. מען דאַרף שרײַבן ווי מאַיאַקאָווסקי. גלײַך, געוואַגט, אָפן הויכן קאָל, ניט הינטן אַרומער, נאָר קלאַפּן גלײַך אין שטערן.

און ער שלאָפט ווידער אײַן. די שווערע פיזישע פאַרמאַטערטקייט נעמט זיך אירס.

## XVII

לאַנגע שאָען פּײַניקן זיך נאָך די פאַרבליבענע אין דאָרף מיט לאַנגווײַל און אומבאַשטימטקייט. אין אַזאַ פרישן פרעכטיקן פרימאָרגן ווילט זיך וואָס גיכער די מוסקולן צעפירן נאָך דער נעכטיקער אַרבעט בײַם אויסלאָדן.

און וואָס צו טאָן איז ניטאָ.

בײַ ווערנערן אַף דער באַרזשע גייט אַן אומאויפהערלעכע באַראַטונג.

די גאַנצע אָנפירונג זיצט דאָרטן.

די קאָמיוגיסטן, איבערגעלאָזטע אַף אייגענעם באַראַט, גייען אום און ווייסן ניט וואָס צו טאָן.

פון ערגעץ דערקריכט צו זיי אַ קלאַנג, אַז ס'איז אַ טאָעס געווען וואָס מען האָט זיי אַהערגעבראַכט, אַז די בוירונג טראָגט מען איבער אַף אַן אַנדער אָרט.

אַן אָרטיקער טוישעוו גלעט זיך זײַן כאַשעווע באָרד און באַשטעטיקט:

— אַזוי‏אַדע! אַ קאָמיסיע איז געקומען צופליען. דאָ קען מען ניט בויען, האָבן זיי געזאָגט, דער באָדן טויג ניט.

— נאַרישקייטן! — ענטפערט מען אים — עס קען ניט זײַן.

אַ רעשט אומזיכערקייט בלײַבט פונדעסטוועגן. ווער ווייס צי ניט דערפאַר ציט זיך אַזוי די באַראַטונג פון די פירער?

נאָך האַלבן טאָג איז די זיצונג פאַרענדיקט. מען רופט אַ קליינע גרופּע קאָמיוגיסטן אויספּאַקעווען דאָס געצײַג. מען פּאַקעוועט אויס גלײַך אַפן ברעג. אַן אוילעם שטייט אַרומגעשטעלט.

מען ריכט זיך אַף פאַרשיידענע אינסטרומענטן, יעדערער צו זײַן ספּעציאַליטעט. נאָר באַקומען באַקומט מען בלויז זעגן און העק.

מען הערט וועדנערס קאָל ריידן:

— קאָמיוגיסטן, שטעלט אײַך אויס לויט בריגאַדעס!

קיין בריגאַדעס זײַנען נאָך ניט. די אויפגעקומענע אינעם צוג, זײַנען זיך צעפאַלן. די באַטיילקטע אין יענע בריגאַדעס קענען זיך אײַנער דעם צווייטן ניט געפינען. מען שטעלט זיך אויס לויט פרײַנטשאַפט, לויט שטעט, ווי עס קומט אויס.

עס דערהערט זיך אַ נײַער באַפעל:

— צוויי הונדערט מענטשן אַפן צווייטן אָפּטייל!

— צוויי הונדערט מענטשן אַפן דריטן אָפּטייל!

צווישן די גרופּעס פרעגט מען זיך:

— וואָס אַזוינס איז דער צווייטער אָפּטייל?

— מעכאַנישע וואַרשטאַטן.

— און דער דריטער?

— געהילץ־זאַוואָד.

די קאָמיוגיסטן לויפן איבער פון איין גרופּע צו דער צווייטער. די גרעסטע טייל באַלאַנגט האָט דער צווייטער אָפּטייל.

אַלס אַרבעטס־פירער פונעם צווייטן אָפּטייל ווײַזט זיך אַרויס אַ נידעריק־געפּאַקט מענטשל אין ברילן אַף אַ גרוי־בלויער נאָז, פּאַוועל פּעטראָוויטש מיכאַליאָוו. ער ווייס ניט, קענטיק, וואָס צו טאָן מיט די קאָמיוגיסטן און לויפט אום, דאָ צו וועדנערן, דאָ צו גראַנאַטאָוון און קוקט פאַרלוירן אַריבער די ברילן.

קאָליאַ פּלאַט קומט צו און פאַרנייגט זיך פאַר אים העפלעך.

— איך בעט אײַך אין אַכט נעמען — איך בין מעכאַניקער פון דער אַכטער קאַטעגאָריע.

פּאַוועל פּעטראָוויטש קוקט אים אָן, שווײַגט און צעשמייכלט זיך הילפלאָז:

— און איך טײַערער, בין בוי־טעכניקער מיט דרײַסיק יאָר סטאַזש. נעמט עס אויך אין אַכט.

דער צווייטער אָפּטייל — מעכאַנישע וואַרשטאַטן — ווײַזט זיך אַרויס,

איז שטילע פינצטערע טײַגע. אונטער די פיס שאָרכען צוגעפוילטע פּאַראָ־יאָריקע בלעטער און עס טיאָפּקעט ווייך די דורכגענעצטע ערד. איבערן קאָפּ לאָזן די אײַנגעפּלאָנטערטע צווײַגן פון דיביימער קוים דורך די זון.

די גרופּע טראָגט מיט זיך זעגן, העק, אַ פעלד־קיך און פּראָדוקטן.

— כאָוויירים קיך! שטעלט אײַך אָט דאָרטן — ווײַזט זיי אָן פּאַוועל פּעטראָוויטש מיט אַ בעטנדיקן קאָל, אַף אַ העכערן טרוקענעם אָרט מיט צוויי בערעזע־ביימער.

קלאַוואַ און לילקאַ לייגן פריילעך אַרויס זייערע מאַכשירים. דאָס איז אינטערעסאַנט — מיטאָג קאָכן אינעם וואַלד. סיאָמאַ אַלטשולער שליסט זיך אָן צו זיי און נעמט זיך אויפשטעלן אַן אויוון פון שטיינער.

— נו־ס — ציט פּאַוועל פּעטראָוויטש די ווערטער און באַטראַכט אַ דער־שראָקענער די גרופּע — דאָ וועלן זײַן די מעכאַנישע וואַרשטאַטן. מען דאַרף דאָס פּלאַץ אָפּרייניקן. אויסהאַקן די ביימער, אָרומרייניקן, אויסקאָרטשעווען די פּעניקעס. נעמט זיך צו דער אַרבעט.

— אָט האָט איר אײַך אַ נײַע קוואַליפיקאַציע — לאַכן די קאָמיוגיסטן.

עס קלעקן ניט קיין זעגן און קיין העק.

קאַליאַ פּלאַט גיט אָפּ מיט פאַרגעניגן זײַן זעג און צוקט אַ ברויגעזער מיט די אַקסלען. וואַלקאַ בעססאָנאָוו איז אַרײַן מיט אַ פוס אין אַ גרוב מיט וואַסער, זיצט ער אַף אַ פּעניק און רייניקט אָפּ די בלאָטע פון די שטיוועלעך.

עס פאַלן די ערשטע ביימער און שנײַדן זיך אײַן מיט געפּײַף אין די קוסטעס.

פּעטיאַ גאָלובענקאָ ווענדט זיך צום אַרבעטס־פירער מיט אַ זינגענ־דיקן קעלכל:

— און מיר, וואָס זאָלן מיר טאָן? די קראַען ציילן?

פּאַוועל פּעטראָוויטש ווייס אַליין ניט ווי זיך צו פירן. ס'איז דעם ערשטן מאָל ווי ער קאָרטשעוועט וואַלד. מען האָט אים אָנגעזאָגט: „זאָלן טייל האַקן, אַנדערע זעגן און די איבעריקע קאָרטשעווען". פּעטיאַ, קאַליאַ פּלאַט, וואַלקאַ בעססאָנאָוו, זײַנען פון די וואָס דאַרפן קאָרטשעווען.

באַ די פערציק מענטשן זײַנען זיי.

— איר וועט קאָרטשעווען — גיט פּאַוועל פּעטראָוויטש אַן אומבאַ־שטימטן מאַך מיט דער האַנט אין דער לופטן — די פּעניקעס קאָרטשעווען. וואָס, איר פאַרשטייט ניט? — קערט ער זיך בייז אָפּ פון זיי.

פּעטיאַ גאָלובענקאָ לויפט דער ערשטער צו צו אַ גרויסן פּעניק, גיט אים אַ זעץ מיטן פוס און פּרוווט אים צעוויגן מיט די הענט. דערנאָך שפּרינגט ער אַרויף אַפן פּעניק, ווינקט צו שטיפעריש מיט אַן אויג און שרײַט:

— פּאַוועל פּעטראָוויטש, ער קאָרטשעוועט זיך ניט!

ווען פּאַוועל פּעטראָוויטש שטייט שוין לעבן אים אַ פאַרסאָפּעטער, זאָגט ער אים שוין גוטמוטיק:

— מיר ווייסן ניט ווי־אַזוי. איר וואָלט אונדז באַדאַרפט צווײַזן, ווי מיינט איר?

— נו, וואָס איז דאָ צו ווײַזן!

פּאַוועל פּעטראָוויטש קומט צו צום פאַראָקשנטן פּעניק.

— ווײַז נאָר אַהער די האַק! — און ער נעמט האַקן די אײַנגעוואַק־סענע וואָרצלען. — מען דאַרף צולייגן אַ פּלייצע! איינס־צוויי! — דער פּעניק רירט זיך ניט. די יאַטן שטייען אַרום. — אַך דו טײַוול! — פּאַוועל

פעטראָוויטש שוויצט אינאיינעם מיט פעטיאַן און קאָליאַן און פּרוּווט איבערקערן דעם פּעניק. די וואָרצלען קרעכצן קוים. דער פּעניק שטייט.

— וואָס איז דאָ ניט צו קענען? — זאָגט פעטיאַ מיט אַ זיסענקן קאָל.

פּאַוועל פעטראָוויטש שפּאַרט מיט אַלע קויכעס. דערנאָך גיט ער אַ שפּײַ און זידלט זיך אויס:

— נאָך אַלעמען, בין איך ניט קיין האָלצהעקער.

און ער קוקט אַף די יאַטן אַריבער די ברילן מיט דעם בליק פון אַן אומזיסט באַליידיקטן מענטשן. צום פּעניק נעמט זיך שוין איצט גענקאַ קאָליוזשני. ער וויל אויספּרוּוון זײַנע קויכעס. און דאָ דערהערט ער אַ דײַטלעכן בייזן קאָל:

— נאָך אַלעמען בין איך אויך ניט קיין האָלצהעקער. איך בין אַ מעכאַניקער פון דער אַכטער קאַטעגאָריע, און איך מיין, אַז אויסניצן ספּעציאַליסטן אַף אַזאַ אַרבעט איז פּאַשעט נאַריש. ניט צוליב דעם האָט מען מיך אַהערגעשיקט.

קאָליאַ פלאַט זאָגט עס הויך און דײַטלעך און קוקט דערבײַ מיט רויקע בייזע אויגן אַף פּאַוועל פעטראָוויטשן. אַפּן זאָוואָד האָט מען אים כאַשעוו געהאַלטן. און ער אַליין איז געוווינט צו קוקן אַף זיך מיט כשיוועס. גערעכנט האָט ער, אַז אַפּן ווײַטן מיזרעך וואַרט אַף אים נאָך מער כשיוועס, אַז דאָ וועט ער באַקומען אַ נאָך מער פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט און מען וועט אים נאָך מער אָפּשאַצן. נאָר קיינער טיילט אים ניט אויס פון דער אַלגעמיינער מאַסע, מען שיקט אים מיט אַ זעג אין דער טײַגע, זײַנע שטיוועלעך זײַנען אינעם זומפּ פאַרכט געוואָרן, מען גלײַכט אים מיט שוואַרצאַרבעטער. ער איז זיכער, אַז ס'איז אַ פאַרדריסלעכער טאָעס, וואָס מען קען אים לײַכט פאַרריכטן.

נאָר דאָ שפּרינגט אַרויס פון די קיילים וואַלקאַ בעססאָנאָוו:

— דו ביסט אַ ספּעציאַליסט, און איך ווער בין? מיך האָט מען געשיקט ניט פּעניקעס רירן, איך, ברודער, בין דער בעסטער לעניִנגראַדער שטוקאַטורער!

גענקאַ קאָליוזשני גיט אַ מעכטיקן רעווע:

— אין וואָס גייט דאָ? אַלע זײַנען מיר ספּעציאַליסטן! איך בין אויך אַ קוואַליפיצירטער טאָקער!

די יאַטן וואַרפן אַוועק די זעגן מיט די העק.

— און איך בין אַ מעכאַניקער!

— און איך אַ שלאָסער!

— איך בין פון דער זעקסטער קאַטעגאָריע!

— וואָס מיר זעקסטע, איך בין פון דער זיבעטער און איך שוויַג!

קאָליאַ פלאַט ציילט די ווערטער:

— איך רייד וועגן אַלעמען. מען ניצט אונדז אויס ניט ריכטיק. איך לייג פאָר אַרויסרופן ווערנערן.

טאָניאַ וואַסאַיעוואַ, וואָס האָקט אַראָפּ די צווײַגן פון די אומגעוואָרפענעביימער, רײַסט זיך אַרײַן אין דער גערדיכטעניש פון די יאַטן און שרײַט אַף זיי אָן:

— דאָס איז דאָך נאַריש, כאַווירים! כ'בין אויך ניט קיין האָלצהעקער, כ'בין אַ וועבערקע. איז וואָס־זשע, וועל איך מיר הייסן אַוועקשטעלן אַ וועבשטול אונטער אַ יאָדלע?

אירע ווערטער קלינגען איבערצײַגנדיק. נאָר וואַלקאַ בעססאָנאָוו רײַסט זי איבער:

— איך שפּײַ אָף דײַן וועבשטול! מיך האָט מען געשיקט פאַר אַ שטור־קאַטורער. ביכלאַל איז דאָ אַ סקאַנדאַל. צוליב וואָס האָט גראַנאַטאָוו צונויפ־געשטעלט די צעטלען? דער באָדן דאָ איז אויך דער טײַוול ווייס וואָסערער! זאָל ווערנער זאָגן! ווערנערן רופט אַהער!

— ווערנערן! ווערנערן! — שרײַען די יאַטן.

— כאַוויירים, כאַוויירים, ס׳איז אַ כאַרפּע! — שרײַט טאָניאַ.

פּאַשקאַ מאַטווייעוו שטיצט זי.

— דיסציפּלין, יאַטן. איך אָוונט וועלן מיר פרעגן, אַזוי טויג ניט.

פּעטיאַ גאָלובענקאָ קוקט זיך צו צו דעם וואָס דאָ קומט פאָר. די געלע זומער־שפּרענקלעך ווערן קענטיקער אָף זײַן בלייך געוואָרענעם פּאָנעם. ער דערמאָנט זיך אָן די „פּיראַטן״ אָף דער „קאָלומב״. ער ווייס נאָך ניט וואָס ער וועט טאָן, נאָר ער שפּרינגט אַרויס אָף פּאָרנט:

— אין איין אויגנבליק קום איך צוריק — און ער לויפט אַוועק אין דאָרף.

ווען ער זעט שוין די דאָרפישע דעכער, בלײַבט ער שטיין אַ ניט אָנט־שלאָסענער. ער ווייס ניט וואָס צו זאָגן ווערנערן. ווערנער וועט אין קאָס ווערן: „זײַט איר פּיראַטן אָדער קאָמיוגיסטן, דער טײַוול ווייס אײַך?״ פּע־טיאַ דערפילט זיך אַלס פּאָרשטייער פון דעם נײַעם „פּיראַטן־אויפשטאַנד״. ער וויל עס אָבער ניט זײַן. „כאַוּוער גאָלובענקאָ, — וועט מען אים זאָגן — שוין דעם צווייטן מאָל אין דרײַ טעג אַז איר רײַסט אַראָפּ די דיסציפּלין״. צו וואָס האָט מען זיי גאָר געגעבן אָט דעם קאָמישן פּאַוועל פּעטראָוויטש?

ער שפּאַנט איבערן דאָרף מיט שטילן טראָט. אָף דער באַרזשע איז שטיל. ווערנער איז דאָרט ניטאָ. דעם „אַמורער קראָקאָדיל״ אַרײַנשלעפּן אין די זאַכן איז ניט קעדײַ.

ווען פּעטיאַ גייט אַראָפּ, טרעפט ער זיך אָן אָף דער קלאַטקע מיט אַ פעסטן ניט־געראַזירטן מענטשן אין אַ העלער קעפּקע.

— וואָס טוסטו דאָ? — פרעגט אים דער מענטש אין דער העלער קעפּקע.

פּעטיאַ דערמאָנט זיך: דער מענטש איז שפּעט אין אָוונט געקומען צו פליען מיט אַן עראָפּלאַן און איז נעכטן באַנאַכט אַרומגעגאַנגען איבער די געצעלטן.

— גאָרניט... — זאָגט פּעטיאַ — איך בין פונעם צווייטן אָפּטייל. מען האָט מיך געשיקט רופן דעם כאַווער ווערנער.

— וואָס איז געשען?

אויסמײַדנדיק קלערט אים פּעטיאַ אויף, אַז כעוורע „סקאַנדאַלעוועט״. ער בעט אים:

— איר וואָלט עפּשער אַהין צוגעגאַנגען, ווי מיינט איר?

— הער אויס, באָכער — זאָגט דער מענטש מיט דער העלער קעפּקע — ווערנערן וועל איך אַפילע ניט זאָגן. גיי זאָג דײַנע יאַטן: מאָראָזאָוו האָט געזאָגט, אַז געשיקט האָט מען אַהער ניט קיין טאָקערס און שלאָסערס, נאָר די בעסטע קאָמיוגיסטן. מער גאָרניט. זאָלן זיי אַליין פאַרשטיין. זיי זײַנען שוין ניט קיין קליינינקע.

פּעטיאַ שאָקלט צו מיטן קאָפּ און לויפט צוריק. נאָר ווען ער קומט

שוין אַרויס פונעם דאָרף, שטעלט ער זיך אָפּ און פֿאַרטראַכט זיך. ווער וועט אים הערן? דײַן זאַך איז אַ קלייניקייט, צווייטע קאַטעגאָריע.

ער הערט זיך אײַן צום געקלימפּער פֿון די העק און לויטן קלאַנג לויפֿט ער אויפֿזוכן קרוגלאָוון. דער ערשטער אָפּטייל אַרבעט מיטן גאַנצן ברען. דער יונגער אינזשעניער פֿעדאָטאָוו האָט די מענטשן צעשטעלט מיט אַ טאַלק. פּעטיאַ דערזעט באַלד קרוגלאָוון, ווי ער שלעפּט אַף די אַקסלען אַ טרויעריק אַראָפּגעבויגענע בערעזע.

פּעטיאַ העלפֿט אים צושלעפּן די בערעזע ביז צום אָרט און זאָגט אים אין דער שטיל, די אַנדערע יאָטן זאָלן ניט הערן:

— אַנדריושאַ, סקאַנדאַל, פּיראַטן. וואָלסט עפּשער צוגעגאַנגען מיט מיר, אַ?

אַנדריי צעפֿרעגט זיך וואָס און פֿאַרוואָס? ער רעדט שטיל איבער דעם אינזשעניער פֿעדאָטאָוו און רופֿט צו קאַטיאַ סטאַווראָוואַ:

— קאַטיאַ, מיר גייען אײַנשטילן די „פּיראַטן”. דײַן בעססאַנאָוו וויל די סאָסנעס שטוקאַטורען.

— ער איז ניט מײַנער! — זאָגט קאַטיאַ — נאָר זי גייט מיט זיי.

אינעם צווייטן אָפּטייל וואַרט מען אַף ווערנערן. פֿון די האַרבע וויקוכים שפּאַלטן זיך די קאָמיוגיסטן אַף צוויי פֿײַנטלעכע גרופּעס. קאָליאַ פּלאַטס רויִקע אַרגומענטן ווירקן אַף אַ סאַך זייערע. ווער עס קען ניט און וויל ניט מאַסקים זײַן מיט אים, כאַפּט זיך צו דער אַרבעט. פּאַשקאַ מאַטווייעוו וואַלגערט אײַן אייך בוים נאָכן צווייטן. ער איז באַגאָסן מיט שווייס, נאָר ער רוט ניט אַ מינוט. קלאַוואַ לאָזט זיך אָפּ פֿון אירע טעפּ און כאַפּט זיך צו דער זעג.

— ווי שעמט איר אײַך ניט, און נאָך באָכערים! — וואַרפֿט זי זיי גוטמוטיק צו. און עטלעכע בונטאַרן וואָרטשען, נעמען בײַ איר צו די זעג, און שטעלן זיך צו דער אַרבעט.

סיאָמאַ אַלטשולער אייסעקט זיך נאָך מיט דעם אויוון. אים גלוסט זיך אַרײַן אינעם וויקועך, ער פֿילט אָבער, אַז מען מוז דערצו האָבן גוט צוגעטראַכטע מעטאָדן. פּאַוועל פּעטראָוויטש טויג ניט, ער קען ניט אָרגאַניזירן די מענטשן. נאָר אויך די יאָטן טויגן ניט. אים איז אַ בושע פֿאַר זיי, און מער ווי אַלץ פֿאַר זײַן פֿרײַנט געניקאַ. ער טראַכט לאַנג אַרום די לאַגע, איידער ער רופֿט אים צו.

געניקאַ קומט צו אָן כיישעק. ער זעט אויס אָנגעכמורעט און גרייט אים קעגנצושטעלן זיך. נאָר סיאָמאַ ווײַזט אים אָן אַ שווערן שטיין וואָס איז אײַנגעגראָבן אין דער ערד.

— אַ נו, דו גרויסער גוואַר, העלף אַרויס.

געניקאַ רײַסט אַרויס דעם שטיין פֿון דער ערד און טראָגט אים לײַכט אַריבער אַפֿן נייטיקן אָרט.

— אוך, דו גיבער! — איז סיאָמאַ אַנטציקט — און איצט... — ער באַהאַלט דאָס פּנים קעדיי זײַן כאַווער זאָל אַף אים ניט זען די פֿאַרב פֿון בושע מיט זײַן אויפֿפֿירונג: — איצט, גיי און ווײַז די זשלאָבעס וויאַזוי מען דאַרף אַרבעטן.

געניקאַ סאָפּעט און איז רויט פֿאַר בושע.

— איך האָב פֿאַר דיר עפּעס צוגעטראַכט — זאָגט סיאָמאַ — זעסט אָט דאָס נאַרישע דרענגל. איך האָב עס אָפּגערייניקט און האָב פֿאַרשניצט

דערבײַ אַ שפּיץ. רוק עס אַרונטער אונטער די וואָרצלען. דער שטאַנג־פּרינציפּ. פֿאַרשטאַנען?

גענקאַ נעמט דאָס נאַרישע דרענגל, נאָר גיין גייט ער ניט.

— זאָג מיר, אַגעװ, װײסט ניט צוליב װאָס זײ האָבן דאָרט אויפגעהויבן אַזאַ טומל? — פֿרעגט סיאָמאַ אַ רויִקער און באַהאַלט דאָס פּנים.

— עך, נאַרישקייטן!

— נו, נו! גיי פּרוּװ עס אויס. ס'איז דער שטאַנג־פּרינציפּ. רוק עס אַרונטער און שפּאַר זיך אָן. עס מוז אַרויסקומען.

און גענקאַ, אַ פֿאַרשעמטער נאָר אַ צופֿרידענער װאָס עס איז געפֿונען געװאָרן אַן אויסגאַנג צו דער ניט אָנגענעמער לאַגע, כאַפּט זיך צו מיט ברען צו די פּעניקעס. ער קלײַבט אויס דעם זעלביקן פּעניק װאָס פּאַװעל פּעטראָװיטש האָט געפּרוּװט אויסקאָרטשעװען. װאַלקאַ בעססאָנאָװ זיצט אַף אים.

— קריך נאָר אַראָפּ! — טוט גענקאַ אַ בײזן געשריי און זעצט אַרײַן דעם שטאַנג אונטער די װאָרצלען. גענקאַ פֿאַרמעסט זיך צו אים, שפּײַט אָן אין דער דלאָניע און שפּאַרט זיך אָן אָפּן דרענגל מיט אַזאַ בײזער גװורע, אַז די פֿאַרגראָבענע װאָרצלען פּלאַצן מיט אַ קרעכץ און דער לויז־געװאָרענער פּעניק קערט זיך איבער אַף אַ זײַט.

גענקאַ קוקט זיך אום און דערזעט סיאָמאַס דאַנקבאַרן בליק און קוים װאָס ער קען דעם אָטעם כאַפּן פֿון אומגעװײנלעכער ליבשאַפֿט און פֿרײַנטשאַפֿט, גיט ער אַ רוף:

— אַ נו, יאַטן, שפּאַרט זיך אָן! צו דרײַ־פֿיר פֿאַרשוין. ס'עט גיין.

אײנער, אַ צװײטער קומט צו. טאָניאַ נעמט אָנהאַקן שפּיצן בײמער, פֿאַרשפּיצט זײ און לײגט אַלעמען פֿאַר גרײטע שטאַנגען.

נאָר אַן ערעך פֿופֿציק פֿאַרשוין דרײען זיך נאָך, פֿונדעסטװעגן, אַרום לײדיק און װאַרטן אַף װערנערן.

— ער גײט! — גיט עמעצער אַ געשריי.

דאָס גײט קרוגלאָװ, באַגלײט פֿון פּעטיאַ גאָלובענקאַ און פֿון קאַטיאַ סטאַװראָװאַ. קרוגלאָװ קומט צו ניט געאײַלט.

— נו, װאָס אַזױנס קלאַפּט עס ניט באַ אײַך?

— אַלץ, — זאָגט װאַלקאַ בעססאָנאָװ און דרײט זיך אַװעק פֿאַר קאַטיאַס שפּאָטישן בליק.

טאָניאַ װאַרפֿט אַװעק די האַק און לױפֿט צו צו קרוגלאָװן.

— ס'איז אַ כאַרפּע! — שרײַט זי און קוקט בײז אַף די באָכערים — װײס עס דער טײַװל װי מען האָט די מענטשן אונטערגעקליבן! זײ װאַרפֿן אַ פֿלעק אָפּן גאַנצן אָפּטײל! דו פֿאַרשטײסט, אַנדרײ, גיב זײ אַרבעט לױט זײער ספּעציאַליטעט! זײ זײַנען ניט געװוינט! די בלאָטע געפֿעלט זײ ניט! זײ זײַנען פֿון זעקסטער קאַטעגאָריע.

— פֿון אַכטער — פֿאַרריכט קאָליאַ פּלאָט.

אַנדרײ קוקט אַף די קאָמיוגיסטן. פֿאַראַן צװישן זײ אַ היפּשע צאָל קװאַליפֿיצירטע אַרבעטער. נאָר אָט שטײט דער אַלט־באַקאַנטער ניקאָלקע. אײנער פֿון די „פּיראַטן"־אָנפֿירער... אַנדרײ קען אים שוין — אַ דאָרפֿישער באָכער, אַרבעט אַלס שװאַרצאַרבעטער, אַלס ערדגראָבער... און ער, װאָס סקאַנדאַלעװעט ער? און אַרום אים שטײט שוין אַ גאַנצע גרופּע, די גרעסטע שרײַער.

ער גײט צו צו ניקאָלקען און נעמט אים אָן פֿאַר אַן אַקסל:

— און דו אַף װעלכער ספּעציאַליטעט װאַרטסטו אַרבעט?

ניקאָלקע רײַסט זיך אַרויס, דרייט זיך אַװעק און גיט אַ מרוקע:

— איך בין ניט אײנער... איך בין װי אַלע...

— איך פֿרעג, װאָס איז דײַן ספּעציאַליטעט?

ניקאָלקאַ שװײַגט. אַנדריי דרייט זיך אויס צו קאָליאַ פּלאַטן:

— קלײַב נאָכעס! געשיקט האָט מען דיך װי אַ פּראָלעטאַריער און װאָס באַװײַזטו? עגאָאיזם פּירסטו אײַן? רײַסט אַראָפּ די אַרבעט? און דו, בעססאָנאָװ, אויך אַהין? מען האָט נאָך דעם ביניען ניט אויפגעבויט און דיר גיב שטוקאַטורען! און אַז עס װעט זײַן מילכאָמע און מען װעט דיך שיקן טראַנשייען גראָבן, װעסטו זיך אויך אָפּזאָגן?

— דאָס זאָלסטו דיך ניט דערװעגן צו זאָגן! — שרײַט װאַלקאַ און װערט רויט.

— פֿאַרװאָס ניט דערװעגן זיך? באַװוסטזיניקייט דאַרף מען אַרויסװײַזן. און דאָ איז אַ כאַרפּע אַף דער גאַנצער בויונג. ס'איז דאָך אַ ביזאָיען, יאַטן! געשיקט האָט מען אײַך װי די בעסטע קאָמיוגיסטן. די פּאַרטיי האָט גערעכנט אַז מיר װעלן ניט מוירע האָבן פֿאַר קיין שװעריקייטן. און מיר, װעלן מיר טאַקע זדרעפּען?

— ניין מיר װעלן ניט זדרעפּען! די פּאַרטיי האָט קיין טאָעס ניט געהאַט! — שרײַט אויס טאָניאַ מיט טרערן אינעם קאָל. ס'איז איר אַ ביזאָיען פֿאַר די כאַװײרים און זי לײַדט פֿאַר זיי. זי האָט מוירע זי זאָל זיך ניט צעװיינען, און זי כאַפּט די האַק.

— גיב אַהער! — שרײַט צו איר באַם סאָמע אויער װאַלקאַ בעססאָנאָװ און נעמט פּאָכען מיט דער האַק, שוין ניט אַף אונטערצוהאַקן, נאָר אַף פּיצלעך צעהאַקן דעם ערשטן בוים װאָס קומט אים אונטער דער האַנט.

קאָליאַ הייבט אויף די האַנט:

— קען זײַן איך האָב געמאַכט אַ טאָעס. נאָר אויך איצט זײַנען דאָך פֿאַראַן אַנדערע אַרבעטן. באַם ברעג ליגן טאָקער־מאַשינען. קען מען זיי דען ניט אַרײַנשטעלן דערװײַל אין סאַראַי?

— אַבסורד! — רײַסט אים װידער איבער טאָניאַ, גרייט צו דער שלאַכט — מיר האָבן עפּעס אַנדערש װאָס צו טאָן. אין דרײַ טעג אויסקאַרטשעװען דעם פּלאַץ! אין דרײַ טעג אויפשטעלן דעם ביניען פֿאַר די װאַרשטאַטן! אין אַ װאָך אַרום עפֿענען די װאַרשטאַטן! און דעמאָלט, זײַט אַזוי גוט, כאַװער פּלאַט, אַרבעט אַף אײַער ספּעציאַליטעט. זאָג איך ריכטיק, יאַטן? אַנדריושאַ?

— אָט דאָס איז ריכטיק — דערהערן זיי פֿון אַ זײַט אַ רויִקן באַס.

אַלע קוקן זיך אום אַפּן קאָל. אָן אַ זײַט שטייט דער פּעסטער ניט־געראַזירטער מענטש מיט דער העלער קעפּקע. ער נעמט אַראָפּ די קעפּקע און װערט אַ סאַך עלטער — איבערן יוגנטלעכן פּאָנעם בלאַנקט די װײַסקייט פֿון גרויע האָר.

— היצן זיך דאַרף מען ניט, — זאָגט מאָראָזאָװ — דאָס מיידל איז גערעכט. אין דער שטאָט מוזט איר אַלץ טאָן מיט די אייגענע הענט. דערצו נאָך אין די קירצסטע, נאָך ניט געװעזענע טערמינען. מיינט ניט איך בין געקומען אײַך אײַנריידן. דאָ דאַרף מען עס ניט. מיר דערמאָנט זיך איצט אַזאַ פּאַקט. מיט דרײַ יאָר צוריק איז שװער געװען אין דאָרף. קיין קויכעס ניט געװען. האָט די פּאַרטיי אַראָפּגענומען פֿון דער פּראָדוקציע פֿינף און

צוואַנציק טויזנט אַרבעטער־קאָמוניסטן און האָט זיי אַרײַנגעשיקט אין דאָרף. מערקט אײַך, געבוירענע שטאָטסלײַט, פּראָלעטאַריער, האָבן צו פעלד־אַרבעט קיינמאָל ניט אַ שמעק געטאָן. און זיי האָבן געשאַפן מוסטער־קאָלכאָזן. אָדער נאָך אַ פאַקט. ס׳איז מילכאָמע, קראַנשטאָט. די דעלעגאַטן פונעם צענטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר גייען אין דער ערשטער ריי שטורעמען קראָנשטאָט. זיי פאַלן, זינקען אונטערן אײַז. און געווען זײַנען עס פּאַרויסגייענדיקע קוואַליפיצירטע פּאַרטיי־מענטשן. פאַקטן זײַנען דאָ אַ סאַך. דאַרפט איר נאָך פאַקטן?

קאָליאַ פלאָט רופט זיך אָן:

— קלאָר.

— קען זײַן, — זאָגט מאָראָזאָוו — אַז פאַראַן צווישן אונדז מענטשן, וואָס די שוועריקייטן זײַנען איבער זייערע קויכעס, וואָס האָבן מוירע פאַר שוועריקייטן. אַזעלכע מענטשן קענען נאָר שאָדן ברענגען. ס׳איז איצט אַזאַ צײַט, אַז ס׳איז ניטאָ ווער עס זאָל זיך מיט זיי אָפּגעבן. לייג איך פאָר: ווער עס פילט אַז די אויפגאַבע איז ניט פאַר זײַנע קויכעס, זאָל אַרויס פון די רייען. אָן טומל און אָן קריגערײַ — וועל איך זיי אַהיימשיקן מיט דער ערשטער שיף.

קיינער רופט זיך ניט אָן, נאָר דער טומל אינעם קרײַז ווערט אַלץ גרעסער. די לעצטע ווערטער ווערן פאַרטויבט מיט אַ געשריי פון פאַרדראָס. קלאַוואַ שפּרינגט צו צו מאָראָזאָוון און שרײַט מיט אַ ציטערדיקן קאָל:

— באַ אונדז זײַנען אַזעלכע ניטאָ! דאָס זײַנען דאָך קאָמיוגיסטן!

אין עטלעכע מינוט אַרום נעמט אַנדריי קרוגלאָוו פאַרשרײַבן אין דער שלאָגלער־בריגאַדע אָפּן נאָמען פון קאָמיוג.

— פאַרשרײַב מיך — וואַרפט זיך אים פאַר די אויגן און אײַלט אים אונטער פּעטיאַ גאָלובענקאָ, — אונדזער גורל איז אַזאַ — ווו דו גייסט אַהין גיי איך אויך.

וואַלקאַ בעססאָנאָוו האַלט ניט אויס:

— אַ נו, אַהערצו, יאַטן! איך דערקלער אַן אייבער־שלאָגלערישע בריגאַדע אָפּן נאָמען פון דער נײַער שטאָט. פאַרשרײַבט זיך אין דער אייבער־שלאָגלערישער, אומבאַזיגלעכער, אומצעברעכלעכער!

אין פופצן מינוט אַרום אַרבעטן שוין אַלע. די נײַע בריגאַדעס רופן אַרויס איינע די אַנדערע אָף אַ פאַרמעסט. פּאַוועל פּעטראָוויטש גייט אום מיט מאָראָזאָוון, ער שמייכלט און קוקט פאַרשעמט אָף די בערעזענע דרענגלעך, וואָס רײַסן אַרויס פון דער ערד די שווערע צעקרומטע פּעניקעס.

וואַלקאַ בעססאָנאָוו האַקט נאָך אַלץ פון דער ברייטער האַנט דיביימער. ניט ווײַט פון אים אַרבעט מיט דער האַק קאַטיאַ. זיי זעען זיך איינס דאָס צווייטע.

קאַטיאַ שרײַט די ערשטע אויס אין דער לופטן:

— די העכער האָבן זיך צעוואָיעוועט.

ער קוקט ניט אָף איר און ענטפערט:

— צו וואָס האָט מען אַהער אַרײַנגעלאָזט די מיידלעך?

קאַטיאַ קען אים ניט צולאָזן דאָס לעצטע וואָרט:

— באַגייט איר זיך אָן אונדז, מיר אָן אײַך וועלן זיך שוין באַגיין!

אַזוי רופן זיי זיך איבער, ווילן איינער דעם אַנדערן ניט אָפּטרעטן, איבערגעגעבן דעם פריילעכן איבערווערטלעכן זיך אונטערן געקלימפּער פון די העק.

שפּעט אין אָוונט, אין לאַגער, זײַנען די קאָמיוגיסטן פון די אַנדערע אָפּטיילן נײַגעריק:

— באַ אײַך, זאָגט מען, איז אַ סקאַנדאַל געווען?

נאָר איבערן טאָג איז דער צווייטער אָפּטייל געוואָרן אייגן.

— קיין שום סקאַנדאַל. כ׳הייב ניט אָן וויסן. רעכילעס! — ענטפערן איינשטימיק די יאַטן.

מען שליסט אָן אָפּמאַך אַף אַ פאַרוועט מיט דעם דריטן אָפּטייל. קאַטיאַ נעמט צונויף באַמערקונגען פאַר דער וואַנט־צײַטונג. אין די געצעלטן באַווײַזן זיך אַלערליי אויסבעסערונגען: צוועקעס פאַר די האַנטעכער, פּאָליצעס, בעזעמער. עס ווערט אײַנגעפירט אַ לעבנס־שטייגער. אינעם לאַגער, ווו מען זעט שוין פאַר די אויגן די נעמען פון צענדליקער שטעט, פילט זיך שוין דאָס אויפקומען פון דער נײַער שטאָט, וואָס האָט נאָך קיין נאָמען ניט.

אינעם זעלביקן אָוונט, באַם פײַער, דערציילט גענקאַ ווי פאַרבײַגייענדיק:

— אַגעוו, האָב איך געזען נאַנײַער קאָמיוגיסטן.

אַלע זײַנען שטאַרק פאַראינטערעסירט. נאַנײַער און נאָך קאָמיוגיסטן! גענקאַ וואַרט מען זאָל אים שטעלן פראַגן און ער ענטפערט מיט אַ לויזן קאָל:

— נו, ווו — באַם ברעג, נאַטירלעך.

— ווו־זשע זײַנען זיי?

— נו ווו — אַוועקגעפאָרן. געשמועסט אַ ווײַלע און אַוועקגעפאָרן.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו זיי ניט געבראַכט אַהער? פאַרוואָס האָסטו זיי ניט פאַרהאַלטן?

— האָט איר געזען! — זאָגט גענקאַ — מענטשן פאָרן צוליב זייערע געשעפטן, זאָל איך זיי פאַרהאַלטן.

— פון וואַנען זײַנען זיי?

פון ערגעץ ווײַט. אַן ערך זעכציק קילאָמעטער מיטן אַמור, דערנאָך מיטן באַרג־טײַכל אַרויף נאָך אַ צוויי הונדערט קילאָמעטער. אין דער טײַגע. איך האָב זיי געווונטשן אַ גליקלעכע רײַזע. וואָס נאָך האָב איך געקענט טאָן? אַז מענטשן אײַלן זיך און צו זיך אַהיים האָבן זיי נײַן מעסלעס פאָרן.

— שמאַטע! — זאָגט סיאָמאַ מיט געפיל — עס קומען קאָמיוג־נאַציאָנאַלן. זיי זעען געצעלטן, מענטשן, בויונג, האָסטו זיי ניט געקענט זאָגן, אַז מיר בויען אַ גרויסע שטאָט, אַז אַלע זײַנען מיר קאָמיוגיסטן, אַז מיר פאַרבעטן זיי צו אונדז אין געסט, אַז מיר טראָגן אין דער טײַגע די קולטור פון די בעסטע ראַטנפאַרבאַנדישע צענטערס...

— כ׳האָב שוין יאָ געזאָגט, — ענטפערט גענקאַ פלעגמאַטיש — קי־מאַט מיט די זעלביקע ווערטער. כ׳האָב זיי נאָר ניט פאַרבעטן אין געסט. איך האָב זיי פּאָשעט געזאָגט: הערט אײַך אויף אַרומטריפּען, קומט צו אונדז אַרבעטן, איר און די גאַנצע נאַנײַער יוגנט.

— אָט דאָס פאַרשטיי איך! און זיי וואָס?

— זיי האָבן געפרעגט וויפל קאָסטן ניקאָלאַיעווסקע רובלען.

— ניקאָלאַיעווסקע רובלען? צו וואָס טויג עס זיי?

— וואָס וויים איך?

— ניין, — זיפצט סיאָמאַ — דו ביסט מײַן בעסטער פרײַנט, און דאָך ביסטו אַ שמאַטע. אַזאַ צופאַל, און דו האָסט ניט געקענט כאָטש צורופן מיך!

— דערפאַר האָט ער זיי געבראַכט די קולטור פון די בעסטע צענטערס:

„הערט אײַך אויף אַרומטריפּען", — גיט צו קאַטיאַ. — זיי האָבן דיך ניט געפּרעגט וואָס איז עס פאַר אַ מאָדנע וואָרט?

— צו וואָס? איין באָכער האָט זיך צעלאַכט און האָט געזאָגט: — „אונדזער ניט ליב טריפּען זיך, אונדזער וועט קומען".

— האָבן זיי, הייסט עס, יאָ צוגעזאָגט קומען?

— האָב איך דען געזאָגט אַז ניין?

— פּע, מיט דיר איז גאָר אוממעגלעך צו ריידן.

און פון דעם טאָג אָן, פונעם צווייטן טאָג זינט דער עקזיסטענץ פון דער נײַער שטאָט, וואַרטן אירע ערשטע באַוווינער אָף געסט פון דער טײַגע.

## XVIII

ניטאָ נאָך אַזאַ זאַך וואָס בינדט אײנעם צו צו אַן אָרט, ווי אַרבעט. מען קען אָפּלעבן אָף אַ נײַ אָרט כאַדאָשים לאַנג און זיך פילן פרעמד. נאָר גענוג איז אַ מענטש זאָל אָפּאַרבעטן איין טאָג, אַ צווייטן, אַז די אַרומיקע לייגטע מי זאָל אים צובינדן און ער איז שוין אָף דעם אָרט אַן אייגענער און קוקט אַרום זיך ווי אַ באַלעבאָס, ווי אַ באַטייליקטער אין דעם לעבן, ווי אַ נויטווענדיקע טייל פונעם גאַנצן. אײַנגעוואָלגערטע שטאַמען און פּעניקעס פאַר זיך זײַנען ניט אינטערעסאַנט, נאָר זיי רופן אַרויס שטאָלץ און צופרידנקייט, ווען איר ווייסט, אַז טייל זייערע האָט איר אַליין אײַנגעוואָלגערט, אַז אײַער האַק האָט די געלע אײַנשניטן געמאַכט, אַז אײַער מוסקול־קראַפט האָט דעם קרומען פּעניק אַרויסגעריסן, אַז אײַערע טראָפּנס שווייס האָבן זיך פאַרלוירן אין זײַן מאָכיקער קאָרע.

די אַרבעט פון קאָרטשעווען איז אַ שווערע. נאָר די שטימונג אין די אָפּטיילן איז אַן אויסגעצייכנטע. ניטאָ דער געדרענג ווי פון אָנהייב — אַלע בריגאַדעס זײַנען צעוואָרפן איבער דער טײַגע און זיי גייען זיך איינער דעם צווייטן אַנטקעגן, רופן זיך איבער מיט דעם געקלימפּער פון די העק. אין אָוונט הענגט מען אַרויס אָף אַן אָנגעזועען אָרט די צײַגערס פון די בריגאַדעס. וואָלקאַ בעססאָנאָוו רופט אַרויס אָף אַ פאַרוועט אַלע בריגאַדעס פון אַלע אָפּטיילן. זאָל נאָר עמעצער באַווײַזן אומוואָלגערן אַזויפילביימער וויפל זײַנע בראַווע יונגען! די היגטערשטעליקע כאַפּט ער באַלד אונטער און שלעפּט זיי אָף זיך. אַלע רײַסן זיך צו זײַן פון די פאָדערשטע.

סיאָמאַ אַלטשולער האָט געבראָכן די אָפּגעזונדערטקייט פון די לאַנדס־מאַנשאַפטן און האָט אָרגאַניזירט די בריגאַדע „אינטערנאַציאָנאַל", ווו עס זײַנען פאַראַן קאָמיוגיסטן פון צוועלף נאַציאָנאַליטעטן. קאַטיאַ סטאַוראָוואַ האָט אָרגאַניזירט אַ מיידלשע בריגאַדע פון די געוויקסיקע דאָרפישע מיידלעך און פון ערשטן טאָג אָן שטײַגט זי איבער די נאָרמען.

קלאַוואַ און לילקאַ, פאַרוואַנדלטע אין קיכערס האָבן זיך אונטערגענו־מען האָדעווען דעם אוילעם „אָף דער שכיטע". פון גריפּן און קאָנסערוון קאָכן זיי וווּנדערלעך געשמאַקע זופּן.

זיי האָבן צוגעטראָכט אַ נײַס — פונאַנדערטראָגן דעם מיטאָג גלײַך צו די בריגאַדעס. עס לוינט זיך די בריגאַדעס און איז באַקוועם פאַר די מיידלעך. מען קען רויק אָלעמען אָנהאָדעווען לויט דער ריי און אויסקומען מיט די פאַראַנענע דרײַסיק שיסלען.

אָנגעהאָדעוועט די נאָענטסטע בריגאַדעס, האָבן שוין קלאַוואַ און לילקאַ

אַזאַ צוגעפּאַסטן שטעקן, וואָס זיי טראָגן אַף אים דעם שווערסטן באַק, און גייען מיט אים אַוועק אַפּן ווײַטסטן אָפּטייל — צו קרוגלאָווס בריגאַדע.

דער באַק וויגט זיך אַפּן שטעקן צום טאַקט פון די טריט. אַף די רוקנס קלימפּערן אין די זעק שיסלען און לעפל, און דער קוים שפּירעוודיקער וואַרעמער רייעך פון ברויט מישט זיך מיט די רייכעס פון דער בליענדיקער טײַגע.

די טײַגע לעבט מיט דעם פרילינג און מיט די קלאַנגען פון דער אַרבעט. פון הינטן, פון די זײַטן, פון פאָרנט הערן זיך געמאָסטענע קלעפּ פון די העק און די שאַרפע קוילעס פון די זעגן. פון צײַט צו צײַט דערהערט זיך אַ יאָגנדיקער שאָרך פון צווײַגן, ווי אַ ווינט וואָלט דורכגעלאָפן — אַן אונטערגעהאַקטער בוים איז אומגעפאַלן.

די מיידלעך גייען מיט דעם דורכגעהאַקטן שטיק וואַלד, וואָס איז פאַרזייט מיט פּעניקעס. דערנאָך פאַרקירעווען זיי אין דער טײַגע, נאָכן קלאַנג פון די העק. צווײַגן מיט שמעקעדיקע קנאָספּן שמײַסן זיי אין רוקן. אַלץ אַרום שעמערירט פון די זון־בליקן.

— וואָס אַ שטייגער וואָלט געווען ווען מיר גייען און גייען און מיטאַמאָל קומען מיר גאָר ערגעץ אַנדערש? און מיטאַמאָל זײַנען עס גאָר ניט אונדזערע יאַטן, נאָר גאָר אומבאַקאַנטע מענטשן?

לילקאַ פאַרשטייט ניט קלאַוואַס טרוימערײַען:

— אַ כוץ אונדזערע זײַנען דאָך דאָ קיין אַנדערע ניטאָ.

קלאַוואַ רעדט פאַר זיך. נאַטירלעך, קען אַלץ פּאַסירן... פאַרוואָס ניט? אַ שײַטער. פּענעמער אָפּגעברענטע פון זון און ווינט. אַ געשאָסענער פויגל בראַט זיך אַפּן שפּיז. און פון דעם שײַטער הייבט זיך אויף אונדז אַנטקעגן אַ באָכער אין אַ לעדערנעם יאַק מיט באַטפּאָרטן, מיט פריילעכע צאַרטע אויגן... „וועמען זוכט איר, מיידל?" — וועט ער שמייכלען. „מיר זוכן אַנדערע, — וועט זי זאָגן גאַנץ אָפן — נאָר מיך פרייט אַזוי וואָס איך האָב אײַך באַגעגנט..."

אַ צווײַגל באַרירט איר באַק. קלאַוואַ צעלאַכט זיך און בלײַבט שטיין. פון איר פּלוצימדיקן באַוועג, האָט די זופּ זיך שיער ניט איבערגעגאָסן.

— היט זיך שטיפּערקע! — שרײַט צו איר לילקאַ.

— זע, סאַראַ בלעטלעך — איז קלאַוואַ אַנטציקט.

דער קוסט, אַ צוגעוואַרעמטער פון דער זון, אײַלט זיך בליען. אַף די אייבערשטע צווײַגן גרינען שוין בלעטלעך. די בלעטלעך זײַנען ווייכע, קלעפּיקע, פול מיט לעבנס־זאַפטן.

— אויך דיך וועט מען אונטערהאַקן, אָרעמעניקער — באַדויערט אים קלאַוואַ.

זי איז פאַרזאָרגט איבערן גורל פון די ביימער. פרילינג, לעבנס־בלי, און זיי האַקט מען. „מיר האַקן אַראָפּ די צעבליטע צווײַגלעך און מיר וואַרפן זיי אין פײַער. ווי ווייטיקלעך זיי איז צו ברענען... אין די צײַטן פון דער אינקוויזיציע פלעגט מען ברענען די קעשעפּמאַכערס און די אומגלויביקע אַף די שײַטערס. מען האָט פאַרברענט דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ... איך וואָלט געקענט שטאַרבן ווי דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ און זיך ניט אָפּזאָגן, ניט אויסשרײַען: איך זאָג מיך אָפּ, נעמט צו דאָס פײַער!..." אָט האָט מען גראַבאַטאָוון די הענט געברענט און געשטאָכן נאָדלען אונטער די נעגל... ווען איך פאַל אַרײַן צו די סאָנים און מען נעמט מיך פּײַניקן, איז דער איקער — שווײַגן און זיך ניט צעוויינען, שווײַגן און זיך ניט צעוויינען... מען זאָגט,

די צונג בײַסט מען זיך אָפּ, קעדיי ניט אויסצופּלוידערן בעיס דער פּײַניקונג...״

קלאַווא פּרוווט איר צונג מיט די ציין. די צונג איז אַזאַ רירעוודיקע, אַזאַ וואַרעמע און היימישע, אַז ס׳איז דוכט זיך אוממעגלעך זי אָפּצובײַסן.

— הײַנט גייען מיר דאָ און אַרום אונדז איז וואַלד, און מאָרגן וועלן דאָ בלײַבן הוילע פּעניקעס — זאָגט לילקאַ.

קלאַווא קוקט אַרום זיך מיט שטאָלץ און מיט טרויער. און טאָמער גאָר הערט זיך אײַן יעדער בוים און ציטערט, און בעט זיך: נאָר ניט מיך.

קלאַווא דערמאָנט זיך אַ מײַסעלע, איינס פון די מײַסעלעך וואָס די באָבע האָט איר דערציילט ווען זי איז אַ קינד געווען. דער פּויער האַקט דאָס בעריאָזקעלע — טיאָפּ־ליאָפּ! — און דאָס בעריאָזקעלע איז אַזאַ ווײַנטיקס, אַ פאַרקישעפּטס. און עס בעט זיך: „האַקט מיך ניט, פּויער, זײַנען דען מער קיין ביימער ניטאָ?״ — וואָס ביסטו פאַר אַ פּריצע? אַלע ביימער זײַנען באַ מיר גלײַכע מעיוכאָסים״. און דאָס בעריאָזקעלע בעט זיך: „האַק ניט, זאָג, וואָס פאַרלאַנגסטו, כ׳וועל אַלץ פאַר דיר טאָן״. ווי דאָס גאָלדענע פישעלע באַ פּושקינען. און ס׳פאַרענדיקט זיך אויך ווי באַ פּושקינען. באַ דעם פּויער האָט זיך דער כיישעק צעבערנט, גיב אים יכעס און רײַכקייט און גובערנאַטאָרישן שטאַנד. בייז געוואָרן איז דאָס בעריאָזקעלע אָפּן פּויער און אַף זײַן ווײַב, דער צעפּרעסענער פון קינע און האָט זיי פאַרוואַנדלט אין בערן. און די נאַנײַער, אויב מען זאָל גלייבן אַרסעניעוון, האַלטן טאַקע דעם בער פאַר אַ מענטשן. „אַ גרויסער קלוגער מענטש״. כ׳וואָלט איצט וועלן ריידן מיט אַ ריכטיקן נאַנײַער...

סאַמע לעבן זיי דערהערן זיי אַ געשריי, באַלד דערנאָך — אַ שטאַרקער גערויש, אַ סקריטשען און אַ שאַרשען... און ווי אַ דערשטיקטער קרעכץ. אַ בוים? צי אַ בער?

קלאַווא באַווײַזט אַפילע ניט זיך צו דערשרעקן, וואָרעם באַלד טאַקע דערזעט זי פון צווישן די קוסטעס די רויק־געמאָסטענע באַוועגונגען פון די וואַלדהעקער. די סטעזשקע איז פאַרצוימט מיט אַ ברעטל אַף אַ שטאַנג: „אָפּטייל פון קרוגלאָווס שלאָגלער־בריגאַדע אָפּן נאָמען פון קאָמיוג״.

ניין, דאָס זײַנען ניט קיין אומבאַקאַנטע, ווער ווייס פון וואַנען אָנגעקומענע יעגערס. דאָס זײַנען אייגענע ליבלעכע קאָמיוגיסטן. און פּעטיאַ גאָלובענקאָ לויפט זיי אַנטקעגן און צעשרײַט זיך אָפּן גאַנצן וואַלד:

— די מיידלעך! מי־טאָג! אור־ראַ!

און די אייגענע, ליבלעכע באָכערים שטעלן זיך אַרום קלאַוואַן און לילקאַן גרייט זיי צו דינען ווי זיי קענען. נאָר עטלעכע זייערע, צווישן זיי קרוגלאָוו אַרבעטן נאָך. קלאַווא לאָזט לילקאַן אויסטיילן דעם זופּ און אַליין פאַרקוקט זי זיך ווי מען אַרבעט. איר געפעלט ווי דער אונטערגעהאַקטער בוים ציטערט און בייגט זיך אַף אַ זײַט, ווי די באָכערים טרעטן פויל אָפּ פונעם פאַלנדיקן בוים און שטעלן זיך אויס מיט זייער פלינקייט.

— היט אײַך, איר דאָרטן! — שרײַט קלאַווא קעדיי זיי צו פאַרשאַפן אַ פאַרגעניגן.

קרוגלאָוו אַרבעט אינעם בלויזן העמדל, די הענט און דער האַלדז זײַנען אים שוין אָפּגעברענט. זײַנע ברײַטע ברייטע באַוועגונגען שטרײַכן אונטער די מענערישע שיינקייט פון זײַן דינעם מוסקולדיקן גוף. קלאַוואַן איז אָנגענעם

צו קוקן אַף אים. ער איז דער שענסטער פון זיי אַלעמען. ווי האָט זי גאָר פריִער ניט באַמערקט אַז ער איז דער שענסטער ?

— שלאָגלער, מיטאָג עסן ! — רופט זי זיי.

די באַכערים זעצן זיך אַוועק מיט די שיסלען אַף די פּעניקעס און גלײַך אַף דער ערד. פּעטיאַ גאָלובענקאָ זעצט זיך אַף אַ פּעניק און שפּרינגט באַלד אויף, ער שווערט זיך אַז ער האָט זיך צוגעקלעפּט. אַפן פרישן שניט זײַנען אַרויסגעטראָטן בוים־טרערן.

— דער בוים וויינט — זאָגט קלאַוואַ.

נאָר קיין טרויער איז איצט ניטאָ. קלאַוואַ איז אַנטציקט פון די זיגער. קרוגלאָוו זעצט זיך אַוועק אַף אַ פּעניק. ער לייגט אַוועק לעבן זיך די האַק און צענעמט ברייט די פיס. מיט דער האַנט ווישט ער זיך אָפּ דעם שווייס פונעם שטערן, ער שטעקט זשעדנע אַרײַן די ציין אינעם רייפטל ברויט, און קלאַוואַ מערקט זײַנע שטאַרקע, ריינע און שיינע ציין. ער האָט אַ געקרויזטן קאָפּ האָר און פריילעכע צאַרטע אויגן.

— נו, איז דאָס אַ זופּ ! — קוקט ער אַף קלאַוואַן — פון אַזאַ זופּ קען מען די אַרבעטס־פעִיקייט אָנווערן.

און טאַקע אַזוי. נאָכן מיטאָג צעלייגן זיך יאַטן אַף דער ערד. גליקזעליק מאַכן זיי צו די אויגן און זיפצן אָפּ.

— מען דאַרף זיך דאָך אָפּרוען — נעמט זי זיך אָן פאַר זיי.

— באַנאַכט וועלן מיר רוען. דו ווייסט וויפל מיר דאַרפן נאָך מאַכן ? אָט ביז יענעם דעמב. זעסט, יענעם דיקן בוים. און פון יעדע זײַטן צו פינף מעטער.

ער עסט שנעל און מיט אַפּעטיט. נאָר פונעם צוגאָב זאָגט ער זיך אָפּ.

„ער האָט מוירע שווער צו ווערן" — טראַכט זיך קלאַוואַ מיטפילנדיק.

— אַ דאַנק, מיידלעך ! — הייבט ער זיך אויף און גיט ווידער אַ קוק אַף קלאַוואַן. קלאַוואַ צעשמייכלט זיך אַ פריידיקע.

די אויסגעשעפּטע וואַלדהעקער פאָדערן אַן איבעררײַס.

— לאָזט אײַך אָפּ פעפערס ! — שפּאַסט קרוגלאָוו און גייט צוריק אַף זײַן אָרט. ער שפּילט זיך מיט דער האַק, צעפאָכעט זיך מיט איר און זעצט זי אַרײַן אין אַ סאָסנע וואָס שטייט אים אין וועג.

קלאַוואַ האָט האַנאָע פון דעם ווי ער צעפאָכעט די האַק, נאָר זי מערקט ניט וואָס נאָכדעם געשעט. זי זעט נאָר די סאָסנע פאַלן אַף צוריק. זי דער־הערט אַ געשריי, אַ קראַך פון צווײַגן, אַ ווינטל לויפט איר אַריבער איבערן פּאָנעם, אַ צופעליקע שישקע טרעפט איר אין דער האַנט.

באַלד צעיאָמערט זיך ליזקאַ :

— אַ־אַ־אַ !

קלאַוואַ לויפט צו צום אומגעפאַלענעם בוים. באַ דער זײַט שטאָם ליגט קרוגלאָוו, די הענט צעוואָרפן. די פינגער האַלטן נאָך פאַרקלעמט די האַק. די אויגן פאַרמאַכט, די ליפּן פאַרקלעמט.

קלאַוואַ זעצט זיך אַראָפּ אַף די קני, גלעט אים דעם שטערן און די באַקן. אַפן שטערן שטייען נאָך טראָפנס שווייס. דאָס פּאָנעם איז אומבאַ־וועגט און קאַלט.

— וואָסער — באַפעלט זי שטיל.

און זי הייבט אים צאַרט אונטער דעם קאָפּ מיט ביידע הענט. ער רירט זיך ניט. די שטריכן אַפן פּאָנעם ווײַזן ניט אַרויס קיין לעבן. די גלײַכע נאָז,

די דינטלעכע ליפּן, די טונקעלע אויגן־לעדלעך מיט די גלייַכע ווינעס. פֿון די
וויעס פֿאַלט אַ שטרענגער שאָטן אַף די בלייך געוואָרענע באַקן. אין די האָר
זייַנען אייַנגעפֿלאָכטערט געל געוואָרענע סאָסנע־נאָדלען.
— אַנדריוכאַ! אַנדריי! — רופֿט אים פּעטיאַ גאַלובענקאַ אַף די קני
לעבן קלאַוואַן און שעמט זיך ניט מיט זייַנע גרויסע קינדערישע טרערן.
איבער אים שטייען די יאַטן, ריידן איבער ווער ס'איז שולדיק.
— זיך דערוואָרט! מען האָט אים אָבער געזאָגט: אונטערגעהאַקט —
וואַלגער אים אייַן, לאָז אים ניט שטיין. ס'איז דייַן סאָסנע?
— ניין, ס'איז פּעטיאַס.
פּעטיאַ יאָמערט.
קלאַוואַ בייגט זיך איבער איבער קרוגלאָוון און לייגט צו אירע ליפּן
צו זייַנע. די ליפּן זייַנען וואַרעם און זי דערפֿילט זייער צוק...
— ער לעבט! — שרייַט זי אויס, און טרערן קומען איר אין די אויגן.
— ס'האָט אים צוגעטעמפּט — זאָגן די באָכערים — אַפֿילע ניט
אַ קלאַפּ געטאָן. ער ליגט באַ דער זייַט. ס'האָט אים פּאָשעט צוגעטעמפּט.
קלאַוואַ פֿאַלט צו מיטן אויער צו זייַן ברוסט. ס'האָרץ קלאַפּט, פּאַמע־
לעכן, ווי פֿאַרטראַכט, נאָר עס קלאַפּט.
— ער לעבט — זאָגט נאָך אַמאָל קלאַוואַ און שלינגט אייַן די טרערן.
לילקאַ קומט צולויפֿן מיט דעם וואַסער. מען באַקוקט אַנדרייען — אַן
אַקסל איז צעקלאַפּט, אונטער דער רויטלעכער אָפּגעברענטקייט צעגייט זיך
איבערן לייַב אַ גרינבלעכער סיניאַק.
קלאַוואַ ווישט אַרום דאָס צעקלאַפּטע אָרט, נעצט אייַן אַ טיכל און
לייגט אים צו צום הויכן ריינעם שטערן. זי פֿאַרשאַרט אים די געקרויזטע
לאָקן האָר. איר האַנט פֿאַרהאַלט זיך ניט ווילנדיק צווישן די ווייכע האָר
וואָס וויקלען אַרום אירע פֿינגער.
אַנדריי לאָזט אַרויס אַ לאַנגן ווייטיקלעכן זיפֿץ.
— אַרבעט, — זאָגט קלאַוואַ צו די קאָמיוגיסטן — איר ווייסט דאָך,
עס וועט אים ערגערן, אויב אַנדערע וועלן אים אַריבעריאָגן...
איר ווילט זיך בלייַבן מיט אים אײנע אַליין.
די באָכערים צעגייען זיך ניט ווילנדיק.
אַ צעכליפּעטער, גיט פּעטיאַ אַ שטויס מיטן פֿוס די פֿאַרדעטערישע
סאָסנע.
— אַנדריושאַ, — רופֿט אים קלאַוואַ אין דער שטיל און שפּריצט וואַ־
סער אַף זייַן אומבאַוועגטן פּאָנעם.
זייַנע וויעס רירן זיך. אַ לייַכטער אָטעם לויפֿט אים אַריבער איבערן
פּאָנעם. מיט מי צעעפֿנט ער די אויגן. ער גיט אַ זיפֿץ און באַלד פֿאַרקנייטשט
ער זיך — עס טוט אים וויי. קלאַוואַ בייַט אים אום דאָס טיכל אַפֿן שטערן,
און ווידער פֿאַרהאַלט זיך איר האַנט און גלעט אים די ווייכע האָר. ער וויל
איצט וויסן ווו איז ער און וואָס איז מיט אים. ערגעץ אין אַן אָפּגעריסן
שטיקל זיקאָרן גייט אים דורך די געשטאַלט פֿון דינאַן, איר דינע האַנט מיט
די לאַנגע ברעכיקע פֿינגער. ער צעעפֿנט די אויגן און דערזעט פֿאַר זיך
קלאַוואַס שטילע פֿון שרעק און צאַרטקייט פֿאַרענדערטע פּאָנעם. ער טוט
אַ הילפֿלאָזן שמייכל צו איר. אינעם טראַנס פֿון דאַנקבאַרקייט און נאָך ניט
אויפֿגעקלערטן געפֿיל בייגט זיך קלאַוואַ צו און גיט אים אַ קוש.
ווען זי שטעלט זיך אויף, ווייס זי שוין, אַז זי וועט אים ליב האָבן, אַז
זי האָט אים שוין ליב.

צווישן שווינגנדיקע פינצטערע סאָפּקעס, וואָס זײַנען נאָך פֿונעם מענטשן ניט באַרירט, פֿליסט אַ שמאָל באַרג־טײַכל. זײַנע וואַסערן יאָגן זיך און שפּילן זיך מיט די אָפּגעהאַקטע ברעגעס, צעגיסן זיך פֿריילעך אין די בידערטאָלן און בילדן פֿאַרטראַכטע שאָטנדיקע קאַנאַלן, ווו גלײַך פֿונעם וואַסער הייבן זיך רויטע ווערבע־צווײַגן. אין וועג טרעפֿט עס אָנגעהויפֿנטע פֿעלדזן און לויפֿט זיי אַרום און גראָבט אונטער זייער פֿונדאַמענט. דאָס טײַכל שלײַפֿט די נאָכגיביקע זאַמדיקע בערגלעך און האָט שוין אַליין אָנגעוואַשן זאַמדבענק אויף זײַנע קאַפּריזנע אויסבייגן. אַזוי, דוכט זיך, איז עס שטיל און פֿריילעך, נאָר טאָמער פֿאַלט אַן אָפּגעבראָכן צווײַגל אויף זײַן קוים וויגעוודיקער אייבערפֿלאַך, טראָגט עס אַוועק דאָס צווײַגל אַזוי שנעל, מיטן אויג ניט צו דעריאָגן.

אויף אָט דעם טײַכל שווימט אַקעגן דעם שטראָם אַ שיפֿל. אַ לאַנג נאַנײַער שיפֿל מיט אַ פֿלאַכן דעק און אַ טעמפּער נאָז. אויפֿן נאָז־טייל איז אָנגעלייגט מאַסע און דאָס שיפֿל גראָבט זיך מיט דער נאָז אײַנעם וואַסער. צוויי יונגע נאַנײַער באָכערים, מיט ברייטע קינבאַקן און שמאָלע אויגן, טרײַבן דאָס שיפֿל לעגנאויס דעם ברעג און שטופּן עס אָפּ מיט שטאַנגען פֿונעם גרונט. אויף דער קערמע זיצט אַ רוס — אַ שיינער עלטערער מאַנספּאַרשוין מיט אַ פֿאַרברוינטן פּאָנעם און שאַרפֿן בליק פֿון אַ יעגער, אין נאַנײַישע אויסגעבייטע הויזן און אין אַ זעלנערישן היטל אָן אַ בלעכל. ער האַלט די וועסלע און רודערט פּויל. זײַנע רויִקע אויגן באַקוקן דעם אומריס פֿון די ברעג. פֿון צײַט צו צײַט זאָגט ער עפּעס, ניט הויך, נאָר מיט אַ קאָל פֿון אַ מענטשן, וואָס איז געוווינט צו באַפֿעלן:

— אַ נו, שפּאַר אָן!

די טונקעלע פּנעמער פֿון די באָכערים גלאַנצן פֿון שווייס.

און די זון זעצט זיך שוין, און אַשיק־ראָזעווע זון־בליקן פֿאַלן אין וואַסער, און נאָך דער קערמע צעלויפֿן זיך העל־בלויע און ראָזעווע שטראַלן.

— שפּאַר אָן, קילטו — זאָגט דער רוס — ביז נאַכט מוז מען אָנקומען.

— נאָך אַ צוואַנציק קילאָמעטער — זאָגט דער עלטערער פֿון די צוויי באָכערים און קוקט צו די ברעגעס, — מײַנע ניט קען גיכער.

דאָך, שפּאַרט ער אָן דעם שטאַנג און טרײַבט דאָס שיפֿל אָן ראַכמאָנעס פֿאָרויס.

עס ווערט שוין פֿינצטער. אויף די הויכע סאָפּקעס גאָלדיקן זיך נאָך זונשטראַלן, און אונטן איז שוין טונקל. די פֿעלדזן־סילועטן ווערן אַלץ מעשונעדיקער און כמורנער; אויך די וואַסער־פֿלאַך איז טונקל געוואָרן, ווי אַן אַלטער שפּיגל, און ער ווײַזט די ברעגעס אַלץ אומקלאָרער און אויסמײַדנדיקער.

קילטו קוקט אויפֿן טונקעלן וואַסער, וואָס אַנטלויפֿט פֿון אונטערן שטאַנג. ביגנײַווע באַטראַכט ער דעם רוס. ער מוז זײַן אַ היגער, פֿרעמדע קענען ניט אַזוי רודערן מיט דער וועסלע, אויך הויזן טראָגט ער נאַנײַישע. צוליב וואָס פֿאָרט ער? צו וועמען?

— דײַנע פֿאָרט אַרבעטן? — איז ער גויווער זײַן אומדרײַסטקייט.

— ניין — וואָרפֿט דער רוס אַ וואָרט און קערט זיך אָפּ.

זיבן טעג אַז זיי שווימען אַרויף וואַסער און זיבן טעג טראַכט קילטו

צוליב וואָס דער רוס פאָרט און ווער איז ער. עפּשער פאָרט ער האַנדלען? נאָר ער פירט ניט מיט זיך קיין סכוירע.

אַף אַ לערער איז ער אויך ניט ענלעך. און ער איז אַ היגער: באַם דינגען דאָס שיפל, האָט ער באַלד געזאָגט דעם ריכטיקן פרײַז. און ער רעדט אַזוי אַז קילטו פאַרשטייט אים. פרעמדע ריידן אומפאַרשטענדלעך.

— דײַנע ווינט אַמור? — פרעגט ער ווידער.

— מײַנע ווינט כאַבאַראָווסק — ענטפערט דער רוס שאַרף און ניט גערן, און שרײַט: — אַ נו, שפּאַר אָן, אײַנגעשלאָפן!

קילטו קוקט זיך אײַן אַ פאַראינטערעסירטער אינעם אומצופרידענעם פאָנעם פונעם רוס. דער רוס וויל ניט זאָגן ווער ער איז. פאַר קילטו איז עס אַ נײַס. אַלע ביז איצטיקע פלעגן גערן פלוידערן וועגן זייערע געשעפטן און אין די זיבן טעג אויספרעגן אַלץ וואָס מען קען אויספרעגן. און דער שווײַגט און שווײַגט; אַף די אַכסאַניעס לייגט ער זיך טייקעף שלאָפן אָדער ער שפּאַצירט אַפן ברעג מיט די הענט פאַרלייגט אַפן רוקן. נאָר אַף קאָכן און אַ פײַער צעלייגן איז ער געניט, ווי אַ יעגער.

דער רוס צעלאַכט זיך פלוצים פון קילטוס שטודירנדיקן בליק און רופט זיך גוטמוטיק אָן:

— ביסט נײַגעריק, קילטו, ווילסט וויסן צוליב וואָס איך פאָר. איך פאָר קויפן פוטער. פאַרשטאַנען?

— אינטעגראַל? — פרעגט קילטו — אינטעגראַל איז באַ אונדז כאַווער מיכײַלאָוו. ער קויף פוטער.

— איך בין העכערער נאַטשאַלניק, פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען — זאָגט קילטו מיט דערעכערעץ.

פון הינטן, איבער דער סאָפּקע, האָט זיך אָנגעצונדן אַ העלער געלער שטערן. עס איז שוין רעכט פינצטער. אין דער פינצטערניש שווימט דאָס שיפל באַם סאַמע ברעג; צווײַגלעך באַרירן וועגן ניט ווען דעם רוקן. דאָס שיפל פאַרטשעפּעט אַ וואָרצל און גיט אַ טרייסל. קילטו האָט מוירע פאַר דער פינצטערניש. ער צעזינגט זיך קעדיי זיך אַליין צו מונטערן.

„אַפן הימל ברענט אַ שטערן, אַפן טײַך שווימט אַ שיפל. לאַנג גייט עס קעגן דעם שטראָם. נאָר מיט דעם שטראָם פליט עס אַליין, ווי אַ פויגל פליט, און מען דאַרף ניט רודערן, נאָר מיט דער וועסלע פירן. ניען טעג בין איך ניט געווען אין דער היים, מיט אַ שווער האַרץ בין איך פונעם יישעוו אַוועק. נאָר איצט אײַל איך אַהיים, און מיר איז פריילעך, וואָרעם מאַאָמי שטייט באַם ברעג און באַקוקט די נעצן און אירע אויגן קוקן אַפן טײַך, צי שווימט ניט קילטוס שיפל".

ער נעמט זינגען העכער אַף צו פאַרטרײַבן די שרעק. כאָדזשערא הערט זיך אײַן, אויך ער וויל זינגען, נאָר קילטו זינגט זײַן ליד און כאָדזשערא וויל ניט שטערן זײַן פרײַנט.

מאַאָמי שלאָפט שוין מיסטאָמע לאַנג. אַף דער טײַגע פאַלט שוואַרצע נאַכט, אַ ווינט לויפט אָן און רינצלט דאָס וואַסער אין שימער. די ביימער שאָרשקען.

קילטו באַקומט אַ קלאַפּ פון אַ צווײַגל און דערשרעקט זיך. ער קוקט אָנגעשטרענגט אין דער שוואַרצקייט פון ברעג. ער האָט זײַן ליד שוין פאַרענדיקט. פאַכאַד באַפאַלט אים. אַ בייזער גײַסט רוישט אין די ביימער, אַ בייזער גײַסט שפּילט זיך מיט די ביימער און שרעקט קילטו.

נאָר אָט איז שוין דער הימל איבער אַ װײַטער סאָפּקע באַלויכטן. מען זעט אָן די שטעקיקע שטאַרצן פֿון די לאַרך־בײמער אָפֿן סאָמע שפּיץ סאָפּקע. לויפֿנדיקע װאָלקנס מערקן זיך. אַ קרומע ראַזעװע לעװאַנע קריכט איבערן הימל און װאַרפֿט בלײכע שטראַלן אַף דער טײַגע און אין װאַסער.

„אױ, גוט, אױ גוט — צעזינגט זיך כאַדזשערא און שפּאַרט זיך אָן אָפֿן שטאַנג. די לעװאַנע איז אַרױס אָפֿן הימל העלפֿן די מענטשן. שרעקלעך איז געװען צו שװימען, איז די לעװאַנע אַרױסגעקומען און באַלײַכט אַלץ. אַ דאַנק דיר, גוטע לעװאַנע".

און פּלוצים, אַרײַנגעריסן אינעם ליד, דערטראָגט זיך פֿון װײַט אַ שרעקלעך צעצויגענער געשרײ. קילטו פֿאַלט אַװעק אָפֿן דעק פֿונעם שיפּל. װידער און װידער הערט זיך דער געשרײ. אַן אײנטאָניקע פֿינצטערע איבערכאַזערונג פֿון בלױז אײן זילב: „גאַ! גאַ! גאַ!" און דאָס זײַנען מענטשלעכע קוילעס. אַ סאַך קוילעס.

— נו! — שרײַט דער רוס און גיט קילטון אַ שטױס אין דער זײַט — װאָס האָסטו זיך דערשראָקן? שטײ אױף!

נאָר אים אַלײן באַפֿאַלט אַן אומעט פֿון דעם װײ־געשרײ װאָס טראָגט זיך פֿון דער פֿינצטער.

— ס'איז פֿון אונדזער יִשעװ — ציטערט בײַ כאַדזשעראָן דאָס קאָל — אַן אומגליק איז אין יִשעװ געשען. עמעצער איז קראַנק. מען טרײַבט בײזע גײַסטער.

קילטו הײבט זיך אױף און נעמט װידער אַרבעטן מיטן שטאַנג; נאָר דער רוס זעט די שרעק בײַ אים אָפֿן פּנים, אַ באַלויכטנס פֿון דער לעװאַנע. כאַדזשערא אַרבעט אױך. ער האַלט דעם קאָפּ אין די אַקסלען און קוקט מיט פּחד צום יִשעװ, װאָס זעט זיך נאָך ניט.

„גאַ־גאַ־גאַ!" — הערט זיך אַלץ נענטער דער װײ־געשרײ.

אַ פֿײַערל טוט פּאַר זײ אַ בלישטשע — אַ ציטערדיק פֿײַערל, אַ ניט־גלײַכס, אַ שנעל־פֿאַרלאָשנס. בײַם ברעג פֿאַררײכערט עמעצער. אַ הונט בילט.

— אָנגעקומען! — זאָגט פֿרײלעך דער רוס — הײ, װער איז דאָרטן אָפֿן ברעג! — שרײַט ער אין דער פֿינצטערניש אַרײַן.

דאָס שיפּל קלאַפּט זיך אָן מיט דער נאָז אינעם זאַמד. קילטו און כאַדזשערא שפּרינגען אַרױס פֿונעם שיפּל און שלעפּן עס אַרױף אָפֿן זאַמד. דער רוס רײַבט זײַנע פֿאַרשלאָפֿענע פּיס און קוקט צו די פֿינצטערע סילועטן פֿון די פּאַנזעס. „גאַ־גאַ־גאַ!" — טראָגט זיך אים אַקעגן.

— מוי דיטשעני? (װער איז געקומען?) — פֿרעגט דערנאָך אַ זקײניש קאָל — קילטו?

— מי, קילטו (איך, קילטו) — ענטפֿערט דער באָכער — כאַי ביטשעני, בעדזשע? (װאָס איז געשען, בעדזשע?)

קילטו, כאַדזשערא און דער אַלטער צערײדן זיך שנעל אין נאַנײַש. דער רוס װאַרט. ער הערט זיך אײַן אין דעם װײניק פֿאַרשטענדלעכן לאָשן.

— נו, װאָס איז געשען? — פֿרעגט ער אומגעדולדיק.

— בײַם אַלטן נאַימוקאַ אַלעקסײ — קלערט אים אױף קילטו אַ צערודערטער — ס'צװײטע װײַב ניט קען האָבן ס'קינד. צװײטן טאָג גײט צו קינד. אַלטע לײַט קומט, גײַסט אַרױסטרײַב.

די פֿאַנזאַ באַ נאַימוקאַן איז פֿול מיט מענטשן, נאָר קיין פֿײַער צינדט מען ניט אָן. אַלע אין איין קאָל שרײַען זיי וואָס ווײַטער אַלץ העכער און שרעקלעכער: „גאַ־גאַ־גאַ!" זעלטן ווען מען עפֿנט די טיר און מען קלאַפּט זי באַלד צו, קעדיי דער איבערגעשראָקענער גײַסט זאָל ניט באַוויזן צוריק זיך אַרײַנכאַפּן. ווען מען באַשליסט אַז דער גײַסט איז שוין זיכער אַנטלאָפֿן, לויפֿן אַלע מיטאַמאָל אַרויס אין גאַס און נעמען זיך דרייען אַרום דער פֿאַנזאַ, אַלץ מיט דעם זעלביקן געשריי. דעם גײַסט מוז מען פֿאַרטרײַבן אויך פֿון אַרום דער פֿאַנזאַ. אינעווייניק בלײַבט בלויז סאַקסאַ, נאַימוקאַס עלטערע ווײַב. זי צינדט אָן אַ פֿײַערל און זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקעלע אַף אַ ראַגאָזשע לעבן אירע קלענערע שלאָפֿנדיקע קינדער. זי רייכערט געלאָסן אַ פֿײַקע און זעט צו מיט בייזע אויגן אוריגטעס לײַדן. פֿון זינט נאַימוקאַ האָט גענומען דאָס צווייטע יונגע ווײַב, אַרבעט סאַקסאַ פֿון פֿאַרטאָג ביז באַנאַכט און עסט די ערגסטע ביסנס. און די ביסנס טיילט זי צווישן אירע קינדער. אירוגטע שלאָפֿט מיט נאַימוקאַן, זיצט אין דער היים, גייט ניט אַף פֿישפֿאַנג, רודערט ניט דאָס שיפֿל, קלײַבט ניט קיין צווײַגן אין דער טײַגע, האָדעוועט ניט די הינט, שינדט ניט די פֿעל פֿון די געשאָסענע כאַיעס, זאַלצט ניט די פֿיש, זי נייט נאָר אויס כאַלאַטן מיט זײַד, רייכערט פֿון אַ שיין פֿײַקעלע און אין די פֿרײַלעכע שאָען שפּילט זי זיך מיט די קינדער. די קינדער האָבן זי ליב... די עלטערע טאָכטער, מאַאַמי, סוידעט זיך מיט איר, זוכט איר אויס מוסטערן צום אויסנייען, נאָר סאַקסאַ ווייס, אַז ווען אוריגטע וועט האָבן אַ זון, וועלן אירע קינדער זײַן ניט געליבט אין שטוב, און אוריגטעס זון וועט זײַן דער געליבטער. אוריגטעס שווערע קימפּעט וועקט באַ איר אומקלאָרע האָפֿענונגען.

דער רוס גייט דרײַסט אַרײַן אין דער פֿאַנזאַ גלײַך צו דער געווינערן. זי קאָרטשעט זיך אין ווייען און קרעכצט שטיל; איבער איר בלוי געוואָרענעם פּנים רינען שטראָמען שווייס און טרערן. זי זיצט אָן אָנגעשפּאַרטע צו דער וואַנט, מיט הילפֿלאָז אַראָפּגעלאָזטע הענט. דאָס נאַנײַשע געזעץ דערלויבט ניט דער געווינערן ליגן.

דער רוס שטייט אַ ווײַלע לעבן דער שטאַרבנדיקער, מיט שטוינען אָדער מיט אַ קנייטש פֿון ווידערגעפֿיל, און קערט זיך אָפּ פֿון איר.

דער געשריי אין גאַס איז שוין אײַנגעשטילט.

דער באַלעבאָס, אַן אַלטער געקנייטשטער נאַנײַער מיט אַ שיטער גרוי בערדל און טרערנדיקע אויגן, רוקט זיך אַרײַן דורך אַ שפּעלטל אין דער טיר.

— נאַימוקאַ, וואָס מאַכסטו? — זאָגט דער רוס און קומט אַרויס אין דער ליכטיק.

— פֿאַראַמאַנאָוו! — רופֿט אויס נאַימוקאַ און הייבט אויף די הענט, ניט קלאָר צי דערשראָקן אָדער אונטערטעניק.

— יאָ, פֿאַראַמאַנאָוו — זאָגט הערשעריש דער רוס — נאָר פֿלוידערן דאַרף מען ניט. איך גיי נעכטיקן צו מיכײַלאָוון. מאָרגן וועל איך קומען.

— יאָ, יאָ, מאָרגן קומען — מורמלט נאַימוקאַ און פֿירט צו דעם רוס ביז צו דער טיר — בידעמענו, בידעמענו! (אַ גליקלעכן וועג!) — כאַזערט ער און פֿאַרנייגט זיך און דריקט די האַנט צום האַרצן.

פֿאַראַמאַנאָוו גייט מיטן ברעג פֿאַרבײַ נעצן און איבערגעקערטע שיפֿלעך, מיט דעם זיכערן טראָט פֿון אַ מענטשן וואָס קען דעם וועג. באַם ערשט

אַנגעקומענעם שיפֿל אַרבעט מען: נאָגנײַער לאָדן אויס קאַסטנס מיט סכוירע. אַן אַלטער רוס לײַכט זיי צו מיט אַ לאַמטערן.

— מיכײַלאָוו! — רופֿט אים שטיל פּאַראַמאָנאָוו.

דער אַלטער הייבט אויף פֿאַרוווּנדערט די ברעמען. ער דערקענט פּאַראַמאָנאָוון און הייבט נאָך העכער די ברעמען און אין זײַן פֿאַרוווּנדערונג איז פֿאַראַן מער שרעק ווי פֿרייד.

— איז אָט זעען מיר זיך ווידער — שמייכלט פּאַראַמאָנאָוו — איך גיי צו דיר. דײַן ווײַב שלאָפֿט?

ער גייט ווײַטער און שלאָגט זיך קימאַט אָן אָף אַ יונגינקער נאָגנײַקע אין אַ העלן כאַלאַט. די נאָגנײַקע רוקט זיך אָפּ אָן אַ זײַט, צום סילועט פֿון אַ מאַן הינטער אַ בוים, און אין דעם סילועט דערקענט פּאַראַמאָנאָוו קילטו.

אין אַ געטעסעטן הויז מיט אַ הויכן גאַניק, אין אַ ריינעם, רוסיש אויסגעמעבלטן צימער, שלאָפֿט אין בעט אַ פֿרוי. אירע גרויסע פֿאַסמעס האָר גיסן זיך צונויף מיט דער ווײַסקייט פֿונעם ציכל. אַפֿן טיש רייכערט לײַכט אַ נאַפֿט־לאָמפּ.

— שטיי אויף, מאַריאַ אַנדרייעווּנאַ — זאָגט פּאַראַמאָנאָוו און דרייט אַ ביסל צו דעם קנויט — דערקענסט מיך ניט?

— גאָט מײַנער! — שפּרינגט די פֿרוי אַראָפּ פֿונעם בעט — פֿון וואַנען קומט איר?

— פֿון וואַנען איך זאָל ניט געווען זײַן, אַפֿילו פֿון יענער וועלט — צעלאַכט זיך פּאַראַמאָנאָוו — אַלץ איינס, איך בין הונגעריק און שלעפֿעריק. האָסט מילך?

דאָס שיפֿל באַם ברעג איז שוין אויסגעלאָדן.

מיכײַלאָוו פֿאַרשליסט מיט ציטערדיקע הענט דעם שפּײַכלער.

הינטערן בוים שטייען האַנט באַ האַנט קילטו און מאַאָמי.

— גרויסע נײַסן פֿאַראַן אַפֿן אַמור, — מורמלט קילטו — אַ סאַך מענטשן געקומען. קאַמיוג. מען וועט מאַכן אַ גרויסע שטאָט, ווי כאַבאַראָווסק. זיי שטעלן אויף יורטעס פֿון לײַוונט, זיי עסן אָף לאַנגע טישן. דער גאַנצער ברעג איז פֿאַרלייגט מיט מאַסע. זיי האַקן שוין די טײַגע, זיי רײַסן אויס די פּעניקעס פֿון דער ערד. זיי בויען אַ זאַוואָד.

— אַ זאַוואָד? — זאָגט אים נאָך מאַאָמי. זי ווייס ניט וואָס דאָס איז.

— אַ קאַמיוג האָט געזאָגט — אַ גרויס הויז, נאָר דאָרט וווינט מען ניט, מען מאַכט דאָרט שיפֿן. גרויסע שיפֿן. דער קאַמיוג זאָגט מען דאַרף פֿאָרן אַהין. איך וועל פֿאָרן. כאַדזשעראָ וועט אויך פֿאָרן.

ער פֿאַרטראַכט זיך וועגן מאַאָמי און שווײַגט.

— אָפּאַ סאַמאַר וועט קומען אין דרײַ טעג אַרום, — זאָגט מאַאָמי מיט אַן אויסדרוק פֿון טעמפּער האַכנאָע אַפֿן פּאָנעם. אָפּאַ סאַמאַר האָט זיך געזעגן אַפֿן פֿישפֿאַנג מיטן פֿאָטער. דער פֿאָטער זאָגט זיי האָבן באַשלאָסן.

— ניין, — זאָגט פּעסט קילטו — דו וועסט אויך פֿאָרן. מאָרגן וועלן מיר גיין צו איוואַן כײַטאַניק. איצט איז סאָוועטישע מאַכט. איצט איז ניטאָ אַזאַ געזעץ צו קויפֿן מיידלעך.

— און אוריגטע? — פֿרעגט מאַאָמי און צעווייינט זיך. אוריגטע איז מאַאָמיס אַ כאַוועריטע פֿון קינדווײַז. מאַאָמי איז אַלט זעכצן יאָר און אוריגטע זיבעצן. מאַאָמיס פֿאָטער האָט באַצאָלט פֿאַר אוריגטע אַ גרויסן קאַלים: פֿינף שטיקלעך כינעזישן זײַד, פֿיר הונדערט ניקאָלאַיעווער רובל, אַ פֿוטער־

נעם כאַלאַט, אַ נײַע ביקס און אַ סאַך פּולווער. אוריגטע איז געוואָרן נאַי־מוקאַס ווײַב. זי איז געוואָרן אַ לאַנגוויַליקע און אַ צערייצטע. זי קוקט שוין אַף מאַאָמין ווי אַ באַלעבאָסטע אַף אַן אַרבעטערן. און נאָר ווען נאַימוקאַ איז ניטאָ אָדער ווען דער אַלטער באַליידיקט זי, טוידעט זי זיך ווי פריִער מיט מאַאָמין, זי נעמט זי אַרום און וויינט.

— ניין, — זאָגט ווידער קילטו, און דאָס פּאָנעם איז אים בייז — איצט איז סאָוועטישע מאַכט. די סאָוועטישע מאַכט איז קעגן קאַלים און פאַרקויף פון מיידלעך. דו וועסט פאָרן אין דער גרויסער שטאָט, ווו אַלע זײַנען קאָמיוג. כאָדזשערע וועט אויך פאָרן. אוריגטע איז אַליין שולדיק. זי האָט געדאַרפט גיין צום פאַרזיצער און זי איז געגאַנגען כאַסענע האָבן פאַר גרויסע געלט. — ער צעלאַכט זיך. — כאָדזשערע האָט געפרעגט דעם רוסישן קאָמיוג וואָס האָבן די ווערט ניקאָלאַיעווער רובלס. דער רוסישער קאָמיוג זאָגט: מען קען מיט זיי די ווענט באַקלעפן, נאָר די וועלן זײַן ניט שיין.

— אוריגטע וועט שטאַרבן — וויינט ווײַטער מאַאָמי — דעמאָלט וועט דער פאָטער נעמען אַ נײַ ווײַב. ווער ווייס וואָסערע זי וועט זײַן.

— וואָס גייט עס דיר אָן? וועסט פאָרן מיט מיר. מאָרגן גיי איך ריידן מיט איוואַן כײַטאַנין.

און קילטו נעמט אַרום מאַאָמי.

באַ מיכײַלאָוון אין שטוב לײַכט זיך ביז אינדערפרי. מיכײַלאָווס ווײַב שלאָפט ניט רויִק. זי צעוועקט זיך אָפט און הייבט אויף דעם קאָפּ אַ קוק צו טאָן אַפן מאַן. דער אַלטער זיצט באַם טיש מיט פאַראַמאָנאָוון. דאָס פּאָנעם איז באַ אים גרוי און די ציטערדיקע פינגער הערן ניט אויף דרייען ציגאַרקעס מאַכאָרקע. די גאַנצע שטוב איז שוין פול מיט בײַסיקן רויך, און זיי זיצן אַלץ און ריידן אין דער שטיל. די אַלטע קען זיך אין דעם ניט פונאַנדערקלײַבן, נאָר אַפילע ווען זי פאַרשטייט ניט די ווערטער, פאַרשטייט זי אַז אַנגעגעמס איז אין דעם געשפרעך פאַראַן ווייניק. זי צייִלעמט זיך, צייִלעמט פון דער ווײַטנס איר מאַן און שלאָפט ווידער אײַן, נאָר אַפילע אינעם שלאָף איז דאָס האַרץ אומרויִק. די כאַלוימעס זײַנען ניט קיין פריילעכע, אומרויִקע.

ווען איבערן יישעוו גייט אויף דער נײַער טאָג, גייט אַלעקסיי נאַימוקאַ אַרויס פון דער פאַנזאַ און נעמט זיך טעסען ברעטער פאַר צוויי טרומנעס — אַ גרויסע און אַ קליינע. סאַקסאַ וויינט און טוט אָן די געשטאָרבענע. אוריגטע ליגט אין גאַנצן אַ ווײַסע, מיט פאַרשפּיצטע ברייטע קינבאַקן און אַ קליינעם אײַנגעפאַלענעם מויל. די אויגן זײַנען איר פאַרבונדן מיט אַ זײַדענעם טיכל. נאָר פון אונטערן טיכל טונקלען זיך די אויגנלעכער און עס דוכט זיך ווי אוריגטע קוקט אַפן קינד, וואָס ליגט לעבן איר. דאָס קינד איז זייער אַ קליינס און שוין אַ בלוי געוואָרנס, מיט צוגעטרוקנטע פלעקן בלוט אַפן קעפּל.

מאַאָמי פאָרט אַוועק אַפן פישפאַנג נאָך אוריגטעס עלטערן.

די זון שטייט שוין הויך ווען דאָס שיפל איז דאָ צוריק. די אַלטע מוטער לויפט איבערן ברעג, די האָר צעפלויגן פון אונטערן טיכל. אין פאַנזאַ קוקט זי זיך אַפילע ניט אום אַף נאַימוקאַן, און פאַלט אַוועק מיט אַ געשריי אַף דער ערד לעבן דער טויטער און יאָמערט אַף די העכסטע קוילעס.

דער פאָטער און נאַימוקאַ קלײַבן צונויף דער געשטאָרבענערס זאַכן.

דער פּאָטער האָט געבראַכט מיט זיך אַלץ וואָס איז פאַרבליבן פון דער טאָכ־טער — אַ באַמאָלט בערעזן קעסטעלע, קינדערשע כאַלאַטלעך, אַ פּײַקעלע, וואָס אוריגטעס אַ פרײַנט, דאָס שכײניִשע יינגל כאָדזשערא, האָט פאַר איר אויסגעשניצט.

כאָדזשערא אַליין איז אויך געקומען. ער גריסט ניט קיינעם און קוקט ניט אַף קיינעם. ער גייט צו גלײַך צו דער געשטאָרבענער, ווענדט אָפּ די אויגן פונעם טויטן קינד און לאַנג קוקט ער זיך אײַן אינעם פאַרענדערטן ליבן פּאָנעם פון דער יונגער פרוי.

פאַרנאַכט האָט מען זיי באַגראָבן.

אוריגטען און דאָס קינד האָט מען אַוועקגעטראָגן צום בייסוילעם אַף די זעלביקע ברעטער אַף וועלכע זיי זײַנען געלעגן אין דער היים. די אַלטע האָבן געטראָגן דער טויטערס זאַכן. די פרויען זײַנען געגאַנגען פון הינטן און געוויינט.

דער אוילעם באַם קייווער וואַקסט אַלץ. קיינער וויל ניט דורכלאָזן די געלעגנהייט צו זען ווי מען באַגראָבט אַ רײַך ווײַב.

צו ערשט בעט מען אויס אינעם קייווער צוויי נײַע קאָלדרעס פון דער יונגער פרויס נאַדן. באַם אַרײַנלייגן זיי שנײַדט מען זיי אײַן מיט אַ מעסער פּונקט אין דער מיט. דערנאָך טוט מען אָן דעם מעס: אַ העלן זײַדענעם כאַלאַט מיט כינעזישן אויסגענייי אַרום קאָלנער, אַף די אַרבל און פון פאָרנט. אויסגענייטע ווײַסע זאָקן אַף די פיס און אַף זיי שיכלעך פון הירשן־פעל און בלויע קני־בענדער.

נאַימוקאַ לייגט אַוועק לעבן קייווער אַ הויפן מאַלבושים. ער הייבט אויף אין דער לופטן אַ סאַמעטענעם כאַלאַט, אַ באַנייטן מיט טאַשמעס און מושלען. ניט געצײַלט דרייט ער אים אַף אַלע זײַטן אַז אַלע זאָלן אים זען. דערנאָך שנײַדט ער אָפּ אַ שטיק און וואַרפט אים צווישן אוילעם. דעם כאַ־לאַט טוט ער אָן דער טויטער און אַלע פּלײַסן זיך אים צו העלפן קעדיי צו צען וויפל כאַלאַטן מען וועט אָנטאָן אוריגטען. די כאַלאַטן זײַנען פוטערנע, געוועבטענע, זײַדענע און סאַטינענע, מיט כינעזישן אויסגענייי, מיט קאָמ־פּליצירטע נאַנײַישע אָרנאַמענטן, אַרומגענייטע מיט סטענגעס און שפּיצן; צוויי כאַלאַטן פון פיש־הויט, כאַלאַטן מיט קנעפּ און מיט יאַם־מושלען, מיט מעשענע קלימפּערלעך, וואָס קלינגען באַ יעדן קער.

נאָכדעם ווי אוריגטע איז שוין אָנגעטאָן אין אַלץ וואָס מען קען איר אָנטאָן, נעמען אָן נאַימוקאַ מיט דעם פּאָטער דעם פאַרעמלאָזן גוף און לייגן אים אַרײַן אין קאַסטן. די פרויען באַם שײַטער צעקלאָגן זיך העכער, די מע־נער נעמען ברעכן דאָס געשיר, וואָס האָט געהערט צו אוריגטע. די שערבלעך לייגט מען אַרײַן אין קייווער. נאָר פאַראַן זײַנען נאָך זאַכן. נאַימוקאַ הייבט אויף אַ פּילקאַליריקן שטיקל כינעזישן זײַד, וואָס איז פון לאַנג ליגן אין קאַסטן געל געוואָרן אין די לאָגן, שטעכט עס דורך מיט אַ מעסער און לייגט עס אַרײַן אין קייווער. נאָכן זײַדנס, גייט סיטץ און סאַמעט, וואָלנס און סאַ־טיך. דערנאָך פליען אין קייווער אַרײַן פּײַקעס און אַ שמאַטע־ליאַלקע, פּאָדעם און האָקן און אַנדערע קלייניקייטן, וואָס האָבן געהערט צו אוריגטע. אָן אויפהער פינקלט אין דער לופטן דאָס מעסער, צווישן אוילעם פליען שמאַט־קעס, אָפּשניצלעך, שערבלעך, וואָס מען כאַפּט זיי און מען באַהאַלט זיי אַף גליק; באַ די פלינקערע צווישן אוילעם זײַנען די קעשענעס געשוואָלן.

ווידער באַווײַזט זיך כאָדזשערא.

ער קוקט אַרײַן אינעם קייוועך נאָך אוריגטען זעט ער שוין ניט, זי איז פֿאַרוואָלגערט מיט זאַכן. עס ציטערן אים די ליפּן און די גאָמבע. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ לייגט ער פֿאַמעלעך אַוועק אַ פּײַקעלע פֿון טײַך־ראָר און גייט אַוועק. די פּײַקע האָט אים געשאָנקען אוריגטע אַף זײַנער אַ מאַטאַנע. די פּײַקע באַלאַנגט צו איר. דאָס איז אַוועק אין דער ערד אינאײנעם מיט אוריגטען.

כאַדזשעראַ זעצט זיך אַרײַן אין אַ שיפֿל און לאָזט עס שווימען מיטן שטראָם, אָן אַ ציל, קעדיי צו פֿאַרטרײַבן דעם אומעט. וואָלט ער געהאַט געלט אַף קאַלים, וואָלט אוריגטע געווען זײַן פֿרוי. נאָר ער האָט קיין געלט ניט געהאַט און איצט איז שוין אוריגטע ניטאָ.

אַף דער סטעזשקע וואָס פֿירט פֿונעם שכיינעסדיקן יִשעוו דערזעט כאַדזשעראַ דעם אָנגעקומענעם רוס מיט מיכײַלאָוון. זיי פֿירן צווישן זיך אַ פֿוילן געשפּרעך. אַ ביסל ווײַטער זעט כאַדזשעראַ סטיעפּאַן איוואַנאָוויטשן שנעל גיין אין דער ריכטונג פֿון זײַן יִשעוו. סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש איז אַ רוסישער יעגער, געקומען איז ער מיט פֿינף יאָר צוריק און האָט זיך אויסגעבויט אַ שטוב אינעם עק פֿון אַ קליינעם יִשעוו, ער האָט אײַנגעפֿירט אַ באַלעבאַטישקייט, אַ גרינסגאָרטן, אַ קו, הינט, האָט געלעבט שטיל און אין זיך פֿאַרשלאָסן. ווינטער פֿלעגט ער אַף לאַנג אַוועק אין דער טײַגע יאָגדן, און זומער האָט ער געאַרבעט אינעם גאָרטן, פֿיש געפֿאַנגען, געמײַסטרעוועט פֿאַרשיידענע זאַכן פֿון האָלץ און בערעסט. פֿון אָנהייב האָבן די נאַנײַער קרום געקוקט אַף דעם צוגערײַזטן רוס, דערנאָך האָבן זיי זיך צוגעוווינט צו סטיעפּאַן איוואַנאָוויטשן און פֿלעגן באַ אים קויפֿן די שפּילכער און אים צאָלן מיט וועווערקע־פֿעלכלעך, און די נאַנײַער קינדער האָבן זיך גענומען שפּילן מיט סטיעפּאַנס קינדער.

נאָר די קאָמיוגיסטן האָבן סטיעפּאַנען ניט ליב געהאַט, פֿלעגן אים אויסמײַדן, ווײַל ווו נאָר ער פֿלעגט זיי אָנטרעפֿן, פֿלעגט ער פֿרעגן:

— נו. קאָמסאָמאָל, וואָס באַטײַט קאָמ־סאָ־מאָל? וועקאָ־פּע־בע?

די קאָמיוגיסטן פֿלעגן ניט קענען צו דער זאַך אויפֿקלערן און סטיעפּאַן פֿלעגט לאַכן פֿון זיי.

„סוואָלאָטש!” — האָט אים כאַדזשעראַ אין געדאַנק אָפּגעזידלט אַף רוסיש. דערנאָך האָט ער אַ טראַכט געטאָן: „די רוסן זײַנען געווען צו גאַסט באַ סטיעפּאַנען”. און ער האָט פֿאַרגעסן וועגן זיי.

פֿאַראַמאָנאָוו און מיכײַלאָוו גייען פֿאַרבײַ דעם בייסוילעם, פֿאַרבײַ דעם אינטעגראַל און קומען צו צום גרויסן הויז וואָס שטייט אַף אַ בערגל באַם טײַך. דאָס הויז איז טיף אײַנגעגראָבן אין דער ערד, ווי די פֿאַנזעס, נאָר דער דאַך איז אַ בלעכענער, די ווענט געקאַלכטע, די פֿענצטער מיט שויבן, די פֿאָלן ניט קיין ערדענע, נאָר פֿון ברעטער און געפֿאַרבטע, און דער צימער איז אָפּגעטיילט פֿון דער גאַס מיט אַ ברייטן פֿאָרהויז, ווו עס ליגן אַף אַ קופּע קוישן, נעצן, געפֿלאָכטענע קרײַזן פֿאַר פֿיש און אַנדערע מאַכשירים פֿון דער באַלעבאַטישקייט.

— דעלאָמדעני דזשעגדאַבי? (איז דער באַלעבאָס אין דער היים?) — פֿרעגט פֿאַראַמאָנאָוו און גייט אַרײַן. נאָך אים גייט מיכײַלאָוו.

אינעם ראַכוועסדיקן צימער ציִען זיך לענגאויס די ווענט ברייטע טעפּיכער, צוגעדעקטע מיט טשערעטענע ראָגאָזשעס. אינם אויוון ברענט פֿײַער, און צוויי פֿרויען — אַ יונגע און אַן אַלטע — אייסעקן זיך באַם אויוון. אַן

אַלטער נאַנײַער זיצט מיט די פּיס אַף אַ טעפּיך און שניצט אַ שטיק האָלץ מיט אַ גרויסן מעסער. הינטער אים, אין ווינקל, שטייט אַ נאַנײַישער גאָט — אַ שוואַרץ־געוואָרענער פון דער צײַט קורצפּיסיקער קריפּל אין אַ שפּיציקן היטל, מיט דורכגעלעכערטע פּינטלעך אָנשטאָט אויגן. אַנדערע קלענערע געטער הענגען איבער אים אַף שטריקלעך און וויגן זיך אינעם שטראָם לופט. דער אַלטער נאַנײַער שטעלט זיך ניט אויף, ער לאָזט נאָר אַרויס דאָס מעסער פון דער האַנט און שטעלט אָן די אויגן אַף פּאַראַמאָנאָוון.

— וואָס מאַכסטו, סאַמאַר, — זאָגט פּאַראַמאָנאָוו — דערקענסט מיך?

די געסט זעצן זיך אַוועק. דער נאַנײַער שווײַגט און רייכערט זײַן פּײַקע. פּאַראַמאָנאָוו באָט אים אָן אַ פּאַפּיראָס און סאַמאַר נעמט אים גערן און לייגט אַוועק די פּײַקע. אַ שמייכל לויפט דורך בײַ אים אַפן פּנים און פאַרשווינדט. פּאַראַמאָנאָוו איז מעכאַבעד די פרויען. ביידע שעמען זיך, באַהאַלטן די פּענעמער, נאָר די פּאַפּיראָסן נעמען זיי.

— און איך האָב גערעכנט ביסט ניטאָ — זאָגט פּאַראַמאָנאָוו ווי פאַרבײַגייענדיק — דער סאָוועט זאָגט גאָרניט?

דער נאַנײַער גיט אַ וויג מיטן קאָפּ, נאָר ער זאָגט גאָרניט.

— מען האַלט דיך באַלגוף — זאָגט פּאַראַמאָנאָוו — האָסט קיין שטימע ניט. אַף דער פאַרזאַמלונג דיך ניט לאָז?

— ניט לאָז — רופט זיך אָן דער נאַנײַער, — מײַנע אַליין ניט גיי, און דער סאָוועט ניט לאָז. מײַנע שטימע ניטאָ. שטײַער דאָ. כײַטאַנין הײַנט קום, שרײַ, מיט די הענט מאַך. דער זון אַ קאַלע קויף. כײַטאַנין שרײַ קויפן ניט. סאָוועטישע מאַכט ניט קען קויף.

— דאָס רעדט זיך וועגן נאַימוקאָס טאָכטער — קלערט אויף מיכײַלאָוו.

פּאַראַמאָנאָוו דערמאָנט זיך דעם העלן שאָטן הינטערן בוים און קילטוס ליד. ער צעשמייכלט זיך, נאָר ער גיט אים מיטפילנדיק אַ פרעג:

— אַ גרויסן קאַלים צאָלסט?

דער נאַנײַער שאָקלט מיטן קאָפּ. די אַלטע נאַנײַערקע צערעדט זיך שנעל מיט דער יונגער, און ביידע לאַכן זיי פון עפּעס.

— גרויסער קאַלים נוצן פאַראַן, — זאָגט דער נאַנײַער — קלײנער קאַלים צאָל — ערשטע יאָר כאַלאַט ניי, הויזנס ניי, אַלץ קויף, אַלץ ניי. גרויסער קאַלים צאָל — פינף יאָר גאָרניט ניי. נאַימוקאַ אַ סאַך כאַלאַט גיב, קאָלדרעס גיב, אַלץ גיב. אַ רײַכער. הײַנט ווײַב באַגראָב — רײַך באַגראָב. די טאָכטער כאַסענע מאַך, אויך רײַך גיב.

— וואָס־זשע קער זיך דאָס אָן צו כײַטאַנינען?

דער נאַנײַער שפּײַט אויס און ציט אויס די האַנט צו זײַן פּײַקע.

— קאַמיוג שרײַ טאָר ניט, — זאָגט די אַלטע נאַנײַערקע, און ס'איז ניט קלאָר צי דערשטוינט אָדער אַרויסרופעריש. די יונגע גיט אַ פאַרשקע און לויפט אַרויס פונעם צימער.

— דאָס איז אומעטום אַזוי, — זאָגט פּאַראַמאָנאָוו — דאָ איז נאָך גוט. מען האָט זיך נאָך אַהער ניט דערקליבן. אינגיכן וועט מען אויך דיך מאַכן פאַר אויס באַלגוף. די שטימע האָט מען צוגענומען? איצט וועט מען אויך דאָס הויז צונעמען. ביסט אַ באַלגוף, האָסט געהאַנדלט, קיין סונגאַרי אַ שיפל געטריבן. קיין כינע געפאָרן, סכוירע געבראַכט, פאַרקויפט.

— און דײַנע געהאַנדלט? סטיעפּאַן געהאַנדלט? איז גאָרניט? — ענטפערט דער נאַנײַער אַ באַליידיקטער.

— אונדז איז דען גוט ? דיר שלעכט, אַלעמען שלעכט, — זאָגט פּאַראַמאָנאָוו — כײַטאַניך שטיקט. אינטעגראַל שטיקט — ער דערמאָנט זיך פּלוצים אָן מיכײַלאָוון, וואָס זיצט דערבײַ, און ער צעשמייכלט זיך. ער ווײַזט אָן אָף אים מיטן פינגער און פרעגט : — כאָווער מיכײַלאָוו קריוודעט דיך ניט?

דער נאָנײַער לאַכט פונעם שפּאַס און גיט אַ רוף דאָס ווײַב :

— טשעפּטשי בי ? לאַטשאַ טשעפּטשי בורו ! (פּאַראַן עסן ? גיב די רוסן עסן).

פּאַראַמאָנאָוו פאַרשטייט, קענטיק, דעם באַפעל און גיט צו :

— און רוף אַהער נאַימוקאַ אַלעקסיי. זאָל דאָס מיידל צולויפן.

באַם מיטאָג זיצן בלויז די מענער. פרויען, פירט זיך, עסן באַזונדער. אויך אים, קענטיק, פרייט ניט פּאַראַמאָנאָווס קומען. נאָר פּאַראַמאָנאָוו שטעלט אַוועק אָפן טיש אַ פלישל ספּירט, און נאָך עטלעכע שלוקן „הייס וואַסער", ווערט נאַימוקאַ לעבעדיקער. אָף אַ נידעריקן טיש, אַוועקגעשטעלט אָף אַ טעפּיך, שטעלט מען יוקאָלאַ — געטרוקנטע פיש, און געדריכערטע, פיש אָן די ביינדלעך ; ווײַסן איבערגעשמאָלצענעם סאָכאַטאָגאַ-פעטס, וואָס מען שנײַדט אים שטיקלעכווײַז מיט אַ מעסער, און דאָס זעלביקע פעטס צעלאָזן אָפן פײַער, דערלאַנגט אין אַ שיסל, און מען טונקט דערין דאָס ברויט ; געקאָכטע קישקעס מיט ווײַסן פלײשיקן שמאַלץ אינעווייניק, וואָס מען שנײַדט זיי ווי וורשט. מיט דעם פעטן פאַרבײַסעכץ, טרינקען זיי אויס ניט באַמערקטערהייט, צו מאָזעס ספּירט. פּאַראַמאָנאָוו נעמט געוויינלעך די פיש און דאָס פעטס מיט די הענט, אָפן נאַנײַשן שטייגער. ער קלאַפּט אָן די טאָזע מיט די נאָנײַער, און די נאָנײַער טוען גערן נאָך דעם אָנגענעמען רוסישן אײַנפיר. מיכײַלאָוו קלאַפּט אויך אָן זײַן טאָזע, נאָר עסן עסט ער ניט גערן. ער שפּאַרט אָף דערווידערדיק די ליפּן און ווישט זיך די פינגער אינעם טיכל.

די פרויען האָבן שוין צעהאַקט אָף שטיקער דאָס שוואַרצע סאָכאַטאָגאַ-פלייש און אָפן פײַער זידט שוין וואַסער אין אַ טאָפּ. די באַלעבאָסטע וואַרפט אַרײַן דאָס פלייש און דאָס וואַסער הערט אויף זידן. ווען דאָס וואַסער צעזינגט זיך און נעמט ווידער זידן, שלעפּט די באַלעבאָסטע טייקעף אַרויס פונעם טאָפּ דאָס שוואַרצע קוים אָפּגעקאָכטע פלייש און לייגט עס אין טעלער.

די געסט נעמען אויף דאָס פלייש מיט אָוואַציעס. נאַימוקאַ איז שוין שיקער און כאָזערט אַלץ :

— גוטער וואַסער ! מײַנע ליב הייסע וואַסער !

די נאָנײַער און פּאַראַמאָנאָוו כאַפּן דאָס פלייש מיט די הענט, זיי בײַסן זיך אײַן מיט די ציין אין דער האַרטער מאַסע און שנײַדן מיטן מעסער שטיק נאָך שטיק באַם סאַמע מויל. מיכײַלאָוו קוקט זיך אײַן מיט דערעכערעץ ווי פלינק פּאַראַמאָנאָוו אַרבעט מיטן מעסער, נאָר אַליין באַשליסט ער זיך ניט אים נאָכצוטאָן און פאַרקעט פויל דאָס פלייש אינעם טעלער.

מען האָט נאָך ניט פאַרענדיקט עסן דאָס פלייש און שוין שלעפּט די אַלטע מיט דער טאָכטער צום טיש אַ דאַמפּיקן קעסל מיט געקאָכטער קאַטשקע און לאָקשן.

פּאַראַמאָנאָוו גיסט ווידער אָן ספּירט אין די טאָזעס.

נאַימוקאַ האָט טרערן אין די אויגן, סאַמאַר לאַכט, ער איקעט און גלעט זיך דעם בויך.

אַלע זײַנען זאַט.

די פרויען זיצן שוין אין צווייטן ווינקל און עסן די שפּע רעשטן. און דעמאָלט רופט זיך אָן פּאַראַמאָנאָוו:

— געדענקט איר, פרײַנט, ווי מיר פלעגן צוזאַמענעמען ביקסן?

די נאָגײַער דערשרעקן זיך. סאַמאַרס ווײַב הייבט אויף דעם קאָפּ פון עסן. מיכײַלאָוו קוקט גלײַכגילטיק אין פענצטער, די הענט בלויז ציטערן אים.

— הונדערט ביקסן האָבן מיר צוזאַמענגענומען, יאָ? — רעדט ווײַטער פּאַראַמאָנאָוו — אויך פאַר די ווײַסע. יאָ? הײַנט וועט מען אײַך דערפאַר קיין לויב ניט געבן.

— אַזאַ זאַך דאַרף מען פאַרגעסן, — מורמלט שנעל נאַימוקאַ — מײַנע ניט וויל דערמאָן. אַ סאַך זון אַדורך, די באָרד ווײַס געוואָרן, מען דאַרף ניט דערמאָן.

— יאָ, — ניט פאַמעלעך פּאַראַמאָנאָוו — וויל יאָ, וויל ניט, נאָר אַז אַנדערע וועלן זיך דערמאָנען, איז אַ בראָך צו דײַן באָרד.

די נאָגײַער שווײַגן אָנגעשפּיצטע. זיי שפּירן אַז דער אומגעריכטער גאַסט איז ניט גלאַט אַזוי געקומען צו פאָרן און מיט אַ רײַכן מיטאָג וועסטו זיך פון אים ניט אויסקויפן.

— אַט בין איך איצט אַ גרויסער נאַטשאַלניק, — זאָגט פּאַראַמאָנאָוו, ווי ער וואָלט געטראַכט אָפן קאָל — און אויב איך וועל זאָגן — נאָכן בראָנפן אָדער פון פאַרדראָס — אַ גרויס אומגליק קומט אָף אײַך. אַ גרויס אומגליק!

די נאָגײַער זויגן די פײַקעס און וואַרטן.

— אָפן אַמור זײַנען אַ סאַך מענטשן אָנגעפאָרן, — זאָגט פּאַראַמאָנאָוו — צוויי שיפן, פיר שיפן. מענטשן גייען אין דער טײַגע, בויען אַ גרויסע שטאָט, גרויסע זאַוואָדן. שלעכט וועט זײַן די נאָגײַער. כאַיעס האָבן ניט ליב קיין רויך, פיש האָבן ניט ליב קיין נאַפט. די פיש וועלן אַוועק. די כאַיעס וועלן אַוועק. וואָס וועט דער נאָגײַער טאָן אָן פיש, אָן יאַגד?

די נאָגײַער נעמען זיך רירן. זיי ווילן פרעגן, נאָר זיי האָבן מוירע, זיי וואַרטן אָפּ, וואָס איז פּאַראַמאָנאָוו אויסן?

— מענטשן וועלן קומען אַהער, — רעדט שאַרף פּאַראַמאָנאָוו — פאַדערן פיש, פלייש, היי. איוואַן כײַטאַגין וועט זאָגן מען דאַרף געבן! און איך זאָג — מען דאַרף ניט געבן! וועט מען געבן, וועלן די מענטשן בלײַבן, וועלן אַוועק די פיש, אַוועק די כאַיעס. וועט מען גאָרניט געבן — האָבן ניט די מענטשן צו עסן, די פערד וועלן שטאַרבן, די מענטשן וועלן קרענקען, — וועלן אַוועקפאָרן צוריק.

סאַמאַרס ווײַב רופט זיך אָן פון איר אָרט אַ צערודערטע:

— סאָוועט וועט זאָגן גיב, ווי קען אונדזערע זאָגן ניט גיב?

— כאַמאַביסו! (שווײַג!) — וואַרפט סאַמאַר אַ בייזן בליק אָפן ווײַב.

— איך בין געקומען אײַך וואָרענען, אַ ראָט געבן, — קלערט אויף פּאַראַמאָנאָוו און לאָזט פאַרבײַ די אויערן דער פרויס ווערטער — איך וויל אײַך העלפן, נאָר אויב אירווילט ניט הערן, קען איך אײַך פאַרשאַפן אַ גרויס אומגליק: איך קען דערמאָנען דאָס וואָס אַלע האָבן שוין פאַרגעסן.

— צו וואָס דערמאָנען? דו האָסט ניט קיין נוצן דערפון, פאַר דיר אויך אומגליק—רופט זיך אָן נאַימוקאַ, פון שרעק שוין אָן אויסגעניכטערטער.

— מיר אָן אומגליק ניט שרעקלעך. הײַנט בין איך דאָ, מאָרגן כאַבאַראָווסק, איבערמאָרגן — כאַרבין. און איר, ווו וועט איר גיין? וווהין קינ־

דער, ווײַב, שטוב ?... גאָרניט געבן ! צעשרײַט ער זיך מיטאַמאָל באַפּע־לעריש און קוקט זיך שאַרף אײַן אין די צעשראָקענע נאַנײַישע פּענעמער — איך באַפעל אײַך גאָרניט צו געבן !

— פֿאַרוואָס וועט ייִשעוו געהאָרכן ? — הייבט די פרוי ווידער אויף איר קאָל.

— כאַמאַביסו ! — שרײַט ווידער סאַמאַר, נאָר דערבײַ קוקט ער מיט אַ פראַגע צו פֿאַראַמאָנאָוון : — ס׳ווײַב פרעגט ריכטיק.

— מען דאַרף טאָן אַזוי, — רעדט שוין פֿאַראַמאָנאָוו ווייך — מען דאַרף ריידן מיט יעדן באַלעבאָס באַזונדער. יעדן באַלעבאָס דאַרף מען אויפ־קלערן. פיש וועלן אָוועק, דער בער וועט אַוועק, עס וועט אָוועק די וועווערקע און דער פוקס — אַן אומגליק וועט זײַן. דער נאַנײַער וועט שטאַרבן. איוואַן כײַטאַניך קען לעבן. די סאָוועטישע מאַכט צאָלט אים. אַנ־דערע קענען ניט לעבן. פֿאַרשטאַנען ?

נאַימוקאַ און סאַמאַר שאָקלען מיט די קעפּ.

— און איצט לאָמיר אויסטרינקען, — זאָגט צערטלעך פֿאַראַמאָנאָוו און גיסט אָן נאָך ספּירט אין די טאָזעס.

סאַמאַרס ווײַב שטעלט געבעקס און קאָנפעקטן צום טיש.

מיכײַלאָוו וויקלט אָפּ אַ פֿאַרביק פאַפּירל און סמאָטשקעט פֿאַמעלעך אַרום אַ האַרטן צוקערל. זײַנע הענט ציטערן שוין ניט, נאָר עס ווילט זיך אים זייער שטאַרק אַז פֿאַראַמאָנאָוו זאָל אַוועקגיין און ער זאָל קענען שטיל זיצן באַם פענצטער און דאָס ווײַב זאָל זיצן אַנטקעגן מיט אַ האַנט־אַרבעט.

— כאָווער מיכײַלאָוו פֿאָרט אַוועק אַף אַ פּאָר כאַדאָשים, — זאָגט פֿאַראַמאָנאָוו — אויב איר דאַרפט עפּעס, קומט צו אײַך מײַן ברודער סטיעפאַן.

ווען זיי גייען אַהיים, רופט זיך אָן מיכײַלאָוו מיט אַ צוגעשטיקטן קאָל :

— איך בין שוין אַלט, ניקאָלײַ איוואַניטש... גלײַכער אַן אַנדערן אַף מײַן אָרט...

— זיך צוגעלאָנטשעט ! — ווערט פֿאַראַמאָנאָוו רויט פאַר קאַס — וואָרטסט מען זאָל דיך אויך פון דאַנען אויסרייניקן ? שמאַטע !

אין אָוונט קומט פאָר אַ קאָמיוג־פֿאַרזאַמלונג אין דער „רויטער יורטע". קאָמיוגיסטן זײַנען פֿאַראַן ניט מער ווי זעקס זייערע, נאָר צונויפגעקומען איז זיך די גאַנצע יוגנט פונעם ייִשעוו, און אויך עלטערע מענטשן פונעם ייִשעוו זײַנען געקומען אָפּן רוף פונעם לאָקנדיקן פײַערל אינעם נאַפט־לאָמפּ. קילטו דערציילט וועגן דעם אַז באַם ברעג אַמור בויט זיך אַ שטאָט, אַז אויפצובויען די שטאָט זײַנען געקומען קאָמיוגיסטן און אַז זיי רופן צו זיך די נאַנײַער יוגנט.

דער פֿאָרזיצער פונעם דאָרפישן ראַט, איוואַן כײַטאַניך, זיצט אין ווינקל באַם אויוון. ער איז זייער יונג, קוים צוויי און צוואַנציק יאָר אַלט, נאָר ער האָט געלערנט אין דער ווײַטער שטאָט לעניגראַד, אינעם אינסטיטוט פון די צאָפן־פעלקער, און ער פילט זיך עלטער און געניטער פון די היימישע באָכערים וואָס רינגלען אים אַרום.

נאָכדעם ווי קילטו דערציילט אַלץ וואָס ער ווייס, קומט אַרויס איוואַן כײַטאַניך. זײַנע ביר־אויגן לײַכטן, זײַן ברייט־ביינִיקער פֿאַרברוינטער פּאָנעם פלאַמט אויף מיט אַ טונקעלער רויטקייט.

— כאַווײרים, — זאָגט ער און הייבט אויף זײַן פֿאַרהאָרעוועטע קליינע האַנט — כאַווײרים, מיר לעבן ווילד, מיר האָבן אַפילע כאַבאַראָווסק ניט

געזען. מיר האָבן ניט קיין שפּיטעלער, קיין בעדער, קיין קינאָ. נעכטן איז באַ אונדז געשטאָרבן אַ יונגע פרוי. די קולטורלאָזיקייט האָט אומגעבראַכט אוגידטע, ווילדקייט, שמוץ. ניטאָ קיין שפּיטאָל און די אַלטע לײַט שאַמאַנעווען, טרײַבן דעם בייזן גײַסט. — ווער האָט אים אַמאָל געזען, דעם בייזן גײַסט? מײַסעס, מען באַשווינדלט די נאַראָנים! און איצט בויט די סאָוועטן־מאַכט אַ שטאָט אַפן אַמור. עס וועט זײַן אַ שפּיטאָל, אַ טעאַטער, אויטאָמאָבילן, קראָמען. אין שטאָט איז פאַראַן אַן אַנדער ליכטיקייט. זי ברענט אַליין. מען דאַרף צו איר קיין שוועבעלעך ניט האָבן, דורך אַ דראָט גייט זי, מען דאַרף נאָר אַ רוק טאָן אַ האַטשיקל אַף דער וואַנט, און אַ גלעזערן פלעשל גיט ליכטיקייט. אין שטאָט זײַנען פאַראַן קראָמען, קויף דיר וואָס דו ווילסט. און אין שטאָט איז דאָ אַ שול, אינסטיטוטן, פאַר קינדער, פאַר דערוואַקסענע. לערן, ווער עס וויל. מיר, נאַנײַער, האָבן געלעבט ניט ווי מענטשן, נאָר ווי קרעציקע הינט. מיר ווילן לעבן ווי מענטשן. מיר ווילן אַ שטאָט, מירן העלפן בויען די שטאָט, כאַווייירים!

אין דער שוואַכער שײַן פונעם לאָמפּ, לויפן אום שמייכלען איבער די פּענעמער.

כאַדזשערא רופט זיך אָפּ פון זײַן אָרט:

— איך פאַר דער ערשטער.

באַ דער טיר שטייט מאַמי. דאָס האַרץ גייט איר אײַן פון פאַרפילן עפּעס נײַס און גרויס, וואָס גייט אָן איר. עס שווינדלט איר אין קאָפּ פון מוירע פאַר אַן ענדערונג, דאָך פילט זי ווי די ענדערונג איז ענלעך צו אַ ווינט וואָס פרישט אָפּ דאָס פּאָנעם און זי איז זיכער, אַז קיין זאַך וועט זי ניט אָפּהאַלטן פון דעם דרײַסטן, דערוועגטן שריט דעם ווינט אַנטקעגן.

XX

זיי זײַנען דעראָבערער, קאָלומבוסן. די ערד איז זייערע, נאָר זי ליגט אַרום און אַרום אַ ניט אויסגעפּאָרשטע, ווי די ערשט אויסגעפונענע אַמעריקע.

קאַטיאַ סטאָוראָוואַ רײַסט זיך צו דער טיפענישׂ פון דער טײַגע, אויסצופאָרשן אירע סודעס. זי שלאָגט פאַר אירע פרײַנט שוין דעם ערשטן פרײַען טאָג צו מאַכן אַ גרויסן שפּאַציר. זי איז זיכער, אַז ווי נאָר זיי וועלן אָפּטרעטן אַ ביסל ווײַטער פונעם דאָרף און פון די אַרבעטס־אָפּטיילן, וועלן זיי אַף יעדן שריט האָבן אומגעווייגלעכע און שיינע פּאַסירונגען. יעפּיפאַנאָוו שטיצט זי; ווי נאָר ער איז געקומען פון אַראָפּלאָזן די קלעצער אין וואַסער, האָט ער גענומען קוקן אַף דעם געצעלטן־לאַגער ווי אַף אַ שטאָט און עס ציט אים צו דער וואַלד־געדיכטעניש, צו די באַרגיקע קוואַלן, וואָס קרייצן דעם וועג, צום שטילן ווילדגעוויקס, צו די לאַבירינטן מיט אומבאַקאַנטע קוסטעס, צו די געדיכטע געלעגערס פּאָאַריאַריקע טרוקענע גראָזן, ווו דער פוס זינקט אײַן און פאַרפּלאָנטערט זיך... מיט זיי גייען טימקאָ גרעבען, קרוגלאָוו און קאַטיאַס גוטער פרײַנט פּערעפּעטשקאָ. אין וועג שטייט צו זיי וואָלקאַ בעססאָנאָוו — ווו זי גייט, טרעפט אים קאַטיאַ אַף איר וועג.

ס'איז נאָך זייער פרי. די הייסע זון צעטרײַבט דאָס נעפּלדיקע רויכל, וואָס הענגט איבערן אַמורער ברעג.

זיי הייבן זיך אַף אַ שאָטנדיקן בערגל באַם סאָמע טײַך. ווײַס־שטאָמיקע בערעזעס פליסטערן ווײַס מיט זייערע יונגע בלעטער. אונטער די בערעזעס

שטעקן פֿאַשעטע צלאָמים פֿונעם דאָרפֿישן בײסוילעם. פֿונעם בערגל זעט מען װײַט דעם אַמור, אַ גלאַטן און אַ ברײטן װי אַן אָזערע, און די טונקעלע סאָפּקעס אױפֿן רעכטן ברעג װאָס שטעקן אין װאַסער מיט זײערע פֿעלדזיקע באָרג־רוקנס.

אױף דער זײַט האָט דער קאָמיוגישער אָנגרײַף שױן פֿאַרענדערט די אַלגעמײנע פּאַנאָראַמע פֿונעם ברעג. אונטערן אָפֿענעם הימל ליגן הױפֿנס מיט קאַסטנס, מיט פֿעסער, מיט טיוקן און בינטן שטריק. אונטער ברעזענטן הױקערן זיך טאַקער־מאַשינען. פֿונעם באַרג־רוקן קוקן נאָך אַלץ בלינדװאַטע אַראָפּ די דאָרפֿישע הײַזקעס, נאָר באַלד הינטער זײ שטײען די אָן צאָל געצעלטן, און די דאָרפֿישע גאַס גופֿא איז שױן אינגאַנצן אַן אַנדערע. הונדערטער יונגע מענטשן גײען איבער איר, לױפֿן, שפּילן אין יאָגערלעך, אין פּילקע. באַם צרײַנגאַנג אין קלױסטער שײלט מען קאַרטאָפֿל.

לינקס ציט זיך אַ פּוסטער זומפּיקער ברעג, דורכגעשניטן מיט אַ קאַנאַל, װאָס פֿאַראײניקט די אָזערע סיליגקאַ מיט דעם אַמור.

דורך די בײמער װאָס פֿאַרשטעלן די סיליגקאַ, גלאַנצט איר גלאַטע אײבערפֿלאַך און מען זעט די פֿינצטערע שװאַרצע באַרזשע, װאָס האָט זיך טיף אײַנגעשניטן אינעם קאַנאַל. אױף דער באַרזשע געפֿינט זיך דער טעכניש־אַדמיניסטראַטיװער שטאַב פֿונעם אָנגרײַף.

פֿונעם ברעג אױף צאַפֿן, װי װײַט דאָס אױג כאַפּט, עט ביז דעם װײַטן באַרג־רוקן, װאָס שליסט אָפּ דעם האָריזאָנט, ליגט פֿאַר זײ די טײַגע — אַ בליענדיקע, אַ פֿאַרשיקערטע פֿון די שפּאַרנדיקע פֿרילינגדיקע לעבנס־זאַפֿטן. די טײַגע קלעטערט אױך אױף די בערג, רײַסט זיך צו די שפּאַלטן, קלאַמערט זיך אָן די שטײנער אױף די פֿעלדזיקע אָראָפּגענג. בלױז אױף די העכסטע נאַקעטע און שאַרפֿע שפּיצן ליגט דער שנײ.

— אײביקע שנײען! — פֿאַרזיכערט פֿײַערלעך קאַטיאַ.

נאָר קרוגלאָװ קוקט ניט צו דער װײַט, ער קוקט אױף דאָס נאָענטע װאָס שפּרײט זיך פֿאַר אים. ער זעט די װילדע אומבאַרירטע טײַגע־געדיכטעניש און גלײבט אַז לאַנג װעט זי אַזאַ ניט פֿאַרבלײַבן.

— אָט דאָ — װײַזט ער פֿײַערלעך אָן מיט דער האַנט אױפֿן טאָל װאָס ליגט פֿאַר אים — אָט דאָ װעלן אױסװאַקסן דאַכן, װאָס די העכסטע לאַרד־בײמער זײַנען אַקעגן זײ נעבעכדיקע קאַרליקעס.

— אַ נו, לאָמיר זיך נאָר באַקענען מיט די קאַרליקעס אַזױ לאַנג זײ זײַנען נאָך גאַנץ, — זאָגט יעפּיפֿאַנאָװ און לאָזט זיך אַ צעװיגטער דער ערשטער אַראָפּ פֿונעם בערגל. אַלע לאָזן זיך נאָך אים. אונטער די פֿיס גיט זיך נאָך דער געלער מאָך און די יונגע גרעזלעך בײגן זיך. זײ טרעפֿן אָן אַ באַגולניק־קוסט, װאָס איז באַשאָטן מיט װײַסן צװײט אָנשטאָט מיט ליליאַװן. זײ װוּנדערן זיך. יעדער רײַסט אָפּ פֿאַר זיך אַ צװײַגל. קאַטיאַ שפּיליעט צו דאָס צװײַגל צו די האָר.

— קאַרמען! — זאָגט װאָלקאַ בעססאָנאָװ און שטעקט אַרונטער זײַן בלימל אונטערן אױער.

מען מוז טרעטן פֿאָמעלעך. אין די גריבער שטײט פֿרילינגדיק װאַסער. דער װעג איז אָפֿט פֿאַרשטעלט מיט ריזיקע שטאַמען מיט די װאָרצלען אַרױסגעריסענע דורכן שטורעם. די קאָמיוגיסטן קריכן זײ מיט פֿאַרגעניגן אַריבער און באַקוקן די מעכטיקע שױן פֿאַרטרוקנטע װאָרצלען.

— אַן אידעע! — בלײַבט קרוגלאָוו שטיין פאַר אַן אײַנגעוואַלגערטן בוים. ער שפּיצט צו איין אויג און באַקלערט עפּעס.

אומזיסט פּרוּוון זײַנע כאַווײרים עפּעס פון אים אַרויסצוקריגן.

— אַן אָזערע! — שרײַט אויס יעפּיפאַנאָוו, וואָס גייט אַפריִער.

אַלע לאָזן זיך לויפן, קלײַבן ניט איבער דעם וועג, ווי די אָזערע וואָלט קענען פאַרשווינדן, ווען זיי זאָלן ניט שנעל צולויפן. קרוגלאָוו נאָר בלײַבט פון הינטן, פאַרכאַפּט פון זײַן געדאַנק.

צווישן פאַרוואַקסענע שאָטנדיקע ברעגעס ליגט אַ קליינע שטילע אָזערע. די ביימער שפּיגלען זיך אין איר. אַן אַראָפּגעפאַלן צווײַגל בלײַבט ליגן פאַרגליווערט אַף איר אייבערפלאַך.

— די סילינקאַ! — זאָגט וואַלקאַ בעססאָנאָוו.

— ביסט פון זינען! — רעגט זיך קאַטיאַ — די סילינקאַ איז אַ גרויסע, מיט אַ קאַנאַל, דאָרט וועלן זיך שיפן אָפּשטעלן, און ווו וועט זיך דאָ אָפּשטעלן אַ שיף? און אין דער סילינקאַ האָט מען דאָך די קלעצער אַראָפּגעלאָזט, — וווּ־זשע זײַנען די קלעצער? קאָפּ!

וואַלקאַ פאַרשטייט אַליין אַז ער האָט אָנגעפלאָנטערט און מערקט בלויז גוטמוטיק אָן:

— נו, איז דאָס אַ שלאַק! האָב כאָסענע פאַר אַזעלכער, ביסטו אַ פאַרלוירענער.

— האָב ניט כאָסענע — גיט קאַטיאַ אַ בליק מיט די אויגן און צעלאַכט זיך. אַ כוידעש איז שוין, זינט זי איז אָפּגעפאָרן פון מאָסקווע, אַז פון איר שפּאַרט אַן אַלץ וואַקסנדיק געפיל פון גליק. דער קוואַל פון דעם גליק איז דאָס נײַע און ראָמאַנטישע פונעם אַרום און דער באַוווסטזײַן פון מיידלשער פרײַהייט און לײַכטקייט, וואָס האָט זי אַרומגענומען, ווי נאָר דער צוג האָט זי אַוועקגעפירט פון מאָסקווע, פונעם מאַן. וואַלקאַ בעססאָנאָוו פאַרנעמט ניט קיין באַזונדערן אָרט אין אירע געדאַנקען, זי נעמט אים פּאָשעט אַרײַן אינעם אַלגעמיינעם קרײַז פון אירע פריילעכע און פריידיקע איבערלעבונגען.

— גאָט באַהיט! — דערשרעקט זיך שפּאַסיק וואַלקאַ.

— היט זיך אַליין, גאָט וועט דיך ניט פאַרהיטן — שנײַדט אָפּ קאַטיאַ און לאָזט זיך לויפן ביזן סאַמע וואַסער, קעדיי צו פאַרבלײַבן מיטן לעצטן וואָרט.

די פיס זינקען אינעם שלײַם. פונעם וואַסער שטעקן אַרויס אַזעלכע וואַסער־געוויקסן מיט האַרטע פירבלעטערדיקע שישקעס. קאַטיאַ רײַסט אָפּ אַ שישקע און צעשנײַדט זיך שיִר ניט די פינגער. די שישקע איז אַ טשוגון־גרויע און די בלעטלעך האָבן זייער שאַרפע שפּיצן. — ניט קיין שישקע, נאָר אַ מעטאַלן בלימל. די כאַווײרים באַטראַכטן מיט אינטערעס דעם מאָדנעם געוויקס. די ענלעכקייט צו מעטאַל איז אַזוי גרויס, אַז קאָסטיאַ פּערעפּעטשקאָ איז אומרויִק: סאַראַ שפּאַס דער טײַוול קען אָפּטאָן, אָפּן ווײַטן מיזרעך, קען זײַן, וואַקסט אײַזן פונעם וואַסער...

— וועדליק דער וואָג, זעט עס ניט אויס — ס'איז גרינג! — פאַרריכט אים טימקאָ גרעבען. נאָר ער טאַפּט ווײַטער דאָס געוויקס.

פון דער אַנדער זײַט אָזערע דערהערט מען אַ קנאַקן פון צווײַגן און קוסטעס צעוויגן זיך.

די קאָמיוגיסטן זײַנען אָנגעשפּיצט. זיי קוקן איינער אַפן צווייטן, קעדיי
זיך ניט מוידע צו זײַן אין שרעק.
פון די קוסטעס קומט אַרויס אַ מענטש מיט אַ שרויט־ביקס און פּאָכעט
פרײַנטלעך מיט דער האַנט צו די קאָמיוגיסטן. דער מענטש איז אַ הויכער
און אַ דאַרער, אַ רויט־פּאַרברענטער, מיט שאַרפע און טרוקענע פּאָנעם־
שטריכן. פונעם גאַרטל הענגען באַ אים מיט די קעפּ אַראָפּ צוויי קאַטשקעס.
די קאָמיוגיסטן און דער יעגער גייען זיך אַקעגן אַרום דער אָזערע. דער
יעגער גייט שנעלער, ער קען אויסקלײַבן דעם וועג, ער שטרויכלט ווייניקער,
ער מײַדט גרינג אויס די שטערונגען.
קאַטיאַ, געררייצט פון נײַגיר, לויפט אַפריער. זי לויפט מיט דעם קירצסטן
וועג און צעדראַפּעט זיך די הענט און די קני. זי פּאַרפּלאָנטערט זיך אין
אַ געדיכטן קוסט. זײַנע העל־ברוינע און געדיכטע צווײַגן ברעכן זיך ניט און
בייגן זיך ניט. זיי כאַפּן זי אַרום פון אַלע זײַטן. זי ווערט בייז, זי האָט זיך
די דלאָניעס צעריסן און איז שוין גרייט שרײַען פון פּאַרדראָס, נאָר דאָ דער־
הערט זי אַ פרײַנטלעכן קאָל:
— זיך אײַנגעפּלאָנטערט, טײַערער כאַווער?
דער יעגער שפּאַרט אָפּ מיט זײַן שטאַרקער האַנט די ניט געהאָרכזאַמע
צווײַגן און העלפט קאַטיאַן זיך אַרויסקריגן פון דער פּאַסטקע.
— דיערזשי־דיערעוואָ (כוצפּע־בוים) — קלערט ער אויף, — די נאַ־
נײַער מאַכן פון אים צוועקעס.
קאַטיאַ פּאַרגעסט איר פּאַרדראָס און צעעפנט די אויגן אַפן יעגער.
— איר ווױנט אין דער טײַגע?
ער צעלאַכט זיך און ענטפערט ניט. דערווײַל קומען אונטער די איבע־
ריקע. קרוגלאָוו באַגריסט זיך מיט דעם אומבאַקאַנטן פּאַר דער האַנט און
מיט אַ געוווינטן טאָן זאָגט ער:
— גוט־מאָרגן, קאַסימאָוו! ווי גייט די יאַגד?
קאַסימאָוו גיט אַ ווונק אַף די קאַטשקעס, נעמט אַרונטער די שרויט־
ביקס פונעם אַקסל און זעצט זיך צו אַף אַ פּעניק. קאַטיאַ זעצט זיך באַ זײַן
זײַט. זי איז אַנטוישט. ניין, ס'איז ניט קיין טײַגע־מענטש. ס'איז קאַסימאָוו,
אַ היגער אַרבעטער. ער האָט געהאָלפן באַם אויסלאָדן די שיפן. ער רייכערט
לענינגראַדער פּאַפּיראָסן „סאָוויעט".
— פּאַרגעדענקט דאָס אָרט, יאַטן — זאָגט קאַסימאָוו און פּאַררייכערט
אַ פּאַפּיראָס — אינגיכן וועט שוין דאָ ניט זײַן, ניט קיין אָזערע און ניט
קיין כוצפּע־בוים, — ער גיט זײַטיק אַ שמייכל צו קאַטיאַן — און מען וועט
זיך גאָרניט גלייבן אַז מען האָט אַמאָל געכאַפּט ווילדע קאַטשקעס.
קאַטיאַס אַנטוישונג איז אַריבער. זי קוקט פריידיק אַף דער אָזערע,
אַף די שטילע האַלב־פּאַרגאָסענע גראָזן. קאָסטיאַ פּערעפּעטשקאָ ווײַזט אים
דאָס מעטאַלענע בלימל און פּאָדערט אַ דערקלערונג.
— וואָסער־נוס — זאָגט קאַסימאָוו איידער נאָך ער קוקט עס אָן, —
אַ באַליבטער בערן־מײַכל. צעבײַס עס, וועסטו אינעווייניק געפינען אַ יאָדער.
גאַנץ נישקאָשע, באַטאַמט.
— און איר האָט שוין געזען אַ בער?—פרעגט וואַלקאַ מיט דערעכערעץ.
קאַסימאָוו ווײַזט מיט דער האַנט אַף ערגעץ ווײַט:
— אָט דאָרטן בין איך אַמאָל אַנטלאָפן פאַר אַ בער. איך בין געגאַנגען
שיסן ריאַבטשיקעס (פּילקאָלירטע פייגעלעך) און האָב מיט זיך ניט געהאַט

קיין קוילך־ביקס. איך גיב אַ קוק — אַ בער הייבט זיך אויף. איך האָב גע־נומען לויפֿן.

— און געהאַרגעט בערן האָט איר ניט ?

— געהאַרגעט, ווי דען...

ער רעדט מיט ווייניק ווערטער.

— וויאַזוי געהאַרגעט ? איינס אָף איינס ?

— פֿאַרשיידן, — זאָגט קאַסימאָוו — אַמאָל אויך אַליין. אָפֿטער אָבער גייט מען עטלעכע צוזאַמען. צוליבן פֿלייש. זיס פֿלייש, געשמאַקס. מיר פֿלעגן דערהאַרגענען אַ בער, פֿלעגן מיר זײַן צוויי וואָכן זאַט.

— מיט וועמען־זשע פֿלעגט איר גיין ? מיט יעגערס ?

— מיט פּאַרטיזאַנער. פּאַרטיזאַנער, ווייסט איר, זײַנען אַלע יעגערס.

עס דערמאָנט זיך אַ ליד: „עס גייען בראַווע סקוואַדראָנען, בײַ־אַמורער פּאַרטיזאַנער..." און אָט האָבן זיי פֿאַר זיך איינעם פֿון יענע לעגענדאַרע פּאַרטיזאַנער.

— לאַנג האָט איר געפּאַרטיזאַנעוועט ? — פֿרעגט וואַלקאַ.

קאַטיאַ שענקט אים אַ דאַנקבאַרן בליק. זי האָט אים אַליין געוואָלט פֿרעגן, נאָר זי האָט זיך ניט אַנטשלאָסן אָנהייבן פֿרעגן.

קאַסימאָוו, קענטיק, האָט ניט ליב צו דערציילן. ער גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, ער פֿרעגט צו וואָס די קאַמיוגיסטן זײַנען אַהין פֿאַרקראָכן און באַט זיך אָן זיי צו פֿירן צו דער סילינקאַ.

— דאָס איז די קליינע סילינקאַ, — זאָגט ער — פֿאַראַן אויך אַ גרויסע און אַ טײַך.

— וואָס האָב איך אײַך געזאָגט... — שרײַט אויס וואַלקאַ.

קאַטיאַ שווײַגט אָפּ.

— פּאַרוואָס רופֿט מען די אַנדערע סילינקאַ, ווייסט איר ? געווען דאָ איינער אַ זאַקן סיליק, פֿון די ערשטע איבערוואַנדערער. אַ רײַכער זאַקן. גע־האַט אַ מיל. פֿון אים נעמט זיך דער נאָמען פֿון דער אַנדערער און פֿונעם טײַך.

ער פֿירט זיי דורך דער טײַגע. ער שטעלט זיך אָפּ און ווײַזט די קאַמ־יוגיסטן נײַע מיניםביימער. אַלע אינטערעסירן זיך מיט דער שוואַרצער בע־רעזע. די קאָרע איז שוואַרץ, ווי אָפּגעפּאַרבט.

די גרויסע סילינקאַ איז אַ ברייטע אַ גלאַטע און אויך אַזאַ שטילע. רעכטס רינצלט זי זיך אַ ביסל. דאָרט גיסט זי זיך צונויף מיט דעם אַמור.

קאַסימאָוו פֿירט איצט די קאַמיוגיסטן מיטן ברעג, טייל מאָל טרעט ער אָפּ אין דער טײַגע, קעדיי קירצער צו מאַכן דעם וועג. עס פֿילט זיך אַז ער קען דאָ יעדע גרודקע ערד, יעדן בוים.

זיי קומען אַרויס אָף אַ נאַקעטן פּלאַץ. אויסגעגראָבענע פֿעניקעס שטעקן מיט די וואָרצלען אַרויף. אַ ברעטל גיט צו וויסן אַז דאָרט איז „דער דריטער אָפּטייל, סימאַנאָווס שלאָגלער־בריגאַדע". דאָס נאַקעטע פּלאַץ איז אַנגע־שפּאַרט אָן דער אַזערע. באַם הויכן ברעג וויגן זיך אינעם שטילוואַסער די קלעצער וואָס דער שטראָם האָט צוגעבראַכט.

— אונדזערע טײַערינקע ! — זאָגט מיט שטאָלץ יעפּיפֿאַנאָוו — זיי וואַרטן שוין.

און אַלע, דוכט זיך, זעען זיי שוין אָף דעם נאַקעטן פּלאַץ דעם פּאַרטיקן, שוין אַרבעטנדיקן געהילץ־זאַוואָד. און באַ יעדן אין האַרצן גיט זיך אַ ריר

אַף אַ רעגע די קינע צו די וואָס זײַנען אָנגעקומען אָפּן דריטן אָפּטייל. די קלעצער זײַנען דאָך שוין דאָ, נעם און אַרבעט.

זיי גייען אַדורך דעם אָפּטייל פֿון סימאָנאָווס בריגאַדע און שנײַדן זיך ווידער אַרײַן אין דער טײַגע.

צום דריטן מאָל ווײַזט זיך שוין די סילינקאַ אַלס טײַך. דער אימפּעטיקער שטראָם האָט אָף דײַן אויסגעוואַשן זײַן געלעגער און דורכן קרישטאָל־קלאָרן וואַסער זעט זיך דער אײַנגעפּרעסטער זשוויר. באַ די אויסבייגן האָבן זיך אין טײַך געשאַפֿן איבערגאַנג. דאָ איז ניט טיף, מען קען אַריבערגיין. דערפֿאַר אָבער דרייט דאָ דער שטראָם אַזוי אַז ער וואַרפֿט מאַמעש פֿון די פֿיס.

— איר וועט אים ניט אַריבער, — זאָגט קאָסימאָוו צו קאַטיאַן — פֿאַר אַ מאַן אַפֿילע איז עס שווער. און דאָס וואַסער איז דאָ דעם גאַנצן יאָר אײַז־קאַלט.

איינער נאָכן צווייטן פּרוּוון. די פֿינגער פֿרירן. ס'איז אָבער אַף כּידור־שים געשמאַק.

— זומער טרוקנט ער אויס, נאָר אין פֿול־וואַסער פּאַרג׳סט ער אַלץ אַרום, ביימער רײַסט ער אויס, ווי אַ פֿעדערל טראָגט ער זיי.

באַ די ברעגעס ליגן שוואַרץ געוואָרענע פּעניקעס, שטאַמען אָפּגעגריזשעטע פֿונעם וואַסער. יעפּיפֿאַנאָוו שטויסט אַרײַן איינעם פֿון די פּעניקעס אין וואַסער. דאָס וואַסער כאַפּט אים אויף, דרייט אים אַ ווײַלע און טראָגט אים אַוועק. נאָר באַם פֿלאַכן אַריבערגאַנג פֿאַרהאַלט ער זיך און דאָס וואַסער פֿלייצט איבער אים און אַרום אים מיט שפּאַטישן געפּלוידער.

קאָסימאָוו זעצט זיך צו און שפּאַרט אָן זײַן שרויט־ביקס צו אַ בוים.

— נאָך אַלס ייִנגל האָב איך מיך אָנגעדונגען האַלץ פֿירן, — הייבט אָן קאָסימאָוו אָפּגעריסענערהייט און מען ווייס ניט צי נעמט ער דערציילן וועגן זיך אָדער וועגן עמעצן אַן אַנדערן. — געווען זײַנען דעמאָלט די באַלעבאָטים זאָטאָוו. מיטן אָמור אַראָפּ. דאָס זונדל אַלעקסיי איז דערבײַ אַן אָפּ־ציר געוואָרן. נאָר דעמאָלט האָט ער מיט מיר געאַרבעט מײַסע באַלעבאָס. אַ בייזער מענטש. מיר לאָדן אַ שליטן און די פֿערד קענען אים ניט רירן. קופּעס שניי ליגן. און ער כאַפּט שלאָגן דאָס פֿערד מיט אַ שטעקן. דאָס פֿערד גיט אַ ריס דעם שליטן און שלעפּט אים אַרײַן אין אַזאַ לאָך, אַז ניט אַף פֿאָרויס, ניט אַף צוריק. — „שלעפּ" — שרײַט זאָטאָוו. — ווי זאָל איך אים שלעפּן? כאַפּט ער צו מיר דעם זעלביקן שטעקן. איך וואָרן אים „שלאָג ניט". נאָר ער האָט מיך שיר ניט דערהאַרגעט. אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט. וואָס בין איך, אַ שקלאַף? וואַרף איך אַראָפּ פֿון זיך דאָס פּעלצל. ס'איז זייערס געווען. לאָז איבער דאָס פֿערד און לויף אין דער טײַגע! באַ די ווינטערדיקע פּי־האָדעזער געצעכטיקט. געפֿרידן געוואָרן. און בין אַהער געקומען. ווידער זיך אָנגעדונגען. און מיט זאָטאָוון האָב איך מיך אײנעם צוואַנציקסטן צע־רעכנט.

ערגעץ ניט ווײַט קוקעט אַ קוקאַווקע. דאָס איינטאָניקע קוקען שטרײַכט אונטער די שטילקייט.

— ווי־אַזוי־זשע זײַט איר געוואָרן אַ פּאַרטיזאַן?

— געוויינלעך.

ער הייבט זיך אויף, וואַרפֿט אַרויף די ביקס אָפּן אַקסל און פֿירט די קאָמיוגיסטן ווײַטער, מיטן טײַך אַרויף. ער שפּאַנט ווי אַ שפּורן־זוכער, אַ רויִקער, צו אַלץ הערט ער זיך אײַן און אַלץ באַמערקט ער. נאָר ער רייכערט,

איין פּאַפּיראָס נאָכן צווייטן. און מיטאַמאָל דרייט ער זיך אויס צו די מיטגייער און זאָגט:

— ווי האָט מען געקענט ניט גיין? די לאַגע איז אַזאַ: אָדער קעמף, אָדער קום אום. רעכטס די ווײַסע, לינקס די יאַפּאַנעזער; פּאַלסטו ניט אַרײַן אינעם „טויט־וואַגאָן", דערשיסט דיך אָפּן אָרט אַ שטראָף־אָפּטייל. ער שענדעט דיך נאָך: איר ווייסט וואָס זיי פלעג זטאָן? זיי פלעגן אויפהענגען, דעם בויך אויפטרענען און אַרײַנרוקן אַ געפרוירענעם פיש: — נאָט, פרעסט. ווו וועסטו זיך אַהינטאָן? איך בין דעמאָלט זעכצן יאָר אַלט געווען. פונעם פישפאַנג בין איך אַוועק. כ'האָב געהאַט אַרונטערגעלאָזן די נעץ אונטערן אײַז. מען דאַרף זי אַרויסשלעפּן. און דאָ הער איך פּאַרטיזאַנער גייען. כ'האָב אַלץ אַוועקגעוואָרפן, די נעץ, די האַק, און בין אַוועק.

די קינבאַקן קלעמען זיך אים קרעמפּיק. די פינגער רײַבן דאָס שטיקל ציגאַר. די קאָמיוגיסטן וואַרטן נײַגעריק און אַ ביסל גערייצט. קאָסימאָוו זעצט זיך ווידער צו און בעט די קאָמיוגיסטן זיך אויך צוזעצן.

— אַ סוינע איז אַ סוינע. נאָר יאַפּאַנעזער זײַנען ערגער פון סאָנים. פּראָוואָקאַטאָרן. מענטשן כאַניפּעניקעס, מיט אַ שמייכעלע, מיט אַ פּאַרנייג. זיי האָבן דערקלערט נייטראַליטעט. זייערע אָפיצירן האָבן מיט אונדזערע פּאַרטיזאַנען־פירער אַ פרײַנטשאַפט פאַרפירט, האָבן זיך אָנגעטשעפּעט רויטע שלייפלעך: „מיר האָבן ליב רוסישן באָלשעוויק..." און באַנאַכט האָבן זיי אַרומגערינגלט דעם שטאַב און אין שלאָף אויסגעקוילעט. אייניקע האָבן זיך געראַטעוועט. דרײַ טעג האָט מען זיך געשלאָגן. אָף די גאַסן איז ווינטער, קופּעס שניי העכער אַ מענטשן. לעבן די הײַזער איז דער שניי אָפּגערייניקט — טראַנשייען. אַלע זייערע לאַנדסלײַט האָבן זיי באַוואָפנט, די פרויען אַפילע האָבן געטראָגן ביקסן. און מיט אונדז זײַנען אַלץ אַרבעטער. ביקסן איז געווען ווייניק. מאַכט זיך אַז אַן אַרבעטער קומט, זיצט ער און וואַרט ביז עס וועט פרײַ ווערן אַ ביקס. מען פלעגט אים אַמאָל דערהאַרגענען נאָך איידער ער האָט זיך דערוואַרט די ביקס. נישקאָשע, מען האָט זיי דאָך בײַגעקומען. דערנאָך האָט מען דאָס אָנגערופן „דער ניקאָלאַיעווסקער אינצידענט". וואָס מיר אינצידענט? פּאַשעט כאַיעס, פּראָוואָקאַטאָרן!

ער דערציילט ניט געאײַלט. ער שווײַגט אַ ווײַלע, דערמאָנט זיך און דערציילט ווײַטער. און ווידער שווײַגט ער. פראַגן פירן אים אַראָפּ פון וועג. ע רגייט מיט דער קייט פון זײַנע דערמאָנונגען, טײַערע און שרעקלעכע דערמאָנונגען.

— געווען איז אַ פּאַרטיזאַן אָרלאָוו, אַ יונגער באָכער, אַ געוואַגטער. מען האָט אים באַ אונדז ליב געהאַט. צוגעקומען זײַנען מיר צו ניקאָלאַיעווסק. אין ניקאָלאַיעווסק זײַנען געווען יאַפּאַנעזער און ווײַסע. די מילכאָמע איז געגאַנגען מיט די ווײַסע, און די יאַפּאַנעזער — די שוין דערמאָנטע נייטראַליטעט. מיר שיקן אַ פּאַרלאַמענטאַריער, געפאָרן איז אָרלאָוו. געכאַפּט האָבן אים די יאַפּאַנעזער, האָבן אים מיט אַ ליכט געבריגט, אָף דער פּליטע געבראַטן! דערנאָך, ווען מיר האָבן שוין געהאַט פאַרנומען ניקאָלאַיעווסק, האָבן מיר זײַן גוף אויסגעגראָבן... דאָס פּאָנעם צעשניטן, די אויגן אויסגעבריגט, די נאָז און די צונג אָפּגעשניטן, דער רוקן צעפּאַסעוועט...

דעמאָלט האָבן מיר אויך געפונען די פּאַרפרוירענע. זיי פלעגן אַרויספירן אונדזערע פּאַרטיזאַנער אָפן אַמור — האַקן קוואָרים אינעם אײַז. דאָס אײַז שטעכן זיי דורך קעדיי דאָס וואַסער אין קייווער זאָל זיך אויפהייבן, דעם

מענטשן בינדן זיי די הענט און די פֿיס און וואַרפֿן אים אַרײַן אין וואַסער. אַזוי ווערט ער פֿאַרפֿרוירן אײַנאיינעם מיט דעם וואַסער... דרײַסיק אַזעלכע גופֿים האָבן מיר געפֿונען... אַלע גאַנץ, פֿאַרפֿרוירן... און יעדערער פֿון זיי מיט יאַפּאַנעזישע סימאָנים: אָדער די הענט זײַנען אויסגעדרייט, אָדער מיטן באַגנעט צעשטאָכן, אָדער אַ צוגעבראָטענער... מיר האָבן דעמאָלט אָט די פּאַרטיזאַנישע גופֿים אויסגעשטעלט אין דער געוועזענער גאַרניזאָנער פֿאַרזאַמלונג: דאָ זײַנען זיי די קאָרבאָנעס פֿונעם יאַפּאַנעזיש־ווײַסגוואַרדייִשן טעראָר. קוקט! פּאַרטיזאַנער האָבן געוויינט.

וויאַזוי איך בין לעבן געבליבן, פֿאַרשטיי איך ניט. וויפֿל דאָס לעבן האָט די ווערט, האָט מען דעמאָלט ניט געטראַכט. געטראַכט האָט מען וויאַזוי דאָס ווי טײַערער אָוועקצוגעבן. זאָל זײַן איבל שטאַרבן, נאָר וואָס מער לעבנס נעמען פֿאַר מײַנעם. מען האָט געלעבט ווי אין אומבאַוווּסטזײַן. איך האָב געהאַט אַ פֿרײַנט, אין איינע יאָרן מיט מיר, סאַשקאַ. האָבן מיר אין אַ שלאַכט פֿאַרנומען אַ קוילנוואַרפֿער. סאַשקאַ איז אָפּן קוילנוואַרפֿער געווען צווייטער נומער, איך ערשטער. די ווײַסע האָבן אָנגעטאַפּט אונדזער קוילנוואַרפֿער און האָבן זיך אַף אים אָנגעזעצט. און דער קוילנוואַרפֿער איז בײַ אונדז איין און איינציקער. סאַשקאַ האָט זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אָפּן קוילנוואַרפֿער, האָט זיך אַף אים אַרויפֿגעלייגט און אַרומגענומען מיט בײדע הענט. ווי ער וואָלט פֿונעם זינען אַראָפּ. איך שלעפּ אים, איך שרײַ: „סאַשקאַ!" און ער לאָזט זיך ניט. כ'האָב מוירע, שרײַט ער, די אויסוואָרפֿן וועלן דעם קוילנוואַרפֿער צעשעדיקן. גאָרניט, ער לעבט נאָך הײַנט... אין סרעדניע טאַמבאָווקאַ אַרבעט ער, אין אַ קאָאָפּעראַטיוו...

אָט אַזוי האָט מען מילכאָמע געהאַלטן. געוואָגט און אומזיניק... ווו מען האָט באַדאַרפֿט אַ מייע מענטשן, האָט מען געשיקט אַ טוץ. ווו טויזנט, איז געגאַנגען אַ מייע. די פֿעסטונג טשניראַך האָט מען גענומען מיט בערדאַנקעס קעגן קאַנאָנען און מיט הילצערנע גראַגערס — אַף אָנצושרעקן. אַז ניט, האָט מען געמאַכט אַזוי. מיר האָבן געהאַט אַ שליטן, האָבן מיר אים אָנגעלייגט מיט היי און געטריבן הין און צוריק איבערן פֿראָנט — זע, הייסט עס, ס'אַרא קויכעס מיר האָבן... דאָ איז פֿאַראַן קיסעליאָווקאַ. אַ קאַזאַקיש דאָרף. די קאַזאַקן האָבן זיך פֿעסט אַרומגעגראָבן מיט טראַנשייען, מיט שטיינער זיך אַרומגעלייגט, מיט שניי, מיט וואַסער באַגאָסן — אַלץ פֿאַרפֿרוירן. וואַרעמען זיך קען מען אין שטוב, דערנעבן. מיט קויעך וואָלטן מיר זיי קיינמאָל ניט גענומען. זיי האָבן געהאַט אַ סאָפּקע, און מיר פֿון דער אַמור־זײַט, אַ נאַקעטן אָרט. און אין צאָל זײַנען זיי מער. „יאָטן — שרײַט אונדזער קאָמאַנדיר — איין מאָל שטאַרבט מען! מיט קויעך וועלן מיר זיי ניט נעמען, מיט שרעק וועלן מיר זיי נעמען, די הינטישע זין!" די פֿאָנען פֿאָרויס, מיר זײַנען אַ מאַן פֿופֿציק מיט בערדאַנקעס און די אָנטרײַבער, הינטער אונדז, מיט שטעקנס — קלוימערשט אויך ביקסן, און מיר שרײַען ווי ווײַט מיר קענען: „אַ־אַ־אַ!" און מיר לאָזן זיך מיט אַ געשריי אין אַטאַקע. די קאַזאַקן זײַנען צעטומלט געוואָרן. זיי האָבן איין מאָל, אַ צווייטן מאָל אויסגעשאָסן, זיך אויפֿגעזעצט אַף די פֿערד און — אַנטלאָפֿן...

געהאַט האָבן מיר אַ קאָמאַנדיר — טריאַפּיצין. אַן אַנאַרכיסט, פֿון די מאַטראָסן, אַן אומדערשראָקענער, אונטער די קוילן פֿלעגט ער זיך קיינמאָל ניט לייגן אַף דער ערד. און די פֿרײַהייט, וואָס ער האָט זי קיינמאָל ניט;

געזען, האָט ער אַזוי פאַרשטאַנען, אַז די אַנאַרכיסטן זײַנען פאַר דער פרײַסטער פרײַהייט. זײַן פאָן איז געווען אַ רויטע מיט שוואַרצן און אַן אויפשריפט: „ערשטער אַנאַרכאָ־קאָמוניסטישער אָטריאַד". און די לאָזונגען זײַנען געווען: „פאַר דער סאָוועטישער מאַכט קעגן די ווײַסע און יאַפּאַנעזישע מיליטאַריסטן". מיר זײַנען געגאַנגען מיט זיי. אין פּאָליטיק האָבן מיר דעמאָלט ווייניק וואָס פאַרשטאַנען, דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט פון דער פּראַקטיק, ווען די אַנאַרכיסטן זײַנען אַריבער צו די באַנדיטן און צו די ווײַסע. גיין איז ניטאָ וווּהין. ניטאָ קיין קויכעס צו לײַדן און מילכאָמע האַלטן איז אויך קיין קויכעס ניטאָ. און אָט פאָרט טריאַפּיצין קיין מאַרינסקאָיע צום ווײַסן שטאַב. אייגער אַליין, אין אַ שליטן, בלויז מיט דעם אָנטרײַבער. דער וואַכמאַן שטעלט אים אָפּ: „שטיי, ווער גייט?", שטעלט ער זיך אויף אינעם שליטן און ענטפערט: „קאָמאַנדיר פונעם רויטן אַמור־ניקאָלאַיעווסקי פראָנט, טריאַפּיצין". באַם וואַכמאַן איז די ביקס פון דער האַנט אַרויסגעפאַלן. און ער גייט אַרײַן אינעם שטאַב. די אָפיצירן האָבן געטרונקען טיי, האָבן געהאַט אַ באַראַטונג. ער קומט אַרײַן: „איר זוכט טריאַפּיצינען? איך בין טריאַפּיצין". ער נעמט אַרויס דעם נאַגאַן און לייגט אים אַוועק אַפן טיש. „לייגט איר אויך אַוועק. מירן זיך דורכשמועסן". זיי לייגן אַוועק און זיי זיצן, זיי הייבן ניט אָן צו פאַרשטיין. זיי זײַנען אים מעכאַבעד מיט טיי — מען האָט אָפּגעטרונקען. פרעגן די אָפיצירן: „ווו זײַנען אײַערע זעלנער?" און ער זאָגט: „אָט וועל איך זיך דורכריידן מיט אײַערע זעלנער, וועלן זיי זײַן מײַנע". און די זעלנער קוקן שוין אין אַלע שפּאַלטן, שטעקן בײַ די פענצטער, טראָגן די קוילנוואַרפערס, וואַרפן פון זיך אַראָפּ דאָס געווער. און ער רופט זיך אָן צו די אָפיצירן: „גייט אײַך, די קראַפט איז מײַנע. אַלץ איינס וועלן די פאַרטיזאַנער צו אײַך אַ סאָף מאַכן". און ער גייט אַרויס, זעצט זיך אַרײַן אינעם שליטן און פאָרט צוריק. ער איז אָפּגעפאָרן דרײַ קילאָמעטער און האָט אַלץ געוואַרט מען זאָל אים נאָכיאָגן, מען זאָל אים אַ זאַלפּ נאָכשיסן. גאָרניט. און די אָפיצירן האָבן זיך טייקעף צוזאַמענגעקליבן און זײַנען אַנטלאָפן; מיט זיי עטלעכע זעלנער, איבערגעגעבענע צו די ווײַסגוואַרדייער. און די רעוואָלוציאָנער־געשטימטע זײַנען צו אונדז אַריבער מיט דער גאַנצער באַוואָפענונג און מיט דער גאַנצער אַמוניציע.

— אַ ריין שטיקל אַרבעט! — זאָגט יעפּיפאַנאָוו.

— געהאַט האָט ער אַ סעקרעטאַרן, אָדער אַ מין נאַטשאַלניק פונעם שטאַב — נינאַ. אַן אַוואַנטוריסטקע. אַ כיטרע פרוי, האָט געקענט ריידן. און האָט איר ליניע געפירט אומבאַמערקט און פלינק. קעדיי אָפּצורײַסן, הייסט עס, טריאַפּיצינען פון די קאָמוניסטן, פונעם סאָוועטישן וועג. זי האָט אים פאַרקירעוועט אַף איר באַנדיטישן וועג. גוטע ברידער האָט זי אים אונטערגערוקט... און אַנגעלאָפן איז זיך צו טריאַפּיצינען אַ פאַרשיידענער אוילעם. אויך לאַפּטאַ. אַ ספּירט־טרעגער, וואָס האָט געשמוגלט פון כינע. דערנאָך האָט ער געדינט בײַ קאַלמיקאָוון. דערנאָך זיך אַריבערגעוואָרפן צו די פאַרטיזאַנער. אַ פאַררעטער, אַ הינטישער זון! פון אָנהייב האָט ער סימולירט, געווונען צוטרוי, און ווען מען האָט געמוזט פאַרלאָזן ניקאָלאַיעווסק, האָט זיך אַרויסגעוויזן זײַן באַנדיטישער טאָך. ער האָט אונדזער פאַרטיזאַנישן קאָוועד אין שמוץ געוואָרפן, האָט קיינעם ניט געשוינט. מיר פירן מילכאָמע, מיר שוינען ניט דאָס לעבן און לאַפּטאַ מאַכט כאָרעוו אונדזערע פאַרטיזאַנישע היימען. אויך טריאַפּיצינען האָט ער דעם קאָפּ פאַרדרייט... און עפּשער

האָט דער אַנאַרכיסטישער גײַסט אין אים גענומען ריידן? איך ווייס ניט. נאָר ער האָט אונדז פּאַרקויפט...

קאַסימאָוו הייבט זיך האַסטיק אויף און גיט אַ פיר מיט זײַן טרוקענער מוסקולדיקער האַנט איבערן שטערן.

און מען לאָזט זיך גיין. די זון שטייט שוין הויך.

פונאַנדערשמועסן זיך געלינגט ניט. קאַסימאָוו ענטפערט פּאָשעט ניט אָף די פראַגן, ווי ער וואָלט זיי ניט הערן. ער שטעלט שנעלע שפּאַן. מיט שלאַנגישער בייגיקייט קריכט ער אַדורך די קוסטעס און די קאָמיוגיסטן דערוועגן זיך ניט אים אָנצוזאָגן — דער מענטש איז אינגאַנצן צערודערט.

זיי שמועסן צווישן זיך שטילערהייט — מען דאַרף אים פאַרבעטן צום פײַער, זאָל ער דערציילן פאַר אַלעמען. אַ שאָד, זעט ווי צערודערט ער איז... אַזויפיל איבערלעבן איז, נאַטירלעך שווער...

אַנדריי קרוגלאָוו שטעלט זיך ווידער אָפּ באַם בוים, וואָס דער שטורעם האָט אים אַרויסגעריסן, דערנאָך לויפט ער דעריאָגן קאַסימאָוון. ווען די איבעריקע קומען צו, רעדט שוין קאַסימאָוו:

— דאָס איז ריכטיק. די וואָרצלען דאָ זײַנען ניט קיין טיפע. פון איין זײַט האַקט אונטער די וואָרצלען און פון דער אַנדער זײַט ציט. מיר פלעגן אויך אַזוי טאָן.

ווען זיי קומען אַרײַן אין דאָרף, האָט ער זיך שוין געהאַט מיט אַלעמען געזעגנט, נאָר מיטאַמאָל קערט ער זיך אום, באַקוקט די קאָמיוגיסטן און, שווער צו זאָגן, מיט טרויער אָדער מיט פאַרדראָס, רופט ער זיך אָן:

— אָט אַזוי, כאַווײַרים אײַגענע! גייט דורך דעם גאַנצן קאַנט, איז ער דורכגעווייקט מיט פּאַרטיזאַנישן בלוט. אָן אונדז, וואָלט איר אויך דאָ ניט געווען...

ער הוידעט די קאַטשקעס און גייט אַוועק.

אָפּן צווייטן טאָג האָט אַנדריי קרוגלאָוו צום קאַרטשעווען אָנגעווענדט אַ צווייטן מעטאָד. די קאָמיוגיסטן פאַרטשעפּען מיט אַ שטריק דעם שפּיץ בוים און מיט אַ שטאַרקן ריס, ווי פון אַ שטורמישן ווינט, וואַרפן זיי אײַן דעם בוים אָן אַרויסגעריסענעם פון דער ערד מיטן וואָרצל.

און ווען מען האָט דורכגעפירט דעם ערשטן וועג דורך דער טײַגע, פאַר נעם דאָרף צום אָפּטייל, האָט מען אים באַערט מיט דעם פײַערלעכן נאָמען פראָספּעקט פון די רויטע פּאַרטיזאַנער.

XXI

אַ שטילע נאַכט. דער גאַנצער לאַגער שלאָפט. און מיטאַמאָל — ווי די אײַנגעשטאַנענע שטיקנדיקע לופט וואָלט אויפגעריסן. ווי דער הימל וואָלט זיך אָף פיצלעך צעפלויגן.

דער צעדונערטער קלאַפּ איז געפאַלן גלײַך אָף די געצעלטן, אָף די קעפּ פון די שלאָפנדיקע מענטשן. זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט אַלע מיטאַמאָל, נאַרבּיט פאַרשטייענדיק, אין דער פינצטער האָבן זיי זיך אָנגעשלאָגן איינער אָפּן צווייטן. אַ שטראָם ווינט האָט זיך דורכגעטראָגן און האָט פאַרריסן די פּאָלעס באַ די געצעלטן. און דורך די אָפענע אַרײַנגענג האָבן אַלע דערזען ווי דער הימל האָט מיט אָן עמעסן געפּלאַצט און זיך צעשפּאָלטן אין אַ קרום־געשלענגלטער ליניע. און באַלד דערויף האָט זיך דערהערט דער קראַך.

ווידער צעקנאַלט זיך אַ דונער. אַ בלענדיקער בלוילעך־ווײַסער בליץ צעשנײַדט דעם הימל און שטעכט זיך אַרײַן מיטן שאַרפן שפּיץ אין דער ערד.

ווען דער דונער שטילט זיך אײַן אָטעמען אַלע דערלײַכטערט אָפּ.

נאָר דאָס איז ערשט אָן אָנהייב. אויספירווונדיקע קלעפּ פֿאַר דער עמעסער שפּיל. די נאַטור צעשפּילט זיך ערשט איצט גאַנץ ערנסט. בלויע בליץ־שפּאַלטן פּאַסעווען אָן אויפהער דעם הימל און וואַרפן אַ פֿאַרבלײַלויפּנדיקן אָפּגלאַנץ אַף די ביימער, אַף די גרויע געצעלטן־שוואָמען, אַף די אומלויפּנדיקע געשטאַלטער פון די האַלב־נאַקעטע מענטשן. און נאָך יעדן פּאַכע פון אַ בליץ קומט אַ פֿאַרטויבנדיקע אויפטרייסלונג פון דער לופט, וואָס צווינגט דעם קאָפּ אָנצובייגן און זיך אײַנצוקאָרטשען קעדיי ניט דערדריקט צו ווערן, קעדיי ניט אָוועקצופאַלן.

לילקאַ ליגט איבערגעדעקט מיט אַ קישן און וויינט. זי צעקוויטשעט זיך יעדן מאָל ווען אַ בלויער פלאַם באַלײַכט אינעווייניק דאָס געצעלט. קאַטיאַ סטאַווראָוואַ פֿאַררײַסט איר נײַגעריק נעזל און קוויטשעט פון פֿאַרגעניגן:

— אוי איז דאָס אַ שטורעם! אוי אַ שיינקייט!

נאָר אויך זי נעמט מיד ווערן פון דער אָנשטרענגונג וואָס איז צעגאָסן אין דער אַטמאָספער, פון דעם קנאַלן, פון דעם בליצן וואָס בלענדט די אויגן.

ווידער טראָגט זיך מיט אימפּעט אַדורך דער ווינט. דערנאָך נאָך און נאָך. אַ בליץ באַלײַכט אַ פינצטערע קאָמפּאַקטע מאַסע, וואָס רוקט זיך אָן פון הינטער די ווײַטע סאָפּקעס. פון אָנהייב איז זי ווײַט — אַ כמאַרע ווי אַ כמאַרע. נאָר מיטאַמאָל שפּרייט זי זיך אויס אַף אַ האַלבן הימל און קומט אַלץ נעענטער. די שטראָמען ווינט ווערן אַלץ אָפּטער, פרישן אָפּ די לופט און טראָגן אַף זייערע פליגל דאָס געפיל פון ענדערונג.

— ס׳וועט זיך באַלד ענדיקן, — צעגענעצט זיך יעפּיפּאַנאָוו און קריכט ווידער אין געצעלט שלאָפן. נאָר אַ שטאַרקער ווינט־שטראָם גיט אַ ריס די לײַוונטער, רײַסט אַרויס ווו ניט ווו די פלעקער פון דער ערד און נעמט טראָגן די באַפרײַטע זעגלען.

— געוואַלד, מיר פליִען! — שרײַט וואַלקאַ בעססאָנאָוו און כאַפּט זיך אָן פאַרן צעווילדעוועטן זעגל.

די קאָמיוניסטן כאַפּן זיך פעסטער צוצובינדן די געצעלטן. בליצן באַלײַכטן זייערע אָנגעשטרענגטע הענט, זייערע אָנגעבויגענע רוקנס, זייערע אומרויִקע און לאַכנדיקע פּענעמער. די דונערן קנאַלן בייז איבער זייערע קעפּ.

לילקאַ לויפט אַרויס פונעם געצעלט און צעיאָמערט זיך אַפן גאַנצן קאָל. טאָניאַ, אַ קאָנצענטרירטע און פאַרשיקערטע פון קאַמף קלאַמערט זיך מיט די שוואַכע הענט אינעם ניט געהאָרכיקן לײַוונט און קעמפּט מיטן ווינט.

און דער ווינט קומט צופליִען אַלץ מעכטיקער, אַלץ אימפּעטיקער. די פינצטערע כמאַרע רוקט זיך אַלץ נעענטער... און מיטאַמאָל, נעמט גיסן דאָס וואַסער פון אויבן ווי ס׳וואָלט די הימלשע דאַמבע אײַנגעבראָכן. דאָס קען מען ניט אָנרופן רעגן — אַ קאָמפּאַקטע וואַסער־מאַסע, ניט אָפּצוהאַלטן, גיסט זיך אַף דער ערד. אין איין מינוט זײַנען אַלע דורכגעווייקט, פון קאָפּ ביז די פיס.

אַ מעהומע.

אַלע כאַפּן זיך אָנטאָן, די וואַליזעס ראַטעווען, די שטיוול, די קאָלדרעס. עמעצער זידלט זיך העפקערדיק אויס ווען זײַן געצעלט האַלט ניט אויס דעם וואַסער־דרוק און דעם ווינט און פאַלט אײַן אַפן קאָפּ פון די באַוווינער. די

קאָמיוגיסטן זײַנען מאַכטלאָז עפּעס צו טאָן, ציִען זיי אָן דעם זעגל־שטאָף איבער זיך אונטער אים אין אַ קופּע צונויפגעדרענגט, שפּאַסן און בייזערן זיך אונטער דעם געמיינזאַמען צודעק. דער דורכגענעצטער שטאָף שטעכט און קילט, פון די זײַטן בלאָזט דער ווינט און דאָס וואַסער פון אונטן רײַשט און כליאָפּעט.

און פון אויבן דאָס וואַסער גיסט, און די בליצן שלאָגן זיך קוים דורך דעם רעגן־פאָרהאַנג און פאַרבן אים אָפּ גרינבלעך־געל. און שטילט זיך אײַן דער דונער, לאָזט זיך הערן אַ נײַער שרעקלעכער גערויש. דער אַמור, אַ צערודערטער, רײַסט זיך, שיפּעט, קריכט אָפן ברעג אַרויף און שפּײַט מיט שוים.

די באַרזשע, ווו עס האָבן זיך באַזעצט די אָנפירער מיט דער בויונג, סקריפּעט אומעטיק און וויגט זיך אַף די כוואַליעס. מאַראָזאָוו כאַפּט זיך אויף, און עטלעכע מינוט הערט ער זיך אײַן. — צווישן איין דונער און דעם צווייטן, הערט זיך דײַטלעך דער אומרויִקער רוישן פונעם טײַך. מאַראָזאָוו האָט ליב שטורעם, אים פאַרכאַפּט דער שימער פון די בליצן וואָס באַלײַכטן די קאַיוטע. דערנאָך כאַפּט ער זיך מיט שרעק: „ס׳וועט פאַרטרינקען די אַרבעטס־אָפּטיילן. ס׳וועט שווער זײַן צו אַרבעטן...” און ער שפּרינגט מיטאַמאָל אויף, און נעמט זיך פיבערדיק אָנטאָן. די לאָדונג איז אָפן ברעג.

אָפן דעק שלאָגט ער זיך אָן אַף ווערנערן. די בליצן באַלײַכטן אַן אומגעוויינלעך צערודערטן, צעקרומטן און פאַרצווייפלטן פּאָנעם.

— אומקום... ס׳איז דער אומקום פון אַלץ! — קרעכצט אַרויס ווערנער און דריקט זיך די שלייפן.

יאָ, אָט קעגן דעם איז דער מענטש אוממעכטיק — רופט זיך אָן באַ דער זײַט גראַנאַטאָוו — זעט ווי שנעל דאָס וואַסער הייבט זיך.

מאַראָזאָוו פאַרבײַסט אַ ליפּ. יאָ, שווער דערמיט צו קעמפן. אויב די לאָדונג וועט אומקומען, איז עס אַן עמעסע קאַטאַסטראָפע... ווי־אַזוי וועסטו דאָס ראַטעווען?

— ס׳אַ ליגן! — כאַפּט ער אָן גראַנאַטאָוון פאַרן עק מאַנטל — גיב מיר גיכער אַהער דעם מאַנטל! ס׳קען ניט זײַן!

ער קײַקלט זיך אַראָפּ פון דער קלאַטקע, שטרויכלענדיק און גליטשענדיק זיך איבער איר, און לויפט צום געצעלט־לאַגער. די פיס זינקען אים אינעם אָנגעשוואָלענעם זאַמד, ס׳וואַסער קלאַפּט איבערן גומענעם מאַנטל, איבער דער קעפּקע, איבערן האַלדז. פון דער קעפּקע איז געוואָרן אַ נאַסע קאַלטע שמאַטע. דער מאַנטל שיצט אים ניט — ס׳וואַסער שטראָמט דורכן קאָלנער, אונטערן העמד. די פיס ווערן שווער און קלאַציק אין די דורכגעווייקטע פאַרליימיקטע שטיוול. נאָר מאַראָזאָוו לויפט. ער וויגט זיך שווער פון איין זײַט אַף דער צווייטער, כריפּעט און ציט אַרײַן דעם קאָפּ אין די אַקסלען, די אויפבליצונגען העלפן אים געפינען דעם וועג, נאָר ווען ער קומט צו צום לאַגער, דערקענט ער אים ניט: אָפן אָרט פון די געצעלטן — אַ קופּע זעגל־שטאָף, אויסגעווייקט, צעדרייט, פאַרגאָסן.

— יאַטן, די טאָקער־מאַשינען! — פאַרהייבט ער אַן עק באַם נאָענטסטן געצעלט — די מאַשינען זײַנען אָפן ברעג, קאָמיוגיסטן! ס׳וועט פאַרגיסן די מאַשינען!

די געצעלטן צערירן זיך, ס׳הייבן זיך אויף די פאַרוסינענע צודעקן. עס קוקן פון זיי אַרויס צעשראָקענע פּענעמער.

— די מאַשינען באַם ברעג! — לויפט מאַראָזאָוו פון איין געצעלט

צום צווייטן און שטעקט אַרונטער דעם קאָפּ אונטער די צודעקן. — ס'וועט פאַרגיסן די מאַשינען, יאַטן!

צו זײַן קאָל קומען צו אַנדערע:

— און דער צעמענט? דער צעמענט!

— און די קאַסטנס מיט גרויפּן!

— און דאָס מעל!

און פּאַשקאַ מאַטווייעוויטש אַלעמענס פּאַרטויבנדיקער קאָל:

— און די מאָטאָרן! מאָטאָרן! מאָטאָרן!

אַנדריי קרוגלאָוו גיט זיך אַ ריס צום ברעג. נאָר אין דער צײַט וואָס ער טיאַפּקעט איבעם וואַסער און גליטשט זיך איבער דער דורכגעווייקטער ליים צום ברעג צו, אייסעקן זיך שוין דאָרט צענדליקער געשטאַלטן און קאַליאַ פּלאַט שטייט ביזן גאַרטל אין וואַסער בײַ די פּאַרטרונקענע מאָטאָרן און שרײַט:

— שנעלער, כאַווײרים, אַלץ איז, צום טײַוול, פאַרגאָסן!

און ער דערזעט אויך ווערנערס אויסגעצויגענע געשטאַלט אין גומענע שטיוול און אין אַ זידוועסטקע. ווערנער שלעפּט זיך בײַם ברעג, זינקט איבעם זאַמד און קוקט אַ פאַרצווייפלטער אַף זײַנע רײַכקייטן וואָס קומען אום אין וואַסער.

און איבערן אָפּגעהאַקטן באַרג אַראָפּ לויפן און יאָגן זיך איבער אַלץ נײַע און נײַע וואָלונטירן. קיינער באַפעלט ניט, קיינער פרעגט ניט וואָס ער זאָל טאָן. די אויפגאַבע איז אַלעמען קלאָר און קלערן איז קיין צײַט ניטאָ. דער ווינט טרײַבט די כוואַליעס צום ברעג, דאָס וואַסער שטראָמט אומ־אויפהערלעך. בײַם ברעג שטייען די סאַראַיעס, ווו די מענטשן וווינען. די מענטשן קאָמיוגיסטישע, ניט פרעטענציעזע און פאַרשטענדיקע, לויפן אויך אַרויס צום ברעג. אַלע הייבן זיי, טראָגן אַף זיך, שלעפּן אין די סאַראַיען און צו די סאַראַיען, רערן, מאַשינען, קאַסטנס און זעק. דער אַרויפגאַנג איז ליימיק און אָפּגעהאַקט און מענטשן פאַלן און שלאָגן זיך אָן און זינקען איבעם ליים, נאָר קיינער גייט פונעם ברעג ניט אַוועק.

דערנאָך, ווען מען נעמט זיך פונאַנדערקלײַבן אין די באַגאַכטיקע גע־שעענישן, קענען די קאָמיוגיסטן ניט פעסטשטעלן ווער וואָס האָט געטאָן. מען האָט געזען מאַראָזאָוון שלעפּן אַף זיך אַ טאָקער־מאַשין זײַט בײַ זײַט מיט יעפּיפאַנאָוון. בעססאָנאָווס בריגאַדע, וואָס האָט אַרויפגעשלעפּט מאָ־טאָרן, האָט דערציילט, אַז מאַראָזאָוו איז געווען מיט זיי. קאַטיאַ סטאַוראָוואַ, וואָס האָט געטראָגן זעקלעך צעמענט, האָט פאַרזיכערט, אַז מאַראָזאָוו האָט אַ גוטע שאָ צײַט געטראָגן מיט זיי צעמענט. ניט אַנדערש, ער איז אייב־צײַטיק געווען אומעטום. און דאָס האָט ער זיך געוואָרפן, ווי ער שטייט און גייט, אין וואַסער ראַטעווען אַ פאַרגאָסענעם אינסטרומענט, און נאָך אים זײַנען שוין אַרײַנגעשפּרונגען אַנדערע.

— אָט האָט איר אײַך אויך ראָמאַנטיק! — שרײַט ער צו די קאָמיו־גיסטן — ווער פון אײַך האָט ליב אַוואַנטורעס? אַהער צו מיר!

טאַראַס איליטש איז צוגעקומען צום ברעג אינעם סאַמע ברען פון דער אַרבעט. אַ ווײַלע בלײַבט ער שטיין אַפּן בערגל און באַטראַכט דאָס פײַער־לעכע און טרויעריקע בילד אַ באַלויכטנס פון די בליצן. זײַן מאָגערע גע־שטאַלט טראָגט זיך דורך איבערן ברעג און פאַרשווינדט. גרישאַ איסאַקאָוו האָט דאָס באַמערקט און ער טראַכט זיך פאַרדראָסיק: „געגאַנגען זיך אָפּ־

טריקענען". נאָר אין אַ שאָ אַרום טרעפֿט ער זיך אָן מיט טאַראַס איליטשן באַם ברעג. טאַראַס איליטש סאָפּעט און שפּײַט און שלעפּט פֿונעם וואַסער קאַסטנס מיט עלעקטרישע מאַכשירים.

— ער איז בייז אַף אײַך! — ווײַזט טאַראַס איליטש אַפֿן הימל און שמייכלט — און מען קען ניט וויסן צי ער שפּאַסט צי ער זאָגט עס אין ערנסט.

טאַניאַ וואַסיאַיעוואַ טרעפֿט אין סאַראַי גאַליצינען. סערגיי שטייט אַ באַרוועסער אַף דער ערד און גיסט אויס דאָס וואַסער פֿונעם שטיוול. ער ווייס אַז ס'איז נאָך ניט צײַט אָפּצורוען און זיך אָפּצוטריקענען. נאָר ער פֿילט זיך אַזוי שלעכט אינעם נאַסן אָנטאָן, אין די שטיוול מיט וואַסער אונטער דעם שלאַקס־רעגן אַפֿן שנײַדיקן ווינט.

— וואַרעמסט זיך? — זאָגט טאַניאַ אַ פֿרײַנטלעכע ווען זי וואַרפֿט אַראָפּ דעם זאַק פֿון די פּלייצעס און אָטעמט שווער אָפּ.

נאָר סערגיי איז בייז אַף זיך, און דעם מיידלס אַרײַנקומען מאַכט אים ווילד — פּונקט דאַרף עס איר אָנטראָגן אין אַ מינוט פֿון זײַנער אַ שוואַכקייט.

— טרעט אָפּ! — גיט ער אַ מרוקע און גיט אַ טרייסל פֿאַר איר גאָז זײַן דורכגענעצטן רעקל.

טאַניאַ איז צופֿיל גאָס זי זאָל פֿילן די שפּריצן וואַסער, נאָר סערגייס גראָבקייט באַמערקט זי און זי פֿאַרשטייט אַז ער באַהאַלט זיך אויס אין סאַראַי אַף ניט צו אַרבעטן.

— איידל געצאַצקעטער, — וואַרפֿט זי אים פֿאַראַכטלעך צו — גיי בעט זיך צו דער באָבען אַפֿן אויוון.

און זי לויפֿט אַוועק.

סערגיי לויפֿט אַרויס אַפֿן ברעג, כאַפּט זיך צו פֿאַרביסן פֿלײַסיק צו דער אַרבעט און האָפֿט אַלץ זיך אָנצוטרעפֿן מיט טאַניאַן באַם ברעג, זי זאָל זיך שעמען. נאָר אין זעם ווירווער און פֿינצטערניש אונטער דעם גאָס אין שווער זיך אָנצוטרעפֿן.

און דער רעגן שמײַסט מיט שנײַדיקע שטראָמען און די ערד איז אָנגעזעטיקט מיט וואַסער ביז עס גייט מער ניט אַרײַן — שווער די פּיס אַרויסצושלעפּן פֿון דעם געקנייט. און דער ווינט רײַסט זיך אַלץ פֿאַרויס און יאָגט די קאַלטע כוואַליעס אַפֿן ברעג. באַכן וואַסער, פֿונעם הימל, פֿון די ברעגעס, פֿון אַלע וואַסער־פֿאַלן און באַרג־טײַכן שטראָמען צום אַמור. און דער אַמור ידט און וואַרטשעט און קריכט פֿאַראָקשנט פֿון די ברעגעס אַרויס.

די סאַראַיעס נעמען אין זיך ניט אַרײַן אַפֿילע אַ העלפֿט פֿון דער לאַדונג. טײַערע מאַשינען שטייען אונטערן אָפֿענעם הימל. קאַליאַ פֿלאַט דרייט זיך אַרום זיי מיט פֿאַרביסענע ליפּן.

דעמאָלט פֿאַלט קלאַוואַן אײַן אַ גליקלעכער געדאַנק: אויסניצן די געצעלטן אַף אײַנצודעקן מיט זיי די מאַשינען און אַנדערע לאַדונג. זי קריכט מיט באַרוועסע פֿיס אין וואַסער־גריבער, אַ קויטיקע, אַ נאַסע, אַ פֿאַרסאַפּעטע און ברענגט צו שלעפּן פֿונעם לאַגער אַ שווערן קנויל זעגל־שטאָף.

באַ די סאַראַיען גליטשט זי זיך אויס און פֿאַלט שיר ניט אַראָפּ פֿונעם אָפּגעהאַקטן ברעג. עמעצנס הענט כאַפּן זי אונטער. זי זעט זיי ניט, נאָר זי פֿילט עמעצנס הענט. זי פֿאַרהאַלט זיך אין דער אומגעריכטער אומאָרעמונג און פֿאַרמאַכט די אויגן פֿון מידקייט און גליק.

אַ בליץ לײַכט אויף און קלאַוואַ דערזעט קרוגלאַווס נאַסן באַלעבטן פּאַ־

נעם. און ער דערזעט קלאָוואָס נאָסן צאַרט־שמייכלענדיקן פּאָנעם. אַ דונער צעקנאַלט זיך. קלאָוואַ דריקט זיך צו מיט דעם גאַנצן גוף צו קרוגלאָוון, אירע ליפּן גראָבן זיך אײַן אין זײַן נאַסן העמד. איבער זיי גיסט דער רעגן. קלאָוואַ רוקט זיך אָפּ.

— אַ דאַנק, אַנדריושאַ!

זי לויפט ווײַטער, אַן אײַנגעבויגענע אונטער דער לאַסט פונעם זעגל־שטאָף. זי לאַכט צו זיך אַליין. זי האָט ליב, נאָר זי ווייס נאָך ניט, אַז פאַראַן איז אויך ליבע אָן פרייד.

דער באַגינען פאַרלירט זיך לאַנג הינטערן פינצטערן וואַסער־טוך, דאָך שלאָגט ער זיך דורך. אַ בלייכער פרימאָרגן גייט אויף. ער באַלײַכט דעם שרעקלעכן קורבן, וואָס דער שטורעם האָט מיט זיך געבראַכט: קימאַט אַלע געצעלטן זײַנען אַראָפּגעריסן, און די רעשטן פון זייערע באַזעס שטעקן פון־נעם וואַסער אַרויס, ווי קאַרבאַנעס פון אַ שיפסבראָך. באַם ברעג, צווישן די סאַראַיעס און גלײַך אויף דער גאַס זײַנען קופּעסווײַז אָנגעוואָרפן קאַסטנס, מאַטאָרן, טאַקער־מאַשינען, בינטן שטריק און קאַבלען, זעק, רערן. די מאָ־טאָרן און די מאַשינען דערקענט מען פון די פאַרעמלאַזע בלאַקן וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר אונטער די בריזענטן. אין די סאַאַריעס און בעדער זײַנען אָנגעהויפנט קאַסטנס און אונטערגענעצטע זעק. דער צעמענט־שטויב איז אָפן פאַל פאַרוואַנדלט אין אַ צעמענטענער קאָשע.

אָפן ברעג אַרבעט מען נאָך. פאַרמאַטערטע מענטשן ביזן גאַרטל אין וואַסער, שלעפּן אַרויס פאַרטרונקענע רערן. מוטנע צעשוימטע כוואַליעס זידן אַרום זיי. מיט אָנגעבויגענע קעפּ, קעדיי די פּענעמער צו שיצן פון ווינט און רעגן, טאַפּן אָן די מענטשן אַ רער אָפן גרונט, שלעפּן אים אַרויס פאַר אַן עק און, לויפנדיק, קעדיי זיך צו דערוואַרעמען, טראָגן זיי אים אָפן בערגל אַרויף. און ווידער מיט אָנגעבויגענע קעפּ, גליטשן זיי זיך אַראָפּ פונעם ליימיקן באַרג, קעדיי זיך צום הונדערטסטן מאָל אונטערצוטונקען אין דעם אײַז־קאַלטן וואַסער...

צווישן זיי גראַנאַטאָוו, אַ בלייכער און פאַר דער נאַכט אָפּגעצערטער. זײַנע דינע הענט זײַנען בלוי געוואָרן און ווי שלאַנגען אויף זיי, רויטע שראַמען.

זײַט באַ זײַט מיט אים, גיט זיך ניט אונטער טאָניאַ. זי איז בעשום אויפן ניט מאַסקים אָפּצולאָזן די מענערישע אַרבעט, וואָס איז ניט פאַר אירע קויכעס. פון צײַט צו צײַט באַפאַלט איר אַזאַ מידקייט, אַז איר גלוסט זיך שוין אָפן אָרט אַוועקצופאַלן און אײַנצושלאָפן. נאָר זי האַלט זיך אײַן, זי ווענדט אָן איר ווילנסקראַפט און די אויגן ברענען איר מיט שטאָלץ. זי קוקט אויף גראַנאַטאָוון מיט איבערגעגעבנקייט און אַנטציקונג. אין דער נאַכט, דוכט זיך איר, האָט זי זיך פאַרדינט דאָס רעכט צו שטיין אין איין ריי מיט אים אַלס כאַווער.

די קאָמיוגיסטן לויפן זיך צונויף אינעם עס־זאַל, אין ביוראָ, אין די בעדער, אויף די בוידעמער, אין די היי־קאַמערן. איינער אַ צווייטער פרוווט זיך אײַנאָרדענען אין די גאַנץ געבליבענע געצעלטן, נאָר די פײַכטקייט און די קעלט טרײַבן זיי אַרויס זוכן אַ בעסער באַהעלטעניש.

קאַליאַ פלאַט און אַנדערע מעכאַניקער באַקוקן און ווישן אַרום די טאָ־קער־מאַשינען.

קרוגלאָוו און אַנדערע קוקן דורך און ווישן אַרום די עלעקטרישע מאַכ־שירים.

די טעסלערס מאָביליזירן די מיידלעך און שיטן אָן פּאָר זיי אָפּן פּאָל די צוועקעס פון די גאַס־געוואָרענע קאַסטנס. מען זידלט זיי און מען טרײַבט זיי. פּאַראַן בילכערע זאַכן צו ראַטעווען. גאָר די טעסלערס אַקשענען זיך:

— אַ פאַרזשאַווערטער צוואַק איז ערגער ווי דער טויט. פּרוווט איר אַרבעטן, וועט איר וויסן.

און די מיידלעך פרייען זיך מיט דעם וואַרעמען און טרוקענעם אָרט. זיי צעהענגען זייערע זאַקן און קליידלעך, הילן זיך אײַן אין זייערע רעק און קאָלדרעס און ווישן פריילעך און אָן ראַכמאָנעס די צוועקעס.

מאָראַזאָוו לאָזט זיך אַוועק אַ וואַקלדיקער דורכן דאָרף און דערקלײַבט זיך צו דער באַרזשע. פּאַמעלעך קלעטערט ער איבער דער קלאַטקע. אין דער קאַיוטע ווישט אויס די אויפּראַמערן דאָס וואַסער וואָס האָט אַרײַנגערונען דורך דער סטעליע.

— פונדעסטוועגן בײַגעקומען — כריפּעט אַרויס מאָראַזאָוו און קעדיי נִיט צו שטערן דער אויפראַמערן, זעצט ער זיך אַוועק אָפּן ראַנד בעטל בײַ דער טיר, און שפּאַרט זיך צו צו דער וואַנט. אין אַ מינוט אַרום שלאָפט ער שוין.

די אויפראַמערן פּרוווט אים אַראָפּציִען די שטיוול, נאָר פונעם וואַסער זײַנען זיי אָנגעשוואָלן און גייען ניט אַראָפּ. זי דעקט אײַן מאָראַזאָוון מיט אַ קאָלדרע און גייט שטיל אַרויס.

צו מיטאָג נעמט זיך אויסלײַטערן. דער גרויער רעגן־פּאַרהאַנג רוקט זיך אַוועק אַף מיזרעך. איבערן באַנײַטן הימל שווימען שוין ווײַסע דורכזיכטיקע וואָלקנדלעך. אַ הייסע זומערדיקע זון באַטאַפּט די נאַסע ביימער, די נאַסע הײַזער, די נאַסע ערד, די נאַסע מענטשן. און ווי איז שוין די פאַרמאַטערטקייט, די גערייצטקייט, די צעפּיבערטקייט פון קעלט און ניט שלאָפן!

מיט געשרייען, מיט געלעכטערס, מיט שפּאַסערײַען איז אַף דער גאַס אַרויס די פאַרנעצטע באַפעלקערונג פון דער צוקונפטיקער שטאָט. אַלע צוימען און פלויטן, אַלע קוסטעס זײַנען פילפאַרביק באַהאַנגען מיט הויזנס און העמדער, מיט האַנטעשעס און קאָלדרעס, אַף די גאַניקעס און אַף די פּריזבעס זײַנען אויסגעשטעלט שטיוול און שטיוועלעך, טופליעס און לאַטשן. נאַקעטע פלייצעס גאָלדיקן זיך אַף דער זון.

און אָט טראָגט זיך אַ רוף איבער דער גאַס:

— זיך באָדן!

מען פאַרגעסט די ניט אָנגענעמע באַנאַכטיקע איבערלעבונגען און — בוך! בוך! — די פאַרשמירטע באָכערים אין ליים, אין מעל און אין צעמענט שפּרינגען אין וואַסער אַרײַן. דאָס וואַסער איז מוטנע און קאַלט, נאָר דעם קויט וואַשט עס אָפּ און אײַנאײַנעם דערמיט אויך די פאַרמאַטערטקייט, און עס ווערט מיטאַמאָל הייס און פריידיק. — אָט האָסטו דיר אַ שטורעם, אַ וואָלקנבראָך, אַ שלאָפלאָזע נאַכט! און די טײַערע לאָדונג איז געראַטעוועט, און ניט שווער איז די געצעלטן אויפצושטעלן, און אויסצושלאָפן זיך וועסטו קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן... און דאָך איז דער אָמור שיין, און דער ווײַטער מיזרעך איז אַ זעלטענער קאַנט. גאָרניט קיין שפּעטנער שטורעם געווען, און געאַרבעט האָט מען אַף כידושים. און ס'איז קעדײַ געווען אַהער צו קומען, אַפילע בלויז קעדיי אָנצוקוקן אַזאַ ווילדן, אומדערהערטן שטורעם.

## XXII

קאַטיאַ סטאַוראַוואַ איז אויפֿגעשטאַנען זייער פֿרי. די פֿרימאָרגן־פֿרישקייט רײַסט זיך אַרײַן אין דער שטיקנדיקער לופֿט פֿונעם געצעלט דורך אַלע שפּאַרונעס. דורך די שפּאַרונעס רײַסט זיך אַרײַן אויך די פֿריילעכע שײַן. צס שמעקט מיט טײַגע.

קאַטיאַ שפּרינגט אויף, זי טוט זיך אָן אַף שנעל און רוקט זיך אַרויס פֿונעם געצעלט. און, אַך, ווי ריין און פֿריש עס איז די לופֿט, ווי גוט די טײַגע איז אין דער פֿרי׳ער שאָ.

דורך די געדיכטע בלעטער שלאָגן זיך דורך רויטלעכע זון־שטראַלן. אַ ווינטל ציט פֿונעם אַמור און וויגט לײַכט די בלעטער און ליכט־פֿלעקן לויפֿן אום ווי לעבעדיקע. אַ סאַמעטן באַבעלע פֿליט אום פֿון בלאַט צו בלאַט, מיט דעם לאַנגן ציינגעלע אין דרויסן און די פֿליגעלעך פֿאַר מוירע צונויפֿגענומען. פֿאַרבײַ קאַטיאַס פֿיס קריכט אַ שוואַרצער זשוק מיט לאַנגע וואַנצעס. ער גיט אַ קוק אַף קאַטיאַס שוך, צעהודיעט זיך און פֿליט אַוועק מיט זײַנע צעלאָזטע שוואַרצע פֿליגעלעך. קאַטיאַ קוקט אים נאָך — ער פֿליט ווי שטייענדיק, מיט זײַנע אַרויפֿגעהויבענע שוואַרצע וואַנצעס.

פֿון דער טײַגע לאָזט זיך הערן אַ סקריטשען, אַ שאַרכען און אַ שטילער געפֿליסטער.

קאַטיאַ ציט זיך אויס, צעוואַרפֿט די הענט און זיפֿצט גליקזעליק אָפּ (ווער וואָלט איצט געגלייבט אַז ס'איז געווען אַמאָל אַ סטאַראָסלאַבאָדסקאַיאַ גאַס, אַ סטאַיקע, מיט אוגערקעס אָן אַ סאָף, און אַ מאַן?)

פֿאַרזיכטיק טרעט זי אַף די פֿולע בלעטער, אַף דעם יונגן גראָז, אַף די טרוקענע צווײַגלעך. שפּאַן נאָך שפּאַן פֿאַרגייט זי אַלץ ווײַטער פֿונעם לאַגער אין דער טײַגע אַרײַן, און די טײַגע נעמט זי אַרום און איר אויער נעמט אויף זײַן געהיימען אומפֿאַרשטענדלעכן געפּלוידער.

זי באַריִרט די גלאַנציקע טויִק־פֿײַכטע בלעטער, זי בייגט זיך איבער די מאַכיקע גרודקעס און רײַסט די פֿלײַסיקע מוראַשקעס מיט אַ שטעקעלע און פֿאַרשטעלט זיי דעם וועג.

לאַנג קוקט זי אַף די ריזיקע שטאַמען, אײַנגעוואַלגערטע פֿונעם שטורעם. די אָפּגעטריקנטע וואָרצלען זײַנען צעקרומט, קנופּיק איבערגעפּלאָכטן, און פֿלאַך — ניט פֿאַרטיפֿטע אין דער ערד, נאָר צעשפּרייטע איבערן אייבערשטן ערד־שיכט. דערפֿאַר אויך האַלטן זיי ניט אויס דעם שטורעם! קרוגלאַוו וואַרפֿט אום די ביימער פּונקט ווי דער שטורעם, — אינאײנעם מיט די וואָרצלען. יעדן בוים ציִען פֿון זעקס ביז אַכט מענטשן. ווי שטאַרק מוז זײַן דער קויעך פֿונעם ווינט? קאַטיאַ שוידערט און שטעלט זיך פֿאָר דעם באַנאַכטיקן גערויש פֿון דער טײַגע, ווי עס פֿײַפֿט דער בוים וואָס פֿאַלט אונטערן אָנדרוק פֿונעם ווינט און דאָס קראַכן און סקריפּען און קנאַלן פֿון די פּלאַצנדיקע וואָרצלען.

זי טאַפּט אָן די טויטע צווײַגן פֿון אַ פֿאַרטרוקנטן בוים: זיי האָבן נעבעך געוואָלט לעבן, נאָר פֿאַר זיי האָט שוין קיין זון ניט געסטײַעט.

באַבעלעך פֿליִען פֿאַרבײַ. זי בלײַבט שטיין אַף אַן אָרט און האַלט אײַן דעם אָטעם קעדיי זיי ניט איבערצושרעקן.

ערגעץ אַן אַ זײַט האָט אַ צווײַגל אַ קנאַק געטאָן. זי צעעפֿנט ברייט די שוואַרצאַפּלען און קוקט זיך שטיל אײַן אינעם האַלב־טונקל פֿון דער טײַגע.

צי וועט ניט דאָרט פון הינטער דער געדיכטעניש אַרויסשפּרינגען אַ שלאַנקער געפלעקטער הירש, מיט שפּירעוודיקע נאָזלעכער, מיט געבויגענע שטאַרקע הערנער, מיט אויגן פון אַ מיזרעכדיקער שיינהייט.

זי גייט ווײַטער און איר פאַרדריסט שוין ניט וואָס קיין הירש איז ניט אַרויסגעלאָפן. אַלץ איז פאָרויס: עס וועלן נאָך זײַן הירשן, און בערן, און זיכער אויך טיגערס... די טײַגע איז דאָך אירע, און אַלע צוויי און צוואַנציק סוידעס וועלן פאַר איר אַנטפּלעקט ווערן...

— אײַ־אײַ! — צעשרײַט זי זיך קעדיי צו דערהערן דעם ווידערקאָל.

די טײַגע ענטפערט איר מיט אַ פאַרענדערטן קאָל, פון ווײַט, זי ווייס ניט פון וואַנען.

פון אויבן פאַלט אַראָפּ אַ צווײַגל.

אַ פויגל האָט זיך צעשריגן, זי ווייס ניט וואָסערער.

קאַטיאַ ברעכט יונגע צווײַגלעך. די פײַכטע בלעטלעך און די קאָרע שמעקן שאַרף, געשמאַק, אומגעוויינלעך, ווי נאָר זיי קענען שמעקן פרילינגצײַט, אין אַ ווונדערלעכן פרישן פרימאָרגן, אין אַן אומבאַקאַנטן וואַלד. זי גראָבט אײַן דאָס פּנים אין די שמעקעדיקע צווײַגלעך, זי אָטעמט אײַן אומדערזעטיקט זייער רייעך און צעזינגט זיך פלוצים — קוים מען הערט, פאַר זיך.

נאָר די טײַגע אַרום איר איז אַזאַ אײַנגעטראַכטע, אַזאַ געהאָרכיקע און אַזאַ שפּירעוודיקע... און קאַטיאַ נעמט זינגען העכער, שוין ניט פאַר זיך, נאָר פאַר איר, פאַר דער טונקעלער געדיכטעניש, פאַר די העלע פלעקן זון אויף די קרויזנען, פאַר די יונגע ווערבע־צווײַגלעך, פאַר די מאָכיקע גרודעס ערד, פאַר די פייגל, פאַר די הירשן, וואָס געפינען זיך מעגלעך ערגעץ דאָ דערנעבן, אָט דאָרט אָדער דאָ, עטלעכע שפּאַן פון דאַנען, פאַרמאַסקירטע מיט אַ בוים־קאָליר. זי זינגט וואָס עס לאָזט זיך, אומגעטראַכט — אַ מין ווילדע מעלאָדיע אויף די ניצאָכן־ווערטער פון אַ דעראָבערער...

און מיטאַמאָל בלײַבט זי אַ פאַרשטאַרטע אויפן אָרט.

פאַר איר קנאַקן און טיאָווקען שווערע טריט.

אַ הירש? אַ בער? אַ טיגער?

זי דערשרעקט זיך ניט. ניין. זי ווייס וואָס מען דאַרף טאָן ווען מען דערזעט אַן אָראַנזש־קאָלירטן רוקן אָדער גרינלעכע קעצענע אויגן גלאַנצן פון צווישן טונקעלע קוסטעס. מען דאַרף נאָר זיך ניט רירן פונעם אָרט און אויסשרײַען די ווערטער, וואָס דערסו אוזאַלאַ האָט זיי געקענט: „אין טײַגאַ אָרט אַ סאַך. מײַנע דײַנע ניט ריר, גיי, גיי, גיי!" נאָר שרײַען דאַרף מען פרייִלעך, ווי צו אַ פרײַנט. און די כאַיע וועט אַוועקגיין. עס וועט זײַן אַ ביסל שרעקלעך, אַפילע זייער שרעקלעך, נאָר די כאַיע וועט ניט אָנרירן...

קאַטיאַ כאַפּט אַרום מיט די הענט אַ בערעזע־ביימל און וואַרט. די בערעזע איז אַזאַ פרײַנטלעכע, אַ וואַרעמע, אַ קלעפּיקע, און שמעקט מיט שוואָמען און מיט טריף. און דאָס לעבן איז אַזוי וווּנדערלעך, דאָס לעבן קען זיך ניט ענדיקן גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן... „אין טײַגאַ אָרט אַ סאַך. מײַנע דײַנע ניט ריר, גיי, גיי, גיי!" און די כאַיע וועט אַוועק. נאָר דאָס קנאַקן פון די צווײַגן און דאָס טיאָווקען פונעם מאָך און דאָס שאָרשקען פון די צעבומענע צווײַגן ווערט אַלץ נעענטער. ס'האַרץ קלאַפּט שטאַרק, אַזוי שטאַרק, אַזוי שטאַרק אַז די שלייפן נעמען ווײ טאָן... „אין טײַגאַ אָרט אַ סאַך..."

פֿון הינטער אַן אײַנגעוואַלגערטן בוים באַװײַזט זיך אַ הויך היטל, דערנאָך אַ רויכל פֿון אַ פֿײַקע, און אָט זעט מען שוין דעם מענטשן — אַן אַלטער, אַן אָפּגעריסענער, אין זומפּ־שטיוול מיט צוגעטריקנטער בלאָטע, די פֿײַקע אין אַ ווינקל פֿונעם אָנצייניקן מויל.

— גוט־מאָרגן, זיידע! — שרײַט קאַטיאַ.

— גוט־מאָרגן, מיידל! — ענטפֿערט ער און גייט פּאַמעלעך אַקעגן קאַטיאַן און באַקוקט זי פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. קאַטיאַ באַקוקט אויך דעם אַלטן — אין דאָרף האָט זי אַזעלכן ניט געזען.

— פֿון וואַנען האָט איר זיך גענומען, זיידע? — פֿרעגט קאַטיאַ.

דער אַלטער הייבט אויף די ברעמען און קוקט אַף קאַטיאַן. אַ פֿריילעך פֿײַערל װײַזט זיך באַ אים אין די אויגן. נאָר לאַכן לאַכט ער ניט. וואָגיק און ניט געאײַלט זאָגט ער:

— די טײַגע איז גרויס, אָרט וועט קלעקן... די כאַיע איז דאָ פֿרײַ, דער פֿויגל פֿרײַ. דער מענטש... יעדן גאַסט נעמט זי אויף אַלץ איינס... נאָר זאָל דער מענטש זאָגן — מײַן טײַגע! — וועט די טײַגע שטאַרק נעקאָמע־נעמען... אוי, ווי שטאַרק!

— ווײַנט איר, הייסט עס, טאַקע אין דער טײַגע? — שטייט קאַטיאַ אַ פֿאַרשטאַרטע.

און סײַ דער אַלטער, און זײַנע מאָדנע ווערטער, און זײַן פֿאַררייכערטע פֿײַקע, און די פֿאַרבלאַטיקטע שטיוול, רופֿט אַרויס באַ איר דערעכערעץ און אַ ציטער פֿון אַנטציקונג. איצט איז שוין קיין ספֿק ניט — ער איז אַ מענטש פֿון ד אָ ר ט ן, אַ טײַגע־מענטש. אַ רוסישער דערסו אוזאַלאַ...

— און פֿון וואַנען ביסטו? — פֿרעגט דער אַלטער און קלאַפּט אויס זײַן פֿײַקע אין דער בערעזע, אינעם ביימל וואָס האָט געזאָלט שיצן קאַטיאַן פֿונעם טיגער.

קאַטיאַ דערציילט אים גערן וועגן זיך, וועגן דער בויונג, וועגן די קאָמיוגיסטן.

— מענטשן האָבן געזאָגט, — באַשטעטיקט דער אַלטער מיט קאַרגע ווערטער און קוקט זיך ווידער אײַן אין קאַטיאַן — און דו ביסט דאָ מיטן מאַן?

קאַטיאַ טרייסלט פֿאַרוווּנדערט מיטן קאָפּ. מיט ברען קלערט זי אויף דעם אַלטן, אַז זי איז געקומען בויען, גלײַך ווי אַלע, אַז זי איז זעלבשטענדיק. דער אַלטער פֿאַררייכערט מיט אַ ניט דורכדרינגלעכן פּאָנעם. און אַזוי אויך האָט עס געמוזט זײַן. טײַגע־מענטשן מוזן זײַן שווײַגנדיקע, שטרענגע, אײַנגעהאַלטענע.

קאַטיאַ פֿאָרשט אַן אַנטציקטע דעם ערשטן טײַגע־מענטש.

— און איר, וווּהין גייט איר?

דער אַלטער באַהאַלט די שוועבעלעך, פֿאַרציט דעם רויך, װײַזט מיטן קאָפּ צום דאָרף און פֿרעגט מיט אָפֿענער טאַדלונג:

— און דו, פֿאַרוואָס גייסטו איינע אַליין? האָסט גאָר קיין מוירע ניט?

— וואָס דאַרף איך מוירע האָבן? איך האָב פֿאַר גאָרניט קיין מוירע — זאָגט קאַטיאַ. זי האָט קיין ליגן ניט געזאָגט, זי האָט זיך פּאַשעט פֿאַרגעסן אָפֿן טיגער.

— פֿאַר אַ כאַיע דאַרף מען מוירע האָבן, פֿאַר דער טײַגע מוירע האָבן, פֿאַר אַ מענטשן מוירע האָבן — זאָגט פּאַמעלעכן דער אַלטער, — ערגער ווי אַלץ דאַרף מען מוירע האָבן פֿאַר אַ מענטשן. וועסט עלטער ווערן, טעכ־

טערל, ווערסטו זיך דערוויסן: דאָס שרעקלעכסטע איז דער מענטש. אַ מענטש אַ מענטשן איז אַ סוינע. אַ מענטש טראַכט אויס זאַכן, און בויט, מאַכט פײַער, ניט צוליב דעם צווייטן, נאָר אים צו שעדיקן, אַף טויט, אַף אומקום...

קאַטיאַ הערט אויס און דערוועגט זיך ניט ענטפערן. מעגלעך ער זאָל איר איצט אַנטפּלעקן די פאַרבאָטענע געזעצן פון דער טײַגע, שרעקלעכע און פינצטערע געזעצן, וואָס איר און אַנדערע — אַלעמען, אַלע קאָמיוגיסטן, שטייט פאָר זיי אומצובײַטן, זיי איבערצומאַכן אַף פרייַלעכע און ליכטיקע.

— און איר ווי וווינט איר... אין דער טײַגע? — פרעגט זי שטיל און ווײַזט מיטן קאָפּ אַף דער געדיכטעניש פון די ביימער.

ער גיט אַ פינטל מיטן אויג, ציט אַן די שטיוול, וואַרפט אַרויף דעם זאַק אַף די פלייצעס און זאָגט מיט צערטלעכקייט אין קאָל:

— ביסט אַ ווױלינקע. נאָר יונג. אַ שאָד.

קאַטיאַ ציטערט, זי ווייס אַליין ניט פאַרוואָס. דער אַלטער גייט ווײַטער, ער רופט זי ניט, נאָר זי גייט אים נאָך אין דאָרף אַרײַן. ער גייט שטיל, קוים ער שטעלט אַ פוס.

— איך זײַט מיד. עפּשער וועט איר אַרײַנגיין צו אונדז? — פרעגט זי ווען עס באַווײַזן זיך שוין די לײַוונטער פון די געצעלטן.

דער אַלטער שטעלט זיך אָפּ און פרעגט זי:

— ווי רופט מען דיך?

— קאַטיאַ. סטאַוראָווא.

— גיי, קאַטיאַ, איכל קומען צו דיר. איכל קומען אין אָוונט ווען די זון וועט פאַרגיין הינטער די סאָפּקעס. איכל דיר דערציילן ווי מענטשן לעבן.. איכל אַ סאַך דערציילן... ווי דער בער לעבט. ווי דער פויגל לעבט. ווי דער מענטש האַרגעט אַ מענטשן... זײַ געזונט!

קאַטיאַ קוקט אים נאָך. דערנאָך לויפט זי אַוועק אין לאַגער, רײַסט זיך אַרײַן אין די געצעלטן, מאַכט מיט די הענט און שרײַט:

— סאַראַ מענטש איך האָב באַגעגנט, יאַטן! אַן עמעסן, פון דער טײַגע.

אין אָוונט זיצט דער אַלטער באַם פײַער און דערציילט. אָט דאָ, אַף דעם אָרט, זײַנען געשטאַנען זעלנער. די זעלנער האָבן זיך געפוילט אַ פײַער אָנצינדן. באַנאַכט האָט זיך אַ טיגער אונטערגעגאַנוועט, האָט אַ פערד דער־האַרגעט און אַ מענטשן אַוועקגעטראָגן. אין דער טײַגע, ווו דער באַרג־טײַך ווערט געבוירן, וווינען גאָלדן. „לאַטשאַ אָרקי נײַ" (דער רוס איז אַ שלעכ־טער מענטש) — זאָגן זיי. זייערע פרויען טאָרן ניט קוקן אַף אַ רוס. אַז עס קומט אַ רוס, לאָזן זיי אים שטאַרבן פון הונגער און וועלן אים ניט געבן קיין פיש און קיין וואַסער... ווינטער שטעלן זיך פרעסט, איבער נאַכט פאַרשיטן די שניי־שטורעמס די הײַזער ביז די קוימענס. ער האָט אַליין געזען פייגל פאַלן, פאַרפרוירענע אינמיטן פליען.

— און איר, קאָמיוג, — זאָגט דער אַלטער און זויגט די אַלטע פײַקע, — איר זײַט עמעסע העלדן, וואָס איר האָט אײַך אַנטשלאָסן פאָרן אַהער...

קאַטיאַ שטיקט זיך פאַר שטאָלץ. זי איז דער הויפּט־העלד. זי האָט געבראַכט צו פירן דעם אַלטן. זי האָט זיך אַנטשלאָסן — ניין, זי האָט זיך אַליין אַרויסגערופן פאָרן אַהער. און זאָלן ווילדעוועןן די שניי־שטורעמס! זי וועט זיך שוין, אַף יעדן פאַל, ניט לאָזן פאַרשיטן.

אין מיטן יוני האָט זיך דאָס וועטער שאַרף געביטן. ס'איז קאַלט געוואָרן ווי אין די ערשטע פרילינג־טעג. אַ שטעכיקער ווינט בלאָזט אומאויפהערלעך פון אויבן, פון די סאָפּקעס. קאַלטע מאַסן לופט יאָגן איבערן נידעריקן טאָל, קנאַקן און הודזשען אין דער טײַגע און הייבן שאַרפע כוואַליעס אויפן אַמור. עס רעגנט אָפּט. ס'פּאַלט אַ קאַלטער דריבנער רעגן.

עס ווערט שווער צו אַרבעטן. ס'לײַב ווערט באַדעקט מיט אַ קאַלטער אויסדעמפונג. מען קומט אַהיים פונעם קאַרטשעווען אַ פּאַרמאַטערטער, אַ קויטיקער און אַ נאַסער. אין וואָס זיך איבערצוטאָן איז ניטאָ. צום אַנוואַרעמען זיך און צום אַרומטריקענען צינדט מען אָן פײַערן. היימיש־געבאַקענע שיסטער לאַטען אָן אויפהער די דורכגעפּוילטע שטיוול. צום שלאָפן זײַנען די בעטן פײַכט פון דער נעץ, און צום אויפשטיין זײַנען די שטיוול באַדעקט מיט אַ ווײַסן אַנוווקס. אַ סאַך היסטן און בײַ פאַשקאַ מאַטווייעוון האָבן זיך אויף די פיס באַוויזן מאָדנע בורע פלעקן.

מען נערט זיך מיט הירזש. שיפן מיט שפּײַז זײַנען ערגעץ שטיין געבליבן אין וועג. עס קומען אָן מאַשינען, רעדער, רעלצן, נאָר פלייש און געמיזע איז ניטאָ. פון אָנהייב איז די הירשזענע קאַשע געפעלן געווען. דערנאָך וואַרפט מען פיר „ווידער הירזש". שפּעטער שרײַט מען שוין: „צום טײַוול די הירזש, מיר זײַנען ניט קיין הינער!"

ווערנער שיקט איין דעפּעשע נאָך דער צווייטער. ער באַרויקט די קאָמיוגיסטן: „האָט געדולד. ס'וועט אַלצדינג זײַן. אַלץ איז שוין אויף די רעדער".

באַם מיטאָג גייט מאַראָזאָוו אום איבער די אַרבעטס־אָפּטיילן. ער רעדט ניט אײַן און זאָגט ניט צו, נאָר דעם טומלדיקסטן פון די אומצופרידענע וואַרפט ער צו: „אויב דו ביסט איצט אַזאַ וואָרטשון, וואָס וועט שוין זײַן פון דיר אויף דער עלטער?" אָדער מיטפילנדיק: „איר האָט געוואָלט ראָמאַנטיק, שווערקייטן — נאָר אין דער היים, אַפּאָנעם, איז בעסער!"

— וואָס מיר בעסער! — שרײַען די באַכערים וואָס האָבן ערשט געשאָלטן די הירזש און דאָס וועטער — מיר באַקלאָגן זיך דען?

די הירזש בלײַבט די זעלביקע הירזש, נאָר די שטימונג הייבט זיך.

אין די אָוונטן ווייס מען ניט ווו זיך אַהינצוטאָן. קיין קלוב איז ניטאָ און אַפילו ניט קיין דאַך איבערן קאָפּ. אַנדריי פירט אַ רײַסטער פון די קאָמיוגיסטן, נאָר אַ קאָנפערענץ דורכפירן צו די קאָמיטעט־וואַלן קען ער ניט — ס'איז ניטאָ ווו זיך צוזאַמענצוקומען. מען וואַרט אויף אַ בעסער וועטער.

אַרום די שײַטערס קומען אויף קליינע קלובן. נאַסע צווײַגן שיפּען, דער פלאַם און דער רויך שפּאַרן אויף אַלע זײַטן — זיי ווע֬לן נאָך אַמאָל אָפּסמאַליען עמעצן דאָס פּאָנעם. נאָר דעם מוט פאַרלירט מען ניט. בײַ די שײַטערס זינגט מען לידער. קלאַוואַ הוסט אונטער און דערציילט קאָמישע אָדער שרעקלעכע דאָרף־מײַסעס. זי מאַכט נאָך די אינטאָנאַציע פון אַן אַלטער דערציילערן. סיאָמאַ אַלטשולער האַלט רעדעס, גרישאַ איסאַקאָוו לייענט לידער. מאַראָזאָוו קומט אַמאָל צו גיין, ער זעצט זיך אַוועק וואָס נענטער צום פײַער און גיט אַ זאָג אויפן פּאַשעטן אויפן:

— אַ נו, רוקט זיך נאָר צונויף אַ ביסל. איידער זיך לאַנגווײַליקן, הערט בעסער אויס וואָס איך וועל אײַך דערציילן.

ער דערציילט וועגן די שכײנישע לענדער — יאַפּאַן און כינע, וועגן

דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע, ער דערמאָנט דעם בירגער־קריג אָדער ער פירט אַרײַן די יאָטן אין צוקונפט־טרוימען, ווי מען וועט לעבן אונטערן קאָמוניזם. וואָסערע וווּנדער עס וועט מיט זיך ברענגען די אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט און פון דער טעכניק. מאַראָזאָוו איז ניט קיין גוטער דערציילער, נאָר מען האָט אים ליב פאַר זײַן קלאָרן און איבערצײַגנדיקן וואָרט, פאַר זײַן קענען אויסלאַכן, אונטערשטרײַכן דאָס לעכערלעכע, און פאַר זײַנע ערנסטע קענטענישן, וואָס לאָזן זיך אַנטאַפּן אונטער דער אויסערלעכער גראָבקייט און פּאָשעטקייט.

גראַנאַטאָוו קומט אַמאָל און דערציילט וועגן די געפאַנגענע אין די כאַרבינער טורמעס. דער גאַסט פון דער טײַגע — דער אַלטער — זעצט זיך צו צום פײַער און פּיפּקעט זײַן דורכגעברענט פּײַקעלע. מען רופט אים סעמיאָן פּראָפּיריעוויטש. ער דערציילט וועגן ווילדע ווינקעלעך, וועגן מענטשן וואָס גייען אום איבער דער טײַגע און האַרגענען יעגערס און קלײַבערס פון זשען־שען, וועגן גראָבע פּירעכצן און שרעקלעכע פראָסט, וועגן שאַרעס אויסגעהונגערטע וועלף, וואָס פאַלן אָן אַף די דערפער.

אויך טאַראַס איליטש קומט. נאָר מערסטנס שווײַגט ער און טראַכט זיך זײַנע מאַכשאָוועס. מען האַלט אים פאַר אַן אייגענעם — ער אַרבעט אַף דער בויונג אין סיאָמאַ אַלטשולערס אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע. מען וויל אים פרעמירן און מען ווייס ניט וואָס אים צו געבן. נאָר טאַראַס איליטש ווערט פּלוצים פאַרשווונדן. מען וואַרט אַף אים אַ טאָג, צוויי, אַ וואָך... ער איז אַוועק מיט דער ביקס, מיט אַ זאַק אַף די פּלייצעס און האָט זיך פאַרלוירן אין דער טײַגע. „אַף קאַסאַטשעס איז ער אַוועק" — זאָגט וועגן אים סעמיאָן פּראָפּיריעוויטש, וואָס האָט פונעם ערשטן טאָג אָן ניט ליב באַקומען דעם געוועזענעם קאַטאָרזשניק. די קאָמיוגיסטן ווייסן שוין, אַז יעגערס „אַף קאַסאַטשעס" זײַנען טײַגע־מערדער, רויבער. זיי גלייבן דעם אַלטן, נאָר עס פאַרדריסט. סיאָמאַ אַלטשולער און גרישאַ איסאַקאָוו גייען אום דערשלאָגענע און דערדריקטע — זיי האָבן געהאַלטן טאַראַס איליטשן אונטער זייער שעפטום.

קאַליאַ פלאָט שרײַבט לאַנגע בריוו צו לידינקען. ער באַקלאָגט זיך ניט, ער שרײַבט נאָר: „גוט וואָס דו ביסט מיט מיר ניט געפאָרן. אַ מיידל קען דאָ ניט אויסהאַלטן. מיר אַרבעטן אין זומפּ ווי שוואַרצאַרבעטער. מיך פרייט וואָס איך האָב דיך אַהער ניט מיטגעשלעפּט...".

דער פּאַרטיי־קאָמיטעט באַהאַנדלט ווערנעריס אַ באַריכט וועגן דער לאַגע אַף דער בויונג. ווערנער איז פאַרדײַגעט, פאַרביסן און מיד. זײַנע דײַגעס האַלט ער פאַר זיך. מיט אַ הערשערישן טאָן, אַ נעוואָראָסטעניש־צערייצטער, פאַלט ער אָן אַף די מיטגלידער פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט. אים איז שווער זיך צו פאַרנעמען מיט בוי־פּראָבלעמען און ניט האָבן די אוממיטלבאַרע השגאָכע אַף די קאָמיוגיסטן, אַלץ איז אַוועק צום ערגערן. דער אויסגאַב איז געפאַלן, די שטימונג ווערט קאַליע. וואָס זײַנען עס פאַראַ קאָמיוגיסטן, אויב הירזשענע קאַשע קען ווירקן אַף זייער ענטוזיאַזם? און וואָס טוט דער פּאַרטיי־קאָמיטעט פאַר זייער דערציִונג? פאַרוואָס איז שוואַך די דיסציפּלין?

מאַראָזאָוו רײַסט אים שאַרף איבער:

— זאָגט בעסער ווען הייבט איר אָן בויען די הײַזער?

קרוגלאָוו שווײַגט. אים גלוסט זיך זאָגן, אַז ענטוזיאַזם איז גראָד פאַראַן אַ סאַך, נאָר ווייניק זאָרג פאַר די מענטשן. ער קען זײַנע כאַווירים. זיי

זײַנען ניט שולדיק וואָס דער אויסגאָב פון דער אַרבעט איז לעצטנס געפאַלן. אַ העלפט זייערע האָט ניט קיין שטיוול, באַנאַכט איז פון קעלט שווער איינצושלאָפן. ווערנערס ווערטער קלינגען ווי כויזעק. נאָר קרוגלאָוו האָט ליב ווערנערן פאַר זײַן הערשערישקייט. פאַר דער דײַטלעכקייט פון זײַן געדאַנק: פון ווערנערס נעוורא̇סטענישער גערייצטקייט קוקט אַרויס זײַן אומרויִקייט און פאַרמאַטערטקייט.

ווערנער זאָגט:

— מירן לאָזן אין גאַנג דעם געהילף־זאַוואָד, מירן אָנהייבן בויען הײַזער. ביז האַרבסט איז נאָך ווײַט. איך ווייס וואָס איך טו, און אומזיסט דאָס אָפּווייכן, ווען אײַער פליכט איז, פאַרזיכערן די דערציִונג פון די מאַסן.

— אונדזער פליכט איז מיט אַלץ זיך צו אינטערעסירן און קריטיקירן ווען איר אַרבעט שוואַך און פאָדערן פון אײַך גוטע אַרבעט, — ענטפערט אים שאַרף מאַראַזאָוו, — אַזוי אַז דו זײַ מויכל און איך בעט מיר ענטפערן אַף מײַן פראַגע ווי עס געהער צו זײַן.

גראַנאַטאָוו נעמט ריידן:

— מען טאָר ניט פאַרלירן די היסטאָרישע פערספעקטיוו. נעץ, הירזש, איז נאַטירלעך ניט גוט. עס וועלן מעגלעך זײַן קראַנקייטן, קאַרבאַנעס. דאָס איז שווער. דאָס זײַנען אונדזערע מענטשן, יוגנט. נאָר איך פרעג אײַך, — ער רעדט שטיל, מיט אַן אומעטיקן פּנים, איבער וועלכן עס לויפט אָפט דורך אַ קראַמף, — איך פרעג אײַך: צי דען קען מען איבערבויען דאָס לעבן אָן קאַרבאַנעס! יאָ, די שטאָט וועט געבויט ווערן אַף ביינער... איך בין גרייט, אַז אויך מײַנע ביינער זאָלן ליגן אונטער איינעם פון אירע פונדאַמענטן.

ווערנער בייגט אַן דעם קאָפּ. קרוגלאָוו זעט לײַדן אַף זײַן פּנים. ער אַליין לײַדט. ער ווייס ניט ווער עס איז גערעכט. גראַנאַטאָווס ווערטער מאַכן אַף אים אַ שטאַרקן אײַנדרוק. „גוט — טראַכט ער זיך — וואָס איך האָב דאָס וואָרט ניט גענומען, וואָס איך האָב מיך ניט באַפלעקט, דאָס וואָלט געהייסן אין זינען האָבן די אייגענע פעל”. יאָ, אויב דער ווויל פונעם לאַנד נייטיקט זיך דעריין, קען מען און מען מוז דאָס לעבן אַוועקגעבן. גראַנאַטאָוו איז גרייט. און איך? ער ווייס, אַז אויך ער איז גרייט. נאָר דער געדאַנק וועגן זײַן דינאַ פילט אים אָן מיט טרויער. ווי ווייניק נאָך ער האָט געלעבט, ווי ווייניק נאָך ער האָט געליבט! ער טראַכט וועגן פּאַשקאַ מאַטווייעווס צינגאַ, וועגן קלאַוואַס פאַרדעכטיקן אונטערהוסטן און איר באַמיִונג צו פאַרווײַלן די כאַווײרים מיט מײַסעלעך, וועגן פעטיאַ גאָלובענקאָס אַכצן־יעריקער זאָרגלאָזיקייט...

גראַנאַטאָוו רעדט ווײַטער:

דער פאַרטקאָם מוז פאַרשטיין: דער איקער זײַנען די שיפן. די שיפן און ניט די מענטשן. און מיר דאַרפן גיין אַף קאָרבאָנעס, נאָר אין אַ וואָס קירצערער צײַט אויפבויען דעם זאַוואָד.

מאָראָזאָוו שלאָגט אים איבער גראָב, אומפרײַנטלעך:

— „אַף ביינער, אַף ביינער”!... אומזין! ווער האָט עס נייטיק? איר שטעלט דאָ אויף טעאָריעס, און שרעקלעכע טעאָריעס. נייטיק איז די באַזאָרגונג אין זינען האָבן, אַ שפּיטאָל אַוועקשטעלן, אַ דאָקטער אויסשרײַבן, שטיוול באַקומען. די פאַרטיי וועט אונדז בשום אופן ניט דערלויבן דאָ אַזעלכע טעאָריעס אויפצושטעלן. און ווער האָט עס אויסגעטראַכט אַזוי

אַוועקצושטעלן די פראַגע: אָדער שיפן אָדער מענטשן? דאָס איז פּאַניק און ניט פּאָליטיק! און וואָס גייט דאָ? אַרום אונדז האָבן מיר האָלץ, קענען מיר קיין שטיבער ניט אויפבויען? אָדער איז אין דעם לאַנד קיין אַנדער שפּײַז ניטאָ אַ כוץ הירזש? זײַנען גאָר קיין דאָקטוירים ניטאָ? אָט וועגן דעם דאַרף מען ריידן. און איר — „אָף ביינער!“.

ער בייזערט זיך, ער איז גראָב. איבער גראַנאַטאָווס פּאָנעם לויפן קראַמפּן. ער קוקט ניט אָף מאַראַזאָוון און נעמט ריידן קאַלט:

— כאָווער מאַראַזאָוו ווייס זייער גוט, אַז איך מיט ווערנערן טוען מיר אַלץ וואָס מעגלעך אויסצובעסערן די באַזאָרגונג. מיר באָמבאַרדירן כאַבאַראָווסק מיט טעלעגראַמעס. מיר האָבן אַהין געשיקט אַגענטן. די טעג וועל איך אַליין צופאָרן. מען מוז זיך רעכענען מיט פאַקטן. און מען דאַרף פאַרשטיין: שיפן, שיפן אום יעדן פּרײַז, — אָט וואָס מען וויל פון אונדז, אָט לויט וועלכן מען וועט אורטיילן אונדזער אַרבעט.

אָנגעשטרענגט וועגט קרוגלאָוו אין געדאַנק: ווער איז גערעכט? מאַראַזאָוו האָט דאָך אַליין געוואָרנט: אײַך דערוואַרטן גרויסע שוועריקייטן. גרינג וועט ניט זײַן. נאָר צי דען הייסט עס ניט בויען, ווען אַפילו אָף ביינער? ניין. „מענטשן זײַנען טײַערער פון גאָלד...“

— ניין! — וואַרפט ער אָפּ די אומזיכערקייט, וואָס פּײַניקט אים — גראַנאַטאָוו איז ניט גערעכט.

— נו? — איז ווערנער ניט מאַסקים — איז וואָס?

בײַ מאַראַזאָוון צעלײַכטן זיך די אויגן.

— איך טראַכט וועגן מײַנע כאַווײרים, — זאָגט קרוגלאָוו — זיי זײַנען דער גאָלד־פאָנד פון דעם קאַנט. מענטשן זײַנען טײַערער פון גאָלד — ניט אַזוי? אַן מענטשן זײַנען שיפן אַ טויטער גוף. און מיר וועלן גאָרנישט ניט אויפטאָן, אויב מען וועט ניט זאָרגן פאַר די מענטשן. איך רייד ניט וועגן זיך — רעגט ער זיך אונטער גראַנאַטאָווס טרויעריקן פאַרשנדיקן בליק — איך בין גרייט אָף אַלץ, נאָר די יאַטן קרענקען, הוסטן. דער אויסגאַב... צי דען קען מען ניט כאָטש צײַטווײַליק אויפשטעלן וועלכע עס איז באַראַקן? אָדער כאָטש ערד־שטיבלעך! און סאַראַ אומאָרדענונג אין דער ביוראָ — מען קען ניט צושיקן קיין קאַרטאָפל, פלייש, ציבעלעס.

רעדט ער שוין, קען ער זיך ניט באַהערשן. ער פילט הינטער זיך דעם הייסן אָטעם פון זײַנע פרײַנט, יונגע מענטשן וואָס דאַרשטן צו לעבן און קאַמף. פול מיט האָפענונגען אָף דער צוקונפט.

— הירזש באַטאָג און באַנאַכט — איז עס אַ נאַרונג פאַר מענטשן וואָס אַרבעטן אין וואַלד פון פרי ביז נאַכט? מענטשן גייען מיט די פינגער אין דרויסן, אָן זוילן. אַ העלפט פון די יאַטן האָבן ניט קיין מאַטראַצן — שלאָפן אָף די הוילע ברעטער.

מאַראַזאָוו שטעלט אים אָפּ מיט אַ מאַך פון דער האַנט.

— איז אײַך קלאָר, כאַווײרים? אַזוי רעדט קרוגלאָוו, איינער פון די אויסערסט פעסטע קאָמיוגיסטן. וועט מען דאַרפן — וועלן זיי אויך קענען שטאַרבן. נאָר מ ע ן ד אַ ר ף ע ס נ י ט. זײַ אַזוי גוט, כאַווער ווערנער, דערציייל אונדז וועלכע מאָסמיטלען דענקט איר אָננעמען אָף צו פאַרריכטן די לאַגע.

קרוגלאָוו פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם מיט די הענט. ער שעמט זיך. וויאַזוי האָט זיך עס באַקומען, ער זאָל זיך צעשרײַען? ער, וואָס קען איבערצײַגן די

כאַװיירים, אַז אויך הירזש איז אַ גוטע זאַך און אַז שלאָפן אין דער קעלט פּאַרהאַרטעוועט דעם גוף...

— איך זע ניט קיין גרונט פאַר די וויקוכים — ענטפערט שאַרף ווערנער, — און אומזיסט פּרוווט מאַראָזאָוו פאַרשטעלן די זאַך אַזוי, אַז מיר זאָרגן זיך ניט פאַר די מענטשן... מען מוז געדענקען וועגן די באַדינגונגען פון בויען דאָ, אין דער טײַגע, ווײַט פון אײַזנבאַנען און פון צענטערס. קרוגלאָוו האָט דאָס פאַרגעסן...

— לאָז דיך אָפּ דערפון! — רײַסט אים גראָב איבער מאַראָזאָוו — די פראַגע שטייט אַזוי: די שיפן אויסבויען און די מענטשן אײַנהיטן. אָף אַדער־אָדער קען מען די זאַך ניט אַוועקשטעלן. רעדט ווײַטער...

דער פּאַרטקאָם האָט באַשלאָסן טייקעף אַרויסשיקן גראַנאַטאָוון אַף באַזאָרגן די ווינטער־בויונג, דורכפירן פאַרזאַמלונגען און אויפקלערן די שוועריקייטן, אָנהייבן בויען צײַטווײַליקע וווינונגען, אויסשרײַבן דאָקטוירים, אַ שערער, שוסטערס, אײַנקויפן שוכוואַרג, קליידונג, מאַטראַצן.

קרוגלאָוו גייט אַרויס פון דער זיצונג אַ צעמישטער. ווען ער לעבט איבער דאָס וואָס גראַנאַטאָוו האָט איבערגעלעבט, וואָלט ער זיך קיינמאָל ניט איבערגעגעבן צו די נידעריקע פעל־שטימונגען. הירזש און נעץ — וואָלסט געמיינט עפּעס אַן אומגליק!

— לאָז ניט אַראָפּ די נאָז, דו ביסט גערעכט — זאָגט אים מאַראָזאָוו.

נאָר קרוגלאָוו איז באַ זיך ניט זיכער. ספּייקעס פּײַניקן אים בעיס ער דרייט זיך אָף די הוילע ברעטער אינעם נאָסן געצעלט, אונטערן געוויש פון עם ווינט, וואָס שפּאַצירט אום אין דער טײַגע.

אינדערפרי שיקט מען אַרויס די קאָמיוגיסטן אויפבויען שאַלאַשן. די ווענט פון געפלאָכטענע ריטער שמירט מען אַרום מיט ליים. מען מאַכט טירן און פענצטער. מען דעקט דעכער. מען שטעלט אַרײַן אַף גיך אויפגעשטעלטע שטיינערנע אייוועלעך.

— איז וואָס? עס וועט זײַן וואַרעם ווי אין באָד — צערעדט זיך סיאָמאַ אַלטשולער, וואָס האָט צוגעטראַכט פאַר די שאַלאַשן צענדליקער קליינע נאָר וויכטיקע צוריכטונגען, — קיין פּאַלאַצן, פאַרשטייט זיך, וועלן עס ניט זײַן, נאָר קיין זאַך מאַכט מען ניט מיטאַמאָל. איך זאָג אײַך — פאַרשרײַבט מײַנע ווערטער — מירן נאָך לעבן אין עמעסע פּאַלאַצן, מיט דאַמףבאַהייצונג און מיט העגג־לאָמפּן! נאָר די כאַלופּעס וועלן מיר דערמאָנען צו גוטן. פאַרשרײַבט מײַנע ווערטער.

XXIV

באַם שײַטער איז פריילעך. אַלע האָבן זיך ווי צונויפגערעדט ניט צו באַמערקן דאָס שלעכטע. מען זינגט לידער מיט אַ ברען און מען לאַכט פונעם מינדסטן שפּאַס. אַגדריי נאָר ליגט מיטן פּאָנעם אין די הענט פאַרשטעקט, מען ווייס ניט צי ער שלאָפט צי פון עפּעס פאַרטרויערט.

יעפּיפאַנאָוו איז צופרידן, אַפילע גליקלעך. אים געפעלט דאָס ניט אײַנגעאָרדנטע וואַנדער־לעבן אין געצעלטן, אין ענגער כאַוורוסע מיט אַ סאַך נײַע מענטשן. ער ברענגט עס אַרויס אָט ווי:

— לאָז איבער אַ מענטשן אין אַזאַ ניט אײַנגעאָרדנטן אָרט איינעם אַליין, וועט ער אומקומען. ניט פון קראַנקייט, ניט פון הונגער, נאָר פון בענ־

קען און לאַנגווײַלן זיך... אינאיינעם, אָבער, איז אַלץ גוט. איך וואָלט מאַסקים געווען אַפּן גאַנצן לעבן — אויפגעבויט אין איין אָרט, איז באַלד אַף אַ צווייטן, און ווידער פון אָנהייב. דאָס לאַנד איז נאָך רוי, פאַראַן נאָך אַ סאַך ליידיק אָרט. און נאָך מיר וואָלט זיך אַ שפּור געצויגן — שטעט, בריקן, זאַוואָדן, באַנען.

— אויב אַזוי בין איך דיר ניט קיין כאַווער — מרוקעט בעססאָנאָוו, — וואָס שײַעך מיר, וועל איך מיך פון דאַנען ניט רירן. באַ מיר האָסטו ניט געפעפעלט! מירן אויפבויען און אַנדערע זאָלן קומען אַף אַלעם גרייטן? איך בלײַב דאָ, אַפּן זאַוואָד. אַזאַ שטוקאַטורער ווי איך, וועט מען נאָר אינאיינעם מיט די הענט אָפּרײַסן. אַז ניט, נעם איך מיר אַן אַנדער קוואַליפיקאַציע. איך פאַרליב מיך אין אַ קוואַליפיקאַציע איינס און צוויי... ער דערזעט באַ קלאַוואַן לאַכן די אויגן און ער פאַרענדיקט ניט זיכער: מיר געפעלט שווייסן. איך וואָלט געוואָרן אַ שווייסער.

קאַטיאַ רופט זיך לעבהאַפטיק אָן:

— וואָס עפּעס שווייסן? אויב בלײַבן, איז אַלס מאַנטיר! שיפן מאָנ־טירן. איין דעטאַל צום צווייטן... ביז די שיף קומט אַרויס אַ פּאַרטיקע, אַ ריינע, אַ פרישאָפּגעפאַרבטע. אַנדערע כאַלעמען גראַניטענע שטראַנדן, גרויסע הײַזער. און איך דאַרף גאָרניט, איך וויל נאָר זען ווי מען וועט די ערשטע שיף אין וואַסער אַראָפּלאָזן!

וואַלקאַ בעססאָנאָוון איז אָנגענעם מיט איר מאַסקים צו זײַן:

— פאַרוואָס ניט, אַלס מאָנטיר איז אויך גוט.

און זיי פאַרשן זיך איינס דאָס אַנדערע.

קלאַוואַ האָט עפּעס צו זאָגן. איר איז קאַלט, זי הוסט און זיצט באַם פײַער אַ שטילע, אַן אײַנגעהילטע אין אַ וואַרעמען שאַל. און זי נעמט ריידן ווי זי וואָלט זיך דורכגעשמועסט מיט אַ האַרץ־פרײַנט:

— וואָלט מען מיך פרעגן — וואָס איז דאָס וויכטיקסטע אינעם לעבן? וואָלט איך ענטפערן: לויט מײַן מיינונג — טרוימען... ווען דו טרוימסט, דוכט זיך דיר, אַז אַלץ איז גוט און דאָס שלעכטע זעסטו ניט, און איבער־טראָגן קען מען וואָס נאָר מען וויל. אָט דערפאַר גיבן מיר זיך ניט נאָך ווען ס'איז שווער. און דער קלייַנבירגער קרעכצט. דער קלייַנבירגער איז דערפאַר אַ קלייַנבירגער וואָס ער קען ניט טרוימען...

זי פאַרהיסט זיך, הילט זיך פעסטער אײַן אינעם שאַל און רעדט ווײַטער:

—אָט טרוים איך אַמאָל: מירן אויסבויען די גרויסע שטאָט. סאַראַ לעבן דאָ וועט זײַן! די שטאָט אַ נײַע, אַ סאָציאַליסטישע. אַלץ קאָמיוגיסטן... און די קלייַנבירגער, די קליינע מענטשעלעך — וואָס האָבן זיי דאָ צו טאָן? מירן זיי ניט אַרײַנלאָזן.

— נאַרישקייטן! — האַקט איר וואָגיק אָפּ טאָניאַ — פלוידערסט אומזין.

— אויב דיר געפעלט ניט, הער ניט — ענטפערט איר קורץ קלאַוואַ.

— פלוידערסט אומזין — כאַזערט באַלערנדיק איבער טאָניאַ, — דו טרוימסט און אַרום זיך קוקסטו ניט. מיינסט צווישן אונדז זײַנען פאַראַן ווייניק קלייַנבירגער? מיינסט מען קען אַ מענטשן אין איין יאָר איבער־מאַכן? אין אַ יאָר אַרום וועט דאָ זײַן אַ שטאָט, וועלן זיך אַהער אָנלויפן פאַרשיידענע מענטשן, אויך קליינע מענטשעלעך — וועסט שוין זען — נאָך מיט סאַמאָוואַרן, מיט דעם גאַנצן רומל זייערן.

— איך טרוים פון שליסן קאַנטשאַפט — רופט זיך אָן צו טאָניאַן סערגיי גאַליצין.

— וואָס ? — פאַרשטייט ניט טאָניאַ.

— איך טרוים פון שליסן קאַנטשאַפט מיט אַ גלעזל טיי פונעם סאַמאָוואַר.

— אַט האָט איר אײַך, ביטע, — פאַרקנייטשט זיך טאָניאַ פאַראַכטלעך.

זי מיט סערגייען קענען זיך איינס דאָס צווייטע ניט אָנקוקן.

— דו, טאָניאַ, ביסט נאָך ניט דערוואַקסן — שטעלט אַרײַן סערגיי און גיט אַ ווונק צו די יאַטן — נאָר ערגער דיך ניט, וועסט אונטערוואַקסן, וועסטו זיך אָפּזאָגן פון די איבערבייגעכצן, מירן נאָך טרינקען אַ גלעזל טיי צוזאַמען.

לילקאַ גיט אַ בליק מיט די אויגן און זינגט אויס:

— באַם סאַמאָוואַר איך מיט מײַן טאָניאַן...

— גיי דיר צום טײַוול ! — ענטפערט אָפּ טאָניאַ — ס'איז אַ נאַרישער שפּאַס.

אַנדריי קרוגלאָוו הייבט זיך אויף און זעצט זיך אַוועק, און מען זעט, אַז ער איז גאַרניט געשלאָפן. דאָס פּאָנעם איז לויטער, פאַרטראַכט, די אויגן פאַרטרויערט.

— הערט אײַך אויף קריגן, — זאָגט ער — קלאַוואַ האָט דאָ ערשט גערעדט וועגן טרוימען. דאָס וויכטיקסטע אין לעבן איז טרוימען. ווי פאַלט דיר אײַן, קלאַוואַ ? לויט דיר, הייסט עס, איז דאָס איצטיקע שלעכט, און נאָר דער טרוים איז גוט ?

קלאַוואַ פאַרלירט זיך, ווערט רויט, ביז טרערן: ווען נאָר קרוגלאָוו רעדט צו איר, פילט זי זיך נישטיק, קליין, נאַריש. ניט אומזיסט שענקט ער איר אַזוי ווייניק אויפמערקזאַמקייט ! אַט האָט זי איצט, אים אַף די אויגן, אַרויסגעזאָגט אירע געדאַנקען און האָט זיך, נאַטירלעך, אַרויסגעוויזן אומגערעכט.

— לויט מײַן מיינונג, איז דאָס וויכטיקסטע פרײַנטשאַפט. אַלע זײַנען מיר פון פאַרשיידענע ערטער. באַ אַלעמען זײַנען אין דער היים פאַרבליבן געליבטע מענטשן. אָפט איז אונדז שווער. און דאָך זײַנען מיר פריילעך און גליקלעך. פאַרוואָס איז עס אַזוי ? דערפאַר וואָס יעדערער פילט באַ זײַן זײַט דעם כאַווערס עלנבויגן, דערפאַר וואָס אונדז פאַראייניקט די שטאַרקע קאָמיוגישע פרײַנטשאַפט. דאָס האָט דאָך יעפּיפאַנאָוו געמיינט: איינער אַליין וועסטו אומקומען. אינאייינעם איז גוט.

יעפּיפאַנאָוו רופט זיך אָן:

— מיר, טויכער, קענען גאָר אָן פרײַנטשאַפט ניט לעבן. דו לאָזט דיך אַרונטער אונטערן וואַסער און אויבן פּאָמפּעט דער מאַטאַריסט די לופט. ס'איז נאָך ווייניק די פליכטן אויספילן, מען מוז נאָך האָבן האַרץ; דער מאַטאַריסט מוז פילן דעם טויכער, זײַן אָטעם פאַרשטיין. שטייט אַ פרײַנט פון אויבן, האָסטו פאַר קיין זאַך קיין מוירע ניט. דו ווייסט: ער וועט דיר געבן לופט, ניט ווייניק און אויך ניט צופיל, נאָר פונקט אין דער מאָס. דאָס אייגענע דאָ; ווו וועסטו זיך אַהינטאָן אָן פרײַנטשאַפט ? איך קען זיך בלויז ניט אויסדריקן, נאָר די פרײַנטשאַפט פיל איך שטאַרק...

זײַן געדאַנק כאַפּט אונטער סיאָמאַ אַלטשולער. ער שטעלט זיך אויף,

גלײַך דאָס וואָס ער וויל זאָגן, פאָדערט פײַערלעכע פּאָזע. ער פאַרוואַרפט אַף הינטן זײַנע אָנגעוואַקסענע קוטשעראַווע האָר:

— דו קענסט ניט ריידן, נאָר דו דענקסט ריכטיק. און איך קען ריידן און וועל עס זאָגן פאַר דיר. פרײַנטשאַפט — דאָס איז יאָ דאָס גרעסטע געפיל אַף דער וועלט. סאַראַ פרייד קען זײַן פרייד, ווען עס איז ניטאָ דער פרײַנט מיט וועמען זי צו טיילן? און צי דען האַרגעט ניט אַ מענטשן דער אומגליק ווען עס איז ניטאָ דער פרײַנט, וואָס זאָל אין דער נויט־מינוט אים זאָגן: „עך, וואָס איז מיט דיר, קוק פריילעכער!" די בורזשואַזיע קען זיך באַגיין אָן פרײַנטשאַפט. זי דאַרף געלט. און ווען דו טיילסט געלט, איז וואָס ווייניקער מענטשן, אַלץ פריילעכער צו טיילן. נאָר איך פרעג — וועלכער פּראָלעטאַריער האָט אַמאָל געאַרבעט אַליין? און צי וואָלטן מיר געקענט בויען סאָציאַליזם, ווען מיר וואָלטן ניט געהאַט די גרויסע פעלקער־פרײַנטשאַפט פון די אַרבעטער און פּויערים, און די פרײַנטשאַפט פון יעדן איינעם פון אונדז מיט זײַן קאָלעקטיוו?

קלאַוואַ פאַרהיסט זיך. סיאָמאַ וואַרפט אַף איר אַן אומרויִקן בליק, ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך זײַן מאַנטל און דעקט צו דעם מיידל די פּלייצעס. ער האַקט אָפּ די געלעכטערלעך מיט אַ קימאַט מאַיעסטעטישן זשעסט:

— ווער לאַכט און פון וואָס? צי דען געפינט זיך צווישן אונדז כאָטש איין געמיינער יונג, וואָס פאַרשטייט ניט ווען זאָס האַרץ ווערט גערירט און דו ביסט גרייט ניט נאָר דעם מאַנטל פאַר אַ פרײַנט פון זיך אַראָפּנעמען, נאָר אויך דאָס העמד פונעם לײַב און דיר ווערט וואַרעם דערפון וואָס דעם פרײַנט איז וואַרעם? זעט, אָט זיצט מײַן בעסטער און אומפאַרגלײַכלעכער פרײַנט גענאַדי קאַליוזשני, — גענקאַ לאָזט אַראָפּ די אויגן פאַרשעמט, ער איז שטאָלץ מיט סיאָמאַס רעדנער־טאַלאַנט און שעמט זיך אַ ביסל פאַר אים — מיט גענאַדי קאַליוזשני וועט אונדז קיין זאַך ניט צעטיילן אַ חוץ דער טויט. איך בין געווען אַ וועלט־באַרימטער טאָקער, איך בין געווען דערפינדער און שטאָלץ פון מײַן זאַוואָד, נאָר ווען קאַליוזשני האָט געזאָגט, אַז ער פאָרט אַפּן ווײַטן מיזרעך, צען טויזנט קילאָמעטער ווײַט פון אַדעס, האָט אַלטשולער געזאָגט: „נו, וואָס? מירן פאָרן צוזאַמען און זאָל עמעצער פּרוּוון מיך אײַנהאַלטן!" פרײַנטשאַפט איז פרײַנטשאַפט, און זאָל לעבן די פרײַנטשאַפט, כאַווײרים! זאָל לעבן די פרײַנטשאַפט פון קאַליוזשני און סיאָמקע אַלטשולער און די פרײַנטשאַפט פון אונדז אַלעמען, מיטגלידער פונעם גרויסן קאָמיוג!

צווישן די צושטימונגס־אויסרופן, דערהערט זיך דער סקעפּטישער צורוף פון סערגיי גאַליצין:

— און די פרײַנטשאַפט פון סיאָמען מיט קלאַוואַ מעלניקאָוואַ...

סיאָמאַ בייגט זיך אָן צום שײַטער, ער פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם און וואַרפט אונטער, אַ באַשעפטיקטער, צווײַגן צום פײַער...

נאָך סיאָמאַס רעדע, הייבט זיך די שטימונג, יעדערער וויל זאָגן עפּעס וויכטיקס. גרישאַ איסאַקאָוו קוקט זיך כמורנע אַרום און פרעגט מיט אַן אומגעריכטן באַס, אַן אומגעריכטן פאַר אים אַליין:

— איך האָב אָנגעשריבן פערזן. זאָל איך זיי איבערלייענען?

אַלע שטיצן אים: פאַרשטייט זיך, איבערלייענען.

גרישאַ שטעלט זיך אַוועק אַף דעם אָרט ווו סיאָמאַ האָט ערשט אַרויסגעוויזן זײַנע אָראַטאָרישע פעיִקייטן, ער הוסט זיך אויס, וואַרט אָפּ עס זאָל

שטיל ווערן און נעמט לייענען מיט אַ געזעגנגל, יעדער וואָרט אויסגעטיילט מיט ליבשאַפט באַזונדער:

ס'האָט די טײַגע געפּיפּן, געציטערט, געזונגען,
ס'האָט דער ווילדער געוויטער די שטאַמען געבויגן,
און פון מאָכיקן בעט האָט ער אוראַלטע דעמבעס
מיט דעם וואָרצל אַרויס זיי געשלײַדערט.
און געפּלאַצט האָבן וואָרצלען און געקרעכצט האָט די קאָרע.
ס'האָט בורשטינענע טרערן פאַרגאָסן די טײַגע
און געשטאַנען איז זי ווי אַ שקלאַפן אַ שטומע
פאַר סטיכיִע פאַראַקשנטער דעם קאָפ אָנגעבויגן.
נאָר איך קום מיט דער האַק, מיט דער זעג, איצט,
און איך שרײַ: „קעמף מיט מיר איצטער, שטורעם!"
און איך זעץ מיט דער האַק און עס פליִען די ביימער,
און עס לייגן זיך ביימער אין געהאָרכיקע רייען.
אַף דעם אָרט פון דער טײַגע, פון מיר אַ באַזיגטער,
וועל איך בויען אַ שטאָט, דאָרט פּאַלאַצן אויפשטעלן.
און אין טיפענישׁ שמעקיקער אין אַ טאָג אין אַ פרײַען
וועל איך קומען שפּאַצירן מיט ליכטיקן מיידל.
איר וועט עס ניט שרעקן — זאָל רעווען דער שטורעם —
באַ מיר וועט זי, ווייס זי, שוץ זיך געפינען.

אַלע פּאַטשן בראַוואָ און זשאַלעווען ניט די הענט. סאָניאַ נאָר פאַר־געסט צו פּאַטשן — זי ווייס וועגן וועלכן ליכטיקן מיידל עס רעדט זיך, איר האַרץ גייט אײַן פאַר צערטלעכקייט.

טאָניאַ פּאַטשט גלײַך מיט אַלעמען, נאָר דערנאָך רופט זי זיך אָן:

— פונדעסטוועגן, גרישאַ, האָסטו איבערגעכאַפּט די מאָס. און ווו איז באַ דיר דער קאָמיוג? אַלץ איך און איך... דאָס איז אינדיווידואַליזם. און פאַרוואָס עפּעס זאָל דאָס מיידל זוכן שוץ באַ דיר?

קאַטיאַ סטאַווראָוואַ גיט איר רעכט:

— די מיידלעך באַזיגן די טײַגע ניט ערגער פון דיר! מײַן בריגאַדע גיט הונדערט און פופציק פּראָצענט און דײַנע נאָר הונדערט מיט זיבן און דרײַסיק.

גרישאַ איסאַקאָוו שווײַגט אַ באַליידיקטער. די יאַטן האָבן ראַכמאָנעס אַף גרישאַן, נאָר זיי ווייסן ניט וויאַזוי זיך פאַר אים אָנצונעמען. ניט אויס־צוהאַלטן פון די מיידלעך!

נאָר דאָ מישט זיך אַרײַן קלאַוואַ:

— דאָס זײַנען דאָך פּערזן, מיידלעך! דאָס איז דאָך אַ בילד. אָט קוק איך אַף דער טײַגע און טראַכט מיר — זי איז מײַנע, איך באַזיג זי. און זי איז דאָך ניט מײַנע. זי איז אונדזערע. גרישאַ זאָגט פאַר אונדז אַלעמען: איך וועל באַזיגן!

— דו זאָגסט: איך וועל באַזיגן, און באַ גרישאַן באַקומט זיך, אַז ער וועט דיך באַזיגן — זאָגט טאָניאַ.

— דו פאַרשטייסט פּאַשעט ניט... דאָס זײַנען דאָך פּערזן!

די שטימונג איז קאַליע געוואָרן. קרוגלאָוו לייגט זיך ווידער אַוועק און באַהאַלט דאָס פּנים. קלאַוואַ קוקט אַף אים און זיפצט פאַר זיך: וואָס

דאַרף ער ? וועגן וואָס טראַכט ער ? וויפל טעג איז שוין אַוועק זינט יענער שטורעם־נאַכט, ווען עס האָט זיך געגלויבט אין גליק... און ער גייט אַלץ ווײַטער און ווײַטער אַוועק פון איר, און טוט קיין איין מאָל ניט אַ קוק אַף איר אַזוי ווי דעמאָלט, דורך דעם גאָס־רעגן, אין דער פינצטערניש, וואָס אַ בליץ האָט אַף אַ רגע באַלויכטן.

סיאָמאַ גיט אַ ווונק צו לילקאַן און לילקאַ נעמט זינגען מיט איר נידע־ריקער קלינגענדיקער שטים פון אַ דאָרפישער פאָרזינגערן:

דער שטורעם שרײַט, דער רעגן רוישט...

סאָניאַ הייבט זיך שטיל אויף, ברענגט אַ בינטל צווײַגן און גייט אין דער טײַגע ברענגען אַ צווייטן. אין דער טײַגע איז פינצטער און שרעקלעך. פון דער פינצטערניש ציט אַ טויטלעכע קעלט, דער ווינט נעמט זי דורך. נאָר לעבן איר באַווײַזט זיך גרישאַ; אַן ווערטער פאַלן זיי אַרײַן אייבער דעם צווייטן אין די אָרעמס — און עס ווערט זיי וואַרעם. זיי קושן זיך ענג אַרומגענומענע. דער ווינט טראָגט זיך פאַרבײַ זיי, מיט אַ זײַט. ער פליס־טערט אַרום זיי און זינגט צו צום ליד באַם שײַטער.

גרישאַ זאָגט:

— דו פאַרשטייסט, דאָס איז אַבסאָלוט ניט קיין אינדיווידואַליזם. דאָס איז פולער שפּירן דאָס לעבן. טאָר איך דען ניט ריידן אינעם נאָמען פון אונדז אַלעמען?

סאָניאַ פאַרשטייט אים ניט אינגאַנצן, נאָר זי זאָגט:

— פאַרשטייט זיך. שרײַבסט אַזוינע אויסגעצייכנטע פערזן.

אים איז עס אָנגענעם. ער מיינט אויך אַזוי. נאָר ער פאַרלייקנט זיך:

— ניין, זיי זײַנען נאָך ניט קיין אויסגעצייכנטע. נאָר איך וועל שרײַבן, סאָניאַ, איך וועל נאָך אָנשרײַבן עמעסע לידער. גלייב מיר, סאָניאַ! טייל מאָל ניייטיק איך מיך אין אַ שטיצע. טייל מאָל טראַכט איך: יעדער פּאָעט, ווען ער שרײַבט, האַלט זיך דאָך פאַר אַ גאָען. און ווי ווייניק גענאָיים עס זײַנען דאָ! אין דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע — געציילטע. און זײַן אַ מיטלמעסיקייט — צו וואָס? איז קעדײַ צוליב דעם זיך פּײַניקן?

זי זאָגט אייגנטלעך דאָס וואָס זי דאַרף זאָגן:

— ניין, גרישאַ, איך גלייב אין דיר...

ווי דאַנקבאַר ער איז איר! ניין, ניט פאַר די ווערטער, נאָר פאַר איר עקזיסטענץ גופא...

זי פילט זיך זייער גוט. אינעם שוואַרצן הימל, איבער איר פאַרריסענעם קאָפּ וויגן זיך אומרויִקע צווײַגן און דער הימל אַליין דוכט זיך וויגט זיך אין זיסן דרעמל.

— אָט לעבן מיר איצט, און אָפּט דוכט זיך מיר: מען דאַרף וועגן דעם אָנשרײַבן אַ פּאָעמע — אַזאַ פּאָעמע, אַז יעדע שורע אירע זאָל דאָס האַרץ דורכברענען. מען דאַרף אָנשרײַבן אַ בילד, אַז ווען מען וועט קוקן דערויף, זאָל עס דעם אָטעם פאַרכאַפּן. אַ סימפאָניע פאַר אַ ריזיקן אָרקעסטער — וואָס זאָל צעטרייסלען, דעם קאָפּ פאַרדרייען און פון די פיס אומוואַרפן. נאָר איך נעם שרײַבן און האָב ניט קיין ווערטער. און ניט איך קען צייכענען און ניט איך קען נאָטן שרײַבן.

זי גלעט אים די באַקן און זאָגט:

— דאָס לעבן איז דאָך נאָך גרויס. מירן נאָך אַזויפיל אויפטאָן! מירן זיך נאָך אַזויפיל אויסלערנען ווי צו טאָן!

זי פאַרשטייט אַזוי גוט, זי קען אַזוי גוט ריכטן זײַן געדאַנק מיט פאַרשטעטע ווערטער.

און ער פרעגט:

— סאָניאַ, מירן לעבן צוזאַמען, גוט?

זי ענטפערט שנעל:

— יאָ.

און זי פאַרשטעלט זיך די אויגן קעדיי פולער און קאָנצענטרירטער צו פילן דאָס גליק.

זיי גייען פּאַמעלעך צוריק און פונעם שפּעטער דערטראָגט זיך צו זיי סיאָמאָס פרײַערלעכער קאָל:

— לידער? אָ! דאָס איז וואָס דאָס האַרץ זינגט ווען עס איז אים טרויעריק, און ווען עס איז אים פריילעך, און ווען דאָס רײַסט זיך אַף פאַרויס.

— אָט דאָס זײַנען לידער! און אויב דײַן האַרץ, טאָניאַ, זינגט ניט, טאָ דיר זיך ניט צו צו קיין לידער, בעט איך דיך, וואָרעם אָט זעסטו דאָך אַליין: מיר האָבן ערשט געזונגען אַ ליד און עס איז אונדז געוואָרן פריילעך. מיר האָבן געהערט לייענען אַ ליד און יעדערער פון אונדז איז געוואָרן אַ העלד. און דו ביסט אויך אַ העלד, און יעדע קאָמיוגיסטקע איז אַ העלד, איז זי דאָך אַ מיידל, און איז איר דען ניט ליב וואָס לעבן איר שטייט אַ פרײַנט, און דער פרײַנט איז גרייט זי צו שיצן, און איז זיי דען ניט פריילעכער אַפן האַרצן?

גרישאַ שווימט אַרויס פון דער פינצטערניש אַקעגן די וונקען און שפּאַסן, און מיט אַ צעריסענעם קאָל רופט ער אויס:

— יאָטן! פרײַנט! דערלויבט מיר אײַך צו זאָגן — זי איז מײַן קאַלע. יאָטן, בענטשט אונדז, אַפן קאָמיוגיסטישן אויפן.

צווישן געדויש און געטומל זײַנען כאָסן־קאַלע אינגאַנצן פאַרלוירן. מען האַלדזט זיי, מען פּאַטשט זיי אין די פּלייצעס, מען טרייסלט זיי אַזוי אַז סאָניאָן פאַרדרייט זיך דער קאָפּ און גרישאַ מוז זי שיצן. אַף אַן אַלגעמיינער באַראַטונג באַשליסט מען, אַז דעם ערשטן יונגן פּאָרל דאַרף מען אויסבויען אַ באַזונדערן שאַלאַש, דעם בעסטן.

און דעמאָלט רופט זיך אָן קרוגלאָוו:

— מיר האָבן דאָ גערעדט פון פרײַנטשאַפט. אָט איז זי די פרײַנטשאַפט. איר זעט, דאָס גליק פון אונדזערע צוויי כאַווירים איז אונדזער אַלעמענס גליק. און איך שעם זיך יאָטן. איך האָב פון אײַך אומגליק אויסבאַהאַלטן, און איך האָב ניט געדאַרפט באַהאַלטן...

ער דערשרעקט זיך אַליין פאַר זײַנע ווערטער. צוריקכאַפּן איז שוין שפּעט, דערציילן איז שווער.

— רייד, רייד, אַנדריושאַ — קלינגט קלאָוואָס קאָל.

ער גיט אַ קוק אַף קלאָוואָן און אַף איין אויגנבליק כאַפּט ער אומקלאָר אויף וואָס עס איז געשען; נאָר טייקעף ציט ער זיך צוריק פון דעם דורכגעפלויגענעם געדאַנק. צו שטאַרק איז זײַן צערודערונג.

— יאָ, כ׳וועל זאָגן... הערט, יאָטן... אין ראָסטאָוו... אין אַלגעמיין, האָב איך אויך אַ קאַלע... און איך וואָלט וועלן זי זאָל אַהערקומען... אויב נאָר איר זײַט מאַסקים...

— אויב איך האָב ריכטיק פאַרשטאַנען — רופט זיך אָן אַף זײַן באַס קאַליוזשני — האָבן מיר אַ מעלדונג אַף צוויי פאַמיליען־שאַלאַשן.

און סיאָמאַ אַלטשולער האַלט שוין אַ דורכגעפּילטע רעדע:

— איר מיינט, דאָס איז גלאַט אַזוי זיך? כאַסענע געהאַט — און גאָר? ניין, פרײַנט מײַנע! דאָס ווערט בײַ אונדז דאָ געבוירן, אַף אָט דעם אָרט פון דער צוקונפטיקער שטאָט, אַ נײַ לעבן. צום באַדויערן, האָבן מיר ניט קיין ווײַן, נאָר זאָל זיך אונדז דוכטן אַז מיר האָבן ווײַן, און איך הייבן אויף דעם בעכער פאַר דער קאָמיוגישער מישפּאָכע, פאַר אונדזער צוקונפט, פאַרן נײַעם לעבנס־שטייגער פון דער קאָמיוגישער שטאָט.

און ער הייבט אויף די האַנט מיט דעם געדאַכטן בעכער.

אַזוי אַרום ווערט דער געוויינלעכער אָוונט פאַרוואַנדלט אין אַ פײַערונג; און עט שפּעטער, ווען די פרײַנט גייען זיך פונאַנדער צו זייערע געצעלטן, פילט קיינער ניט די דורכגעזאַפּטע פײַכטקייט פון זייערע האַרטע געלעגערס.

באַם שפּעטער פאַרבלײַבט קלאַוואַ איינע אַליין. זי רירט זיך ניט, ווען לעבן איר זעצט זיך פּאַמעלעך אַוועק סיאָמאַ אַלטשולער. מעגלעך זי האָט אים גאָרניט באַמערקט.

— עך, וואָס איז מיט דיר, קלאַוואַ? — רירט סיאָמאַ אָן איר האַנט. זי גיט אים איר האַנט און מיטאַמאָל צעווייגט זי זיך.

— ליבע פאַרגייט, קלאַוואַ, און פרײַנטשאַפט פאַרבלײַבט — זאָגט סיאָמאַ און ווישט איר אָפּ די נאַסע באַקן מיט אַן עק וואָלענעם טיכל.

קלאַוואַ גיט אַ כליפּע און צעשמייכלט זיך שולדיק.

— דו מיינסט נאָר ניט... — מורמלט זי.

— ניין, קלאַוואַ, איך מיין גאָרניט. איך טראַכט נאָר אַז דו ביסט אַ מוטיק מיידל און אַז דו וועסט ניט וויינען. נאָר אויב דו מוזט זייער שטאַרק וויינען אַ ביסל — וויין שוין איצט, איך וועל דיר אָפּווישן די טרערן און דיר וועט גרינגער ווערן...

נאָר זי וויינט שוין ניט.

סיאָמאַ פירט זי צו צו איר מיידלשן געצעלט און דריקט איר האַנט צום האַרצן:

— דאָ שטייט פאַר דיר אַזאַ פרײַנט, קלאַוואַ, אַזאַ פרײַנט...

זײַן רעדנער־טאַלאַנט האָט אים דאָס מאָל פאַרלאָזן.

— עך, ניט אין ווערטער גייט עס! — ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט און גייט אַוועק דורכן לאַגער, שטרויכלענדיק אין דער פינצטער.

## XXV

אַ גרופּע קאָמיוגיסטן קײַקלט אַראָפּ קלעצער וואָס זײַנען פאַרגרייט געווען פאַראַיאָרן ווינטער אַפן טײַך סילינקאַ. דאָס געהילץ ליגט צונויפגעלייגט אין הויכע שטאַבעלן לענגאויס דעם ברעג. טרעפט אַז גאַנץ אייגעם אַ קלאָץ קײַקלט זיך נאָך אַ גאַנצע קופּע, מוז מען זײַן זייער פלינק און אָפּשפּרינגען, קעדיי ניט אומצופאַלן, כאַפּן אַ קלאַפּ אָדער די פינגער אָפּקלעמען.

סערגיי גאַליצין פילט זיך געקריוודעט וואָס מען האָט באַשטימט פאַר בריגאַדיר גענקאַ קאַליוזשני, דעמאָלט ווען ער האָט שוין אַ געוויסע פּראַקטיק און געניטקייט. אָן אומצופרידענער, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט נידעריקער

מיטן שטראָם. מיט אַ שטאַנג שטופּט ער אָפּ די קלעצער וואָס האָבן זיך אײַנגעגעסן אינעם ברעג אָדער זײַנען פאַרשטעקט אינעם זאַמד פון די אַרי־בערגענג איבערן טײַך. נאָך נידעריקער, קוים וואָס מען זעט אים אָן צווישן די ביימער, שטייט סיאָמאַ אַלטשולער.

און העכער הילכן די קלעצער, מיט זײַן מעכטיקן באַס גיט קאַליוזשני באַפעלן און פאַשקאַ מאַטווייעוו לאָזט זיך הערן מיט בורלאַקישע געשרייען.

סערגיי בייזערט זיך אָף פאַשקאַן. אַ קראַנקער, מיט צינגאַ־פלעקן אָף די פיס, און ער קריכט אינעם סאַמע קאָך. און ער פּרעסט הירזש און שרײַט: „אוי ווי געשמאַק! ס'וועט מיר גאָר קיינמאָל ניט נימעס ווערן!" מען דער־לויבט אים פאָרן אָף היילוגג און ער אַקשנט זיך און כאַפּט זיך ווי אומישנע צו די שווערסטע אַרבעטן: „איין קלין האַקט אַרויס דעם צווייטן". און איב־גאַנצן אַ צעפּאַרעטער, מיט דער אומגעזונטער געלקייט אָפן געשוואָלענעם פּאָנעם, בראַווירט ער מיט זײַן אומדערשיטערטן איראָנישן לאַשן „שטשע נע וומערלאַ אוקראַיִנאַ..." (נאָך ניט טויט איז אוקראַיִנע).

דער טאָג איז פון אָנהייב געווען אַ כמאַרנער, נאָר אין מיטן טאָג שלאָגט זיך דורך די זון דורך די וואָלקנס און באַלײַכט אַלץ. דער טײַך גלאַנצט און איז לויטער דורכזיכטיק ביז צום גרונט, די קלעצער גאָלדיקן זיך, און סיאָמאַ אַלטשולער מיט דעם שטאַנג, ווי אַ קאַרליק פון אַ מײַסע אַרויס, מיט דעם קישעפדיקן שטעקן.

און מיטאָמאָל לאָזט דער קאַרליק פאַלן דעם שטעקן, און מאַכט מיט די הענט און לויפט מיט דעם ברעג צו סערגייען. די פאָלעס פון זײַן טאָלסטאָווקע זײַנען ווי צוויי פליגל צעפלויגן, די הענט האַלט ער קאָמיש איבערן קאָפּ אויפגעהויבן און ער שרײַט מיט באַנומענע קוילעס. סערגיי טראַכט זיך: „אַ טיגער!" די טיגערס רייצן נאָך אַלץ די פאַנטאַזיע. קיינער גלייבט ניט, אַז זיי זײַנען שוין דאָרטן ניטאָ. סערגייען דוכטן זיך שוין די געלע הונגע־ריקע אויגן פון דער כאַיע. „לויפן! שפּרינגען אין וואַסער!..." אָף יעדן פאַל האַלט ער פעסטער דעם שטאַנג.

נאָר ניטאָ קיין שום טיגער.

— גענאַדי! גענאַדי! — שרײַט סיאָמאַ. ער לויפט פאַרבײַ סערגייען און קוקט אַפילע ניט אָף אים. סערגיי לאָזט זיך לויפן נאָך אים.

באַ די שטאַבעלן האָט עפעס פאַסירט. קאָמיוגיסטן דרענגען זיך באַם ברעג. אַ סאַך זײַנען זיי, נאָר זיי שווײַגן.

סיאָמאַ שרײַט שוין ניט, ער רײַסט זיך גלײַך אַרײַן צווישן אוילעם, צע־שטופּט די מענטשן מיט אַן אומדערוואַרטעטן קויעך, כאַפּט זיך צו פרעמדע פּלייצעס, קוקט זיך אײַן אין די פּנימער — און שטויסט זיך אָן אָף קאַ־ליוזשניקן, ווען יענער שלעפּט אַ קלאָץ.

— דו לעבסט! — שרײַט סיאָמאַ און נעמט אים אַרום, דרייט זיך אויס צו סערגייען און שרײַט אַ דערפרייטער: — ער לעבט!

און ווערט טייקעף אַנטשוויגן.

אונטער די אַראָפּגעוואַלגערטע קלעצער פונעם שטאַבעל, שוואַרצט זיך ניט באַוועגט אַ מענטשלעכער גוף. מען זעט אונטערגעבויגענע פיס אין צע־ריסענע שיך.

— פאַשקאַ! — שרײַט סערגיי אַ געפּלעפּטער. און ער שטופּט אָפּ די יאַטן און מיט ווילדער ענערגיע נעמט ער אָפּוואַרפן די אָנגעוואַלגערטע קלעצער.

פאַשקאַ ליגט, מיט דער האַנט פאַרשטעלט דאָס פּאַנעם, און פון אונטער דער האַנט פליִצט אַ געדיכטער שטראָם בלוט.

סיאָמאַ אַלטשולער שטופּט מיט ציטערנדיקע פינגער סערגייען אין דער האַנט אַרײַן אַן אײַנגעצעט טיכל. סערגיי ווישט אָפּ פאַשקאַן דעם שטערן און די באַק, וואָס זײַנען מיט בלוט פאַרשמירט. דאָס בלוט ריַנט שוין קוים. סערגייען דוכט זיך, אַז די וויִעס האָבן בײַ פאַשקאַן אַ ציטער געטאָן. ער באַנעצט אים די וויִעס און רופט אים:

— פאַשקאַ... פאַשענקאַ!

פאַשקאַ מאַטווייעוו ענטפערט ניט. מען לייגט אים אַוועק אויף אַ רעגנמאַנטל, ווי אויף אַ טראָגבעטל און מען טראָגט אים צום לאַגער. סערגיי גייט פון הינטן, דער לעבנסלאָזער קאָפּ מיט די פאַרבלוטיקטע האָר ליגט אויף זײַנע הענט.

אין מיטן וועג צעוועקט זיך פאַשקאַ. ער קוקט זיך אַרום מיט אַ מוטנעם בליק, ער דערפרייט זיך מיט סערגייען און גאַנץ דײַטלעך זאָגט ער:

— נע וומער דאַנילאַ, ברעוונאָם זאַדאַווילאַ.*)

און ווידער פאַרלירט ער דעם באַוווּסטזײַן.

ווען מען ברענגט אים אין לאַגער איז שוין אַלץ קלאָר: טויט. דאָך גלייבט מען ניט. מען ריכט זיך דעם אָוונט אויף אַ שיף, און מיט דער שיף קומט אַ דאָקטער. קאָמיוגיסטן האַלטן וואַך בײַם האָפּן, טייקעף ברענגען דעם דאָקטער צו פאַשקאַן: „ס'קען געשען דאָס אוממעגלעכע".

פאַשקאַ ליגט אויף אַ קופּע מאַנטלען און קאָלדרעס. לעבן אים זיצט סערגיי, אַן לאָשן און אַן טרערן.

שוין אין דער פינצטער, באַרירט סערגיי זײַן פרײַנטס צעקרומטע פינגער, נעמט אַראָפּ די האַנט פונעם פּאַנעם און רופט אַרײַן די מיידלעך. די מיידלעך וואַשן אָפּ דעם טויטן, טוען אים אָן און דעקן אים צו דאָס פּאַנעם.

די שיף איז אַרײַנגעקומען אָן דעם דאָקטער. נאָר מען האָט אים שוין ניט געדאַרפט.

די גאַנצע נאַכט וואַכן, לויט דער ריי, צו פיר מענטשן, בײַם טויטן קערפּער. סערגיי לייגט זיך אינגאַנצן ניט שלאָפן און רעדט ניט מיט קיינעם. ער האָט פאַרלוירן יעדע פאַרשטעלונג וועגן צײַט, וועגן שלאָף, וועגן די מענטשן אַרום זיך. ער איז אין דער מאַכט פון זײַן אומגעקומענעם פרײַנט, פון זײַן לעבן, פון זײַנע ווערטלעך, פון זײַנע שטיפערישע כיטרע שפּיצלעך, פון זײַן צו שפּעט אָפּגעשאַצטער פרײַנטשאַפט, פון זײַן אומזיניקן טויט.

אינדערפרי ברענגט מען אים צו קווורע. בײַם אָמור אויף אַ בערגל גראָבט מען אויס אַ קייווער. מען באַשיט אים מיט מאָך און מיט צווײַגלעך. מען זינגט „ווי זשערטוואָיו פּאַלי" (איר זײַט אַ קאָרבן געפאַלן). דער אַמורער ווינט בלאָזט אַראָפּ די ערד פון די לאָפּעטעס און פּאַטשט מיט דער פאָן אָפּן דרענגל.

טימקאַ גרעבען האַלט אַ רעדע:

— שלאָף, טײַערער כאַווער! מיר וועלן פאַרענדיקן דײַן זאַך.

סערגיי שטייט אײנער אַליין אָן אַ זײַט און קוקט פאַר זיך אַ טרויעריקער. אים פּײַניקט אַ דערמאָנונג, וואָס טרעט פון אים ניט אָפּ: די אונטער־

---

*) אין אוקראַיִניש: דאַנילאַ איז ניט געשטאָרבן, אַ קלאָץ האָט אים דערוואָרגן.

געבויגענע פיס אין די צעריסענע שיך. „שלאָף, טײַערער כאַווער !...״ „וואָס מיר שלאָף, אַז קיין גאָט איז ניטאָ און ניט קיין יענע וועלט, און פּאַשקאַ וועט פוילן אין דער ערד... צום טײַוול !...״

ער דערהערט אַפּלאָדירן. עס רעדט אַנדריי קרוגלאָוו.

— מיר זײַנען גערופן אונטערטעניק צו מאַכן די טײַגע דעם באָלשע־וויסטישן ווילן און מיר וועלן זי אונטערטעניק מאַכן. מיר וועלן שליסן די רייען אַפן קייווער פון דעם קאָמיוגיסט, וואָס איז געפאַלן אַפן גלאָררײַכן פּאָסטן...

מען זינגט „יונגע גוואַרדיע״. די ווערטער פונעם ליד קלינגען ווי אַן אַרויסרוף אַלע קומענדיקע שוועריקייטן. נאָך אינעם אַרויסרוף טריפט אַ ווייטיק. מען האָט פּאַשקאַן ליב געהאַט, איצט, ווען ער איז ניטאָ מער, האָט מען אים נאָכמער ליב.

מען נעמט זיך שוין אַוועקגיין, נאָר קלאַוואַ שפּרינגט אַרויף אַפן קייווער.

— יאַטן ! קאָמיוגיסטן ! וואָס־זשע האָט איר אַראָפּגעלאָזט די קעפּ ? געדענקט פּאַשאַ מאַטווייעוון. ער איז קראַנק געווען אַף צינגע, באַנאַכט איז ער געלעגן און אָפּאָטעמען ניט געקענט, און אַף דער אַרבעט איז ער געווען דער ערשטער, און אַף יעדן צופאַל האָט ער געהאַט אַ שפּאַס. און געווען איז עס דערפאַר וואָס ער האָט געטרוימט. — זי בײַסט צו די צונג און גיט אַ קוק אַף קרוגלאָוון, ער זאָל זי ניט פאַראורטיילן, נאָר קרוגלאָוו באַשטעטיקט מיטן קאָפּ. — ער האָט געטרוימט וועגן דער קאָמיוגישער שטאָט, ער האָט זי געוואָלט אויפבויען. און מיר ווילן דען ניט, מיר טרוימען דען ניט וועגן דעם ?

סערגיי הערט קלאַוואַן ריידן. דאָס מיידל איז פּאַשקאַן געווען געפעלן, לעבן איר פלעגט ער ווערן שטיל און ווייך. און זיי האָבן זיך געכאַווערט. נעכטן האָט קלאַוואַ געוויינט. און איצט איז זי אויפגעהײַטערט און רעדט מיט זעלבסטפאַרגעסנקייט און וואַרעמקייט, וואָס דערגייט צו יעדנס האַרץ.

— איך האָב אַ פאָרשלאָג, יאַטן. מיר האָבן דאָך נעכטן ניט פאַרענדיקט אַראָפּוואַלגערן די קלעצער. ניט פאַרענדיקט, ריכטיק ? טאָ לאָמיר שוין אַוועק אַהין, מיט לידער אַלע, פריילעכע, און לאָמיר ווײַזן ווי מען דאַרף אַרבעטן, אַזוי אַז... נו, ווי זאָל איך זאָגן...

סיאָמאַ שפּרינגט אונטער פון הינטן :

— דער נאַטור אַף צו לאָכעס...

נאָר קלאַוואַ זאָגט עס פּאַשעט :

— איר פאַרשטייט דאָך, פאַר פּאַשאַן וואָלט עס געווען דאָס אָנגענעמסטע...

די אַרבעט באַם טײַך גייט יענעם טאָג פלײַסיקער ווי ווען עס איז. סערגיי אַרבעט אינאיינעם מיט אַלעמען, פאַרביסן, שטום, ער קריכט אין די גרעסטע סאַקאָנעס, ער הייבט איינער אַליין די שווערסטע קלעצער. נאָך אין מיטן טאָג וואַרפט ער די אַרבעט. ער גייט אַוועק אין דער טײַגע, ער ברעכט צווײַגן, ער רײַסט בלעטער און טרעט זיי מיט די פיס, ער קלאַפּט אַראָפּ בלומען מיט דעם שטיוול און ער שילט אַלץ אַ פאַרשיקערטער :

— צום טײַוול ! צום טײַוול ! צום טײַוול !

און ער וויינט מיט אוממעכטיקע טרערן אַף זײַן פּלוצימדיקער איינזאַמקייט.

## XXVI

די פֿאַרזאַמלונג פֿון די בויער האָט שוין באַם סאָף. זי קומט פֿאַר אינעם ניט פֿאַרענדיקטן ברעטער־בינין, וואָס האָט באַמבאַסטיש באַקומען דעם נאָמען קלוב. באַ איין ברענענדיק ליכט לייענט ווערנער זײַן באַריכט וועגן דער לאַגע אויף דער בויונג. די באַזונדערע אָנשטרענגונגען פֿון די בריגאַדעס און אָפּטיילן ווערן צוזאַמענגענומען אַזוי, אַז יעדער איינער פֿון די פֿאַרזאַמלטע ווייס זײַן אָרט אין דער אַלגעמיינער זאַך און ער זעט צום ערשטן מאָל דאָס גאַנצע. מען ענדיקט שוין בויען דעם געהילץ־זאַוואָד. דערווײַל נאָך אַ קליינעם, אויף צוויי בראַנזשעס. נאָר די צוויי בראַנזשעס וועלן פֿאַרזיכערן די בויונג מיט דעם געהילץ. מען האָט שוין אָנגעהויבן מאָנטירן די ערשטע עלעקטרישע סטאַנציע; עמעס, אַ קליינע, אויף בלויז 35 פֿערד־קראַפֿט, נאָר די 35 פֿערד־קראַפֿט וועלן געבן עלעקטרישע באַלײַכטונג. עס איז שוין אין גאַנג אַ סטאָליער־וואַרשטאַט. מ׳אָרדנט שוין אײַן די שמידערײַ (ניט גוט איז נאָר וואָס דער אָרגאַניזירער פֿונעם שמידער־צעך, יעפּיפֿאַנאָוו, האָט די פּרעס אָוועקגעלאָזט באַ דער שיף, און אַזוי טויג ניט). מען האָט שוין געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿונעם מעכאַנישן וואַרשטאַט. מען האַלט איצט אין קאָרמשעווען דאָס פּלאַץ פֿאַרן זאַוואָד. עס זײַנען שוין אויסגעבויט פֿערציק שאַלאַשן. מען בויט איצט אַ וווינונגס־הויז פֿאַר די אינזשעניערן. עס האַלט שוין ניט ווײַט פֿון בויען דעם זאַוואָד גופֿא.

דער טונקעלער זאַל איז פֿול געפּאַקט מיט קאָמיוגיסטן און זיי אַפּלאָדירן יעדע מעלדונג. אין דעם מאָמענט פֿאַרגעסן זיי די צוגעגעסענע הירזש, די נעץ, די צעריסענע שטיוול, די קראַנקייטן וואָס האָבן זיך באַוויזן.

ווערנער לייענט גראַנאַטאָווס אַ טעלעגראַמע — אַלץ איז אויף די רעדער. ס׳איז פֿאַרלאָדן פֿלייש, ציבעלעס, אַלערליי פֿעטס, קאַרטאָפֿל, פֿוטבאָל־בוטס און קאַלדרעס.

נאָכן באַריכט שמועסט מען לאַנג און הייס. מען שווערט זיך איבערצוטראָגן אַלע שוועריקייטן, אַבי מען זאָל דערזען דאָ, אין דער טײַגע, באַ דעם אומרויִקן אַמור, אַן עלעקטריש לעמפּל, געוועקשאַפֿטן, זאַוואָדן, שיפֿן. פֿון דער צוקונפֿטיקער גראַנדיעזקייט שטעלן זיך טרערן אין די אויגן.

ווען סאָניאַ מיט גרישאַן גייען אַרויס געאָרעמט פֿונעם קלוב, שטרויכלט ער און זפֿאַלט שיִר ניט אום. זי צעלאַכט זיך און צערטלעך האַלט זי אים פֿאַר:

— האָסט דאָך מיך שיִר ניט אומגעוואָרפֿן.

נאָר אַפֿן וועג צו זיך אין שאַלאַש, ווען זיי שטייען אָפּ פֿון אַלעמען, כאַפּט זי זיך ערשט אַז ער פֿירט זי ניט אויף דער סטעזשקע, נאָר אַן אַ זײַט, גלײַך אויף די בלאָנקענדיקע אײַנגעוואָלגערטע בערעזע־שטאַמען. פֿון דעם שרעקלעכן כשאָד, גייט איר איבער אַ קאַלטער שוידער איבערן לײַב. יאָ, אַפֿן צווייטן אָפּטייל איז אַזאַ פֿאַל געווען... קענטיק, זי האָט אַ ציטער געטאָן, ווײַל ער פֿרעגט זי:

— דיר איז קאַלט, שטערנדל?

זי נעמט זיך אין די הענט אַרײַן און ענטפֿערט גלײַך ווי גאָרניט וואָלט געשען:

— אַ קליין ביסעלע... נעם מיך פֿעסטער אונטערן אָרעם, ביסט אַזאַ וואָרעמער.

און אומבאַמערקט, אויס מוירע פֿאַר דעם געדאַנק, אַז ער וועט אַלץ

באַמערקן, נעמט זי אים פֿירן. זײַן צערטלעכקייט שרעקט זי: ווי קען זי עס אים זאָגן, ווען ער איז אַזוי גליקלעך?

און ער זאָגט:

— דו ווייסט, איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געשריבן אַזויפֿיל פֿערזן ווי איצט. איך בין איבערפֿול מיט ניט אײַנגעאָרדנטע שורעס. בײַ דער אַרבעט — פֿערזן, באַם אָפּרו — פֿערזן, קוק איך אַף דיר, ווערן גאַנצע פּאָעמעס.

זי וויל אים צוגרייטן:

— אַז מען לעבט מיט פֿערזן, אַזוי ווי דו, איז קיין שום אומגליק ניט שרעקלעך. ריכטיק?

— ריכטיק — איז ער לײַכט מאַסקים, — פֿאַרשטייסט, פֿון גליק קר־מען די פֿערזן אַליין, מען דאַרף זיי נאָר באַאַרבעטן... און הײַנט, באַם מי־טאָג, האָב איך אָנגעשריבן ספּעציעל פֿאַר דיר... צו דיר...

ווײַל זי שווײַגט, פֿרעגט ער זי אומגעדולדיק:

— ווילסט, וועל איך דיר איבערלייענען.

און ער נעמט לייענען שטיל, צוגעבויגט צו איר. פֿון די פֿערזן, פֿון דער שטימע, פֿון זײַן צוגעבייגטן פּאָנעם ציט זיך צו איר אַ טיפֿע צערטלעכקייט.

איר גלוסט זיך וויינען. זי פֿירט אים און אַלץ זאָרגעוודיקער קלײַבט זי אויס דעם וועג ער זאָל ניט שטרויכלען. ער וווּנדערט זיך וואָס זי שווײַגט און מיט אַן אָנגעשטרענגטן קאָל פֿרעגט ער:

— פֿאַרוואָס זאָגסטו מיר גאָרניט? דיר געפֿעלט ניט?

זי ענטפֿערט ניט און ער פֿילט זיך באַליידיקט. ער זאָגט אַליין:

— איך ווייס, פֿאָרמעל איז עס נאָך ניט גוט. די פֿערטע שורע איז אַ ליידיקע... מיינסט איך ווייס ניט. איך וועל נאָך אַרבעטן אַף זיי... נאָר איך האָב דיר געוואָלט איבערלייענען טייקעף. דיר מוז איך טייקעף אי־בערלייענען...

דעמאָלט האַלט זי ניט אויס, פֿאַלט אים אַפֿן האַלדז און נעמט שרײַען פֿאַרצווייפֿלט און טרייסלט אים אומגעדולדיק:

— גרישאַ, דו זעסט מיך? דו זעסט מיך? זאָג, אַז דו זעסט!

ער קוקט אַף איר מיט ברייט־צעעפֿנטע אויגן, און ווערט מיטאַמאָל אומזיכער. ער הייבט אויף די הענט און נעמט מאָדנע שאַרן מיט זיי אין דער לופֿטן, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט. מיט אַן אַראָפּגעפֿאַלענער שטימע זאָגט ער:

— ניין, איך זע ניט.

ער וויל צוגעבן: דאָ איז אַזוי פֿינצטער. נאָר ער וויל זיך אַליין ניט נאַרן. ער פֿאַרשטייט. עס איז עמעס, הייסט עס, — אַפֿן צווייטן אָפּטייל...

זיי שטייען באַנאַנד און שווײַגן.

זיי הערן זייערע הערצער קלאַפּן.

דערנאָך נעמט זי אים אָן מיט אַ זיכערער באַוועגונג פֿאַרן אָרעם און זאָגט:

— קום.

זי לאָזט אים קיין איין מאָל ניט שטרויכלען — אירע אויגן קלײַבן אונטער דעם וועג. ער שווײַגט. ער האָט ניט קיין ווערטער. ניט באַלד כאַפּט ער זיך וואָס זי איז אויסן, ווען ער הערט איר פֿראַגע:

— באַגריצקי, האָסטו געזאָגט, איז געווען זייער קראַנק?

ווען ער איז עס טויפֿעס, כאַפּט ער זיך דערין אַז ווי אין אַ רעטונגס־

פּעדעמל, וואָס זי דערלאַנגט אים, נאָר דאָס קאָל לייקנט אָפּ די ווערטער, און ברעכט זיך טיף און אומגליקלעך:

— יאָ! יאָ! עס האָט אים געשטיקט, ער האָט געברענט און ער האָט געשריבן: „איך באַגעגן די טעג, ווי בעכערס, ביז די ברעגעס פולע מיט מילך און מיט האָניק...“

אַזוי פריש דער בראָך, אַזוי אומגעריכט דער אומגליק. ער איז ניט צו־געגרייט צו ליידן. ער וויל אַזוי לעבן און זיך פרייען, און עס וואַרט אַף אים אַזויפיל פרייד פאַרויס. ווי קען ער שאַלעם מאַכן דערמיט וואָס די פרייד איז פאַר זיינע אויגן פאַרשטעלט. די געליבטע איז מיט אים, נאָר ער וועט מער ניט זען איר ליבן פּאָנעם!

איר וואָרעמע אומאָרעמונג רוקט אָפּ אַף אַ קורצער צייט די קעלט פון דער פינצטערניש. זי בעט אים היסטעריש צודרינגלעך:

— לייען מיר ווידער דיינע פעדזן! לייען מיר ווידער דיינע פערזן!

ער לייענט זיי אָן לעבן, ווי פרעמדע:

מיט דיר בין איך גרייט אַ גאַנץ לעבן צו גיין,
דורך שטורעם, געוויטער און אייז־קאַלטן ווינט.
דו לייכט מיר נאָר צו, שטערנדל מיינס,
דו, ליכטיקע מיינע, זיי נאָר מיט מיר.

פון זיינע ניט זעענדיקע אויגן רינט אַראָפּ אַ טרער אַף דער באַק, און נאָך איר אַ צווייטע.

— יאָ, יאָ, יאָ — טוליעט זי זיך צו אים און איז גויווער די שרעק, וואָס האָט אויך זי אַרומגעכאַפּט... — איך וועל שטענדיק זיין מיט דיר... אַף יעדן טראָט... איך וועל פאַרשרייבן דיינע פערזן...

נאָר ווען זי נעמט אים פירן ווייטער, גייט ער איר נאָך אָן פרייד, אַ ניט זיכערער, און שאַרט אין דער לופטן מיט זיין ציטערדיקער האַנט. פון אָט דער אומזיכערער האַנט־באַוועגונג ווערט סאָניאַן ניט אויסצוהאַלטן אומ־היימלעך.

## XXVII

די בלינדקייט ווייזט זיך אַרויס, איז ניט אַזאַ שרעקלעכע. די קראַנק־געוואָרענע ווערן בלינד נאָר אין אָוונט, אינדערפרי קערט זיך צו זיי אום די ריִע. נאָר קיינער ווייס ניט פון וואָס די קראַנקייט נעמט זיך און ווייס אויך ניט ווי מען היילט זי.

סאָניאַ לאָזט גרישאַן אַ מינוט ניט אַליין. עס פּייניקט אים די מוירע: ווער ווייס צי מאָרגן וועט די ריִע צוריקקומען?

אין אַ פאַרנאַכט באַווייזט זיך פּלוצים צו די איסאַקאָווס אין שאַלאַש דער אַלטער סעמיאָן פּראָפּיריעוויטש.

גרישאַ באַגעגנט אים ווי אַ רעטער. ער איז אים מעכאַבעד מיט טאַבאַק, מיט טיי. ער הייצט איין אינעם אייוועלע, קעדיי דער אַלטער זאָל די שטיוול צוטריקענען.

עס איז נאָך פרי, נאָר די בלינדקייט רוקט זיך פון דער דעמערונג אַרויס און מיט איר די מוירע: ווער ווייס צי מאָרגן?...

דער אַלטער, דוכט זיך אים, איז פון יענע פאַרצײַטיקע קלוגע דערציילער, וואָס קלאַוואַ האָט אַזוי ליב זיי נאָכצודערציילן.

— די טײַגע איז זיך נויקעם איבעם מענטשן — רעדט דער אַלטער פאַמעלעך, ווי ניט גערן — צי דען זעט איר די ערשטע! נאָך אין די נײַנהונדערטער יאָרן... נו יאָ, פאַר דער יאַפּאַנישער מילכאָמע... זײַנען אַהער געקומען, אָט ווי איר, דעראָבערער. און געקומען ניט ווי איר, נאָר מיט דער פולער אַמוניציע, וואַרעמע קליידונג אַליין אַ שלאַל! וואָס־זשע ווערסטו זאָגן דערויף — פון אַ מייע איז איינער געבליבן. ער האָט זיך דערשלאָגן צו די סטאַראָוויערן (פראַוואָסלאַוונע סעקטאַנטן), האָט זייער היילונג איבערגענומען און באַ זיי אויך כאַסענע געהאַט... אַז ניט, פלעגן זיי אַלע אויסשטאַרבן. ווען די בלינדקייט איז באַפאַלן, ווען די ציינגאַ האָט אָנגעבלאָזן, ווער עס האָט אַף די לונגען געליטן, און אַנדערע האָבן אַליין ניט געווּסט סאַראַ כאַלאַעס זיי פירט אין קייווער אַרײַן. דער מענטש ווערט קראַנק, פאַלט אַוועק, מוטשעט זיך אָפּ אַ ביסל און גיט אָפּ גאָט די נעשאָמע. געווען אויך אַזעלכע וואָס דער בער האָט אויפגעפרעסן. און ווען אַ קאַץ.

— אַ קאַץ? ! — דערשרעקט זיך סאָניאַ.

— יאָ, מיידל, גלייב יאָ, גלייב ניט, נאָר אַ קאַץ. באַטאָג נאָך האָט ער זי דערזען, אַ קאַץ, פונקט ווי אַ היימישע, אַ גרויע, מיט אַ שפּרענקעלע, אַ ביסעלע גרעסער, נאָר אויגן ברענענדיקע, מיט אַ ווילדן גלאַנץ. ער האָט זי נאָך צוגערופן: קיס־קיס־קיס... און באַנאַכט האָט זי אים צעפרעסן.

סאָניאַ גיט זיך אַ קנויל אײַן, שטייט אויף און מאַכט צו פעסטער די טיר.

דער אַלטער גיט אַ זויג די ליידיקע פײַקע, קלאַפּט זי אויס אָנעם קנאַפל און נעמט זי פאַמעלעכן אָנשטאָפּן.

— נאָר מענטשן לעבן דאָך. אָט איר. די איבערגעוואַנדערטע... — מורמלט סאָניאַ און טוליעט זיך אין איר מאַנטל.

דער אַלטער שווײַגט.

גרישאַ זיצט אָפן טאַפּטשאַן מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט.

— ווו זיי לעבן און ווו ניט — זאָגט צום סאָף דער אַלטער — אַף דער זעאַ, אַף דער בורעאַ, פאַרוואָס זאָלן זיי ניט לעבן! און קאַטאָרזשניקעס האָט מען נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק געטריבן... וועגן די דעקאַבריסטן, מיסטאָמע, האָט איר געהערט!

דער אַלטער ווערט אַ ביסל צעמישט פון גרישאַס האַסטיק־נײַגעריקן בליק, נאָר ער צעשמייכלט זיך און ציט געדיכטער אַרײַן דעם רויך פון דער פײַקע.

— דו טראַכסט דיר, פון וואַנען ווייס איך? אַלץ ווייס איך. איר האָט די כאָכמע פון די ביכער און שוין, און איר ווייסט ניט וואָס אַלטע לײַט און געניטע מענטשן דערציילן. אָט וואָס! און אײַערע נאַטשאַלניקעס פאַרלאָזן זיך אַף די ביכלעך, אַף לאַנד־קאַרטעס פאַרשיידענע. אַן אויסוואַל צו מאַכן, דאַרף מען ניט קיין קאַרטעס.

— וואָסערן אויסוואַל? — איז שוין גרישאַ צערודערט.

— דעם אויסוואַל פונעם אָרט, אַדלער מײַנער, אָט וואָסערן — ענטפערט דער אַלטער אויך אַ צערודערטער און בלײַבט אַנטשוויגן.

גרישאַ און סאָניאַ זײַנען איבערגעשראָקן; צי פילט זיך ניט דער אַלטער באַליידיקט? נאָר ער הייבט ווידער אָן מיט דער פריערדיקער רויקייט פון אַ קלוגן דערציילער:

— מיר טוט ווי פאַר אײַך — זאָגט ער און הילט זיך אײַנגאַנצן אײַן אינעם בלויען שטילן רויך — און ווי מעג מען דאָס שיקן אַזאַ יוגנט אַף אומקום? פון אַלע אַרומיקע ערטער איז דאָס אָרט דאָס אומגעזונטסטע. אַרום און אַרום זומפּ, נידערלאַנד, דער קאָמאַר איז דאָ אַ בייזער, אַ זומפּיקער, אַ פיבער־טראָגנדיקער... די געוויקסן דאָ זײַנען זומפּיקע, גיפטיקע. דער בער אַפילע גייט אַוועק פון דאַנען אַף זומער; דער וואָלף מײַדט אויס דאָס אָרט.

— דאָ איז דאָך פאַראַן אַ דאָרף! — שלאָגט אים איבער סאָניאַ און איר קאָל ציטערט.

— דער היגער מענטש איז דאָך אַ צוגעוווינטער — ענטפערט ווייך דער אַלטער — און צי דען איז דאָ אַ סאַך פאַרבליבן? איך געדענק נאָך דאָ אַ גרויס דאָרף. דאָ איז ענג געווען פון מענטשן. איך אַליין האָב דאָ אַמאָל געוווינט, און בין אַוועק פון דאַנען אַזוי לאַנג איך בין נאָך גאַנץ. ניטאָ דאָ פאַרן מענטשן קיין גליק. אַהער פלעגט מען קומען אַף פישפאַנג, אַף יאַגד. עס פלעגן זיך דאָ אַמאָל אַ לאָז טאָן די פיש, איז דאָס וואַסער מוטנע געוואָרן, כאַטש כאַפּ זיי מיט די הענט. און הײַנט וואָס? אַמאָל פלעגן דאָ זײַן פוקסן און מאַרדערס, און ווידרע און וועווערקעס פוביקע... ווײַסן פוקס פלעגט מען דאָ האַרגענען צענדליקערווײַז. הײַנט הערט מען גאָרניט וועגן זיי, און אַנדערע פוקסן זײַנען אויך ניטאָ. קליין־יאַגד אַפילע פאַרשווינדט. ניין, דאָ איז אַן אָרט פון אומקום, ניט קיין מענטשלעכער. וואָלטן אײַערע נאַטשאַלניקעס געווען מענטשן ווײַסנדיקע, צוטרויעלעכע, וואָלטן זיי פרעגן אַלטע לײַט, לאַנגסטיקע אײַנוווינער, וואָלטן זיי אַן אַנדער אויסוואַל געמאַכט... איך, פאַרשטייט זיך, דאָרף דאָ ניט לעבן. מיך האָט מען ניט געפרעגט; נאָר אײַך האָב איך ליב באַקומען און מיר טוט ווי פאַר אײַך.

ער הייבט זיך אויף צום אַוועקגיין, און סאָניאַן דוכט זיך ער האָט אַפילע אַ טרער אָפּגעווישט.

גרישאַ רירט זיך ניט. די פינצטערניש איז שוין דאָ. אומזיסט רײַסט ער אויף די שוואַרצאַפּלען. סאָניאַ הייבט זיך אויף, פאַרבײַגייענדיק גיט זי אים אַ גלעט די האָר און גייט צו צום אַלטן.

— אײַך זײַנען באַקאַנט, זיידע, די היימישע רעפּועס?

דער אַלטער קײַעט מיט די ליפּן. ער האָט געהאַט אַרויסגענומען די פּײַקע פון דער קעשענע, נאָר ער באַטראַכט זי און לייגט זי צוריק אַרײַן.

— צו וואָס. איר זײַט דערווײַל, אַ דאַנק גאָט, געזונט, איר לעבט.

גרישאַ לויפט מיטאַמאָל צו און שרײַט, ניט מיט זײַן קאָל:

— וואָסער טײַוול „געזונט". גיב אַן אייצע, זיידע! איך זע ניט! איך זע ווידער ניט!

ער טרייסלט אים ווי אין פיבער.

סאָניאַ דערציילט אים שטיל און שנעל, ווי די יאָטן ווערן מיטאַמאָל בלינד אַף איבער נאַכט, אַז ס'איז נאָך אַלץ קיין דאָקטער ניטאָ און קיינער האָט דערצו קיין רעפּועס ניט.

דער אַלטער הערט זי אויס שווײַגנדיק און שטרענג; זײַן גאַנצער אויסזען זאָגט, אַז אַלץ געשעט ווי עס דאַרף געשען, ס'איז געוועזן צו דערוואַרטן: די טײַגע איז זיך נויקעם און דאָ איז אַן אָרט פון אומקום, ווי געזאָגט, דאָס אָרט וועט זיי אומברענגען.

— צו נאַכט צו ווערט ער בלינד? — פרעגט ער.

— צו נאַכט צו...

גרישאַ דרייט זיך האַסטיק אום. ער לאָזט אַראָפּ די פּיס פונעם טאַפּ־טשאַן און פרעגט:

— זאָג, זיידע, וואָס זאָל איך טאָן? מיט וואָס וועט זיך עס ענדיקן, דו ווייסט דאָך? וועל איך אינגאַנצן בלינד ווערן אָדער ווי? וואָס ס'וועט זײַן וועט זײַן, נאָר איך וויל וויסן אָף וואָס איך זאָל גרייט זײַן.

דער אַלטער זעט אויס אינגאַנצן רויק.

— אָפּנאַרן וועל איך ניט — זאָגט ער, — ביז ווינטער איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן. ווינטער וועסטו בלינד ווערן. און אַלע, די וואָס לײַדן אָף די אויגן, וועלן בלינד ווערן. זאָג זיי אַזוי. און מײַן אייצע איז: שוין דײַן ווײַב אויב ניט זיך אַליין. וואָס וועט זי טאָן, אַ יונגנט, מיט אַ בלינדן מאַן. פאַרט אָוועק איידער דער ווינטער קלאַפּט אָן. פאַרט אָוועק, וואָס גיכער פאַרט אָוועק. מיר איז אַ שאָד אײַער יוגנט, אײַער ליבע איז מיר אַ שאָד... עך, וואָס איז דאָ צו ריידן!

ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, רוקט אָן דאָס היטל און, אומגעזעגנט, גייט ער שנעל אַרויס.

סאָניאַ זעצט זיך צו צו גרישאַן, טוליעט זיך אין אים און שווײַגט. נאָך אַ ווײַלע שווײַגן, רופט זיך גרישאַ אָן:

— דאָס קען דאָך ניט זײַן.

דערנאָך, נאָך אַ לאַנגער פּויזע, שרײַט ער אויס מיט קאַס:

— און זיי האָבן דאָס גאָרניט געוווסט!

שפּעטער, נאָך לאַנגן זיצן, רופט ער זיך אָן, שוין אַ באַרויקטער:

— וואָס קען מען מאַכן, סאָניושקאַ, מירן זיך לייגן שלאָפן. שוין שפּעט...

און לאַנג הערט סאָניאַ ווי ער דרייט זיך, זיפצט און קריצט מיט די ציין. דערנאָך שלאָפט ער אײַן. אינמיטן דער נאַכט וועקט ער זיך אויף. זי זעט ניט זײַן פּנים, זי הערט נאָר לעבן זיך זײַן פאַרשנעלערטן אָטעם.

— סאָניאַ, — נעמט ער זי אַרום און טוליעט זײַן באַק צו איר רוקן — סאָניאַ, בעסער בלינד און אַ באַלשעוויק, איידער זעענדיק און אַן אויסוואָרף. יאָ, סאָניאַ?

לאַנג שלאָפן זיי ניט אײַן. זיי ליגן אַרומגענומען און ריידן אײַן איינער דעם צווייטן, אַז אַלץ וועט נאָך גוט זײַן, אַז עס קען נײַט געמאָלט זײַן מען זאָל זיי געוועזן ברענגען אָף אומקום, אַז דער איקער איז — זיך ניט נאָכגעבן.

## XXVIII

די טעג גייען זיך. די קאָמיוגיסטן אין דער שטאָט פון די „פּערציק שטעט”, אין די געצעלטן און שאַלאַשן מיט די נעמען זייערע אָף די ברעט־לעך, אין די בריגאַדעס און אין די אָפּטיילן, לעבן, אַרבעטן, לאַכן, קרענקען, עסן הירזש און געטריקנטע פיש, זינגען לידער און נודיען זיך.

די בלינדקייט האָט שוין אַ נאָמען — הינערשע. מען זאָגט דאָס נעמט זיך פון עסן ווייניק גרינס און פעטס.

ווען וואַלקאַ בעססאָנאָוו איז קראַנק געוואָרן, האָט ער פאַרצווייפלט גע־שריגן, דערנאָך האָט ער זיך באַרויקט. ער לאַכט זיך אַליין אויס און מאַכט נאָך ווי אַ הון קוואָקעט. באַנאַכט, פאַרן שלאָפן גיין, זידלט ער זיך אויס ווי לאַנג ער קען און זאָגט, צו קיינעם ניט געווענדט:

— כ׳פֿאָר אַוועק צום טײַוולס באָבען, כ׳שפּײַ אַף זייער דיסציפּלין!

מען ענטפֿערט אים ניט. אַ מענטש איז אויפֿגעבראַכט, גיי קריג זיך מיט אים!

פֿון די מיידלעך איז קיין איינע ניט קראַנק געוואָרן. „שטאַרקע קעץ״ — איז וואַלקאַ בייז אַף זיי. ווען ער הערט אין די אָוונטן קאַטיאַ סטאַווראַוואַ זינגען און לאַכן, טרייסלט ער זיך פֿאַר כּעס.

— צו וואָס האָט מען זיי אַהער געבראַכט! — וואָרטשעט ער און סטאַרטשעט די אויגן, עפּשער וועט ער כאָטש אומקלאָר דערזען איר אומרויִקע געשטאַלט — קויעך האָבן זיי ווי די הינדעלעך און אַ טומל מאַכן זיי אַף דער גאַנצער בויונג.

נאָר ווען קאַטיאַ קומט צו צו אים פֿאַרגעסט ער דעם גאַנצן כּעס און נעמט קוואָקען ווי אַ הון, שפּאַסן, זוכן איר האַנט. זי מוטיקט אים ווייך און גייט אַוועק. זי האָט געגנוג זאָרגן: דעם אַ העמד פֿאַרנייען, יענעם אַ קנעפּל צונייען, אַ דריטן די וועש וואַשן. לילקאַ העלפֿט איר צו. לילקאַן טוט ווי דאָס האַרץ פֿאַר די יאַטן, און שוין צופֿיל. קאַטיאַ ווערט אויסער זיך ווען זי זעט סאַראַ פֿרײַקייטן זי דערלויבט די יאַטן.

— גיב אַכטונג, לילקאַ! — וואָרנט זי קאַטיאַ — מיט אַזאַ ראַכמאָנעס וועסטו ווײַט ניט אַוועק.

— זיי איז דאָך אומעטיק — רופֿט זיך לילקאַ אָן ניט גערן.

— דו שיק זיי זיך באָדן. ס׳קאַלטע וואַסער וועט זיי אָפּקילן.

— איך אַליין בין דאָך אויך ניט פֿון שטיין. און די באָכערים זײַנען אַלע ווײלע, צוגעלאָזענע... — ענטפֿערט שוואַך לילקאַ און לויפֿט ווידער אין די אָוונטן דאָ מיט איין באָכער, דאָ מיט אַ צווייטן. ניטאָ קיין סאָך מיידלעך.

די שײַטערס דערעסן און קיין פֿאַרווײַלונגען זײַנען ניטאָ.

אין פֿרײַער צײַט דרייט מען זיך אַלץ צודרינגלעכער אַרום די מיידלעך. עס קומען אַרויס קריגערײַען. באַזונדער קריגן זיך צווישן זיך פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשיידענע שטעט און געגנטן. די מאָסקווער פֿאַרטרײַבן די „פֿרעמדע״ באָכערים פֿון די מאָסקווער מיידלעך, די איוואַנאָווער פֿאַרטיידיקן זייערע. מען טראַכט צו פֿאַרשיידענע מיטלען אַף אָפּצוגעווויִנען די זײַטיקע. קאָסטיאַ פּערעפּעטשקאָ האָט אַף דער טיר פֿונעם שאַלאַש, ווו עס וווינט קאַטיאַ סטאַווראַוואַ, צוגעשלאָגן אַ ספּעציעלן קלאַפּערל, וואָס דערלאַנגט גלײַך אין שטערן דעם ניט אײַנגעשוווירענעם, וואָס פּרוּווט אַרײַנגיין. קאַטיאַ איז אויפֿגעבראַכט, זי לאַכט, ווי פֿון זיבעך, ווען זי אַליין פֿאַרגעסט זיך און באַקומט אַ קלאַפּ אין שטערן, און שטילערהייט לערנט זי אויס אירע אַנדערשטעטישע פֿרײַנט עפֿענען די טיר צו איר אין שאַלאַש.

אין איינעם אַ פֿרײַען טאָג האָט אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל.

דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ מיטינג וואָס איז זיך צוזאַמענגעקומען אַפֿן ברעג. גראַנאַטאָוו איז צוריקגעקומען פֿון זײַן רײַזע. צונויפֿגעלאָפֿן איז זיך טייקעף אַן אוילעם צו דער שיף. נאָר גראַנאַטאָוו האָט מיט זיך גאָרניט געבראַכט אַ כוץ אָנווײַזונגען און אָרדערס. דערפֿאַר אָבער אַ סאַך. אַלץ ווערט אויפֿגעלאָדן, אַלץ איז „אַף די רעדער״, נאָר אַפֿן אָרט איז נאָך קיין זאַך ניטאָ.

פֿון טאָג צו טאָג דאַרף אָנקומען אַ דאָקטער. גראַנאַטאָוו האָט גערעדט מיט אים, און קעדיי צו באַרויִקן די קאָמיוגיסטן זאָגט ער זיי, אַז מען רופֿט

אים פאַלצעוו, אַן עלטערער מענטש, אין פּענסנע, אַ באָכער, און ער פירט מיט זיך אַ קאַסטן מיט מעדיצינישע ביכער. די פּענסנע מיט דעם קאַסטן ביכער איבערצײַגן אַלעמען.

— נאָר, — זאָגט גראַנאַטאָוו — איך וויל מיט אײַך ריידן וועגן עפּעס אַנדערש. איך וויל ריידן וועגן אײַך. איר קענט מיך?

— מיר קענען! — שרײַען די קאָמיוגיסטן אין כאָר.

— איר גלייבט מיר?

— מיר גלייבן!

— מיר גלייבן! מיר גלייבן! — שרײַט טאַניאַ, בלייך פון גערירטקייט.

— די שוועריקייטן הייבן זיך ערשט אָן — זאָגט גראַנאַטאָוו — און איך האָב מורא, אַז איר דערשאַצט זיי ניט, אַז איר זײַט צו זיי ניט גרייט. מיר האָבן געהאַט אַ שמועס אינעם פּאַרטיי־קאָמיטעט. דער פּאַרטקאָם איז באַאומרויִקט וועגן דעם ווי איר וועט איבערטראָגן די מאַגלען וואָס שטייען אײַך פאָר. ניט ווײַט איז שוין האַרבסט. דער טראַנספּאָרט וועט אונטערהינקען ביז מען וועט אַהער דורכלייגן די באַן. עס וועט זײַן אַ פּראָסטיקער ווינטער. און איך וויל זיך מיט אײַך פונעם האַרצן דורכשמועסן.

ער רעדט וועגן דעם וויפל מען דאַרף נאָך לײַדן, וואָס מען דאַרף נאָך בײַקומען, קעדיי אין אַ וואָס קירצערן טערמין אויספילן דעם אַכראַיעסדיקן אויפגאַב — אויפבויען דעם זאַוואָד.

— כאָוועער קרוגלאָוו האָט זיך באַקלאָגט, אין זײַן זאָרג פאַר אײַך, אַז קיין מאַטראַצן איז ניטאָ, אַז ס'איז נאַס, אַז מען קען ניט אַרבעטן ווען צו מיטאָג גיט מען הירזש און אין אָוונט ווידער הירזש. נו, און אַז מען וועט נאָך מוזן גאַנצע כאָדאָשים עסן הירזש און קיין מאַטראַצן וועלן ניט זײַן? איז וואָס? וועלן מיר זיך אָפּזאָגן? וועלן מיר ניט בויען דעם זאַוואָד? וועלן מיר זיך צעלויפן?

די קאָמיוגיסטן שרײַען: „ניין! ניין!" אַ סאַך שטעלן פראַגן: וואָס טוט מען פאַר דער באַזאָרגונג, פאַר וווינונגס־בויונג? ענטוזיאַזם און שרעק פאַרכאַפּן די פאַרזאַמלונג.

אַנדריי קרוגלאָוו שטייט פאַררוקט אין סאַמע ווײַטסטן ווינקל. ער איז רויט פאַר בושע. און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל אים פאַרטיידיקן. — מאָראָזאָוו איז קראַנק. און וואָס קען אים העלפן מאָראָזאָוו! קרוגלאָוו גופע האָט ניט קיין באַרעכטיקונג פאַר זײַן ניט געלונגענעם אַרויסטריט אינעם פּאַרטיי־קאָמיטעט.

ער כאַפּט אויף קלאָוואַס פאַרוווּנדערטן טאָדל־בליק.

ער שלאָגט זיך דורך צו דער טריבונע און בעט אַ וואָרט.

— די כאַווײרים ווייסן אַז איך בין ניט קיין פּאַכדן און ניט קיין עגאָאיסט! — שרײַט ער פון דער טריבונע און זײַן קאָל האַקט זיך איבער און קלינגט, — איך האָב גערעדט וועגן די שוועריקייטן קעדיי ווי מעגלעך זיי צו פאַרגרינגערן. נאָר ווען עס זאָל בייטיק זײַן, אַז אין די פונדאַמענטן פונעם זאַוואָד זאָלן ליגן ניט נאָר אָמורער שטיינער, נאָר אויך אונדזערע ביינער — ווייסן עס די כאַווײרים — וועל איך מײַן לעבן אָוועקגעבן און ניט נאָר מײַן געזונט אָדער מײַנע באַקוועמלעכקייטן.

די פאַרזאַמלונג רוישט.

— ווער דאַרף דאָס האָבן — די ביינער אָוועקלייגן? — הילכט וואָלקאָ בעססאָנאָווס קאָל.

— האָט מען אונדז, הייסט עס, געשיקט אַהער אַף באַמיסטיקונג ? — שרײַט ניקאָלקאָ.

— אַז מען וועט דאַרפֿן, וועלן מיר אַלץ אַוועקגעבן — שרײַט טאָניאָ.

— רײַבט בעסער איבער מיט אַ ביסל זאַמד די באַזאָרגער — וועט זײַן ריכטיקער.

— שטאַרבן איז גרינג, איר לערנט אײַך בעסער אויס אַרבעטן !

שפּעטער רופֿט זיך אָן גראַנאַטאָוו צו אַנדרייען :

— וועגן די ביינער, האָסטו ניט באַדאַרפֿט... צו אָפֿן...

אַנדריי איז צעמישט, נאָר ער פֿאַרשווײַגט.

די קאָמיוגיסטן גייען זיך פֿאַמעלעך פֿונאַנדער. מען שטייט אין רעדלעך און מען דיסקוטירט, מען רויִשט, מען איז אויפֿגעבראַכט.

— וואָס עפּעס, רוקן זיי אַרויס שוועריקייטן ! — זאָגט וואָלקאָ בעס־סאָנאָוו — מיר ווייסן אַז ס'איז שווער. נאָר וואָס פֿאַראַ נאַטשאַלניקעס זײַנען זיי, אַז זיי קענען קיין זאַך ניט באַקומען ? אָט איך, לעמאָשל, מײַן בריגאַדע איז שטענדיק אַ באַזאָרגטע, מיט מאַטעריאַלן, מיט אינסטרומענטן, מיט אַלץ ! איך וועל הייזעריק זיך זידלענדיק און רײַס אַרויס !

— ער שרעקט אונדז ! — רעזאָנירט סיאָמאָ — איר ווייסט וואָס דאָס איז ? דאָס פּרוּווט ער אונדז אויס וואָס פֿאַראַ קאָמיוגיסטן מיר זײַנען. נאָר די שיפֿן גייען, דאָס פֿלייש פֿאַרט, די קאַרטאָפֿל ! מ'עט אויסטיילן, ברידער ! וואָס נאָך דאַרף מען ? בוטערבראָדן מיט איקראַ, וואָס ?

ניין, וועגן בוטערבראָדן מיט איקראַ טראַכט מען גאָרניט.

— אַז אומקומען איז אומקומען ! — זאָגט טימקאָ גרעבען — נאָר דערווײַל, הײַדאַ, זיך באָדן !

נאָר וואָלקאָ גייט זיך ניט באָדן. ער איז בייז און אויפֿגעבראַכט. וואָס־זשע, דערווײַל איז ער געקומען אַהער, בלײַבט וועדן און די ביינער אַוועקלייגן ? די נאַטשאַלניקעס קענען ניט אַרבעטן, און דו קום אום... ע־עך, סאַראַ אומזין...

— אויב אומקום, איז מיט מוזיק ! — שרײַט וואָלקאָ בייז — הײַדאַ, צו די מיידלעך, אַ הוליע טאָן צום לעצטן מאָל !

און ער לאָזט זיך גיין צום מיידלשן שאַלאַש מיט העכערישן קריי.

— די פּעסטן גייט ! — שרײַט קאָטיאַ פֿון איר שאַלאַש אַרויס.

און דאָ ברעכט אויס דער סקאַנדאַל. קאָסטיאַ פּערעפּעטשקאָ פֿאַרשטעלט אים דעם וועג און, אַ צעהיצטער, וואַרפֿט ער אים צו :

— וואָס שאַרסטו זיך דאָ ? קריך ניט ווו מען בעט דיך ניט !

וואָלקאָ צעפּאַכעט זיך און דערלאַנגט אים מיט אַ פֿויסט אין אויער אַרײַן.

פּערעפּעטשקאָ גיט אַן אָכקע און מיט דעם גאַנצן קויעך גיט ער וואָלקאָן אַ זעץ אין דער ברוסט.

קאָסטיאַס גוטע ברידער וואַרפֿן זיך אים צו הילף.

און דאָ באַווײַזט זיך אַ נײַע גרופּע : די מיידלעך שפּאַצירן, געדיכט אַרומגערינגלט מיט באָכערים. די באָכערים פֿלוידערן און לאַכן. סאָניאָ איז אויפֿגעבראַכט, זי קען זיך בעשום אויפֿן ניט אָפּטשעפּען פֿון גענקאָ קאַליוזש־ניס קאָרטעזשירן און האָט מוירע גרישאָ זאָל עס דערזען, — פֿון זינט ער ווערט בלײַנד באַנאַכט, איז ער שרעקלעך אײַפֿערזיכטיק. די באָכערים פֿײַנען זיך אויס פֿאַר די מיידלעך מיט שאַרפֿזין און העפֿלעכקייטן. דאָס שאַדט ניט די ריוואַלן זאָלן זיך איינער דעם אַנדערן גיפֿטיק אויסלאַכן. נאָר אַלץ איז

פרידלעך, פאַרשטעלט, ביז זיי דערזעען דאָס געשלעג צווישן בעססאָנאָווען מיט פּערעפּעטשקאָן. צוערשט כאַפּט מען זיך זיי פונאַנדערנעמען. ווי נאָר אָבער זיי דערוויסן זיך איבער וואָס מען שלאָגט זיך, רײַסן זיך אַרויס אַף דרויסן די באַהאַלטענע געפילן און עס פאַרפירט זיך צווישן זיי אַ נאַרישע זידלערײַ, וואָס גייט איבער אין אַן אַלגעמיינעם געשלעג.

גרישאַ איסאַקאָוו קומט צו לויפן און פרוווט זיך איבעררײדן די שלעגערס, ער ווייס נאָך ניט ריכטיק אין וואָס דאָ גייט. נאָר גענקאַ קאָליוזשני לויפט צו און פאַרמעסט זיך אַף אים מיט די פויסטן.

— אַוועק! — שרײַט ער און דרייט בייז מיט די אויגן — האָסט כאַסענע געהאַט, היִנטישער זון, טאָ שווײַג. וואַרט, מירן דיך אָפּגעטן, וועלן מיר זען סאַראַ לידל דו וועסט זינגען.

— אויסוואָרף! — שרײַט סאָניאַ און פאַרשטעלט מיט זיך גרישאַן.

— ווילדע מענטשן! מאַלפּעס! אָראַנגוטאַנגען! — שרײַט קלאַוואַ און שטעלט זיך אַוועק אומדערשראָקן צווישן די שלעגערס — וואָס זײַנען מיר אײַך, זאַכן, וואָס איר שלאָגט זיך איבער אונדז? נאָכדעם וועלן מיר אַפילע ניט וועלן ריידן מיט אײַך!

דאָס געשלעג פאַרענדיקט זיך מיט אַ געלעכטער. אין דער צײַט וואָס די באָכערים שלאָגן זיך, כאַפּט אונטער סערגיי גאָליצין לילקאָן, אַ צופרידענע מיט דעם העגער־געשלעג, און ער פירט זי אַוועק שפּאַצירן אין דער טײַגע. דאָס געשלעג הערט אויף פון זיך. די באָכערים שעמען זיך מיט דעם נאַרישן אויסבראָך, צעלאַכן זיך און נעמען צערײַבן די סיניאַקעס. מען סטראַשעט זיך בלויז, נאָר ניט בייז.

די מיידלעך נעמען זיך אַלע פאַר די הענט און לאָזן זיך דעמאָנסטראַטיוו אַוועקגיין.

וואַלקאַ בעססאָנאָוו לאָזט זיך נאָך זיי מיט אַ שולדיקן שמייכל אַף די אונטערגעשלאָגענע ליפּן:

— קאַטיאַ, איין מינוטקעלע!

טיפּעש! — שנײַדט אים אָפּ קאַטיאַ. זי קוקט זיך אַפילע ניט אום אַף אים און לאָזט זיך גיין ווײַטער.

וואַלקאַ שטייט אַ ווײַלע מיט אַ פאַראַקשנט אַנגעבויגענעם קאָפּ און גייט שנעל אַוועק צו זיך אין שאַלאַש.

טאָניאַ לויפט אַוועק צו קרוגלאָוון. מען דאַרף רעאַגירן, פאַרדאַמען, אויפדעקן, אָפּשטעלן... קרוגלאָוו און טאָניאַ לאָזן זיך גיין צו דער באַרזשע, צום קראַנקן מאַראָזאָוון.

מאַראָזאָוו גייט זיי אַקעגן, אין פוישטן, אַנגעשפּאַרט אַף אַ שטעקן. זינט דער שטורעם־נאַכט, ווען ער האָט געאַרבעט אינעם וואַסער, לײַדט ער פון אַ שטאַרקן אַנפאַל פון רעוומאַטיזם.

— און איך שלעפּ מיך צו אײַך — זאָגט ער, — איר האָט פאַרפירט, זאָגט מען, אַ פויסטן־געשלעג. די מאָסקווער פאַר די מאָסקווער, די טווערער פאַר די טווערער. נו, קומט וועלן מיר זיך דורכריידן.

זיי גייען אַרײַן אין דער קאַיוטע.

אַזעלכע קאָמיוגיסטן דאַרף מען אויסשליסן! — זאָגט טאָניאַ — מען וואָלט באַדאַרפט וואָס גיכער אַ קאָנפערענץ און אַ קאָמיטעט־זיצונג, און אַלעמען זיי אַרויסשמײַסן מיט אַ קנאַק.

מאַראָזאָוו שמייכלט.

— אַלעמען ? און מיט אַ קנאַק ? אַ הייסע ביסטו ! — דערנאָך ווערט ער ערנסט — די קאָנפערענץ טאָר מען מער ניט אָפּלייגן. דאָס ביסטו גערעכט. מיר זײַנען אַליין שולדיק : פון די יאַטן פאָדערן מיר אַרבעט און פאַרנעמען זיי אין דער פרײַער צײַט קענען מיר ניט. מיר האָבן זיי איבערגעלאָזט אַף אייגענעם באַראַט.

— זיי זײַנען ניט קיין קינדער, זיי דאַרפן פאַרשטיין — זאָגט קרוגלאָוו.

— מירן זיי לערנען, וועלן זיי פאַרשטײַן. אָט זע ווי וואַסיאַיעוואַ דענקט — אַלעמען מיט אַ קנאַק אויסשליסן. זי איז דאָך אויך ניט קיין קינד.

טאַניאַ איז אינגאַנצן רויט געוואָרן.

— ווער ניט רויט, איכל קיינעם ניט זאָגן. נאָר דאָס מוז מען טייקעף טאָן : ליקווידירן די „שטעט”. מירן אײַנטיילן די וווינונגען לויט די בריגאַדעס, וועלן זיי באַלד פאַרגעסן ווער פון וואַנען עס שטאַמט. אין די בריגאַדעס — קאָמיוגיסטישע גרופּעס, אין די אָפּטיילן — קעמערלעך. און וואָס גיכער די קאָנפערענץ. און אויסוויילן אַ פעסטערן קאָמיטעט, אַ מער פאַרשטאַנדיקן, וואָס זאָל קיינעם ניט לאָזן זיך לאַנגווײַלן.

ער נעמט באַהאַנדלען ווי דורכצופירן די וואַלן, און דאָ קומט צו לויפן פעטיאַ גאָלובענקאָ מיט דער לעצטער טאָג־נײַס : בעססאָנאָוו האָט זײַנע זאַכן צונויפגענומען און איז אַוועק אַף דער שיף.

קרוגלאָוו, טאַניאַ און פעטיאַ לויפן צום ברעג. די שיף האָט שוין געגעבן איר צווייטן פײַף, מען הייבט שוין אויף דעם אַנקער — און וואָלקאַ בעססאָנאָוון זעט מען ניט.

אַנדריי לויפט אַרויף איבער דער שוין האַלב־צענומענער קלאַטקע, ער געפינט דעם קאַפּיטאַן און לאָזט זיך מיט אים גיין זוכן בעססאָנאָוון.

וואָלקאַ זיצט אַ כּוישעכדיקער אַף זײַן קויש. ער וווּנדערט זיך ניט און ער איז, דוכט זיך, גאָר צופרידן וואָס קרוגלאָוו איז געקומען. ער נעמט דעם קויש אַף די פּלייצעס און גייט אַ שווײַגנדיקער נאָך קרוגלאָוון אַפן ברעג אַראָפּ. זײַנע אונטערגעשלאָגענע ליפּן ציטערן.

אין אַ האַלבער שאָ אַרום קומט זיך צונויף, שוין דאָ, אַפן ברעג, אין אַ סאַראַי, אַ כאַוויירים־געריכט. דער סאַראַי איז געפּאַקט מיט אוילעם, ניטאָ זיך ווו אַ קער צו טאָן. דער קאָמיוגיסט בעססאָנאָוו וואָלעגטיק, געבוירן 1914, ווערט באַשולדיקט אין געשלעג און אַלס דעזערטיר.

— וואָס זאָל איך זאָגן, ווען איך בין שולדיק ! — זאָגט בעססאָנאָוו און די ליפּן ציטערן בײַ אים נאָך שטאַרקער — נאָר קיין דעזערטיר בין איך ניט. מען האָט מיך אויפגערעגט, דאָס גאָר. איך וואָלט סײַ ווי צוריקגעגאַנגען.

געטרײַ צו די קלאָלים, פרעגט מען אויס איידעס, נאָר דאָ גיבן זיך אַ בראָך אײַן די גאַרעס, איבערגעלאָדענע מיט מענטשן און די געריכט־מיטגלידער פאַלן אַראָפּ אַף דער ערד. די ריכטער, דער אוילעם און דער באַשולדיקטער קײַכן פון געלעכטער.

קאַטיאַ סטאַווראָוואַ רופט זיך אָן :

— וואָס נאָך ווילט איר ? דער באָכער איז זיך מוידע, איז צו וואָס איבערזײַערן.

זי פירט אַוועק וואָלקאָן מיט זיך.

— נאַר וואָס דו ביסט ! — רעדט זי צו אים ווייך — ביסט אַ נאַר ! וואָס האָט קיראָוו אַזוינס דערזען אין דיר, פאַרשטיי איך ניט.

זיי גייען אום איבער דער טײַגע ביז עס ווערט טונקל.

— אָט דאָס איז עס — זאָגט וואַלקאַ, — אויסגערונען דער האָן, געבליבן אַ נאַסע הון. ווילסטו קוילע, ווילסטו לאָז לעבן.

קאַטיאַ באַשליסט לאָזן לעבן. זי פירט אים אַהיים און דעם גאַנצן אָוונט ווײַזט זי אים אַרויס איר זאָרג און מיטגעפיל. ער קוואָקעט ווי אַ הון, פּרוווט פּיקן ברויט פון איר האַנט און ביידע קינדער זײַנען זיי פון געלעכטער, צופרידענע איינער פונעם צווייטן.

אין עטלעכע טעג אַרום זײַנען שוין די „שטעט״ ליקווידירט. מען האָט אַלעמען אײַנגעאָרדנט לויט די בריגאַדעס. אין די אָפּטיילן זײַנען שוין געשאַפן קאָמיוגיסטישע קעמערלעך. אַף דער קאָנפערענץ ווײַלן אויס די קאָמיוגיסטן פון דער בויונג אַן אַלגעמיינעם קאָמיוגישן קאָמיטעט, ווו עס גייען אַרײַן: קרוגלאָוו, בעססאָנאָוו, סטאָוורוואָוואַ, אַלטשולער. וואַלקאַ פּרוווט נאָך מאַכן אַ פּאַרענטפּערונג (ער פילט נאָך אַף זיך די בושע פון דעזערטירן), נאָר מען ענטפערט אים: נישקאָשע, וועסט שטאַרקער ווערן.

די פאַרזאַמלונג קומט פאָר אַפן נאַקעטן פּלאַץ, הינטערן דאָרף. מען זיצט אַפן גראָז, אַף די פּעניקעס, אַף די שטאַמען.

נאָך די וואַלן זינגט מען לידער.

און מיטאַמאָל האַקט מען אָפּ דאָס זינגען. אַף דער סטעזשקע וואָס פירט פונעם דאָרף דערזעט מען גיין צוויי מאָדנע פּאַרשוינען. אַ יונגערמאַן און אַ מיידל, מיט קײַלעכדיקע פּענעמער, אַרויסגעשטאַרצטע קינבאַקן און שמאַלע קאָסע אויגן. דאָס מיידל אין אַ טונקעלן כאַלאַט מיט אַ געלן גאַרטעלע. דריבנע־פּאַרפּלאָכטענע צעפּ פאַלן איר אַף די אַקסלען, אַפן רוקן און אַף דעם רוק־זעקל. זי איז אַ נידעריקע, אַ דיניבקע און אַ שרעקעוודיקע. זי דערזעט דעם גרויסן אוילעם, טרעט זי אָפּ צוריק און באַהאַלט זיך הינטער איר באַגלייטער.

— דאָס איז דאָך ער! שרײַט אויס גענקאַ קאַליוזשני.

מען שטעלט זיך אַרום אַרום די געסט. גענקאַ איז געווירט און כאַפּט זיך אַרום מיט קילטו.

— וואָס מאַכסטו, באָכער! אָהאָ, אײַער ניט ליב זיך טריפן! האָסט געזאָגט וועסט קומען, ביסטו געקומען, ריכטיק!

קילטו קוקט זיך נײַגעריק אַרום און מורמלט:

— צו וואָס זיך טריפן? — אונדזערע קאָמיוג! קאָמיוג.

ער ווײַזט אָן מיטן פינגער אַפן מיידל:

— אויך קאָמיוג. דאָס מיידל — קאָמיוג.

מאַאָמי שטייט מיט די דינע טונקעלע הענט אַראָפּגעהאָנגען און שמייכלט אומדרײַסט.

קאַטיאַ נעמט זי אָן פאַר דער האַנט.

— וואָס מאַכסטו! ווילסט גיין צו מיר אין דער בריגאַדע?

וואַלקאַ כאַפּט אָן קילטו:

— און דו צו מיר! אָט האָבן מיר זיך אײַנגעטיילט!

נאָר דאָס מיידל טוליעט זיך דערשראָקן צו איר באַגלייטער.

— מײַנע מיט אים. מײַנע מיט אים.

דאָס רופט אַרויס אַלעמענס פרייד. אויך מאַאָמי לאַכט, כאָטש זי פאַרשטייט נים קלאָר וואָס דאָ קומט פאָר. אין צען מינוט דערוויסן זיך די קאָמיוגיסטן די גאַנצע געשיכטע: ווי די עלטערן האָבן געוואָלט פאַרקויפן מאַאָמי פאַר אַ ווײַב דעם באַלגופישן זון אָפּאַ סאָמאַר, ווי קילטו און מאַאָמי זײַנען

אַנטלאָפן באַנאַכט אין אַ שיפל, מאַאַמיס מוירע אַז סאַמאַר אָדער זײַן פּאַטער וועלן זיי זוכן.

— ניט געטראָפן דאָס אָרט! איצט זײַט איר אונדזערע! — דערקלערט וואַלקאַ. — זאָלן זיי זיך דערוועגן — וועלן מיר זיי די פּיס אַרויסרײַסן.

— פון הײַנט אָן זײַט איר מיטגלידער פון דער בריגאַדע „אינטערנאַציאָנאַל“ — דערקלערט סיאָמאַ, — און טאָמער עפּעס, וועלן זיי האָבן צו טאָן מיט מיר.

אַף נאַכטלעגער אָרדנט מען זיי אײַן אין אַ שאַלאַש, כאָטש קילטו און מאַאַמי פאַרזיכערן, אַז זיי זײַנען געוווינט צו שלאָפן אין שיפל. מען איז זיי מעכאַבעד מיט הירזשענע קאַשע, וואָס איז זיי שטאַרק געפעלן. און מען גיט זיי די גרעבסטע מאַטראַצן — אַזוי איז דאָס געזעץ פון גאַסטפרײַנטשאַפט.

## XXIX

באַ די איסאַקאָווס אינעם שאַלאַש זײַנען פאַרזאַמלט בלויז די מיידלעך.

פאַרן שאַלאַש זיצט גרישאַ אַף אַ פּעניק, ער בײַסט אָן ראַכמאַנעס אַ ציגאַרל און הערט זיך אַ פאַרכמורעטער אײַן צו די מיידלשע רייד.

אַף אַ צווייטן פּעניק, מיט די הענט פאַרלייגט אַף דער ברוסט, זיצט סיאָמאַ אַלטשולער.

— ניין, דו פאַרשטייסט! פאַרשטייסט! — שרײַט גרישאַ און בײַסט אָפּ דעם צעקײַטן עק פונעם ציגאַרל.

— אַז אַ פרוי נעמט זיך אַרײַן עפּעס אין קאָפּ אַרײַן... — זאָגט סיאָמאַ און פאַרענדיקט אויך ניט.

פונעם שאַלאַש דערגייען אָפּגעריסענע ווערטער פון אָן אויפגערעגטער רעדע:

— איך האַלט, אַז דאָס איז אַ קאָמיוגישער כויוו...

און טאָניאַס אַ שאַרפער צווישנרוף:

— אַבסורד!

— דאָס איז אַלץ זי, — איז גרישאַ בייז — די פרומע קאַץ!

— זי האָט אַ קוק אַף זאַכן, — קלערט אויף סיאָמאַ און זיפצט אָפּ — יאָ, זי האָט אַ קוק. דאָס איז גוט. זי קען נאָר ניט זען עטלעכע זאַכן אַפּאַמאָל. און אויך ניט איין זאַך פון פאַרשיידענע זײַטן.

— וואָס? — פרעגט איבער גרישאַ אַ ניט גערנדיקער. ער טראַכט פון עפּעס אַנדערש.

— זי ווייס: מען דאַרף בויען. דאָס זעט זי. נאָר דאָס גאַנצע לעבן זעט זי ניט, — קלערט גערן אויף סיאָמאַ — נאָר מיר בויען דאָך ניט בלויז אַ שטאָט. מיר בויען אַ גאַנץ לעבן.

— יאָ, יאָ! — כאַפּט אונטער גרישאַ — אָט דאָס דאַרף מען דאָך! דאָס דאַרף מען! פונעם אַלגעמיינעם שטאַנדפּונקט!

— לאָמיר זיך ניט אויפרעגן — זאָגט סיאָמאַ, — מיר האָבן אַרגומענטן — איז איינס. מיר האָבן דעם קאָמיוגישן קאָמיטעט — איז צוויי. זאָלן די מיידלעך אָפּטומלען, זאָלן זיי דיסקוטירן און טויזנט מאָל באַשטימען. נאָר אויך דער קאָמיטעט וועט זאָגן זײַן וואָרט — פרעג איך, וואָס פאַר אַ ווערט האָבן זייערע באַשטימונגען אַקעגן דער באַשטימונג פונעם קאָמיטעט?

גרישאַ דרייט זיך אום אַ פאַרווונדערטער און אַ דערשראָקענער צו סיאָמאַן:

— וועלכער קאָמיטעט? ביסט פון זינען אַראָפּ!

— ניין, טײַערער כאַווער — זאָגט סיאָמאַ בײַסיק און איידל, — איך בין פון זינען ניט אַראָפּ, דו, אָבער, יאָ. ביסט ניט באַם קלאָרן געדאַנק! די אַלע ווײַבערישע געגנג האָבן דיר דעם קאָפּ פאַרדרייט. ביסט שוין ניט פעיִק צו דענקען ווי אַ מאַן. מיינסטו אַז איר וועט לייזן וועלט־פּראָבלעמען און דער קאָמיטעט וועט שטיין אָן אַ זײַט און זיך מאַכן גלײַך אים גייט עס ניט אָן?

— אָבער, וואָס קער זיך אָן דער קאָמיטעט? צי דען ווערן אַזוינע זאַכן?...

— טאַקע אַזוינע זאַכן!... צי דו מיינסט אַז אונדז האָט מען אויסגעוויילט פאַר אַ מעבל, אַז יעדערער זאָל זיך דערויף צעלייגן ווי אים געפעלט?

גרישאַ ענטפערט ניט באַלד. ער נעמט זיך צײַט אַ ציגאַרל צו פאַרוויקלען און דאָס אויסרייכערן. סיאָמאַ לאָזט אים שווײַגן, ווײַל אויך סיאָמאַ האָט זײַן קוק אַף זאַכן: ער ווייס, אַז אַ נײַעם געדאַנק פאַרדייעט מען נאָר דעמאָלט ווען מען איז אַליין מיט זיך און גרישאַ דאַרף פאַרדייען אַ נײַעם געדאַנק.

— יאָ, — זאָגט גרישאַ אַנטשיידן נאָכדעם ווי ער האָט דעם געדאַנק צעקײַט — ביסט גערעכט. נאָר סאָניאַ וועט קיינמאָל ניט מסכים זײַן. זי וועט זײַן שטאַרק ברויגעז...

— זי וועט זײַן שטאַרק ברויגעז, דערנאָך וועט זי דאַנקען — רעזאָנירט סיאָמאַ פילאָזאָפיש.

אין שאַלאַש איז טומלדיק.

סאָניאַ שטייט אייגנע אַליין אין אַ ווינקל. זי באַטייליקט זיך ניט אין דער דיסקוסיע. זי הערט נאָר און זאַפּט אײַן אין זיך די קעגנזעצלעכע מיינונגען, וועגט איבער די אַרגומענטן, און איז זשעדנע צו וויסן וווהין זיי וועלן דערפירן.

— און דו וואָס שווײַגסטו? — וואַרפט איר צו קאַטיאַ סטאַוראָוואַ.

זי ענטפערט ניט אַף דעם פאַרוואורף. זי שווײַגט, ווײַל דער וויקועך באַרירט זי צו טיף און דעם עמעס האָט זי נאָך ניט אויסגעפונען.

סאָניאַ האַלט פון קלאָרקייט אינעם לעבן, און ביז איצט איז אין איר לעבן אַלץ געווען קלאָר. זי איז געוווינט צו טאָן אַזוי ווי עס דאַרף טאָן אַ גוטע קאָמיוגיסטקע, און דאָס איז איר אָנגעקומען אָן שום מי, דערפון איז איר לעבן געווען אי פריידיקער און אי גרינגער. די אַרבעט, דאָס לערנען, די רײַזע אַפן ווײַטן מיזרעך — דאָ האָט ניט געקענט זײַן קיין ספּייקעס און קיין מיינונגס־פאַרשיידנקייטן. ווען זי האָט כאַסענע געהאַט, איז אויך אַלץ קלאָר געווען. זיי שאַפן אַ נײַע מישפּאָכע אין דער נײַער סאָציאַליסטישער שטאָט. אַ „באַלערנדיק־בײַשפּילפולע מישפּאָכע” — זאָגט וואַלקאַ בעססאַנאָוו. און מיטאָמאָל שטייט איצט סאָניאַ פאַר אַ פאַרפּלאָנטערטער און שווערער פראַגע, וואָס באַרירט איר עצעם לעבן. זי שוואַנגערט. האָט זי אַ רעכט צו געבוירן אַ קינד איצט ווען די בויונג האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, ווען עס פעלן אַרבעטס־הענט, ווען עס איז שווער צו לעבן אַפילע דערוואַקסענע שטאַרקע מענטשן?

— ס'איז אַן עגאָיִזם זיך אָנצוזעצן אַפן האַלדז דער בויונג מיט ווינדעלעך און זויג־פלעשלעך! — זאָגט טאָניאַ.

און זי איז אויבנאויפיק גערעכט. סאָניאַ לעבט אינעם צענטער פון די בױונגס־אינטערעסן און בױונגס־זאָרגן. זי פאַרשטייט אַליין וויפל אָנשטרענג דאָס קינד וועט פאָדערן. צי קען אַ קינד וואַקסן אין אַ פײַכטן שאַלאַש? און וווּ וועט זי נעמען מילך? דאָ זײַנען ניטאָ קיין קי און קיין לײַוונט אָף ווינדעלעך. דאָ איז גאָרנישט ניטאָ. און איר, דער שלאָגלערן סאָניאַ טאָרנאָווסקאַיאַ, וועט אויסקומען צו זיצן אָף „אויסהאַלט“, — וואָס קען נאָך זײַן ערגער?

— ווי קומט אַהער „אויסהאַלט“? — שלאָגט איר אָפּ קאַטיאַ — אין דער נײַער שטאָט מוזן זײַן קינדער. שטעל דיר פֿאָר: גערטענער, און קיין איין קינד ניט! מען וועט דאָך אונדז פֿאַרלאַכן!

באַם ערשטן דראַנג פון קאָמיוגישער זעלבסטפאַרגעסקייט, האָט סאָניאַ דערקלערט, אַז זי וועט זיך מאַכן אַן אַבאָרט. נאָר איצט וואָרט זי מיט שרעק אָפּן באַשלוס פון די כאַווערטעס. ניט שוין־זשע איז דער קאָרבן בעעמס אומפֿאַרמײַדלעך?

— ניין, ניין! — זאָגט קלאַוואַ — טראַכט זיך נאָר אַרײַן, מיידלעך, דאָס איז דאָך אַ רעציכע!

ליילקאַ דענקט פּאַשעטער:

— און וויאַזוי וועסטו אים האָדעווען? דו וועסט זיך אַליין אומברענגען און וועסט אויך דאָס קינד אומברענגען! פערציק גראַדוסן פראָסט, טיפע שנייען און די שמעלצט דעם שניי אין שאַלאַש אָף אָפּצובאָדן דאָס קינד!

— ניט דערין גייט עס, מיידלעך. נאָר ס׳איז אַן עגאָיזם, קליינבירגערלעכער עגאָיזם! — דערקלערט סאָניאַ — געקומען צו פאָרן, כאַסענע געהאַט, זיך צעקינדלט, און גיי האָב אין זינען, זאָרג פֿאַר דער בױונג!

— צו יענער צײַט, — שרײַט קאַטיאַ — וועט שוין אַלצדינג זײַן! די טערמינען זײַנען דאָך קורצע! און ביז זי וועט האָבן דאָס קינד, וועט שוין פון די שאַלאַשן קיין זייכער ניט זײַן. נײַן כאָדאָשים — דאָס איז דאָך אַ גאַנצע אייביקייט!

אינעם סאַמע ברען פון דעם וויקועך קומען אַרײַן אין שאַלאַש סיאָמאַ מיט גרישאַ. די מיידלעך בלײַבן שטיל. סאָניאַ ווערט רויט און נעמט קלוימערשט גלײַכגילטיק ריידן וועגן זײַטיקע זאַכן.

— וועגן דעם וועלן מיר שפּעטער ריידן, סאָניאַ, — שלאָגט איר אַנטשלאָסן איבער סיאָמאַ — צו וואָס פאַרהוילט איר פון פרײַנט אײַערע ווייטיקלעכע פּראַגן? זײַט מיר מויכל, סאָניאַ, נאָר אויב איר ווילט פּאַשעט ניט האָבן קיין זון, איז עס מאָנסטעריעז, קען איך עס גאָרניט גלייבן. נאָר אויב איר טראַכט וועגן קאָמיוג, וועגן בױונג, פאַרוואָס־זשע זאָל אײַך דער קאָמיוג ניט העלפן? אונדזערע מענטשן, סאָניאַ, זײַנען איידעלע, פּילבאַרע. ווייסטו דאָס?

— ריכטיק, — שרײַט קלאַוואַ און טרערן צעגלאַנצן זיך איר אין די אויגן — סאָניטשקע טײַערע, דאָס איז דאָס ריכטיקע.

— ער זאָגט, אַז מען דאַרף זיך באַראָטן מיטן קאָמיטעט... — מורמלט אַרויס גרישאַ, און ער קוקט מיט פאַרצווייפלונג און שרעק אָף סאָניאַן.

סאָניאַ זאָגט גאָרניט. זי איז ניט ברויגעז אָף גרישאַן. זי טראַכט, אַז זי איז אַ קאָמיוגיסטקע, אַז איר לעבן איז ענג פאַרבונדן מיט דעם קאָמיוג, דאָס הייסט, אַז באַ איר קענען ניט זײַן קיין פּערזענלעכע פּראַגן, וואָס אינטערעסירן ניט דער אָרגאַניזאַציע. זי טראַכט אויך, אַז עס איז אַ כאַרפּע,

אַ כאַרפּע און אַ כאַרפּע גיין צו כאַווײרים און נאַקעט אַרויסלייגן דאָס סאַמע טיפּסטע... נאָר דאָס וואָס זי שעמט זיך, טויג ניט... דאָס איז אַ באַווייַז פון ניט גענוגנדיקער, ניט פולשטענדיקער פאַרבונדנקייט מיט דעם קאָלעקטיוו... אין דער זעלביקער צייַט שרעקט זי זיך גאַנץ ערנסט — טאָמער נעמט גאָר עמעצער לאַכן פון איר, זי רייצן? און עס מישט זיך אויך אַרייַן די מיידלשע מוירע פאַר דער ענדערונג אינעם לעבן, און עס דערמאָנט זיך וואָס מען דערציילט וועגן געבורט־ווייען, וועגן קינדערשע מאָגן־קראַנקייטן, וועגן סקאַרלאַטין... נאַטירלעך, איז אָן דעם אַלעמען גרינגער. צי דען אָבער בעסער? זי דענקט פון אַלץ אַפּאַמאָל. ווייַל דער צושטאַנד פון פולשטענדיקער צערודערונג, אין וועלכער זי לעבט זייַט עטלעכע טעג, דערלאָזט איר ניט אָפּטיילן דאָס איקערדיקע פון דאָס זייַטיקע און אַרייַנברענגען אַן אָרדענונג אין די געדאַנקען.

— ווען אַ מענטשן איז שווער — רעדט סיאָמאַ סענטענצמעסיק, צו קיינעם ניט געווענדט — איז גוט צו האָבן פרייַנט וואָס זאָלן דיך אָננעמען באַם עלנבויגן און זאָגן: מיר זייַנען מיט דיר!

סאָניאַ שמייכלט. זי שמייכלט שטענדיק פון סיאָמאָס הויכקלינגענדיקער רעטאָריק. אַלע שמייכלען. נאָר קיינער קען ניט ווי סיאָמאַ אַזוי אַרויסברענגען די אומקלאָרע, צעמישטע געפילן פון די קאָמיוגיסטן. עס טרעפט אַז סיאָמאָס אין שפּאַס אויפגענומענע סענטענצן שפּילן אַן אַנטשיידנדיקע ראָל אין אַ שווערער מינוט.

אַזוי אויך איצט. סאָניאַ שמייכלט פון סיאָמאָס ווערטער, נאָר אַלע אומקלאָרע פּייַניקנדיקע געדאַנקען, ווערן קימאַט מיטאַמאָל אויסגעפורעמט אין אַ באַשלוס, וואָס זי ברענגט אים אַרויס מיט אַ לייַדנדיקן פאַרצווייפלטן פּאָנעם:

— נו, גוט. רופט אַהער אַנדריושאַן און נאָך וועמען... זאָל זייַן!

קאַטיאַ גיט זיך אַ ריס צו דער טיר און שוין פון דער טיר גיט זי, אין סאָפּעק, אַ פרעג:

— דעם גאַנצן קאָמיטעט?

גרישאַ גיט אַ טרייסל מיטן קאָפּ. צו וואָס אַלעמען. גענוג אַז קרוגלאָוו. נאָר סאָניאַ ווערט בלייך, פאַרמאַכט די אויגן און רעדט שאַרף אַרויס:

— יאָ, אַלעמען. אָדער אַלעמען אָדער קיינעם ניט!

די קאָמיטעט־זיצונג באַ די איסאַקאָווס אין שאַלאַש איז דורכויס אַן אויסנאַם. אין וועג דערציילט זיי קאַטיאַ אין וואָס עס גייט. און די קאָמיטעט־מיטגלידער פאַרשטייען, אַז ס'איז עפּשער דעם ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פונעם קאָמיוג אַזאַ פראַגע זאָל אַנטשיידן ווערן אַף אַ קאָמיוג־זיצונג.

— מען דאַרף אַ פּראָטאָקאָל אויך? — פרעגט קאַטיאַ וואָס פירט אויס אינעם קאָמיטעט די פליכטן פון סעקרעטאַר.

— לאָז דיך אָפּ! — ענטפערט איר קרוגלאָוו אויך אַזוי דערשראָקן, און עפּנט די זיצונג — אַלע ווייסן פון וואָס עס האַנדלט זיך? איז... זאָגט ווער וואָס עס דענקט דערפון. מיט האַרץ, אַף ריין. סאָניאַ — דו?

— איך וויל האַנדלען ווי מען דאַרף. פון קאָמיוגישן שטאַנדפונקט — ווערט סאָניאַ ריוט און ווידער בלייך — וואָס איך וויל, שפּילט דאָ קיין ראָל ניט.

— יאָ, אָבער!... — שרייַט אויס גרישאַ.

— וואָרט אַ ווײַלע, פרײַנט — שטעלט אים ווייך אָפּ קרוגלאָוו — איז צווישן אײַך פאַראַן אַ מיינונגס־פאַרשיידנקייט?

— יאָ! — שרײַט אויס פאַרצווייפלט גרישאַ, און, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט מען זאָל אים ווידער אָפּשטעלן און ער זאָל דעמאָלט זײַן ניט אַנט־שלאָסן אַרויסצוזאָגן אַלץ וואָס ער דענקט, נעמט ער ריידן שנעל און ווענדט זיך צו יעדן איינעם לויט דער ריי, זיי זאָלן ניט דערלאָזן עס זאָל באַגאַנגען ווערן אַן אומגערעכטיקייט: — מיר בויען דאָך אַ נײַ לעבן, דו אַליין, אַנדריי, זאָגסט עס! און דו, סיאָמאַ! מיר דאַרפן שאַפן אַ נײַע מישפּאָכע, אַ נײַעם דאָר, איז עס אַזוי? און אויב שוועריקייטן, זאָגט איר דאָך אַליין: אויב אינאיינעם, קען מען אַלץ בײַקומען. און דו, וואָלקאַ? מען וועט דאָך בויען הײַזער, וועט מען דאָך! וועט זיך קיין אָרט ניט געפינען פאַר אַ קינד? און נאָך אַלעמען, טאָר מען דאָך ניט — וואָרעם וואָס וועט אַרויסקומען ווען מען טוט ווי טאָניאַ זאָגט?!

— וואָס־זשע זאָגט טאָניאַ? — פרעגט ניט גערנדיק וואָלקאַ.

— איך זאָג אָט וואָס, — רופט זיך שטרענג אָן טאָניאַ — איך דענק, אַז פאַר אונדז איז נאָך צו פרי פאַרפירן מישפּאָכעס מיט ווינדעלעך, מיט טעפּעלעך. מיר האָבן נאָך גאָרניט אויפגעבויט. אַרבעט האָבן מיר פאַר זיך אַ יאַם. יעדע פאַר הענט פעלן אויס. איז ווי קען מען אין אַזאַ צײַט זיך אָוועק־זעצן דער בויונג אָפּן האַלדז מיט אַ צוגאָב־לאַסט?

אַרום איר הייבט זיך אויף אַ געמורמל. טאָניאַ פאַרענדיקט שאַרף:

— אָט דאָס איז מײַן מיינונג. און אויך סאָניאַס מיינונג. ס'איז דאָך ניט קיין שפּאַס. גלאַט אין דער וועלט באַשליסן טאָר מען ניט. ווו וועלן מיר אַהינטאָן סאָניאַן מיטן קינד? און טאָמער אַ קראַנקייט?... עס טרעפט זיך דאָך!

— נו איז צו פרי, זאָל זײַן אַזוי! — איז קאַטיאַ באַליידיקט — ווער זאָגט דען אַז דאָס איז אין צײַט? דער פאַקט אָבער איז אַ פאַקט: דאָס קינד דאַרף געבוירן ווערן; דאַרף מען ריידן וואָס טוט מען פאַר אים. ווי קען מען אַנדערש? ער איז דאָך שוין דאָ!

סאָניאַ ווערט רויט און פאַרשטעלט זיך דאָס פּאָנעם מיט די הענט. איר דוכט זיך די יאַטן וועלן זיך באַלד פונאַנדערלאַכן... וואָלקאַ וועט עפּעס אַ ליאַפּע טאָן וועגן פאַקט... נייך, זי וועט ניט אויסהאַלטן, זי וועט זיך צעוויינען אָדער זי וועט זיך צעשרײַען אויף אַלעמען...

— איך בעט אַ וואָרט! — זאָגט וואָלקאַ.

„אָט איז עס... אָט וועט ער באַלד אַ ליאַפּע טאָן...“ און צו וואָס האָט זי גאָר דערלאָזט צו דער נאַרישער זיצונג?

— דערלויבט מיר אײַך צו מעלדן, — הייבט וואָלקאַ אָן מיט זײַן גע־ווײנלעכן שפּאַסיקן טאָן — מײַן מאַמע האָט מיך געהאַט אין אַ שטאַל. וואָס? יאָ, אייגנטלעך אין אַ קאָניושניע, ווו מען האַלט פירפיסיקע, אַזוי גערופענע פערד. און געהאָדעוועט האָט זי מיך מיט דער ברוסט ביז צוויי יאָר, ווײַל עפּעס אַנדערש האָט זי ניט געהאַט וואָס מיר צו געבן. מילכאָמע־צײַט איז געווען. זיי זײַנען געווען „בעזשענצעס“ (פּליטים). דערנאָך דער בירגער־קריג... איז וואָס־זשע? — גייט ער איבער מיט אַ געשריי פון שפּאַס צו פאַרדראָס. — בין איך אויסגעוואַקסן אָדער בין איך ניט אויסגעוואַקסן? און די מוטער איז געווען איינע אַליין, ניט געווען ווער עס זאָל זאָרגן פאַר איר. מיר דאָ זײַנען דאָך אַלע אינאיינעם. ניט שוין־זשע וועלן מיר ניט קע־

נען איין קינד אויפהאָדעווען ? דאָס וועט דאָך זײַן אַ כאַרפּע, — און מיט אַ וואָרעמען קאָל רופט ער זיך אָן צו סאָניאַן : — אַזוי אַז, טײַערע, זאָלסט גאָרניט איבערטראַכטן. מירן אַרויסשלעפּן. טראָג אים אויס געזונטערהייט !...

סיאָמאַ אַלטשולער הייבט זיך אויף, ווי מען רעכנט, אַ רעדע האַלטן. נאָר ער גיט עפּעס אַ מורמל אומפאַרשטענדלעכס, דרייט זיך אויס און לויפט אַרויס פונעם שאַלאַש.

— קלאָר, דוכט זיך, — זאָגט קרוגלאָוו — דאָס איז גוט. איך בין געגאַנגען אַהער און האָב געטראַכט : גוט ! יוגנט איז געקומען, קאָמיוגיסטן. מיר בויען. ס׳איז שווער. נאָר אַלע זעען מיר די צוקונפטיקע שטאָט — אינעם געדאַנק צי אין כאָלעם — נאָר מיר זעען זי. און אָט ריכט מען זיך אָף אַ קינד. ער איז דאָך אַ בירגער פון אונדזער שטאָט ! זאָג איך ריכטיק ?

סאָניאַ לויפט צו צו אים, כאַפּט אים אָן פאַר דער האַנט און זאָגט :

— פאַר זיך האָב איך אויך אַזוי געטראַכט...

און זי צעווייגט זיך, מיטן פּאָנעם אײַנגעטוליעט אין קרוגלאָווס אַקסל. מען האָט נאָך ניט באַוויזן זי אײַנגאַנצן צו באַרויקן, קומען אַרײַן אין דער צעפּראַלטער טיר סיאָמאַ אַלטשולער און גענקאַ קאַליוזשני. גענקאַ האַלט אַ פּעקל אין דער האַנט און איז פאַרשעמט רויט. — ער האָט נאָך ניט פאַרגעסן זײַן ניט לאַנגסטיקן פּרווו צו קאָרטעזשירן סאָניאַן און איז זיכער געווען, אַז אַלע וועלן זיך דערין באַלד דערמאָנען.

סיאָמאַ צעוויקלט דאָס פּעקל און הייבט פײַערלעך אויף פאַר זיך צוויי העמדער־בלויע העמדער — איינס אַ גרויס, דאָס צווייטע אַ קלענערס.

— לאַכט ניט, פרײַנט, און אויך דו, סאָניאַ. עפּשער איז עס ניט דאָס וואָס מען דאַרף, איך מיט גענין זײַנען מיר ניט קיין ספּעציאַליסטן. נאָר איך ווייס דאָך, קיין „מאָסטאָרג” און קיין „שאָלקאָטרעסט” (גרויסע אוני־ווערסאַל־קראָמען) זײַנען דאָ ניטאָ, און דעם קינפטיקן בירגער דאַרף מען אַרויסהעלפן מיט טאַט, ער דאַרף האָבן אַלערליי ווינדעלעך און העמדעלעך, און לײַבעלעך, און, ווי אַן ערשטן בירגער, וואָלט אים געקומען אויך די אַלער־ליי קרעפּ־דע־שינען און זײַדנס. נאָר אַז עס איז ניטאָ, אַפילו ניט קיין סיטץ, האָבן מיר געבראַכט אָט די צוויי העמדער — מיינט ניט, נאָך נײַינקע, ליאַ־נעז, בלויע, ווי אײַערע אויגן, סאָניעטשקאַ. און איר וועט זיי עפּשער קענען איבערנייען.

— בראַווע יאַטן, עמעסע בראַווע יאַטן ! — שרײַט אויס קלאָוואַ און אַפּלאָדירט.

סאָניאַ גייט צו צו די צוויי יאַטן, קושט סיאָמאַן שטאַרק אין ביידע באַקן, דערנאָך גייט זי צו צו אַ ביסל אַ פאַרשעמטע צו גענקען און גיט אים אויך אַ שטאַרקן קוש.

— נאָר איר וועט זיך דאָך אינגאַנצן אויסברענגען, — זאָגט זי — זיי זײַנען דאָך נײַע ! מען קען דערצו ניצן אַלטע זאַכן...

— ע, ניין — מישט זיך אַרײַן וואַלקאַ. ער כאַפּט די העמדער און באַ־טאַפּט דעם שטאָף — דעם ערשטן בירגער אַלטע זאַכן ? איך פּראָטעסטיר. איך מאַך אַ מעלדונג אָף אַ לײַלעך ! ערן־וואָרט ! — האָט ער מוירע מען וועט אים ניט גלייבן — איך האָב אים געבראַכט מיט זיך אַ נײַעם. איך בין אָף אים ניט געשלאָפן. צו וואָס לײַלעכער, אַז ס׳איז קיין מאַטראַצן ניטאָ ? די יאַטן וועלן אײַך באַשטעטיקן. אינגאַנצן אַ נײַער. פון דעם לײַלעך קען מען מאַכן דער טײַוול ווייס וויפל ווינדלען !

אין די אַלע נאָענטע טעג קומען קאָמיוגיסטן — פרײַנט און װײניק באַקאַנטע — גײען צו סאָניאַן און שטופּן איר אין די הענט פּעקלעך, שײן אײַנגעװיקלטע אין צײַטונגען.

— אַ העמד... אַ טיכל... שײנע קאַלסאָנען, מען קען פון זײ לײַבעלעך מאַכן...

יעפּיפּאַנאָװ שלאָגט פאָר: אין פרײַער צײַט אַ באַראַק אױפבױען, אַ באַראַק פאַר די װאָס זײַנען גרײט אים צו בױען אין די אָװנטן, און אין דעם באַראַק אַ צימער אָפּגעבן די איסאָקאָװס. מען רעדט זיך אָפּ מיט װערנערן, מען אָרגאַניזירט זיך און אין די אָװנטן און פרײַע טעג, אַרבעט מען מיט ברען אַף דעם „אײגענעם" באַראַק.

די נײַע פרײַנט — קילטו און מאָאָמי — מײַסטרעװען פון בערעסט אַ פּעסט און שײן װיגל אַף כּידושים.

אין צװײ װאָכן אַרום מעלדעט קרוגלאָװ אַף אַ קאָמיוג־פאַרזאַמלונג, אַז סאָניאַ איסאָקאָװ בעט מער קײן שטאָפן ניט צו ברענגען, װײַל עס איז שױן פאַראַן אַלץ װאָס מען דאַרף. סאָניאַ װיל קײנעם ניט באַלײדיקן, נאָר אַז מען דאַרף ניט מער, איז צו װאָס?

דעם זעלביקן אָװנט האָבן די איסאָקאָװ געפונען בײַ זיך אינעם שאַלאַש אַ פּעקל. געװען זײַנען דערין צװײ גרױסע נאָז־טיכלעך און אַ קװיטעלע געשריבן פון פּעטיאַ גאָלובענקאָ מיט פולער זאַן־קענטעניש: „טױג אַף אונטערצושפּרײטן".

דערמיט האָט זיך דאָס מאַטאָנעס ברענגען אָפּגעשטעלט.

XXX

אַן אימפּעטיקער װינט רײַסט דאָס קלײד, שױבערט די האָר, שטעכט די אױגן. קאַטיאַ קעמפט מיטן װינט און איז שטאַרק צופרידן. עס װילט זיך איר די הענט צעגעמען און שרײַען: פרײַהײט! נאָר די הענט צעגעמען קען מען ניט — דער װינט קען זי נאָך פאַרטראָגן, און אינעם אַמור איז איצט, בררד... ניט קײן װאַסער נאָר מאַמעש אײַז... איר מאַן װאָלט דאָ באַדאַרפט זײַן, װאָלט ער, אײנס צװײ, זיך אײַנגעזײַערט.

— און מיר איז גוט! גוט! — זינגט קאַטיאַ פאַר זיך. און מיטאַמאָל בלײַבט זי שטײן אַ פאַרװונדערטע. אַ שװאַרצער פּינטל באַװײַזט זיך אַף די כװאַליעס. זאָל עס זײַן אַ קאָפּ, צי אַן אַרבוז. נאָר װי קומט אַהער אַן אַרבוז? אַװאַדע איז עס אַ קאָפּ. זי זעט שױן אױך די הענט. מיט ברײטן פאַרמעסט גרײַפן זײ די כװאַליעס. דערפרױרן, דער אָרעמינקער, ער אײַלט זיך. נאָר װי קומט אַ מענטש אין טײַך?

קאַטיאַ קוקט אַף דער צעשױבערטער ברײט פונעם אַמור — צי זעט מען ניט ערגעץ שטיקער פון אַ געזונקענער שיף, אָדער דעם דעק פון אַן איבערגעקערטן שיפל.

זי טראַכט צו אַן ענטפער — אַ נאַנײַער פישער, אַ מאַטראָס פון אַ געזונקענער שיף. נײן — אַ פאַרבלאָנדזשעטער יעגער, אַ הונגעריקער, אַ מידער, האָט מיסטאָמע דערזען אַ רױכל אינעם לאַגער און האָט זיך אַרײַנגעװאָרפן אינעם דרײַ־קילאָמעטערדיקן טײַך — אים איז אַלצאײנס, דאָס לעבן אײַנשטעלן אָדער פון הונגער שטאַרבן אין דער טײַגע.

דער שװימער קומט אַלץ נענטער. קאַטיאַ מאַכט מיט די הענט און

שרײַט. דער שווימער באַמערקט זי און ענדערט די ריכטונג. די כוואַליעס פּאַטשן אים פון דער זײַט און שטויסן אים מיטן שטראָם אַראָפּ מיטן וואַסער, נאָר דעם שווימערס שטאַרקער קערפּער באַווײַזט בײַצוקומען דעם שטראָם.

קאַטיאַ טראַכט: וואָס־זשע טוט מען מיט אים? איר קליידל אים אַוועקגעבן? אים אָנכאַפּן פאַר אַ האַנט און לויפן מיט אים, ווי ווײַט די קויכעס טראָגן, אין לאַגער אַרײַן, איידער ער ווערט פאַרפרוירן אָפן ווינט, דער אָרעמער.

דער שווימער איז שוין באַם ברעג... ער טאַפּט אָן מיט אַ פוס דעם גרונט... ער פאַרשקעט, ווישט אָפּ מיט די הענט דאָס פּנים און די האָר. און פון די האָר רינט וואַסער, פון די אַקסלען — וואַסער, און הינטער אים ציט זיך אַ נאַסער שפּור.

קאַטיאַ קערט אָפּ דעליקאַט די אויגן. דער שווימער קלעטערט אַרויף צו קאַטיאַן. נאָר איידער קאַטיאַ קומט נאָך צו, כאַפּן זי אונטער צוויי שטאַרקע הענט און נאַסע ליפּן קושן שטאַרק איר מויל, אָן אָפּגעבן פון פאַרוווּנדערונג.

— אוך, דו, בעססאָנאָוו! רופט אויס קאַטיאַ.

זי בײַזערט זיך ניט, זי איז נאָר פאַרוווּנדערט. וואַלקאַ באַמערקט עס און גיט איר נאָך איין קוש. דאָס מאָל דערלאַנגט אים קאַטיאַ אַ שטאַרקן זעץ אינעם אַקסל.

— אידיאָט! האָסט מיך אינגאַנצן נאַס געמאַכט! אויסגעפּוצן אַ צײַט אַף קאַרטעזשירן!...

טאָניאַ זיצט איינע אַליין באַם ברעג אָזערע.

אַף דער נאַטירלעכער זאַמד־בריק, וואָס טיילט אָפּ די אָזערע פונעם אַמור, באַמערקט זי אַ פריילעך פּאָרל, נאָר איר צעשטרײַטער בליק גליטשט זיך פאַרבײַ זיי און זי דערקענט זיי ניט.

דערנאָך לויפן זיי פאַרבײַ ניט גאָר ווײַט פון טאָניאַן. וואַלקאַ וויל כאַפּן קאַטיאַן, און זי דרייט זיך אַרויס, לאַכט און רייצט אים. זיי זעען ניט טאָניאַן: זיי זײַנען צופיל פאַרכאַפּט מיט דעם שפּיל.

אָנגעהויבן האָט זיך עס זינט דעם ווי די באָכערים האָבן זיך צעשלאָגן איבער די מיידלעך. טאָניאַן האָט פאַרדראָסן זייער גראָבקייט. נאָר איבער איר און צוליב איר האָט זיך קיינער ניט געשלאָגן. מען האָט זי אויסגעמיטן. און געווען איז אַ מינוט ווען טאָניאַן האָט טיף און ווייטיקלעך פאַרדראָסן אַף זיי. ווען זי האָט אַ שפּיגל אין שאַלאַש, וואָלט זי דעמאָלט געלאָפן זיך אָנקוקן — איז זי טאַקע אַזוי מיִעס, אַז אַפילע דאָ, וווּ ס'איז דאָ איין מיידל אַף דרײַסיק באָכערים, קוקט זיך קיינער ניט אום אַף איר? קיין שפּיגל האָט זי ניט, נאָר טאָניאַ ווייס אַליין, אַז זי איז גאָרניט אַזאַ מיִעסקייט... פאַרוואָס־זשע? פאַרוואָס? זי איז דרײַ און צוואַנציק יאָר אַלט, נאָר די ליבע גייט איר פאַרבײַ, ווי עס פלעגן איר קינדווײַז פאַרבײַגיין די שפּאַצירנדיקע אינעם פּאַרק, גלײַכגילטיקע, פרעמדע, ניט פאַרשטענדלעכע.

זוכט זי ליבע? ביז איצט האָט זי פון ליבע ניט געטראַכט, אָדער קימאַט ניט געטראַכט. זי פלעגט טרײַבן פון זיך די ליבע ווי אַ שוואַכקייט. זי האָט געהאַסט די פאַרגאַנגענהייט, האָט געהאַסט די קליינבירגערלעכקייט, זי האָט געהאַסט דעם לײַכטזין, די קאָקעטירערײַ, די רײַכע קליידער פון די כאַווערטעס און די ניט אויסגעהאַלטנקייט פון די באָכערים. איר האָט זיך געדוכט, אַז קאָלזמאַן עס איז ניט פאַרענדיקט דער קאַמף (און דער קאַמף ביזן זיג

פונעם קאָמוניזם אַף דער גאַנצער וועלט), איז שפּאַסן, קאָקעטירן, פּרייען זיך — אַ פאַרברעכן. כאַסענע האָבן — אַ פאַרראַט. וואָס פאַר אַ קעמפערן איז זי, ווען זי איז געבונדן מיט פאַמיליע, מיט קינדער, מיט ליבע.

זי איז געווען שטרענג צו זיך און האָט זיך באַמיט אויסצוראָטן פון איר האַרצן יעדע שטערונג צו צערטלעכקייט, צו לאַסקע און באַקוועמקייט. זי האָט מוירע געהאַט צעווייקט צו ווערן, אָנצווערן דעם האַס, די אַנטשלאָסנקייט, די קראַפט. זי האָט ליב געהאַט לייענען ווי לענין האָט געאַרבעט אין טורמע. עס פלעגט איר פאַרפעלן אָטעם ווען זי האָט געלייענט ווי סטאַלין איז מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט אַ פאַרדריקטן בוך אין דער האַנט געגאַנגען קאַסטראַי און האָט אונטער די שמיץ פון די שפּיצרוטן דורכגעטראָגן זײַן שטאָלץ פון אַ פּראָלעטאַרישן רעוואָלוציאָנער.

אויך טאַניאַ האָט געוואָלט מיט פאַרקלעמטע ציין לײַדן און דעם קאָפּ ניט בייגן. זי פלעגט זיך פאַרגעסן אַף דעם אונטערשייד אין צײַט און באַדינגונגען און פאַרקלעמען די ציין, איצט, ווען קיין לײַדן זײַנען ניטאָ, ווען איר מעסירעס־נעפעש איז געוואָרן אַ פאַלשקייט און האָט פאַראָרעמט איר לעבן ניט ווייניקער ווי זי האָט באַרײַכערט די נעשאָמעס פון די גרויסע קעמפער, וואָס האָבן דורך די לײַדן דורכגעטראָגן ניט נאָר די פאַראַכטונג צו זיי, נאָר אויך די טיף מענטשלעכע ליבע צום פאָלק, פאַר וועלכן זיי לײַדן. טאַניאַ האָט דאָס ניט פאַרשטאַנען און האָט איר לעבן אויפגעשטעלט לויט אַן אויסגעטראַכטער סכעמע, פול מיט די בעסטע קאַוואָנעס, נאָר זי האָט ניט געזען די רעזולטאַטן פון איר אויסגעטראַכטער קעמפערישקייט.

און איצט, אין דער העראָישער אַטמאָספער פון דער שטאָט־בויונג, האָט טאַניאַ מיטאַמאָל באַגריפן, אַז איר לעבן איז פאַלש און ציללאָז. זי איז אַ בײַשפּיל פון אויסדויער, פּרינציפּן־געטרײַשאַפט און דיסציפּלין, נאָר אירע פלאַמיקע רעדעס פאַלן אין קאַלטער ליידיקייט. מען האָט זי ניט ליב. קיינער רופט זי ניט צו זיך אין אַ שווערער מינוט. קלאַוואַ, דערגרייכט אַלץ וואָס זי וויל. זי זאָגט מיט איר קינדערשן קאָל אַ פּאָר פּאַשעטע ווערטער, גייען די באָכערים לאָזן פליטן אַפן וואַסער און אַרבעטן פאַראייניקט און מיט ברען ווי קיינמאָל. בעייסן סקאַנדאַל באַם קאָרטשעוועץ, האָט זי מיט איר ניט געניטער האַנט געכאַפּט אַ גרויסע זעג, און די באָכערים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פאַרנעמען איר אָרט. קלאַוואַ רופט זיך אָן: „מיר טוען שוין וויי די הענט”, און זי שטייט שוין און טוט גאָרניט, נאָר צו אַלעמען שמייכלט זי, אַלעמען באַמערקט זי, און אַלע זײַנען צופרידן. נאָר טאַניאַ קען אָפּאַרבעטן עטלעכע שאָ נאָכאַנאַנד און קיינעם זאָל אַפילע ניט אײַנפאַלן איר פאַרצולייגן אַ גרינגערע אַרבעט.

קאַטיאַ איז אַ לײַכטזיניקע און אַ לאַכנדיקע, זי טרעט קיינמאָל ניט אַרויס אַף פאַרזאַמלונגען, נאָר זי פאַרטראַכט לידער־געזאַנג, שפּילערײַען, אָרגאַניזירט די פרימאָרגנדיקע גימנאַסטיק. זי שלעפּט די יאַטן זיך באָדן און שפּאַצירן און שאַפט אַן אַטמאָספער פון לעבנספריידיקער מונטערקייט, וואָס בעסערט אויס דעם אַרבעטס־אויסגאַב, דעם אָפּרו און דאָס לעבן גופע.

האָט סאָניאַ כאַסענע, איז טאַניאַ אויפגעבראַכט. — ס'איז איצט ניט די צײַט! ס'איז אומאָרדענונג! — נאָר די ערשטע כאַסענע באַגײַסטערט אַלעמען און סיאָמאַ אַלטשולער באַגריסט די ערשטע מישפּאָכע פון דער נײַער שטאָט, און דאָס צוקונפטיקע קינד ווערט די קאָלעקטיווע זאָרג פון דער גאַנ־

צער שטאָט; ער איז נאָך ניט געװאָרן און באַשײַנט שױן באַצײַטנס דאָס לעבן מיט אַ זאָרגלאָזן קינדערשן שמייכל.

לילקאַ — אַפּילע די גראָבע, עגאָיִסטישע, לײַכטזיניקע לילקאַ — טראָגט אויך אַרײַן אַ לעבעדיקייט אינעם לאַגער! און טאָניאַ וואָס טראָגט אַרײַן? צוויי אַרבעטס־הענט און מער גאָרניט.

אָט דער געדאַנק אַנטפּלעקט זיך פאַר איר ערשט איצט און לאָזט זי געפּלעפט. זי זעט זיך איצט פון אַ זײַט, מיט די אויגן פון די כאַווײרים — אַ טרוקענע, אַ בײזע, אַן אומצופרידענע. זי פאָדערט מעסירעס־נעפעש און קען זי ניט אַרויסרופן מיט אַ וואַרעם וואָרט, מיט דערמוטיקנדיקן מיטגעפיל. „דער סוכאַר טאָניאַ". אַזוי רופט מען זי און אַזאַ איז זי.

זי האָט געפאָדערט אויסשליסן פונעם קאָמיוג די שולדיקע אינעם געשלעג און בעססאָנאָוון האָט מען מויכל געווען און צוריק אַרײַנגענומען און איצט אַרבעט ער און איז אויסגעווײלט אינעם קאָמיטעט, לויפט אַרום מיט קאַטיאַן, אַ פריילעכער, אַ צופרידענער. און זי זיצט איינע אַליין... ניט אומזיסט האָט מאַראָזאָוו זי דעמאָלט אויסגעלאַכט!

נאָר דאָס ערגסטע איז דאָס וואָס זי פאַרשטייט עס. „דער סוכאַר טאָניאַ" איז דאָך גאָרניט זי. ס'איז דאָס דרויסנדיקע, די מאַסקע. אומגעריכט דערפילט זי אין זיך אַזאַ לײַדנשאַפטלעכן ניט געשטילטן באַגער פון ליבע, פון מיטגעפיל און צערטל, אַז זי דערשרעקט זיך אַליין. זי כאַפּט זיך, אַז זי איז מעקאַנע קלאַוואַן, אַז איר ווילט זיך זײַן מיט אַלעמען כאַווער, און אַז זי איז גרייט, אינאיינעם מיט קאַטיאַן, מיט פאַרגעניגן מערעזשען שקאַרפּעטן, פאַר אַ פאָשעטן דאַנק־וואָרט, פאַר אַ פרײַנטלעכן בליק. נאָר זי קען זיך ניט ענדערן. קיינעם פאַלט ניט אײַן איר העלפן מאַכן דעם ערשטן שפּאַן. מען וועט איר אויך ניט גלייבן. מען ריכט זיך פון איר עפּעס אַנדערש. סוכאַר, פרומע קאַץ...

אויף דער ערד פאַלט די דעמערונג. די פאַרנאַכטיקע שײַן פאַרבט די אָזערע אין פינקלדיקן בלייך־לילאָוון קאָליר. אין דער טײַגע רוישט דער ווינט. דער הימל איז הויך, שטרענג, אָן וואָלקנס, אָן פאַרבן.

טאָניאַן גלוסט זיך ווייגען. פון קינדווײַז אָן, האָט זי בלויז איין מאָל געוויינט, פאַרן אָפּפאָרן פון איוואַנאָווע, ווען זי האָט דערציילט אירע כאַווערטעס וועגן איר מוטער. דעמאָלט האָבן די מיידלעך זי פאַרשטאַנען... נאָר צי דען אויף לאַנג? זי האָט זיי אַליין אָפּגעשטויסן מיט איר פאַרביסנקייט. ווען זי ווייס דעמאָלט וואָס זי ווייס איצטער... צי דען ליגן ניט אין איר פאַרבאָרגן די קויכעס פון גרויסער מענטשלעכער ליבשאַפט? איר מוטער, די פאַרפײַניקטע, די פריי־פאַרוועלקטע און פון לעבן געפלאָגטע, איז דען ניט געווען אַזאַ צערטלעכע, אַזאַ לאַכנדיקע, אַזאַ מיטפילנדיקע... און האָט געזונגען אַזוי אַז די גאַנצע פאַבריק פלעגט אויסהערן איר „פאָליאַנקאַ".

טאָניאַ נעמט זינגען.

די מעלאָדיע קומט פון זיך, אויך די ווערטער קומען פון זיך, פּאָשעטע און טרויעריקע. — זי האָט זיך דערנאָך קיינמאָל ניט געקענט דערמאָנען וואָס זי האָט געזונגען. זי הערט איר שטימע פליִען איבער דער אָזערע, — אַ שטאַרקע, אַ טיפע און אַ פרײַע שטימע. זי האָט אַפילע ניט געוווסט אַז זי האָט אַזאַ שטימע. איר פלעגט אויסקומען זינגען אין כאָר, נאָר זי האָט זיך קיינמאָל ניט צוגעהערט ווי עס הערט זיך איר געזאַנג. און זי האָט אַן

עמעסע גרויסע שטימע. ליִלקאַ איז אַ פֿאַרזינגערן, נאָר טאָניאַ פּילט, אַז זי זינגט שענער, קלינגענדיקער, ריינער.

אַ ציטער איז איר אַדורך און זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווײַל צוויי גראָבע, מיט קאָרע שמעקנדיקע הענט האָבן איר די אויגן צוגעדעקט.

— ווער איז עס ? — דערשרעקט זי זיך.

ס׳איז סערגיי גאַליצין.

— און איך האָב געמיינט ס׳איז ליִלקאַ — פּילט ער זיך שולדיק.

טאָניאַ איז שוין גרייט צו ענטפֿערן מיט איר געוויינלעכער שאַרפֿקייט (זי מיט כערגייען ווערטלען זיך שטענדיק איבער און דערגייען זיך צו דער לעבער). נאָר סערגיי זעצט זיך אַוועק לעבן טאָניאַן אַפֿן גראָז און בעט זי:

— זינג, טאָניאַ. איך שטער דיר דאָך ניט.

ער איז אַזוי פֿאַרוואונדערט, אַז ער פֿאַרגעסט איר צו זאָגן עפּעס בײַסיקס.

טאָניאַ שווײַגט אַ ווײַלע און נעמט ווידער זינגען. זי זינגט איצט אַן אַלט דאָרפֿיש ליד, פֿון די לידער וואָס ליִלקאַ זינגט. זי קלײַבט עס אויס מיט דעם פֿרויען־אינסטינקט, וואָס זאָגט איר אונטער, אַז זי וועט עס זינגען בעסער. אירע באַקן ווערן ראָזיק. זי געניסט פֿון איר שטימע און איר ווילט זיך הערן אַן ענטוזיאַסטיש ליוב־וואָרט, און עס ווילט זיך איר, פֿאַר יעדן פּרײַז, אַז שוין אַפֿן אָרט זאָל זיך אין איר אײַנליבן סערגיי גאַליצין, וואָס זי קען אים ניט פֿאַרלײַדן. איר דוכט זיך, אַז איצט איז געקומען דער מאָמענט פֿון איבערבראָך, אַז פֿון הײַנטיקן אָוונט אָן וועט אַלץ ווערן אַנדערש, אַז זי אַליין וועט ווערן אַן אַנדערע.

סערגיי הערט און קוקט פֿון אַ זײַט אַף איר געענדערטן ווייכער געוואָרענעם פּאָנעם, אַף איר זינגענדיקן מויל, אַף איר הויכער אויפֿגערעגט אָטעמענדיקער ברוסט. אָט אַזוי, טאָניאַ ! — טראַכט ער זיך און עס קומען אים ניט אין מויל די פֿריִערדיקע שפּאָטישע און פֿאַראורטיילנדיקע ווערטער.

— ווי:אַזוי האָב איך עס גאָרניט באַמערקט אַז זי איז אַזאַ ? צי איז זי ניט פֿאַרליבט אין עמעצן ? זי זינגט גוט... עפּשער גאָר אין מיר ? פֿאַרוואָס ניט ? עפּשער איז זי שוין לאַנג אין מיר פֿאַרליבט, און די אַלע שטיקעלעך אירע זײַנען געווען נאָר געמאַכט ?״

ער לײַדט פֿון זײַן איינזאַמקייט און מיט זײַן אייגנטלעכער לײַכטזיניקייט, האָט ער ניט דערקעגן אַליין צו גלייבן דערין וואָס אים פֿאַלט אײַן.

טאָניאַ ענדיקט זינגען דאָס ליד און קוקט אַף אים אַרויסרופֿעריש.

— נאָך ! — זאָגט סערגיי און באַרירט איר האַנט.

טאָניאַ רײַסט אַוועק די האַנט און זינגט אַ צווייט ליד, אַ פֿאַרבענקט לײַדנשאַפֿטלעך ליבע־ליד.

„זי איז באַשטימט פֿאַרליבט... ווי האָב איך עס גאָר פֿריִער ניט באַמערקט ? און אַ ליד אַזאַ האָט זי אויסגעקליבן. מאָדנע ! און איך, נאַר, בין אַלע מיידלעך נאָכגעלאָפֿן, איינער נאָך צווייטער, טאָנקאַן האָב איך גאָרניט געזען. זי איז איצט זייער שיין און גאָרניט קיין שטעכיקע. נאַר וואָס איך בין !״

און אַ זיכערער אין זיך, לייגט ער אַוועק זײַן האַנט אַף טאָניאָס פֿלאַטערדיקער האַנט. „וואָס איז מיט מיר ? וואָס איז מיט מיר ? — פֿרעגט זיך טאָניאַ און נעמט ניט אַוועק די האַנט און זי הערט זיך אײַן, ניט אַזוי צו די רופֿנדיקע אָטעם־פֿאַרכאַפּנדיקע קלאַנגען פֿון איר שטימע, ווי צו דער גליקלעכער צערודערטקייט וואָס האָט זי אַרומגעכאַפּט. — וואָס־זשע איז עס

אַזוינס ? פאַרוואָס נעם איך ניט אַוועק די האַנט ? דאָס איז דאָך גאַליצין, איך קען דאָך אים ניט פאַרלײַדן, אַ סקאַנדאַליסט און אַ כוצפּעניק. ער איז מיר שטענדיק געווען דערווידער... וואָס איז מיט מיר ?...״

ער דריקט איר צו די פינגער און זאָגט איר אַנצוהערנדיק :

— איך האָב גאָרניט געוווּסט אַז דו ביסט אַזאַ...

און ער נעמט גלעטן אירע הענט און אַקסלען מיט זײַנע זשעדנע אײַליקע הענט. ער ווייס אַליין ניט וויאַזוי דאָס איז געשען. אים אַליין איז מאָדנע וואָס דאָס איז טאָניאַ, „דער סוכאַר טאָניאַ״. נאָר די פריערדיקע פאַרשטעלונג פאַרשווינדט און איידער נאָך ער ווערט היימיש מיט דער נײַער פאַרשטעלונג, פילט ע צו איר אַ באַגער וואָס אים איז שווער בײַצושטיין.

טאָניאַ שטויסט אים ניט אָפּ. די אומגעדולדיק־זשעדנע באַרירונגען פון זײַנע גלעטנדיקע הענט שרעקן זי און פרייען זי. אינעם ריזיקן אָנשטרענג פון איר גײַסטיקן קריזיס, באַגרײַפט זי ווי מיט איין מאָל די גאַנצע פּוסטקייט פון איר איינזאַמען לעבן, די שטאַרקע לעבנס־קראַפט פון קאַטיאַ סטאַווראַוואַ, די גליקלעכע נאַיִוקייט פון קלאַוואַן, די זאָרגלאָזיקייט פון לילקאַן, דאָס מעכטיקע גליק פון איר ניט באַרירטער נעשאַמע, די גאַנצע לײַדנשאַפט, דעם גאַנצן גלויבן, די גאַנצע גראַנדיעזקייט פון די האָפענונגען וואָס ליבע ברענגט מיט זיך.

זי דערשרעקט זיך, גיט פאַרלוירן אַ קוק אַף גאַליצינען, נאָכמער דערשרעקט זי זיך ווען זי דערזעט זײַן אומגעדולדיקן פּאָנעם... און ווײַל זי ווייס ניט וויאַזוי זיך צו שיצן פון דער אומגעדולד, נעמט זי ווידער זינגען.

זי זינגט אַ פריילעך אוקראַיִניש מיידל־ליד, וואָס פלעגט איר פריִער ניט געפעלן און איצט זעט עס איר אויס שיין. זי אַליין, דוכט זיך איר איז פריילעך און שיין. פון וואַנען קומט צו איר אָט דער אײַנדרוק ? וואָס האָט פּאַסירט אין דער איינער האַלבער שאָ, וואָס האָט מיטאַמאָל איר לעבן געענדערט ?

זי הערט ווי איר שטימע ווערט אַלץ שטאַרקער און קלינגענדיקער. נאָר סערגיי הערט שוין ניט. ער קוקט זיך אַרום — דער ברעג איז פּוסט. און ער כאַפּט טאָניאַן צו זיך אַף די הענט און בײַסט זיך אײַן אין אירע ליפּן. זי ענטפערט אַפן קוש אומגעוואַקלט, אָן יעדן פּרווו פון ווידערשטאַנד. זי ענטפערט גערן, הייס, מיט אומגעריכטער לײַדנשאַפט. און ניט מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי מיידלעך געוויינלעך טוען, קוקט זי אַף סערגייען מיט אַ שאַרפן און הייסן פרעגנדיקן בליק.

זי וואַרט אַף עפּעס. ער ווייס ניט אַף וואָס. אירע אויגן צעמישן אים.

— וואָס־זשע איז עס ? — פרעגט זי פאַרוווּנדערט און צוטרוילעך.

און דעמאָלט נעמט סערגיי ריידן. ער זאָגט אַלץ וואָס ער קען צוטראַכטן און געדענקען, אַלץ וואָס די אומגעדולד זאָגט אים אונטער : ער האָט זי ליב, שוין לאַנג ליב, ער האָט זיך מיט אַ קיוון געקריגט מיט איר, קעדיי אויסצובאַהאַלטן זײַנע געפילן, זי איז אַ שיינע, זי האָט אַ ווונדערלעכע שטימע, ער זוכט שוין לאַנג די מינוט, ער האָט איר נאָכגעשפּירט, קעדיי זי צו טרעפן אַליין, ער וועט שטאַרבן אויב זי וועט ניט זײַן זײַנע... שטיקלעך געלייענטע ראָמאַנען, גלעטנדיקע ווערטער, וואָס די מיידלעך האָבן אים געזאָגט און ער זיי — דאָס אַלץ האָט ער געזאָגט טאָניאַן, הייס, שנעל, מיט געבעט, און האָט געמישט די ווערטער מיט קושן.

טאָניאַ ענטפערט אים אַ פריידיק־צעטומלטע. איר האַרץ וואַקסט פון

די לאַסקעס, און אין האַרצן זינגט אַ ליד — אַ ניט־געוויינלעכס, אַ ראַכוועס־דיקס, אַ פֿאַרשיקערנדיק ליד. אָט דוכט זיך איר אַז זי אַליין זינגט, אָט דוכט זיך איר אַז אַלץ אַרום זינגט: די אָזערע, די טײַגע, דער הויכער הימל, — פֿון אומעטום גיסן זיך אַף איר אויסטערלישע טענער. און זי גלייבט אַז דאָס איז ליבע.

אַהיים גייען זיי באַזונדער, קעדיי ניט אַרויסצורופֿן קיין פֿאַרדאַכטן.

טאָניאַ זיצט באַם שײַטער — אַ בלייכע, אַ גליקלעכע, מיט קוים אויפֿ־געלאָפֿענע ליפּן און מיט אַ קאָנצענטרירטן בליק; זי הערט זיך אײַן צום ליד וואָס זינגט אין איר.

סערגיי ליגט אויסגעצויגן אַפֿן גראָז מיט פֿאַרמאַכטע אויגן.

די יאַטן בעטן לילקאַן עפּעס זינגען.

— וואָס עפּעס נאָר לילקאַ און לילקאַ! — רופֿט זיך שאַרף אָן סערגיי — זינג דו, טאָניאַ.

— זאָל איך זינגען? — פֿרעגט אים טאָניאַ אַן אונטערטעניקע.

קיינער ענטפֿערט ניט און טאָניאַ שרעקט זיך טאָמער וועלן די יאַטן ניט גלייבן אַז זי קען, און לילקאַ וועט זינגען די ערשטע, און זי וועט אויס־לאָזן די געלעגנהייט און קיינער וועט ניט וויסן, וועט ניט דאַכטן וואָס זי קען.

זי נעמט זינגען דאָס אוקראַיִנישע לידל, וואָס זי האָט אָנגעהויבן זינגען באַם ברעג און האָט עס ניט פֿאַרענדיקט. ווען זי קומט צו צו די ווערטער באַ וועלכע סערגיי האָט איר איבערגעריסן, הייבט סערגיי אונטער דעם קאָפּ און ווינקט צו איר. טאָניאַ פֿאַרהאַקט זיך און פֿלאַמט באַלד אויף. זי לייגט אַרײַן אינעם ליד די גאַנצע לײַדנשאַפֿט פֿון איר אומגעריכטן געפֿיל.

עס טראָגן זיך צו איר באַוווּנדערונגס־אויסרופֿן, לויב און טאַדלונג.

— איר האָט דאָך מיך קיינמאָל ניט געבעטן... — ענטפֿערט טאָניאַ און אַנטלויפֿט.

— צו יעדן מיידל מוז מען צוקלײַבן אַ שליסל... — זאָגט סערגיי און זעצט זיך ווידער אַוועק. מען שטייט צו צו אים מיט פֿראַגן, נאָר ער זאָגט זיך אָפּ, שמייכלט פֿאַרהוילן און גייט פֿרי שלאָפֿן.

און טאָניאַ וואַנדערט אום איבערן לאַגער און געפֿינט זיך קיין אָרט ניט. די ליבע פֿילט זי אָן איבער די ברעגעס און פֿאָדערט נײַע אײַנדרוקן, נײַע אַנטפּלעקונגען. איר ווילט זיך רופֿן סערגייען, נאָר סערגיי איז געגאַנגען שלאָפֿן. טאָניאַ טראַכט זיך דעליקאַט, אַז ער מוז זײַן מיד, און זי וווּנדערט זיך, זי פֿילט אין זיך אַזאַ קויעך, אַז זי וואָלט געקענט אויפֿזײַן די גאַנצע נאַכט.

זי דערזעט זיך לעבן שאַלאַש פֿון די איסאַקאָווס. פֿונעם פֿלוצימדיקן געדאַנק, טרעט איר צו דאָס בלוט צום קאָפּ: יאָ, יאָ, זיי וועלן אויך זײַן צוזאַמען, אומצעשיידט. וויִאַזוי־זשע וועט דאָס זײַן?... ער — דער מאַן, איר מאַן...

זי גיט אַ שטופּ די טיר און גייט אַרײַן אין שאַלאַש. עס טוט אַ ווייע אַף איר מיט וואַרעמקייט און מיט רויִקייט. דער ערדענער פּאָל איז באַדעקט מיט מאָך־בלעטער. די טאָפּטשאַנעס זײַנען פֿאַרשפּרייט מיט אַ קאָלדרע, אַפֿן שטיינערנעם איווועלע וואַרעמט זיך אַ טשײַניק. אַן אַליין געמאַכט קאַנעצל באַלײַכט גרישאַן אַפֿן געלעגער און די צוגענייגטע קעפּ פֿון סאָניאַן מיט קלאַוואַן. סאָניאַ און קלאַוואַ נייען.

אפן קלאַפּ פון דער טיר קוקן זיי זיך אום, נאָר פון דער שײַן זעען זיי ניט טאַניאַן.

— דאָס בין איך, — זאָגט טאַניאַ אַ פריידיקע — סאַראַ האַנט־אַרבעט מאַכט איר איצט ?

סאָניאַ קנייטשט דערשראָקן דאָס געניי אין די הענט. אויך קלאַוואַ איז אַנגעשפּיצט — זי ווייס, אַז טאַניאַ פּאַראורטיילט סאָניאַס כאַסענע געהאַטן לעבן און אויך איר שוואַנגערשאַפט, און איר איז ניט אַנגענעם וואָס אויך זי האָט מען געכאַפּט באַם פאַרברעכן : מיט די קינדערשע לײַבעלעך אין די הענט.

נאָר טאַניאַ געפינט אויס, אַז אינעם שאַלאַש איז היימלעך, איר געפעלט דער פאַרשפּרייטער מאָך אַפן פאַל, זי פאַראינטערעסירט זיך מיט די לײַבע־לעך און באַט זיך אַן צו העלפן.

אַ פאַרטאַראַמעטע, גיט איר סאָניאַ עפּעס אַן אַרבעט.

אַלע שווײַגן.

— באַ אײַך איז גוט. איר זײַט גליקלעך ... — זאָגט טאַניאַ און שמייכלט צו סאָניאַן מיט געבעט אין די אויגן.

גרישאַ ענטפערט טרוקן :

— דו פאַראורטיילסט דאָך ?

טאַניאַ קוקט זיך טרויעריק אַרום. מען האָט זי ניט ליב. מען האָט מוירע פאַר איר. איר אַרײַנקומען ערגערט זיי : ס'איז זיי גוט געווען, זיי דרײַען, ביז זי איז אַרײַנגעקומען, און איצט איז זיי אומבאַקוועם.

צוליב שאַלעם, רופט זיך קלאַוואַ אָן, מיט באַזונדערער שפּירעוודיקייט :

— וואָס רעדסטו, גרישאַ ?... פאַרשטייסט דען ניט ? מיר זײַנען אײַך פאַשעט מעקאַנע !

טאַניאַ נעמט זי אַרום און דריקט זיך צו מיט דער הייסער באַק צו איר אַקסל.

— נו, האָט הײַנט לילקאַ געזונגען ! — באַמערקט סאָניאַ, קעדיי אָפּ־צולענקען דעם געשפּרעך.

— אָט דאָס ? — פרעגט טאַניאַ כיטרע און זינגט אויס מיט דער פולער שטימע די ערשטע סטראָפע פונעם ליד.

— דאָס האָסטו געזונגען ?

— איך האָב געזונגען — זאָגט טאַניאַ אַלץ מיט דעם נײַעם כיטרע טאָן און זינגט ווײַטער שוין שטילער.

זי גייט אַהיים אינאיינעם מיט קלאַוואַן. זי נעמט זי אַרום און פירט זי אַרום דעם גאַנצן לאַגער, קעדיי פאַרבײַצוגיין דעם שאַלאַש וווּ גאַליצין וווינט. פונעם שאַלאַש טראָגט זיך אַ הילכיקער כראָפּען.

— גאַליצין, אַפּאַנעם, כראָפּעט אַזוי — זאָגט טאַניאַ און בלײַבט שטיין. ווען ניט קלאַוואַ, וואָלט זי דאָ אָפּגעשטאַנען ביז אינדערפרי.

— ניין, ס'איז יעפּיפאַנאָוו, — ענטפערט קלאַוואַ — די יאַטן קלאָגן זיך ער כראָפּעט שטאַרק.

טאַניאַ זיפצט אָפּ און גייט ווײַטער.

ווען זי ליגט אַף איר קאַלטן און האַרטן געלעגער, קוקט זי אין דער פינצטערניש און שמייכלט פון פרייד. דאָ שטעלט זי זיך פאָר ווי זי מיט סערגייען אַרדענען זיך אײַן אין זייער אייגענעם פאַמיליע־שאַלאַש, דאָ טרוימט זי וועגן דער מאַרגנדיקער באַגעגעניש, וועגן זײַנע דרײַסטע לאַסקעס און

צאַרטע פאַרזיכערונגען, דאָ טראַכט זי וועגן סאָניאַס קינד און איז אַנטציקט מיט דער אומגעוויינלעכקייט פון אירע מאַכשאָוועס.

— סעריאָזשאַ ! סעריאָזשאַ ! — כאָזערט זי שטיל און לאַכט אַן אַ קאָל, און שוין פאַרן אײַנשלאָפן, שטעלט זי זיך פאָר ווי זי וויגט דאָס בערעסטענע וויגל און זינגט אַ וויגליד, און דאָס ליד פאַרוויגט זי אַליין. עס פאַרוויגט זי דאָס געוויג פונעם וויגל און עס פאַרוויגט זי דאָס גליק...

אינדערפרי, ווען לילקאַ שטייט אויף, זעט זי, אַ פאַרוואונדערטע, ווי „דער סוכאַר מאַניאַ" שמייכלט פונעם שלאָף.

## XXXI

פון זינט מען האָט אויסגעקליבן אַנדריי קרוגלאָוון פאַר סעקרעטאַר פּרנעם קאָמיוגישן קאָמיטעט, ראַזירט ער זיך יעדן טאָג. מאַראָזאָוו זאָגט : „די בעסטע קעגנווירקונג צו אַלע מאַנגלען, איז אינערלעכע און אויסערלעכע דיסציפלין". אַנדריי באַמיט זיך אײַנפלאַנצן די דאָזיקע דיסציפלין די קאָמירגסטן. נאָר דאָס איז גאָרנים גרינג, ווען עס איז ניטאָ קיין שערער און עס איז ניטאָ אין וואָס זיך איבערצוטאָן נאָך אַ קוויטיקער אַרבעט, קיין קלוב ניט, ווו זיך צו פאַרווײַלן, און ניט קיין עלעקטריע אַף צו קענען לייענען אין דער היים.

אַנדריי האָט באַפוילן פעטיאַ גאָלובענקאָ, „אין העסקעם מיט דער קאָמיוגישער דיסציפלין", ער זאָל זיך אויסלערנען ראַזירן און שערן. פעטיאַ פאַרגעטערט קינדיש קרוגלאָוון און וואַרפט זיך אונטער, אַן שום טײַנעס, דעם באַפעל. ער האָט גענעבט איגעם געצעלט אַ ראַזיר־שטעלע און האָט אויפגעהאַנגען אַ שילד : „פאַריקמאַכער פיער, אַ מײַסטער אַף אַלץ, דאָ אויך יאַדלע־נאַסטאַיקע קענען בלינדקייט".

קאַכן נאַסטאַיקע פון נאַדל־בלעטער האָט די קאָמיוגיסטן געראָטן קאַסימאָוו. זי האָט געהאָלפן — אויב ניט געהיילט, האָט זי פאַרהיט פון קראַנקווערן : קיין נײַע פאַלן פון היגערשער בלינדקייט זײַנען ניט געווען. פעטיאַ קאָכט די נאַסטאַיקע אין דער פרײַער צײַט, ווען ער האָט ניט קיין קונדן און פאַרקויפט זי „לעטוויוועס דעם אײַנקויף פון אַ פאַטעפאָן".

וועגן אַ פאַטעפאָן טרוימט מען ווי פון אַ לוקסוס־זאַך. ווי נאָר עס ווערט פינצטער, נעמט זיך די לאַנגווײַליקייט אירע רעכטן. פאַרנעמען זיך איז ניטאָ מיט וואָס.

אַנדריי האָט אָרגאַניזירט די וואָס אַרבעטן אַפן מאַנטאַזש פון דער עלעקטראָסטאַנציע און אין די אָוונטן פירט ער מיט זיי אַ קורס אין עלעקטראָטעכניק, לויטן קורס וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אינעם אָוונט־טעכניקום. טייל מאָל פאַרבעט ער דעם אינזשעניער סליעפּצאָוו. נאָר דער אינזשעניער סליעפּצאָוו מאַכט זיך אַרויס פון דער פאַרנעמעכץ און זײַן גאַנצע פרײַע צײַט פאַרברענגט ער אַף יאַגד און זאָגט ציניש קרוגלאָוון :

— יאַגד מיט מאַשקע און מאַשקע אַן יאַגד — דאָס איז דאָס גאַנצע לעבן.

די אינזשעניערן קריגן ערגעץ אי בראָנפן און אי ווײַן, כאָטש ווערנער האָט קאַטעגאָריש פאַרבאָטן אַלקאָהאָלישע געטראַנקען אַפן בוי־פּלאַץ. שטילערהייט באַקומען ערגעץ בראָנפן אויך אייניקע קאָמיוגיסטן.

אַפן ברעג, אין אַ סאַראַי בײַ אַ געוויסן פאַק, אַ קליינינקער פּיפּיקער

קאַרייער, קומען זיך צונויף אין די אָוונטן פאַרבליבענע אָרטיקע אײַנוווינער און ווער ניט ווער פון די קאָמיוגיסטן. איין קאָמיוגיסט ברענגט מיט זיך אַ צווייטן. דאָ זיצן זיי בײַ דער שײַן פון נאַפט־לאָמפּן, שפּילן אין קאָרטן און אין ביינדלעך, און דאָ אויך פאַרקויפט מען פון אונטער דער פאָלע בראָנפן און ספּירט. פּאַק שווערט זיך אַז ספּירט איז דאָס בעסטע מיטל קעגן הינערשער בלינדקייט, און פאַרקויפט אים ווי אַ רעפּוע, אַף אַ געהויבענער פּרײַז. אינעם נעפּל פונעם טאַבאַק־רויך זעען אויס די פאַרוואַקסענע קאָמיוגיסטן ווי רויבער פון אַ הייל.

אַנדריי לערנט זיך שנעל אויס דערקענען די קאָמיוגיסטן וואָס גייען צו פּאַקן: דאָס זײַנען די צום ווינציקסטן דיסציפּלינירטע, צווישן זיי, ווײַזט זיך אַרויס, געפינען זיך די גרעסטע פאַכדאָנים וואָס דעזערטירן פון דער בױונג.

ווי נאָר עס ווערט פאַרערגערט דאָס וועטער, עס פאַלט אויס אַ רעגן אָדער עס יאָגט אָן אַ קאַלטער ווינט, באַוויַזן זיך דעזערטירן. זיי פּרוּוון זיך אַרויפכאַפּן אַף שיפן. באַם ברעג האַלטן וואַך קאָמיטעט־מיטגלידער און גרופּעס אַקטיוויסטן. זיי ריידן אָפּ, שעמען צו, פירן אָפּ די דעזערטירן צוריק. טרעפט אַ באָכערל קומט צו לויפן מיטן רענצל, הערט אויס די כאַווייריםצעווייגט ער זיך, אַנטשולדיקט זיך:

— איך בין דאָך אַליין געלאָפן... אַף דער הייסער מינוט. ווינטער, זאָגט מען, וועט מען סײַ ווי ניט אויסהאַלטן.

און ער גייט צוריק אין לאַגער אַ באַרויִקטער.

אַנדריי איז זייער אויפמערקזאַם אַף דער אַרבעט פון די בריגאַדעס. אַ בריגאַדע דאַרף דערציִען, דיסציפּלינירן, טראָגן די אַכראַיעס פאַר יעדן מיטגליד.

ער פּויעלט אויס פּרעמיעס פאַר די בעסערע בריגאַדעס. אַלטשולערס בריגאַדע האָט ער ספּעציעל אויסגעצייכנט אַלס די וואָס פאַרפעלט ניט די פרימאָרגנדיקע גימנאַסטיק און פאַרברענגט די פרײַע צײַט צוזאַמען.

אין יולי קומט סאָפּקאָלסאָף צו פאָרן דער דאָקטער. אין פענסגע מיט אַ קאַסטן מעדיצינישע ביכער. און מיט אַן אומפרײַנטלעכן אומצופרידענעם כאַראַקטער, וואָס האָט אויסבאַהאַלטן, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, די ניט אײַנגעהאַלטענע גוטסקייט פון זײַן איינזאַמען האַרצן. ער איז ניט מאַסקים צו דער יאָדלע־גאַסטאָיקע און האָט זי אויך ניט פאַרבאָטן. נאָר אינעם זעלביקן טאָג האָט ער זיך ניט געשעמט און האָט זיך צעשריגן אַף ווערנערן און גראַנאַטאָוון און האָט געפאָדערט פון זיי צו שפּײַזן די קאָמיוגיסטן מיט גריַנסן. מען ווײַזט אים די באַשטעלונגען און די טעלעגראַמעס. וואָרטשעט ער: „גיכער, גיכער, דאַרף מען, פון טעלעגראַמעס קאָכט מען ניט קיין באָרשט", — און האָט געעפנט אַן אויפנאַם־קאַבינעט אינעם פּוסטן צימער בײַ טאַראַס איליטשן, וואָס איז אין דער טײַגע פאַרפאַלן געוואָרן. דער שפּיטאָל בויט זיך ערשט.

קרוגלאָוו זעט ווי בײַ דער „מעדיצינישער" שטוב שטעלט זיך אויס פון אינדערפרי אַ ריי. און אין דער ריי שטייען די אויסגעשריגנסטע פּויליאַקעס, די צעלאָזנסטע שטאַמגעסט פון פּאַקס שענקל. אַנדריי שפּאַצירט זיך דורך פאַרבײַ דער ריי און פרעגט אויס. יעדערער פון זיי קלאָגט זיך אַף אַ קראַנקייט, אַף אָפּגעשוואַכטקייט, אַף ניט קלאָרע סימפּטאָמען פון אומבאַקאַנטע כאַלאַעסן.

ער גייט אַרײַן צום אויפנאַם.

— צו דער מאַמען האָט זיך דיר מאַרוואָלט, זיך פאַרבענקט ? — קוקט דער דאָקטער בייז אַריבער די פענסנע.

קרוגלאָוו שטעלט זיך פאַר.

— אַ! נאַטשאַלסטווע, הייסט עס ? נו, אַנטשולדיקט. גוט וואָס איר זייט אַרײַנגעקומען.

ער דערציילט אים אַז יעדן טאָג וואַרפט ער אָפּ ביטעס אַף צעטלען צום אָפּפאָרן צוליבן געזונט־צושטאַנד. באַשטעטיקונגען בעטן גראָד ניט די וואָס זײַנען מיט אַן עמעסן קראַנק, נאָר די וואָס זײַנען קראַנק אַף לאַנגווײַליקייט.

— לאַנגווײַל! שרײַט ער, און הערט אויס מעכאַניש קרוגלאָווס לונגען.

— כריפּעט, יונגערמאַן, כריפּעט, נאָר היילן זיך צו מיר זאָלט איר נישט קו־מען... לאַנגווײַל! — כאָזערט ער איבער. — באַשטעטיקט אײַך מיט זיי, באַשעפּטיקט אײַך. סקאַנדאַל! ווייניק מיידלעך. קיין באַלאַלײַקעס זײַנען ניטאָ, קיין גאַרמאָניקעס זײַנען ניטאָ. איך זאָל געווען וויסן, וואָלט איך אָנשטאָט אַן אַפּטייקל געבראַכט מיט זיך וואָליי־באָל־באַלעמס. שפּילן זײַנען נייטיק, מוזיק! און ראַזירן, ראַזירן אַלעמען, נאָכאַנאַנד ראַזירן, ווי אַ פּליכט!

אין אָוונט מאַכט אַנדריי אַ רעוויזיע־שפּאַציר איבערן לאַגער. אין די קאַלטע אָוונטן האָט ער ליב צוצוזעצן זיך דאָ צו איין פײַער, דאָ צו אַ צווייטן. ער האָט האַנאָע פון די דערציילונגען, פון די לידער און מײַסעס, פון די דיס־קוסיעס און טראַכטענישן. ס'איז אַ לעבנסלוסטיקער האַרציקער שמועס פון אַלעם צו ביסלעך. נאָר הײַנט זײַנען קיין פײַערן נישטאָ.

טייל קאָמיוגיסטן זײַנען אין פּרייַלעכע גרופּעס צעלייגט באַם ברעג פונעם אַמור.

קרוגלאָוו גייט איבער די שאַלאַשן.

אין דער טונקל, ליגן באַכעריס צעלייגט אַף די גראָזעס און פּאַשעט אַפּן פּאָל. אַ מאַן צוועלף זײַנען זיי. אינעם אַרבעטס־אַנטאַן, אין די פאַרבלאָטיקטע שטיוול אָדער אין די צעריסענע שטיוועלעך, מיט שטריקלעך אַרומגעבונדן, מיט די ציגאַרלעך אין מויל, זינגען זיי אַף די צעקנוידערטע געלעגערס, צע־צויגן, נודנע און אַן פאַרגעניגן:

אַ פאַרגעסענער, פאַרוואָרפענער פון פריע יונגע יאָרן...

אַנדריי באַלײַכט זיי מיט אַ שוועבעלע:

— וואָס איז מיט אײַך, יאַטן ?

— מיר רוען אָפּ. — ענטפערט עמעצער בייז.

דאָס ליד ציט זיך.

אַנדריי פּרוווט פאַרפירן אַ שמועס, נאָר די פוילע שטימע רופט זיך אָן:

— שטער ניט. זעסט דאָך, מענטשן זײַנען פאַרנומען.

אין דערבײַיקן שאַלאַש שפּילט מען אַ סטאָס. דער פאַרוואָקסענער באָכער, וואָס האַלט די באַנק, דערזעט אַנדרייען, באַהאַלט זיך שנעל אונטער זיך דאָס נײַע פעשל קאָרטן. אַנדריי דערקענט קוים אין דעם באָכער ניקאַלקען.

— קאָרטיאָזשניקעס ? — איז אַנדריי אויפגעבראַכט.

— מיר זײַנען געגאַנגען אין טעאַטער, איז אונדז נישט געפעלן געווען.

— קוקט ניקאַלקע מיט אַ בייזן אַרויספעדרישן בליק אַף אַנדרייען.

— גיב אַהער די קאָרטן, קאָמיוגיסט!

דער באָכער שטעלט זיך נישט קעגן, ער זוכט אין די שמאַטעס הינטער זיך און דערלאַנגט אים אַן אַלט אויסגעריבן פעשל קאָרטן.

— און די נײַע ווו זײַנען? דו מאַך נאָר ניט קיין אָנשטעל. גיב אַהער די נײַע.

— די נײַע האָט מען נאָך ניט געקויפט — ענטפערט כוצפּעדיק ני־קאַלקע. — אויב דו גלייבסט ניט באַזוך אונדז.

— וואָס־זשע, יאַטן, — וואַרפט זיי ווייך פּאַר קרוגלאָוו. — מיט דער מאָראַליזאַציע פאַרנעמט איר אײַך?

די שפּילער קוקן בייז אַף קרוגלאָוון און שווײַגן. פון אַ פינצטערן ווינקל דערהערט זיך אַ פּאַרדראָסיקע הייזעריקע שטימע:

— וואָס דען זאָל מען טאָן? וואָלט כאָטש אַ מאַנדאָלינע געווען... אַ נישטיקע!

◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆ ◆

באַ די איסאַקאָווס אינעם שאַלאַש ברענט אַ קאַנעץ.

סאָניאַ זיצט מיט אַ בלײַער באַם טיש.

דער בלינדער גרישאַ גייט אום איבערן שאַלאַש — צוויי שפּאַן אַהין און צוויי שפּאַן צוריק — און דיקטירט. ער מאַכט מיט דער האַנט צום טאַקט פון די ווערטער:

דעזערטירן, שטייט! איך בין קראַנק און בלינד
מײַנע אויגן מיט אַ הײַטל זײַנען צוגעדעקט...

סאָניאַ פאַרשרײַבט. אַן אייניצייקע טרער פאַרהאַלט זיך אַף איר באַק.

— פאַרמעק — זאָגט איר גרישאַ און דיקטירט ווײַטער:

דעזערטירן, שטייט! מײַנע אויגן זײַנען בלינד,
נאָר כ'זע דעם עמעס שאַרפער פון אַ זעעוודיקן.

— איצט לאָז דורך. וויאַזוי האָסטו פאַרשריבן? באַ דער זײַט ווו ניט איז אַ קעפל: „בעסער בלינד זיך הויקערן דורך די נעכט, איידער זעענדיק זײַן אַן אויסוורף...” האָסט צוגעשריבן באַ דער זײַט? „נאָר כ'זע דעם עמעס שאַרפער פון אַ זעענדיקן...” ווער איז עס? דרייט ער זיך שנעל אום צו דער טיר.

— ס'איז אַנדריושאַ. — זאָגט סאָניאַ און אַ פאַרשולדיקטע ווישט זי אָפּ אַ טרער.

— אַ, קרוגלאָוו! — דערפרייט זיך גרישאַ. — דאָס איז גוט. און איך שרײַב פערזן. פאַרשטייסט אַנדריי! איך טראַכט, אַז אויב איך קען ניט אָנשרײַבן אַזעלכע פערזן אַז אַ דעזערטיר זאָל זיך פאַרשעמען און צוריקגיין — וואָס־זשע פאַר אַ פּאָעט בין איך צום טײַוול? זײַנען דאָך פאַראַן פערזן, וואָס האָבן אין שלאַכט געפירט! ס'איז אַ פּרווו באַ מיר: אָדער איך וועל זיי צוריקברענגען, פונעם ברעג, פון דער קלאַטקע, פונעם דעק... יאָ, יאָ, כ'וועל מיך אָוועקשטעלן אַף דער קלאַטקע, אַף אַ פעסל, אַף וואָס עס איז און אויסשרײַען מײַנע פערזן.

סאָניאַ קוקט מיט געבעט אַף קרוגלאָוון. אַ נײַע טרער, גליטשט זיך באַ איר אַף דער באַק.

— גיב זיי אַרײַן אין דער וואַנט־צײַטונג, — זאָגט אים אַנדריי.

— ניין, גיט אַ דונער גרישעס קאָל. — צום טײַוול די וואַנט־צײַטונג! כ'וועל אַליין גיין, און וועל זיי אַלעמען צוריקברענגען, אָדער איך בין קיין

פּאַסט ניט, אָדער איך וועל אַף שטענדיק אַוועקוואַרפֿן די אומנוציקע גראַ־מען־פּלעכטערײַ, פֿון אַ פּעסל אַראָפּ, פֿונעם טראָפּ, פֿון אַ אַ הויכן קאַסטן... אַזוי לערנט מאַיאַקאָווסקי! ער וואָלט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פֿון אַרויסקריכן אַפֿילע אָפּן מאַסטבוים!

אָפּן סאַמע עק פֿון דעם שאַלאַש־פּלאַץ, זיצן אַף אַ לאַנגן קלאָץ צען באַכערים — די בריגאַדע פֿון געהילץ־טרײַבער אין איר פֿולן באַשטאַנד. קרעפּ־טיקע, געוויקסיקע יאַטן: אָפּן בוי שאָפּן זיי וואונדער. איצט זיצן זיי אַלע אויסגעזעצט אין אַ ריי, מיט אַנגעהאַרעוועטע הענט אַף די קני, די אַקסלען אַראָפּגעלאָזט און זינגען אין כאָר מיט געדיכטע באַסאָווע גוט צוזאַמענגע־זונגענע שטימען:

אַלצאייִנס איז דאָך אונדזער לעבן לאַנג אַ פֿאַרפֿאַלנס<br>און פֿרויען־ליבע פֿון גורל איז פֿאַרשאָלטן.

זיי זיצן אומבאַוועגט; נאָר דער לעצטער פֿון דער ריי, אַ דיקער באַכער, האַלט די אויגן אײַנגעשטאָכן אין דער ערד און וויגט זיך מעכאַניש, הייבט ציגײַנעריש מיט די אַקסלען.

אַנדריי בלײַבט שטיין, ער וויל פֿאַרפֿירן מיט זיי אַ שמועס, נאָר ספּאָד־מען פֿאַרקלעמען אים דעם האַלדז און אין די אויגן בײַסן אים אַנגעלאָפֿענע טרערן.

באַ פֿאַקן אין סאַראַי איז פֿול מיט מענטשן און אַנגערייכערט. אין דער אָפֿענער טיר שפּאַרן קנוילן טאַבאַק־רויך. באַם אַרײַנגאַנג שטייט אַ יאַטל. ער גיט עפּעס אַ געשריי אַרײַן און דער טיר, און ווען אַנדריי קומט אַרײַן, זיצן די מענטשן און שמועסן, געזעצן און לייענען צײַטונגען. פֿאַק אַליין שמייכלט אונטערטעניק און קומט צו צו קרוגלאָוון.

— צום אַלטן מיט אַ וויזיט געקומען, זונעלע.

— איך בין אײַך ניט קיין זונעלע — זאָגט טרוקן אַנדריי און באַקוקט דעם אוילעם. — וואָס טוט איר דאָ, יאַטן?

— מיר שמועסן, — ענטפֿערן טייל מיט געמאַכטער זאָרגלאָזיקייט. — אַזוי זיך אַרײַנגעקומען פֿלוידערן אַביסל... צײַט פֿאַטערן...

באַ זײַן אַוועקגיין, קוקט זיך אַנדריי אום. דאָס יאַטל שטייט ווידער באַ דער טיר. פֿונעם סאַראַי דערטראָגט זיך אַן אײַנגעהאַלטענער געלעכטער.

אין די מיידלשע שאַלאַשן איז ליידיק. די מיידלעך שפּאַצירן. אַנדריי טראַכט מיט ווייטיק וועגן דעם וואָס אייניקע גליקלעכע קענען שפּאַצירן מיט מיידלעך. ער שטעלט זיך פֿאָר: מיט קאַטיען — וואָלקאַ בעססאָנאָוו און עפּ־שער קאָסטיאַ פּערעפּעטשקאַ; מיט טאַניען — גאַליצין. און קלאַוואַ מיט וועמען? עס איז אים שווער איבערצוטראַגן דעם געדאַנק אַז קלאַוואַ קען זיך אונטערגעבן עמעצן פֿון די צודרינגלעכע באַכערים. ער דערמאָנט זיך אירע אויגן פֿולע מיט באַהאַלטענעם טרויער. ער איז אַקעגן איר ניט שולדיק. נאָר ער פֿילט זיך שולדיק.

פֿאַרטראַכטערהייט, שלאָגט ער זיך קימאַט אָן אַף ליילקען מיט אַ באַ־כער, וואָס ער דערקענט אים ניט אין דער פֿינצטער. זיי שטייען אַף דער סטעזשקע און קושן זיך.

— בעסער אַז אַלע זאָלן זען, איידער הינטער אַ ראָג. — גיט ער העפֿ־לעך זײַן האַסקאָמע.

פֿאַר די אויגן שטייט אים דינאַ, אירע רויטלעכע פֿינקלדיקע האָר, אירע

לענגלעכע גלאַנציקע נעגל, דער רייעך פון אירע זיסע פּאַרפומען. דינאַ שרײַבט אים:

„איך וועל ניט באַווײַזן קומען ביז דאָס אײַז וועט זיך שטעלן, ס׳פאַלן מיר אַלץ צו אַן אַ שיר באַשעפטיקונגען, דו אַליין שרײַבסט מיר איך זאָל מיטנעמען וואָס מער וואַרעמע זאַכן, און איך האָב גאַרניט. אינטערעסאַנט, ווי פאַרט מען אַפן אײַז אין אַן אויטאָמאָביל, — עס מוז זײַן שטאַרק קאַלט. איבל אַרויספאָרן אַנהייב דעצעמבער; איך וועל האָבן אַ מיטפאָרער, דעם אינזשעניער קאָסטקאַ; ער איז אַ ספּעציאַליסט אין שיפבוי, און מ׳שיקט אים צו אײַך אויף אַ יאָר צײַט. מײַן טײַערער שוואַרץ־אויגיקער, וועגן אײַער נײַער שטאָט איז געווען אַ קורצער אַרטיקל, אַלץ איז שרעקלעך ראָמאַנטיש. איך בין ביז מעשוגאַס פאַרבענקט נאָך דיר, און איך טראַכט פון דײַן שאַלאַש. וואָלסט אים באַדאַרפט פאַרפוצן מיט בערענע און וועלפישע פעלן, בײַ אײַך אין דער געגנט זײַנען דאָך פאַראַן אַ סאַך בערן און וועלף... און מעריד האָט איר? איך האָב געקויפט גליטשערס פאַר דיר און פאַר מיר. איך האָב געלייענט אין דער ענציקלאָפּעדיע אַן אַרטיקל וועגן דעם ווײַטן מיזרעך, אַז איר האָט אַ סאַך סויבל און פוקסן. ווען איך קריג דאָרט אַ בלויען פוקס. ס׳וועט מיר שרעקלעך פאַסן צום פאַנעם מיט דעם שוואַרצן זײַדענעם קלייד, דו שטעלסט דיר פאָר?"

ער שטעלט זיך פאָר: אַ געשטערקטע, אַ דינע, אין שוואַרצן זײַד און לופטיק בלויען פוטער... דער קאָפּ דרייט זיך אים. נאָר ער וויל קימאַט ניט זי זאָל קומען. ווי פאַסט זיך אַרײַן אָט די עלעגאַנטע לײַבמזיניקע געשטאַלט אין דער בויונגס־וואָך. ער שעמט זיך ווען ער שטעלט זיך פאָר ווי זי שפּאַנט איבער אָט דער סטעזשקע צווישן די שאַלאַשן מיט איר לײַכטן טראָט אויף די שוואַכע קנאַפּעלעך, ווי זי שטייט זײַט בײַ זײַט מיט יעפּיפאַנאָוו, מיט וואַלקאַ בעססאָנאָוו, מיט די געהילך־טרײַבער, ווי זי רעדט מיט קאַטיאַ סטאַווראָווע, מיט לילקאַן, מיט טאַניאַן... מיט קלאַוואַן!...

עס שטייט פאַר אים קלאָר די באַגעגעניש פון דינען מיט קלאַוועס. דינע — אין זײַדנס, און אַ קאַקעט היטעלע, אין הענטשקעס וואָס הילן אײַן די האַנט, וואָס ער איז גרייט צו קושן... און בײַ דער זײַט קלאַוואַ אין אַן אויסגעריבענעם כאַלאַט אָדער אין איר ביליקן בלויען קלייד, וואָס דאָ איז עס קימאַט אַ לוקסוס...

ער פילט ווי ער לײַדט פאַר קלאַוועס...

און מיטאַמאָל וואַקסט זי אויס פאַר אים, אין יעפּיפאַנאָווס בושלאַט, מיט צעשויבערטע קוטשערן אויפן שטערן.

— אַנדריושאַ! — רופט זי אויס.

זיי קוקן איינער אויפן צווייטן און שווײַגן.

— פון וואַנען לויפסטו? — פרעגט אַנדריי אַ פלוצעם הייזעריק געוואָרענער. — קלאַוואַ ענטפערט ניט, זי פאַלט צו צו אַנדרייס אַקסל און צעוויינט זיך ביטער.

קרוגלאָוו טרעט אויף איין אָרט, אַ הילפלאָזער, ווי אַלע מענער פאַר פרויִשע טרערן, ער גלעט איר די האָר און פרוווט זי פונאַנדערפרעגן... און האָט מוירע זי זאָל זיך אים מודע זײַן און ער קען איר ניט זאָגן זי זאָל זיך דערפון ניט באַליידיקן.

— די יאַטן... שטייען צו... — זאָגט מיט אַ מאָל קלאַוואַ און צעוויינט זיך נאָך ביטערער.

אַנדריי פֿירט זי אַוועק צו זיך אין שאַלאַש. דאָרט איז קיינער נישטאָ. ער הייצט אונטער דאָס אייוועלע און שטעלט אַוועק דעם טשײַניק. מיט דעם זײַסעקן זיך פֿאַרטרײַבט ער די אַנגסט וואָס שטיקט אים און ער פֿרעגט זי:

— ווער שטייט צו?

די אײַנגעשטילטע קלאַוואַ נעמט פּאַקן דערשראָקן מיט די הענט.

— ניין, ניין, אַנדריושאַ... מיין נישט... זיי זײַנען דאָך נישט שולדיק. זיי איז אויך אומעטיק.

ער נעמט פֿון איר אַראָפּ דעם בושלאַט און זעצט זי אַוועק צום פֿײַער. און כאָטש דער אָוונט איז אַ וואַרעמער, וואַרעמט זי זיך מיט דאַנק באַם פֿײַער, אַ דערפֿרוירענע פֿון ווייטן.

— און יעפּיפּאַנאָוו... אויך?

קלאַוואַ באַקומט פֿאַרב אין די באַקן.

— ניין, — זאָגט זי. — יעפּיפּאַניטש איז אַ גוטער. ער ראַטעוועט מיך שטענדיק. נאָר איצט גייט באַ זיי מאַנטאַזש, אַרבעט ער באַנאַכט...

— ער איז פֿאַרליבט אין דיר?... מיט אַן עמעס?...

קלאַוואַ ווערט אינגאַנצן רויט און באַהאַלט דאָס פּאַנעם.

— איך ווייס נישט, אַנדריושאַ. ווי קען מען זיי דערגרונטעווען? ס׳איז דאָך אַלעמען לאַנגווײַליק... נאָר יעפּיפּאַניטש איז אַ גוטער. ער און סיאָמאַ אַלטשולער, זײַנען מײַנע בעסטע פֿרײַנט.

— פֿאַרוואָס־זשע גייסטו נישט צו סאָניאַן?

— איך שטער דאָך זיי! פֿאַרשטיי דאָס אַליין! זיי ווילט זיך דאָך זײַן אינצווייען אַליין... וואָס־זשע זאָל איך גיין?

קלאַוואַ רײַסט זיך אַוועקגיין, נאָר אַנדריי פֿאַרהאַלט זי מיט ווייכע רייד, און צום ערשטן מאָל פֿאַר דער צײַט וואָס זיי זײַנען באַקאַנט שמועסן זיי זיך דורך ווי גוטע פֿרײַנט. קלאַוואַ פֿרעגט ווען קומט דינאַ. באַ איר איז קיין ספֿק נישט, אַז דינאַ וועט אַרויספֿאָרן ווי נאָר ער וועט זי רופֿן. זי אורטיילט עס לויט זיך. זי איז איצט טרויעריק און נאַכגיביק. אַנדריי זעט, אַז איר איז שווער. נאָר עס הויכט פֿון איר אַ פֿרוייִשע האַרציקע וואַרעמקייט, און קרוגלאָוו האָט שוין לאַנג נישט געשמועסט מיט אַ מיידל אָט אַזוי אויפֿריכטיק פֿרײַנטלעך אין צווייען. באַוועגט פֿון דער אָפֿנהאַרציקייט ווײַזט ער איר דינעס בריוו און פֿרעגט זי:

— ווי מיינסטו... וועט זי זיך דאָ אײַנלעבן, מיט אונדזער אוילעם?...

קלאַוואַ ענטפֿערט נישט. מיט אַנגערוקטע ברעמען, קוקט זי זיך אײַן, אַ טרויעריקע און אַ פֿאַרוווּנדערטע, אין די עלעגאַנטע, כוואַליעדיקע שורעס פֿון דעם פֿרעמדן בריוו. דאָס איז פֿאַר איר אַן אַנדערע, אַ נישט פֿאַרשטענדלעכע וועלט.

— זי איז אַ שיינע?

ער נעמט אַרויס פֿון זײַן טײַסטער אַ פֿאָטאָגראַפֿיע. דאָס וווּנדערלעך שיינע פּאַנעם שמייכלט פֿאַרלערנט אינעם אַפּאַראַט, מיט ברייט צעעפֿנטע גרויסע ליכטיקע אויגן.

קלאַוואַ מאַכט אַזש צו די אויגן.

— זי אַרבעט? פֿרעגט זי קימאַט מיט געשעפּטש.

— אַ מאַשין־שרײַבערקע... און לערנט זיך אויך אַף די קורסן פֿון סטענאָגראַפֿיע... איך מיין, אַז דאָ אין ביוראָ וועט זי האָבן אַ סאַך אַרבעט.

— אַ קאָמיוגיסטקע ? — פרעגט קלאַוואַ שוין גאָר שטיל.

— ניין. — ענטפערט קרוגלאָוו, קוים וואָס מען הערט.

און ביידע גיבן זיך איבער דעם לויף פון זייערע טרויעריקע און אומרויִקע געדאַנקען.

— עס מאַכט נישט. — רופט זיך אָן קלאַוואַ. — עס וועט איר זײַן שווער... אונדזערע יאַטן, ווייסטו, אַביסל אַ גראָבער אוילעם... נאָר דו דאַרפסט קיין מוירע ניט האָבן... מירן איר צוהעלפן... מען וועט זי דאַרפן אַרײַנציִען אינעם קאָמיוג, יאָ ?

אַנדריי דריקט שטאַרק איר קליינע דאַרע האַנט.

קלאַוואַ האַלט פעסט פאַרקלעמט די ליפּן און קוקט ניט אַף אים.

און עס ווערט אוממעגלעך צו ריידן אָפנהאַרציק. זיי כאַפּן זיך אָן פאַר עפּעס וואָס איז פאַר זיי ביידן אַ רעטונג.

— עפּעס מוז מען טאָן. — גיט אַ זאָג אַנדריי. — די יאַטן קומען אום פון לאַנגווײַליקייט. זעסט דאָך, דיך לאָזן זיי אויך נישט צו רו. און דער פּאַק האָט אַ שענק געעפנט. ווער ווייס וואָס ער קלײַבט זיך מאַכן... די יאַטן ווערן דעמאָראַליזירט...

— מיר האָבן שוין גערעדט מיט קאַטיען. — ווערט קלאַוואַ אויפגעלעבט. — קאַטיאַ מיט וואַלקאַן האָבן עפּעס פאַרטראַכט. עפּעס אַ דזשאַז... וואָלט מען אונדז אַ קלוב אַוועקגעשטעלט — אַ ריכטיקן... רוף זיי צו זיך, וועלן מיר עס באַטראַכטן.

— וואו־זשע נעמט מען זיי ?

קלאַוואַ גייט אַרויס פונעם שאַלאַש, שטעלט צו די דלאָניעס צום מויל און נעמט שרײַען אַפן קאָל :

— קאַטיאַ ! וואַלקאַ !

די שטילקייט לעבט אויף. פון דער פינצטערניש רופן זיך אָפּ צענדליקער קוילעס. קרוגלאָוו הערט ווי עמעצער רעדט מיט קלאַוועןְ. קלאַוואַ בעט זיך.

— לאָז אָפּ, טימאָשאַ, נו, איך בעט דיך, נו, וואָס קריכסטו, איך האָב דאָך דיר געזאָגט...

אַנדריי רוקט זיך אַרויס פון דער טיר און מיט אַ געלעכטער שלעפּט ער אַרײַן פאַרן קאָלנער טימקאַ גרעבען, זײַן פריילעכן לאַנדסמאַן. טימקאַ לאָזט זיך ניט שפּאַסיק. נאָך אים קומט אַרײַן אינעם שאַלאַש קלאַוואַ און באַלד נאָך איר קומען צו לויפן קאַטיאַ מיט וואַלקען.

— אָט דער סוביעקט שטייט צו צו קלאַוועןְ. — זאָגט אַנדריי און האַלט טימקען פאַרן קאָלנער. — ענטפער טייקעף, פאַרוואָס שטייסטו צו צו איר ? וועסטו זיך ניט פאַרענטפערן, וועלן מיר דיר אַפן אָרט מאַכן דעם טויט !

טימקאַ איז גאָרניט אַזוי איבערגעראַשט, נאָר ער מאַכט אַ פּאָנעם פון טיפער איבעררעאַשונג.

— ס'אַ שאָד.

— וואָס איז אַ שאָד ?

— אַ שאָד, זאָג איך, גייט פאַרלוירן אַזאַ מיידל !

קלאַוואַ שמייכלט מיט אַ געצווונגענעם שמייכל. קרוגלאָוו ווערט רויט — ער פאַרשטייט זײַן כאַוועס אַנדײַט. זיי ראַטעווען אַרויס בעססאָנאָוו.

— און מיר איז אַ שאָד דיך. — זאָגט ער צו טימקען.

— פאַרוואָס מיך ? אַ כאָסן גייט פאַרלוירן ?

— ניין. — זיפֿצט אָפּ וואַלקאַ. — איכל דיך מוזן שלאָגן, און ס׳איז אַ שאָד — וועסט קאַליע מאַכן דאָס קאַרטל.

קאַטיאַ קײַכט פֿון געלעכטער און האַלט בעססאָנאָוון פֿאַר די אַקסלען. איר זײַנער איז שטענדיק פֿריילעך. זי מיט וואַלקאַן פֿאַרנעמען זיך מיט אַקראָבאַטיק, מיט אַטלעטיק, מיט שווימען אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ. זיי פֿאַרברענגען די צײַט צוזאַמען ווי צוויי כאַווערים, וואָס וואָלטן געקענט זײַן נאָך בעסער צווישן זיך, נאָר זיי אײַלן זיך נאָך ניט פֿאַרענדיקן די פֿריילעכע און קאָמפּליצירטע שפּיל. קאַטיאַ וויל זיך ניט פֿאַרבינדן. זי געדענקט שוין גאָרניט איר מאַן — זי לעבט מיט דעם הײַנט, און אין דעם הײַנט איז איר מער ווי אַלץ טײַער דער אָנשטרענג פֿון קאַמף, פֿון פֿריילעכקייט און פֿרײַהייט. און אַלץ געפֿעלט איר — אַפֿילע דער קאַמף מיט די מאָסקיטן רופֿט בײַ איר ניט אַרויס קיין ערגערניש, נאָר געלעכטער; זי מיט וואַלקאַן צינדן אָן סאָסנע־צווײַגן און טראָגן זיך מיט זיי ווי מיט פֿאַקלען.

— נו, גוט, די פֿראַגע מיט טימקאַן וועלן מיר אָפּלייגן — זאָגט אַנדריי. — פֿאַראַן אַן אַרבעט. די דרינגלעכע זיצונג פֿון דער איניציאַטיוו־גרופּע צום קאַמף מיט דער לאַנגווײַליקייט דערקלער איך פֿאַר געעפֿנט. רעפֿערענט בין איך. אַלע ווייסן — דער אויילעם קומט אום פֿון לאַנגווײַליקייט. אין די אַוונטן איז ניטאָ ווו זיך אַהינצוטאָן. מען איז פֿאַרכאַפּט פֿון קאַרטן. און לידער — געהערט האָט איר סאַראַ לידער מען זינגט? פֿון די לידער קען אַפֿילע אַ פֿריילעכן אַ לאַנגווײַליקייט באַפֿאַלן. באַוויזן האָט זיך בראָנפֿן פֿון אונטער דער פּאָלע. פּאַקס סאַראַי. דאָס איז עס. דער רעפֿעראַט איז פֿאַרענדיקט. איך בעט נעמען דאָס וואָרט. וואָס דאַרף מען טאָן אַז די יאַטן זאָלן אײַנגאַנצן ניט צעווייקט ווערן? נעמט אין אַכט, די געדאַנקען וועגן דעזערטירן קומען אַרויף ניט אויף דער אַרבעט. זיי קומען אַרויף דעמאָלט ווען דער באָכער ליגט אַ שמוציקער אין דער פֿינצטער און זינגט שענק־לידער. און פֿון פּאַקן פֿירט דער וועג גלײַך צום דעזערטירן.

— אַנטילאַנגווײַלין! — רופֿט מיט פֿאַרגעניגן אויס וואַלקאַ.

— וואָס?

— אַנטילאַנגווײַלין! — זאָגט נאָכאַמאָל וואַלקאַ — דאָס איז דער נאָמען פֿאַר אונדזער גרופּע. און איצט האָט דאָס וואָרט קאַטיאַ. זי האָט שטענדיק אַ טעהאָם מיט פֿאָרשלאָגן.

קאַטיאַ לאָזט זיך ניט בעטן און נעמט ריידן.

## XXXII

קעדריי צו שטילן די בענקשאַפֿט נאָך דינאַן, לאָדט זיך איבער אַנדריי מיט אַרבעט, פּראָדוקטיווע און קאָמיוגישע. ער מאָנטירט די עלעקטראָסטאַנציע, ער פֿירט דורך עלעקטריע אין די שאַלאַשן און אויף די אָפּטיילן. ער נעמט אַ טיכטיקן אָנטייל אין אַלע אויפֿטוען פֿון קאַטיאַס גרופּע, וואָס האָט באַקומען דעם שפּאַסיקן נאָמען „אַנטילאַנגווײַלין“.

און דערפֿון איז די בענקשאַפֿט פֿאַרשוווּנדן. אַלץ אָפֿטער פֿילט ער זיך גליקלעך אין זײַן לעבן, דעם פֿולבלוטיקן און רײַכן.

אויף דער עלעקטראָסטאַנציע מאַכט מען די לעצטע אויספּרוּוון. די מעכאַנישע וואַרשטאַטן הייבן זיך שוין מיט זייערע גרויע אָפּגעשטוקאַטורעטע ווענט, און קאַליאַ פּלאַט ענדיקט אײַנאָרדענען די מאַשינען.

דער געהילף־זאַוואָד גרייט זיך אָנהייבן די אַרבעט. קאַליוזשניס און טימקאָ גרעבענס בריגאַדעס שטייען אינעם וואַסער, שלעפּן אַרויס אַפן ברעג די צעבראָכענע קלעצער און ציִען זיי אַרויף מיט שטריק צו דער געהילף־„בירזשע". פון דאָרט וועלן זיי שוין אַף וואַגאָנעטקעס זיך צושלעפּן ביז צום זאַוואָד, אונטער די מעסערס פון די רעמען.

די רעזולטאַטן פון דעם אַלגעמיינעם אָנשטרענג, ווערן וואָס אַ טאָג אַלץ קענטיקער. און די מענטשן ווערן פרייליכער, גליקלעכער, צופרידענער.

אין די בריגאַדעס גייט אַ פּאַרוועט אַף פרייליכקייט. וואַלקאַ בעססאָנאָוו האָט אַף זײַן שאַלאַש אויפגעהאַנגען דעם דעוויז: „בעססאָנאָווס בריגאַדע לאַנווײַליקט זיך קיינמאָל ניט". אין די אָוונטן פירט מען דורך אין די שאַלאַשן פּראָבן פונעם דזשאַז־אָרקעסטער. אַלע אינסטרומענטן, אַ חוץ די סוויפּטשערס, האָט מען אַרויסגעגאַנוועט פונעם עס־זאַל. וואַלקאַ לײַדט נאָך אַף דער הינערשער בלינדקייט, נאָר דאָס איבעראַשט אים ניט — ער פאַרזיכערט, אַז פון דער בלינדקייט ווערט שאַרפער דער געהער.

ווי אַן ענטפער אַף בעססאָנאָווס דעוויז, האָט איסאַקאָווס בריגאַדע אַרויסגעהאַנגען אַ געגראַמטן לאָזונג:

איר קענט אויספאָרן די גאַנצע וועלט
קיינער האָט נאָך אַזאַ פרייד ניט צוגעשטעלט.

מען וואַרט אַף דער עלעקטריע. אַט ווען דער קלוב וועט אָנהייבן אַרבעטן! עס אָרגאַניזירט זיך שוין אַ דראַמקרײַז. אַלע ווילגעלערנטע פאַרפאַסן פּיעסן, רעוויוס, פעליעטאָנען פאַר דער „לעבעדיקער צײַטונג". די פּיעסן שרײַבט מען „פון אונדזער שטייגער" און ניט נאָר צוליב אַגיטאַציע־מאָטיוון, נאָר אויך דערפאַר, וואָס די פאַראַנענע קאָסטיומען טויגן ניט צו קיין אַנדער שטייגער. באַ סערגיי גאַליצינען ווײַזט זיך אַרויס האָט זיך פאַרוואַלגערט אין רעזערוו אַ פּאָר נײַע שטיוועלעך. צוליב דער דאָזיקער מײַלע זײַנער באַקומט ער אין דער ערשטער פאַרשטעלונג די ראָל פון אַן אינזשעניער.

קרוגלאָוו לייענט די פּיעסן און פילט זיך גליקלעך. ער לייענט זיי מאַראָזאָוון און מאַראָזאָווס אָנגעצויגענער פּנים ווערט שײַנענדיקער. די פּיעסן זײַנען אומגעהויער שלעכטע, אָפט גראַביונגיש געשריבן. נאָר דערפאַר זײַנען זיי דורכגעדרונגען מיט לעבנס־באַיאָענדיקן אָפּטימיזם. די הויפּט־טעמע זייערע איז אַרבעט. אַרבעט ווי פרייד, ווי דערציִעריש, ווי דער העכסטער מענטשלעכער באַרוף.

— דו קוק זיך אײַן אינעם לעבן — זאָגט מאַראָזאָוו — גיי זיך דורך איבער די אָפּטיילן, קוק זיך צו. אַזוי איז עס דאָך.

און קרוגלאָוו האָט זיך אויסגעלערנט זען אינעם לעבן די פרייד פון אַרבעט, אָפט אַ פאַרשטעלטע פאַר אַ ניט אויפמערקזאַם אויג מיט טײַנעס, מיט פאַרמאַטערטקייט, מיט אויסערלעכער גלײַכגילטיקייט. ער זעט ווי קיין איינער פון די בריגאַדירן וויל ניט אָפּטרעטן דאָס ערשטע פּלאַץ. ער הערט ווי די באַכערים, אויסגעמאַטערטע פון שווערער אַרבעט, באַרימען זיך אָן אויפהער מיט די אויסגעפולטע פּראָצענטער לויטן פּלאַן, מיט די רעקאָרדן, מיט דער אָרגאַניזירטקייט פון זייערע בריגאַדעס. אין אָוונט קומען זיך אַלע צונויף אין עס־זאַל צום פּאַרוועט־לײַוונט און שטודירן אײַפעריק די ציפערן פון דעם טעגלעכן אויסגאַב.

קרוגלאָוו זעט געבקאַ קאַליוזשניס פאַרצווייפלונג ווען טימקאַ גרעבענס בריגאַדע יאָגט איבער זײַנע.

— מיר האָבן אײַך אַרײַנגעהאַקט ? — רייצט זיך מיט אים טימקאַ — און מיר וועלן אײַך נאָך אַרײַנהאַקן. איר וועט שוין מער דעם ערשטן פּלאַץ ניט זען !

אַזוי צעפּלאָמט האָט מען קאַליוזשנין געזען נאָר איין מאָל — אין דער צײַט פונעם אומגליקלעכן געשלעג פאַר די מיידלעך. קרוגלאָוו שרעקט זיך געגאַדי זאָל אויך ניט לאָזן אין גאַנג זײַנע פויסטן. נאָר קאַליוזשני לויפט צו סיאָמקאָן און רײַסט בײַ אים פון די הענט אַרויס די ניט־געשליפענע שאַבלאָנע פעדד־פיגור און שרײַט :

— לאָז דיך אָפּ פון דעם שפּילכל, סיאָמאַ ! זעץ דיך אַוועק און טראַכט, טראַכט צו וואָס דו ווילסט — ראַציאָנאַליזאַציע, מעכאַניזאַציע, וועלכע עס איז „אַציע”, נאָר מיר מוזן, ווי דיר איז ליב, איבעריאָגן גרעבענען !

סיאָמאַ מײַסטרעוועט אַ שאַך פאַרן צוקונפטיקן קלוב. נאָר ער לייגט אַוועק דעם שאַך און זעצט זיך טראַכטן : אויב מען מוז צוליבן פרײַנט אַ דיך טאָן מיטן מויעך, איז פאַרוואָס ניט. אין אים איז קיין מעניע ניט ! ער טראַכט, קנייטשט דעם שטערן, זיפצט, דערנאָך רופט ער זיך אָן צום שטיל געוואָרענעם געבקאַ :

— אַ האַנט־ווינדע און אַ האַק — עפּעס איז עס שוין ! קום אַ קוק טאָן אַפן אָרט.

זיי לויפן אַוועק אַפן אָרט, רײַבן שוועבעלעך, כעשבענען, וואָס און וויאַזוי צו טאָן.

קרוגלאָוו זעט קילטו, ווי ער גאַנוועט זיך קאַיאָר וועקן זײַנע בריגאַדע־כאַווײרים, און רעדט זיי אַלעמען אײַן, שפּיצט צו זײַנע שמאָלע גאַנבײַשע אויגן און זאָגט :

— פרי אַרבעט, מער מאַך. פרי אויפשטיי, ערשט אָרט אונדיוערס.

אויב קילטו, וואָס פאַרשטייט ניט ווי געהעריק די ווערטער „פּיאַטי־ליעטקאַ”, „סאָציאַליזם”, כאַפּט זיך אויף באַנאַכט פונעם געדאַנק, אַז זײַן בריגאַדע דאַרף זיגן, הייסט עס, אַז גרויס, ניט אײַנצוהאַלטן, איז דער קויעך פונעם סאָציאַליסטישן פאַרמעסט, וואָס האָט אים אַרײַנגעצויגן !

קרוגלאָוו איז באַפרײַנדעט געוואָרן מיט מאַאָמי. די קליינינקע פרוי, וואָס זעט אויס אַ מיידעלע, זעצט זיך אַוועק אַף די שפּיץ־פינגער און קוקט זיך לאַנג צו צו דער אַרבעט פון די מאָנטירער. שרעקעדיק רירט זי זיך צו מיט די שפּיצן פינגער צו די ראָלעכלעך, צו די דראָטן און לעמפּלעך. זי באַקוקט דעם עק דראָט, קאַלופּעט מיט די נעגל די גילדערנע הערעלעך, און פרעגט :

— אַהין פײַער ?

אַנדריי דערציילט איר וועגן אַלץ וואָס עלעקטריע קען אויפטאָן, די ווערטער וואָס פעלן אים פאַרבײַט ער מיט זשעסטן. זי דערוויסט זיך וועגן עלעקטרישן ליכט, עלעקטרישן לאָקאָמאָטיוו, עלעקטרישער שווייסונג. זי מאַכט אַ פּנים ווי זי גלייבט און בעט דערציילן נאָך. זי האָט שוין ניט מוירע אָפּצוטרעטן פון קילטו און פלוידערט גערן מיט די מיידלעך, נאָר ערנסטע פראַגן שטעלט זי בלויז די מענער.

איין מאָל האָט מאַאָמי געוואָגט און האָט צוגעפּעסטיקט אַ ראָלעכל. אַנדריי האָט עס באַקוקט, האָט צוגעשטימט און האָט זי גענומען לערנען.

— מאָנטיאָר ! מאָנ־טיאָר ! — לאַכט מאַאָמי, און פון יענעם טאָג אָן

ווייל זי בעשום אויפֿן ניט אַרבעטן אין אַלטשולערס בריגאַדע. זי ווייל נאָר זײַן אַ מאָנטירערן. און אַנדריי נעמט זי פֿאַר אַ געהילף.

ער פֿרייט זיך מיט איר דערפֿאָלג און טאָפּלט טראַכט ער וועגן דעם טאָג ווען אין דער טײַגע וועט אויפֿשײַנען עלעקטריש ליכט, סײַ דערפֿאַר וואָס אים איז אָנגענעם ווידער צו דערזען עלעקטריש ליכט און סײַ דערמיט וואָס דאָס עלעקטרישע ליכט וועט צום ערשטן מאָל דערזען אַ נאַנײַיש מיידל, וואָס איז אַזוי באַגײַסטערט מיט דער אומבאַקאַנטער פֿאַר איר מעלאָכע פֿון פֿײַער־דורכפֿירער.

איין מאָל פֿרעגט אים מאָאָמי:

— מיר זײַנען די סאַמע ערשטע אָדער ניט?

ער פֿאַרשטייט ניט.

מאָאָמי באַמיט זיך מיט אַלע קויכעס אים אויפֿצוקלערן:

— אַנדערע בריגאַדע ערשטע אָדער אונדזערע ערשטע? קילטו געווען ערשטער, איצט ערשטער ניט. איצט אונדזערע ערשטע?

זי ווייל וויסן וועלכן אָרט זיי פֿאַרנעמען אינעם געווער. די מאָנטירער האָבן זיך מיט קיינעם ניט פֿאַרוועט. מאָאָמי שווײַגט, נאָר זי איז געערגערט.

קרוגלאָוו אָרגאַניזירט דעמאָלט אַ פֿאַרוועט צווישן די מאָנטירער מיט די מעכאַניקער און מאָאָמי פֿאָדערט יעדן טאָג אַן אויפֿקלערונג — ווער איז דער ערשטער.

— זעסטו שוין, — זאָגט מאַראָזאָוו, ווען אַנדריי דערציילט אים וועגן זײַנע אײַנדרוקן — אַט האָסטו סטאַלינס ווערטער וואָס דאָס לעבן אַליין האָט אויסגעקנאָטן. אַרבעט ווי אַ קאָוועד און ווי אַ גלאָר. אונדזער יעדער יאָט ווערט גײַסטיק באַרײַכערט, וואַקסט אויס צו אַן עמעסן נײַעם מענטשן. אויך מאָאָמי וועט דאָס ווערן און וועט אין עטלעכע יאָרן האָבן אַריבערגעשפּרונגען איבער יאָרהונדערטער אַנטוויקלונג.

עס קומט דער טאָג פֿון דער ערשטער פֿײַערונג, פֿון די ערשטע סאַכ־האַקלען.

קורץ פֿאַר דעם קומט אָן אַ פֿאַרטיע מענער־אָנצוגן, און מאָראָזאָוו האַלט מיט אַ קיוון אָפּ דאָס אַרויסגעבן, קעדיי די קאָמיוגיסטן זאָלן זיך נײַ אָנטאָן אָף יאָנטעוו. ער אַליין העלפֿט אַרויסגעבן, און פֿאַרזיכערט יעדן יאָט אַז דער אָנצוג פּאַסט אים. די אָנצוגן זײַנען אַלע אַלצאייגע, פֿון בלויען גראָבן וואָל־שטאָף.

— טויזנט ברידער! — לאַכט מאָראָזאָוו און באַקוקט די באָכערים וואָס זײַנען מיטאַמאָל ענלעך געוואָרן איינער אַפֿן אַנדערן. און ער באַדויערט די מיידלעך: — און אײַך, שוועסטערלעך, איז גאָרנישט ניט אָנגעקומען!

די מיידלעך האָט ער צוגעצויגן צו אַן אַרבעט, וואָס ער האַלט דערווײַל שטרענג בעסאָד. די מיידלעך שרײַבן אַזעלכע צעטעלעך, זיי מײַסטרעווען עפּעס פֿון צווײַגלעך באַ קאַטיאַן אינעם שאַלאַש. דעם שאַלאַש האַלט מען פֿאַרריגלט, און אַ כוץ מאָראָזאָוון און קרוגלאָוון לאָזט מען אַהין קיינעם ניט אַרײַן.

דער טאָג הייבט זיך אָן ווי שטענדיק. ביז פֿינף אַרבעט מען. קיינער ווייס ניט וואָס עס וועט זײַן, נאָר אָף עפּעס וואַרט מען.

און אָט צעטראָגט זיך און פֿילט אָן די אייביקע שטילקייט אַ נײַער, מאָדנע באַקאַנטער און אין דער זעלביקער צײַט אומפֿאַרשטענדלעכער קאָל. דאָס קאָל קלײַבט אָן קויכעס און ווערט אַלץ ברייטער און טראָגט זיך אי־

בער די אַרבעטס־אָפּטיילן, פרײַ פליט ער איבער דער ראַכוועס פונעם אַמור, פֿאַרקלײַבט זיך ווײַט אין דער טײַגע און צעשרעקט די שטויבענדיקע פייגל. וואָס איז עס? דער אָפּגעוווינטער אויער כאַפּט אויף עפּעס באַקאַנטס.

— דאָס איז דאָך די סירענע!

— נו, פאַרשטייט זיך, די סירענע! די סירענע!

און ווי האָט מען עס באַלד ניט דערקענט — דאָס איז דאָך אַ סירענע! סירענע! סירענע! און הונדערטער מענטשן לאָזן אַרויס פון די הענט די לאָפּעטעס, די זעגן, די העק, און לויפן, קלײַבן ניט איבער דעם וועג, איבער גריבער, איבער ביימער, ברעכן דעם קאָפּ, צום געהילך־זאַוואָד.

אַ דין שטרעמעלע דאַמף הייבט זיך אין רײנעם הימל, לעבן דעם ערשטן זאַוואָד־קוימען. און אַ וויבּרירנדיקער אויסגעצויגענער פײַף שרײַט ניצאָכנ־דיק צום הימל, צו דער טײַגע, צום אַמור, צו די מענטשן: איך בין דאָ, אָט אַזאַ בין איך! הערט מיך אויס! האָט פאַר מיר אָפּשײַ! קיינער פון אײַך וועט מיך ניט איבערשרײַען!

טויזנטער יונגע אויגן קוקן אַרויף, צום שטרעמעלע דאַמף אין דער לויטערער לופט, ווו עס טראָגט זיך דער דאָזיקער שיר ניט פאַרגעסענער, היימישער ניצאָכן־אַנזאָגנדיקער קאָל.

ווען דאָס קאָל שטילט זיך אײַן, שרײַט סערגיי גאָליצין אויסער זיך:

— נאָך! — און ער מערקט אַפילע ניט אַז אין די אויגן באַ אים ציטערן טרערן.

— נאָך! נאָך! — האַלטן אונטער אַנדערע.

— העכער! — שרײַט פּעטיאַ גאָלובענקאָ.

אַ געהאָרכיקע דעם ווילן פון אירע באַשאַפער, צעשרײַט זיך ווידער מיט איר גאַנצן קויעך די סירענע.

און קאָמיוגיסטן, צעווייקטע פון געריטקייט, פאַלן זיך אַפּן האַלדז און הערן דאָס וויבּרירנדיקע קאָל ווי אַ וווּנדערלעך ליד.

און אין אָוונט וואַרט מען אַף עלעקטריע. אַף אַכט מיט דרײַסיק אין אָוונט האָט די עלעקטראָסטאַנציע צוגעזאָגט צו געבן עלעקטריש ליכט.

קיינער גייט ניט אַרויס פון די שאַלאַשן. מיט צעפּראַלטע טירן אין דער שטיקנדיקער נאַכט, זיצט מען אין דער פינצטער און מען וואַרט. אומגעדול־דיקע שנאַלן מיט דעם אויפשליסער, באַטאַפּן צי דאָס לעמפּל איז גוט צוגע־שרויפט.

קילטו און מאַאָמי האָבן מוירע צו זיצן אינעם שאַלאַש. זיי זײַנען אַרומ־געכאַפּט מיט אַן אַלץ וואַקסנדיקן אומרו, לײַדנשאַפטלעך באַגערן זיי און אָבערגלויבעריש שרעקן זיי זיך פאַר דעם פײַער, וואָס לויפט אַליין איבער די דראָטן.

— ס'איז גאָרניט — שטאַרקט זיך מאַאָמי· און דריקט קרעמפּיק קילטוס האַנט, — ס'איז גאָרניט. ס'איז אַ גוטער פײַער.

אוןביידע לאָזן זיי אַרויס אַ פאַרצווייפלטן געשריי און גיבן זיך אַ וואָרף צוריק, ווען עס גיבן מיטאַמאָל אַ פלאַם אויף, איבער דער גאַנצער קייט שאַ־לאַשן, קנײלעכדיקע פײַערן און שטעכן אײַן געלע שטראַלן אין דער ערד.

קילטו ציטערט און טרעט צוריק. ער האָט מוירע אַרײַנצוטרעטן אינעם פאַס שײַן וואָס פאַלט פון דער טיר. זײַן ציטער גיט זיך איבער צו מאַאָמין. נאָר זי מוז ריידן, זיך באַרימען, לאַכן, וואָרעם די דראָטן, איבער וועלכע עס לויפט דאָס פײַער, האָבן דורכגעצויגן אויך אירע הענט, וואָרעם זי האָט

צוגעזאָגט קרוגלאָוון ניט מוירע צו האָבן, וואָרעם זי האָט געטרוימט וועגן דײַן גלעזערנעם פלעשעלע וואָס גיט ליכטיקייט זינט יענעם אָוונט אַף יִשעוו, ווען איוואַן כּײַטאַנין האָט איר אַנטפּלעקט אַז ס׳איז פאַראַן אויך אַן אַנדער לעבן.

זי לויפט גלײַך אַרײַן אינעם פּאָס שײַן און שלאָגט זיך אָן אַף קרוגלאָוון, זי כאַפּט אים אָן פאַר די הענט, ווײַזט מיטן קאָפּ אַף די דראָטן און שרײַט:

— ס׳איז אונדזער פײַער! אונדזער פײַער!

גרישאַ איסאַקאָוו לויפט אום איבערן שאַלאַש:

— ס׳ברענט? יאָ? דו נאַרסט מיך ניט אָפּ, טאַניאַ? ס׳ברענט?

ער טאַפּט אָן דאָס עלעקטרישע לעמפּל — ,אָס לעמפּל איז וואַרעם, לעבעדיק, פרײַנטלעך... ער קוקט זיך לאַנג אײַן אין דעם אָרט ווו דאָס לעמפּל הענגט.

— דו ווייסט, סאָניאַ, איך זע אַ ביסל... איך זע אַ ליכטיקן פלעק...

ער זעט, ווײַל ער וויל שטאַרק זען.

— און איך וועל אינגיכן געזונט ווערן. אָט וועסטו זען, איך וועל אָנהייבן זען. איך פיל, אַז די קראַנקייט גייט אַוועק.

ער הייבט אויף די קוואָרט ווי אַ בעכער:

— זאָל לעבן דאָס ליכט! זאָל פאַרשווינדן די פינצטערניש! — און ער טרינקט אויס די דאָזע יאָדלע־נאָסטאַיקע.

און איבער די שאַלאַשן קײַקלט זיך געלעכטער. די באַכערים קוקן זיך אָן איינער דעם צווייטן און פאַלן שיר ניט פון געלעכטער — נו, אַ באָרד באַ דיר! נו פּיס! און וואָס עפּעס אַזוי שוואַרץ די העלדזער? קען מען גאָרניט אָפּוואַשן די מאָדנע פאַרסמאַליעטקייט?

אונטער יעדן לעמפּל הענגט אַ פּלאַקאַטל: „ס׳איז אַ בּיזאָיען צו זײַן אַזוי שמוציק אין אַ קולטורעלער שטאָט”.

מאַראַזאָוו גייט אום איבער די שאַלאַשן און קאָנטראָלירט די ווירקונג פון זײַן האַמצאָע. די ווירקונג שטײַגט איבער זײַנע דערוואַרטונגען. אַלע ראַזיר־מעסערס וואָס ליגן באַהאַלטן אין די קעסטלעך, שלעפּט מען אַרויס און מען מאַכט זיי שלאַכט־גרייט. מען זידט אויף וואַסער אַף שנעל. מען לויפט צום טײַך זיך אויסבאָדן און מען נעמט מיט זיך אַ שוואָם און זייף. מען בעט נאָדלען באַ די מיידלעך, פאָדעם און שמאַטקעלעך צום לאַטען.

פעטיאַ גייט אַוועק איבער די שאַלאַשן און מעלדעט, ער רעדט אונטער דער נאָז: פראַנצויזיש:

— צוליב דעם פאַל מיט דער עלעקטרישער באַלײַכטונג, איז דאָס ראַזיר־הויז פון מסיע פּיער אָפן די גאַנצע נאַכט.

און די מיידלעך טראָגן פונאַנדער איבער די שאַלאַשן די פון פריער צוגעגרייטע בעזעמער און טראָגן זיי אונטער באַשיידן די באַלעבאַטים:

— מיר האָבן געהערט איר האָט ניט מיט וואָס צו פאַרקערן די שטוב?!

XXXIII

„טאַניאַ האָט זיך פון דער העלער הויט פאַרליבט” — זאָגן די קאָמירגיסטן און קוקן זיך נײַגעריק צו צו טאַניאַס אומבאַהערשטער ליבע.

ווי עס טרעפט אָפט מיט פאַרשלאָסענע נאַטורן, האָט טאַניאַס ליבע

דורכגעריסן אַלע דאַמבעס וואָס זי האָט זיך אַליין געשאַפֿן און ברעכט און צינדט אַלץ אַף איר וועג. ניט לאַנג ערשט האָט טאָניאַ געהאַלטן סערגייען פֿאַר אַ סקאַנדאַליסט און כוצפּעניק — איצט איז זי אַנטציקט פֿון אים, באַרעכטיקט אים, געפֿינט אויס אין זײַן אויפֿפֿירונג די מאַניפֿעסטירונגען פֿון אַ שטאַרקן כאַראַקטער. זי האָט געמאַכט פֿאַר איר פֿירנדיקן פּרינציפּ שטרענגקייט אין דער אויפֿפֿירונג און פֿאַראַכטונג צו באַקוועמקייטן. זי האָט דאָס געפֿאָדערט אויך פֿון אַנדערע, — איצט איז זי גערירט ביז טרערן פֿון סערגייס ליבע צו היימלעכקייט, צו ריינקייט, צו אַ באַקוועם געלעגער און זי איז גליקלעך ווען זי קען אים פֿאַרשאַפֿן עפּעס אַ פֿאַרגעניגן. זי האָט פֿאַראורטיילט די ליבע פֿון די איסאַקאָווס און זייער אויסבערענגערישקייט, ווי זיי פּאַטערן די צײַט אַף אײַנצואָרדענען זייערע פֿאַמיליע־לעבן. — איצט טראַכט זי ניט פֿון עפּעס אַנדערש, ווי נאָר וויאַזוי אײַנצואָרדענען פּונקט אַזאַ פֿאַמיליע, און זי מערקט ניט ווי זי פֿאַרגייט אין אירע טרוימען אַ סאַך ווײַטער פֿון סאָניאַן מיט גרישאַן, ווײַל פֿאַר איר עקזיסטירט שוין נט עפּעס אַנדערש אַ כוץ איר ליבע צו סערגייען.

טאָניאַ איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער ליבע אין אַ מאָמענט פֿון טיפֿן גײַסטיקן קריזיס און זי איז פֿון דער ליבע ניט באַרײַכערט געוואָרן, נאָר האָט זיך אין איר אויפֿגעלייזט און האָט זיך זײַן איר פֿאַרלוירן. און איז געוואָרן הילפֿלאָז און פֿאַרבלענדט גראָד דעמאָלט ווען זי האָט זיך גענייטיקט אין פֿעסטן ווילן און אין אַ שאַרף אויג.

וואָס הייסער טאָניאַ טראַכט פֿון פֿאַמיליע, אַלץ ווידערשפּרעכיקער און אומפֿאַרשטענדיקער ווערן אירע באַציונגען מיט סערגייען. זיי טרעפֿן זיך אין דער טײַגע קימאַט יעדן אָוונט. סערגייען ציט טאָניאַס לײַדנשאַפֿטלעכער אימפּעט, די פֿרישקייט פֿון איר געפֿיל, איר מעטירעס־געפּעשדיקע איבערגעגעבנקייט. ער איז שטאָלץ וואָס ער האָט אַזאַ ליבע דערוועקט. נאָר בײַ איינער פֿון די באַגעגענישן האָט ער איר געזאָגט:

— מיר איז שטענדיקן געפֿעלן געוועזן וואָס דו פֿאַראורטיילסט די איסאַקאָווס. פֿון ליבע זיך אָפּזאָגן, איז, פֿאַרשטייט זיך, נאַריש. נאָר איצט אַ פֿאַמיליע אײַנפֿירן, איז אַ שווינדעריי. ס'איז ניט קאָמיוגיש.

טאָניאַ האָט זיך פֿאַרלוירן דערפֿון, אַזוי אַז זי האָט ניט געענטפֿערט.

סאָף יולי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די רעגנס. אין די רעגנדיקע אָוונטן וואַנדערט טאָניאַ אום זיבערן לאַגער, אויסער זיך און זוכט אַ באַגעגעניש מיט סערגייען. נאָר סערגיי מײַדט אויס די באַגעגענישן און איין מאָל האָט ער איר שאַרף אַ זאָג געטאָן:

— גיי מיר ניט נאָך פּוסטעריט, מען לאַכט דאָך!

אין דער געשטאַלט פֿון דער ליבע, וואָס טאָניאַ האָט זיך באַשאַפֿן, זעט זי ניט און זי וויל ניט זען, אַז אין דער גרויסער ליבע גיט זי אַלץ און סערגיי גיט גאָרניט. אַז ער ניצט זיך אויס מיט איר ליבע און גיט איר פֿאַר איר גאָרניט. זי פֿאַרגיט אים די שאַרפֿע רייד, דעם עגאָאיזם, די קאַפּריזן און זי פֿרייט זיך ווען ער פֿאָדערט פֿון איר עפּעס — פֿון איר אונטערטעניקייט באַקומט זי דאָס גרעסטע גליק, ווײַל דערמיט קען זי אים דערווײַזן די קראַפֿט פֿון איר ליבע.

סערגיי בעט זי אָפֿט פֿאַרריכטן אים די וועש אָדער פֿאַרמערוזשען די שקאַרפּעטן, און זי טוט דאָס מיט פֿרייד. טרעפֿט, אַז ער בעט דאָס בײַ ליילקאַן אָדער קאַטיאַן, און ער שטרײַכט דערבײַ אונטער אַז ניין איז אַ מיידלשע

זאַך און אים איז אַלצאיינס וועד פון זיי עס וועט עס אים טאָן. טאָניאַ קען ניט זען סערגייס אַ העמד אָדער שקאַרפּעטן אין פרעמדע הענט. זי אַנטשליסט זיך ניט אָפּן באַלעבאַטעווען באַ סערגייען און זי נעמט דערום באַלעבאַטעווען באַ אַלע באָכערים. און די קאָמיוגיסטן האָבן זיך שנעל צוגעוווינט צו איר באַדינונג.

נאָר איין מאָל רופט זיך אָן צו איר סערגיי:

— דאָס איז פּאָשעט נאַריש, דו ביסט ניט זייערע קיין דינסט, וואָס קריכן זיי צו דיר?

און טאָניאַ הערט אויף באַדינען די כאַווײרים און זי ערגערט זיי און באַליידיקט זיי.

מען האָט זי אַזוי אויך ניט ליב. אין דער לעצטער צייט, פאַרשטייט זיך, האָט זי זיך געענדערט. נאָר די ענדערונג האָט אַרויסגערופן ניט קיין לויב, נאָר פאַרגעביקע פאַראַכטונג: די יאַטן האַלטן זי פאַר אַ כניפעניצע און צוויזאַטשקע, איר פריערדיקער מוסער האָט די ווערט געהאַט אַזוי ווייניק ווי איר איצטיקע שטילקייט.

נאָר טאָניאַן גייט שוין ניט אָן צי אַנדערע האָבן זי ליב. פאַר איר עקזיסטירט איין סערגיי. און זי ווענדט אָן אָף אים דעם גאַנצן פלאַם פון איר אומבאַרירטן געפיל, און דערדריקט סערגייען מיט איר ערנסט און גרענעצלאָזער ליבע.

סערגיי הייבט זיך אָן דערוויטערן פון איר.

דער אָנהייב פון די רעגנס דערשרעקט זי ביז פאַרלוירנקייט. די באַגעגענישן אין דער טייגע ווערן אַלץ זעלטענער. זי איז גרייט צו גיין מיט אים אין קעלט און אין רעגן, נאָר סערגיי זאָגט איר, אַז זי איז פונעם זינען אַראָפּ, אַז שטאַרבן צוליב איר, האָט ער ניט בעדייע.

אָף איינער פון די זעלטענע באַגעגענישן באַם ברעג אָזערע, וואַרפט זיך טאָניאַ צו אים אָפּן האַלדז און פרעגט אים אַ טיף פאַרבענקטע:

— סעריאָזשאַ, וואָס־זשע וועט זײַן? ס'איז דאָך באַלד האַרבסט. וויאַזוי־זשע?

סערגיי באַרויִקט זי מיט אַ שפּאַס:

— וואָס קען מען מאַכן, טאָניאַ. מיר זײַנען דאָך ניט צוליב דעם געקומען אַהער.

ער איז צערטלעך און ליידנשאַפטלעך ווי שטענדיק, נאָר טאָניאַ גייט אַוועק אינגאַנצן אַ צעמישטע.

אין דעם צושטאַנד פון צעמישטקייט און מוירע קומט אויף די אייפערזוכט.

טאָניאַ ווייס, אַז סערגיי איז געפעלן לילקאַן. און מיטאַמאָל באַמערקט זי אַז סערגיי שמועסט גערן מיט לילקאַן און האַלט גערן אויף איר קאָקעטירעריי מיט שטיפערישן שפּאַס. זי נעמט זיי נאָכשפּירן און שוין דעם צווייטן מאָל באַמערקט זי ווי סערגיי העלפט לילקאַן אויפקלײַבן טרוקענע צווײַגלעך, — זיי גייען אַוועק אין דער טייגע, זייערע געשטאַלטן מערקן זיך צווישן די געביימער. טאָניאַ הערט לילקאַן לאַכן און זי דערשרעקט זיך פאַר דעם געדאַנק, אַז סערגיי קען זוכן די געזעלשאַפט פון אַן אַנדער מיידל, דעמאָלט ווען זי, טאָניאַ, ליידט און פּײַניקט זיך איינע אַליין.

אין אַ פרײַען טאָג זיצן איינמאָל די מיידלעך און פאַרריכטן מענערישע העמדער און הויזן. די באָכערים זײַנען אַוועק אין „באָד", באַם טײַך. סערגיי

נאָר און קרוגלאָוו זײַנען געבליבן אין לאַגער: סערגײ ליגט אַף דער זון לעבן זײַנע שטיוול, וואָס ער האָט אָװעקגעשטעלט אויסטריקענען, און קרוגלאָוו פֿאַרנעמט זיך מיט אויפֿראַמען זײַן שאַלאַש. קרוגלאָוו בעט די מיידלעך ברענגען גרינס פֿון דער טײַגע.

— מיר נייען דאַך, אַנדריושאַ — זאָגט קלאַוואַ, — די יאַטן וועלן צוריקקומען, וועלן זיי ניט האָבן וואָס אָנצוטאָן.

לילקאַ לייגט אַוועק די נאָדל.

— איך וועל צולויפֿן! — און זי ווענדט זיך צו סערגייען: — און דו וואָס וואַלגערסטו זיך, פּויליאַק? קום, וועסטו מיר העלפֿן טראָגן!

סערגײ זעט ווי טאָניאַ איז דערשראָקן און איר בעטנדיקן בליק, נאָר ער הייבט זיך אויף און ווי ניט גערן נעמט ער אָנטאָן די שטיוול. לילקאַ שפּאַסט און יאָגט אים.

זיי זײַנען פֿאַרשוווּנדן צווישן דיביימער. און מיטאַמאָל דערהערט זיך לילקאַס פֿריילעכער קוויטש.

טאָניאַ לאָזט אַראָפּ די אַרבעט און קוקט זיי נאָך.

— בעסער לאָמיר צוגיין, — זאָגט קאַטיאַ — זיי וועלן דען געפֿינען עפּעס רעכטס. איך וועל ברענגען אַזוינע שיינע בלעטער, אַ כּוח מיר, וועט קיינער אַזוינע בלעטער ניט געפֿינען.

— מירן פֿאַרענדיקן נייען, וועלן מיר גיין — זאָגט קלאַוואַ.

טאָניאַ כאַפּט די אַרבעט און פֿאַרענדיקט זי, ווי עס איז, אַף שנעל.

— איך האָב שוין געענדיקט. איך גיי ברענגען צווײַגלעך. און איר, מיידלעך, יאָגט אָן.

און זי איז אַוועק אין דער טײַגע — ניט נאָך סערגייען, נאָר אין דער אַנדער זײַט.

— אַ שרעק! — זיפֿצט אָפּ קלאַוואַ.

און טאָניאַ פֿאַרקלײַבט זיך אַהין ווו סערגײ מיט לילקאָן קענען זײַן. מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרצן פֿאַלט זי צו צו די ביימער און גייט אַפּן קלאַנג פֿון זייערע שטימען. און מיטאַמאָל דערזעט זי זיי — זיי זיצן באַנאַנד אַפֿן גראָז און טראַכטן אַפּילע ניט פֿון קלײַבן צווײַגלעך, נאָר זיי פּלוידערן און לאַכן. סערגײ זאָגט לילקאָן עפּעס אַפֿן אויער, זי שפּרינגט אויף און אַנטלויפֿט פֿון אים, און סערגײ לאָזט זיך זי דעריאָגן.

טאָניאַ האַלט זיך מיט דער האַנט באַם האַרצן, באַמערקט גאָרניט אין וועג און לאָזט זיך לויפֿן נאָך זיי.

סערגײ כאַפּט אַרום לילקאָן און לאָזט זי ניט אָפּ. לילקאַ לאַכט און רײַסט זיך פֿון אים.

— נו, וואָס אַקשנסטו זיך? וואָס ביסטו אַזאַ אײַנגעשפּאַרטע? — הערט טאָניאַ סערגייס פֿריילעכן און פֿאַרסאַפּעטן קאָל.

— איך וויל ניט און גאָר!

— פֿריִער ביסטו ניט געווען אַזאַ שלעכטע.

— דאָס איז געווען פֿריִער.

— וואָס־זשע האָט זיך איצט געענדערט?

— דו.

— איך? פֿאַרקערט...

— דו האָסט טאָניאַן, גיי קוש זיך מיט איר!

— טאַנקאַ איז אַ לאַנגוויַליקע, און דו ביסט אַ פרייליכע. ביסט אַ גוטע. געדענקסט ווי מיר האָבן געפונען אַ שוואָם ?

זיי לאַכן זיך פונאַנדער און ליילקאַ לאָזט זיך אַ קוש טאָן.

— זײַנען מיר כאַוועך ?

— פאַר דעם כאַוועך וועט דיר טאַנקאַ די אויגן אויסדראַפּען !

— זי האָט ניט אַזאַ רעכט — מיר די אויגן אויסצודראַפּען.

— וועמען דערציילסטו ! מיינסט איך ווייס ניט ? דו מיינסט איך זע ניט ?

טאַניאַ פאַלט צו צום בוים, צוויי שפאַן פון זיי. איר ווערט פינצטער פאַר די אויגן. איר ווילט זיך אָנפאַלן אַףביידן, בײַסן, שרײַען... נאָר זי שטייט, האָט מוירע אָן אָטעם צו טאָן, מען זאָל זי ניט דערהערן.

— געוועז און ניטאָ — זאָגט סערגיי — טאַנקאַ זוכט אַ מאַן, מיר לוינט עס ניט.

— ניי־יין ? — ציט אויס ליילקאַ און רוקט זיך אָפּ פון אים. זי גלייבט אים ניט.

— וואָס דען האָסטו געמיינט ?

— פאַדליעץ ! — גיט פלוצים אַ געשריי ליילקאַ, און טרערן שפּריצן איר פון די אויגן — טאַנקאַ האָט דיך ליב און דו לאַכסט זי אויס ! איכל דיך נאָכגעבן, וועסטו מיך אויך אויסלאַכן ! אַ פאַדליעץ ביסטו, אָט וואָס, און ווייס. — אָט זעסטו, דו געפעלסט מיר, נאָר איך וועל דיך קיינמאָל ניט צולאָזן צו מיר, איך גלייב דיר ניט, איך וויל דיך ניט קענען ! זאָלסטו וויסן — איך גלייב דיר ניט און גיי ניט צו צו מיר !... געמיינער יונג ! שווינדלער ! אַלע מענער זײַנען אַזוי.

און זי צעוויינט זיך אַפן קאָל און כליפּעט.

טאַניאַ באַנעמט ניט די גאַנצע באַדײַטונג דערפון וואָס עס איז געשען, זי איז אויפגערעגט, זי הערט נאָר אויס מיט בייזער פרייד די שאַרפע פאַרציע וואָס ליילקאַ דערלאַנגט אים.

— כאַפּט אײַך אַלעמען !... נייטיק דאַרף איך עס !... — שרײַט איר צו סערגיי און לאָזט זיך שפּאַנען צוריק צום לאַגער.

ליילקאַ שיקט אים נאָך אַ געגוג שטאַרקן וואָרט און לאָזט זיך אויך גיין צוריק. און ערשט ווען זי בלײַבט אַליין באַנעמט טאַניאַ מיט דער גאַנצער קלאָרקייט, אַז אַלץ האָט געקראַכט, אַז זי איז איצט אײַנזאַמער ווי פריִער, ווײַל אָפּגענאַרט און געשענדט. זי האָט אַ געשריי געטאָן און איז אומגעפאַלן אַפן גראָז.

שוין פאַרנאַכט געפינט זי דאָ קלאַוואַ. טאַניאַ באַגעגנט זי גלײַכגילטיק און פײַנטלעך. אין דער פאַרנאַכטיקער טונקלקייט איז איר פּנים בלייך און בייז, די אויגן ברענען ווי בײַ אַ קאַץ, די הענט זײַנען קאַלט און אומבאַוועגלעך. קלאַוואַ באַגרײַפט אַלץ. זי נעמט אַרום טאַניאַן און ווייגט, קעדיי זי ווייכער צו מאַכן. נאָר טאַניאַ שטויסט זי אָפּ און שטייט אויף. זי לאָזט זיך אַהיימפירן, און קיין נאַכטמאָל עסט זי ניט. נאָר שפּעטער, שוין אין בעט ליגנדיק, טרינקט זי אויס אַ קווערטל הייסן טיי, וואָס קלאַוואַ ברענגט איר אַרײַן. זי טרינקט, און אירע ליפּן און די פינגער, דוכט זיך, פילן ניט די הייסקייט פונעם בלעכענעם קווערטל, די אויגן ברענען אַלץ מיט דעם זעלביקן ווילדן קעצישן גלאַנץ.

לעבן דעם שלאָש דערהערט זיך סערגייס קאָל :

— טאַניאַ, דו ביסט דאָ?

בײַ טאַניאַן פאַלט אַרויס דאָס קווערטל פון די הענט און זי קוקט מיט שרעק אויף קלאַוואַן.

— זי איז ניט געזונט. וואָס ווילסטו דאָ האָבן? — פאַרשטעלט איר קלאַוואַ די טיר.

— איך דאַרף דעם קאָמבינעזאָן, זי האָט אים גענומען פאַרריכטן.

קלאַוואַ ווינקט סערגייען ער זאָל אַוועקגיין. נאָר טאַניאַ גיט אומדערוואַרט אַ שפרונג אַראָפּ, שטופּט אָפּ קלאַוואַן און אַזוי ווי זי איז, אינעם העמד, שטעלט זי זיך אַוועק פאַר סערגייען.

— דײַן קאָמבינעזאָן איז בײַ יעפּיפאַנאָוון — רופט זי זיך אָן מיט אַ גלײַכן רויִקן קול — און צו מיר זאָלסטו מער ניט צוטרעטן, פאַרשטאַנען?

און זי פאַרמאַכט די טיר סערגייען פאַר דער נאָז.

קלאַוואַ ציטערט פון קאָפּ ביז די פיס.

— ציטער ניט, קלאַוואַ, דאָס זײַנען אַלץ נאַרישקייטן, — זאָגט טאַניאַ אַלץ מיט דעם זעלביקן גלײַכן קול — לייג זיך שלאָפן. ס'איז שוין שפּעט.

זי לייגט זיך אַוועק מיטן פּנים צו דער וואַנט. קלאַוואַ הערט זיך לאַנג אײַן, נאָר זי הערט ניט קיין זיפץ, קיין געוויין — גאָרניט. דערנאָך קומען די אַנדערע מיידלעך. קלאַוואַ בעט זיי שטיל זיי זאָלן ניט טומלען, נאָר אין דער רעגע דערהערט זיך טאַניאַס קאַלטער קול:

— איך שלאָף ניט, איר מעגט טומלען וויפל איר ווילט.

און ווידער הערט מען גאָרניט.

פון דעמאָלט אָן זעט מען זי אַ רויִקע, אַ גלײַכע, מיט אַ בייזן פײַערל אין די אויגן זי שווײַגט. זי אַרבעט, זי נעמט אָנטייל אין די רעפּעטיציעס, קומט צו די פאַרזאַמלונגען, נאָר זי טרעט ניט אַרויס און זינגט ניט. דאָס איז אַ דריטע, אַ נײַע טאַניאַ. און פאַר אָט דער נײַער טאַניאַ האָבן אַלע מוירע, אַפילע קלאַוואַ.

סערגיי גייט אום זײַט אַ וואָך צײַט אַ באַליידיקטער, און האָפט אַז טאַניאַ וועט אַליין מאַכן דעם ערשטן שריט צו אַן אויפקלערונג. דערנאָך ווערט איר אַליין כאַרפּעדיק און לאַנגווײַליק. איצט, ווען טאַניאַ קוקט זיך אויף אים ניט אום, הייבט זי אים אָן אַלץ מער אויספעלן. ער איז כוישעד, אַז ליליקאַ האָט נאַרישערהייט אויסגעפּלוידערט פאַר איר. ער פרעגט אויס ליליקאַן. ליליקאַ שווערט זיך, אַז ניין, און זאָגט אַרויס די השערע, אַז טאַניאַ האָט זיי אויסגעשפּירט אין דער טײַגע.

סערגיי איז ניט קיין שלעכטער. ער זעט אַז צוליב אים איז טאַניאַ אומגליקלעך. ער האָט ראַכמאָנעס אויף איר און אויף ליליקאַן. אַכוצדעם קען ער ניט פאַרטראָגן קיין היסטאָריעס. ער רעדט זיך אײַן, אַז טאַניאַ איז אַליין שולדיק, זי האָט אים אָפּגעשראָקן מיט איר ניט אײַנגעהאַלטענעם ברען, זי האָט אים געוואָלט פאַרשקלאַפן מיט איר ליבע, ער זאָל מיט איר כאַסענע האָבן. ער באַצײַט זיך צו כאַסענע גאַנץ גינציק, נאָר ער האַלט עס פאַר זיך ווי אַ זאַך פון דער ווײַטער צוקונפט.

אויף יעדן פאַל, לעבן און אַרבעטן זײַט בײַ זײַט מיט אַ מיידל, וואָס איז צוליב אים אומגליקלעך, קען ער ניט, סערגיי. אָן דעם איז טויט־לאַנגווײַליק, און דאָ נאָך אומאַנגענעמלעכקייטן...

סערגיי מאַכט אַ שריט צום איבערבעטן זיך.

ער האָט מוירע צוצוגיין צו טאַניאַן ווען אַנדערע זײַנען דאָ דערבײַ און

ער זעט ווי זי מײַדט אויס אַף אַלערליי אויפֿאַנים צו בלײַבן אַליין, האָט ער איר איבערגעגעבן אַ קוויטעלע מיט קלאַוואַן, אין וועלכן ער בעט טאַניאַן זי זאָל פֿאַרנאַכט צוקומען צום ברעג אָזערע.

דעם גאַנצן טאָג זוכט ער איר בליק, נאָר זי איז רויִק און קאַלט ווי שטענדיק און מיט אַקשאַנעס קוקט זי ניט אַף סערגייען. ער איז קימאַט זיכער, אַז זי וועט ניט קומען.

פֿאַרנאַכט צו נעמט רעגענען. סערגייען גופֿא ווילט זיך ניט ווייקן אונטערן רעגן, נאָר ער גייט דאָך צום באַדינגטן אָרט און, צו זײַן פֿאַרוווּנדערונג דערזעט ער טאַניאַן וואַרטן אַף אים. אַ געריריטער און קימאַט אַ גליקלעכער, לויפֿט ער צו צו איר און וויל זי אַרומנעמען, נאָר טאַניאַ שטופּט אים אַוועק די הענט און פֿרעגט אים קורץ:

— זאָג, וואָס?

אַ דריבנער רעגן נעצט זיי, טאַניאַס פּאָנעם איז אײַנגאַנצן נאַס, די אויגן בלויז ברענען מיט אַ טרוקענעם האַרטן פֿײַער.

— טאַניעטשקאַ, דו זײַ מיר מויכל... — מורמלט אַרויס סערגיי און נעמט אומקלאָר אויפֿקלערן, אַז ס׳איז אַרויסגעקומען אַ טאָעס, אַז ער האָט זי ליב, אַז מען דאַרף פֿאַרגעסן...

— נאַרישקייטן! — האַקט אים אָפּ טאַניאַ און גיט אַ שמייכל — אַלץ איז באַ דיר איבערגעטריבן, פֿרײַנט מײַנער. וואָס מיר ליבע? ליבע — איז פֿאַר קלאַוואַן, פֿאַר סאַניאַן, איך בין ניט קיין שול־מיידל.

— טאַניאַ, דו האָסט דאָך אַליין... וואָס רעדסטו, טאַניאַ?

— נאַרישקייטן! אַ געשלעכט־באַדערפֿעניש איז עס געווען באַ דיר און באַ מיר, דאָס אַלץ. און איצט איז פֿאַרענדיקט. דו האָסט דיר געפֿונען אַ צווייטע, און איך אויך. פֿאַרשטייסט? אַלץ איז פּאָשעט. ניטאָ דאָ וואָס צו קלערן.

— דו האָסט דיר געפֿונען אַ צווייטן? ס׳איז ניט עמעס, טאַניאַ!

ווי סערגיי איז ניט געווען געפּלעפֿט, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אוממעגלעך.

— איך בעט דיך, אָן דראַמעס! — זאָגט טאַניאַ אוןווישט זיך אָפּ דאָס פּאָנעם מיט דער נאַסער האַנט. — אַלץ איז באַ דיר איבערגעטריבן, נישטאָ קיין ליבע. פֿאַראַן איז געשלעכטלעכע באַדערפֿעניש. געווען און נישטאָ. און נישטאָ וואָס צו ווייקן אונטערן רעגן צוליב אַזוינע קלייניקייטן. שטאַרבן צוליב דיר האָב איך נישט בעדייע, און דו צוליב מיר אויך ניט, ניט אַזוי?

און זי גייט פֿון אים אַוועק איבערן בלאָטיקן באָדן, נישט איבערקלײַבנדיק דעם וועג.

סערגיי יאָגט זי אָן. ער שטרענגט זיך אָן און וויל וויסן וואָס זי וויל, צו וואָס האָט זי דאָס אַלץ אויסגעטראַכט.

— טאַניאַ, וואַרט אַ ווײַלע, טאַניענטשקע... שוין טאַקע איז אַלץ פֿאַרבײַ? דו האָסט אַלץ פֿאַרגעסן?

טאַניאַ גייט אַ ביסל מאַרויס פֿאַר סערגייען. זי זעט גאָרניט, נאָר שרעקט זיך און פֿאַרשטייט אַז די קויכעס גייען איר אויס, אַז נאָך אַ פּאָר מינוט און זי וועט ניט אויסהאַלטן, זי וועט זיך אַפּלאָזן און וועט אומפֿאַלן. זי הערט ווי סערגיי אָטעמט הינטער איר, ווי זײַנע צעריסענע שטיוול טשאַווקען אינעם וואַסער. זי האָט אים איצט ליב שטאַרקער ווי ווען עס איז, — אָט אַזאַ

ווי ער איז, אַ ניט פֿאַרשטאַנדיקן, אַ נעבעכדיקן, אַ אומבאַהײַטנדיקן... נאָר זי גלייבט אים ניט, זי קען ניט און זי וויל ניט גלייבן, זי קען ניט נאָכאַמאָל ריזיקירן צוליב אים מיט איר האַרץ, וואָרעם זי שרעקט זיך פֿאַר אַ נײַעם קלאַפּ טויזנט מאָל מער ווי פֿאַר דער איינזאַמקייט.

און זי דרייט אום צו אים אַ קאַלטן בייזן פּאָנעם און זאָגט מיט אַזאַ פֿאַראַכטונג, אַז סערגיי מערקט ניט הינטער דער פֿאַראַכטונג, דעם אומדערטרעגלעכן פּײַן, וואָס שטויסט זי צום לעצטן עקסטרעם:

— דאָס איז נאַריש, סערגיי. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך האָב ליב אַ צווייטן. צי דען האָסטו ניט קיין איינגליבע? ביסט נעבעכדיק!

זי לויפֿט אַוועק פֿאָרויס און סערגיי בלײַבט שטיין אַזוי צעבראָכן אַז ער פֿילט ניט די קעלט פֿונעם זומפּיקן וואַסער, וואָס איז אים אַרײַן אין די צעריסענע שטיוול.

דעם זעלבן אָוונט האָט מען אינעם קלוב, צוליבן רעגן, אײַנגעאָרדנט אַן אָוונט פֿון אימפּראָוויזאַציעס. יעדערער טוט וואָס ער קען, און וואָס אײנער טוט, ווערט עס אויפֿגענומען מיט אַ דונער פֿון אַפּלאָדיסמענטן.

טאָניאַ ווערט פֿריילעך און זינגט. זי זינגט בעסער ווי ווען עס איז, און די צוהערער פֿאָדערן אַלץ נײַע און נײַע לידער. טאָניאַ זאָגט זיך אָפּ מיט אַ געלעכטער און זוכט מיט די אויגן סערגייען — איר ווילט זיך ער זאָל זען איר פֿרייד.

ער שטייט אין אַ ווינקל מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אַ דערדריקטער.

טאָניאַ פֿאַרמאַכט די אויגן, שווײַגט אַ ווײַלע און נעמט זינגען. זי זינגט דאָס פֿריילעכע אוקראַיִנישע מיידל־ליד, וואָס דערמאָנט זיי ביידן דעם בעסטן טאָג פֿון זייער ליבע.

ווען זי פֿאַרענדיקט און עפֿנט די אויגן, זעט זי סערגייען זיצן מיט דעם פּאָנעם אין די דלאָניעס באַהאַלטן. טאָניאַ צעלאַכט זיך און טראַכט אַפֿילע ניט וועגן דעם ווי מען וועט אויפֿנעמען איר אומגעריכטן בייזן געלעכטער, און זינגט נאָך איין ליד, אויך אַ פֿריילעכס.

און ווען אַלעמענס אויפֿמערקזאַמקייט ציט צו וואַלקאַ בעססאָנאָווס געוויש־אָרקעסטער רוקט זיך טאָניאַ אומבאַמערקט אַרויס פֿונעם באַראַק און לויפֿט צו זיך אינעם פּוסטן שאַלאַש און צום ערשטן מאָל פֿאַר די צוויי וואָכן וויינט זי זיך פֿרײַ אויס.

## XXXIV

די בויונג פֿונעם קאָמיוגישן וווינונגס־הויז האַלט באַם סאָף. מען בויט עס אָף אַרטעל־פּרינציפּן, אויסער די אַרבעטס־שאָען, פֿון בראַקירטע מאַטעריאַלן. אַ נידעריקער פֿאַשעטער באַראַק. אינעווייניק מיט ברעטער פֿונאַנדערגעטיילט אָף קליינע צימערן. וואַלקאַ בעססאָנאָוו האָט טיכטיק אָפּגעשטוקאַטורעט אַלע צימערן און באַם פֿונאַנדערטיילן, האָט ער פֿאַר זיך אויסגעפּויעלט אַ באַזונדער צימער מיט אַ פֿענצטער אָפֿן אַמור. ער איז בײַז ווען די כאַווייִרים ווילן וויסן וואָס וועט ער טאָן אײנער אַליין אין זײַן וווינונג.

איין אָוונט זיצן וואַלקאַ און קאַטיאַ סטאַוראָווע באַם ברעג אַמור אָף אַן איבערגעקערטן שיפֿל. ווי שטענדיק, פּלוידערן זיי און לאַכן, דערנאָך שווײַגן זיי. צו וואַרעם און שטיל איז דער אָוונט. צו גלעטנדיק פּאַטשט באַם ברעג די קליינע כוואַליע.

וואַלקאַ צייכנט אָן מיט אַ שטעקעלע אָפֿן זאַמד אַ האַרץ.

— זעסט ?

קאַטיאַ שאָקלט מיטן קאָפּ און מאַכט אַן אָפּהענגיקן פּנים.

וואַלקאַ צייכנט אָן אַ קורץ הענטל. קאַטיאַ מיינט ס׳איז אַ פֿייגל און עס איז איר אַ ביזאָיען וואָס ער צייכנט אַזוי שלעכט.

— ס׳איז אַ קעלמע, דעם שטוקאַטורערס אַרבעטס־אינסטרומענט, — קלערט איר אויף וואַלקאַ, און קאַטיאַ שעמט זיך וואָס זי האָט באַלד ניט פֿאַרשטאַנען: זי האָט אַסאַך מאָל געזען די קעלמע בײַ וואַלקען אין די הענט. דערצו נאָך, וואָס פּלוצים זאָל וואַלקאַ נעמען צייכענען אַ האַרץ מיט אַ פֿײַל דורכגעשטאָכן ?

— און ביידע זאַכן זײַנען פֿאַר דיר. — זאָגט וואַלקאַ. — נאָר קאַטיאַ איז הײַנט ניט פֿאַרשטאַנדיק, און וואַלקאַ גיט צו: — דאָס האַרץ און דאָס פֿאַרדינסט, — אַלץ איז דײַנס.

— פֿאַרדינסט האָב איך אייגנס. — האַלט זיך קאַטיאַ ניט אײַן.

— און אַז מען זאָל זיי צונויפֿלייגן ?

קאַטיאַ פֿאַרשטייט שוין איצט, נאָר זי ענטפֿערט ניט.

— איך קען נישט מער. — זאָגט וואַלקאַ. — וואָס דו ווילסט, קאַטיאַ, כ׳קען ניט. האָסט מיך פֿון די קויכעס אַרויסגעבראַכט, לעבן זאָל זײַן געלעבט, ווי מענטשן, וואָס האַלט דיך אָפּ ?

— מיך האַלט גאָרניט אָפּ. — ענטפֿערט פּאַשעט קאַטיאַ.

וואַלקאַ וויל זי אַרומנעמען, נאָר קאַטיאַ בייגט זיך אַוועק.

— וואַרט אויס. איך האָב איין און פֿערציק באַדינגונגען. ווילסטו, גיי אײַן, ניט איז ניט.

— איך שרײַב אונטער צוויי און פֿערציק, אומגעקוקט !

— ניין, הער אויס.

זי איז פֿאַראַקשנט און פֿאָדערנדיק. וואַלקען געפֿעלט אין איר מער ווי אַלץ אָט די אומאָפּהענגיקע אַקשאָנעס. ער איז אַליין אויך אַן אַקשן, נאָר אים טוט האַנאָע וואָס קאַטיאַ דרייט מיט אים ווי זי וויל.

— ערשטנס, די איך דער פֿריַיִקע גימנאַסטיק. צווייטנס, שפּאַצירן בײַ יעדן וועטער — און אָן קיינע שום צערטלעכקייטן.

— אָן קיינע שום ? . . .

— אָן קיינע שום ! — פֿאַרבײַסט קאַטיאַ מיט אַ ליפּ, קעדיי זי זאָל זיך ניט צעלאַכן און צעלאַכט זיך דאָך. — זעסט, דו שלאָגסט מיך אַראָפּ פֿונעם כעשבן — איר איז שווער זיך אײַנצוהאַלטן פֿון לאַכן און זי באַשליסט דערום ברויגעז צו ווערן: — זעסטו שוין מיט דיר איז אוממעגלעך צו ריידן ערנסט !

— איז עס דאָך גוט !

— ס׳איז שרעקלעך ! — זאָגט קאַטיאַ און מיט אַ מאָל נעמט זי אים אַרום.

— אָט אַזוי וועלן מיר לעבן, לאַכנדיק, ביז טיפֿער עלטער.

— און מיר וועלן זײַן פֿריילעכע אַלטיטשקע.

— מיט שטעקעלעך, די פֿיס שלעפּן און . . . לאַכן.

סערגיי גאַליצין בלאָנקעט אום איבערן לאַגער אַן איינזאַמער. זײַנע שאַלאַש־כאַווירים ציִען זיך איבער אינעם נײַעם הויז. סערגיי האָט זיך געפֿוילט אַרבעטן, און איצט בלײַבט ער אייגער אַליין. ער בעט יעפּיפּאַנאָוון:

— איך וואָלט מיך געקענט נעמען צו זיך... פאַר מיר וועט שוין קיין פּלאַץ ניט זײַן?

— אָט סאָראַ מענטש דו ביסט! — זאָגט יעפּיפּאַנאָוו — אַף בויען ביסטו נישטאָ, און אַף אָרבײַטן זיך — מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן? די יאָטן אָרגאַניזירן זיך אַ צווייט הויז אויסצובויען — גיי פאַרשרײַב דיך, אײדער עס ווערט שפּעט.

פּאָשאַ מאָטווייעוו ליגט אין דער ערד — זײַן גאָענטער פרײַנט, דער לעצטער צובונד מיט דער ווײַטער הײמישער באַן־סטאַנציע. קיין אַנדערן גוטן פרײַנט האָט ער נישט געפונען. געווען איז אַ ליבע, נאָר ער אַליין האָט פאַרלוירן טאָניען. און איצט איז ער עלנט. אַלע מיידלעך האָבן זיך פון אים אָפּגעקערט. און די באָכערים וואָס האָבן טאָניען קיינמאָל ניט ליב געהאָט, זײַנען איצט געוואָרן גוט צו איר און פאַרזאָרטיילן אָפּן סערגייען.

איין מאָל טרעפט ער זי גיין אײנע אַליין און גיט אַ רוף:

— טאָניאַ!

זי קוקט ניט אַף אים און זאָגט:

— דוכט זיך אַלץ איבערגערעדט. פּאָטער ניט אומזיסט קיין צײַט.

ער בענקט נאָך דער היים, נאָכן פאָטערס בקירעס, נאָך דער מוטער ניט אָנגעוואָרפענע און געוואַשטע זאָרגן. די סירענע פונעם געהילך־זאַוואָד וועקט דערמאָנונגען וועגן דעם הײמישן לאָקאָמאָטיוו, וועגן די סטעפּעס וואָס לויפן אַקעגן.

ניקאָלקאַ פירט אים אַוועק צו פּאַקן אין סאַראַי. מיט נײַע קונדן איז פּאַק אונטערטעניק און פאַרזיכטיק. ער פלוידערט וועגן זײַן באַגײַסטערונג פאַר קאָמיוגיסטן.

— דרייי ניט קיין קאָפּ, פּעטער — איז סערגיי בייז — האָסט בראָנפן?

פּאַק צענעמט די הענט. צי ווייס ער ניט אַז ווערנער האָט פאַרבאָטן בראָנפן? און פון וואַנען קומט צו אים בראָנפן? ער האַנדלט ניט, ער איז אַ פּאַשעטער פישער. פאַר קאָמיוגיסטן איז ער גרייט דאָס העמד פון זיך אַוועקגעבן.

דערנאָך גייט ער ערגעץ אַוועק און ברענגט אַ פלעשל בראָנפן. סערגיי טרינקט עס אויס אָפּן שטעל, אָן פאַרבײַסן, בעכאַוורוסע מיט פּאַקס שטענדי־קע געסט. דאָס זײַנען באָכערים, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פונעם קאָלעקטיוו.

— אַ סאַך זייערע אַרבעטן ניט וואָכנלאַנג, און קילן זיך אָפּן ברעג.

— צו וואָס זיך פלײַסן? — זאָגן זיי צו סערגייען — געלט אַ גאַנצע קופּע און וואָס צו קויפן איז נישטאָ.

דורכן שיקערן נעפּל רײַסט זיך אַף אַ רעגע דורך בײַ סערגייען אַ ניכ־טערער כשאַד.

— איר זײַט באַלעגופים, צי וואָס?

די באָכערים פאַרזיכערן, אַז זיי זײַנען ניט קיין באַלעגופים, נאָר פּאַ־שעטע קלוגע מענטשן. „אונדז נאַרט מען ניט! שיינע ווערטער קען מען ריידן, נאָר וואָס קומט אַרויס? קיין שטיוול זײַנען נישטאָ? מיט הירזש וואַרגן מיר זיך? אין שפּיטאָל איז פול?...״

שיקערערהייט שטימט סערגיי צו. ער הייבט אויף די פיס מיט די אומ־געהויער גרויסע בוטסן, וואָס ער האָט באַקומען אינעם ביוראָ און שרײַט אינאײנעם מיט די אַנדערע:

— איז עס דען אַ באַשיכונג פאַרן זומפּ? איך האָב דאָ נײַע שטיוול צעפּוילט.

אויפגעכאַפּט האָט ער זיך שפּעט, בײַ פּאַקן אונטער דער באַנק, און פּאַר בושע איז ער צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען.

ס׳איז הייס. פון היץ איז די לופט ברויז. האַרט באַם וואַסער נאָר אַטעמט זיך פרײַער — אַ לײַכט ווינטל בלאָזט, אַפילע נישט קיין ווינטל, נאָר אַ קוים מערקלעכער אָפּפרישנדיקער אָטעם פון דער וואַסער־ראַכוועס.

סערגיי טרעפט אָן באַם טײַך די נעכטיקע גוטע ברידער. טייל באָדן זיך, אַנדערע זיצן מיט די ווענדקעס און כאַפּן פיש.

— מיר קאָכן פיש־יויך, — קלערן זיי אים אויף. — שאַר זיך צו, בעכאַוורוסע...

סערגיי קלערט איבער. — ער פאַרשטייט אַז די קאָמפּאַניע איז גאָרניט קיין וואַזשנע. לאַנג באָדט ער זיך און ליגט אָפּן זאַמד, נאָר ווען מען רופט אים עסן פיש מיט יויך, גייט ער.

— באַלד וועט די שיף צוקומען — זאָגן די באָכערים — מיר האָבן זיך שוין גענוג אָנגעמאַטערט!

סערגיי גייט אַהיים אַ קראַנקער, ער לייגט זיך אָפּן האַרטן טאָפּטשאַן און ציט איבער די קאָלדרע איבערן קאָפּ. ער מאַכט זיך שלאָפנדיק, ווען יע־פּיפאַנאָוו און קאָליאַ פלאָט קומען אַרײַן.

— און אונדזער לודרע איז הײַנט צו דער אַרבעט נישט געקומען. — זאָגט איבער אים קאָליאַ פלאָט.

— אַ מענטש איז קראַנק, און דו!... — רופט זיך אָן סערגיי אונטער דער קאָלדרע און זידלט זיך אויס.

— בײַ פּאַקן ווערט יעדער איינער קראַנק — אָן עפּידעמיע!

אינגערפרי לויפט סערגיי צום דאָקטער. ער טראַכט זיך, אַז דער דאָקטער וועט זאָגן: „יאָ, ס׳איז צינגאַ איר מוזט טייקעף אַוועקפאָרן". און אָט איז ער שוין אין דער היים. די מוטער שלאָגט אויף די קישנס און שפּרייט אויף ריינע לײַלעכער. דער פאָטער גייט אַרום אים, פרייט זיך און זיפצט. ביסט אַראָפּ פונעם פּאָנעם, זון מײַנער, געל געוואָרן. מען דאַרף קומען צו זיך. עס זון מײַנער..."

— איר זײַט פולשטענדיק געזונט, אַבסאָלוט געזונט, — איז דער דאָקטער בייז. — שעמט אײַך, יונגערמאַן! מען דאַרף אַרבעטן! און זיך ראַזירן. ראַזירן זיך, ראַזירן זיך יעדן טאָג! איבער אָט די בערד קריכן אין קאָפּ אַרײַן אויך ניט נייטיקע געדאַנקען... גייט צו צו מעסיע פּיער, אָט וואָס! בײַ מיר האָט איר ניט וואָס צו טאָן...

סערגיי איז אין קאַס געוואָרן און ער גייט ווידער אַוועק צום ברעג — ער האָט שוין סײַ ווי פאַרשפּעטיקט צו דער אַרבעט. ניקאָלקאַ גיט אים צו וויסן אַז די שיף דערוואַרט מען אָף פאַרנאַכט צו. סערגיי לויפט אַהיים און פּאַקעוועט אײַן די זאַכן. ער טראָגט זיי אַוועק צו פּאַקן. — אַזוי טוען די אַלע וואָס קלײַבן זיך אַוועקפאָרן. „כאַפּט עס דער טײַוול, — רעדט ער זיך אַליין אײַן — איכל סײַ ווי דאָ ניט בלײַבן! זאָל מען מיך אויסשליסן. איכל אַרײַנגיין אין צע־קאַ, און וועל אַלץ אויפקלערן..."

סערגיי זיצט אָף קעסטלעך צווישן אַנדערע באָכערים. מען זעט שוין אין דער ווײַט דעם רויך פון דער שיף. די באָכערים באַהאַלטן שעמעוודיק הינטער זיך די וואַליזעס און די קוישן. סערגיי טראַכט זיך: עס זאָלן נאָר

ניט קומען צו לויפן קרוגלאָוו אָדער טאָניאַ, אָדער סיאָמקאָ אַלטשולער...
ער זאָל נאָר זיך דורכרײַסן אַ נישט באַמערקטער... און ווײַטער — וואָס ס'וועט זײַן וועט זײַן!

ער פאַרדרייט דעם קאָפּ, ווען ער באַמערקט מאָטקע זנײַדע. נאָר מאָטקע קומט צו מיט אַ קוישל אין די הענט. ער שטעלט דאָס אַוועק לעבן סערגייען און זעצט זיך צו.

— וווהין? — פרעגט סערגיי. ער ווייס, אַז מאָטקע זנײַדע איז אַ שלאָגלער און אַ פריילעכער יונג.

— קיין אַפריקע, — ענטפערט מאָטקע און שטעלט אַרויס די קוויטיקע פינגער, וואָס שטעקן בײַ אים אַרויס פונעם צעריסענעם שוך. — פרווו דו אַזוינע שיך טראָגן. איך גיי צו ווערנערן, שיקט ער מיך צו גראַנאַטאָוון. קום איך צו גראַנאַטאָוון, זאָגט ער צפּ. ניטאָ. און איך האָב?

די שיף גייט מיט דעם רעכטן ברעג איבערן פאַרוואַטער, בײַ די סאַמע סאַפּקעס. דערנאָך פאַרקירעוועט זי און נעמט סקאָסנע איבערשנײַדן דעם אַמור. מען זעט שוין אָן דעם קאַפּיטאַן אַפן אייבערשטן בריקל. די שיף פײַפט שוין...

איבערן דאָרף לויפט קלאַוואַ.

זי לויפט אַראָפּ באַרג און בלייבט שטיין אין מיטן לויפן. זי אָטעמט שווער. זיי מעגן נישט אויסבאַהאַלטן זייערע וואַליזעס, זי דערקענט אַפן פּאָנעם בײַ זיי וואָס זיי האָבן פאַרטראַכט.

— יאַטן, וואָס איז מיט אײַך! — זאָגט זי און בלײַבט שטיין פאַר דער שורע פאַרוואַקסענע און אויפגעבראַכטע באָכערים. — וואָס איז אײַך אײַנגעפאַלן? ווי שעמט איר אײַך ניט! וואָסערע קאָמיוגיסטן זײַט איר?

איינער פון די באָכערים גיט אַ קוק אַף קלאַוועז, שפּיצט צו פויל די אויגן און צעגענעצט זיך.

— גיי מיר... ווייסטו וווהין?

און ער טאָקט אָפּ אַ זידל־וואָרט.

קלאַוואַ רוקט זיך אָפּ. זי פילט ווי דאָס בלוט קומט איר אין פּאָנעם אַרײַן. דורך די טרערן פון פאַרדראָס און בושע זעט זי די גראָבע פּענעמער פון קײַכנדיקע באָכערים. אַוועקלויפן! וואָס גיכער אַוועקלויפן!... נאָר זי לויפט ניט. אַ ווילדער צאָרן נעמט זי אַרום. אינגאַנצן פאַרגעסן אַף זיך, וואַרפט זי זיך, מיט פלאַמענדיקע באַקן, אַף דעם באַליידיקער.

— אויסוואָרף! — שרײַט זי — איך וואָלט דיך אויך געשיקט אַהין, ווען איך בין ניט קיין קאָמיוגיסטקע! אויסוואָרפן! דעזערטירן! אומבאַוווסטזיניקע! מען רעדט צו דיר ווי צו אַ מענטשן, און דו זידלסט זיך, דו הינטישער זון, מערזאַווועץ!

— אָ־כאָ־כאָ! — דונערן די באָכערים. — אָפּגעראַזירט!

— און איר, וואָס לאַכט איר?! — שרײַט קלאַוואַ אויסער זיך און גייט אומדערשראָקן אַף די באָכערים. — גיט אַ קוק אַף זיך! איר זײַט דאָך גאָר אַף קיין מענטשן ניט ענלעך! זיך אָפּגעלאָזט, פאַרוואָקסן געוואָרן. פאַר אײַך אין די אויגן באַליידיקט מען אַ קאָמיוגיסטקע, און איר לאַכט.

און זי צעוויינט זיך.

— דאָס מיידעלע איז גערעכט! — דערהערט זיך אַ קאָל. — און וואָס איז עס, מיט אָן עמעסן? זײַנען מיר קאָמיוגיסטן אָדער וואָס זײַנען מיר?

קלאַוואַ גיט אַ קוק פֿון הינטער דער האַנט — מאַטקע זנײַדע, אַן איבערראַשטער, רעדט אײַן די באַכערים:

— ס'איז קיין אויפֿן ניט, כלאָפּצעס! פֿאַרוואָס האָט איר דאָס מיידעלע אָפּגעזידלט? פֿאַמקאַ, בעט אַנטשולדיקונג, בינדיושניק, שוין אַנטשולדיק זיך, אַז ניט, היט זיך, וועסט אַרײַנכאַפּן איידער דו וועסט די נעשאַמע אָפּגעבן.

פֿאַמקאַ זידלט זיך שטיל אָפּ, אַ ניט זיכערער.

— ביסט אַליין דער עמעסער! — שרײַט קלאַוואַ צו מאַטקע זנײַדע. — באָרד! האָסטו קיין וואַסער נישט געהאַט די הענט אַרומצוואַשן? שרעקלעך אַף דיר אַ קוק צו טאָן.

די באַכערים קאָרטשען זיך, באַהאַלטן די הענט, ציִען אַרײַן די קעפּ אין די אַקסלען.

— איך בין געלאָפֿן אײַך אָפּריידן, — זאָגט קלאַוואַ — נאָר איצט וויל איך ניט. פֿאָרט אײַך אַוועק! אַזעלכע קאָמיוגיסטן ווי איר זײַנען נישט ווערט דעם קאָוועד צו בויען די סאָציאַליסטישע שטאָט!

זי רעדט מיט קאַס און שלינגט די טרערן.

אַלע באַכערים שרײַען אָפּאַמאָל. — וואָס נישט ווערט? — יעדער שרײַט אויס זײַנע פֿאַרדינסטן, די ציפֿערן פֿון אויסגעפֿולטן פּלאַן, די העלדישקייטן פֿון זייערע בריגאַדעס וואָס זײַנען באַקאַנט דער גאַנצער בויונג. און אײנאײנעם מיט דער באַרימערײַ מישן זיך די טײַנעס: די שטיוול זײַנען אָפּגעטראָגן, מיר ווערן בלינד, נישטאָ קיין וואַרעמע קליידונג, די מאָסקיטן פּרעסן אונדז...

די שיף קומט צו. די כוואַליעס וואָס זי הייבט אויף, לויפֿן אַפּן זאַמד.

— איך בין אַ מיידל און האָב קיין טײַנעס ניט — רעדט זיי קלאַוואַ אײַן מיט הייסע רייד — זעט, איך אַליין גיי קימאַט אַ באָרוועסע. וואָס־זשע הייסט עס, לויט אײַער מיינונג, איז שוין קיין סאָציאַליזם ניט נייטיק, אַבי שטיוול?

די באַכערים שווײַגן.

פֿאַמקאַ רופֿט זיך שטיל אָן:

— דו, זאָג איך... באַליידיק זיך ניט, וואָס איך האָב אין דער מאַמען געשאָלטן... אַף דער הייסער מינוט.

קלאַוואַ הערט הינטער זיך דעם גערויש פֿון די טרײַב־מאַשינען און דאָס גריילצן פֿון דער אַנקער־קייט. מען מוז באַשליסן שנעל אַזוי לאַנג דער קויעך איז אַף איר זײַט.

— נו, גוט, — צווינגט זי זיך אַליין שמייכלען — לאָמיר פֿאַרגעסן און אַ סאָף. ווער עס וויל אין לאַגער, איז געגאַנגען.

עס הערן זיך קוילעס:

— מיר האָבן דאָך... מיר... וואָס־זשע... — עטלעכע הייבן זיך אויף. שעמעוודיק שלעפּן זיי זייערע וואַליזעס צוריק.

אַקעגן זיי לויפֿט קרוגלאָוו. קלאַוואַ ווינקט אים אָן אַף די באַכערים און אַפּן ברעג, ווו די אַנדערע זײַנען פֿאַרבליבן.

גרישאַ און סאָניאַ לויפֿן אָן. ביידע זײַנען זיי בלייך און צערודערט. קלאַוואַ איז דערשראָקן — צי איז ניט עפּעס געשען באַ זיי.

סערגיי האָט אַרויפֿגעוואָרפֿן דעם קויש אַף די אַקסלען און שטייט אַן אַ זײַט. ער ניצט זיך אויס מיט דעם געדרענג און מיט דער פֿאַרנאַכטיקער טונקלקייט, קעדיי ניט צו קומען קרוגלאָוון אַף די אויגן. זאָל ער נאָר איצט

אויסמײַדן געשפּרעכן... דערנאָך זאָלן זיי דאָרט אַרבעטן וויפֿל זיי ווילן! באַשלאָסן — און אַ סאָף. צוריקכאַפּן איז נאַריש. צום טײַוול אַלץ אויף דער וועלט!

קרוגלאָוו קומט צו צו אייגעם, צו אַ צווייטן, אָן קאָס הערט ער אויס די מײַנעס, די טאַרומעס, דיסקוטירט, קלערט אויף.

— אַליין האָסטו דיר די קאָלע אויסגעשריבן, און מיר וואָס? — שרײַען זיי — אַליין גייסטו, מיסטאָמע, עסן מיט די אינזשעניערן!

קרוגלאָוו נעמט ניט קיין טאָלאָנען צום אינזשעניער־רעסטאָראַן. נאָר פֿאַראַקשנט האַלט זיך דער קלאַנג אַז די אַקטיוויסטן עסן בעסער פֿון אַנדערע.

— איר זאָגט מיר, ווער לאָזט אַרויס די קלאַנגען? — פֿרעגט קרוג־לאָוו — קומט וועט איר זען וואָס איך עס. דאָס אייגענע וואָס אַלע עסן! ווער דרודלט אײַך אָן? איר זײַט דאָך קאָמיוניסטן! באַטראַכט אײַך, יאָטן, באַטראַכט אײַך גוט. סאָנים רודערן צווישן אײַך, און איר גייט אָפּן סוינעס ווענדקע.

סערגיי הערט זיך אײַן אין אויסבאַהאַלטענער הינטער פֿרעמדע פּלייצעס. ער טראַכט זיך — יאָ, פֿאַק... צוואַדע. פֿאַק פֿירט צונויף, פֿירט געשפּרע־כעלעך... און דער אַלטער? צי דען שפּרייט ניט דער אַלטער קיין פּאַניק מיט זײַנע מײַסעס?... כאָטש וואָס, ער זאָגט דאָך דעם עמעס. די פֿרעסט זײַנען שרעקלעכע — אַלע באַשטעטיקן. און דער קלימאַט איז אַ פֿוילער. די יאָטן ווערן דאָך בלינד! און צינגאַ...

מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ קאָל, אַ רופֿנדיק פֿאַרצווייפֿלט קאָל:

— הערט! הערט! איך ווענד זיך צו אײַך, צו אַלעמען, הערט!

גרישאַ איסאַקאָוו שטייט אויף אַ פֿעסל בײַ דער קלאַטקע. סאָניאַ האַלט אים צו.

דזוערטירן, שטייט! מײַנע אויגן זײַנען בלינד,
נאָר דעם עמעס זע איך שאַרפֿער פֿון די זעעוודיקע.

עס ווערט אַן אַלגעמיינע צערודערונג. דאָס איז אויסערגעוויינלעך. פֿערזן, אויף אַ פֿעסל. בײַ דער אַפּגייענדיקער שיף. עמעצער שרײַט: „זעט, ער איז מיט אַן עמעס בלינד“. מען קוקט אויף גרישאַן ווי אויף אַ בייז ווונדער. סאָניאַ האַלט אים אונטער מיט בײדע הענט, אָן אָנגעשפּאַרטע אָנעם פֿעסל, ווײַל זי אַליין האַלט זיך קוים אויף די פֿיס. זי ווייס די גאַנצע פּײַנלעכע צו־גרייטונג צו אָט דעם לייענען, די גאַנצע באַדײַטונג וואָס גרישאַ גיט צו דעם דערפֿאָלג אָדער דעם דורכפֿאַל. און גרישאַ מאַכט מיט די הענט און מיט דעם גאַנצן קויעך שרײַט ער אויס די פֿערזן — און דער ציטער וואָס הייבט זיך אָן אין די קני, פֿאַרגייט אין די פֿינגער, קרעמפּט צונויף דאָס מויל. נאָר ער שרײַט, שטאַרקט זיך איבערן ציטער, שלאָגט זיך דורך די וואַנט פֿון זײַן בלינדקייט אינעם ווישנדיקן נעפּל:

קאָמיוניסטן! קערט אײַך אום! שפּאַנט אָפּ צוריק!
וואַשט אָפּ מיט אַרבעט
דעם דעזערטירן־שטעמפּל...

סערגיי שטייט, פֿאַרקלעמט די ציין, אַראָפּגעלאָזט די אויגן. יעדעס וואָרט, פֿילט ער, איז גלײַך געווענדט צו אים. אַלץ וואָס איז פֿאַראַן אין אים ערלעכס, קאָמיוניסטישעס, רופֿט אים, זיך אָפּצורופֿן, צוריקצוקערן, צו פֿאַר־

שילטן זײַן אָפּטריניקייט. יאָ, גרישאַ איז געװעקט... און ער איז בלינד! בלינד! און דאָך איז ער געקומען אים אָפּצורײדן, אים, דעם שטאַרקן, דעם געזונטן, דעם זעעװודיקן...

ער זעט װי גרישאַ שפּרינגט אַראָפּ פונעם פּעסל און שפּאַנט צװישן אַ גאַנצער גרופּע באַכערים. יאָ, זײ גײען צוריק. און ער? נײן, ער װעט אַלײן גײן, נאָך דאָס פעלט אים, גײן מיט דעם גאַנצן אָפּטײל שטראָפּיר־טע... שטאַרק בײטיק!

און דאָ דערזעט ער סאָניאַן. אַ בלײכע, אַ גליקלעכע, אַ פּאַרװײנטע, פירט זי גרישאַן אונטערן אָרעם און שמײכלט צו אַלעמען מיט אַ דאַנקבאַרן שמײכל. זי טײלט גרישאַס גלאָר און אומגליק.

נו, װי דען... איסאַקאָװון איז גוט, אויך אַגיטירן איז דאָ גרינג, װען עס איז פאַראַן װער עס זאָל פירן געאָרעמט. און אים, סערגײען, װער װעט פירן?

ער שטײט אַ צערײצטער, אַן אָפּגעשװאַכטער פון אינערלעכן קאַמף, אַ צעמישטער.

סעריאָגאַ! — רופט מען אים אין דער פינצטער.

— װאָס דאַרפסטו?

— מיט דער קלאַטקע קען מען ניט אַרויף, — מורמלט ניקאָלקאַ — קרוגלאָװ װאַכט. און דאָ האָבן מיר אַ שיפל... מירן פאָרן אַרום... פון דער אַנדער זײַט. הײַדאַ.

סערגײ האָט געװאָלט זאָגן נײן, נאָר ער זאָגט ניט גאָרניט.

ער װאַרפט אַרײַן די זאַכן אין שיפל אַרײַן, באַ די װעסלעס זיצט פּאַק. ס'איז נאָך ניט שפּעט — מען קען אַרויסשפּרינגען. — אַ מאָדנע װילנסלאָ־זיקײט שמידט אים אײַן. דאָס שיפל רוקט זיך רױשלאָז אָפּ פונעם ברעג, דרײט זיך אויס מיט דער נאָז קעגן דעם שטראָם און לאָזט זיך אַרומרינגלען די שיף.

סערגײ צײלט זײ איבער — פינף זײַנען זײ. פינף פון אַ האַלבער מײע. פינף און פּאַק. דאָס װאַסער פּאַטשט קוים מען הערט עס אונטער די װעסלעס. שוין נאָענט דער פינצטערער באָרט. און מיטאַמאָל דערהערט זיך דעם קאַ־פּיטאַנס קלינגענדיקער קאָל:

— אָפּן ברעג! אײַערע אויסװאָרפן קריכן פון דער לינקער זײַט.

מאַטראָסן אָפּן לינקן באָרט שרײַען, לאַכן. פּאַק פרעגט:

— װאָס־װאָס? װאָס זאָגט דער קאַפּיטאַן?

פונעם ברעג רײַסט זיך אָפּ אַ צװײט שיפל. לויטן סילועט דערקענט סערגײ קרוגלאָװן.

ער שרײַט:

— שפּאַרט אָן! צום טײַװל! מיטן שטראָם!

דאָס שיפל דרײט זיך אַף אײן אָרט. פּאַק כאַפּט זיך באַלד װאָס דאָ קומט פאָר. דערנאָך דריקט ער אָן אַף די װעסלעס. דער װאָס זיצט באַם רודער דרײט אויס דאָס שיפל מיטן שטראָם, און עס גליטשעט זיך אַרײַן אין דער פינצטערניש.

איבערן טײַך טראָגט זיך קרוגלאָװס קאָל:

— יאַטן, קאָמיוגיסטן! קערט אײַך אום!

מען ענטפערט אים אין דער מאַמען און מען דראָט אים.

די שיף פײַפט דעם לעצטן מאָל צום געזעגענען זיך און שװימט אָפּ.

— וווהין־זשע שווימען מיר איצט? — פרעגט פויל סערגיי.

שווימען איז ניטאָ וווהין. דאָס שיפל טראָגט זיך מיטן שטראָם, לײַכט געיאָגט מיט די ווערסלעס. פינצטערע, אומהיימלעכע ברעגעס, אַ פינצטערער הימל, אַ פינצטערער טײַך. מען זעט נאָר די אָפּשווימענדיקע פײַערלעך פון דער שיף און שיטער שימערן די פײַערלעך אינעם לאַגער.

אַנדריי קרוגלאָוו זיצט אײנער אַליין אָפן פוסט געוואָרענעם ברעג. אַליין מיט זײַנע געדאַנקען, מיט זײַן פאַרצווייפלונג. ער ווייס ניט וויפל זייערע זײַנען געווען אינעם שיפל. זאָל זײַן ניט קיין סאַך. די מערהייט האָט פאַרשטאַנען, איז געבליבן. נאָר אויך יענע, די אַנטלאָפענע, זײַנען דאָך קאָמ־יוגיסטן! און די דעזערטירערײַ האַלט אָן. און יעדער מענטש איז טײַערער פון גאָלד. וואָס־זשע נאָך האָט ער ניט געטאָן, ניט געקענט טאָן, ניט פאַר־שטאַנען צו טאָן?

עמעצער רירט אים אָן באַם אַרבל. ער דערזעט פאַר זיך אַ טרוקענעם שטרענגן פּאָנעם און אַ הויכע געבויגענע געשטאַלט.

— טאַראַס איליטש!

טאַראַס איליטש זעצט זיך אַוועק לעבן אים אָפן זאַמד.

— איך גיי דיר נאָך, זונעלע... קום אַרײַן צו מיר, וועל איך דיר דאָס גאָלד אַוועקגעבן. נאָר קום שוין. איך האָב מיך דערוווּסט דאָ אײַנגעאָרדנט אָפן בוידעם. באַ מיר האָט מען דעם דאָקטער אַרײַנגעזעצט. מויכל, זאָל ער וווינען. נאָר דו קום אַרײַן, נעם איבער דאָס גאָלד.

— וואָסער גאָלד, טאַראַס איליטש?

— כ׳האָב אָנגעוואַשן הײַנטיקן זומער, זונעלע. און אויך דאָס וואָס איך האָב פון פריִער פאַרגרייט, וועל איך אָפּגעבן. אַף אַ קוויטונג, זאָל עס גיין פאַר דער מעלוכע...

ער רוקט זיך צו מיטן פּאָנעם גאָר נאָענט צו קרוגלאָוון.

— ניט באַשערט איז מיר אַוועקצופאָרן, זונעלע... איך בין דאָך דע־מאָלט אַנטלאָפן. פון אײַך אַנטלאָפן. איר האָט מיך וואַרעם צוגעטוליעט, און איך טראַכט מיר: סאַראַ כאַווער בין איך זיי — אַ קאַטאָרזשניק! דעם גאַנצן זומער זיך געבראָכן און זיך ניט אײַנגעבראָכן. איך שלעפּ מיך אַרום אײנער אַליין און איך טראַכט מיר — די יאַטן זײַנען דאָרט. איך דערמאָן מיך: „פּאָטער, פּאָטער"... נו, האָב איך אָנגעוואַשן גאָלד. נו, וועל איך אַוועקפאָרן. אָבער וווהין? שטאַרבן צווישן פרעמדע מענטשן?... און מיט אײַך בין איך ווי גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן... דעם גאַנצן לעבן, ווי אַן עלנטער הונט, אָפּגעלעבט, פאַרוואָס־זשע זאָל איך פון מײַן גליק אַנט־לויפן? מען נעמט מיך אויף, איז גוט... אַזוי אַז נעם צו דאָס גאָלד, ס׳זאָל מיר ניט פאַרדרייען דעם קאָפּ. און איך וועל אויפשטיין צו דער אַרבעט.

אַנדריי נעמט אַרום טאַראַס איליטשן פאַר די אַקסלען און זאָגט אים גאָרניט.

ער קוקט אַף די שטערן, אַף די פינצטערע מאַסן שנעל לויפנדיקן וואַ־סער און אַף די רויִקע קאָנטורן פון די סאָפּקעס. ווי גוט איז דאָס לעבן ווען דו ווייסט צוליב וואָס דו לעבסט, וואָס דו קענסט לייענען אין זײַנע דער־שײַנונגען אַ טיפן באַהאַלטענעם געדאַנק! דער צוריקקער פון טאַראַס איליטשן — צי האָט נאָך דאָס לעבן געקענט צוגרייטן אַ נאָך מער טײַערע מתּנה, און גראָד איצט, אין אַ מינוט פון ייִעש און ספייקעס...

און וויפל ליכטיקע מאָמענטן דאָס לעבן געבערט אינעם קאַמף שאַ

נאָך שאַ, דאָ און אומעטום — אין אַלע עקן פונעם גרענעצלאָזן פּאָטערלאַנד. וואָרעם וואָס אַזוינס איז טאַראַס איליטש? איין הונדערטזיבעציקמיליאָניק טיילכל. און וואָס איז אָט דער ברעג, די צוקונפטיקע שטאָט? אַ פּינטל אַף דער לאַנד־קאַרטע. אַ קליין פּינטעלע. נאָר פון די טיילן ווערט געשאַפן דאָס גאַנצע. אַלע פּינטעלעך זײַנען צווישן זיך פאַרבונדן.

ער דערמאָנט זיך די לאַנד־קאַרטע פון דעם קאַנט אַזאַ ווי זי האָט זיך אים פאָרגעשטעלט אונטער דער האַנט פון מאַראַזאָוון, מיט בלויע ליניעס פון אַן אַ צאָל טײַכן און ברוין־געלן געשלענגל פון באַרג־רוקנס. און די לאַנד־קאַרטע לעבט אויף אין זײַן פאַרשטעלונג. ער דערזעט דעם גאַנצן קאַנט אַן אומענדלעכן, אַ לעבעדיקן, אַ פיל־געשטאַלטיקן, — און ער זעט אים אַ באַזעצטן, אַן אַרבעטנדיקן, אַ זיך בײַטנדיקן, אַן אָנגעזאַפּטן מיט מענטשלעכן גלאַר — מיט אַרבעט.

טויזנטער פלאַטיליעס גייען אַרויס אין יאַם אַף פישפאַנג. וואַלפיש־שיפן שלעפּן נאָך זיך אַן אָנגעבלאָזענעם טויטן וואַלפיש. אינעם בויך פון קראַב־פאַנג־שיף קריכן און פאַרטשעפּען זיך מיט די קלאַמערן פעטע קראַבן. קאָנסערוון־פאַבריקן וואַרפן אַראָפּ פונעם קאָנווייער מיליאָנען פושקעס שטיל־אָקעאַנישע סאַרדינען. נאַפט־פירנדיקע באַרזשעס גייען איבערן אַמור אַפּן קרעקינג־זאַוואָד. געאָלאָגן קריכן איבער פעלדזן, קוקן זיך אײַן שאַרף אין די שיכטן ניט אויסגעפאָרשטע מינים. עס וואַקסן נײַע שטעט. עס לויפן פון די מינען וואַגאָנעטקעס מיט קוילן. עס פליִען אַוויאָנען מיט זריִע פאַר סאַכאַלין, שאָקאָלאַד און צײַטונגען פאַר טשוקאָטקע, פרוכטן פאַר קאַמטשאַטקאַ. עס יאָגן איבער די רעלסן שווערע צוגן מיט מאַשינען, סכוירעס, מענטשן... הידראָסטאַנציעס צוימען איבער טײַכן מיט דאַמבעס. עס ציִען ברייטע פּאַסן אויטאָ־שטראַנדן. טשוקטשיס, גיליאַקן, נאַנײַער, אַזעלכע ווי מאַאַמי און קיל־טו, יאָגן אַף פלאַכע טעמפּ־נאָזיקע שיפלעך אַהין ווו עס ציִען זיך עלעקטרישע פײַערן. גרענעץ־וועכטער שטייען אַף דער וואַך. שאַרף קוקן די פּעריסקאָפּן פון די אונטערוואַסער־שיפלעך. די רערן פונעם געווער זײַנען שטרענג און דראָענדיק. און אַ ליד, דאָס פרײַע ליד פליט איבערן קאַנט, איבער די סאָפּקעס, איבער דער טײַגע — די סאָוועטישע ראַדיאָ־שטימע.

ווי גוט איז דאָס לעבן! טאַראַס איליטש, פאָטער, קום לאָמיר אַוועקגעבן דײַנע גאָלדענע גרײַפלעך. דו בײַטסט זיי אויס אַף לעבן, אַף דעם עכטן, וווּנדערלעכן לעבן.

# צווייטע טייל

## I

פֿאַר דער טיר באַם קאַבינעט פֿונעם נאַטשאַלניק איבער דער בויונג שטייט אויסגעשטעלט אַ ריי באַזוכער. דער „אַמורער קראַקאָדיל" רעגולירט די ריי און וואָרנט יעדן: „ניט מער ווי צען מינוט".

קלאַראַ קאַפּלאַן עפֿנט די טיר, שטופּט אָפּ מיט דעם עלנבויגן די סעקרעטאַרקע און אין איר נידעריקער שטים דערהערן זיך טענער פֿון אויפֿגעבראַכטקייט.

— כאַווער ווערנער, איך בעט אײַך מיך אויפֿנעמען!

די סעקרעטאַרקע כאַפּט זי אָן פֿאַר דער האַנט, נאָר קלאַראַ האַלט זיך אָן באַ דער טיר און קוקט אַרײַן אַהין, אינעם קאַבינעט ווו עס שטייען און שמועסן צוויי מענטשן. זי דערקענט באַלד ווערנערן, כאָטש זי האָט אים קיינמאָל ניט געזען. אַ שלאַנקע עלעגאַנטע פֿיגור, אַ הערשעריש פּנים, אַ שטרענגע רויִקע האַלטונג. הערשעריש, פֿאָדערנדיק, זעלבסטזיכער — אַזוי האָט מען איר געזאָגט אינעם קאַנט־קאָמיטעט.

— אין וואָס האַנדלט זיך, כאַווער? — פֿרעגט ער העפֿלעך און טרוקן.

קלאַראַ ווערט רויט, נאָר זי גייט אַרײַן און פֿאַרמאַכט די טיר און, שנעל, ווי צו שילערן, קלערט זי אויף אַז זי איז אַן אינזשעניער־אַרכיטעקט, זי איז געקומען אַרבעטן און מען דאַרף זיך צונויפֿריידן.

ווערנער הערט אויס, מיט אַ לײַכט צוגענייגטן קאָפּ און מיט אַ שנעלן קוק אויף קלאַראַן. ער פֿאַרנייגט זיך און דערלאַנגט איר ניט די האַנט.

— עס פֿרייט מיך זייער. זיצט. איך וועל באַלד פֿרײַ ווערן.

ער נעמט אונטערן אָרעם זײַן מיטשמועסער, שפּאַנט מיט אים איבערן קאַבינעט און שמועסט מיט אים ווײַטער אָפּן ניט הויכן קאָל. קלאַראַ קאַפּלאַן קען אים ניט פֿירוואַרפֿן קיין איבעריקע פֿראַנטערײַ, נאָר זײַן עלעגאַנץ רייצט און רופֿט אַרויס אומצוטרוי. אויך רייצט די צערעמאָניעז־קאָמפּאַרטנע באַגעבלונג פֿונעם קאַבינעט, וואָס צווינגט צו פֿאַרגעסן, אַז דאָס איז אַ צימער פֿון אַ דאָרפֿישן באַלעגופֿישן הויז, אַז אַרום דעם איז אַ ניט־אײַנגעאָרדנטקייט, שאַלאַשן, בלאָטע, טײַגע. „וועל איך זיך מיט אים אײַנאַרבעטן?" — גיט זי אומרויִק אַ טראַכט.

ער פֿאַרענדיקט דעם שמועס, פֿירט צו דעם מיטשמועסער ביז דער טיר

און זעצט זיך אַרײַן אינעם פֿאָטעל. קלאַראַ קוקט זיך אײַן אין זײַן שמאָלן טונקעלן פּאָנעם מיט די דינע ליפּן און קלוגע, ליכטיקע און האַרטע אויגן.

— איך בין צו אײַער דינסט — איז ווערנער קאַרג אַף ווערטער.

„ניין, כ׳וועל זיך ניט אײַנאַרבעטן” — ענטפֿערט זיך אַליין קלאַראַ און דערציילט קורץ און ניט גערן: זי איז אינזשעניער מיט אַ פֿינפֿיאָריקן סטאַזש, האָט געאַרבעט אין לענינגראַד, דערנאָך אַף איר אייגענעם פֿאַרלאַנג (זי ציגדט זיך אָן באַ די ווערטער און רויטע פֿלעקן שפּילן לאַנג אַף אירע בלייכע באַקן). געפֿאָרן אַפֿן ווײַטן מיזרעך, האָט דאָ געאַרבעט צוויי יאָר אינעם בוי־טרעסט, איצט איז זי פֿון דאָרטן אַוועק...

— קען מען וויסן פֿאַרוואָס איר זײַט פֿון דאָרטן אַוועק? — איז ווערנער קאַלט פֿאַראינטערעסירט.

— די סיבעס פֿון מײַן אַוועקגיין פֿאָרשט איצט די קאָנטראָל־קאָמיסיע — זאָגט זי און באַמיט זיך צו ריידן רויִק און וואָגיק, נאָר די שטימע פֿאַרראַט זי און ווידער הערן זיך אין איר טענער פֿון אויפֿגעבראָכטקייט — קורץ: דאָרט האָט געהערשט טאָלעראַנץ און גענאַרערײַ. דער פּאַרטקאָם האָט פֿאַרדעקט סײַ דאָס ערשטע און סײַ דאָס צווייטע. איך האָב אויפֿגעהויבן די געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג, האָב דערפֿירט דעם איניען ביזן קאָנט־קאָמיטעט, נאָר דערווײַל האָט מען מיך אָפּגעזאָגט „מאַכמעס קירצן די קאַדרן”. איך וואָלט מיך געקענט צוריקשטעלן דורך דעם קאָנט־קאָמיטעט, נאָר איך האָב ניט געוואָלט. אַגעוו, — רײַסט זי איבער — קענט איר זיך אַליין דערוויסן.

ווערנער גיט אַ נייג דעם קאָפּ און ענטפֿערט ניט.

זי זיצט אָן אָנגעשטורעמטע און אַ פֿײַנטלעך־געשטימטע.

— מיר זײַנען נאָך צו דער אַרכיטעקטור ניט צוגעקומען, — גיט ווערנער קוים־קוים אַ שמייכל — איר וועט אײַך באַקענען מיט אונדזער בויונג, וועט איר זען, אַז דערווײַל...

— איך האָב מיך שוין באַקענט, — רײַסט אים שנעל איבער קלאַראַ — איך בין דאָ שוין 3 טעג. איך בין געווען אַף אַלע אָפּטיילן. אין די שאַלאַשן, אָפֿן געהילץ־זאַוואָד און אין די געוועלקשאַפֿטן. זאָגט מיר, ווי קומט עס וואָס אַף אַזאַ בויונג האָט מען אין פֿיר כאַדאָשים אויפֿגעבויט ניט מער ווי דרײַ וווין־הײַזער?

ווערנער ענטפֿערט ניט אַף דער פֿראַגע. ער שטודירט מיט סימפּאַטיע און נײַגיר דאָס דינע בלייכע פּאָנעם פֿון דער יונגער און נעוודאַסטענישער פֿרוי. זי געפֿעלט אים.

— דרײַ טעג? פֿאַרוואָס־זשע האָט מען מיר ניט צו וויסן געגעבן? פֿאַרוואָס זײַט איר ערשט הײַנט געקומען? ווו האָט מען אײַך אײַנגעאָרדנט?

קלאַראַ צעלאַכט זיך ניט גאָר פֿרײַנטלעך.

— אויך הײַנט האָט מען אײַך ניט געוואָלט צו וויסן געבן. אײַער „אַמורער קראָקאָדיל”...

— ווער?

— איר ווייסט ניט אַז אײַער סעקרעטאַרקע רופֿט מען „אַמורער קראָקאָדיל”?

ער לאַכט זיך אויפֿריכטיק פֿונאַנדער.

— ערדוואָרט, כ׳האָב ניט געוווּסט. און ס׳איז דאָך גאַנץ טרעפֿלעך, ווייסט ניט... — ער פֿאַרגינט זיך ניט קיין פֿריילעכקייט און פֿרעגט:

— וואָס־זשע האָט זי אײַך געזאָגט?

— זי האָט געזאָגט, אַז מיט די קאַדרן פירט אַן גראַנאַטאָוו, אַז מיט דער אײַנאָרדענונג פון די קאַדרן און מיט דעם ווירונגס־פאָנד — איר פאַרשטייט, מיטן ווירונגס־פאָנד! — פירט אַן קאַטשאַנער, מיט דעם אויסגאַב — דער הויפט־אינזשעניער, און צו אײַך דאַרף מען גיין ווען עמעצער פון זיי שיקט...

ווערנער קנייטשט זיך, נאָר ער ענטפערט ניט.

— איך בין געווען בײַ אַלע דרײַ. קאַטשאַנער ווייס פּאַשעט ניט וואָס צו טאָן מיט מיר. ער פרעגט טאָקע: וואָס־זשע וועט דאָ טאָן אַן אַרכימעקט? נו, פון אים רעדט מען ניט, — זי מאַכט אים אַוועק מיט דער האַנט ווי אַ נישטיקייט — אײַער הויפט־אינזשעניער — זייער אַ ווילער מענטש, אַ קאָמוניסט, זעט אויס. נאָר ער ווייס אויך ניט וואָס צו טאָן מיט מיר. אײַער פאַרטרעטער גראַנאַטאָוו זעט מיר אויס אַ ביוראָקראַט און אַ נעווראַסטעניקער. בין איך געקומען צו אײַך.

זי רעדט און גיט נאָך דער באַדערפעניש אַרויסצוזאָגן אַלץ וואָס אין איר האָט אָנגעזאַמלט אין די דרײַ טעג, און זי פילט אַליין אַז זי רעדט איבעריקס. נאָר איר דוכט זיך זי מוז זיך דורכרײַסן דורך דעם קאַלטן פאַרהאַנג, וואָס טיילט זי אָפ פון ווערנערן, אָדער גלײַך זאָגן זיך אַליין און אים, אַז זיי וועלן זיך ניט אײַנאַרבעטן.

ווערנער שטייט אויף, גייט צו און בייגט זיך איבער איבער איר:

— מיט איין יאָר צוריק איז מײַן פאַרטרעטער גראַנאַטאָוו געזעסן אין דער כאַרבינער טפיסע. מען האָט אים געשטאָכן נאָדלען אונטער די נעגל און געברענט די הענט מיט אַ גליענדיקן אײַזן... אײַלט אײַך ניט מיט ציען שלוסן. מען קען לײַכט אַ טאָעס האָבן.

אַ צעבישטיקטע, האָט זי זיך געקאָרטשעט אינעם שטול. דאָס האַרץ האָט איר פײַנלעך געקלאַפט.

— איר מאַכט אָף מיר אַ גוטן אײַנדרוק, — זאָגט ער און קוקט אַן אַ זײַט, קעדיי זי זאָל צײַט האָבן צו זיך קומען — איר זײַט, קענטיק, ענערגיש און איר האָט, קענטיק, ליב צו אַרבעטן מיט אַ סיידער, זאַכלעך. איך בין ניט געניגט איבערצוטרײַבן דעם באַדײַט פון אײַער איבערגעאײַלטקייט, כאָטש איך רעכן, אַז זי האָט געשפילט אַ ראָל אין די אומאָנגענעמלעכקייטן וואָס איר האָט איבערגעלעבט.

— אויב איר האָט ספּייקעס...

שנעל און פאַרבײַלויפיק לייגט ער אַרויף זײַן האַנט אָף איר אַקסל.

— לאָמיר דאָס איבערלאָזן, — זאָגט ער — איך ריזיקיר און נעם אַרײַן צו מיר איינעם קאַדר אַן אומרויִקן עלעמענט, וואָרעם אַז איר זײַט אַן אומרויִקער עלעמענט. איז בײַ מיר גאָר קיין ספעק ניט.

— איך פיר בלויז אויס אַ פאַרטייִשע פליכט — וואַרפט זי צו.

איר איז ניט באַקוועם צו ריידן און קוקן פון אונטן אַרויף. עס פאַרדריסט איר וואָס ווערנער שטײַגט זי איבער אַזוי אומבאַשטרײַטלעך אין אויסגעהאַלטנקייט.

ווערנער טרעט אָפ פון איר און נעמט ריידן וועגן דער אַרבעט וואָס שטייט איצט פאַר, וועגן די פעלערן אין דער בויונג און וועגן דער אָנפירונג.

— אײַך איבערראַשט וואָס מיר האָבן אויסגעבויט ניט מער ווי דרײַ וווינהײַזער. אונדז יאָגן די טעמפּן. אַלע קויכעס גייען אַוועק אָף בויען דעם זאַוואָד. איר האָט געזען די שאַלאַשן?

— איך אַליין שלאָף שוין דרײַ נעכט אין אַ שאַלאַש.

איצט צינדט זיך שוין אָן װערנער. זײַן פינגער דריקט אָן מיט קויעך דאָס קנעפּל באַם גלעקל. „אַ גלעקל פונדעסטוועגן האָט ער דורכגעפירט" — באַמערקט קלאַראַ.

— בעט אַרײַן דעם כאַווער קאַטשאַנער — באַפעלט ער פאַרדראָסיק דער סעקרעטאַרקע.

— מיר איז גוט אויך אינעם שאַלאַש, — זאָגט קלאַראַ און געניסט פון זײַן פאַרדראָס — קאָמיוגיסטקעס האָבן מיך צו זיך אַרײַנגענומען. איך האָב מיך אין די דרײַ טעג דערוווּסט אַזויפיל וויפל איך וואָלט מיך אין אַ כוידעש ניט דערוווּסט אין אַן אַנדער סוויווע.

זי שווײַגט אַ ווײַלע און גיט צו:

— איר דערשאַצט ניט קיין מענטשן. אײַערע קאָמיוגיסטן זײַנען אויסגעצייכנטע מענטשן!

קאַטשאַנער קומט אַרײַן.

— ווען עס קימען נײַע אַרבעטער, פאַרפליכט איך אײַך אומפאַרזאַמט מיר צו וויסן צו געבן, — באַפעלט װערנער און קוקט פאַרבײַ קאַטשאַנערן — און איך בעט אײַך מיר דערקלערן ווי קומט עס וואָס כאַווערטע... כאַווערטע קאַפּלאַן... וווינט אין אַ שאַלאַש?

— איך פאַרזיכער אײַך... — מישט זיך אַרײַן קלאַראַ, נאָר װערנער שטעלט זי אָפּ מיט אַ מאַך פון דער האַנט.

קאַטשאַנער מורמלט עפּעס אַ דערקלערונג.

— הײַנט אָוונט וועט כאַווערטע קאַפּלאַן זײַן אײַנגעאָרדנט אינעם הויז פון דער דירעקציע, — באַפעלט רויִק װערנער — אויב איר וועט ניט געפינען קיין פּלאַץ, גיט איר אָפּ אײַער צימער. איר האָט מיך פאַרשטאַנען?

ווען זיי בלײַבן אין צווייען, לאַכט זיך קלאַראַ פונאַנדער. איר זײַנען געפעלן געוואָרן זײַנע הערשערישע מאַנירן. איר ווילט זיך שמועסן מיט אים אין גוטן מוט.

נאָר װערנער פירט דעם שמועס ווי אים ווילט זיך.

— די מענטשן באַ אונדז זײַנען אויסגעצייכנטע, — זאָגט ער — נאָר אומאָרדענונג און אומגעלומפּערטקייט איז פאַראַן אַ סאַך. איך באַמי זיך זיי צו פאַרריכטן. העלפט מיר — איך וועל זײַן דאַנקבאַר. אַ גוטער קאָמוניסט איז אונדז איצט טײַערער פון אַרכיטעקט. — ער הייבט זיך אויף. איר וועט מיר אַנטשולדיקן. די צײַט איז ניט אין מײַן רעשוס. איך בעט אײַך אָרדנט אײַך אײַן, קוקט אײַך אַרום, באַקוקט די פּלענער, רעדט מיט די אינזשעניערן, מיט די אַנפירער פון די אָפּטיילן. מיט גראַנאַטאָוון. איר זײַט דאָך אַ קלוגע פרוי, טרעט צו צו אים מיט טאַקט און ער וועט זיך פאַר אײַך צעעפענען. ער איז אַ פּרעכטיקער מענטש און אַן אַרבעטער. איך שפּאַר מיר אָן אָף אים מער ווי אָף וועמען אַן אַנדערן.

ער גייט זיך דורך איבערן קאַבינעט.

— איך מוז אײַך וואָרענען — זײַן קאָל ווערט פאָדערנדיק און האַרט:
— איך וועל ניט דולדן קיין שום טומל. איך האָב אַ סאַך פולמאַכט. די באַדינגונגען זײַנען אויסערסט שווערע. אַרבעטן מוז מען, איז לאָמיר. שאַפן אומאָרדענונג, קריגערײַ, וועל איך ניט דערלויבן. און נאָך וואָס — איר האָט אײַך הײַנט אַרײַנגעריסן צו מיר אויסער דער ריי. מיר איז עס געפעלן. איך

האָב ניט ליב קיין אומדרײַסטע מענטשן. נאָר לאָמיר אויסנעמען איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל — איך פֿאָדער אָרדענונג, אָרדענונג און קלאָרקייט.

ער צעשמייכלט זיך ווען ער באַמערקט קלאַראַס אַנגעשפּיצטן בליק.

— אײַך דוכט זיך אַוודאי אַז איך בין אַ שרעקלעכער ביוראָקראַט, וואָס מען מוז אים וואָס גיכער ווײַזן זײַן אָרט. איך האָף אַז בײַ דער אַרבעט וועט איר עס באַנעמען. דאָס איז ניט קיין ביוראָקראַטישקייט, נאָר קלאָרקייט. איך טומל וועסטו גאָרניט אויפטאָן.

קלאַראַ טראַכט זיך: „פֿאַרוואָס זיץ איך דאָ און הער אויס זײַנע כוצ־פּעס ווי אַ שול־מיידל? איך וועל מיך ניט אײַנאַרבעטן".

— און איך האָף, — זאָגט זי פֿרייילעך און הייבט זיך אויף — אַז מיר וועלן זיך. אײַנאַרבעטן. כ'האָב אויך ליב אָרדענונג און קלאָרקייט. איך וויל ניט לייקענען, מען האָט מיך געוואָרנט, אַז מיר וועט זײַן שווער מיט אײַך, אַז איר זײַט אַ מענטש פֿון אַ באַזונדערן סטיל.

עס טוט איר טייקעף באַנג וואָס זי האָט דאָס געזאָגט. ווערגער האָלט ניט אונטער דעם געשפּרעך, ער קוקט נאָר אַף קלאַראַן מיט שאַרפֿע ליכטיקע אויגן.

— ווי אַלט זײַט איר?

קלאַראַ ענטפֿערט שווער, ווי אַפֿן עקזאַמען:

— אַכט און צוואַנציק...

ער דריקט אָן דעם קנאָפּ אַפֿן גלעקל.

— שרײַבט אויף אַ באַפֿעל וועגן פֿאַררעכענען אײַנעם קאַדר אינזשע־ניער־אַרכיטעקט קאַפּלאַן, — זאָגט ער דער סעקרעטאַרקע, ווי ער וואָלט איר דיקטירט — איר וועט איבערגעבן סערגײ וויקענטיעוויטשן, אַז איך בעט אים דורכרײדן זיך מיט כאַווערטע קאַפּלאַן און באַשטימען די גרייס און כאַ־ראַקטער פֿון איר אַרבעט, און אויך אַרײַנפֿירן אינעם קורס פֿון דער זאַך, און דערנאָך מיר אַלץ איבערגעבן. דאָס איז עס אינגאַנצן.

ער פֿירט זי צו ביז דער טיר.

איך בעט אײַך אַרײַנקומען צו מיר ווען איר וועט אײַך האָבן באַקאַנט און דורכגעטראַכט אײַער אַרבעט. אויב איר וועט האָבן וואָס צו פֿרעגן מיך פֿערזענלעך צוליב אָן אייצע אָדער הילף, אויב איר וועט אײַך וועלן דורכ־שמועסן, — וועט מיך שטענדיק פֿרייען.

„און עפּשער וועל איך מיך אײַנאַרבעטן". זי גייט אַוועק פֿון ווערנערן פֿול מיט אומרו און אומזיכערקייט.

דער „אַמורער קראָקאָדיל" וואָרטשעט — קלאַראַ האָט זיך אַרײַנגעריסן אויסער דער ריי און איז אָפּגעזעסן אַ האַלבע שעה.

— אין וועלכע שעה נעמט אויף כאַווער ווערנער? — פֿרעגט זי קלאַראַ.

פֿון נײַן ביז עלף, פֿון פֿיר ביז פֿינף און פֿון צען ביז צוועלף. — טאָקט אָפּ די סעקרעטאַרן דעם פֿאַרלערנטן ענטפֿער.

קלאַראַ איז אַרויס אַף דער גאַס. „און פֿון צען אָוונט ביז צוועלף", — כאָזערט זי זיך.

— גאָרניט, איך בין אַוועק צו ווערנערן, האָב דורכגעפֿירט! — כאַפּט זי אויף אָפּגעריסענע ווערטער פֿון אַ פֿרעמדן געשפּרעך.

זי בלײַבט שטיין בײַם קרומען אַראָפּגאַנג צום אַמור. די קאָמיוגיסטן כאַלעמען פֿון גראַניטענע שטראַנדן. דערווײַל זײַנען פֿאַראַן בלויז דרײַ ווײַ־הײַזער, שאַלאַשן, אַ באַלמעלאַכישער געהילץ־זאַוואָד, אַן עלעקטראָ־סטאַנציע

ווי אַ קינדער־שפילכל, פרימיטיווע וואַרשטאַטן, אויסגעקאָרטשעוועטע פוסטע פלעצער. זי באַקוקט דאָס אַלץ וואָס דאַרף ווערן איר שטאָט. זי וועט דאָ אויספראָיעקטירן הײַזער, גאַסן, גאַנצע אַרכיטעקטאָנישע אַנסאַמבלען. גיריק באַקוקט זי דעם הינטערגרונט אַף וועלכן עס ליגן די קאָנטורן פון דער שטאָט — דער גרענעצלאָזער אַמור, ווײַטע באַרג־רוקנס, נאָנטע און ווײַטערע סאָפקעס, באַדעקטע מיט טײַגע. זי מאָלט זיך אויס דעם זאַוואָד — איינער פון די בעסטע אין דער וועלט. ער וועט אַרײַן אינעם אַלגעמיינעם גאַנצן ווי אַ באַשטאַנד־טייל. ער דאַרף זײַן אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער אַרכיטעקטור פון דער שטאָט. אַ זאַוואָד ווי אַ קריפלדיקער פלעק פון דער הינטער־שטאָט, דאָס איז די אַלטע וועלט. אין דער נײַער שטאָט, דער סאָציאַליסטישער איז די גרונט־אידייע די איינהײַט פון אַלע לעבנס־עלעמענטן, די קעגנזײַטיקע ווירקונג פון אַרבעט און אָפרו, פון אַרבעט און פאַרווײַלונג, פון אַרבעט און פיזישער קולטור. דער זאַוואָד, דאָס קלטור־הויז, דער סטאַדיאָן, באַקוועמע וווינונגען, קראָמען, שולן — אַלץ דאַרף זײַן פאַרבונדן, אונטערגעוואָרפן איין איינציקער אידייע... ווי זאָל מען אָנרופן אָט די אידייע פון דער נײַער שטאָט? גליק? האַרמאָניע? סאָציאַליזם?

זי אָטעמט אײַן אין זיך די פרישקייט פונעם אַמורער ווינט. איר צערודערט האַרץ לאָזט זיך הערן מיט זײַן ניט גלײַכן קלאַפן.

ווערנער איז געווען שפעטעריש און פאַרגעביק: „ווי אַלט זײַט איר?...", „איך ריזיקיר...", „איך וועל ניט דולדן קיין שום טומל..." וואָס איז ער, אָט דער ווערנער?

און די שטאָט וועט זי אויפבויען, אַ גאַנצע אין איר גראַנדיעזער האַרמאָנישער איינהייט. עס וועלן זי בויען טויזנטער אַרבעטער, אירע צײַכענונגען וועלן שאַפן הונדערטער מענטשן, נאָר מיט זיי אַלעמען וועט באַוועגן איין אָנפירנדיקע אידייע, וואָס גיט אַ זין יעדער שאַפונג פון מענטשלעכע הענט. אירע וועט זי זײַן? יאָ. זי וועט זי פאַרטראַכטן, פונאַנדעראַרבעטן, צופירן צו איר פאַרווירקלעכונג. זי נעמט זי איבער, די דאָזיקע אידייע. ניין ניט בײַ די גריכן, ניט בײַ די רוימער. די אידעע זאָגט איר אונטער די גראַנדיעזקייט פון דער פראָלעטאַרישער דיקטאַטור, די פאַשעטקייט, לאָגיק און כאַכמע פון די סטאַלינישע ווערטער, דער פאַטאָס און אָנשטרענג פון דעם פינפיאָר־פלאַן, די ריינקייט פון די גליקלעכע קינדערשע אויגן, דער שטאָלצער אויפבלי, פון דער אינדוסטריע, דער גיריקער דראַנג פאָרויס, צום גליק, וואָס האָט אויפגעהויבן מיליאָנען מענטשן...

— כאָווערטע קאַפלאַן! — שרײַט צו איר אַראָפ פונעם גאַניק דער „אַמורער קראָקאָדיל" — נעמט דעם אָרדער אַף אַ צימער.

קלאַראַ לאַכט, זי ווייס אַליין ניט איבער וואָס. זי נעמט דעם אָרדער און זאָגט זיך אָפ פונעם אויטאָמאָביל — די קאָמיוגיסטן וועלן איר צוהעלפן. זי גייט איבער דער דאָרפישער גאַס, ווי איבער אַ בולוואַר, מיט אַ גרינגן טראָט, שטעלט אויס איר פּנים צו זון און ווינט. עס קומען אויף בײַ איר נאָך נישט אויסגעפורעמטע דערמאָנונגען. וועגן וואָס? זי ווייס ניט. עפעס וואָס איז פאַרבונדן מיט ווערנערן. דער האַנט־באַוועג, דער נייג פונעם קערפער, דער שטערן... וואָס? ווער? וועמען דערמאָנט ער איר?

זי פאַרטיפט זיך ניט אין די דערמאָנונגען. זי זוכט ניט זייער זין. זי גייט איבער איר שטאָט און טראַכט: „יאָ, איז וואָס־זשע אַזוינס איז ווערנער?"

## II

אָנהייב סעפּטעמבער האָבן פון די סאָפּקעס געגומען בלאָזן שנײדיקע ווינטן, אַף דער נידער אָנטראָגן פרירנדיקע רעגנס, אין טיפן זומפּ צעוואָשן וועגן און סטעזשקעס, מיט אַן איבערפלוס פון פײַכטקייט אָנטרינקען דעם שוין גענוג זומפּיקן באָדן.

דערנאָך קוקט אַרויס די זון און קאָקעטירט מיט אירע לעצטע אָפּגייענדיקע שטראַלן; מיט געלאָשענעם אימפּעט טראָגט זיך דורך אַ ווינט וואָס טריקנט צו די קאַליוזשעס און דעם געדיכטן זומפּ אַף די וועגן, — עס שטעלן זיך ווידער אײַן וואַרעמע, נאָר שוין אַנדערע האַרבסטיק שווײַגנדיקע טעג.

באַם קאַרטשעווען, אַפן געהילץ־זאַוואָד, אַף דער ביוונג, אַרבעט זיך שווער. אין דער בלאָטע זינקען די פיס, די נאַסע שטאַמען זײַנען גליטשיק, ניט נאָכגיביק. זידלווערטער טראָגן זיך איבער די אַרבעטס־אָפּטיילן. נאָר טרעפט אַ באָכער שפּײַט אויס אַ קרעפטיק זידל־וואָרט, גלײַכט אויס דעם ווייטיקדיקן רוקן און וואַרפט אַ בליק אַרום זיך, בלײַבט ער שטיין שטיל ווי אַ פאַרקישעפטער פון אַ פאַנטאַסטישער זעונג. באַלד דערנעבן שטייט און רירט זיך ניט, אַ צאַרטע, אַ שווײַגנדיקע די טײַגע — מיט וואַרעמען גאָלד באַשאָטן זײַנען די ווײַסע בערעזעס, מיט הייסן פלאַם רויטלען זיך די קליאָנען, מיט סירעניעווע בלעטער זײַנען באַהאָנגען די אָלכעס, עס שטעכערן זיך די בלויע יאָדלעס און אונטער זיי איז דער טונקעלער מאָך באַמאָלט מיט אַ שלאָל פון פאַרבן־פלעקן. און די גאַנצע טײַגע איז ווי שיטערער געוואָרן פאַרנעם בלעטער־פאַל — ווײַט ווײַט זעט זיך דורך די שטאַמען די לויטערע יואָלדווײַטקייט, און אין דער לויטערקייט דרייען זיך פאַמעלעך און פאַלן גילדערנע, רויטע, סירעניעווע בלעטער.

און גייט מען אַרויס אַף אַ ראַכוועסדיקן פלאַץ און מען קוקט זיך אַרום אַף אַלע זײַטן — ווי שנעל עס בײַט זיך אַלץ אַרום! ווי לאַנג איז אַז די אָנגעכמאַרעטע טונקל־גרינע סאָפּקעס האָבן אויסגעזען איינטאָניק און בייז. איצט שפּילט זיך יעדע סאָפּקע אַף דער זון מיט דער גאַנצער גאַמע פרײַלעכע קאָלירן, און דער גאַנצער פילגעשטאַלטיקייט פון טענער און שאַטירונגען, און אַז אַ וואָלקן לויפט אָן, גיסן זיך די קאָליר־גרענעצן איבער איינער אין צווייטן און עס דאַכט זיך די סאָפּקעס האָבן זיך באַדעקט מיט שיינע מידרעכדיקע טעפּיכער.

און איבער זיי דער הימל. אַ הויכער הימל, אַ גרינער, מיט באַוועגלעכע וואָלקנס, דער הימל וואָס נאַרט ניט מיט דער אָנזעעוודיקייט פון זײַן געוועלב, נאָר מאַכט דעם אײַנדרוק פון לופטיקייט און אומענדלעכקייט.

אין איינעם אַזאַ דורכזיכטיק־לויטערן האַרבסטיקן טאָג, טראָגן עטלעכע כאַווײרים, איבער דער פײַכטער סטעזשקע צווישן די פּעניקעס, סיאָמאָ אַלטשולערן פונעם געהילץ־זאַוואָד צום שפּיטאָל. סיאָמאָ ליגט אַף דעם טראָגבעטל, דאָס וואַקסענע פּאָנעם פאַרוואָרפן און די צעצונדענע אויגן קוקן גלײַך אין דער הימלישער אומענדלעכקייט.

— טראָפּאָספער... סטראַטאָספער... און דערנאָך... — נעמט ער ריידן און שרעקט פלוצים איבער די כאַווײרים. — פון דער זון ביז דער ערד איז פאַראַן הונדערט נײַן און פערציק מיליאָן קילאָמעטער...

— ער רעדט פון היץ, — שוידערט אויף גענקאַ קאַליוזשני.

— ניין, — זאָגט יעפּיפאַנאָוו — דוכט זיך אַז אַזוי איז עס טאַקע.

— ווען מען וועט פליִען אין דער סטראַטאָספער, — נעמט ווידער ריידן סיאָמאַ און צעשמייכלט זיך — וועלן מיר זײַן, ווייניקסטנס, צען מאָל נעענטער פון מאָסקווע...

לעבן דעם טראָג־בעטל באַווײַזט זיך טאָניאַ. זי בייגט זיך אָן און גיט אַ קוק אויף סיאָמען מיט וואַרעם געוואָרענע אויגן. יענעמס לײַדן האָבן זי ווייך געמאַכט.

— איר גייט אַוועק, יאַטן, — זאָגט סיאָמאַ ווען מען ברענגט אים אין שפּיטאָל און מען זעצט אים אַוועק אויפן גאַניק.

די כאַוויירים שטייען אומאַנטשלאָסן. סיאָמאַ שפּאַרט זיך צו צו דער וואַנט און שמייכלט צום דורכזיכטיקן הימל. אין זײַנע לעבעדיקע אויגן שפּיגלט זיך האַרבסטיקער גאָלד. ער איז קלאָר, נאָר די כאַוויירים ווייסן אַז ער האָט פּערציק מיט צוויי צענטל.

— גייט, גייט — זאָגט ווידער סיאָמאַ. ער באַמערקט טאָניעס ניט צושטייענדיקן, רויִקן און ווייכן בליק און קלײַבט זי אויס מיט דעם אינסטינקט פון אַ קראַנקן, וואָס ציט זיך צו זיכערע הענט. טאָניאַ וועט בלײַבן מיט מיר, און איר גייט אַרבעטן.

טאָניאַ שאָקלט צו מיטן קאָפּ, נעמט אויף זיך די זאָרג און גייט אַרײַן אין שפּיטאָל. די קראַנקן־שוועסטער לויפט אום אַ צעטומלטע הין און צוריק — עס זײַנען קיין בעטלעך נישטאָ. טאָניאַ פליט אַרײַן צום דאָקטער אינעם אויפנאַם־צימער און קוקט זיך ניט אום אויף דעם האַלב־נאַקעטן באַכער וואָס שטרעקט אויס די ברוסט אונטערן דאָקטערס רערל.

— מיר האָבן געבראַכט אַלטשולערן, דעם בעסטן שלאָגלער, מיט אַ טעמפּעראַטור פון פערציק מיט צוויי צענטל! — שרײַט טאָניאַ. ער איז אויף דער גאַס. אויב איר וועט אים ניט אײַנאָרדענען די מינוט, וועל איך אָנקלאָגן אין געריכט!

דער דאָקטער לאָזט אַרויס דאָס רערל פון דער האַנט, ער בייגט זיך אָן צו איר און עס פאַלן אים אַראָפּ די פּענסנע. טאָניאַ דערלאַנגט אים די פּענסנע און זאָגט אים אין דער שטיל:

— קומט. ס'איז זייער ערנסט.

דער האַלבנאַקעטער באַכער, הילט זיך אינעם רעקל און שטיצט זי:

— גייט, דאָקטער, איכל צוואַרטן.

און ער זאָגט צו טאָניען:

— אומגליקלעכער מענטש... טיפוס?

נאָר אויך דער דאָקטער קען קיין בעטל נישט געפינען, ווען עס זײַנען קיין בעטלעך ניטאָ. טאָניאַ גיט ענערגיש אַ טרייסל מיט די האָר:

— דאַרף מען, הייסט עס, עמעצן אויסשרײַבן.

— אַ נו, יאַטן, ווער איז דאָ דער געזונטסטער?

— וואָס איז? — רופן זיך בײַגעריק אָן די קראַנקע.

— סיאָמאַ אַלטשולער איז קראַנק געוואָרן. ער האָט פּערציק מיט צוויי צענטל. ער איז אויף דער גאַס. ווער איז גרייט אים אָפּצוטרעטן זײַן בעטל?

עטלעכע מיטאַמאָל שטעלן אומגעוואַקלט אַראָפּ די פיס אויף דער ערד.

— זײַט אַזוי גוט, דאָקטער, — זאָגט טאָניאַ — איצט איז שוין אײַער זאַך וועמען פון זיי אויסצושרײַבן.

מיט פאַרגעניגן און מיט אומצוטרוי קוקט דער דאָקטער אויף דער קאָמיוגיסטקע וואָס באַפעלט בײַ אים אין שפּיטאָל. ער לאַכט אין זיך, נאָר ער

וואָרטשעט און זאָגט זיך אָפּ, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, ווענען עס איז אויסצושרײַבן. איין באָכערל, פּעטרוניו, קען מען אויסשרײַבן אין אַ דרײַ טעג אַרום, אַ צווייטן, סאַפּאַנאָוו, אין אַ וואָך אַרום. נאָר ניט הײַנט. דער דאָקטער קען ניט, ער האָט קיין רעכט ניט...

— נו, איז וואָס ? — רופט זיך אָן סאַפּאַנאָוו — וועלן מיר, איך מיט מיטקען, ליגן אַף איין בעטל. לויט דער ריי. ברענגט אַרײַן סיאָמען.

ווען סיאָמע איז געבליבן אײנער אַליין אַפן גאַניק, האָט ער זיך צוגע־לייגט. און אין זײַנע מוטנע געוואָרענע אויגן שפּיגלט זיך שוין ניט דאָס האַרבסטיקע גאָלד. זיי זײַנען אָנגעטרונקען מיט געדיכטן נעפּל.

— נעמט אָן ! — באַפעלט טאָניאַ דעם דאָקטער און נעמט ווייך אָן סיאָמען פאַר די אַקסלען. אין צווייען טראָגן זיי אים אַרײַן אין זאַל. טאָניאַ נעמט אַ זיכערע אין זיך אויסטאָן סיאָמען און ציט אָן אַף זײַן הייסן אָנ־געצונדענעם לײַב אַ ריין העמד. דערנאָך גייט זי אַרויס און לאָזט איבער דעם דאָקטער מיט דעם כוילע.

— איך שטעל מיר פאָר אַ קרופּאָזע לונגען־אָנטצינדונג, דערצו אָן אָלגעמיינע דערשעפּונג פונעם אָרגאַניזם. — זאָגט דער דאָקטער צו טאָניען.
— די לאַגע איז אַ שלעכטע. איך האָב נישט מער ווי איין קראַנקן־שוועסטער. איר בלײַבט דאָ ?

— יאָ.

— מאַכן אָנשטעלן און דרייען מיט דער נאָז וועט איר ניט, דאָס זע איך. נאָר איר פאַרשטייט עפּעס אין מעדיצין ? די רעפּועס אונטערשיידן וועט איר קענען ? אַ גראַמאָטנע ?

— איך פאַרשטיי ניט, נאָר איך וועל פאַרשטיין, — זאָגט טאָניאַ. — איר ווילט איך זאָל אַרבעטן אין שפּיטאָל ?

— איך נייטיק מיך אין אַ מעדיצין־שוועסטער. איך וועל אײַך אויס־לערנען. „אַ לאַ גער קאָם אַ לאַ גער", — גיט ער צו, נאָר טייקעף כאַפּט ער זיך אַז טאָניאַ פאַרשטייט ניט זײַן פראַנצויזיש שפּריכוואָרט, און ער פאַר־ריכט זיך ביז די פּענסנע און גיט עס איר צו דערקלערן מיט אַ רוסישן שפּריכוואָרט : — צווישן וועלף, וואָיע וועלפיש. איך מיין איר וועט אײַך אויסטויגן. נאָר סטראַשעט ניט מיט געריכט, מיך שרעקט מען ניט, נעמט עס אין אַכט.

— גוט, — זאָגט טאָניאַ.

— סיאָמאַ ליגט אַפן רוקן, אַ קלייגער, אַ הייסער, מיט היציק־גלאַנצי־קע אויגן.

— איר האָט הײַנט געזען דעם הימל ? — פרעגט ער טאָניען אַ לע־בעדיק פאַראינטערעסירטער און נעמט זי אָן בײַ דער האַנט. — האָט איר אַמאָל געזען אַזאַ הימל ? אָ, אין אַדעס איז ער שענער ווי אומעטום, נאָר דאָ איז דער הימל גראַנדיעז... דאָ איז אַ ראַכוועס... קוקט זיך נאָר אײַן, דאָ זעט איר אַלץ : די סטראַטאָספער און העכער...

די קראַנקע קוקן נישט ווילנדיק אין פענצטער, נאָר זיי זעען גאָרניט.

— ניין, — זאָגט סיאָמאַ, — מען דאַרף קוקן ליגנדיק, גלײַך אַרויף... אַרויף... איך וואָלט וועלן פליען אין דער סטראַטאָספער.

— אָט דאָס פאַרשטיי איך ! — איז סאַפּאַנאָוו מאַסקים און זעצט זיך צו פּעטרוניען צופוסנס.

— גוט וואָלט געווען אַמאָל אַרויפצופליִען אַזוי הויך, מען זאָל די גאַנצע ערד דערזען אַזאַ ווי זי איז, — זאָגט פעטרוניק.

— פאַראַן אַזאַ פליִער, אַ מייַסטער פון העכערן פילאָטאַזש, — זאָגט סיאָמאַ. — ער איז זייער אַ קלייַנגעוויקסיקער, מען האָט אים נישט אַרייַנגענומען צווישן די פליִער, האָט ער אָנגעשריבן אַ בריוו צו קאָלינינען, אַז ער וועט פליִען שטייענדיק, נאָר מען זאָל אים אָננעמען. קאָלינין האָט אים געהייסן נעמען. ווען מען וועט אויסבויען די שטאָט, וועל איך גיין פאַר אַ פליִער.

ער אָטעמט שווער, די ליפן זייַנען געשפּאָלטן פון היץ, נאָר ער רעדט ניט פון היץ — ער טראַכט נאָר אינטענסיווער, פלאָמיקער.

— איך וואָלט וועלן פליִען און פאַרבלאָנדזשען אין די וואָלקנס. — זאָגט ער. — אין אַ דרייַ יאָר אַרום... אַראָפ פונעם וועג און פלוצים דערזען אונטן אַ שטאָט. אַ גרויסע שטאָט באַם ברעג פון אַ גרויסן טייַך. צום וואַסער זאָלן פירן ברייטע טרעפ, אַפן שטראַנד, אינעם שאָטן פון אַקאַציעס. זאָלן שטיין ווייַסע טישלעך, און באַ די טישלעך זאָלן זיצן באָכערים אין ווייַסע אָנצוגן און מיידלעך אין קאָלירטע קליידער, און טרינקען לימאָנאַד, און ציִען קאַפע־גליאַסע דורך אַ שטרויעלע, און עסן אַלערליי סאָרטן אייַז־קרעם. און איך וואָלט געגאַנגען איבער דער שטאָט, און די גאַסן זייַנען אַלע מיט ביימער, גלייַכע ווי די פייַלן, און איבער די ברייטע בולוואַרן גייִען מענטשן, און אַלע שמועסן צווישן זיך און לאַכן, קוקן אין אַלע זייַטן, ווי אַף דער דעריבאַסאָווסקע אין אַ זומער־טאָג... און איך וואָלט געגאַנגען איבער דער גאַנצער שטאָט און וואָלט אַרייַנגעגאַנגען דורך אַ ריזיקן טויער... אַף די נייַע זאָוואָדן דאַרף מען בויען אַזעלכע טויערן, ווי מען פלעגט בויען פאַר די קעניגן, אַז אַ מענטש זאָל אַרייַנגיין און זאָל לאַכן פאַר פרייד... און איך וואָלט אַרייַנגעגאַנגען אין דעם טויער און וואָלט געגאַנגען איבער אַן אַספאַלטירטער אַלייע, און וואָלט געזען עלעגאַנטע לופטיקע געבייַען, ווי פאַלאַצן... און מען וואָלט געשריגן צו מיר: גיכער, סיאָמאַ, לויף ווי ווייַט די פיס טראָגן און קוק ווי ווייַט די אויגן קענען!" און איך וואָלט געקוקט ווי מען עפנט די שליוזן... איר ווייסט וויאַזוי? מען דריקט אָן אַ קנעפל — און דאָס אַלץ! — און דאָס וואַסער שפּאַרט און עס וויגט זיך אַף די כוואַליעס אַ בלויע שיף, אַ שייַנהייט, נאָך אַזאַ נישט געווען, און אַ רויטער פלאַג פליט אַרויף, אַף אַ געגעבענעם צייכן, און עס שפּילט מוזיק, און מענטשן ווייִנען... און אַף דער שיף דער נאָמען „קאָמסאָמאָל". און די שטאָט וועט טראָגן דעם נאָמען פון קאָמיוג.

אַלע הערן. פון אַ ווינקל לאָזט זיך הערן דאָס הייזעריקע קאָל פונעם פליטן־טרייַבער פעדיאַ טשומאַקאָוו:

— מיט דייַנע ליפן נאָר האָניק צו טרינקען.

סיאָמאַ גיט זיך אַ וואָרף, זעצט זיך אַזש אויף אינעם בעטל.

— וואָס דען מיינסטו? צו וואָס, מיינסטו, בויען מיר? צו וואָס קרענקען מיר, און מיר וויקן אין דער בלאָטע און מיר ווילן זיך ניט נאָכגעבן? דו מיינסט, אַז ווען מיר בויען באַמבן־טרעגער, בויען מיר קעדיי מילכאָמע צו האַלטן? דאָס איז צוליב דעם אַז עס זאָל נישט זייַן קיין מילכאָמע! און אויב מיר אייַלן זיך, און מיר עסן ניט ווי געהעריק און מיר האָבן קיין שטיוול ניט, און די מיידלעך האָבן קיין קליידער ניט, איז עס צוליב וואָס? קעדיי אַ מאָנאַסטיר אויסצובויען? ניין, קעדיי דאָס לעבן זאָל זייַן שענער און גרינגער, קעדיי אַלץ זאָל זייַן אַ סאַך, קעדיי מען זאָל לעבן לאַכנדיק!

דער דאָקטער איז אַרײַנגעלאָפֿן אין זאַל אַן אויפגעבראַכטער. ער דערזעט סיאָמען זיצן מיט אַ פיבערדיק־ברענענדיקן פּאָנעם און אַף אַלע בעטלעך די קראַנקע אונטערגעהויבענע אויפגעהײַטערטע.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מיטינג ? — צעשרײַט ער זיך מיט אַ פּאַלצעט און לייגט אַוועק אין איין אויגנבליק סיאָמען. — ווער האָט עס דערלויבט מיטינגען דאָ אײַנצופירן ? און איר, וואָס קוקט איר ? אויך אַ מעדיצין־שוועסטער ! צי דען האָט איר גאָר קיין באַגריף ניט פון מעדיציין ?

ווען דער דאָקטער איז אַוועק און די צוגעשעמטע טאָניאַ הייסט אַלעמען זיך אַוועקלייגן, דערהערט זיך ווידער פעדיאַ טשומאַקאָווס הייזעריקער קאָל :

— איך וואָלט וועלן זען. נאָר אָט, די ציגאַנאַ האָט זיך אָנגעזועצט. נו, זי וועט דאָך אַריבער, מיין איך ?

סאָפּאָנאָוו דרייט זיך איבער אַף זײַן העלפט בעטל און רופט זיך אָן :

— דערצו נאָך פאַרדריסט עס. מיר האָבן אָנגעהויבן און ווײַנען וועלן אַנדערע ? איך וועל מיך דערוואַרטן, כאַפּט זי דער כרייך, די ציגאַא. פון ציגאַ וועסטו ניט שטאַרבן.

III

קלאַראַ קאַפּלאַן פאַרנעמט אַ דיי צו ווערנערן. ווערנער נעמט זי אויף פרײַנטלעך, מיט אויפריכטיקער פרייד. ניטאָ אינעם טאָן פון זײַן קאָל קיין שום צערעמאָניעזקייט, קיין שום פּעדאַנטישקייט. ער פרעגט זי ווי זי האָט זיך אײַנגעאָרדנט און זאָגט איר צו אַרײַנשיקן אַ פּאָטעל.

— איך האָט מיר יענעם מאָל געזאָגט, אַז אַ גוטער קאָמוניסט איז איצט וויכטיקער פון אַן אַרכיטעקטאָר — זאָגט קלאַראַ. — קום איך איצט צו אײַך סײַ אַלס קאָמוניסט און סײַ אַלס אַרכיטעקטאָר. איך האָב ערנסטע און אײַליקע פאָרשלאָגן.

— איך הער אײַך.

— ווען איך בין אָנגעקומען, האָב איך אָפּן אויג גענומען דרײַ קאָמיוגיסטן : קלאַוואַ מעלניקאָוואַ, סיאָמאַ אַלטשולער און עפּיפאַנאָוון. איר קענט זיי ?

ווערנער גיט אַ שנעלן קוק אַף איר, ווערט אָנגעשפּיצט און שנײַדט אָפּ.

— ניין.

— אַ שאָד. — שנײַדט אויך אָזוי אָפּ קלאַראַ. — מען דאַרף זען די מענטשן. ווען אַ רעדנער רעדט, טיילט ער אויס פון דער מאַסע עטלעכע פּענעמער און לויט זיי קאָנטראָלירט ער זיך, ניט ריכטיק ?

— ריכטיק.

ער ווערט זייער אויפמערקזאַם.

— איך האָב אויסגעקליבן דרײַ, זייער כאַראַקטעריסטישע. קענט איר טאַקע ניט קלאַוואַ מעלניקאָוואַ ? ווי קען מען אָנפירן מיט דער בוויוג ווען מען קען ניט קלאַוועז, סיאָמען ? און סעריאָזשאַ גאָליצינען קענט איר ?

— איך דערמאָן מיך, אַ געהילף־מאַשיניסט. אַזוי זיך אַן ענערגישער שיינער באָכער.

— ווייסט איר, אַז ער האָט דעזערטירט ?

קלאַראַ מערקט מיט פאַרגעניגן ווי ער שעמט זיך. זי נעמט ריידן פריינטלעך:

— אַ שלעכטע לאַגע בײַ אײַך, באַוועגט וועוריער, די קאַדרן צאַנקען. פון מײַנע דרײַ קאָמיוגיסטן, האָט קלאַווא אַ טרוקענעם פּלעווריט. זי הוסט. סיאָמאַ אַלטשולער איז אין שפּיטאָל. יעפּיפּאַנאָוו איז געזונט און פריילעך, ער פילט זיך אויסגעצייכנט. ביז איצט האָט איר אַלץ געמאָסטן לויט יעפּיפּאַנאָוון. איך וויל אַז מאַר אײַערע אויגן זאָלן אויך שטיין קלאַוואַ און סיאָמאַ. דאָס איז דער עצעם פון מײַנע פאָרשלאָגן.

— קען מען ניט וויסן אין וואָס דריקט זיך אויס אָט דער עצעם קאָנקרעט, מאַטעריעל?

ער איז שטאַרק פאַראינטערעסירט, נאָר קלאַרען שאָקירט די פּעדאַנטישקייט פון זײַנע גלאַטע, גוט געבויטע פראַזן.

— דער עצעם איז: אומפאַרזאַמט, אַפן כעשבן פון דער אינדוסטריעלער בויונג, אויסבויען אַ גרעסערע צאָל הײַזער פון לײַכטערן טיפּ. דאָס קאָמפּענסירט זיך. אַן וווינונגען וועלן קיין קאַדרען ניט זײַן.

איר פאָרשלאָג איז אַ גוט באַטראַכטער און איצט וואָרט זי אַף פראַגן, אָפּשלאָגן, קעדיי דעם געדאַנק אויסצוּוויקלען.

— איך וואָלט וועלן אָפּלייגן אונדזער שמועס, אויב איר האָט נישט דערקעגן.

קלאַראַ שפּרינגט אויף. געביטענע פלעקן צעשפּילן זיך אַף אירע באַקן.

— איר האָט מיך ניט פאַרשטאַנען, באַוועדטע קלאַראַ. איך בעט אײַך אָפּלייגן דעם שמועס ביזן אָוונט. די פראַגע איז אַ וויכטיקע. איך וויל פאַרבעטן איינִיקע פירנדיקע כאַווײרים, קעדיי צוזאַמען און אַלזײַטיק באַהאַנדלען. אַן ביוראָקראַטיזם. אײַך דאַרף דאָס לויבען, אַף וויפל איך פאַרשטיי.

ביזן אָוונט איז זי אומרויִק געווען. וועמען וועט ער רופן?

זי האָט געטראָפן בײַ אים קרוגלאָוון, קלאַוואַ מעלניקאָוואַ און יעפּיפּאַנאָוון. באַלד נאָך איר איז אַרײַנגעקומען מאַראָזאָוו, דערנאָך גראַנאַטאָוו און סערגיי וויקענטיעוויטש, דער הויפּט־אינזשעניער. מאַראָזאָוו שפּאַרט זיך אָן אַף אַ שטעקן, איז ניט געראַזירט. קלאַראַ האָט געהערט אַז ער איז קראַנק אַף צינגאַ, נאָר מאַראָזאָוו פאַרזיכערט, אַז בײַ אים האָט זיך דער רעוומאַטיזם צעשפּילט.

קלאַראַ לייגט אויס אירע פאָרשלאָגן מיט אַ קאָל וואָס רײַסט זיך פון אויפגערעגטקייט. אין מיטן דעם רעפעראַט פרעגט זי גראַנאַטאָוו איבער אַ פאַרוווּנדערטער:

— וויאַזוי? זאָגט עס נאָכאַמאָל.

און קלאַראַ דערפילט מיטאַמאָל אַז זי האָט אַף זיך גענומען אַ ריזיקע פּאָליטישע אַרבעט, אַז איר פאָרשלאָג קען אויסגעטײַטשט ווערן ווי פּאַניק פאַר די שוועריקייטן. זי גיט אַ קוק אַף קרוגלאָוון — ער איז ערנסט און פאַרוווּנדערט. קלאַוואַ האַלט אָפן דאָס מויל און קוקט זיך אַרום אַ פאַרוווּנדערטע. יעפּיפּאַנאָוו דרייט זיך בייז אַוועק און נעמט זיך סוידען מיט גראַנאַטאָוון. גראַנאַטאָוו צעלאַכט זיך און רײַבט זיך די הענט „וואָס אַזוינס רייד איך?

— דערשרעקט זיך קלאַראַ. — אַפן כעשבן פון דער אינדוסטריעלער בויונג?... דאָס איז דאָך אָפּאָרטוניזם!...”

איר קאָל רעדט נאָך, נאָר דער געדאַנק האַלט שוין נישט נאָך די ווערטער,

צאַפּלט זיך און זוכט אַן אויסוועג, אַ באַרעכטיקונג... ניין, דאָס איז ניט קיין אָפּאָרטוניזם! דערמיט וועט דאָך די בווונג שפּעטער אָוועקגיין שנעלער.

— איך וויל ניט פּירוואָרפן דער כּאָווערטע קאַפּלאַן קיין אָפּאָרטוניזם, — זאָגט גראַנאַטאָוו ווי אַן ענטפער אָף אירע געדאַנקען. — איך האָף אַז דאָס איז אַ פּאָשעטער טאָעס. איר האָט פּאָשעט ניט פאַרשטאַנען, איר אַכט ניט גע־נומען די ערנסטקייט און געאַפּלטקייט פון אונדזער אויפגאַבע. — ער קוקט אָף קלאָרען צודריגגלעך, שטודירנדיק, און עפּעס אַ גערוועזשער צ׳ק איז אים איבער דער באַק דורכגעלאָפן, פונעם שלייף ביזן האַלדז. — ווען איר ווייסט, וואָלט זיך אייך די צונג ניט אַ קער געטאָן צו פאָדערן אָפּשטעלן די איב־דוסטריעלע בווונג! — ער מאַכט אַ פריינטלעכן זשעסט אין דער זייט פון די קאָמיוגיסטן: — דערצו, אַגעוו, דאַרף מען אויסהערן די יוגנט.

קרוגלאָוו טראַכט — ער טראַכט פאַראַקשנט און אומרויק. קלאַרע קאַפּ־לאַנס פאַרשלאָגן פאַלן צונויף מיט זיינע באַהאַלטענע געדאַנקען, נאָר די געדאַנקען טרייבט ער פון זיך ווי ניט ריכטיקע, ווי פרעמדע, ווי שעדלעכע... וויפל מאָל וויל ער זאָגן מאַראָזאָוון: מען דאַרף פאַרזאָרגן די יאַטן מיט וווינונג, וועלן זיי דעמאָלט האָבן קויעך און אויך ענטוזיאַזם מער. נאָר ער דערוועגט זיך ניט. און ווען מאַראָזאָוו האָט איין מאָל אַ זאָג געטאָן: „אַזוי לאַנג עס זיינען קיין הייזער ניטאָ, וועט קיין טאָלק ניט זיין", דאָט אַנדריי אים געגומען פאַרזיכערן, אַז אין שאַלאַשן איז גוט, אַז די יאַטן זיינען גרייט איבערצוטראָגן אַלע שוועריקייטן. „דאָס איז גוט וואָס דו טראַכסט אַזוי — האָט אים מאַראָזאָוו ווייך אַ זאָג געטאָן — נאָר איך בין מעכויעוו צו דענ־קען אַנדערש".

— מעג איך? — גיט דרייסט אַ פרעג יעפּיפאַנאָוו.

ער נעמט ריידן וועגן דער זעלביקער זאַך — וועגן די שוועריקייטן. נאָר לויט אים, ווערן אַלע פראַגן געלייזט פּאָשעט. אין אים טראָגט זיך אַ יונגער, גוט געפלעגטער קויעך. און ער פאַראורטיילט קלאַרע קאַפּלאַן.

— איר, טייערע כּאָווערטע, האָט זיך נאָך ניט צוגעוווינט. דערפאַר זעען אייך אויס אַזוי שרעקלעך אונדזערע שאַלאַשלעך. און מיר זיינען אַרי־בער אין די שאַלאַשן ווי אין פּאַלאַצן. מיר האָבן עלעקטריע דורכגעפירט. און איצט האָבן מיר אַליין אַ הויז אויפגעבויט. און מיר וועלן נאָך בויען. נעמט אין אַכט, מיר האָבן אין די נעכט געבויט! וואָס דען זאָל מען טאָן אין די אָוונטן? ניין, טייערע כּאָווערטע, אונדז איז טייערער ווי אַלץ דער זאַוואָד.

קלאַווע הייבט רויק אויף די האַנט און בעט אַ וואָרט. ווערנער באַ־טראַכט גייגעריק די קאָמיוגיסטקע, וואָס צו זיין ביזאַיען קען ער זי ניט. מיט וואָס צייכנט זי זיך אויס?

— יעפּיפאַנאָוו האָט זייער ריכטיק געזאָגט — ווערט קלאַווע רויטלעך אָפן פּאָנעם — אונדזערע יאַטן טראַכטן אין כּאַלעם און אָף דער וואָר נאָר וועגן דעם זאַוואָד. אין דעם ליגט דער זין פון דעם אַלעמען. וויאַזוי־זשע וויל די כּאָווערטע פאַרלאַנגזאַמערן מיט דעם זאַוואָד? דאָס טאָר מען דאָך ניט! מיר וועלן זיך אַליין קיינמאָל ניט מויכל זיין, אויב מיר וועלן זיך כאָטש אָף איין וואָך פאַרהאַלטן...

ווערנער כאַפּט אַרויס פון אירע רייד איין פראַזע: „אין דעם ליגט דער זין פון דעם אַלעמען". זי האָט דאָס געזאָגט אַזוי פּאָשעט, אַזוי האַרציק, מיט אַזאַ ליבער באַשיידנקייט. יאָ, קלאַרע קאַפּלאַן האָט אַ כּוש פאַר מענטשן.

פֿאַרוואָס־זשע האָט זי ביז דעמאָלט ניט פֿאַרשטאַנען, ניט דערפֿילט גראַנאַ־טאָוון, זײַן נערוועזשע, אַסקעטישע מעסירעס־נעפֿעש? זעט זי דען ניט וואָס פֿאַר אַן אויסגעצייכנטער, טיפֿער, קרענקלעך פֿילבאַרער מענטש ער איז?

— זעט איר שוין! — שרײַט אויס קלאַראַ — זעט איר שוין סאַראַ קאָמיוגיסטן איר האָט? איך האָב פֿון זיי עפּעס אַנדערש ניט דערוואַרט. נאָר טאַקע דערפֿאַר איז אונדזער אויפֿגאַבע זיי אײַנצוהיטן! באַטראַכט אײַך נאָר — עס גייט צו ווינטער. וועט איר זיי טאַקע איבערלאָזן אין די שאַלאַשן?

ווערנער רײַסט זיך אָפּ פֿון זײַנע מאַכשאָווועס. מען דאַרף באַשליסן. ער טראַכט פֿון דעם נאָך פֿון אינדערפֿרי. און דאָך ווייס ער ניט וואָס צו זאָגן. אים שרעקט דער געדאַנק פֿון אונטערשרײַבן דעם באַפֿעל: „פּונקט 15טן אָפּשטעלן דעם בוי פֿון אינדוסטריעלע אָביעקטן"... צוויי כאַדאָשים ווױ־נונגס־בויונג — איז אַ גרויסע זאַך.

— איך נעם מיך ניט אונטער די פֿראַגע צו לייזן פּאָליטיש, — זאָגט סערגיי וויקענטיעוויטש — נאָר נעמט אין אַכט, די אַרבעטס־קראַפֿט איז איצט אין אַ גרויסן פּראָצענט פֿאַרנומען מיט קאָרטשעווען און באַדן־אַרבעט. וועלן מיר זיי אַלע אַ וואָרף טאָן אַף וווינונגס־בוי, איז ווו־זשע וועלן מיר נעמען געהילץ? דערצו נאָך איז באַ מיר אַזאַ פֿראַגע: מיר האָבן געוואַרט אַף אַן אַרכיטעקטאָר מיט דער זיכערקייט, אַז דער פּלאַן פֿון דער שטאָט וועט אונדז געבן די מעגלעכקייט צו בויען ראַציאָנעל, פֿון אָנהייב אָן, אַף לאַנג. האָט איר אַזאַ פּלאַן? אין וואָס פֿאַר אַ שײַכעס מיט דעם אַלגעמיינעם פּלאַן איז אײַער איצטיקער פֿאַרשלאַג? צי איז עס ניט פּרימיטיוו באַלמעלאָכיש, צו פֿאַרנעמען דאָס פּלאַץ מיט צײַטווײַליקע שטיבלעך?

ווערנער הערט זיך אײַן. ער האָט ליב און אַ ביסל פֿײַנט זײַן הויפּט־אינזשעניער. ער איז ווייך און צעשוווּמען, נאָר ער ווייס און איז זאַכלעך. ווערנער שאַצט זאַכלעכקייט און איז אַליין זאַכלעך און טרוקן. דערפֿאַר עפּ־שער ציט אים אַזוי צו זיך גראַנאַטאָווס נערוועזשע אויפֿגעהויבנקייט און פֿילבאַרקייט. ער אַליין איז ניט פֿעיִק צו באַשליסן זאַכן מיט דעם געפֿיל אָנשטאָט מיטן סייכל.

דער הויפּט־אינזשעניער האָט אים געגעבן דעם פֿאָדעם — די צוקונפֿ־טיקע שטאָט. ווערנער נעמט דעם פֿאָדעם און צעוויקלט אים פֿאַר קלאַראַן און פֿאַר די באַטייליקטע אין דער באַראַטונג. די שטאָט דאַרף מען בויען ווי־געהעריק, אָן איבערפּלאַנירונגען: קוואַרטאַלן מיט סאָציאַליסטישע הײַזער, טעאַטערס, פּאַרקן, בולוואַרן, קראָמען.

— באַטראַכט אײַך, כאַווערטע קלאַראַ. איר האָט דאָך שוין מיסטאָמע אײַער אַרכיטעקטאָרישן געדאַנק? אַ שעפֿערישן געדאַנק?

איר טוט האַנאָע וואָס ער טאַפּט באַ איר אָן אַ געדאַנק, וועגן וועלכן זי שעמט זיך נאָך אַליין צו ריידן.

— און מיטאַמאָל קומען מיר און מיר לייפֿען אָן ביליקע, גראָבע שטיב־לעך. ניין, בויען דאַרף מען גרויסע עמעסע הײַזער, און דערווײַל שאַלאַשן, צײַטווײַליקע באַראַקן. ס'איז אויך קיין שאָד ניט זיי אַראָפּצוטראָגן.

גראַנאַטאָוו זאָגט:

— מען דאַרף צולײַדן אַ ביסל. פֿרעגט אַ ליאַדע קאָמיוגיסט צי איז ער ניט גרייט אַ קורצן טערמין צו לײַדן אין שלעכטע באַדינגונגען, קעדיי דער־נאָך צו וווינען אין אַן עמעסער קולטורעלער שטאָט און אַרבעטן אַף אַן ערשט־קלאַסיקן קולטורעלן זאַוואָד?

— ס׳איז אַ פֿאַקט, מיר זײַנען גרייט! — איז מאַסקים יעפּיפֿאַנאָוו.

— צי דען קלאָגן מיר זיך איצט? — רופֿט אויס קלאַוואַ.

מאַראָזאָוו רוקט זיך אַרויס מער אַף פֿאָרנט און גיט אַ פֿרעג גראַנאַ־טאָוון פּאָנעם־על־פּאָנעם:

— מיינט איר ערנסט, כאַווער גראַנאַטאָוו, אַז מיר וועלן אַזוי גיך אויפֿבויען אי דעם זאַוואָד און אי די שטאָט?

— נו, אַוואַדע! — ענטפֿערט גראַנאַטאָוו. און נאָך אַ ווײַלע שווײַגן, האָט ער אויך אַזוי אָפֿן הויכן קאָל און פּאָנעם־על־פּאָנעם אים אַ פֿרעג געטאָן:

— און איר מיינט ערנסט, כאַווער מאַראָזאָוו, אַז באָלשעוויסטישע טעמפּן צייכענען זיך ניט אויס פֿון קיין געוויינלעכע?

מאַראָזאָוו גיט פֿאַרדראָסיק אַ מאַך מיט דער האַנט און ענטפֿערט ניט.

קלאַרא קאַפּלאַן נעמט ריידן שטאַרק אויפֿגערעגט:

— דאָס איז ניט ערנסט, אָט דער שמועס איבער אָפּאָרטוניזם! צי דען שלאָגט עמעצער פֿאָר אַראָפּזעצן די טעמפּן? מען מוז פֿאַרגרייטן די וווי־נונגען, קעדיי וואָס גיכער זיך אַ רײַס צו טאָן פֿאָרויס. יאָ, איך האָב מײַן פּלאַן, מײַן געדאַנק. נאָר לאָמיר ריידן גלײַך — שטאָטישע הײַזער בויען איז נאָך פֿרי. ניטאָ קיין מאַטעריאַל, ניטאָ קיין מעכאַניזאַציע, אַ סאַך זאַכן זײַנען ניטאָ. איך שלאָג פֿאָר אַ קוואַרטאַל־צוויי צײַטווײַליקע הײַזער. זיי וועלן אָפּשטיין פֿינף יאָר, עפּשער צען. אַלצאיינס, מיטאָמאָל וועט איר די גאַנצע שטאָט ניט אויפֿבויען. עס גייט ווינטער — ווי קען מען עקאָנאָמיזירן אַף וווינונגען, אַף דעם געזונט פֿון די מענטשן? און אַז מיר וועלן פֿאַטערן די קאַדרן, וואָס וועלן מיר דעמאָלט טאָן? דאָס איז דאָך אומזין! דאָס איז אַן עקאָנאָמיע, וואָס איר צווייטע זײַט איז ווילדע, נאַרישע, פֿאַרברעכערישע אויסברענגערײַ.

קרוגלאָוו ווייסט אַז ער דאַרף זיך אַרויסזאָגן. זײַן שווײַגן האָט זיך אָנגעהויבן מערקן. נאָר ער קען ניט, ער דערוועגט זיך ניט ריידן, ווײַל ער האָט ניט די קלאָרע און ריכטיקע לייזונג. זײַן מיינונג קען ער זאָגן, נאָר צי דען האָט ער אַ רעכט ריידן נאָר פֿאַר זיך? ער איז דער פֿירער פֿון דער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע.

— און דײַן מיינונג, קרוגלאָוו? — רופֿט אים אַרויס מאַראָזאָוו.

— יאָ, יאָ, לאָמיר אויסהערן קרוגלאָוון! — זאָגט גראַנאַטאָוו און מונטערט אים אויף מיט אַ ווינק.

קלאַרא קאַפּלאַן לייגט צו אירע קאַלטע דלאָניעס צו די הייסע באַקן און קוקט אַף קרוגלאָוון מיט האָפֿענונג און אומרו.

ער לאָזט אַראָפּ די אויגן, קוקט ניט אַף קיינעם און זאָגט:

מײַן פּערזענלעכע מיינונג איז אַזאַ אַז איך בין גרייט איבערצוטראָגן אַלץ וואָס מען וויל. נאָר איך האַלט, אַז כאַווערטע קאַפּלאַן איז אין אַ סאַך זאַכן גערעכט. וועגן דעם האָט דאָך גערעדט מאַראָזאָוו נאָך מיט אַ כוידעש צוריק. מיר זאָרגן ווייניק פֿאַר די מענטשן. קלאַוואַ איז אַף אַלץ גרייט, נאָר קלאַוואַ, שוין איצט האָסטו אַ פֿלעווריט און פֿאָרויס גייט אַ קאַלטער ווינטער. און ווײַטער, צו וואָס לייקענען, ניט אַלע אונדזערע יאַטן זײַנען אַלצאיינס באַוווסטזיניק. מיט דער באַשפּײַזונג איז ביז איצט ניט גוט. די לאָדונגען גייען, נאָר ווו זײַנען זיי? דערווײַל זײַנען זיי ניטאָ!

— איז וואָס־זשע שלאָגסטו פֿאָר? — רײַסט אים איבער גראַנאַטאָוו — אָפּשטעלן די אינדוסטריע־בויונג?

קרוגלאָוו וואַרפט זיך אָפּ אַ דערשראָקענער:

— ניין, ניין! בעשום אויפן ניט!

— וואָס־זשע דען? — שטייט צו גראַנאַטאָוו.

קרוגלאָוו האָט נאָך ניט דעם פאָרשלאָג. נאָר ער ווערט געבוירן אָפּן אָרט, מיטאָמאָל, אונטער דעם קרייך־פּײַער פון גראַנאַטאָווס און קלאַראַ קאַפּ־לאַנס בליקן.

— איך לייג פאָר ניט אָפּצושוואַכן די בוידונג, נאָר העלפן די קאָמיר־גיסטן אויסער דער אַרבעטס־צײַט בויען הײַזער. מיר דאַרפן ניט קיין נאָכ־לאָזונגען. מיר דאַרפן די אינזשעניערן זאָלן אָנפירן, מען זאָל אונדז געבן מאַטעריאַלן און פערד זיי צוצופירן, די געווערקשאַפטן זאָלן אָננעמען אונ־דזערע באַשטעלונגען. עס וועלן אונדז קלעקן קויכעס אָף אויסצובויען הײַזער אויסער דער אַרבעטס־צײַט. זאָג איך ריכטיק, יאַטן?

קלאַוואַ און יעפּיפאַנאָוו שטיצן אים: „ריכטיק, ריכטיק!"

קלאַראַ קאַפּלאַן בײַסט די ליפּן.

גראַנאַטאָוו פּאַטשט די קאָמיוגיסטן אין פּלייצע, ער פרייט זיך: מיט אַזעלכע בראַווע יאַטן וועלן מיר בערג איבערקערן!

מאַראַזאָוו הייבט זיך אויף, גייט אַרויס אָפּן מיטן צימער, אָנגעשפּאַרט אָף אַ שטעקן. ער שטייט אַן אומגעלומפּערטער, אַ ניט געראָזירטער מיט אַ גרויען און בייזן פּאָנעם.

— אָט וואָס, — רופט ער זיך אָן אַ פּאַרצאָרנטער — די קאָמיוגיסטן זײַנען גערעכט. וואָלטן זיי געדענקט אַנדערש, וואָלטן זיי געווען שלעכטע קאָמיוגיסטן. אַ שלעכטער קעמפער איז דער וואָס איז ניט גרייט צו שטאַרבן פאַר זײַן סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד! נאָר שלעכט איז אויך דער קאָמאַנדיר, וואָס פירט אָן שום גויט זײַנע קעמפער אָף טויט, וואָס דאָס לעבן פון יעדן קעמפער איז בײַ אים ניט טײַער. און כאַווער גראַנאַטאָוו פאַרגעסט אַז פון אים פאָדערט זיך דענקען ווי אַ קאָמאַנדיר. אָט אין וואָס עס באַשטייט דײַן טאָעס, טײַערער גראַנאַטאָוו. מיר, קאָמאַנדירן, זײַנען מעכויעוו אײַנצוהיטן יעדן קאָמיוגיסט און גוט צוצוגרייטן די אַטאַקע, איידער מען אַטאַקירט. אַן אַטאַקע אָן צוגרייטונג איז אַ דורכפּאַל. איך לייג פאָר אין גרונט אָננעמען דעם פאָרשלאָג פון כאַווערטע קאַפּלאַן און צײַטווײַליק אַראָפּנעמען פון דער בוידונג אַזאַ צאָל אַרבעטס־קראַפט, וואָס מען קען אויסנוצן אָף ווױנונגס־בוי באַ דער איצטיקער מעכטיקייט פונעם געהילך־זאַוואָד.

ווערנער נייגט צו דעם קאָפּ אַז ער איז מאַסקים.

ער פירט אונטער די סאַכאַקלען אַ רויקער און אַ הערשערישער.

— איך נעם אָן דעם באַשלוס: די טעמפּן אָפּשוואַכן וועלן מיר ניט. סערגיי וויקענטיעוויטש וועט קלאָר מאַכן אין וואָסערער מאָס קען דער גע־הילך־זאַוואָד צושטעלן זעג־מאַטעריאַלן. כאַווערטע קאַפּלאַן וועט פונאַנדער־אַרבעטן אַ טיפּישן פּראָיעקט פאַר אַ וווין־הויז פון לײַכטערן טיפּ. דער כאַווער גראַנאַטאָוו וועט צואײַלן די בוידונג פונעם ציגל־זאַוואָד. איך נעם אָף זיך מיטצווירקן די אויסערצײַט־בוידונג. דאָס וועט סטימולירן באָלשעוויסטישע טעמפּן און וועט מעגלעך, לויט די רעזולטאַטן, דעקן דעם איצטיקן אויסגאָב. איך האָף אַז מיר וועלן זיך באַווײַזן אַלס גוטע קאָמאַנדירן, כאַווער מאַראָזאָוו. און קעמפער האָבן מיר בעעמעס גוטע, אַרײַנגערעכנט אויך די קעמפער־מיידלעך, כאַווערטע קלאַוואַ.

אַזוי, האַלב אין שפּאָס, פאַרענדיקט ווערנער די באַראַטונג. און נאָך

ליגט אַף זײַן פּאָנעם דער פֿרײַנטלעכער שמייכל, ווי ער גיט שוין אַ קוק אַפֿן זייגער און שטייט אויף.

די קאָמיוגיסטן גייען אַוועק מיט מאַראָזאָוון.

— איך האָב ניט אינגאַנצן פֿאַרשטאַנען ווערנערן, — זאָגט קרוגלאָוו — עס קומט בײַ אים אַרויס אייגנציטיק אי „יאָ" און אי „ניין".

— ווילסטו זײַן אַ דיפּלאָמאַט, — ענטפֿערט מאַראָזאָוו — לערן זיך בײַ ווערנערן. ווערסט דיך אַלע סובטעלקייטן אויסלערנען.

— און ווי מיר דוכט זיך, איז ווערנער אַזאַ אַנטשלאָסענער, — זאָגט קלאַוואַ — ער זאָגט: איך נעם אַן אַ באַשלוס — און פֿאַרענדיקט.

— אַפֿן קאָמאַנדירישן אויפֿן, — גיט צו יעפּיפֿאַנאָוו — ער האָט ליב אָרדענונג!

מאַראָזאָוו טרעט שווער, שפּאַרט זיך אָן אַפֿן שטעקן, ווען ניט ווען גיט ער אַ וואָרטשע אונטער דער נאָז, אַזוי אַז די קאָמיוגיסטן איז ניט פֿאַר־שטענדלעך אַקעגן וואָס ער זאָגט עס:

— אַ קאָמאַנדיריש קאָל קען אַמאָל דיקטירן אַ ניט ריכטיקן באַשלוס — זאָגט ער און געזעגנט זיך. דאָס קאָל מאַכט נאָך ניט דעם קאָמאַנדיר.

קלאַראַ קאַפּלאַן בלײַבט אינעם קאַבינעט קעדיי זיך דורכצורעדן מיט ווערנערן. נאָר גראַנאַטאָוו בלײַבט אויך און קלאַפּט אומגעדולדיק מיט די פֿינגער, ער וואַרט זי זאָל אַוועקגיין.

— קומט אַרײַן צו מיר איבערמאָרגן מיט דעם פּלאַן און מיט מיינונגען פֿון קאָנקרעטן כאַראַקטער — זאָגט איר ווערנער העפֿלעך נאָר טרוקן.

קלאַראַ דרייט זיך אויס און לויפֿט קימאַט אַרויס פֿונעם קאַבינעט. „נו, אַז גראַנאַטאָוו איז אַ היסטערישער מענטש, דאָס איז קלאָר. נאָר ווערנער? וואָס איז ווערנער?..."

און ווערנער מיט גראַנאַטאָוון פֿאָרשן זיך איינער דעם צווייטן מיט די בליקן. איבער גראַנאַטאָווס פּאָנעם לויפֿט דורך אַ צוק. ער ווענדט אָפּ דעם בליק און זאָגט:

— דו זײַ מיר מוחל, געאָרגי עדואַרדאָוויטש, נאָר דאָס האָב איך ניט דערוואַרט. דו ביסט אַ גענוג זעלבשטענדיקער טוער און פֿעסטער באָלשעוויק — פֿאַרוואָס האָסטו דיך אויפֿגעזעצט צו מאַראָזאָוון אַף דער פֿור און צו דער באַרעמהאַרציקער באַרישניע?

ווערנער שטעלט זיך אָן און טאַקט אָפּ:

— איך האָב געטאָן אַזוי ווי איך האַלט פֿאַר ריכטיק.

— אָט דאָס שרעקט דאָך מיך — כאַפּט אונטער גראַנאַטאָוו און זײַנע פֿינגער נעמען פֿײַקלען אַפֿן טיש, און אַ נערוועזער ציטער לויפֿט אים אָן אויפֿהער איבער דער באַק, — אָט דאָס איז דאָך שרעקלעך. דאָס געהילך — אַף ווינונגען, די ציגל — אַף ווינונגען, אַרבעטער — אַף ווינונגען... און מיר האָבן קיין רעכט ניט אַוועקצונעמען פֿאַר ווינונגען אַפֿילע אייך אַרבעטער!

ער שפּאַצירט זיך דורך איבערן קאַבינעט און וואַרפֿט צו איראָניש.

— אויך אַף דיר, קעגנטיק, ווירקן די שוועריקייטן! — און ער גייט אַרויס.

ווערנער לאָזט זיך אים נאָכגיין, נאָר ער רופֿט אים ניט און פֿאַרשפּאַרט

זיך באַ זיך אינעם קאַבינעט. ער האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, נאָר ער איז ניט זיכער אין זײַן ריכטיקייט. „פּאַניק... עס ווירקן די שוועריקייטן... מיר צעפּאַטערן די קאַדרן... זײַן אַ גוטער קאָמאַנדיר... ווער איז גערעכט?"

## IV

מאַאַמי און קילטו שמועסן מיט מאַראַזאַוון.

— יאָ, יאָ, פיש גיך גיי, — זאָגט קילטו — איין וואָך גיי, צוויי וואָכן גיי. דערנאָך ניט גיי.

— פּאַק לייגט אונדז פאַר אָרגאַניזירן פאַר אונדז אַ פיש־פאַנג־באַזע — זאָגט מאַראַזאַוו — ווי מיינסטו, קילטו, און דו, מאַאַמי, קען מען האָבן צוטרוי צו פּאַקן?

— ניין — וויגט מאַאַמי מיטן קאָפּ.

— ער איז אַ גוטער פישער — זאָגט קילטו — נאָך אים דאַרף מען קוקט. אַ ביסל ניט קוק — געגאַנוועט.

— ער וועט גאַנוועגען?

קילטו לאַכט, באַשטעטיקט און גיט צו:

— געלט ליב.

און זאָגט ווידער:

— פּאַק גוטער פישער. אַ סאַך פיש כאַפּ. און געלט ליב.

— דאָס איז ניט שרעקלעך פאַר אונדז, זאָל ער ליב האָבן, — זאָגט מאַראַזאַוו — פאַר אונדז איז וויכטיק דער פישער זאָל זײַן אַ גוטער און פיש וואָס מער. מירן שוין אַכטונג געבן אויף אים. און נאָך אַ זאַך איז גוט. מירן אים איבערפירן אויף דער פיש־באַזע, וועט זיך זײַן סאַראַי פאַרמאַכן. זאָל ער כאַפּן פיש. ריכטיק?

— ריכטיק, ריכטיק — זאָגט קילטו.

— מיר האָבן געשיקט קאַסימאַוון קויפן נעצן, — דערציילט מאַראַזאַוו.

— קאַסימאַוו וועט זײַן נאַטשאַלניק, און פּאַק — זײַן געהילף. גוט?

— קאַסימאַוו גוט — ענטפערט מאַאַמי אויסמײַדנדיק.

— און איר וועט גיין אַרבעטן אויפן פיש־פאַנג?

קילטו שאָקלט מיטן קאָפּ.

— ניין, ניין — איז מאַאַמי דערשראָקן — מײַנע מאַנטיאַר, מאַנטיאַר.

זיי געמען זיך אָן באַ די הענט און גייען אַוועק. זיי גייען מיט דעם ברעג אַמור און שמועסן שטיל צווישן זיך. זיי זײַנען גליקלעך. זיי האָבן זיך ליב און זיי ווילן צוזאַמען. נאָר אַ נאָך גרעסער גליק זײַנען די ברייטע לעבנס־האָריזאָנטן, וואָס אַנטפּלעקן זיך פאַר זיי ביידן. מאַאַמי קלערט ניט וועגן דעם וואָס איר איז טײַערער, נאָר ווען קילטו זאָל זי וועלן אָפּרײַסן פון די דראָטן, ראָלן און לעמפּלעך, וואָלט זי ניט נאָכגעגאַנגען קילטון. דאָס וואָרט „מאַנטיאַר" פילט זי אָן מיט אַ נאָך קיינמאָל ניט געפילטן שטאָלץ און מיט דעם געפיל פון איר זעלבשטענדיקייט און כשיוועס.

פון דער טײַך־פינצטערניש שווימט צו אַ שיפל.

דאָס שיפל קומט צו צום ברעג.

אַ הויכער מענטש אין אַ זעלנער־קאַרטוז שפרינגט אַרויס אויפן זאַמד, ער קוקט זיך אום און שפּאַנט אַרויף צו די סאַראַיעס.

קילטו און מאַאַמי שטייען און קוקן אויפן שוואַרצן סילועט. אַזאַ מענטש

איז נאָך דאָ ניט געווען. אויך דאָס שיפל איז אַ פרעמדס, אַ נאַנייִש שיפל, מיט אַ פלאַכן דעק.

— אַ פרעמדער מענטש — מורמלט מאַמי.

דער מענטש קלעטערט אַרויף איבערן שאַרפן אַראָפּגאַנג און פאַרשווינדט צווישן די סאַראַיעס.

זיי הערן אַ פאָרזיכטיקן אָנקלאַפּן. דער מענטש קלאַפּט אָן דרײַ מאָל מיט אַן אײַנגעבויגענעם פינגער.

די טיר גיט אַ סקריפּע.

אַ געשעפּטש.

ווידער אַ סקריפּ מיט דער טיר.

און שטיל.

מאַמי און קילטו גייען אַרום דעם סאַראַי. אין קיין איינעם פון די סאַראַיעס איז ניטאָ קיין פײַער. אין קיין איינעם פון די סאַראַיעס הערט זיך קיין קאָל ניט.

און מיטאַמאָל צעעפנט זיך אָקעגן זיי די טיר.

מאַמי און קילטו רוקן זיך בײַ דער וואַנט.

דער פרעמדער מענטש געזעגנט זיך מיט פּאַקן. ער לאָזט זיך אַראָפּ איבערן אַראָפּגאַנג מיט אַ שטילן יעגערישן טראָט און שטופּט אַרײַן דאָס שיפל אין וואַסער. ער שפּרינגט אַרײַן דערין, נעמט טייקעף רודערן און פאַרשווינדט אין דער פינצטער.

פּאַק שטייט באַם ברעג ביז דאָס שיפל פאַרשווינדט. ער גיט אַ גענעץ און גייט אַרײַן צו זיך. קילטו און מאַמי שטייען בײַ דער וואַנט און פּאַק באַמערקט זיי ניט.

— פאַראַמאַנאָוו — האָט קילטו אַ שעפּטשע געטאָן.

— ער האָט אונדז ניט באַמערקט — שעפּטשעט מאַמי.

און זיי לויפן אַהיים קיינער זאָל זיי ניט זען.

זיי האָבן נאָך אַלץ מוירע מען זאָל זיי ניט פאַרפאָלגן פון זייער ווײַטן האַלב־פאַרגעסענעם יישעוו.

V

טאַניאַ קורירט סיאָמאַן, זי קורירט אַנדערע כוילאָים און אומבאַמערקט קורירט זי זיך אַליין.

אין דעם צושטאַנד פון פאַרביטערטקייט און שטאָלצער איינזאַמקייט, אין וועלכער זי האָט זיך געפונען, האָבן פרעמדע לײַדן געווירקט אויף איר צום גוטן, האָבן זי ווייך געמאַכט און צעשטרײַט פון אירע אינעווייניקסטע פאַרבאָרגענע איבערלעבענישן.

זי פאַרשטייט איצט צום ערשטן מאָל וואָס אַזוינס איז ליבע און מיטגעפיל. דער קליינינקער, אומבאַמערקטער און עטוואָס טשיקאַווער סיאָמאַ אַלטשולער ציט צו די זאָרגעוודיקע אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער בויאונג. ווויהין טאַניאַ קומט פרעגט מען זיך בײַ איר אויף סיאָמאַ אַלטשולער. אין שפּיטאָל קומען דעלעגאַציעס פון די אָפּטיילן זיך אָנצופרעגן וועגן דעם געזונט פון סיאָמאַן. קלאַראַ קאַפּלאַן, דער אַרכיטעקטאָר, איז צוויי מאָל געקומען אים וויזיטירן און זאָגט טאַניאַן:

— קוקט אים גוט צו. אים געזונט מאַכן, איז זייער וויכטיק!

אָפּט קומט אַרײַן מאַראָזאָוו. ער טיילט ניט אויס סיאָמאַן — ער באַמערקט אַלעמען, מיט יעדן שמועסט ער, ער מוטיקט די שווער־קראַנקע, כויזעקט ווייך פֿון די פּאַרטרויערטע, דערציילט נײַסן. מיט סיאָמאַן שמועסט ער ניט מער ווי מיט אַנדערע. נאָר איין מאָל, פֿאַרן אַוועקגיין, נעמט ער אָן טאָניאַן פֿאַרן עלנבויגן און זאָגט איר:

— קוק זיך צו צו אים, וואַסיאָעוואַ. רייד מיט אים. עס וועט דיר אויך צו נוץ קומען. ווייסט, סאַראַ ניט געוויינלעכער מענטש ער איז?

טאָניאַ טראַכט דורך די נעכט — פֿאַרוואָס? מיט וואָס? עס גייט דאָך ניט דערין וואָס ער איז אַ שלאָגלער און אַ דערפֿינדער! זי איז דאָך אויך אַ שלאָגלערן... מיט וואָס רופֿט אַרויס צו זיך אַזויפֿיל ליבע און מיטגעפֿיל אָט דער קלייניקער, ניט אָנזעעוודיקער, עטוואָס קאָמישער יונגערמאַן?

זי קוקט זיך צו צו סיאָמאַן.

זי רעדט מיט אים.

אַליין דערפֿון ניט וויסנדיק, האָט ער פֿאַר איר אויפֿגעדעקט דעם סאָד פֿון פּאָשעטער מענטשלעכער וואַרעמקייט. אַליין אַ שווער קראַנקער, געפֿינט ער פֿאַר יעדן קראַנקן אַ פֿרײַנטלעך וואָרט. ער רעדט קיינעם ניט אײַן און אַגיטירט ניט, און זאָגט קיינעם גאָרנישט ניט צו — ער טאַפּט אָן אינעם מענטשן אַ פֿאַרבאָרגענע סטרונע און צווינגט איר קלינגען.

באַ סיאָמאַן לערנט זיך טאָניאַ דערקענען מענטשן.

איין מאָל האָבן זיי זיך צערעדט וועגן לילקאַן. סאַפּאָנאָוו זאָגט, אַז לילקאַ איז אַ נאַר.

— מיט וואָס איז זי אַ נאַר? — רופֿט זיך טייקעף אָפּ סיאָמאַ — לילקאַ ווייס ניט ווי זיך צו פֿירן. צי דען ווייסן אַלע ווי זיך צו פֿירן? און דו ווייסט? לילקאַ איז אַ האַרציקע. זי האָט אַ גוטע באַזע, נאָר פֿון אויבן איז אַ שליאַק. רייניק אָפּ דעם שליאַק, וועט זי ווערן גאָר אַן אַנדער מענטש.

אַ צווייטן מאָל צערעדט מען זיך וועגן קאָליאַ פּלאָט. קאָליאַ אַרבעט אויסגעצייכנט אַלס מײַסטער אינעם מעכאַנישן וואַרשטאָט.

— ניין, ער איז אַ טרוקענער — זאָגט סיאָמאַ — ער דאַרף נאָך אין אַ סאַך אײַנבונדן זײַן, איידער ער וועט ווערן אַ מענטש. ער האָט קיינעם ניט ליב אַ כוץ זיך.

סיאָמאַ זאָגט קיינמאָל ניט טאָניאַן, אַז ער האָט ליב מענטשן, נאָר גראָד באַ אים האָט טאָניאַ זיך אויסגעלערנט ליב האָבן מענטשן, און ליב האָבן ווי עס געהערט צו זײַן, אין זייער גאַנצער קאָמפּליצירטקייט און סטירעדיקייט. אַ שטרענגע ליבע איז עס, אָן טאָלעראַנץ און מעכילע, נאָר דורכגעדרונגען מיט אַקטיווקייט; באַקומט מען ליב מענטשן, ווילט זיך זיי העלפֿן לעבן, זיך פֿאַרפֿולקאָמען, קעמפֿן.

אַזאַ ליבע צו מענטשן, טאַפּט טאָניאַ אָן באַ מאָראָזאָוון. ער האָט ליב אויך זי און טראַכט פֿון איר. „קוק זיך צו, רייד... עס וועט דיר זײַן צום נוצן...‟ ער ווייס, הייסט עס, אַז איר איז שווער?

נאָר איר איז שוין איצט ניט אַזוי שווער.

אין אַן אָוונט, ווען די קראַנקע זײַנען געשלאָפֿן, און סיאָמאַ איז געלעגן אין אָוונטיקער פֿיבערדיקער אויפֿגעלעבטקייט, פֿרעגט אים פּלוצעם טאָניאַ:

— דו האָסט ליב קלאַוואַן, יאָ?

יענעם טאָג איז קלאַוואַ געקומען אין שפּיטאָל, און טאָניאַן האָט געפּײַ־

ניקט די פרייד מיט וועלכער די קראַנקע, אַן אויסנאַם, האָבן אויפגענומען קלאַוואַן.

סיאָמאַ איז ניט איבערראַשט. ער טראַכט אַפּילע אַ ביסל איידער ער ענטפערט:

— ניין, טאַניאַ, איך האָב זי ניט ליב. זי איז פֿאַר מיר ניט קיין פֿרוי, נאָר אַ כאָלעם, אַ טרוים, אַ זון־אויפגאַנג. מיר גלוסט זיך ווייִנען ווען איך זע זי טרויעריק. מיר ווערט דאָס האַרץ צעריסן ווען זי הוסט... איר האָט דאָך געהערט, טאַניאַ, ווי זי הוסט? נאָר ווען מען הייסט מיר אויסקלייַבן פֿאַר איר אַ כאָסן, וואָלט איך זי אַנגענומען פֿאַרן הענטל און וואָלט זי צוגעפֿירט צו אַנדריי קרוגלאַוון און וואָלט אים געזאָגט: „אַנדריי, דו ביסט צווישן אונדז דער בעסטער און דער שענסטער באָכער, נעם זי און היט זי — קיין בעסער מיידל וועסטו ניט געפֿינען".

ער גיט אַ ביטערן זיפֿץ.

— נאָר ער האָט אין זיך אַזאַ מין קראַץ, און איך ווייס ניט פֿאַרוואָס, טאַניאַ, אָט דער ראַסטאָוועער קראַץ געפֿעלט מיר ניט. איר האָט ניט באַמערקט, טאַניעטשקאַ, ווי גוטע מענטשן טרעפֿן אַן אַלערליי פּאַסקודסטוועס און ווערן אומגליקלעך? פֿאַרוואָס דאָס איז אַזוי ווייס איך ניט, נאָר גוטע מענטשן גליקט ניט אין ליבע. און איך בין זיכער אַז אָט דער קראַץ איז דאָרט עפּעס אַ גאַרניט וואָס דרייט זיך אַפֿן קאָרעק, און דאָ, לעבן אים, גייט פֿאַרלוירן אַ מיידל, וואָס וואָלט אים געקענט גליקלעך מאַכן און אַליין זייַן גליקלעך...

אַזוי אַז איר זעט, טאַניאַ, מען דאַרף ניט טראַכטן אַז איך האָב זי ליב, איך האָב ליב צו קוקן אַף איר, איך שפּיגל זיך אין איר — דאָס גאָר.

טאַניאַ פֿאַרטראַכט זיך אַף סיאָמאַס ווערטער. גוטע מענטשן גליקט ניט אין ליבע. זי קען ניט זיך אַליין באַטראַכטן פֿאַר אַ ניט גוטן מענטשן — און איר האָט ניט געגליקט.

— מיר האָט אויך ניט געגליקט — רופֿט זי זיך אָן.

סיאָמאַ איז דער ערשטער מענטש מיט וועמען זי אַנטשליסט זיך ריידן וועגן זיך.

— אייַך האָט ניט געגליקט, יאָ, — רעדט איבער סיאָמאַ און קוקט זיך אייַן אין איר — נו, טאַניעטשקאַ, עס וועט אייַך נאָך גליקן. איר זייַט ניט קלאַוואַ און ניט קרוגלאַוו. איר זייַט אַ שטאַרקע.

— און קרוגלאַוו איז דען ניט קיין שטאַרקער?

— ווי זאָל איך אייַך זאָגן... ער איז אַ מאַן, ער האָט כאַראַקטער... נאָר דאָס האַרץ באַ אים איז ניט געשיצט, אָפֿן, אַלץ איז אַף דרויסן. אַזוינע מענטשן איז שווער צו זייַן גליקלעך, וואָרעם אַז זיי טרעפֿן אַן אַף אַ ניט ווינשנעם מענטשן און ער דערזעט אָט דאָס האַרץ, דרייט ער מיט אים ווי ער וויל. און דאָס טויג ניט.

— און איך... בין ניט אַזאַ?

— איר זייַט ניט אַזאַ, טאַניאַ, ניין. איך האָב אַפּילע געהאַט אַ טראַכט געטאָן, אַז איר זייַט אַ שלעכטער מענטש. דערנאָך... זייַט ניט ברויגעז, טאַניעטשקאַ, נאָר איך זע אַלץ, אַזוינע אויגן באַ מיר... איך האָב געזען ווי איר האָט דעמאָלט געזונגען אינעם באַראַק, איר געדענקט, און אייַך איז דעמאָלט געווען זייער שווער אַפֿן האַרצן, נאָר איר האָט געזונגען פֿריילעכע לידער און איר האָט געלאַכט, און אַלע האָבן געמיינט, אַז איר זייַט פֿריילעך,

און אײַער גאַליציין האָט זיך פאַר קאָס די עלנבויגנס געביסן... ניין, טאָניאַ, אײַער האַרץ איז געשיצט, איר זײַט אַ פעסטע, איר וועט אײַך ניט נאָכגעבן.

— איך האָב זיך ניט נאָכגעגעבן — זאָגט טאָניאַ.

— איך ווייס ניט, טאָניאַ, וואָס באַ אײַך איז געווען. ס׳איז ניט מײַן זאַך, איבער וואָס איר זײַט אײַך פונאַנדערגעגאַנגען. נאָר דאָס איז גוט, טאָניעטשקאַ. סערגיי איז אַ לײַכטזיניקער מענטש. ניט קיין שלעכטער, נאָר גרינג אַף דער וואָג. לײַדן אַפילע קען ער ניט. און אַזוי, ווייסט איר, איז עס ניט קיין שטורעם־רעגן נאָר אַ סליאַקאָטע, ניט קיין רעווע, נאָר אַ פישטש פון אַ מײַזל.

— איך האָב אים שטאַרק ליב געהאַט — מורמלט טאָניאַ שעמעוודיק.

און איר ווערט גרינגער. דאָס צום ערשטן מאָל אַרויסגעבראַכטע געפיל איז ווי אָפּגערוקט; עס איז שוין ניט אירס.

— איך האָב עס פאַרשטאַנען, — זאָגט סיאָמאַ — איך האָב עס פאַר־שטאַנען ווען דו האָסט געזונגען און געלאַכט, און אָפן האַרצן באַ דיר איז געווען ניט גוט, — איך האָב דאָך געוווּסט, אַז ניט גוט. דו ביסט אַ גוטע, טאָניאַ, ס׳האַרץ איז באַ דיר געשיצט, דו קענסט לעבן און דו וועסט לעבן.

ער האָט זיך פאַרהאַקט. דאָס פּאָנעם איז באַ אים געוואָרן בלייך און אָנגעשטרענגט. דאָס וואָרט „לעבן" — דאָס געווײנלעכע, אָפט אַרויסגע־רעדטע וואָרט — האָט פאַר אים באַקומען אַ באַזונדערע אַלץ אַרומנעמענ־דיקע באַדײַטונג.

— און איך וואָלט אויך געלעבט... — פאַרענדיקט ער מיט פאַר־דראָס — נאָר אָט זעסטו דאָך...

ער בלײַבט שטיל. טאָניאַ זוכט ווערטער פון דערמוטיקונג. נאָר ער גע־פינט זיי אַליין. אין זײַנע ברייט־צעעפנטע שוואַרצאַפּלען פלאַמט אויף אַ ניט אויסלעשלעכע לײַדנשאַפט.

— ניין, ניין, טאָניאַ, איך וועל לעבן! איך וועל מיך ניט לאָזן פאַר־דרייען. וואָס? דו מיינסט עפשער, דאָקטוירים? ניין, עס גייט ניט אין דאָקטוירים, מען דאַרף וועלן לעבן... אַזוי לאַנג אין מיר שלאָגט דאָס האַרץ, אַזוי לאַנג דער מויעך אַרבעט, אַזוי לאַנג איך האָב נערוון, וועל איך קעמפן פאַר לעבן און וועל ניט דערלאָזן! איך וועל ניט דערלאָזן!

טאָניאַ בייגט זיך צו צו אים, אין איר אומבאַוווּסטזיניקן דראַנג צו ליבע.

— איך וועל אויך ניט דערלאָזן, סיאָמאַ! איך וועל דיך ראַטעווען...

סיאָמאַ שלעפּט אַרויס די האַנט פון אונטער דער קאָלדרע און ציט צו צו זיך טאָניאַס אַ פינגער. זי פאַרשטייט ניט וואָס ער וויל. צום סאָף כאַפּט זי זיך: מען דאַרף אַרויפלייגן די דלאָניע אַף זײַן הייסן שטערן.

— אָט אַזוי, — זאָגט ער און פאַרמאַכט די אויגן — אָט אַזוי... ווער ווייס, טאָניאַ, דער גוירל האָט אונדז עפשער ניט גלאָט אַזוי צונויפגע־פירט, און אונדז וועט נאָך גוט זײַן. קען דאָס זײַן, טאָניאַ?

זי ענטפערט אַף טראַף:

— אַוודאי קען זײַן. וועסט זען, ס׳וועט אַלץ זײַן גוט.

ער עפנט די אויגן און צעשמייכלט זיך. אַ מאָדנער שמייכל איז עס: אי קלוג, אי שפּאָטיש, ווי ער וואָלט געזען אַזוינס וואָס איז ניט באַגרײַפלעך פאַר אַנדערע מענטשן, וואָס שאַצן ניט אָפּ ביזן סאָף דעם באַגריף „לעבן".

— וואָס איז מיט דיר, סיאָמאַ?

— גאָרניט, — ענטפערט ער אַלץ מיט דעם זעלביקן שמייכל — צײַט

שלאָפֿן, טאָניאַ, די אויגן באַ דיר זײַנען ביז גאָר מיד. און דאָס לעבן פֿאָרויס איז גרויס, און דו ווייסט וויפֿל קויכעס מיר וועלן נאָך באַדאַרפֿן!

פֿון דעם אָוונט אָן איז סיאָמאַ געוואָרן דער טײַערסטער און נייטיקסטער מענטש פֿאַר טאָניאַן. ער איז אַ פֿרײַנט. זי האָט ניט מוירע אויפֿצודעקן פֿאַר אים די פֿאַרבאָרגנסטע געדאַנקען אירע. זי זאָגט אַרויס דאָס וואָס איז אָנגעווייטיקט און דאָס וואָס איז אומקלאָר, וואָס עס טרוימט זיך דורך די נעכט. און סיאָמאַ הערט גוט אויס און דערנאָך רעדט ער, ער רעדט און זאָגט אַרויס זײַנע טעאָריעס און באַטראַכטונגען, און זײַנע אייצעס. טאָניאַ ווערט ניט פֿאַרמאַטערט פֿון זײַן ריידן אַ סאַך... זי געפֿינט שטענדיק אויס אין זײַנע רייד פֿרישע און נײַע געדאַנקען.

אָט די געדאַנקען באַנײַען זי. סיאָמאַ פֿלאַנצט אין איר אײַן אײַנגעטראַכטע באַציִונג, פֿרײַ פֿון יעדער איבערגעאײַלטקייט, צו מענטשן און געשעענישן. עס איז פֿאַרשוווּנדן באַ איר די פֿאַרביסנקייט, ווײַל סיאָמאַ האָט אין איר דערוועקט אַ טיפֿע מענטשלעכע וואַרעמקייט, וואָס לאָזט קיין אָרט ניט פֿאַר קליינלעכע פֿאַרדראָסן. זי היילט זיך אויס — ניט פֿון ליבע, ניין! די ליבע וואָלט אַזוי אויך אַוועק! — זי היילט זיך אויס פֿון אַ טיפֿן גײַסטיקן קריזיס.

סיאָמאַ שעצט זי און רופֿט זי אָן גוטער, האַרציקער מענטש, און גראָד דערפֿון פֿאַרשטייט זיך, אַז ביז איצט איז זי ניט געווען ניט קיין גוטע און ניט קיין האַרציקע. ווען עס גייט עס אָן וואָס זי האָט געטראַכט, וואָס זי האָט געוואָלט! ביז איצט האָט זי ניט געקענט צום לעבן ברענגען אירע גוטע אימפּולסן, זי האָט ניט געקענט איבערגעבן אירע געפֿילן צו אַנדערע, צוציִען אַנדערע...

זי שעצט סיאָמאַס ווירקונג און כאַפּט זיך ניט אַז זי אַליין מוז איבערקרענקען און זיך ענדערן, קעדיי אים צו באַגרײַפֿן.

— האָסט באַמערקט, סיאָמאַ, די יאַטן האָבן מיך ניט ליב? — קלאָגט זי זיך איין מאָל.

— דאָס הענגט אָפּ פֿון דיר, — זאָגט סיאָמאַ — קוק אָף די יאַטן וואָס פֿאָשעטער, וואָס צערטלעכער. זיי האָבן דאָך ניט קיין פֿאַמיליעס, ניט קיין מיידלעך. און דו האַלטסט זיך גרויס. האַלטסט דיך אָפּ פֿון אַ שמייכל צו טאָן...

טאָניאַ האָט זיך צעלאַכט. ניין, זי האַלט זיך ניט אָפּ פֿון שמייכלען, זי קען פֿאָשעט ניט. און ווער ווייס פֿאַרוואָס גראָד איצט, ווען עס טונקלט איר אין די אויגן פֿון מידקייט, און עס איז, דוכט זיך, קיין שום גרונט ניטאָ פֿאַר פֿרייד, — פֿאַרוואָס גראָד איצט קומען אויף אין איר נײַע זאַפֿטן און עס איז אַזוי נאַטירלעך שמייכלען צו מענטשן?

VI

סערגיי גאָליצין כאַפּט זיך אויף דורך דער נאַכט גאַנץ אָפּט פֿון אַ שטויס און אַלץ וואָס מיט אים פּאַסירט שטעלט זיך אים פֿאָר ווי אַ שווערער כאָלעם.

דאָס שיפֿל טראָגט זיך מיטן שטראָם די גאַנצע נאַכט.

מיטן באַגינען בלײַבן זיי שטיין אין אַ דאָרף אַפֿן רעכטן ברעג. פֿאַק ראָט זיי דאָ וואַרטן אַף דער שיף און פֿאַרקירעוועט טייקעף אַהיים. מיט סינע קוקט סערגיי ווי דאָס שיפֿל שפּרינגט אונטער אַף די כוואַליעס, ווי שווער פֿאַק אַרבעט מיט די וועסלעס און טרײַבט דאָס שיפֿל קעגן דעם שטראָם.

דערנאָך צעקריגט ער זיך מיט זײַנע מיטרײַזנדער, באַלעגופֿישע זינדלעך! זיי שפּײַען אַף דער בויונג, אַפֿן קאָמיוג, אַף דעם געוויסן וואָס פּײַניקט סערגייען.

שוין צוויי טעג אַז ער עסט ניט. מען קען אַרײַנגיין אין אַ וועלכער עס איז שטוב און בעטן אַ שטיקל ברויט, נאָר עס איז אים אַ ביזאָיען.

דעם דריטן טאָג זעצט ער זיך אויף אַף אַ שיף. די שיף גייט קיין ניקאָלאַיעווסק. סערגיי האָט באַדאַרפֿט קיין כאַבאַראָווסק. נאָר צי דען איז ניט אַלצאיינס!

עפּעס אַ פּאַסאַזשיר דערזעט זײַן קויש און זײַנע בוטס און פֿרעגט אים:

— פֿון דער עקספּעדיציע?

סערגיי גיט אומבאַשטימט אַ שאָקל מיטן קאָפּ.

— איך ווייס שוין, — זאָגט דער פּאַסאַזשיר — כ׳האָב דעם זומער געזען צוויי עקספּעדיציעס, און אַלע אין בוטס.

דער פּאַסאַזשיר איז פֿון די אָרטיקע אײַנוווינער. ער באַרימט זיך, אַז פֿאַראַיאָרן האָט ער געאַרבעט אין דער טײַגע מיט די געאָלאָגן. — זיי האָבן געזוכט נאַפֿט. קיין נאַפֿט האָבן זיי ניט געפֿונען, נאָר פֿאַראַן זײַנען אַ סאַך סימאָנים אַז דאָרט דאַרף זײַן נאַפֿט.

די שיף שטעלט זיך אָפּ לעבן אַ גרויסן דאָרף. אַפֿן דאַך פֿון אַ דאָרפֿישן שטיבל וויגט זיך אַפֿן ווינט אַ געשטרײַפֿטער סיגנאַלן־וווּרשט. באַם ברעג רוט, מיט צענומענע פֿליגל, אַ זילבערדיקער הידראָאַוויאָן.

סערגיי פֿאַרפֿירט אַ שמועס מיט דעם מעכאַניקער.

דערנאָך קומט צו דער פֿליִער — אַ שלאַנקער, אַ בלוי־אויגיקער, אַ זעלבסטזיכערער. סערגיי איז אַנטציקט סײַ מיט דעם פֿליִער, סײַ מיט דעם מעכאַניקער און סײַ מיט דעם זילבערדיקן לײַכטן אַוויאָן.

— וווּהין פֿליט איר? — פֿרעגט סערגיי.

— אַף קאַמטשאַטקע, — ענטפֿערט מיט אַ וואָכעדיקן טאָן דער מעכאַניקער — די פּאָטשט און צוויי פּאַסאַזשירן.

סערגיי קען זיך ניט אָפּרײַסן פֿונעם אַוויאָן.

— ס׳געפֿעלט דיר? — פֿרעגט דער פֿליִער און זײַנע בלויע אויגן שטעלן זיך אָפּ מיט אַ גוטן שמייכל אַף סערגייס פּאָנעם — ס׳איז אַ גאַנץ צוטריטלעכער איניען, באָכער. טרעט אַרײַן אין שול. לערן זיך. מירן ניט נאָר אַף קאַמטשאַטקע, נאָר צום נאָרד־פּאָל פֿליִען.

ער ווינקט צו סערגייען און גייט אַרויף אַפֿן שמאָלן בריקל פֿונעם אַוויאָן. סערגיי קוקט ווי דער פּראָפּעלער נעמט זיך דרייען, ווי דער געהאָרכיקער אַוויאָן צעלויפֿט זיך איבערן וואַסער און הייבט זיך אויף און ווי עס פֿאַרשווינדט אין הימל דאָס זילבערנע פּינטעלע.

ווער וועט אים אַרײַננעמען אין דער פֿליִער־שול?

דעזערטיר...

אין ניקאָלאַיעווסק באַגעגנט ער קאַסימאָוון.

ער שלאָגט זיך אָן מיט אים פּאָנעם־על־פּאָנעם.

קאַסימאָוו דערקענט אים טייקעף.

— ווי קומסטו אַהער? — קוקט זיך פֿאַרלוירן אַרום סערגיי.

— איך קויף נעצן. פֿון אײַערטוועגן פֿיש כאַפּן. און דו, ווי קומסטו אַהער?

סערגיי טראַכט צו אַף שנעל אַן אויסרייד — קויפֿן פֿיזקולטורנע מאַכ־

שירים. קאָסימאָוו לאַכט: „ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט? ווי קומען אַהער פּיזקולטור־מאַכשירים?"

ער נעמט מיט זיך סערגייען באַקומען די נעצן.

ווען זיי זעצן זיך אַוועק אַף די הויכע קלומקעס, רופט זיך אָן קאָסימאָוו:

— דו ווייסט, באָכער... בײַ אונדז אין דער פּאַרטיזאַנער־מאַכנע איז געווען אַזאַ פּאַרטיזאַן. גאַרדייעוו — איז זײַן פאַמיליע־נאָמען געווען. ווינטער איז שווער געווען. ניטאָ וואָס צו פרעסן. ניטאָ אָס אַף די פּיס אָנצוטאָן. קוילן פעלן אויס. מען קרענקט. אַרום זײַנען יאַפּאַנער. און גאַרדייעוו האָט ניט אויסגעהאַלטן. אַנטלאָפן. צוריק מיט דרײַ יאָר באַגעגנט איך אים. איך קוק אַף אים — און ער קוקט מיר ניט אין די אויגן. ס'איז אים אַ בושע.

סערגיי הערט אויס און עס ווערט אים קאַלט.

— אַזוי אַז, באָכער, באַטראַכט דיך.

שפּעטער פרעגט אים קאָסימאָוו:

— פאָרן מיר צינאַיינעם צוריק, אָדער ווי?

סערגיי ענטפערט — אינאיינעם. נאָך באַנאַכט ווען ער שטעלט זיך פאַר זײַן צוריקקומען אין לאַגער, זײַן באַגעגעניש מיט קרוגלאָוון, טאַניאַס פאַראַכטלעכן בליק, — כאַפּט ער זיך אויף און שפּאַנט אַוועק אין דער פינצ־טער ווו די אויגן טראָגן, הינטער דער שטאָט, ווײַט פון מענטשן...

אינדערפרי טרעפט ער אָן אַף אַ פישער־שטיבל. דער באַלעבאָס איז אַף פיש־פאַנג אינעם יאָם. ס'ווײַב פרעגט אים גאָרניט און לאָזט אַרײַן צו זיך סערגייען און האָדעוועט אים אָן מיט געפרעגלטע פיש.

ער זיצט מיט דער פרוי באַם יאָם און ביידע זײַנען זיי אומרויִק — אַ שטורעם הייבט זיך אויף. ריזיקע כוואַליעס לויפן אָן אַפן ברעג, טרעטן צוריק מיט אַ געליאַרעם און טראָגן אַוועק מיט זיך דאָס זאַמד און דעם זשוויר.

ווען דער באַלעבאָס קומט צוריק, העלפט סערגיי אָפּלאָדן די פיש און ער לערנט זיך אויס זיי רייניקן און פונאַנדערהענגען אַף די הענגערס.

דעם צווייטן טאָג פאַרנאַכט, ווען דער שטורעם צעבושעוועט זיך מיט דער פולער קראַפט, באַמערקט סערגיי אַ שוואַרץ פּינטל אַף די כוואַליעס. ער רופט צו דעם באַלעבאָס. דער פישער קוקט זיך אײַן און זאָגט:

— קאַוואַסאַקי.

— מען דאַרף פונדעסטוועגן אַנוואַרעמען די פיש־יויך, — זאָגט די פרוי — מוז שוין זײַן פאַרפרוירן.

סערגיי טראַכט זיך, אַז דאָס זאָרגט זיך די פישערקע באַצײַטנס וועגן דעם אומבאַקאַנטן „קאַוואַסאַקי". סערגיי קוקט אַף די כוואַליעס: מיט אַ פּאָר־נעם זײַנען זיי, ווילד, מעכטיק — ווי קען מען גאָר צוקומען צום ברעג בײַ אַזעלכע כוואַליעס?

ער פאַרשטייט מאַקע ניט ווי־אַזוי איז צוגעקומען דער אומבאַקאַנטער מיט דעם רעטעניש־נאָמען „קאַוואַסאַקי". ער באַווײַזט נאָר צו דערזען אַ שיפל איבערגעקערט אַף אַ זײַט. דערנאָך ליגט דאָס שיפל מיט אַ זײַט אַפן זאַמד און פונעם שיפל שפּרינגט אַרויס אַ בלאָנדער באָכער אין אַ ברעזענטענעם ראָב, אין אַ מאַנטל, מיט אַ נאַסן, מידן, נאָר לאַכנדיקן פּאָנעם.

דעם זעלביקן אָוונט דערוויסט זיך סערגיי אַז דאָס שיפל איז אַ מאָ־טאָרנער פיש־פאַנג־באַרקאַס, לויטן אָרטיקן לאָשן — „קאַוואַסאַקי", אַז דער באָכער איז אַ מאָטאָריסט פון דער פיש־פאַנג־אינדוסטריע אַפן סאַכאַלין־אינדזל, אַז צוויי טעג האָט אים געריסן דער שטורעם, אַז ער האָט שוין אי־

בערגעטראַכט וועגן זײַן „קראַסאַוויצע". „קראַסאַוויצע" הייסט בײַ אים זײַן קאַוואַסאַקי — דאָס בעסטע מאָטאָר־שיפל פון דער אינדוסטריע.

— מיר זײַנען מיט איר אַרום און אַרום פֿרעמירט! — באַרימט זיך דער באָכער און זופט הייסע פיש־יויך.

דער מאָטאָריסט גענכטיקט אײנאײנעם מיט סערגייען אינעם היי־קאַמער.

— אַ יעגער?

— ניין.

— אַ וועָרבירטער?

— ניין.

— ווער דען?

סערגיי קלערט אים אויף: ער האָט געאַרבעט מיט אַן עקספעדיציע אין דער טײַגע, נאַפט געזוכט, ניט געפונען. איצט וויל ער אָנקומען קיין כאַבאַראָווסק, נאָך בעסער, קיין וולאַדיוואָסטאָק, אַף דער אײַזנבאַן.

— נארישקייטן! — זאָגט דער מאָטאָריסט.

— וואָס?

— צו וואָס טויג דיר וולאַדיוואָסטאָק? מיט וווינונג איז שלעכט, קיין אינטערעסאַנטע זאַכן ניטאָ.

— דו ביסט דאָרט געווען?

— ווו בין איך ניט געווען! — זאָגט דער באָכער — פאַר אַפן סאַכאַלין. ווילסט נאַפט? ביטע! קוילן? פיש? וואָס דו ווילסט, דאָס וועסטו געפינען. שלאָסערײַ קענסטו? וועסטו זיך אײַנאָרדענען אין אַלעקסאַנדראָווסק, אינעם האַפן, אין די געווערקשאַפטן. דו ביסט ניט קיין ראַדיסט? אַפן עקספאָרט דאַרף מען האָבן. אַן אויטאָמאָביל פירן קענסטו? מ׳עט דיך מאַמעש צערײַסן! אינעם סאָווכאָז...

— איך בין אַ מאַשיניסט, אַ לאָקאָמאָטיוו־פירער — זאָגט סערגיי מיט שטאָלץ.

— וואָס איז עס אַזוינס! — מאַכט דער מאָטאָריסט גלײַכגילטיק אַוועק מיט דער האַנט — אַף סאַכאַלין, פאַרשטייט זיך, קען מען אויך אַף דער ספעציאַליטעט אַרבעטן. אָבער — מאָסקאַלוואָ. אַפן יאַם האָסטו ניט געאַרבעט?

— ניין.

— די שיינקייט אַליין! שוין דאָס צווייטע יאָר אַרבעט איך, אָט אַף די קאַוואַסאַקיס. אַ שיינקייט! פאָרן מיר?

סערגיי וואַקלט זיך.

ווידער, גייען פון אַלעקסאַנדראָווסק אָפטער שיפן. דאָ איז אַ קייווער.

דעם צווייטן טאָג פירט דער מאָטאָריסט אַרויס אַפן יאַם די „קראַסאַוויצע". דער יאַם קאָכט נאָך, נאָר דער ווינט האָט זיך אײַנגעשטילט. די כוואַליעס כאַפן אונטער די קאַוואַסאַקי, וואַרפן זי ווייך אַרויף, לאָזן זי אַרונטער — און עס גייט אַוועק אַ קעסיידערדיקע פריילעכע, ניט שרעקלעכע שפיל.

סערגיי זיצט אַף דער קערמע און דריקט צו זיך זײַן קוישל. דער ברעג פאַרשווינדט שנעל אינעם בלוילעכן יאַם־שפיגל, אַרום זײַנען נאָר כוואַליעס, ברייטע, געלאַסענע, וואָס וויגן ריטמיש דעם באָט. דער מאָטאָריסט שטייט באַם שטורוואַל און זינגט מיטן פולן קאָל, זיך נאָכגעבנדיק דעם ריטם פון דער וואַסער־הוידלקע:

וויסע, בלייבינקע, איידל־שמעקעדיקע,
האָבן די בלומען פאַרבליט.

סערגייען האָט דאָס פֿאַרוויגט. זײַן מאָגן האָט זיך געפּילט שווער און ניט רויִק. צעוועקט האָט אים אַ שאַרפֿער שטויס. עס הוידעט שוין ניט. די קאַוואַסאַקי ליגט מיט אַ זײַט אַפֿן ברעג אינעם נאַסן זאַמד.

עס ווערט שוין טונקל.

אַראָפּן בערגל, פֿונעם דערפֿל, לויפֿן מענטשן. זיי שטעלן זיך אַרום אַרום דעם מאָטאָריסט, צעפֿרעגן זיך:

— נו, ווי?

ס'איז פֿאַרשטענדלעך, אַז זיי זײַנען געווען אומרויִק איבער אים. נאָר ער דערציילט גאָרניט.

— ס'האָט אים פֿאַרטראָגן צו דער יאַבאָשע — זאָגט דער מאָטאָריסט און קריכט ווידער אַרײַן אין דער קאַוואַסאַקי.

סערגיי ווייס ניט וואָס צו טאָן. ווי זאָל ער זיך פֿאַרשטעלן. מען קוקט אַף אים און מען שווײַגט.

— דאָס האָב איך אַ גאַסט געבראַכט — זאָגט דער מאָטאָריסט און פֿרעגט: — דאָראָנין איז דאָ?

— איך שטאָט אַוועק.

— אַ!

די מענטשן נעמען זיך פֿונאַנדערגיין.

אַ פֿרוי קומט צו לויפֿן, אין אַ שאַלכל אַף זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אַף די אַקסלען, מיט רויטע ליפּן, מיט אַ קענטיק הויכן בויך. זי נעמט זיך אַרום מיט דעם מאָטאָריסט אוןביידע קוקן זיך אום צום דערפֿל.

— נעם מיט זיך דעם באָכער, — זאָגט דער מאָטאָריסט — ער איז אונדזער גאַסט. ס'איז דאָ מיטאָג?

די פֿרוי, ווײַזט זיך אַרויס, איז אַ באַריידעוודיקע. זי דערציילט, אַז קאָלקאַ איז איר איצטיקער מאַן, אַז ער האָט זי מיט פֿינף כאַדאָשים צוריק אָפּגעשלאָגן בײַ איינעם אַ מיליאָציאָנער. דער מיליציאָנער סטראַשועט זי דערהאָרגענען, נאָר דאָס זײַנען בלויז ווערטער. אַפֿן פֿיש־פּאַנג איז שטיל. מען איז הײַנט אין יאָם ניט אַרויס, נאָר פֿאַרטאָג וועט מען אַרויס. זייער הויז איז דאָס בעסטע אינעם דערפֿל, פֿאַר שלאָגלער. ניטאָ קיין וואַנצן. אין די באָכערישע באַראַקן זײַנען אומעטום פֿאַראַן וואַנצן, און קאָלקאַ איז אַ מעפּונעק.

סערגיי קען לאַנג ניט אײַנשלאָפֿן. ער ליגט אויסגעצויגן אַפֿן פּאָל אַף אַ שיטערן טופּיאַק, ער הערט זיך אײַן צום נאָענטן גערויש פֿון די אָגיאַגנדיקע כוואַליעס און עס פּײַניקט אים דער אומרו. דאָס לעבן וואַרפֿט אים פֿון איין זײַט אַף דער צווייטער. אָט האָט עס אים פֿאַרטראָגן אַפֿן סאַכאַלין. פֿריִער איז דאָ געווען אַ קאַטאָרגע. „אַרום איז שיטער — אינמיטן איז ביטער", „אַרום איז יאָם — אינמיטן איז סאָם", — פֿלעגט זאָגן טאַראַס איליטש. נאָר די פּאַרטיזאַנען האָבן זיך געשלאָגן און זײַנען געפֿאַלן פֿאַר ניקאָלאַיעווסק, פֿאַר סאַכאַלין. וואָס דו ווילסט, וועסטו דאָ געפֿינען, זאָגט דער מאָטאָריסט.

גאָר נאָענט, הינטער דער וואַנט, רוישן די כוואַליעס, לויפֿן אָן אַפֿן זאַמד. סערגיי הערט זיך צו און שלאָפֿט אײַן. הילכיקע קוילעס וועקן אים אויף. פֿונעם ראַזיקן קרומען זון־שטראַל, וואָס איז אײַנגעשטאָכן אין דער וואַנט, פֿאַרשטייט סערגיי אַז עס איז נאָך פֿרי. אַפֿן בעט ליגט ניושאַ — דעם מאָטאָריסטס ווײַב, קאָלקאַ אַליין איז שוין ניטאָ. אַ הויכער געשטופּלטער

מאַנספאַרשוין שטייט איבער סערגייען און רעדט געהויבן הילכיק און די ווערטער באַקרעפטיקט ער מיט די הענט:

— די אייביקע העפקיירעס! ווער האָט אים געהייסן, ווער האָט דערלויבט, ווען לוקאַשין פאַרפעלט שוין די דריטע ריי? ווען איז פאַנטעלייס ריי? איך האָב אים געזאָגט און איך זאָג דיר אויך: וועט איר אײַך יאָגן נאָך געלט, וועל איך אויפהערן צאָלן. באַ מיר, ווייסטו שוין? באַ מיר איז די זאָרג פאַרן מענטשן! איך קען ניט דערלאָזן קיין ווייס דער רועך וואָס.

— אַ־אַ, זיך אויפגעכאַפּט! — שרײַט דער מענטש און זעצט זיך אַוועק לעבן סערגייען אַף אַ שטול — וואָס־זשע, קומסט אײַנגאַנצן צו אונדז? אָדער צו גאַסט? אַ קאָמיוגיסט, זאָגט ניושאַ, — ריכטיק?

פון וואַנען האָט ניושאַ גענומען אַז ער איז אַ קאָמיוגיסט? סערגיי לייקנט ניט און, ניט גערנדיק, ענטפערט ער, אַז ער געפינט זיך דאָ פאַרבײַפאַרנדיק.

— און איר, ווער זײַט איר?

— איך בין דאָראָניק, — זאָגט דער מענטש און דרייט זיך אויס מיטן רוקן צום בעט, קעדיי ניושאַ זאָל זיך קענען אָנטאָן — איך בין דאָ די פאַרטיי, דער קאָמיוג און די סאָוועטישע מאַכט. וואָרעם דאָ, זעסטו, זײַנען מיר אַנדערהאַלבן קאָמוניסטן — איך און נאָך איינער אַ קאַנדידאַט, פון די פישער. קאָמיוגיסטן זײַנען פאַראַן צוויי, אוןביידע נאָך שנעקעס, ניט געלערנטע, אַן איין יאָר אַ וואָך. ביז דער שטאָט איז צוועלף ווערסט, אַ שטייגער ווי מאָסקווע — הין און צוריק זײַנען עס דאָך פיר און צוואַנציק? פיר און צוואַנציק! מיר קאָכן זיך אינעם אייגענעם זאָפט. און דאָס געשעפט, ווייסטו סאַראַ געשעפט דאָס איז? אַ רײַך געשעפט! איך האָב אָנגעשריבן אין צענטער אַ מעמאָראַנדום: מען דאַרף בויען אַ קאָנסערוון־זאַוואָד. איך וועל זי דיר ווײַזן. אַ מעמאָראַנדום — אַזאַ! אַ טויטן קען ער איבערצײַגן! שטיי אויף, וועלן מיר צוגיין אַפן פיש־פּאַנג, די קונגאַסן זײַנען ערשט אַרײַן, מען נעמט אַראָפּ די פיש. וועסט זען.

ניושאַ פאַרבינדט דעם קאָפּ מיט אַ טיכל, כאַפּט אַ צעראַטענעם פאַרטעך אַף זיך און לויפט אַוועק.

סערגיי הייבט זיך אויף און וווּנדערט זיך אַף דאָראָנינס צודרינגלעכער ליבלעכקייט.

— מירן באַ מיר טיי טרינקען, — זאָגט דאָראָנין — דו ווייסט, פאַר מיר איז יעדער מענטש גאָלד! איך שאָנעווע מענטשן. אָט איז קאַלקאַ אַוועק אַפן יאַם, איך וועל אים געבן אַ גאָב. ס'איז ניט זײַן ריי, וואָס קריכט ער? איך שוין יעדן מענטשן. קאַלקאַ, ווייסטו, האָט געוואָלט אַוועקגיין. האָט זיך מיט ניושקאַן פאַרפלאָנטערט — דער מאַן, אַ טיפּעש, איז אַרײַן אין אַמביציע. ניושקאַ וויינט. ס'איז אַ פאַמיליע־זאַך, נאָר מוז איך פאַרלירן דעם בעסטן מאָטאָריסט? האָב איך גענומען ניושקאַן פאַר דער האַנט און צוגעפירט צו ניקאָלאַיען — לעב! און דעם מיליציאָנער אַ לעקציע — פרײַהייט פון דער פערזענלעכקייט און זעלבסטבאַשטימונג. זי האָט דיך מער ניט ליב — ביסט אַליין שולדיק. זוך דיר אַן אַנדערע, און ניושקאַ טיו טיו! און איך נעם זי אונטערן שוץ פונעם געזעץ.

דער ברייטער זאַמדיקער ברעג איז באַדעקט מיט טונקעלע קוואַדראַטן צום טריקענען פונאַנדערגעשפּרייטע נעצן. עטלעכע קונגאַסן ליגן מיט אַ זײַט אַפן זאַמד און זייערע אָנגעבויגענע מאַסטביימער ווײַזן צום דערפל. אינעם

דערפל זײַנען פאַראַן צוועלף הײַזער. ניט ווײַט, אַפן באַרג־רוקן קלאַמערן זיך דאָרפישע הײַזקעס.

— אַ קאָרעזשער קאַלכאָז, — זאָגט דאָראָנין — מײַן ייִנגסטער זון. זיי פאַנגען און פירן אַרײַן צו מיר. ווערסט צוגיין צו זיי, ווערסטו זען. זיי לעבן דיין! דרײַ קאָלעס וואַקסן דאָרט בײַ מיר פאַר מײַנע יאָטן. איך דערצי זיי, קוק נאָך. די פרויען־פראַגע — ווייסטו וואָס דאָס איז? אָסו! אָסו באַטײַט: אָסאָבייע סאָבאַלינסקיע אוסלאָוויאַ (באַזונדערע סאָבאַלינער באַדינגונגען). אַזוי זאָגט מען בײַ אונדז.

זיי קומען צו צום האָפן. אַקעגן זיי גייען וואַגאָנדלעך מיט נאָך נאַסע צאַפלדיקע פיש. אַף די קונגאַסן, וואָס זײַנען צוריקגעקומען פונעם פאַנג, אַרבעטן פרויען. דאָ איז אויך ניושאַ. שנעל און געהיט טשעפען זיי אָפ די פיש, וואָס זײַנען אײַנגעפלאָנטערט אין די נעצן.

— אָפטשעפערנס, — קלערט אויף דאָראָנין — מײַן שלאָגלער־באַטאַליאָן! די בעסטע טשעפען אָפ אין אַכט שאָ ביז פינף צענטנערס. ס'איז אַן איידעלע אַרבעט, פרויען־אַרבעט. איידעלע פיש בײַ אונדז. זאַלצן זיי מוז מען מיט דער מינוט. פאַרשפעטיקסטו — באַקומט זיך צווייטער סאָרט. און אָפטשעפען מוז מען אײַנציקווײַז, ניט אַ טעל מאַכן, ניט צערײַסן. אָט וועל איך דיר ווײַזן. — דאָראָנין זעצט זיך צו צו די אָפטשעפערנס און טשעפעט אַליין אָפ, מיט ווונדערלעך פלינקע, איידעלע באַוועגונגען, עטלעכע צענדליק פיש.

— זעסטו שוין, — באַרימט ער זיך און ווישט אָפ די הענט אין די הויזן — אָט איך קען — איך בין אַן אַלטער פישער. זעץ אַוועק אַ צווייטן, וועט ער זיי פאַטערן.

אונטער די פיס סקריפעט די זאַלץ, אַ צעשאָטענע איבערן האָפן. סערגיי שפאַנט נאָך דאָראָנינען, אַ געפײַניקטער פון הונגער און ער ווונדערט זיך, צו וואָס טויג אים פירן איבערן גאַנצן פיש־פאַנג.

דער זאַלצונג־צעך הייבט זיך אָן באַלד באַם האָפן. אין אַ גרויסן האַלב־טונקעלן סאַראַי זײַנען אויסגעגראָבן אין דער ערד גרויסע גריבער. עס שמעקט דאָ שאַרף מיט פיש. אונטער די פיס פילט מען די זאַלץ, יעדער טראָט סקריפעט. לעבן איינעם פון די גריבער דרענגען זיך מענטשן.

— אָט איז זי אונדזער רײַכקייט! — רופט אויס דאָראָנין — הערינג, איוואַסי, קאָריושקאַ. דעליקאַטע פיש, האָבן ליב מען זאָל אומגיין אַרום זיי. אַ צאָרע — מיר ספראַווען זיך ניט. אײַנלייגן, אויפלאָדן, אײַנפאַקן — אָט וואָס אונדז האַרגעט אַוועק. אײַנפאַקן, קען זיך דוכטן, איז אַ קלייניקייט, נאָר דאָס איז די אָנגעווייטיקטסטע פראַגע! איצט האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ באָנדאַרניע — איז אונדז גרינגער געוואָרן.

צוויי אַרבעטער ציִען אַרויף פונעם גרוב די אײַנגעזאַלצענע פיש מיט אַנשעפער. די פעטע און דעליקאַטע הערינג גלאַנצן מיט זייערע נאַסע באַזאַלצענע רוקנס. ווי אַ גלאַנציקן שטראָם שיט מען זיי אויס אין די וואַגאָנדלעך.

— אָט זע, — כאַפט דאָראָנין אַ פיש אײַנמיטן אויסשיטן — דעם סאָרט באַשטימט מען לויט דער ריינקייט פון די אויגן. אויב די אויגן און די זשאַברעס נעמען זשאַווערן, איז שוין צווייטער סאָרט.

ער וואַרפט בייז אַוועק דעם פיש. — די אויגן האָבן שוין געהאַט אַ געל־בלעכן הײַטל.

דאָראָנין שלעפּט מיט זיך סערגייען אין דער באָנדאַרניע. אַ שיקערער באָנדאַר אײסעקט זיך אַרום אַ פאַס און זידלט זיך פריילעך אַפן גאַנצן קאָל.

— ווידעראַמאָל ? — פרעגט שטרענג דאָראָנין און שנאָלט אין די פּעסער.

— אינאָקענטי פּאַוולאָוויטש ! — רופט אים נעבעכדיק דער שיקערער באָנדאַר און נעמט שטאַרקער קלאַפּן מיטן האַמער — איך אַרבעט דאָך ! — און ער קוקט הינטן אַרום אַף דאָראָנינען.

— וואָלסט נאָך באַדאַרפט ניט אַרבעטן — וואַרפט אים צו דאָראָנין און שנאָלט אָן אַ נײַעם פאַס. דער קלאַנג, קענטיק, שטעלט אים צופרידן און ער זאָגט שוין ווייכער : — צום לעצטן מאָל זאָג איך דיר, סעמיאָן : אָדער דו הערסט אויף טרינקען אָדער דער גאַנצער קאָנטראַקט אונדזערער גייט צום טײַוול !

ווען זיי גייען אַרויס, קלערט אים אויף דאָראָנין :

— ער האָט אַ זון אין טורמע. פאַר כוליגאַנערײַ. מען וועט אים אײַנגיכן אויסשרײַבן. איך האָב צוגעזאָגט מאַכן פון אים אַ מענטשן. איך האָב דרײַ אַזעלכע. איינער איז אַ גאָלדענער באָכער געוואָרן. מען האָט אים הײַנט פּרעמירט מיט אַ פאַטעפאָן. אַ צווייטן האָב איך כאַסענע געמאַכט, אין אַ קאָלכאָז אַרײַנגעגעבן. דער באָכער איז דאַנקבאַר. ער העלפט שטענדיק אַרויס. ער האָט דעם גאַנצן קאָלכאָז צוגעוווינט צו טיפן פאַנג.

סערגיי ווייס ניט וואָס אַזוינס איז טיפער פאַנג, נאָר דאָראָנין דערקלערט עס אים אַליין :

— מיט דעם טיפן פאַנג האָב איך מיך אָנגעמאַטערט. די אָרטיקע פישער פאַנגען באַם ברעג. דאָס איז אַן אַלטער אויפן. אין ווײַטן יאַם איז דער פאַנג אַ סאַך אַ גרעסערער. איך האָב אַהער געבראַכט אַסטראַכאַנער פישער. אין אורלויב בין איך געווען, און האָב זיי אַליין ווערבירט, דעם גאַנצן אורלויב דאָרט פאַרבראַכט. איך האָב זיי אַליין אויך געפירט אַהער, מען זאָל זיי אין וועג ניט אָפּשלאָגן. די פישער זײַנען געניטע, נאָר צו אונדזער טאָטער (טאָטערישער דורכגוס) זײַנען זיי ניט געוווינט, ס'איז שרעקלעך. די שטורעמס דאָ זײַנען שאַרפע, דער ווינט בײַט זיך אָפּט. דעם טיפן פאַנג האָב איך אײַנגעפירט אַף ענטוזיאַזם, צורעכענונגען. דערפאַר שעץ איך אַזוי קאָלקאַן — ער איז דער ערשטער געגאַנגען. אַ געוואַגטער באָכער ! און יעוודאָקימאָוו איז געגאַנגען. גאָלדענע יאַטן !

זיי קומען צו צו אַ ריינינקן שטיבל, מיט אַקוראַטנע אײַזנדלעך פאַר דער שוועל. דאָראָנין צווינגט סערגייען די בוטס אָפּצורייניקן און פירט אים אַרײַן אין אַ צימער אַן אויסגעפּאַרבטן מיט פענדלעך און יאָלקעס.

אַן ערעך דרײַסיק קינדערלעך קריכן און גייען אין אַ גרויסער פאַרצוימונג אינמיטן צימער.

— אַ מאַניעזש ! — גיט שטאָלץ צו ווייסן דאָראָנין און פירט מיט דער האַנט איבער די ווײַס־אָפּגעפאַרבטע געלענדערס — לערנען זיך גיין און די נעזלעך זײַנען גאַנץ. איך האָב אַזאַ געזען אין מאָסקווע. אַז איך בין צוריקגעקומען, האָב איך אַליין געמאַכט. אויך די קוביקעס האָב איך געמאַכט. די ליאָלקעס נאָר האָבן די פרויען אויפגעבייט. ביושקאַן און נאָך איינע האָב איך אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט, כ'האָב אַרײַנגעזעצט אין דער ביוראָ, האָב זיי געגעבן שטאָף און אַ טערמין געשטעלט : אין דרײַ טעג זאָלן זײַן ליאָלקעס ! סטאָלערײַ קענסטו ?

— ניין...

דאָראָנין האָט געבעטן אַ מעניו, און סערגיי האָט זיך געקענט איבערצײַגן, אַז די קינדער אַפּן פיש־פאַנג עסן מאַנע־קאַשע, קאָמפּאָט, זופּ פון כאַזער־פלייש און פיש־קאָטלעטן.

— כאַזיירים אײַנגעפירט, קי — זעקס שטיק. כ׳האָב זיי אַליין געפירט פון דער יאַבאָשע, מיט דער שיף. מיר זײַנען אַרײַנגעפאַלן פונקט אין אַ שטורעם, די קי מוקען, די כאַזיירים כריוקען — אַ מוירע. ס׳האַרץ טוט ווי פאַר זיי. מען האָט זיי אַראָפּגעפירט אין אַלעקסאַנדראָווסק, אויסגעמאָגערטע, אָרעמענקע, ניט זיי עסן, ניט זיי מוקען. איך האָב מיך דערשראָקן. איך זוך אַ וועטערינאַר — ניטאָ. מ׳האָט געמוזט ברענגען צו זיי אַזאַ דאָקטער. כ׳האָב אים מאַמעש מיט געוואַלד געבראַכט. ער פאַרשטייט ניט, ער שרעקט זיך. איכל דיר זאָגן בעסאָד, איך האָב זיי געגעבן וואַלעריאַן־טראָפּנס — יעדן באַשעפעניש אַ בלעזל. האָב זיי אויסגעקורירט. אַהער געבראַכט. זיי זײַנען איצט צו זיך געקומען. אָט וועסטו זיי אָנקוקן.

סערגיי מוז גיין אין די שטאַלן צו די קי און צו די כאַזיירים. דערנאָך פירט אים דאָראָנין אין קלוב. אַ ניט גרויסער באַראַק, אינעווייניק אויסגעפוצט מיט פּאָרטרעטן אין ראַמען און מיט פּאַפּירענע גירליאַנדן.

— גוט? — שרײַט אויס דאָראָנין, אַ שרעקלעך צופרידענער — ווען דו קומסט מיט אַ כוידעש פריִער, איז דאָ גאָרניט געווען! איך אָוונט איז ניט געווען ווו זיך אַהינצוטאָן. נאָכן אויסצאָלן, פלעגן זיך אַלע אָנשיקערן. און פאַראיבל האָבן אָף זיי קען מען ניט — אַז ס׳איז ניטאָ ווו זיך אַהינצוטאָן! איך אַליין פלעג מיך אַמאָל, פון ערגערניש, פאַרשפּאַרן, מיט אַ שלאָס פון דרויסן, אַרײַנקריכן דורכן פענצטער, די פירהענגלעך אַראָפּלאָזן, און זיך אָנטרינקען ווי אַ הינטישער זון. אַנדערש האָב איך ניט געקענט — כ׳בין אויטאָריטעט! און איצט זעסטו סאַראַ קלוב מ׳האָט אײַנגעפּאַקעוועט? אַ פּאַטעפאָן מיט צוויי און פערציק דיסקן, ביכער אַ פולע שאַפע!... רעפעראַטן שטעל איך אַליין צונויף. דרײַ מאָל האָב איך געבראַכט רעפערענטן. אַ קינאָ דאַרף מען נאָך האָבן. איך האָב שוין געשריבן, געבעטן צושיקן. דו קענסט דיך אייסעקן אַרום קינאָ?

— ניין!

סערגיי פילט אַלץ שטאַרקער דעם הונגער: דאָראָנינס באַריידעוודיקייט לייגט זיך אָף אים שווער. נאָך פאַראַן איז עפּעס וואָס פײַניקט אים נאָך מער ווי דער הונגער: איז עס די קינע צו דעם אומפאַרמאַטערלעכן טוער אָדער דאָס באַדויערן זיך אַליין, וואָס ער האָט ניט מיט וואָס זיך צו באַרימען, וואָס צו דערציילן?

דאָראָנין איז שוין גרייט ווײַטער אָוועקצולאָזן זיך מיט סערגייען אַפּן פיש־פאַנג, נאָר דערזען האָט ער זײַן פאַרמאַטערטן פּאָנעם און ער גיט זיך אַ קלאַפּ אין שטערן.

— דו אַלטער קלאָץ! איך האָב דיך פאַרהונגערט! וואָס־זשע שווײַגסטו? אָף מיר האָסטו ניט וואָס צו קוקן. איך קען ביז נאַכט אומגיין אַ ניט געגעסענער. באַ מיר איז עס אַ געוווינהייט.

באַ דאָראָנינען אין צימער איז ענג פון אָנגעוואַלגערטע קאָסטנס, אינסטרומענטן און אַלערליי באַלעבאַטישע קלייניקייטן. באַם פענצטער שטייט אַן אַלטע דריי־באַנק, אין אַ ווינקל האָט זיך פאַריאָסעמט צוגעטוליעט אַ גיטאַרע.

— וואָס זאָל איך טאָן. די וואָרטפּולע זאַכן האַלט איך בײַ מיר, ניטאָ ווו אַהינצוטאָן, — זאָגט דאָראָנין און נעמט אַוועק פֿונעם וועג די זאַכן וואָס שטערן מער ווי אַנדערע דעם דורכגאַנג — איך האָב דאָך אַ ווײַבל. אַ וווּיל ווײַבל. און צוויי קינדער. דאָס ווײַבל האָב איך אַוועקגעשיקט קיין וולאַדיוואָסטאָק אינעם פּיש־טעכניקום. אין צוויי יאָר אַרום וועט זי פֿאַרענדיקן — איך וועל אויסשרײַבן די קינדער מיט דער באָבע זייערער. און ס'וועט זײַן אַ לעבן!

אין דער צײַט וואָס דאָראָנין אײַסעקט זיך מיט דער באַלעבאַטישקייט נעמט סערגיי די גיטאַרע און שפּילט אַף איר אויס די אומעטיקסטע מעלאָדיע וואָס ער האָט געקענט.

— דו שפּילסט גוט! — קוקט דאָראָנין אַנטציקט ווי סערגייס געניטע פֿינגער קלײַבן איבער די סטרונעס — איך האָב געקויפֿט אַ גיטאַרע, אַ מאַנדאָלינע, דרײַ באַלאַלײַקעס, מען וואָלט באַדאַרפֿט אַן אָרקעסטער, איז ניטאָ ווער ס'זאָל לערנען. די באַלאַלײַקעס צעטיילט, לערנט אײַך, זאָג איך, און אַליין קען איך ניט. אַן אַליין־לערער האָב איך אויסגעשריבן — שוין דרײַ באַדאָשים און מען שיקט ניט. און געלט האָב איך געשיקט, אַלץ ווי געהעריק.

סערגיי ריכט זיך ניט אַף עפּעס גוטס פֿון דאָראָנינס באַכערישן באַלעבאַטעווען און איז אָנגענעם אָפּגענאַרט: דאָראָנין שטעלט אַוועק אַפֿן טיש אַ הערינג, געפּרעגלטע פֿיש, כאָלאָדעץ, קאַרטאָפֿל־סאַלאַט מיט אוגערקעס, וואָדקע, גאַליעטן. ער רוקט אונטער סערגייען איין טעלער, דעם צווייטן, גיסט אונטער וואָדקע, קלאַפּט אָן מיט אים:

— פֿאַרן אויפֿבלי פֿון סאָכאַלין און זײַנע בויער... פֿאַרן געזונט פֿונעם גאַסט!

סערגיי פֿאַרשטייט ניט צוליב וואָס דאָראָנין קאַרטעזשירט אים.

ער פֿילט זיך ווי אַן אַרײַנגעריסענער אַף אַ פֿרעמדער סימכע. נאָר דאָראָנין עפֿנט באַלד די קאָרטן. ווען סערגיי זיצט צעלייגט אַפֿן שטול אַ צעווייקטער פֿונעם עסן און פֿונעם טרינקען, רופֿט זיך צום סאָף אָן דאָראָנין:

— הער אויס, באָכער! דו שטייסט איצט אַפֿן שיידוועג — ריכטיק? אין וולאַדיוואָסטאָק האָסטו ניט וואָס צו טאָן. דו ביסט אַ קאָמיוגיסט, אַן אָרגאַניזאַטאָר, האָסט פֿעיִקייטן, זע איך. דו בלײַב דאָ, אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן! איך באַשטים דיך פֿאַר אָנפֿירער מיטן קלוב און מיט דעם סטרונע־אָרקעסטער. ווײַנען וועסטו בײַ מיר. ווילסטו ניט, גיב איך דיר אַ צימער לעבן ניקאָלאַיען, אַן וואַנצן. ניושקאַ וועט דיך האָדעווען, וועש וואַשן. ווילסטו, וועל איך דיר אויך געבן אַ באַנדאַרניע, צוליב פֿילפֿאַכיקייט. וועסט פֿאַרדינען טויזנט רובל אַ כוידעש. אין אַ יאָר אַרום וועל איך דיך שיקן לערנען אין טעכניקום. אין צוויי יאָר אַרום וועל איך דיך זיכער שיקן: מײַן ווײַבל וועט אַהיימקומען, וועסטו פֿאָרן. וועסט וועלן, וועל איך דיך אין אורלויב אָפּלאָזן אַף דער יאַבאָשע. אָפּגעמאַכט?

סערגיי זיצט אינגאַנצן אַ רויט געוואָרענער. ער מוז מודיע זײַן, אַז ער איז שוין ניט קיין קאָמיוגיסט, נאָר אַ דעזערטיר... דאָראָנינען קען מען עס זאָגן, ער וועט פֿאַרשטיין, ער וועט אים אַלצאיינס נעמען, פֿאַרגעבן גוט־מאַכן...

— איך שפּיל דאָך ניט, ווי קום איך אָנפֿירן מיט אַ סטרונע־אָרקעסטער!
— רופֿט ער זיך הייזעריק אָן.

**— אומזין! נאַרישקייטן! — שרײַט דאָראָנין אַ צעשײַנטער — וועסט**

זיך צולערנען. דער אַליין־לערער וועט אָנקומען. וועסט זיך צולערנען טעאָריע. איך קען דאָך אײַנגאַנצן ניט. שפּילסט לויטן געהער, לויטן געהער! האָסט גילדערנע הענט, איך זע דאָך!

— און אויך מיט קיין קלוב האָב איך מיך קיינמאָל ניט פאַרנומען...

אומזין! וועסט קענען! אין די אויגן זע איך — וועסט קענען! נאָר אַז דו ווילסט ניט, וועל איך דיך באַשטימען פאַר מײַן פאַרטרעטער. אַרבעט איז פאַראַן — האָ־האָ־האָ! בלויז ווינטער־בוי פאַרן ווינטער — אַכט הײַזער, אַ נײַע קי־שטאַל, אַ נײַעם זאַלצונג־צעך, די באַנדאַרגיע פאַרגרעסערן. דעם קלוב העכער הייבן, די קינדער־היים אויסברייטערן. גיב דײַן האַסקאָמע, באַ־כער. מירן אַ לעב טאָן — ס'וועט גאָר קיין סאָף ניט זײַן צו אונדזער פרייד.

— פאַרוואָס עפּעס איך? איר קענט דאָך מיך ניט!

— אומזין, טײַבעלע! איך דערשפּיר מענטשן מיט דער נאָז. דו קענסט ניט סאַכאַלין. אַף דער יאַבאָשע איז אַ מענטש זילבער, אָפן סאַכאַלין איז ער גאָלד. פאַר אַ מענטשן וועל איך די נעשאָמע פאַרקויפן. קאָלקאָן האָב איך כאַסענע געמאַכט, דרײַ קאָלעס וואַקסן אינעם קאָלכאָז — אָהאָ! איך האַלט יעדן מענטשן אָפן קאָפּ. דער מיליציאָנער האָט פאַראיבל אַף מיר פאַר ניוש־קאָן — איז ער דאָך אַ מיליציאָנער. אַלעקסאַנדראָווסק האַלט אים, זאָלן זיי זיך דאָרט זאָרגן פאַר אים. ווי אַ ניאַנקע גיב איך אַכטונג אַף מײַנע מענטשן.

סערגיי פײַניקט זיך. עס איז נאָך ניט שפּעט זיך מוידע צו זײַן. ער וועט זאָגן אַז ער האָט כאַראָטע, אַז ער שעמט זיך, אַז ער וויל אַרבעטן אָט ווי דאָראָנין, פונעם גאַנצן האַרצן... וועט אים דאָראָנין פאַרשטיין.

— דו דענקסט עפּשער אַז אונדזער אינדוסטריע איז עפּעס דרויב? מיינסט סאָציאַליזם איז ניט קיין פיש, נאָר מאַשינען, נאַפט, קוילן, גיגאַנטן? ניין, טײַבעלע, האָסט אַ טאָעס! סאָציאַליזם, דאָס איז די רײַכקייט פון אַ לאַנד, און פיש, ווייסטו סאַראַ רײַכקייט דאָס איז? דו שעפּ נאָר אָן, יאָג אָן! מירן אַ זאַוואָד אויסבויען.

סערגיי שווײַגט אַלץ. ער וועגט איבער — טויזנט רובל אַ כוידעש, גוטע קעסט, דאָראָנינס זאָרג, אַ צימער, אורלויב. פונעם אורלויב קען מען, אַז מען וויל, ניט צוריקקומען... ניין, אויב מאַסקים זײַן, איז ביזן סאָף. אָרנט־לעך, קאָמיוגיש... נאָר ער איז דאָך שוין ניט קיין קאָמיוגיסט, און זײַן בי־לעט, מעגלעך, איז שוין דערקלערט פאַר ניט גילטיק.

— מאַסקים? — שטייט צו דאָראָנין און רוקט ווידער צו סערגייען דאָס כאַזער־פלייש מיט דעם סאַלאָט — עס, עס!...

— מען דאַרף אַ טראַכט טאָן — זאָגט סערגיי — ס'איז ניט קיין שלעכט געשעפט. נאָר איך האָב אַלטע לײַט אין דער היים... איך וועל אַ טראַכט טאָן...

ער גייט אַוועק פון דאָראָנינען אײַנגאַנצן אַ צעטומלטער. ער האָט זיך טאָקע נישט מוידע געווען און גאָרניט, און איצט איז שוין שפּעט. ער האָט מוידע פאַר נײַע אַפּיקורסישע ידיעות... נאָר דאָראָנין און קאָלאַ מיט ניושען זײַנען קענטיק געווען צוזאַמענגערעדט און זיי ציִען אַרײַן טראָט נאָך טראָט סער־גייען אין די אינטערעסן פון דער פיש־אינדוסטריע. און עס באַקומט זיך אַז די זאַך איז שוין אַ באַשלאָסענע, סערגיי איז אַן אייגענער מענטש און זיך אומקערן צו דער אַלטער טעמע איז שוין ניט שײַעך.

אַפן דריטן טאָג אינדערפרי ברענגט קאָלקאָ פונעם יאַם אַ גאַנצן קאָ־

ראַוואַן קונגאַסן איבערפול מיט פיש. אויפצונעמען דעם רײַכן פאַנג קומען אַרויס אַלע אַרבעטער פון דער אינדוסטריע.

סערגיי איז פאַרכאַפּט פונעם אַלגעמיינעם אימפּעט און אַרבעט צען שעה נאָכאַנאַנד אינעם האַפן, ער לאָדט אויף און פירט אַוועק וואַגאָנעטקעס מיט פיש. אין מיטן אָט דעם אַרבעטס־ברען ווייס ער שוין, אַז ער בלײַבט אַף דעם פישפאַנג און אַלע מענטשן אינטערעסירן אים שוין ווי צוקונפטיקע כאַווײרים.

אַף נאַכט פאַלט ער אַוועק אַפן בעטל אַ פאַרמאַטערטער און אַ גליקלעכער. ער האָט אַרום זיך פאַשעטע פרײַנטלעכע ווילע מענטשן. אַ סאָף צום וואַנדערן, אַ סאָף צו דעם אומרו — ער בלײַבט. דער שלאָף רוקט זיך שוין אָן און נעמט אָנגענעם פלאָנטערן די געדאַנקען. סערגיי, מעגלעך, האָט שוין געכאַפּט אַ דרעמל... און מיט אַ מאָל שפּרינגט ער אויף, ווי פון אַ שטויס. דעזערטיר! ער דאַרף זיי אַלעמען נאָר זאָגן ווער ער איז, און אַלע וועלן זיך פון אים אָפּקערן ווי פון אַ פאַרפּעסטעטן?

ער מאַטערט זיך אַפּ די נאַכט און פאַרטאָג גליטשעט ער זיך אַרויס פון דער שטוב, גרייט צו לויפן ווו די אויגן וועלן אים טראָגן, אַנטלויפן פון דער שאַנד, פון דער דעמאַסקירונג, פון דאָראָנינס, קאָלקאַס, ניושאַס פאַראַכטונג — די פאַראַכטונג פון די דאָזיקע אָרנטלעכע, פרײַנטלעכע מענטשן.

און ער טרעפט זיך אָן גלײַך אַף דאָראָנינען.

— און איך גיי צו דיר! — כאַפּט דאָראָנין אַרום סערגייען אָן איבערפולטער מיט געפילן. — נאָך סערגייס נעכטיקער אַרבעט איז שוין באַ קיינעם קיין סאָפעק ניט, אַז ער בלײַבט. — אָן אויטאָמאָביל איז געקומען פון דער שטאָט. איך האָב דיר אַ פאַפּירל אָנגעשריבן, וועסט צופאָרן צום געגנטקאָמיטעט פונעם קאָמיוג, וועסט דיך אײַנשרײַבן. דײַן קאָמיוג־קאַרטל האָסטו מיט זיך?

— ניין, דאָס איך דער אומגליק.

— קלייניקייטן, אומזין! וועסט עס אויפקלערן די יאַטן — זיי וועלן דאָס פאָרמאַליזירן, וועלן באַ דיר פאָדערן דאָס קאַרטל, ס'איז ניט דעם ערשטן מאָל. זאָג זיי — פון דאָראָניען. דער שאָפער איז אַ קאָמיוגיסט, ער וועט דיך אַרײַנפירן. איך האָב אים שוין אויפגעקלערט. און מיט דעם צווייטן אָפּפלוס וועסטו צוריקקומען, ער וועט דיך אַף אַ לאַסט־אויטאָמאָביל אויפזעצן; אַלץ איז אָפּגעמאַכט.

אין דער מינוט ווילט זיך סערגייען נאָר איין זאַך — אַוועקפאָרן. וואָס שנעלער אַוועקפאָרן. דאָס קוישל בלײַבט — כאַפּט עס דער טײַוול!

אָן אַ זײַט האַפן, אַפן זאַמד, שטייט אַ צעפליקטער האַלבטאָניקער אויטאָמאָביל. סערגיי לאָזט זיך צוגיין אַהין, ער טרעט איבער שטריק, ער גייט אַרום און אַרום די צעשפּרייטע נעצן אַפן זאַמד. זיי זײַנען אײַנגעהילט אינעם רייעך פון פיש און פון יאַם. סערגיי דערפילט זיך מיטאַמאָל היימיש מיט דעם בענזין און מאַשין־רייעך פונעם אויטאָמאָביל.

אַ נאָך גאָר יונגער שאָפער אייסעקט זיך באַם אויטאָמאָביל.

דאָראָנין גיט נאָכאַמאָל איבער אַלע פּראָטים וואָס צו טאָן מיט סערגייען.

— שוין רעכט — זאָגט דאָס באָכערל. — געפאָרן.

דער אויטאָמאָביל דרייט זיך אַרויס און לאָזט זיך לויפן מיט פולער שנעלקייט איבער דעם ברייטן פאַס זאַמד וואָס איז פונעם יאַם אײַנגעטראַמט בעוועט. די רעדער לויפן אָן געריש, צוויי שפאַן פון זיי כוואַליעט זיך דער

יאַם, פון דער אַנדער זײַט הייבן זיך די שאַרפֿע אָפּהענגענדיקע רוקנס פון די סאָפּקעס.

— אַספאַלט ? — ווינקט צו סערגייען דער שאָפער. — יאָ, דאָס זײַנען אונדזערע אַספאַלטירטע שאָסייען. דאָ נאָר קענסט פאָרן רויִק. אַ ביסל ווײַטער פונעם ברעג — מאַמע טײַערע ! איין גרוב נאָכן צווייטן, ס'הייבט אָן שווינדלען פאַר די אויגן !

— און בעייס צופלוס ? — איז סערגיי פאַראינטערעסירט.

— בעייס צופלוס, ראַטעווע זיך ווער עס קען. איך בין איין מאָל שיִר ניט אײַנגעזונקען. דער מאָטאָר האָט זיך פֿאַרהאַקט. איך אייסעק זיך מיט אים אַ שאָ, צוויי שאָ, און דאָס וואַסער שפּאַרט ! אין דער לעצטער מינוט האָב איך זיך ספּראַוועט און בין אַרויפֿגעפֿלויגן אָף דריטער שנעלקייט. באַ דער ערשטער האַוואַריע פאַרהאַקט ער זיך, בלײַבט ער אָן אָטעם. דער ברעג, זעסטו דאָן, איז אַזאַ, נישטאָ זיך ווו אַהינצוטאָן. זעקס שאָ בין איך אָפּגעזעסן אין אַ שפּאַלט. כ'האָב אַלע הייליקע אָנגערופֿן ! אַן אַנגסט האָט מיך באַפאַלן !

— מוז מען, הייסט עס, פאָרשן דעם יאַם ווען מען פאָרט ?

דער שאָפער קוקט זיך אום מיט ביטל צו סערגייען.

— נו יאָ, פאָרשן ! מיר האָבן אַ רײַזע־פּלאַן.

און ער ווײַזט סערגייען אַן אָפּגעדרוקטן פּלאַן פון די צופלוסן און אָפּפלוסן.

דער שאָפער ווײַזט זיך אַרויס פאַר אַ ווױלן באָכער און ער רעדט אַבסאָלוט ניט צו סערגייען ער זאָל פאַרבלײַבן אָפן פיש־פאַנג.

— וואָס ביסטו, אַן אַסטראַכאַנער ? צו וואָסערע טײַוואָלים דאַרפסטו די פיש ? — זאָגט ער — דו הער זיך ניט אײַן צו דאָראָנינען, ער איז אַ מעטורעף, ער קען דיר די ציין פאַררײדן וואָס בעסער דאַרף מען ניט. איך אַליין בין אַ געגאַנוועטער, ווייס איך וואָס אַזוינס אָפן סאַכאַלין איז אַ ספּעציאַליסט.

— אַ געגאַנוועטער ?

— אַהאַ !

און ער קלערט עס ניט אויף, נאָר ער גיט אַ סוידעסדיקן שמייכל און האָט האַנאָע פון סערגייס שטוינען. דערנאָך דערציילט ער :

— איך האָב אַהער געבראַכט פיר אויטאָמאָבילן. איך האָב זיי אויסגערעגולירט, אײַנגעפאָרן, איבערגעגעבן לויט די אַקטן. געווען איז עס אין האַרבסט. באַלד קומט אָן די לעצטע שיף, מען דאַרף זיך אײַנפּאַקעווען. גיי איך צום נאַטשאַלניק פון דער אויטאָבאַזע : אַזוי און אַזוי, נעם, שרײַב אונטער, כ'איַל מיך. ער גיט אַ טראַכט, און זאָגט מיר : גוט, מאָרגן. און מאָרגן — באַץ ! — אָף צוויי אויטאָמאָבילן האָט מען די ליכט אַרויסגעגאַנוועט. אַהער, אַהין, דער נאַטשאַלניק נעמט מיך אַרײַן צו זיך, פאַרשליסט די טיר : „איך זעץ דיך אַוועק אָף הויז־אַרעסט ביז דער אויספאָרשונג". איך שרײַ, איך פאָדער דעם פּראָקוראָר. די שיף גייט אָפּ. און דער נאַטשאַלניק שטעלט פאַרבײַסן, בראָנפן, ס'ווײַב שטעלט אָן דעם פּאַטעפאָן. און ער זאָגט מיר : „אַזוי און אַזוי, וואַליאַ, נאַ דיר דײַנע ליכט, איך האָב דיך געגאַנוועט, ווײַל איך האָב ניט קיין מעכאַניקער, און אָן אַ מעכאַניקער איז קיין לעבן ניט. און דו, באַליידיק זיך ניט באָכער, ווייסט דאָך שוין — „אָסו" ! לאָדן זיך האָט פאַר דיר קיין זין ניט — ביז פרילינג וועסטו אַלצאיינס פון דאַנען

זיך ניט אַרויסרײַסן". מיר האָבן אויסגעטרונקען, פֿרײַנט געוואָרן. און שוין דעם צווייטן יאָר אַז איך אַרבעט. צוויי פּרעמיעס האָב איך שוין. אָפּן ביכל ליגן שוין בײַ מיר זעקס טויזנט. אַ.ס.וו. !

סערגיי איז זיך מוידע אַז ער וויל אַוועקפֿאָרן און ער פֿרעגט צי עס גייען אָפּ שיפֿן.

— אַ נאַר ווע֜סטו זײַן ! — זאָגט דער שאָפֿער און ענטפֿערט ניט אַף דער פֿראַגע. — צוריק אָפּן פֿישפֿאַנג פֿאָר ניט, נאָר אַוועקפֿאָרן האָסטו ניט צו וואָס. ביסט אַרײַנגעפֿאַלן — נוץ אויס די געלעגנהייט. דו ווייסט דען וואָס סאַכאַלין איז ? האָסט געהערט — קאַטאָרגע, קאַטאָרגע. געווען און נישטאָ מער. מייַנסט אומזיסט האָבן די יאַפּאַנער זיך אָן אים געקלאַמערט ? סאַכאַלין, דאָס איז אַן אוצער. דער אינדזל פֿון די אוצרעס, אָט וואָס סאַכאַלין איז !

דער געגאַנוועטער שאָפֿער רעדט מיט היץ.

— איך זע ביסט אַ פּאַטריאָט, — פּרוּווט סערגיי אַ שמייכל טאָן.

— ער, איך וועל אַף דיר אַ קוק טאָן אין אַ יאָר אַרום וואָס פֿון דיר וועט ווערן ! בײַ אונדז זײַנען אַלע פּאַטריאָטן. אַ.ס.וו. ! אָדער אַנטלויף, אָדער באַקום עס ליב. אַ קלוגער מענטש באַקומט ליב, אידיאָטן אַנטלויפֿן.

## VII

שפּיטאָל האָט מען גערופֿן אַ באַראַק, אַ שנעל אויפֿגעבויטן פֿון קלעצער, אַן אײַנגעטיילטן אַף זעקס זאַלן מיט אַ קאָרידאָר. אָנגעפֿילט האָט מען אים מיט קראַנקע נאָך ווען ער האָט זיך געבויט, דערנאָך איז שוין קיין צײַט נישט געווען, און דער שפּיטאָל איז געבליבן אָן אויוונס. זומער האָט מען וועגן אויוונס נישט געקלערט, און עס איז אויך קיין ציגל נישט געווען. האַרבסט־צײַט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אויוונס זײַנען נישט אַרײַנגערעכנט אין די אַרבעטס־פּלענער, און ציגל האָבן ערשט אָנגעהויבן אַרײַנקומען פֿונעם נאָך ניט פֿאַרטיקן ציגל־זאַוואָד.

טאָניאַ איז צו שטאַרק באַאומרויִקט מיט דעם געזונט־צושטאַנד פֿון סיאָמאַ אַלטשולער, זי זאָל קענען טראַכטן פֿון עפּעס אַנדערש. סיאָמאַ איז האָפֿענונגסלאָז שוואַך. דער דאָקטער זיפֿצט שווער אָפּ ווען ער גייט אַוועק פֿון אים, און ער פֿאַרלייקנט ניט פֿאַר איר זײַנע איבערטראַכטענישן.

איינמאָל לויפֿט טאָניאַ אַרויס נאָכן דאָקטער און פֿרעגט אים אָן אָטעם:

— איז פֿאַראַן אַ האָפֿענונג ?

— וואָסער האָפֿענונג ? — איז דער דאָקטער אויפֿגערעגט — וואָסער האָפֿענונג קען זײַן בײַ אַזעלכע באַדינגונגען ? דאָ קען מען דען היילן ? זיי וועלן אויספֿרירן. נישטאָ קיין אויוונס און וועלן ניט זײַן, אַלע שפּײַען דאָ אָפּן שפּיטאָל. מיר קענען דאָ אויספֿייגערן ווי די פֿעלדמײַז. אָט ווי !

אינעם זעלביקן טאָג איז טאָניאַ אַוועקגעלאָפֿן צום קאָמיוגישן קאָמיטעט. און זי האָט צום ערשטן מאָל באַמערקט, אַז די בלעטער נעמען שוין פֿאַלן, אַז אַפֿילע אַף דער זון שפּירט מען בלאָזן אַ האַרבסטיק קיל ווינטל.

— די קראַנקע פֿרירן אויס ! — האָט זי זיך מיט אַ געשריי אַרײַנגעריסן אינעם קאָמיטעט — אויב עס וועלן באַלד ניט זײַן קיין מוליערעס, נעם איך פֿון מיר אַראָפּ די אַכראַיעס... ניין, איך וועל שרײַבן אין צ. ק. אַ.! צו

סטאַלינען !... נו, איך ווייס ניט, אַנדריושאַ, דאָס איז דער טײַוול ווייס וואָס, מען מוז האָבן די אויוונס אומפּאַרזאַמט, פּאַרשטייסט ?

קרוגלאָוו איז אַליין געלאָפן זיך אײַנשטעלן פֿאַר די אויוונס. מען האָט באַשלאָסן מאָביליזירן די קאָמיוגיסטן און מאַכן די אויוונס אויסערן פּלאַן. נאָר די שווערקייט באַשטייט דערין וואָס מולירערס קאָמיוגיסטן זײַנען ניטאָ, און דער אומפּאַרטייִשער מולירער האָט זיך אײַנגעשפּאַרט — ער האָט שוין אַזוי אויך געאַרבעט אויסער דער צײַט אַפן אויפבוי פון דער נײַער ביוראָ־געבײַדע.

ווען טאָניאַ דערציילט סיאָמאַן וועגן דער לאַגע, ווערט ער אַזש בייז.

— פּאַרוואָס האָסטו מיך ניט געפרעגט ? אָדער איך טויג שוין אַף גאָר־ניט ? לויף גיכער רוף אַהער געגקען און וואַלקאַן, זאָלן זיי ברענגען ציגל און פּאַרמישן ליים. איך וועל אַליין אָנפירן מיט דער אַרבעט.

— דו ביסט דען אַ מולירער ?

— וואָס הייסט אַ „מולירער" ! איך האָב אַ קאָפּ. עפּעס פּאַרשטייט ער אין טעכניק ! און אויב מען דאַרף אַז אַן אויוון זאָל זיך הייצן און ציִען, וועט ער זיך הייצן און ציִען.

— לאָז עס אָפּ, סיאָמאַ, ביסט דאָך קראַנק... דער מוליאַר וועט קו־מען...

— איך וווּנדער מיך פּאָשעט, טאָניאַ, צו וואָס ריידן נאַרישקייטן. וואָ־סער מוליאַר, ווער וועט גיין, אַז ס'איז קיין פּאָר'אָרדענונג ניטאָ, אַז מען צערײַסט אים אַף שטיקער ? מען וועט דרייען די לירע אַ גאַנצן כוידעש ! און דאַרף איך ליגן און שטאַרבן אָן שום נוצן, אַז איך קען עפּעס אויפטאָן ? גיי, זאָג איך דיר, גיי און רוף די יאָטן, נאָר זאָלן זיי זיך צואײַלן, פּאַר־שטייסט... ווער ווייס וואָס עס קען זיך טרעפן, און איך וויל שוין ניט שטאַרבן ביז איך וועל ניט פּאַרענדיקן די אויוונס — ס'איז אַ פראַגע פון אייגנליבע... זאָל מען דעם שפּיטאָל אַ נאָמען געבן אַף מײַן נאָמען... אַפן נאָמען פון אַלטשוּל'ערץ — פּאַרוואָס ניט ?

סיאָמאַ איז געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז טאָניאַ האָט אים געפאָלגט און איז ווידער אַוועק אין קאָמיטעט. קרוגלאָוו האָט איר איבערגעגעבן די טרויע־ריקע נײַס : ניטאָ קיין ציגל.

מאַראָזאָוו איז געגאַנגען צו גראַנאַטאָוון און האָט בײַ אים געפּויעלט אַ צוזאָג אַף ציגל אין אַן אַנדערהאַלבן וואָכן אַרום. נעכטן האָט מען גע־בראַכט אַ ביסל ציגל פאַר דעם נײַעם ביוראָ־געבוי, נאָר זיי זײַנען איבער־געגעבן דעם אַרבעטס־פירער מיכאַליאָוו.

טאָניאַ איז אַוועק צו מיכאַליאָוון.

— איר זײַט פונעם זינען אַראָפּ ! — צעשרײַט זיך אַף איר מיכאַליאָוו — אַ כוידעש אַז איך וואַרט אַף די ציגל, כ'האָב אַ פּלאַן, כ'האָב אַ טערמין ! און וואָס מיר אויסבאָרגן ? ווער וועט אײַך גלייבן ? ווער זײַט איר ? איך בין ניט קיין נאַר, און לאָזט אײַך אָפּ פון אומזיסטן בעטן, גייט געזונט.

— איר זײַט ניט קיין נאַר, — שרײַט אַף אים טאָניאַ — נאָר איר זײַט אַ ביוראָקראַט און אַ טרוקענע נעשאָמע.

באַם אַרויסגיין האָט זי שיר ניט פון די פיס אומגעוואָרפן יעפּיפאַנאָוון, וואָס איז איר אַקעגן געקומען. טאָניאַ דערציילט אים אַן אויפגערעגטע וועגן די אויוונס, וועגן סיאָמאַן, וועגן דעם אַרבעט־אויספירערס ביוראָקראַטיזם.

יעפּיפאַנאָוו זידלט זיך קרעפּטיק אויס, ער אַנטשולדיקט זיך טייקעף

פאַר טאָניאַן און פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע. דערנאָך זאָגט ער איר אין דער שטיל, ווי אַ סאָד:

— און איך שפּײַ אָף אים. כ'האָב אַן אויסגאַנג. מיט יעפּיפאַנאָוון ווערט מען ניט פאַרפאַלן. קלײַב אונטער אַ מאַן פופצן אַבסאָלוט געטרײַע יאַטן?

— קלאָר? אַזעלכע וואָס זאָלן זיך ניט אָפּשרעקן. איך וועל אויך אונטער־קלײַבן. און זאָלן זיי זיך צונויפקומען נאָכן נאַכטמאָל הינטערן עס־זאַל, אַפן פוסטן פּלאַץ. עס וועט זײַן ציגל.

אין אָוונט זײַנען זיך אַפן פוסטן פּלאַץ צוזאַמענגעקומען אַ מאַן דרײַסיק. צווישן זיי אויך גרישאַ איסאַקאָוו און וואַלקאַ בעססאָנאָוו — זיי האָבן ניט לאַנג ערשט זיך אויסגעהיילט פון דער בלינדקייט, און אין אָוונט צעשפּאַרט זיי מאַמעש דער כיישעק אַקטיוו צו זײַן. אויך די איבעריקע האָבן כיישעק זיך אַרויסצוווײַזן. די געהיימע איניציאַטיוו זאָגט צו עפּעס אינטערעסאַנטס.

יעפּיפאַנאָוו פירט אָן:

— יאַטן! — קוקט ער זיך אַרום — קיין מאָסרים זײַנען צווישן אונדז ניטאָ?

— ביסט ניט אַפן ריכטיקן וועג! — ענטפערט וואַלקאַ פאַר אַלעמען.

— דאָברע! — זאָגט יעפּיפאַנאָוו — עס שטייט אונדז פאָר אַ גרויסע זאַך. מען דאַרף ראַטעווען די קראַנקע, אין שפּיטאָל זײַנען קיין אויוונס ניטאָ. קלאָר? צו אויוונס דאַרף מען ציגל. מיכאַליאָוו גיט ניט קיין ציגל. די ציגל ליגן לעבן דעם נײַעם ביוראָ. קלאָר?

באַשײַנפּערלעך איז אַלץ קלאָר. קיינער ווענדט ניט אָפּ. נאָר אָף אַלע־מענס פּנעמער שפּיגלט זיך צופרידנקייט.

— איך בין אַ מענטש אַ מיליטערישער, — זאָגט ווײַטער יעפּיפאַנאָוו.

— איך פיר די קאָמאַנדע. די דיסציפּלין און די אָרדענונג דאַרפן זײַן די שטרענגסטע. מײַנע פאַראָרדענונגען דאַרפן אוסגעפירט ווערן אומ־באַ־שטרײַט־לעך. קלאָר?

— צו דער זאַך, קלאָר.

— איז אָט. איצט גייען זיך אַלע פונאַנדער. אַלע מיטאַמאָל ניט גיין — מירן זיך פאַרשיטן. קיין פערד איז ניטאָ, און קיין פערד איז ניט נייטיק. מיט אַ פערד וועלן מיר זיך פאַרשיטן איינס און צוויי. שוין איז די פינצטערניש. קלאָר? שטילערהייט גייט יעדער איינער צו צום ביוראָ, — יעפּיפאַנאָוו באַ־ווײַזט דערבײַ ווי מען דאַרף זיך אונטערגאַנווענען און נעמען ציגל, וויפל איינער קען אָוועקטראָגן, און מיט אַ זײַט, ניט וואַרפנדיק זיך אין די אויגן, טראָגן צום שפּיטאָל. טאָניאַ אָרגאַניזירט דעם אָפּנעם פון די ציגל. אַבסאָ־לוטער סאָד. וועט איר באַגעגענען קרוגלאָוון אָדער וועמען פונעם קאָמיטעט — איז געשוויגן. די זאַך מוז מען טאָן, נאָר גנייווע איז עס דאָך, און דער קאָמיטעט דאַרף זיך דערצו גאָרניט אָנקערן.

— און איך בין אַ קאָמיטעט־מיטגליד, ווי איז מיט מיר? — דערהערט זיך קאַטיאַ סטאַווראָוואַס אַ פאַרצווייפלטער אויסגעשריי.

וואַלקאַ בעססאָנאָוו מאַכט אין דער רעגע אַ האַלבע מאַסקע פון אַ צײַ־טונג, פאַרשטעלט מיט איר דאָס פּאָנעם און דערקלערט גאַנץ רויִק:

— איך בין גאָרניט בעססאָנאָוו. איך בין אַן אומבאַקאַנטער אין אַ האַל־בער מאַסקע. געקומען, געטאָן און פאַרשוווּנדן.

יעפּיפאַנאָוו גיט זיך אַ קראַץ אינעם נאַקן און געפינט אַן אויסוועג.

— נו, איר ביידע ווייסט ניט פון גאָרניט. מען האָט אײַך געהייסן

טראָגן ציגל, האָט איר געטראָגן. דאָס איינגאָנצן. אַגעוו, יעדער איינער פון אײַך, אויב מען פּאַקט אײַך, איז איין ענטפער: כ'ווייס ניט. מ'האָט גערופן, בין איך געגאַנגען. איך איינער ענטפער פֿאַר אַלע!

די קאָמיוגיסטן פּראָטעסטירן: פֿאַרענטפערלעך דאַרפן זײַן אַלע.

— געהאָרכן אום־באַ־שטרײַט־לעך, — דערמאָנט זיי יעפּיפּאַנאָוו מיט אַ געהעכערטן קאָל — אַ נו, זיך פונאַנדערגיין! יעדער איינער וועט מוזן מאַכן עטלעכע רײַסן. קיין סאַך מיטאַמאָל ניט נעמען — איר וועט אײַך אײַנרײַסן. אַלעמען איז קלאָר? געגאַנגען.

און די אַרבעט הייבט זיך אָן, די פּרייַלעכסטע אַרבעט וואָס איז זיי ווען אויסגעקומען צו טאָן אַף דער בויונג. יעדערער ווײַזט אַרויס איניציאַטיוו: גענקאַ האָט עךגעץ געקראָגן אַ זאַק און טראָגט אינעם זאַק צו צוואַנציק שטיק ציגל, אַנדערע באַנוצן די פּאַסקעס, שטריקלעך, די קאָלדרעס אַפילע. קלאַוואַ טראָגט ניט מער ווי צו פיר ציגל, דערפאַר אָבער לויפט זי צוריקוועגס, קעדיי צו געווינען צײַט.

יעפּיפּאַנאָוו טראָגט באַגלײַט מיט אַלעמען, נאָר אַף זײַן בייַלעך פּאַלט אויס מער ווי יעדן איינעם — ער פֿאַרקערפּערט מיט זיך די קאָמאַנדע, די ראַציאָנאַליזאַציע און די באַשיצונג פון דער אַרבעט. ער לויפט אַהין און צוריק, אין וועג קוקט ער זיך צו צי איז ניטאָ קיין געפאַר, ער קוקט נאָך די יאַטן זאָלן זיך ניט אײַנרײַסן, מאַכמעס אַלע באַמיִען זיך טראָגן ווי ווײַט די קויכעס דערלויבן זיי. באַזונדער אומרויִק איז ער פאַר די מיידלעך, און מער ווי פאַר אַלע, פאַר סאָניאַן. ער פּרוּווט זי אָפּשיקן אַהיים, נאָר סאָניאַ וויינט אַזש פון באַליידיקונג.

— וואָס בין איך, אַ שטוביקע באַלעבאָסטע? לאָזט מיך צו רו, אַז ניט וועל איך אַוועקגיין און אַלץ דערציילן...

מען האָט גענומען באַ איר דאָס וואָרט, טראָגן ניט מער ווי צו דרײַ ציגל אַף אַמאָל. נאָר יעפּיפּאַנאָוו זעט ווי זי נעמט צו פינף און צו זעקס.

צום סאָף פון דער אַרבעט קומט אַרויס אַ ניט פאָרויסגעזעענע שוועריקייט. מען האָט שוין אָנגעטראָגן גענוג ציגל, אין שפּיטאָל האָט מען שוין אָנגעהויבן שטעלן דעם ערשטן אויוון און די יאַטן ווילן בעשום אויפן ניט אָפּשטעלן די אַרבעט.

— דו פאַרשטייסט ניט — שרײַט מיט טרערן אינעם קאָל קאַטיאַ סטאַוורָאָוואַ — אויב מיר זאָלן אַזוי איבערלאָזן, וועט מען באַלד זען אַז די ציגל האָט מען צוגעגאַנווערט. אַזוי וועט זײַן ליידיק. געווען און ניט געווען. באַווײַז אַז דאָרט איז געווען ציגל!

—ס'איז דאָך שוין פאַראַן גענוג!

— מען קען גאָרניט וויסן, — מערקט אָן פילבאַדײַטנדיק גענקאַ קאַליוזשני — ווייסט וואָסערע אויוונס סיאָמאַ פּראָיעקטירט? האָלענדישע, עקאָנאָמישע, מיט טאָפּלטער ציִוגג. צו זיי דאַרף מען האָבן אַ שלאַל מיט ציגל.

— מיט טאָפּלטער ציִוגג? — פאַרטראַכט זיך יעפּיפּאַנאָוו און באַפעלט: — נו, טראָגט, כאַפּט אײַך דער טײַוול, אַז גאַנווענען, איז ביז אַראָפּ.

מיט די לעצטע פיר ציגל שלעפּט זיך צו סאָניאַ. זי וואַרפט זיי אַראָפּ — זיי זײַנען באַ איר שיר ניט אַראָפּגעפאַלן — און זי זעצט זיך לעבן זיי אַוועק אַף דער ערד מיט אַראָפּגעהאַנגענע הענט.

יעפּיפּאַנאָוו לויפט צו צו איר:

— וואָס איז דיר, סאָניושקאַ ?

סאָניאַ הייבט אויף איר פאַרשוויצט גליקלעך פּאָנעם :

— גוט ! — איז זי אַנטציקט — אָפּגעליידיקט, ווי גאָרניט געווען. איך מיט קלאַוואַן האָבן מיר נאָך פאַרקערט און בלעטלעך אָנגעוואָרפן...

און אינעם שפּיטאָל הייבט זיך אָן איבערקערעניש. די קראַנקע טראָגט מען אַרויס אין קאָרידאָר, די טאַפּטשאַנעס שטעלט מען אַוועק אײנעם לעבן צווייטן אָן אַ דורכגאַנג — אַנדערש וואָלט פאַר זיי קיין פּלאַץ ניט געווען. ווען עמעצער פון די קראַנקע בעט עפּעס, ענטפערט מען אים :

— געדולד ברודערל, זעסט דאָך סאַראַ איבערגעלויף. דאָס איז דאָך פון אײַערטוועגן.

דעם טינק פאַרמישט מען אין עמערס און אין שיסלען.

מען נעמט פאַרשטייט זיך שרײַען :

— אַ נו, ברענגט אַהער דעם אינזשעניער !

און מען טראָגט סיאָמאַן אַפן טאַפּטשאַן פון איין זאַל אין צווייטן.

עס קומט צו לויפן דער דאָקטער, אַ פאַרשלאָפענער, אַ צערודערטער. ער דערקענט ניט זײַן שפּיטאָל און זײַנע כוילאָים. עס באַלעבאַטעווען אומעטום פאַרשמירטע, פרייליכע און אומבאַקאַנטע יונגעלײַט.

— דאָס איז דאָך העפקיירעס ! איכל ניט דערלויבן !... — פאַלט אָן דער דאָקטער אַף יעפּיפאַנאָוון. און ער בלײַבט שטיל. יעפּיפאַנאָוו ווערט רויט, כאַפּט אים אָן פאַר די לאַצן און זאָגט מיט אַזאַ טאָן וואָס דערלאָזט ניט אָפּענטפערן :

— איר זײַט אַ מענטש אַ באַוווסטזיניקער. די אויוונס דאַרפט א י ר און ניט א י ך. די ציגל זײַנען געגאַנוועטע. אינדערפרי וועט מען קומען נאָך זיי. ביז אינדערפרי, הייסט עס, מוזן די אויוונס זײַן פאַרטיק. קלאָר ? איצט קאָמאַנדעווע איך און ווײַטער קיינער.

— נאָר וואַרט אַ ווײַלע... וואָס הייסט געגאַנוועטע ? מען וועט דאָך מיך אויך פרעגן...

— ביטע, זאָל מען פרעגן, — ענטפערט העפלעך יעפּיפאַנאָוו — און איר נעמט אײַערע ברילן, ווישט זיי אויס און פרעגט מיט אַן אינטעליגענטער שטימע : וואָסערע אויוונס ? דאָ זײַנען שטענדיק געווען אויוונס, איך ווייס פון גאָרניט, איך האָב איבערגענומען דעם שפּיטאָל מיט די אויוונס, איר קענט דורכקוקן דעם אַקט...”

די קראַנקע אַרום קײַכן פאַר געלעכטער ווי געזונטע. דער דאָקטער טוט מעכאַניש אויס די פּענסנע, ווישט די גלעזלעך און הייבט מיט די אַקסלען :

— וואָסער אַקט ? ס'איז ניט געווען קיין שום אַקט !

— און איר זאָגט זיי אַקט. דאָס וועט מאַכן אַן אײַנדרוק. און נאָך אַלעמען, וואָס גייט עס אײַך אָן ? זײַנען די אויוונס אַוועקגעשטעלט, וועט זיי קיינער ניט דערלאָזן אַראָפּנעמען.

— עס וועט דאָך זײַן אַ סקאַנדאַל.

— זאָגט זיי אַז ס'האָט זיך באַוויזן אַ פאַל פון כאָליערע, פון שוואַרצע פּאָקן, אָדער שוואַרצע פּעסט... אײנס און צוויי זײַנען זיי אָפּגעוואַשן, זעט איר זיי שוין ניט פאַר די אויגן... — דער דאָקטער קאָרטשעט זיך און לאַכט. ער איז אין דער זעלביקער צײַט אויפגעבראַכט און ס'טוט אים האַנאָע.

— דאָקטער ! דאָקטער ! — שרײַט טאָניאַ און קוקט אַרויס פונעם עקסטן זאַל.

אַף איר פּאָנעם איז צו זען אַז ס׳איז געשען אַן ערנסטער אומגליק.
סיאַמאַ אַלטשולער הוסט, קען דעם אָטעם ניט כאַפּן און שרייַט אויס ניט בינזיקע האַלב־היציקע פּאַראַרדענונגען, ווי ער וואָלט נאָך אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. טאַניאַ האַלט אים פאַר די הענט און בעט אים זיך באַרויקן:
— אייַער אַוואַנטורע קען אים קאָסטן דאָס לעבן, — זאָגט דער דאָקטער צו די שטיל געוואָרענע קאַמיוגיסטן און עפּנט זייַן אויפנאַם־זאַל קעדיי אַהין אַרייַנצוטראָגן דעם קראַנקן.
די אַרבעט גייט ווייַטער, נאָר אַלע פילן זיך פאַרלוירן. קיינער ווייס ניט וואָס צו טאָן. וואָלקאָ בעססאָנאָוו ווייַזט אָן עפּעס אַן אַרבעט, נאָר פאַר־ענדיקן דאָס אייַנשטעלן די אויוונס, קען ער ניט. יעפּיפאַנאָוו לויפט אום פון איין זאַל אין צווייטן.
— לייגט צו אַ פּלייצע, ברידער... כאָטש ווי עס איז, קינדער, ברי־דער, כאָטש נאָר פאַרן אויג... — מורמלט ער און פילט זיך אינגאַנצן אוממעכטיק, — ער האָט אַף זייַן לעבן ניט געזען ווי מען שטעלט אַן אויוון...
און פאַר אים איז קלאָר, אַז די גלענצנדיק אָנגעהויבענע זאַך מוז באַריש און מיט ביזיוינעס דורכפאַלן.
נאָר די זאַך איז ניט דורכגעפאַלן.
קיינער האָט ניט באַמערקט ווי קלאַוואַ איז פאַרשוווּנדן, און אַרום האַל־בער נאַכט פליט זי אַרייַן אין שפּיטאָל און פירט מיט זיך אַ פּעטטן מאַנס־פּאַרשוין מיט רויטע פאַרשלאָפענע אויגן און אַ צעקנייטשטן פּאָנעם. דער מוליער איז עס. קלאַוואַ האָט אים אויפגעוועקט, האָט אים אייַנגעבעטן און פירט אים באַ דער האַנט, ווי דאָס וואָלט געווען אירער אַ טראָפּיי.
— און ער וועט ניט אויסגעבן? — באַקוקט יעפּיפאַנאָוו אומצוטרוי־לעך דעם מוליער.
— איך ווייס ניט... איך האָב אים שוין געזאָגט... זאָג דו אים...
— וואָס מאַכט איר, — זאָגט ער אים — שווייַגן קענט איר?
— וואָס איז דאָ צו ריידן? — רופט זיך פויל אָן דער מוליער און קוקט מיט אַ זייַט אַף דעם אוילעם קאַמיוגיסטן וואָס האָט זיך אַרום אים אַרומגעשטעלט.
— איר פאַרשטייט, ביז אינדערפרי מוז מען אָוועקשטעלן די אויוונס ווי זיי וואָלטן דאָ געוועזן געשטאַנען פון פריער. קענט איר?
— פאַרוואָס קען מען ניט? מ׳עט נאָר ניט באַווייַזן.
— איר׳ט באַווייַזן. דאָ האָט איר דרייַסיק יאָטן צוהעלפער — פייַער, איר דאַרפט נאָר ווייַזן און אָנשרייַען. קלאָר?
— אויב קלאָר איז צו וואָס ריידן? די אַרבעט איז אַן אומבאַצאָלטע, אָדער ווי?
— דאָס איז ווי דו ווילסט. מירן זיך דערוויף ניט שטעלן.
— אַ ביסעלע בראָנפן... — זאָגט ווייך דער מוליער — אַ ליטער־דיקס!
יעפּיפאַנאָוו צענעמט די הענט. בראָנפן פאַרקויפן איז אַף דער בויונג פאַרווערט.
— ס׳עט זייַן בראָנפן! — שרייַט אויס הינטער יעפּיפאַנאָוון מאָטקע זנייַדע — מאָרגן האָסטו בראָנפן, רייַנעם פּערציק־גראַדאָווע, אַן שווינדל.
די אַרבעט הייבט זיך ווידער אָן און אַזוי אַז דער מוליער שמייכלט נאָך

און מאַכט אויסרופן. ער האָט נאָך ניט געזען אַזוינע פלײַסיקע און ניט פאַרמאַטערלעכע אַרויסהעלפער.

— נו, זײַנען דאָס מוליערעס! — פלאַמט ער אין דער אַטמאָספער פון דער אונטערגעהויבענער אַרבעט — נו, באַנדיטן, וואַרעמע יאַטן, ס'האַרץ רײַסן זיי באַ דיר אַרויס!

דער שפּיטאָל שלאָפט ניט די גאַנצע נאַכט. דער אומפּאַרטייִשער מוליער און פופציק קאָמיוגיסטן — דרײַסיק געזונטע און צוואַנציק קראַנקע — רעגן זיך די גאַנצע נאַכט, קוקן אַפן העל־וועררנדיקן הימל דורך די שויבן, מונטערן זיך אייגער דעם צווייטן און פרייען זיך מיט יעדן דערפאָלג.

צווישן זיי דרייט זיך דער דאָקטער אַ גרינער פון רעגן זיך און ניט שלאָפן. ער איז צופרידן און דערשראָקן. דאָ כאַפּט ער זיך העלפן באַ דער אַרבעט, דאָ לויפט ער צו די קראַנקע. נאָר די קראַנקע ווילן גאָרניט.

— גאָרניט, גאָרניט, מיר איז גוט, — ענטפערן אַלע ווי איינער — איר העלפט זיי בעסער, מען זאָל באַווײַזן...

סיאָמאַ אַלטשולער ליגט אין היציקער האַלב־פאַרגעסנקייט. טאָניאַ מישט די וואַפּנע אין אַ ווינקל פונעם קאָרידאָר, זי כאַפּט אַ קוק דורך דער טיר אַף סיאָמאַן. זי פרייט זיך שוין ניט מיטן דערפאָלג, זי דרייט בלויז טעמפּ מיטן שטעקל איבעם עמער און שילט זיך אַליין פאַרוואָס זי האָט אים געפאָלגט און האָט אים דערלאָזט זיך אַליין אומברענגען מיט דער אַרבעט איבער זײַנע קויכעס. סיאָמאַ וועט שטאַרבן, וואָס וועט מיט איר דעמאָלט זײַן? אַגווערן סיאָמאַן וואָלט פאַר איר געווען אַ נײַער כורבן און זי ווייס ניט ווי זי וועט אים איבערטראָגן. וואָס בלײַבט איר אין לעבן, ווען איר איינציקער פרײַנט וועט אַוועק.

זי וויינט ווען זי זעט ווי סיאָמאַ שלאָפט אײַן אַ באַרויִקטער. און מיט דער באַרירונג פון אירע ליפּן צו זײַן פײַכטן שטערן כאַפּט זי אויף דאָס פאַלן פון דער היץ באַ אים.

אינדערפרי זײַנען אַלע זעקס אויוונס פאַרטיק. נאָר אָן די טירלעך. אינעם טומל האָט מען זיך פאַרגעסן אַף זיי, און ס'איז אויך ניטאָ ווו צו נעמען.

פאַרשמירטע, בלייכע, אויפגעהײַטערטע, גייען אַרויס די דרײַסיק אַרויסהעלפער מיט דעם מוליער פונעם שפּיטאָל, אָטעמען אָפּ מיט דער קילער פרימאָרגן־לופט און גייען זיך פונאַנדער אין אַלע זײַטן, קעדיי צוצוקומען מיט פאַרשיידענע וועגן, איינציקווײַז, צום עס־זאַל. סאָניאַ נאָר, וואָס האָט זיך גיט פאַרגונען די גאַנצע נאַכט אָפּצורוען, האָט זיך קוים צוגעשלעפּט צום בעטל און האָט מיט שרעק דערפילט אַ ברעכעניש אינעם גאַנצן לײַב און אַ באַנגעדיקן ווייטיק אינעם גאַרטל. גרישאַ טראָגט איר צו אַ קווערטל טיי, נאָר זי שלאָפט שוין און קרעכצט אינעם שלאָף.

אינעם שפּיטאָל קערן אויס, טאָניאַ, דער דאָקטער און די קראַנקן־שוועסטער, דאָס מיסט, ווישן אויס די פאָלן, און טראָגן אַרײַן אין די זאַלן די טאָפּטשאַנעס מיט די קראַנקע. דער דאָקטער, באַוואָפנט מיט אַ שמאַטע, איז אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט פון אָפּוואַשן די שפּורן פונעם באַנאַכטיקן פאָגראָם און זינגט זיך אונטער דער נאָז אַ בראָווורנע לידל. און אַפילע די שווער־קראַנקע לאַכן.

ווען די ציגל האָט מען זיך געכאַפּט באַלד, ווי נאָר דער אַרבעטס־טאָג האָט זיך אָנגעהויבן. דער אַרבעטס־אויספירער האָט געכטן מיט זײַנע אויגן געזען די ציגל צונויפגעלייגטע, און הײַנט זעט ער מיט זײַנע אויגן אַז די

ציגל זײַנען ניטאָ און גלײַך ווי ניט געווען. — אַף דעם אָרט ווו די ציגל באַדאַרפֿן זײַן, פּוילן האַרבסטיקע בלעטער און עס וואַלגערן זיך שוואַרץ־גע־וואָרענע סטרוזשקעס.

מיכאַליאָוו רײַבט אויס די אויגן, שפּאַנט אַרום דער בויונג און רופֿט אַרויס דעם פּאַרוואַלטער.

דער פּאַרוואַלטער רײַבט אויך אויס די אויגן, שפּאַנט צוויי מאָל אַרום די בויונג, און אַז ער זעט די ציגל זײַנען ניטאָ, דערקלערט ער בייז, אַז דאָס איז ניט זײַן זאַך, ער האָט איבערגעגעבן די ציגל לויט אַן אָנווײַז און מען האָט זיי געדאַרפֿט היטן.

עס האָבן זיך צונויפֿגעקליבן די קאָמיוגיסטן וואָס זײַנען אַרויס אַף דער אַרבעט. צווישן זיי זײַנען דאָ וואַלקאַ בעססאָנאָוו און גענקאַ קאַליוזשני, וואָס אַרבעטן בײַ מיכאַליאָוון, און קאַטיאַ סטאַוראָוואַ, אויס נײַגעריקייט. דער אויספֿירער און דער פּאַרוואַלטער שרײַען, די קאָמיוגיסטן שטוינען. וואַלקאַ, גענקאַ און קאַטיאַ קוקן זיך איבער און בײַסן זיך די ליפּן, קעדיי ניט צו לאַכן. עס קומט צו לויפֿן דער הויפּט־אינזשעניער סערגיי וויקענטיע־וויטש. קיינער פֿאַרשטייט ניט וואָס דאָ איז געשען. געווען זײַנען ציגל און די ציגל זײַנען ניטאָ.

— איר מוזט אַוודע האָבן אַ טאָעס, פּאַוועל פּעטראָוויטש — קומט קאַטיאַ צו מיטפֿילנדיק צו דעם אויספֿירער — וווּ־זשע זײַנען דאָ געווען ציגל? מען זעט דאָך אַפֿילע קיין שפּורן ניט, זעט — בלעטער און סטרוזש־קעס, ווו האָט איר ציגל? עפּשער האָט איר זיי אָפּגעלייגט ערגעץ אַנדערש?

נאָר מיכאַליאָוו, אַלס שפּורן־זוכער, באַקוקט די ערד, צעשאַרט מיט אַ שפּענדל די בלעטער.

— שפּורן! — שרײַט ער אויס מיט ניצאָכן און קוקט אַרויסרופֿעריש אַף די אַרומיקע — גאַנאָווים זײַנען דאָ געווען! — זאָגט ער מיט אַ שרעק־לעכן קאָל — פֿאַראַן אַף דער ערד דײַטלעכע אָפּדרוקן פֿון פֿיס!

— דאָס האָבן מיר דאָך איצט דאָ מיט אײַך אָנגעטראָטן! — באַמערקט אומשולדיק וואַלקאַ בעססאָנאָוו — אויב אויספֿאָרשן, וואָלט מען באַדאַרפֿט דאָס אָרט אַרומצאַמען, די מיליץ רופֿן, אַ הונט ברענגען. אָט ווי דאָס ווערט געטאָן. נאָר איצט, וועט דער בעסטער הונט אָנפּלאָנטערן, ער קען נאָך אײַך אַליין אָנכאַפּן פֿאַר די ליטקעס!

קיין שפּיר־הונט איז אַף דער בויונג ניטאָ, נאָר מיכאַליאָוו איז ווילד אין קאַס. און אינעם קאַס דערמאָנט ער זיך פּלוצעם, אַז די קאָמיוגיסטקע פֿונעם שפּיטאָל האָט אים נעכטן געבעטן ציגל און האָט אים אָנגערופֿן ביו־ראָקראָט און טרוקענע נעשאָמע.

— איך ווייס ווער עס האָט געגאַנוועט! איך וועל זי אין טורמע אײַנ־זעצן! — שרײַט מיכאַליאָוו און לאָזט זיך לויפֿן אין שפּיטאָל. נאָך אים לויפֿן דער פּאַרוואַלטער און דער הויפּט־אינזשעניער. די קאָמיוגיסטן שטייען, צעלאַכן זיך און גייען אויך אַוועק אין שפּיטאָל.

דער אויספֿירער, דער פּאַרוואַלטער און דער הויפּט־אינזשעניער רײַסן זיך אַרײַן אין שפּיטאָל און וואַרפֿן זיך אַרויף אַפֿן דאָקטער. דער דאָקטער ווערט בלייך און שפּיליעט זיך צו דעם כאַלאַט, ווי ער וואָלט אונטערגע־שטראָכן, אַז דער ווײַסער כאַלאַט מאַכט זײַן פּערזאָן אומבאַרירלעך...

— ווו זײַנען די ציגל, איך דער מאַמען אײַערער!... — שרײַט אויס מיכאַליאָוו און פֿאַרהאַקט זיך.

דער דאָקטער טרעט אָפּ, נעמט אַראָפּ די פּענסנע, ווישט אויס זאָרגעוו־
דיק די גלעזלעך, טוט זיי ווידער אָן און טוט אַ קוק אַפן אַרבעטס־אויספירער.
— איר זײַט אין אַ שפּיטאָל, בירגער, באַמיט אײַך ניט שרײַען! —
שיפּעט ער אויס דראָענדיק, און אונטער דער דראָונג באַהאַלט ער אויס זײַן
מוירע פאַר אַ סקאַנדאַל.
— ווו זײַנען די ציגל? — פליסטערט מיט אַ קוויטשיקל מיכאַליאָוו.
— וואָסערע ציגל? איר זײַט שיקער! דאָ איז ניט קיין סקלאַד, דאָ
איז אַ שפּיטאָל! — ענטפערט אויך אַזוי שטיל דער דאָקטער.
— איך בין ניט שיקער, — שרײַט פאַרצווייפלט מיכאַליאָוו — מען
האָט מיך באַגאַנוועט! איר זײַט אַ מערדער, בירגער דאָקטער, און מאַכט
אײַך ניט פאַר קיין קינד!
דער דאָקטער וויגט מיטן קאָפּ ווי ער וואָלט פאַר זיך געהאַט אַן אינ־
טערעסאַנטן פאַל פון פּלוצימדיקער מעשוגאַס און ווענדט זיך צום הויפּט־
אינזשעניער:
— וואָס איז געשען, סערגיי וויקענטיעוויטש? איך בעט באַ אײַך שוין,
איך בעט באַ אײַך אַן אויפקלערונג... איך וויל ניט אויסהערן...
— אויוונס! אויוונס! — שרײַט דער פאַרוואַלטער, וואָס האָט ביגנייווע
געכאַפּט אַ קוק אין איינעם פון די זאַלן — אויוונס שטייען אין די זאַלן!
דער דאָקטער ווערט גרין, נאָר ער הייבט גלײַכגילטיק מיט די אַקסלען
און מיט יענער „אינטעליגענטער שטימע", וואָס יעפּיפאַנאָוו האָט אים רע־
קאָמענדירט, זאָגט ער:
— וואָסערע אויוונס? וואָס קער זיך דאָס אָן צו די אויוונס? פאַראַן
אויוונס און געווען זײַנען אויוונס, איך האָב דעם שפּיטאָל איבערגענומען מיט
די אויוונס... איך פאַרשטיי בעעמעס ניט... איר קענט אַ קוק טאָן אינעם
אַקט...
— אָט לאָמיר אַ קוק טאָן, צי זײַנען זיי דאָ פריער געווען! — שרײַט
אַנטשלאָסן מיכאַליאָוו און לאָזט זיך אין זאַל אַרײַן. נאָר טאַניאַ שטייט אַנט־
שלאָסן אַף דער טיר.
— וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַרק? — פרעגט זי שטרענג — איך פאַר־
באָט אײַך באַאומרויקן די קראַנקע. פאַרשטאַנען? כ'פאַר־באָט אײַך.
און דער דאָקטער כאַפּט אָן דעם פאַרוואַלטער פאַרן אַרבל, וואָס פּרוווט
אַרײַנרײַסן זיך אין אַ צווייטן זאַל.
— ווהין קריכט איר אַן אַ כאַלאַט? — שרײַט ער און פאַרגעסט, אַז
ער האָט ערשט מיט אַ מינוט פריער געפאָדערט שטילקייט — באַ מיר זײַנען
דאָרט אַנשטעקנדיקע קראַנקע. אַן אינפעקציע, און איר קריכט!
דער פאַרוואַלטער טרעט אָפּ.
סערגיי וויקענטיעוויטש רײַסט זיך אַ סאָף מאַכן צו דער קאָמישער און
אומגעלומפּערטער סצענע, נאָר מיכאַליאָוו ווערט ווידער ווילד — ער דער־
קענט טאַניאַן.
— אָט איז זי, אָט איז זי די גאַנעווטע! — כאַפּט ער אָן טאַניאַן פאַר
דער האַנט — לייקן ניט, וועסט זיך אונטערן כאַלאַט ניט אויסבאַהאַלטן.
איך האָב דיך באַלד דערקענט!
סערגיי וויקענטיעוויטש גיט אַ שלעפּ צו זיך מיכאַליאָוון.
— דערקלערט מיר, פּאַוועל פּעטראָוויטש, אין וואָס באַשולדיקט איר

זי ? איר זאָגט אַז זי האָט געגאַנוועט די ציגל. וויאַזוי אָבער קען מען אין איין נאַכט אויפשטעלן אַזויפיל אויוונס ?

— אַבסורד ! פולשטענדיקער אַבסורד ! — איז מאַסקים דער דאָקטער, ווישט די פּענסנע און ווינקט צו טאָניאַן מיט זײַנע לאַכנדיקע קורצזיכטיקע אויגן. ער ווערט פאַרכאַפּט און הייבט אָן האַנאָע האָבן פון דער פאַרגעקומענער מעהומע.

— איך זאָג אײַך, אַז דאָס איז זי ! — שרײַט פאַרצווייפלט דער אויספירער — דאָס איז זי, דאָס זײַנען זיי, די קאָמיוגיסטן ! איך קען זייערע שפּיצלעך ! אָוועקגעפירט, אויפגעשטעלט, מיט בלעטלעך באַשיט !

— וואָס רעדט איר, פאַוועל פּעטראָוויטש — פאַר איין נאַכט זעקס אויוונס ? !

— יאָ, פאַר איין נאַכט ! זעקס אויוונס ! זיי קענען צוואַנציק אויפשטעלן, פערציק, איך קען זיי די שלאָגלער, איך קען זיי די היגטישע זין !

— ווער זײַנען עס אָט די היגטישע זין ? — פרעגט מיכאַליאָוון אין רוקן העפלעך און הויך וואַלקאַ בעססאָנאָוו, וואָס איז אַרײַן פונעם הויף אין שפּיטאָל אַרײַן.

— און איר וואָס טוט איר דאָ ? — שרײַט אַף אים אָן מיכאַליאָוו — פאַרוואָס זײַט איר ניט אַף דער אַרבעט ? וואָס איז דאָס פאַר אַ האָמוין ? — שרײַט ער ווען ער דערזעט דורך דער האַלב־צעעפנטער טיר די קאָמיוגיסטן.

— איר האָט דאָך קיין פאַראָרדענונגען ניט געגעבן — דערקלערט עס פּאָשעט וואַלקאַ און פאַרנייגט זיך פאַר אים נידעריק : אַ גוטינקער מאָרגן אײַך, דאָקטער !

עס ווערט שטיל אַ ווײַלע, נאָר דאָס שווײַגן ווערט איבערגעריסן מיט דעם דאָקטערס היסטערישן געשריי :

— און ביכלאַל בעט איך טייקעף אָפּליידיקן דעם שפּיטאָל ! — צעשרײַט ער זיך מיט זײַן פאַלצעט און גייט אָפּן אויספירער און שטופּט אים צו דער אַרויסגאַנגס־טיר — איך בין ניט קיין סקלאַדניק, איך בין אַ דאָקטער, איך דאַרף רו ! און איך בעט אײַך אַרויסגיין פון דאַנען !...

מיכאַליאָוו פילט אַז מען קען די זאַך ניט פאַרריכטן, גייט ער אַרויס, נאָר באַ דער שוועל הייבט ער אויף אַ ניט אַרויסגעקערטן ציגל־שפּליטער און פאַכעט דערמיט ניצאָכנדיק אין דער לופטן, און סטראַשעט מיט אַן אויספאָרשונג, מיט געריכט, און מיט דער טורמע. נאָך אים גייט אַוועק דער פאַרוואַלטער. דער דאָקטער גייט אַף שנעל אַרײַן אין אייגעם פון די זאַלן.

סערגיי וויקענטיעוויטש און טאָניאַ קוקן זיך איבער מיט אַ שמייכל.

— און איצט דערציילט מיר ווי איז עס פאָרגעקומען. ס'איז דאָך נאָך אַלעמען אַ סקאַנדאַל, די גאַנצע געשיכטע ! — זאָגט דער הויפּט־אינזשעניער.

טאָניאַ זיפצט אָפּ און ענטפערט מעיושעוודיק :

— וואָס־זשע האָט מען געזאָלט טאָן, ווען די קראַנקע האָבן געפרוירן ? טראַכט אײַך אַרײַן, סערגיי וויקענטיעוויטש. איך ראָט אײַך די זאַך צו פאַררײַבן. אַלצאיינס וועט מען די ציגל צוריק ניט נעמען.

דער הויפּט־אינזשעניער אַליין איז דערצו געניגט געווען. נאָר פאַררײַבן איז ניט געלונגען.

איבער דער גאַנצער בויונג האָט זיך שוין צעטראָגן די פריילעכע נײַס : קאָמיוגיסטן האָבן צוגעגאַנוועט ציגל און האָבן אין איין נאַכט אויפגעשטעלט זעקס אויוונס. דאָס נײַס האָט מען אויפגענומען מיט באַוווּליקונג, נאָר דאָס

איז געווען דאָס געפּערלעכסטע — זאָל מען דערויף אָוועקקוקן, וועט זײַן אַ סאָף צו דער דיסציפּלין.

אַנדריי קרוגלאָוו איז צערייצט און אויפגעבראַכט. באַזונדער אויפגע־בראַכט איז ער דערפון וואָס די יאַטן האָבן אויסגעמיטן דעם קאָמיטעט, האָבן אים אַליין אָפּגענאַרט און זײַנען אינדערפרי אַפילע ניט געקומען כאַראָטע האָבן.

מאַראַזאָוו זאָגט:

— זיי זײַנען, פאַרשטייט זיך, בראַווע יאַטן. נאָר באַשטראָפן וועט מען זיי דאַרפן דעמאָנסטראַטיוו.

און דאָ נאָך האָט דער אַרבעטס־אויספירער אַרײַנגעטראָגן אינעם קאָמ־יוגישן קאָמיטעט אַ לאַקאָנישע און קאַטעגאָרישע מעלדונג:

צום קאָמיטעט פונעם קאָמיוג

פונעם אַרבעטס־אויספירער פּ. פּ. מיכאַליאָוו.

## מעלדונג

אדער די שולדיקע, געמיינע גאַנאָווים, וועלן אויסגעשלאָסן ווערן פונעם קאָמיוג, אדער איך פּ. פּ. מיכאַליאָוו וואַרף טייקעף די אַרבעט און פאָר אָוועק פון דער בויונג, ווארעם מיט גאַנאָווים אַרבעטן קען איך ניט.

פּ. פּ. מיכאַליאָוו

פעסטשטעלן די שולדיקע איז ניט שווער. קרוגלאָוו האָט זיי אין די אויגן דערקענט, אין זייערע באַשיידענע שמייכלען, אין זייער שולדיקן און שטילן ריידן.

יעפּיפאַנאָוו קומט אַליין צו צו קרוגלאָוון.

— כ'בין שולדיק, אַנדריושאַ, שולדיק. כאַווער קרוגלאָוו! טו ווי דו ווילסט. איך האָב אָנגעפירט, איך בין פאַראַנטוואָרטלעך. די יאַטן זײַנען דערצו ניט שײַעך, מײַן אַכראַיעס. אַזוי אַז נעם עס אין אַכט.

אַנדריי ווייס ניט וואָס צו טאָן. אויסשליסן די שולדיקע קען מען ניט, נאָר אויך פאַרלירן דעם אויספירער דראָט מיט קאָמפּליקאַציעס — מיכאַליאָוו איז אַ געניטער בויער, און פון אַ צווייטן באַקומען און דערצו האַרבסט־צײַט, ווײַט פונעם צענטער, איז ניטאָ וואָס צו טראַכטן אַפילע. דערצו נאָך פאַ־דערט די העפקייערס פון די קאָמיוגיסטן אַנטשלאָסענע און אומבאַדינגטע פאַראורטיילונג.

אין אָוונט פּאַסירט אַ נײַע אומאָנגענעמלעכקייט. דער איבערגעטרונקע־נער מוליער איז ווילד געוואָרן און שרײַט אַף דער גאַנצער גאַס און שטעלט אַרויס זײַן האָריקע ברוסט אַפן ווינט:

— טרעט אָפּ, אַמור, עס גייט דער קאָמיוג! אײַ, באַנדיטן, וואַרעמע יונגען, האַרציקע! ווער וויל אַף אַ געוועט! כ'וועל אין איין נאַכט הונדערט אויוונס שטעלן! טויזנט אויוונס וועל איך אויפשטעלן! אַ מיליאָן וועל איך אויפשטעלן! מיט מײַנע טײַערע האָב איך פאַרן טײַוול קיין מוירע ניט! וואַרעמע יאַטן, געניייווישער פאָלק!...

ער דערזעט קרוגלאָוון, וויגט ער זיך צו צו אים און צעגעמט די אָרעמס:

— קאָמיוג טײַערער, פאַרשרײַב אין קאָמיוג! אַף דער עלטער פאַרשרײַב, האַרציקער, איך בעט דיך, פאַרשרײַב.

אין אָוונט קומט זיך צונויף אַן עקסטרע זיצונג פונעם קאָמיוג־קאָמיטעט. עס זײַנען אויך דאָ דער הויפּט־אינזשעניער און מאָראָזאָוו, אַרויסגערופן האָט מען טאָניאַן און יעפּיפאַנאָוון, צו די באַשולדיקטע האָט מען צוגערעכנט קאַטיאַ סטאַווראָוואַ און וואַלקאַ בעססאָנאָוו — ווי קאָמיטעט־מיטגלידער וואָס האָבן דערלאָזט צו דער ציגל־גנייווע און האָבן זיך אין איר באַטייליקט. קאַטיאַ זיצט אַ שטילינקע און שרײַבט אַרײַן געוויסנהאַפטיק אינעם פּראָטאָקאָל אַלץ דאָס שלעכטס וואָס מען זאָגט וועגן איר.

וואַלקאַ בעססאָנאָוו איז ניט געקומען. מען האָט געשיקט נאָך אים, נאָר ער איז אין דער היים ניט געווען און אויך ניט אַף דער אַרבעט, קיינער ווייס ניט ווו ער איז אַהינגעקומען.

— כ׳הייב ניט אָן וויסן, — זאָגט קאַטיאַ ווען מען פרעגט זי — ער איז צו מיר ניט צוגעגייט.

טאָניאַ דערציילט אַן אויפגערעגטע וועגן דער לאַגע אין שפּיטאָל און וועגן מיכאַליאָווס אָפּזאָג צו געבן ציגל. זי איז מוידע איר שולד, נאָר נאָך מער זײַנען שולדיק די פירער — דער שפּיטאָל איז נייטיקער ווי די ביוראָ, און אינעם שפּיטאָל פרירן קראַנקע כאַווייירים, שלאָגלער פון דער בויונג.

יעפּיפאַנאָוו דערציילט אָרנטלעך די גאַנצע געשיכטע מיט דער ציגל־גנייווע, נאָר ער פּרווט נעמען די גאַנצע שולד אַף זיך. ער פאַרזיכערט, אַז די אַנדערע האָבן וועגן דער גנייווע ניט געוווּסט און האָבן די באַנאַכטיקע אַרבעט אָנגענומען ווי אַ געוויינלעכן אַלאַרם.

— אָט דאָס איז שוין אַ ליגן! — שפּרינגט אויף קאַטיאַ און ווערט רויט — אַלע האָבן מיר געוווּסט און מיר האָבן אַבסאָלוט ניט געגאַנוועט, נאָר גענומען פאַרן שפּיטאָל, ווײַל די קראַנקע איז קאַלט... און אויב מען דאַרף עמעצן דערפאַר אויסשליסן, טאָ שליסט אויס מיך — איך בין אַ קאָמיטעט־מיטגליד און בין מער פון אַלעמען שולדיק!...

— וואַרט אַ ווײַלע, סטאַווראָוואַ, — זאָגט מאָראָזאָוו — דו זאָגסט מען האָט ניט געגאַנוועט, נאָר פּאָשעט גענומען. וואָס מיינט עס — פּאָשעט גענומען?

קאַטיאַ קוקט זיך אַרום פאַרלוירן.

— נו, איך ווייס ניט ווי דאָס צו דערקלערן, — מורמלט זי — מיר האָבן דאָך ניט פאַר אונדז, ווי פאַרשטייט איר עס ניט... מיר האָבן דאָך ניט פאַר אונדז!...

אַנדריי קרוגלאָוו איז מיטן גאַנצן האַרצן אַף קאַטיאַס זײַט און אַף דער זײַט פון די אַנדערע באַטייליקטע, נאָר ער פילט אַף זיך אַ כויוו צו פאַראורטיילן דאָס אַנאַרכישע באַגיין זיך פון די קאָמיוגיסטן. ער האָט גענומען ריידן וועגן גנייווע, וועגן אומבאַוווסטזיניקייט, וועגן דעם שאָדן פון אַנאַרכיע, וועגן דעם בײַשפּיל וואָס זיי וואָלטן באַדאַרפט ווײַזן די קאָמיוגיסטן, וועגן דעם שיקערן מוליער...

אין דער מינוט דערהערט זיך אַ געפּילדער אינעם קאָרידאָר. ניט אַנדערש דער שיקערער מוליער אַליין איז געקומען באַשטעטיקן קרוגלאָווס ווערטער. די טיר צעעפנט זיך מיט אַ גערויש און אינעם צימער רײַסן זיך אַרײַן די קאָמיוגיסטן, אָנגעפירט פון וואַלקאַן.

— וואָס איז דאָס נאָך אַזוינס? — פרעגט שטרענג קרוגלאָוו.

— דאָס זײַנען מיר אַלע באַטייליקטע, — זאָגט וואַלקאַ און נעמט אַראָפּ דאָס היטל און גלעט זיך שטאַרק צו די שויבערס אָפּן קאָפּ — דאָ זײַנען מיר זעקס און צוואַנציק מענטשן. סאָניאַ איסאַקאָוואַ איז ניט געקומען, זי איז ניט געזונט, די איבעריקע דרײַ קענט איר.

— ווער האָט אײַך גערופן, ווייסטו ניט ? — שטיקט אין זיך קרוגלאָוו דעם געלעכטער.

— דאָס געוויסן ! — שרײַט פֿײַערלעך אויס וואַלקאַ און באַקוקט זײַן גאַנצע כאָפּטע, קעדיי צו באַקומען זייער האַסקאָמע. די יאַטן זײַנען מאַסקים.

— דער קאָמיוגישער געוויסן האָט אונדז אַהער געבראַכט. די יאַטן ווילן אַז אַלע זאָלן טראָגן די אַכראַיעס אָדער קיינער ניט. די יאַטן פֿאָדערן מען זאָל באַשטראָפֿן אַלעמען.

— האָב קיין מוירע ניט, אַלע וועלן באַקומען.

— האָבן מיר ניט דאַקעגן. איך וויל נאָר מעלדן, אַז מיר, די זעקס און צוואַנציק מענטשן, זײַנען מיר ערשט געווען באַ פּאָוועל פּעטראָוויטשן און מיר האָבן מיט אים אָפּגעמאַכט.

— וואָס מיינט עס איר האָט אָפּגעמאַכט ?

— אַזוי ווי מיקויעך די עיגל ? — שטעלט אַרײַן מאַראָזאָוו.

— אַף אַן אַנדער אויפֿן, — גיט אַ זיפּץ וואַלקאַ — מיט גוטן... מיר האָבן אים געבעטן אַנטשולדיקונג. מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר וועלן מער ניט. מיר האָבן אים צוגעזאָגט אַרבעטן שלאָגלעריש. אויך האָבן מיר אים צוגעזאָגט אויפֿשטעלן די אויוונס אַזוי, שלאָגלעריש, אין דער ביוראָ, אין איין נאַכט... מיר זײַנען שוין געניט !

— דער אַלטער האָט זיך פֿון אָנהייב צעשריגן, דערנאָך זיך אַפֿילע צעוויינט, אַזוי האָבן מיר אים אַרומגעאַרבעט — איז קלאָוואַ אַרויסגעשווומען פֿון הינטער וואַלקאַס רוקן און איז רויט געוואָרן.

מאַראָזאָוו קײַכט פֿון געלעכטער.

קרוגלאָוו קען זיך מער ניט אײַנהאַלטן און צעלאַכט זיך אויך. די אָנשטרענגונג איז אויסגעלאָדן. די פֿראַגע איז געלייזט. מען דאַרף אויסזידלען די קאָמיוגיסטן, נאָר אָגדרייען ווילט זיך ניט: ער פֿאַרשטייט זיי און שפּיגלט זיך אין זייער כאַווערישער אייניקייט.

— איז אָט וואָס, — זאָגט ער אַפֿן סאָף — איז אײַך קלאָר, אַז איר זײַט אײַך באַגאַנגען ניט קאָמיוגיש, אַז איר זײַט באַגאַנגען אַ שעדלעכע אַנטיגעזעלשאַפֿטלעכע טאַט ?

— קלאָר ! — שרײַען אויס אין כאָר אַלע שולדיקע.

— פֿאַרשטייט איר אַז מען וועט אײַך מוזן פֿאַראורטיילן אינעם אָנגעזיכט פֿון דער גאַנצער שטאָט ?

— מיר פֿאַרשטייען... איז וואָס־זשע... נאַטירלעך... — ענטפֿערן שוין צעוואָרפֿן אומזיכערע, דערשטיקטע קולעס.

— ווייסט איר אַז פֿאַר אַזעלכע שטיק קומט אויסצושליסן פֿונעם קאָמיוג ?

עס דערהערט זיך אַן אַלגעמיינער זיפּץ, נאָר קיינער זאָגט גאָרניט.

— און איצט גייט... אָדער ניין, איר קענט דאָ בלײַבן, נאָר ניט טומלען.

און נאָך אַ קורצער באַראַטונג, האָט דער קאָמיוגישער קאָמיטעט באַשלאָסן: אַרויסטראָגן אַ פֿאַרוואָרף אַלע קאָמיוגיסטן, וואָס האָבן זיך באַטיי-

ליקט אין דער ציגל־גביירווע; וואָסיאיעוואַן און יעפּיפּאַנאָוון, ווי אָרגאַניזאַ־טאָרס, און סטאָוראָוואַן און בעססאָנאָוון ווי קאָמיטעט־מיטגלידער, אַרויס־טראָגן אַ שטרענגן אויסרייד מיט וואָרענונגען.

— ריכטיק! ריכטיק! — שרײַט אויס יעפּיפּאַנאָוו — איך, אַ טויכער, אַ מיליטערישער מענטש, אַ דעמאָביליזירטער פונעם רויטן אַרבעטער־פּויע־רישן פלאָט, האָב עס טאָפּלט פאַרדינט. צום ערשטן מאָל, אַז איך באַקום אַ סאַנקציע — נאָר כ׳האָב עס פאַרדינט!

ער איז דורך און דורך אויפריכטיק, נאָר נאָך דער זיצונג, ווען אַלע צעגייען זיך, רופט ער אויס, פונקט אַזוי אויפריכטיק:

— און די אויוונס שטייען פונדעסטוועגן, וואָס דאָס וואָלט נייטיק גע־ווען צו באַשטעטיקן!

מאַראָזאָוו גייט אַרויס אינאיינעם מיט דעם הויפּט־אינזשעניער.

— זײַנען אַלע באַשולדיקטע באַשטראָפט אָדער ניט? ווי מיינט איר, סערגיי וויקענטיעוויטש?

— ס׳הייסט... צי זײַנען אַלע געקומען?...

— זיי זײַנען אַלע געקומען! ס׳אַרנטלעכע פאָלק. נאָר אָט, ווער איז שולדיק דערין וואָס דער שפּיטאָל האָט קיין אויוונס ניט געהאַט? ווער איז שולדיק דערין וואָס מען האָט די ציגל אַרויסגעגעבן פאַר דער נײַער ביוראָ פריִער ווי פאַרן שפּיטאָל? איך וואָלט וועלן אַז די אַלע שולדיקע זאָלן אַליין קומען פאַרן פּאַרטיי־קאָמיטעט. אַגעוו, בין איך ניט קיין גאַדלען, איך קען זיי בעטן קומען.

סערגיי וויקענטיעוויטש מורמלט:

— נאַטירלעך, זייער ניט געלונגען אַרויסגעקומען...

— ניט געלונגען?... איר ווייסט, מײַן טײַערער, מיר דוכט זיך טייל־מאָל, אַז באַ אונדז קומט שוין צו אָפּט אַרויס ניט געלונגען. און אַלץ קלוגע מענטשן. איז עפּשער גייט עס ניט אינעם געלינגען?

טאָניאַ יאָגט זיי אָן.

— סערגיי וויקענטיעוויטש!... קיין טירלעך האָבן מיר ניט... איז עפּשער קען מען אויסשרײַבן פונעם סקלאַד?

— וואָס־זשע, אײַך האָט שוין קיין פּולווער ניט געקלעקט די טירלעך אויך אָוועקצושלעפּן?

— ניין, סערגיי וויקענטיעוויטש, — שטייט צו אים צו טאָניאַ — מאָרגן דאַרף מען שוין הייצן, איז ווי קען מען אָן די טירלעך?

— גיי, גיי, ערגער זיך ניט, — גיט איר מאַראָזאָוו אַ גלעט איבערן אַקסל און שטופּט זי ווייך אונטער — סערגיי וויקענטיעוויטש וועט שוין מאָרגן טאָן וואָס מען דאַרף. ריכטיק, סערגיי וויקענטיעיטש?

אָפן צווייטן טאָג איז, מיט געלעכטער און שפּאַס, אָף אַ באַפעל פון דער ביוראָ, געקומען אין שפּיטאָל דער אויסגעניכטערטער מוליער, פאַרענ־דיקן אײַנשטעלן די אויוונס.

## VIII

סאָניאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט זייער פרי. אין צימער איז פינצטער, מען זעט קוים דאָס פענצטער. גרישאַ שלאָפט, שנאָרכט און זיפצט פונעם שלאָף.

סאָניאַ ווייס ניט וואָס אַזוינס האָט איר געצווונגען זיך אויפצוכאַפּן. עפּעס איז ניט גלאַטיק. אָן אומרו דריקט אָף איר.

סאָניאַ הערט זיך איַין, זי קוקט זיך שאַרף איַין אין דער גרויער פינצ־טערניש, — צי ניט פון דאָרטן רוקט זיך אָן דער איַינדרוק פון דעם אומ־גליק. נאָר אינעם באַראַק און אַרום דעם באַראַק איז אַלץ רויִק. דער אומרו איז אין איר גופֿע. אין איר אַליין קומט עפּעס פאָר. אָבער וואָס ? דאָס קען זי ניט פאַרשטיין.

זי ליגט און דערוועגט זיך ניט אויפשטיין. איר שרעקט די שטילקייט און די גרויע פינצטערניש. עס שרעקט איר גרישאַס שווערער שווערער שלאָף. זי האָט אַן איַינדרוק ווי זי וואָלט זיַין איינזאַם, איבערגעלאָזט צו זיך אַליין און צו דעם נאָך ניט אויסגעקלערטן אומגליק, וואָס איז היַינט באַנאַכט געשען.

„וואָס ?... — פרעגט זי זיך — אָבער וואָס ? וואָס ?...”

דער פרימאָרגן רוקט זיך אָן אַזוי פּאַמעלעך, אַזוי ניט גערן צעוועקט זיך דאָס לעבן ! נאָר איין מאָל האָט עמעצנס טיר אַ קלאַפּ געטאָן, און ווידער איז איַינגעשטעלט אַ שלעפעריקע שטילקייט. „שוין ציַיט, שטיי אויף” — ווענדט זיך סאָניאַ אין געדאַנק צום דערפל. נאָר דאָס דערפל קלאַמערט זיך אָן דער נאַכט מיט דעם לעצטן שטאַרקן שלאָף.

הינטערן פענצטער בלאָזט אַ ווינט. זיַין קאַלטער אָטעם דרינגט אַריַין דורך די שפּאַרונעס. סאָניאַ קאָרטשעט זיך איַין, ציט אַרויף די קאָלדרע; איר פוס באַרירט דעם קאַלטן עק פונעם ליַילעך, און איבערן ליַיב גייען איר דורך מוראַשקעס. עס פיבערט איר פון אָפּקילנדיקן שווייס. זי דרייט זיך אום אַף אַ זיַיט קעדיי זיך איַינצוואַרעמען, און מיטאַמאָל דערפילט זי אונ־טער זיך אַ קלעפּיקע פיַיכטקייט. זי וואַרפט שנעל אַראָפּ פון זיך די קאָלדרע און שריַיט אויף — געדיכט קלעפּיק בלוט באַדעקט דאָס ליַילעך.

— וואָס איז עס ? — רעדט זי אַרויס אַפן קאָל און קוקט זיך הילפלאָז אַרום — גרישאַ ! — שריַיט זי אויס אין אַ מינוט אַרום און ציט אַרויף די קאָלדרע ביז דער גאָמבע, קעדיי ניט צו זען דעם שרעק — גרישאַ שטיי אויף !

און זי דערמאָנט זיך טייקעף אָן די ציגל, ציגל, ציגל, ציגל... זיי שווינדלען פאַר איר, רויטלעכע, לעכערדיקע, אָפּגעקלאַפּטע, שווערע, ניט מער ווי צוויי־דריַי... דערנאָך אַזאַרט, איַילעניש... פינף און זעקס און זיבן... אַ ווייטיק אינעם גאַרטל, שווערקייט, שווערקייט, אַ נאָגנדיקער ווייטיק... נאָר צי דען קען זי אָפּשטיין ?... און די וואַפּנע — אַ געדיכטער טייג מיט פּלאַצנדיקע בלעזלעך און דאָס דרייען, דאָס דרייען מיט דעם שטעקן... און פון דעם דרייען נעמט איר ברעכן דער רוקן... נאָר צי דען קען זי אַוועקגיין ?

— גרישאַ ! — שריַיט זי אויס פאַרצווייפלט און שלעפּט דעם מאַן פאַרן אַקסל.

ער שפּרינגט טייקעף אויף. דאָס פאַרשלאָפענע פּאָנעם שמייכלט, די אויגן זיַינען צוגעמאַכט. זי געפינט ניט די ווערטער אַף צו דערקלערן. איר איז אַ בושע און ס'איז איר שרעקלעך.

— שוין ציַיט אַף דער אַרבעט, גרישאַ, — זאָגט זי — שטיי אויף, שטיי־זשע אויף !

— ס'איז נאָך פרי... — מורמלט ער און פאַלט צוריק אַפן קישן — איכל נאָך אַ קאַפּעלע... די מינוט...

מיט שרעק זעט זי ווי ער שלאָפט ווידער איַין. ווי זאָל זי אים זאָגן ? און וואָס זאָל זי טאָן ? זי פילט ניט קיין שום ווייטיק, נאָר שרעק און דעם איַינדרוק פון אומגליק.

און מיטאַמאָל גיט זיך איבער איר איַינדרוק צו אים. זיי זיַינען צווישן

זיך צו אײניק. אײנעמס שטימונג גיט זיך שטענדיק איבער צום צווייטן. ער עפנט טייקעף די אויגן און פרעגט אַ דערשראָקענער:

— וואָס?

זי ווייס אַליין ניט וואָס. זי כאַפּט אים אָן פאַר דער האַנט און זאָגט:

— איך ווייס ניט. זייער שלעכט.

און זי צעווייגט זיך, זי פאַרשטייט שוין אַז מיט איר איז געשען אַן אומפאַררעכטלעכער אומגליק.

אין אַ האַלבער שאָ אַרום גייען זיי אַרויס פונעם באַראַק. דאָס דערפל שלאָפט נאָך. דער פריִער פרימאָרגן באַגעגנט זיי מיט אַ ווינט. סאָניאַן איז דער ווינט אָנגענעם, ער מונטערט זי. זי שפּאַנט פאַמעלעכן, אונטערגעהאַלטן פון גרישאַן, און וואָס אַ שפּאַן ווערט זי אַלץ שוואַכער, און עס איז איר אַלץ שווערער צו מאַכן ווײַטערדיקע שפּאַן.

— איך קען ניט מער — זאָגט זי מיט ווײַס־געוואָרענע ליפּן און בלײַבט שטיין. זי פאַלט שיר אום. זיי שטייען, פול מיט פאַרצווייפלונג.

— איכל דיך צוטראָגן — זאָגט ער צום סאָף און הייבט זי פאָרזיכטיק אויף.

סאָניאַ האַלט גרישאַן אַרומגעכאַפּט דעם האַלדז און ליגט אַף זײַנע הענט באַקוועם און רויִק.

אַמאָל איז שוין געווען אַזוי. זיי זײַנען נאָך ניט געווען כאַסענע געהאַט. זיי האָבן געשפּאַצירט אין דער טײַגע, געקראָכן איבער אײַנגעוואָלגערטע שטאַמען, געשפּרונגען איבער ריטשקעס, פון בערגעלע צו בערגעלע זיך אַריבערגעקליבן איבער זומפּיקע נידערטאָלן. זיי האָבן זיך געקושט, זיך געהאַלטן בײַ די הענט, זיך געפרייט מיט יעדער באַרירונג. סאָניאַ האָט די פיס אײַנגענעצט. „איך וועל דיך אַריבערטראָגן" — האָט ער געזאָגט. ניין, ניין, זי אַנטשליסט זיך ניט. נאָר ער האָט זי אַזוי געבעטן: „נו, לאָז, איך וועל דיך נאָר צוהאַלטן..." ער האָט זי אַרומגענומען און האָט ניט געוואָגט זי צוצודריקן צו זיך. זי האָט אים אַליין ניט דרייסט אַרומגענומען בײַם האַלדז. און ער האָט זי געטראָגן, אַ ביסל אַ פאַרסאַפּעטער, אַ גליקלעכער, אַ שטאָלצער...

אויך איצט סאַפּעט ער אַ ביסל. זי הערט זײַן שטאַרקן, זײַן רײַסנדיקן אָטעם. נאָר ווי אומגליקלעך זײַנען איצט ביידע! ער קוקט איר טיילמאָל אַרײַן אין פּאָנעם און פרעגט זי שטיל: „ווי פילסטו זיך?" — „נישקאָשע — פליסטערט זי — נישקאָשע... דיר איז ניט שווער?"

אים איז זייער שווער, די הענט טערפּניען אים. נאָר ער טראָגט זי, ער איז אײַנגעעקשנט, ער וויל זיך ניט מודע זײַן, אַז ס'איז איבער זײַנע קויכעס זי צו דערטראָגן. נאָר קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ.

באַם שפּיטאָל לאָזט ער זי פאָרזיכטיק אַראָפּ אַף דער ערד. אים איז טונקל פאַר די אויגן פון אומרו און פאַרמאַטערטקייט. דער דאָקטער איז נאָך ניטאָ. טאָניאַ שלאָפט אַף אַ טאַבורעטקע, אין אַ ווינקל צוגעשפּאַרט. די קראַנקן־שוועסטער איז ערשט געקומען און קוקט פײַנטלעך אַף סאָניאַן.

— בײַ מיר איז אַ בלוט־שטורץ... זייער אַ שטאַרקער... — זאָגט סאָניאַ, און די ליפּן ציטערן בײַ איר.

די קראַנקן־שוועסטער דערקענט זי.

— אָך, דו גאָט מײַנער! — שרײַט זי אויס און נעמט אַרומשמײַען.

זי לייגט ווי עס איז אַוועק סאָניאַן, כאַפּט אַף זיך אַ שאַלכל און לויפט צום הויז ווו דער דאָקטער וווינט. זי לויפט און מערקט ניט די קעלט.

— סעמיאָן ניקיטיטש! סעמיאָן ניקיטיטש! — שרייַט זי און קלאַפּט מיט דער פויסט אין דער טיר.

טאַראַס איליטש לאָזט זי אַרייַן. דער דאָקטער איז נאָך אינעם אונטערשטן וועש, נאָר זי לייגט דערויף קיין אַכטונג ניט.

— מיט אונדזער קינדעלע... אַן אומגליק... — זאָגט זי און וויינט שיר ניט.

— מיט וואָסערן קינדעלע? וואָס רעדט איר?

— מיט דעם צוקונפטיקן... מיט דעם ערשטן... — זאָגט זי און צעוויינט זיך.

צוריק לויפן זיי אין דרייַען. טאַראַס איליטש, דער דאָקטער, און נאָך זיי די קראַנקן־שוועסטער. באַם שפּיטאָל לויפט צו צום דאָקטער אַ כוילע, וואָס וואַרט אַף אים, נאָר דער דאָקטער מאַכט אַוועק מיט דער האַנט:

— באַ מיר איז דאָ אַ צאָרע מיט דעם קינד, און איר קומט מיט נאַרישקייטן!

גרישאַ שטייט באַ דער טיר פונעם זאַל און זעט פאַר זיך גאָרניט. ער שטייט אינעם היטל מיט אַ ווייַסן פאַנעם.

טאַראַס איליטש קומט צו, דריקט אים די האַנט באַם עלנבויגן.

— עפּשער וועט ניט שאַטן — זאָגט ער אַ ניט זיכערער.

— עפּשער וועט ניט שאַטן — ענטפערט גרישאַ מיט די בלויזע ליפּן.

דער דאָקטער קומט אַרויס, ער וואַשט זיך לאַנג די הענט. דערנאָך רופט ער צו גרישאַן.

— אַ קלאַפּ? אַ שווערע מאַסע? אַ פאַל? — פרעגט ער מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער און קערט אַוועק די אויגן.

גרישאַ פאַרשטייט ניט באַלד, דערנאָך זאָגט ער:

— די ציגל.

באַם דאָקטער פאַרקרימט זיך דאָס פאַנעם.

— נו, נו, באַרויִקט אײַך, — זאָגט ער, ווי געוויינלעך, און באַ אים אַליין ציטערט די גאָמבע — פאַר איר איז קיין סאַקאָנע ניטאָ. זאָל זי ליגן — מירן זען.

— און פאַר?...

— המ־מ... זאָל זי ליגן — מירן זען. אויב אַן אָפּעראַציע, וועלן מיר זי שיקן קיין כאַבאַראָווסק... שטייט ניט ווי אַ געץ! — צעשרייַט ער זיך פלוצעם און ער קערט זיך אָפּ. גייט! גייט, זאָג איך! איר'ט צוקומען באַטאָג!

טאַראַס איליטש נעמט אָן גרישאַן פאַר די אַקסלען און פירט אים אַוועק.

גרישאַ קומט באַטאָג. ער טרעפט אָן טאָניאַן. זי גייט און וויגט זיך, שוין עטלעכע נעכט אַז זי שלאָפט ניט.

גרישאַ ווענדט זיך צו איר:

— נו, וואָס איז מיט סאָניאַן?

— לויט דער ריי גייט! — בייזערט זיך טאָניאַ און דערקענט באַלד גרישאַן — זייַ מיר מויכל, גרישאַ, איך האָב דיך ניט דערקענט, און דאָ גייט מען און מען גייט, שוין דערעסן אַלעמען צו ענטפערן.

— ווער גייט?

— נו, ווער? די יאַטן גייען. פון אינדערפרי אָן האַלט מען אין איין לויפן: „וואָס מאַכט סאָניאַ?" און גיי דערקלער אַלעמען.

סאָניאַ פילט זיך גוט, נאָר דאָס בלוט איז נאָך ניט אָפּגעשטעלט. גרישאַן האָט מען צו איר צוגעלאָזט אויף איין מינוט. זי ליגט אין איין זאַל מיט די מענער; מען האָט נאָר פאַרהאַנגען מיט ליילעכער. אין זאַל הערשט פול־שטענדיקע שטילקייט — די קראַנקע ווייסן פונעם אומגליק און היטן סאָניאַן.

באַם פאַרהאַנג זיצט יעפּיפאַנאָוו אינעם כאַלאַט, סאָניאַ זעט אים ניט, און גרויסע טרערן רינען אים אויף זיינע פאַרברוינטן ווינטיקן פּאַנעם.

סאָניאַ באַגעגנט גרישאַן מיט אַ פיבערדיק גלאַנציקן בליק.

— איך טראַכט אַלץ און טראַכט... — זאָגט זי — איך אַליין בין שולדיק. אַלע האָבן מיר געזאָגט. און דו האָסט מיך געטריבן, און יעפּיפאַנאָוו...

קיין טרערן זעט מען ניט אויף איר און דאָס קאָל איז טרוקן.

— סאָניאַ... דער איקער ביסטו, אַבי דו זאָלסט זיין געזונט...

— איך וועל מיר קיינמאָל ניט מוחל זיין! — זאָגט סאָניאַ און פאַרקלעמט די ליפּן.

ווען גרישאַ גייט אַוועק, יאָגט אים אָן יעפּיפאַנאָוו.

— בעסער וואָלט מען מיך אויסגעשלאָסן, — זאָגט ער — זידל מיך כאָטש דו אויס! איכל ניט אויסהאַלטן... דאָס בין איך דאָך... איך אַליין בין שולדיק.

סאָניאַן האָט מען אויף אַ שיף אַוועקגעשיקט קיין כאַבאַראָווסק. גרישאַ איז מיטגעפאָרן.

אַזוי לאַנג זי ליגט אין שפּיטאָל, פירט גרישאַ אויס צענדליקער שליכעסן פונעם קאָמיוג־קאָמיטעט. מען האַלט אים ווי אַ באַפולמעכטיקטן און מען באַלאַדט אים מיט געשעפטן. ער האָט געקראָגן ספּאָרט־מאַכשירים, מוזיק־אינסטרומענטן, עפּל, לער־ביכער פאַר דער שול פון אַלגעמיינער בילדונג, ציבעלעס פאַר די צינגאַ־קראַנקע.

סאָניאַ איז אַרויס פונעם שפּיטאָל אַזאַ ווי זי איז פריִער געווען. זי זעט אויס ניט מאָגערער, ניט בלייכער. זי העלפט גרישאַן באַקומען און אויפלאָדן די סכוירעס. זיי גייען אין קינאָ, שפּאַצירן איבער די גאַסן, פרייען זיך מיט דעם ברוק, מיט די גאַסן־לאַמטערנס, מיט די קראָמען, מיט דעם אויטאָבוס. וועגן דעם וואָס האָט פּאַסירט ריידן זיי ניט.

גרישאַ האָט דערוואַרט נאָך ערגערס. זי האָט איבערגעטראָגן דאָס אומגליק קלוימערשט גרינג. טיילמאָל טראַכט ער זיך: „עפּשער איז זי גאָר צופרידן, וואָס זי האָט ווייניקער דאגות, ווייניקער שווערקייטן?"

ווען די שיף קומט צו צו דער בוכטע, ווערט דער דעק פול מיט די פּאַסאַזשירן. סאָניאַ און גרישאַ שטייען באַם באָרט, אויף דער שיף־נאָז. צום ערשטן מאָל כאַפּן זיי אַרום מיט דעם בליק אַלץ וואָס איז פון זיי אויסגעבויט געוואָרן. עס טונקלען זיך די שפּיציקע דעכער פון די שאַלאַשן, נייע געלע באַראַקן; די אָזערע גלאַנצט, אַ ניט פאַרשטעלטע מיט די ביימער; מען זעט ווי די קלעצער קריכן איבער די געהילץ־שלעפער אינעם פרעסערישן שלונג פון דעם געהילץ־זאַוואָד.

דער בייניען פון דער צווייטוויליקער עלעקטראָסטאַנציע הייבט צום הימל אַ גלייכן זייל רויך. באַם ברעג לאָדט מען אויס אַ באַרזשע מיט צעמענט. איבער דער שמאָלער רעלצן־ליניע לויפט אָן אויטאָ־באַוועגער און שלעפּט

נאָך זיך וואַגאָנעטקעס מיט שטיינער. אַף דעם אינדוסטריעלן פּלאַץ אַרבעטן הונדערטער ערד־גרעבער.

ווי פאַרענדערט דאָ האָט זיך זינט יענעם טאָג ווען זיי זײַנען פּונקט אַזוי באַם באָרט שטייענדיק, צוגעקומען צום אָרט פון דער צוקונפטיקער שטאָט. דעמאָלט האָבן זיי פאַר זיך דערזען בלויז אַ פּוסטן ברעג און באַ דער ערד בידעריקע שטיבלעך פונעם דערפל, אַ צונויפגעפּרעסטן פון דרײַ זײַטן מיט דער אומבאַרירטער פינצטערער טײַגע.

— זע, סאָניאַ, — זאָגט מיט פרייד גרישאַ — דאָס איז דאָך שוין קימאַט אַ שטאָט... נאָך איין יאָר...

ער האָט מער גאָרניט געזאָגט, ווײַל סאָניאַ האָט איר פּנים באַהאַלטן און עס האָט זיך אַנגעזען ווי עס צוקט און ציטערט איר באַק.

— סאָניאַ... טײַערע!...

— ניין! ניין! — שרײַט אַרויס סאָניאַ און שטופּט אים אָפּ מיט דער האַנט — ס'איז געווען אַ ייִנגל, און איך האָב אים דערהאַרגעט! דערהאַרגעט...

זיי לעבן ווי פריִער. זיי אַרבעטן, לייענען לידער, פּרוּוון זיך לערנען. זייער אָפּט (אָפטער ווי פריִער) פאַרברענגען זיי די אָוונטן מיט די כאַווײרים, בעכאַוורוסע. ווען זיי בלײַבן אַליין, זוכן זיי זיך באַלד מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען, ווי זיי וואָלטן מוירע האָבן, אַז דורכן שווײַגן וועט זיך דורכרײַסן דאָס וואָס מען דאַרף האַלטן אין זיך, טיף אין זיך.

IX

נאָך דער געשיכטע מיט די איוונס האָט זיך סיאָמאַ אַלטשולערס געזונט אַזוי פאַרערגערט, אַז דער דאָקטער האָט אים דערקלערט פאַר האָפּעגונגסלאָז. סיאָמאַן האָט מען אַריבערגעפירט אינעם דאָקטערס פּיצל קאַבינעט. טאָניאַ טרעט קימאַט ניט אָפּ פון אים, זי האַלט איר האַנט אַף סיאָמאַס הייסן שטערן ווען אים איז ניט גוט, און פירט מיט אים שטילע האַרציקע געשפּרעכן ווען אים איז בעסער. דער דאָקטער פּראָטעסטירט קעגן די געשפּרעכן: זיי פאַרמאַטערן דעם קראַנקן. נאָר סיאָמאַ האָט אַ גוואַלדיקע באַדערפעניש איבערצוגעבן אַנדערע דאָס אַלץ וואָס זאַמלט זיך אָן אין די שאָען פון אייגזאַמע, מיט דער קראַנקייט פאַרשאַרפטע, מאַכשאָוועס. טאָניאַ פילט מיטן כוש, אַז ניט געקוקט אַף דער פאַרמאַטערונג, מאַכן די שמועסן אַקטיווער דעם אָרגאַניזם, און דערמיט אויך זײַן ווידערשטאַנדס־פעיִקייט.

— איר האָט אים פאַרמישפּעט צום טויט, — רופט זיך טאָניאַ שאַרף אָן צום דאָקטער — צו וואָס־זשע אים מאַטערן? איך גלייב ניט, אַז באַ פאַרשיידענע מענטשן זאָל אַ קראַנקייט זײַן אַלצאייגס. מיר דוכט זיך, אַז איך ווייס ווי צו היילן אַלטשולערן. לאָזט אים איבער אַף מיר און שטערט ניט!

דער דאָקטער טראַכט זיך: „סאַראַ אומאָנגענעם, כוצפּעדיק מיידל!" — און ער זאָגט:

— בימטע. איכל צוואַרטן. איר וועט איבגיכן מיך נעמען לערנען.

געווען איז ער באַלוינט מיט טאָניאַס העפלעכקייט אין אַנדערע פראַגן. די שמועסן האָבן אָנגעהאַלטן.

— איר האָט אַמאָל געלייענט וועגן זעלבסטמאָרדן, טאָניאַ? — פרעגט

זי סיאַמאַ — שטעלט אײַך פאָר, געווען זײַנען דאָך אַזעלכע מענטשן! אַנטוישטע איינעם לעבן. איך פאַרשטייט דאָס, טאַניאַ?

— איך וואָלט דאָס קיינמאָל ניט געטאָן — זאָגט טאַניאַ. זי דערמאָנט זיך די שווערע אַנטוישונג וואָס זי האָט ניט לאַנג ערשט איבערגעלעבט. דער געדאַנק פון זעלבסטמאָרד איז איר אַפילע אין מויעך ניט געקומען.

— יאָ, איך וואָלט עס ניט געטאָן, — באַשטעטיקט סיאַמאַ — און ווי קען מען עס גאָר טאָן ווען אין מויעך זײַנען פאַראַן געדאַנקען, ווען עס איז פאַראַן באַוווסטזײַן? מען זאָגט, דאָס איז אַ פאַכדאַנעס. ניין, דאָס איז ניט קיין פאַכדאַנעס. מען מוז דאָך האָבן די דרײַסטקייט זיך אַ קויל אַרײַנצושיסן אינעם שטערן! אַלנפאַלס, איז עס ניט שטענדיק אַ פאַכדאַנעס. אויב אַ מענטש האָט מוירע צו נעמען אַף זיך די אַכריאַיעס דערפון וואָס ער האָט געטאָן, איז עס פאַכדאַנעס און נידעריקייט. נאָר אויב אַ מענטש וויל ניט קעמפן, איז מיד געוואָרן פון קאַמף. איז עס נאַרישקייט. פאַשעטע נאַרישקייט, מיט וויפל הויכע ווערטער דו זאָלסט עס ניט אַרומוויקלען. איז דען פאַראַן אַזוינס ווי אַ לאַגע אָן אַן אויסגאַנג? אַ קלוגער מענטש, וואָס טראַכט זיך אַרײַן, געפינט שטענדיק אַן אויסוועג. דער זעלבסטמערדער פאַרשטייט ניט דאָס סאַמע איקערדיקע. לעבן! וואָס איז בעסער פון לעבן? נו איז אומגליק, נו איז קראַנקייט, נו איז אומגלייבלעכע שוועריקייטן — אָבער איז דאָ לעבן, איז דאָ זון, איז דאָ אָטעם, דאָס הייסט, ס'איז דאָ די מעגלעכקייט צו קעמפן... ווי עס ווילט זיך ניט שטאַרבן, טאַניאַ! דו ווייסט ניט ווי שרעקלעך דאָס איז.

אומגעריכט באַוועגט פון עפעס, פרעגט אים טאַניאַ:

— דו האָסט באַמערקט, סיאַמאַ, אַז איך בין הײַנט פריילעכער ווי אַלע מאָל?

— יאָ, — האָט סיאַמאַ ניט ווילנדיק איר געזאָגט אַ ליגן: ער גלייבט אַזוי טאַניאַן, אַז ער האָט אויך דאָס געגלייבט; אים האָט זיך דערמאָנט עפעס ענלעכס אַף אַ שמייכל. איז עס געווען אָדער ניט געווען? ריכטיק ווייס ער ניט, נאָר אַזוי דערמאָנט זיך אים.

— ווייסטו פאַרוואָס?

דער ליגן קומט אויף פון זיך.

— דער דאָקטער איז זייער צופרידן פון דיר. הײַנט האָט ער מיר געזאָגט, אַז דו וועסט זיך זיכער אַרויסראַטשקעווען.

סיאַמאַ פלאַמט אויף; אַ ראָזעווע פאַרב צעגיסט זיך איבער זײַנע געלע באַקן און שטערן.

— איז עס ריכטיק?

— יאָ.

סיאַמאַ שווײַגט אַ לאַנגע ווײַלע. ער איז גליקלעך: אין דער רעגע וויל ער גלייבן און ער גלייבט; דער געפיל פון נאָענטן טויט איז געווען צו שרעקלעך. און ער כאַפט אונטער דעם ליגן מיט זײַן גאַנצן וועזן, און דער ליגן איז געוואָרן אַן עמעס.

— יאָ, ער איז גערעכט. איך וועל אַרויסקריכן, טאַניאַ. איך אַליין פיל עס. איך קען נישט נ י ט אַרויסקריכן. און מען דאַרף ניט אַ נאָמען געבן דעם שפיטאָל אַף מײַן נאָמען — כאַפט אים דער טײַוול, ריכטיק? לאָמיר בעסער אָנרופן אַף מײַן נאָמען עפעס אַ הויז, ווו עס וועלן לעבן און זיך פרייען טויזנטער מענטשן! אַ גרויס הויז מיט ברייטע פענצטער, מיט דאַמף־באַהייצונג, מיט דעם פראָנט צום אַמור, מיט אַ בלומען־גאָרטן פון פאָרנט...

אָדער ניין. צו וואָס אַ נאָמען? צום טײַוול מיט דעם נאָמען! מען דאַרף ניט קיין נאָמען — וואָרעם וואָס אַזוינס איז אַלטשולער? אַ געוויינלעכער מיטגליד פונעם קאָמיוג, אַ בויער פון דער שטאָט — אָט דאָס גאָר! עמעס, איך בין אויך אַ דערפינדער, נאָר וואָס אַזוינס האָב איך אויסגעפונען, אַף צו פאַרדינען דעם נאָמען פונעם נײַעם הויז? ער קלינגט אַפילע ניט גאָר וויכטיק — אַלטשולער... אַגעוו, ווענדט זיך אַ פאַמיליע־נאָמען אינעם מענטשן. זאָל זיך געפינען אַזאַ אַלטשולער, אַ פירער, אַ פעלדמאַרשאַל, אַ וועלט־געלערנטער, זאָל זײַן אַפילע אַ באָקס־קעמפער אָדער שאַכשפּילער — קלינגט עס שוין אַנדערש! ווערט שוין די פאַמיליע צעוואַקסן.

ער שווײַגט אַ ווײַלע.

— אויב איך וועל לעבן, טאָניאַ, וועל איך נאָך אַ סאַך אויפטאָן.

אַן אַנדערש מאָל צערעדט ער זיך וועגן באַרימטקייט.

— איך וויל באַרימט ווערן, טאָניאַ. איך טראַכט אָפט — איז עס גוט וואָס איך וויל עס? דאָס הייסט דאָך זיך יאָגן נאָך קאָוועד, יאָ? מיר ווילט זיך אויפטאָן עפּעס באַדײַטנדיקס, אַז ווען מען וועט ריידן וועגן קאָמיוג, וועגן די מענטשן וואָס ער האָט דערצויגן, זאָל מען אויך מײַן נאָמען דערמאָנען. אָט איז פאַראַן קאָזאַנצעווס ברעמזע. ווער איז דער קאָזאַנצעוו, ווייס איך ניט. נאָר פאַראַן איז די ברעמזע, זי עקזיסטירט, און אין איר עקזיסטירט דעם מענטשנס באַרימטקייט. איך מיין, אַז די באַרימטקייט פון אַ לאַנד, ליגט אין אירע מענטשן. און בײַ אונדז וועלן וואָס אַ יאָר זײַן אַלץ מער באַרימטע מענטשן. וואָס אַזוינס איז בײַ אונדז באַרימטקייט? דאָס איז די אַכטונג צו דעם מענטשן וואָס האָט באַוויזן אויפצוטאָן אַ פאָרגעשריטענע זאַך. דער מינען־אַרבעטער איזאָטאָוו האָט געשאַפן זײַן שולע פון מינען־קונסט, ווי עס זײַנען פאַראַן שולעס אין דער ליטעראַטור אָדער אין דער מאַלערײַ. ער האָט אַ רוק געטאָן זײַן פּראָפּעסיע. איך וויל אויך אויפטאָן דאָס מאַקסימום מעגלעכע אין מײַן זאַך, גרייכן דעם העכסטן פונקט. מיך שרעקט דער געדאַנק, אַז איך קען אָפּלעבן און פאַרלוירן גיין ווי אַ זעמדעלע. איז עס אַמביציע? זאָל זײַן אַזוי! וועסט דיך אָבער קיינמאָל ניט דערוועגן צו זאָגן, טאָניאַ, אַז דאָס איז שלעכט!

— דאָס איז ניט שלעכט, — זאָגט טאָניאַ — איך טראַכט אָפט פון פאַרשיידענע זאַכן... אַזעלכע... מיר וואָלט זיך וועלן האָבן געאַרבעט אין דער אומלעגאַליטעט. זאָל מען מיך געוועזן פײַניקן, מאַטערן... אָדער איך זאָל אַלע מײַנע קויכעס אָוועקגעבן אונדזער שטאָט. אַלע קויכעס ביז לעצט. איך וואָלט געשטאָרבן, נאָר די שטאָט וואָלט געבליבן אַן אָנדענק. דאָס איז אויך באַרימטקייט. ניט וויכטיק צי מען וועט געדענקען די פאַמיליע, וויכטיק איז אויפטאָן עפּעס גרויס און וויסן אַז דו האָסט געטאָן אַלץ. ריכטיק?

— ריכטיק. אין לעצטן פאַל, זאָל מען פאַרגעסן די פאַמיליע, נאָר מיך, וויל איך, זאָל מען געדענקען. מען זאָל דערציילן די קינדער און די אָנגעפּאַרענע — געוועזן איז אַ קאָמיוגיסט, אַטשולער, ער האָט אויסגעפּלאַנעוועט אָט די בריק אָדער אויסגעבויט אָט די דאַמבע...

איינמאָל האָט ער זיך צערעדט פון ליבע:

— אָט האָט איר מיך געפרעגט, טאָניאַ, צי האָב איך ליב קלאַוואַן? איך האָב אײַך געזאָגט וועגן קלאַוואַן, נאָר איך האָב אײַך ניט געזאָגט וועגן ליבע, און איך האָב מײַנע אַ טעאָריע, און איך וועל זי אײַך אויסלייגן, טאָניאַ, וואָרעם איר וועט פאַרשטיין.

טאַניאַ איז גרייט אויסצוהערן, נאָר סיאָמאַ האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און איז ווי אַרײַנגעפֿאַלן אין אַן אומבאַוווסטזײַן. טאַניאַ רירט אָן מיט איר קילער האַנט זײַן שטערן. סיאָמאַ שמייכלט מיט דאַנק, ער צעעפֿנט זײַנע לויטערע אויגן און רופֿט זיך אָן מיט אַ גאַנץ פֿרישן קאָל (טאַניאַ כאַפּט זיך, אַז ער האָט געטראַכט):

— און נאָך וועל איך אײַך זאָגן דערפֿאַר וואָס איר זײַט דאָס מיידל, טאַניאַ, וואָס איך וואָלט געקענט ליב האָבן. איך האָב ניט ליב קיין קאָקעטערײַ און קיין פֿלוידערקעס, איך האָב ליב ווען עס איז דאָ כאַראַקטער און אַ שטאַרקער גײַסט, ווען אַ מיידל קען פֿילן און האָט ניט מוירע.

— וואָס? — פֿרעגט טאַניאַ אָן אומדרײַסטע.

— צו פֿילן, — ענטפֿערט בייז סיאָמאַ — ניט שווין־זשע האָט איר ניט פֿאַרשטאַנען? ווען זי האָט ניט מוירע צו פֿילן — אָט וואָס איז וויכטיק! אַקעגן וואָס האָבן מענטשן אויסגעטראַכט, אַז אַ מיידל דאַרף ניט די ערשטע ריידן וועגן ליבע? אַקעגן וואָס האָבן מענטשן אויסגעטראַכט, אַז אַ מיידל דאַרף זיך שעמען?

טאַניאַ דערמאָנט זיך איר ערשטע באַגעגעניש מיט סערגייען באַם ברעג אָזערע. זי האָט ניט מוירע געהאַט צו פֿילן. צו וואָס אָבער האָט עס געפֿירט?

סיאָמאַ פֿאַרשטייט וואָס זי טראַכט.

— זעט איר, טאַניאַ, אויסגעטראַכט האָט מען עס ניט גלאַט אַזוי זיך. דאָס איז אַ מין שוצווערק, עלעהיי דראָט־פֿאַרצוימונגען אָדער באַריקאַדן. נאָר מײַן טעאָריע באַשטייט דערין, אַז מען דאַרף עס מער ניט. איך וויל ניט, אַז אַ מיידל זאָל זײַן אַרומגענומען מיט דראָטן, וואָרעם איך גיי צו צו איר מיט צאַרטקייט אין האַרצן און מיט גוואַלדיקער אַכטונג, מיט גראַנדיעזער אַכטונג. און וואָס אָפֿענער און אָרנטלעכער, אַלץ גרעסער די אַכטונג, און איך וועל איר קיינמאָל קיין שלעכטס ניט טאָן...

— ניט אַלע, אָבער, גייען דאָך אַזוי צו!

— אָט דאָס איז שלעכט. אָט דערפֿאַר די דראָטן און דער רויך־פֿאַרהאַנג. נאָר איך בין דאָך ניט אַזעלכער, און איך וויל אַ מיידל, וואָס וועט ניט מוירע האָבן, און וועט זײַן מיט מיר פּאָשעט און אָפֿנהאַרציק, און איך וועל זי ליב האָבן און אַכטן און זי וועט מיך אַכטן... אָט אַזאַ זײַט איר, טאַניאַ. איך האָט איינמאָל געליטן פֿאַר אײַער אויפֿריכטיקייט... נאָר מיט מיר וואָלט איר ניט געליטן, טאַניאַ, איך וואָלט אײַך ליב געהאַט...

טאַניאַ ווייס אַליין ניט וואָס אָט די מאָדנע רייד וועקן אין איר, נאָר זי ציט זיך צו זיי מיטן גאַנצן האַרצן און עס ווערט איר אַלץ פֿריידיקער און גרינגער צו לעבן.

— אָט ווען איך ווייס זיכער, אַז איך וועל אַרויסקריכן, — זאָגט סיאָמאַ — וואָלט איך דיך איצט געבעטן: קוק דיך אום, טאַניאַ, קוק דיך אום אַף אָט דעם אויסגעמאַטערטן מענטשל, וואָס שטאַרבט אַף דעם שפּיטאָל־בעטל, — עפּשער איז עס דער מענטש וואָס דו נייטיקסט דיך אין אים צו דײַן גליק? קוק דיך גוט צו, מיין ניט, אַז אַ קליינער וווקס איז אויך אַ קליין האַרץ, קוק דיך צו און זאָג — צי וועסטו ניט כאַסענע האָבן פֿאַר דעם מענטשן, ער גיט דאָך דיר זײַן האַרץ, ער וועט דיך אַכטן, ווי דעם בעסטן פֿרײַנט, מער ווי געגקאַ קאַליוזשני, כאָטש קאַליוזשני איז אַ גרויסער פֿרײַנט... איך וואָלט געזאָגט: האָב מיט מיר כאַסענע, טאַניאַ!

— און איך וואָלט געזאָגט — יאָ! — ענטפערט טאָניאַ און צעשמייכלט זיך.

שפּעטער האָט זי אַליין ניט געוווּסט צי זי האָט באַטראַכט דאָס וואָס זי האָט געזאָגט, אָדער דאָס האָט געפּאָדערט איר הייל־מעטאָד, נאָר דאָס וואָרט איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן.

— איך דאַנק דיר, טאָניאַ! — האָט איר סיאָמאַ די האַנט געדריקט.

מער האָבן זיי וועגן דעם ניט גערעדט, נאָר אַפן צווייטן טאָג פרעגט סיאָמאַ:

— זאָגט מיר, טאָניאַ, ווען איך וואָלט אויסגעקומען זאָגן אַ ליגן צוליב אַ מענטשנס רו, וואָלט איר עס געטאָן?

— איך ווייס ניט — ענטפערט טאָניאַ און דערמאָנט זיך אַפילע ניט דעם נעכטיקן שמועס: ער זעט איר ניט אויס ווי אַ ליגן.

— און איר וואָלט געקענט זאָגן אַ מענטשן אַז איר האָט אים ליב, ווען איר וואָלט אים אין דער עמעסן ניט ליב געהאַט?

— ניין — ענטפערט פעסט טאָניאַ.

סיאָמאַ גיט צופרידן אַ שאָקל מיטן קאָפּ און נעמט ריידן וועגן עפּעס אַנדערש.

ערשט באַנאַכט, ווען טאָניאַ בלײַבט אַליין מיט אירע געדאַנקען, פאַרשטייט זי צוליב וואָס ער האָט זי געפרעגט מיקויעך דעם ליגן. און זי ווערט רויט פון בושע. יאָ, זי האָט אים געזאָגט אַ ליגן. זי האָט אים צוגעזאָגט ליבע. נאָר, צי דען קען זי אים ליב האָבן. צי דען האָט זי ניט ליב ביז הײַנט סערגייען?... זי דערמאָנט דעם וואָס זי האָט זיך פאַרבאָטן אים צו דערמאָנען און זי דערפילט אַזאַ שאַרפן פײַנלעכן ווייטיק, אַז זי שפרינגט אויף און לויפט אַרויס אין קאָרידאָר. זי נעמט שפּאַנען הין און צוריק מיט שנעלע טריט. ניין, ניין! זי קען ניט ליב האָבן סערגייען. זי האָט אים פײַנט... ניט געקוקט אַף אַלץ דערמאָנט זיך דאָס זעלבסטפאַרגעסנקייט־גליק, דאָס געפיל פון לעבנס־פולקייט, וואָס די ליבע האָט איר געגעבן, די אומגעוויינלעכע מוזיק, וואָס האָט זיך אַף איר געגאָסן פונעם פינצטערן הימל, וואָס דער ווינט האָט איבער איר געטראָגן, וואָס האָט אין איר געזונגען. צי דען באַזערט זיך איבער אַזאַ געפיל. איז ער דען ניט אַן איינציקער אַפן גאַנצן לעבן, וואָס פאַרכאַפּט און פאַרכאַפּט זיך ניט? ניין, זי וויל ניט זען סערגייען. זאָל ער צוריקקומען, וועט זי קיין איין טראָט ניט געבן אים אַקעגנצוגיין. ער געפינט זיך אין דער פאַרגאַנגענהייט, ער איז אויסגעמעקט. נאָר ליב האָבן אַ צווייטן, איז אויך אַזוי אוממעגלעך ווי זיך אָפּצוזאָגן פון זיך אַליין. אויב אַזוי, איז צו וואָס האָט זי געזאָגט דעם ליגן? צוליב דעם קעדיי סיאָמאַ זאָל געזונט ווערן? צוליב דעם קעדיי דער ווידערשטאַנד צו דער קראַנקייט זאָל געשטאַרקט ווערן ביז דער גרענעץ?

זי גייט צוריק צו סיאָמאַן און קוקט אַף דעם שלאָפנדיקן פרײַנט, מיט די דלאָניעס צו די באַקן צוגעדריקט און אַ צעוויגטע פון צערודערונג. ער איז ניט שיין, סיאָמאַ. סאַראַ אָפּגעצערטער, געלער און אויסגעמאַטערטער פּאָנעם! נאָר הינטער די טונקעלע אויגן־לעדלעך זײַנען אויסבאַהאַלטן זײַנע אויגן — פלאָמיקע, שטראַליקע, אויפמערקזאַמע, באַטראַכטנדיקע, קלוגע. די אויגן דריקן אויס אים אינגאַנצן. ווען טאָניאַ קוקט אין זיי, ווען זי לייענט אין זיי, זעט זי ניט די ניט־אָנזעעוודיקע און עטוואָס קאָמישע אויסערלעכקייט. איצט זײַנען די אויגן פאַרשטעלט מיט די אויגן־לעדלעך. נאָר זי זעט

זיי. קען דען דער טויט, וועט זיך דען דער טויט דערוועגן זיי אַף אייביק צו פֿאַרשטעלן ?

דער געדאַנק וועגן זײַן טויט איז איר אומדערטרעגלעך. ער טאָר ניט שטאַרבן ! זי קען אַפילע דעם געדאַנק ניט איבערטראָגן אַז זי וועט בלײַבן אָן אים.

וואָס־זשע איז עס ? ליבע ? ניין, זי ווייס, אַז דאָס איז ניט קיין ליבע. נאָר עפּשער איז פֿאַראַן אַ געפֿיל, וואָס איז נאָך שטאַרקער און טיפֿער פֿון ליבע — אַ פֿעסטערס, אַ ריינערס, אַ מענטשלעכערס ? זי פֿאַרלאַנגט פֿון דעם מענטשן נאָר איין זאַך — ער זאָל לעבן, ער זאָל זײַן. זאָל ער זײַן — איז שוין ניט נייטיק קיין ליבע, קיין ליד וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פֿונעם הימל, — זי וועט זיצן לעבן אים און וועט אים צולייגן די דלאָניע צום וואַרעמען שטערן, און וועט שטיל הערן זײַן ניט מעסיקן, שנעלן, עטוואָס קאָמישן רײדן.

אינדערפֿרי קוקט זי אַפֿן דאָקטער ווי אַף אַ רעטער. זי כאַפּט אויף בײַ אים אַפֿן פּנים פֿאַרבײַלויפֿנדיקע שאָטנס פֿון ערגערניש אָדער צופֿרידנקייט. זי לויפֿט אים נאָך אין הויף אַרויס אינעם בלויזן כאַלאַט און כאַפּט אים פֿאַרן אַרבל.

— נו, וואָס ? — שרײַט זי אויס און ווערט טויט־בלייך.

— איך ווייס ניט, — זאָגט דער דאָקטער און קוקט זיך אויפֿמערקזאַם צו צו טאָניאַן — ער איז אויפֿגעלעבט און דוכט זיך בעסער ווי געוויינלעך. נאָר איך האָב מוירע דערפֿאַר. צו ווייניק קויכעס האָט ער.

מיט פֿאַרצווייפֿלונג אין האַרצן, נאָר מיט אַ פֿריילעכן פּנים גייט טאָניאַ צוריק צום קראַנקן און רירט זיך צו אומפֿאַרזיכטיק צו זײַן האַנט.

— סאַראַ קאַלטע פֿינגער, — זאָגט סיאָמאַ — ביסט געווען אין דרויסן?

— יאָ.

— ס׳איז שוין קאַלט ?

— אַף די ווײַטע סאָפּקעס איז שוין דאָ שניי. אינגיכן ווינטער.

— וואָלט איך כאָטש איין מאָל געקענט אָן אָטעם טאָן לופֿט ! — זיפֿצט סיאָמאַ אָפּ.

טאָניאַ כמורעט אָן די ברעמען און קוקט דורכן פֿענצטער. אַ נײַער געדאַנק מאַטערט זי : צי זאָל מען ניט אַרויסטראָגן סיאָמאַן אַפֿן הויף, כאָטש אַף איין מינוט ?

— וואָס טראַכסטו ? — זאָגט סיאָמאַ.

— איך טראַכט צי זאָל איך ניט אײַנאָרדענען פֿאַר דיר אַ שפּאַציר ?

— יאָ, יאָ, סאָניעטשקאַ, יאָ ! — ער שײַנט אויף פֿאַר פֿרייד — איך טרוים דערפֿון די גאַנצע צײַט. נאָר איך וועל זיכער ניט קענען גיין...

און טאָניאַ באַשליסט אַף שנעל, ווי זי קען זיך אַנטשליסן : שנעל, אימפּעטיק, ניט איבערגעלייגט. זי הילט אײַן סיאָמאַן, עס זאָל פֿון ערגעץ ניט צושטיין צו אים די קעלט, זי הייסט אים אָטעמען מיט דער נאָז און מיט דער הילף פֿון דער קראַנקן־שוועסטער, טראָגט זי אַרויס זײַן בעטל אין דרויסן.

— אָטעם פֿאַרזיכטיק, קוים, קוים, — בעט זי אים — דיר איז ניט קאַלט ? עס בלאָזט ניט אַרײַן ?

אין עטלעכע מינוט אַרום דערשרעקט זי זיך דערפֿאַר וואָס זי האָט געטאָן און רופֿט די קראַנקן־שוועסטער אַרײַנטראָגן דעם קראַנקן. סיאָמאַ

קוקט מיט בעטנדיקע אויגן, נאָר ער גיט זיך אונטער, — ער אַליין האָט אַ ביסל מוירע.

אין אָוונט איז זיך טאַניאַ מוידע מיט אַ ציטערדיקן קאָל פאַרן דאָקטער.

— דאָס איז גאָרניט, — זאָגט דער דאָקטער — וויאַזוי האָט ער געגעסן?

— גוט, סעמיאָן ניקיטיטש, בעסער ווי געוויינלעך.

— ער איז געשלאָפן?

— דרײַ שאָ. איז ער געשלאָפן.

דער דאָקטער ווישט אויס די פענסנע און קוקט לאַנג אַף טאַניאַן דורך די גלאַנציקע גלעזלעך.

— איר זײַט אַ בייזע באַרישניע, — זאָגט ער צערטלעך — נאָר איר האָט פעיִקייטן און טעמפּעראַמענט. ווילט איר אײַך ניט לערנען אַף דאָקטער?

פון דעם טאָג אָן טראָגט טאַניאַ טאָג־טעגלעך אַרויס סיאָמאַן אַף דער פרישער לופט. זי האָט זיך צונויפגערעדט מיט גענאַדי קאַליוזשני און ער קומט צו לויפן בעייסן איבערדרײַס אַף מיטאָג, איר העלפן. גענאַדי און טאַניאַ שטייען באַם בעטל. גענאַדי דערציילט נײַסן און סיאָמאַ שמייכלט גוטהאַרציק.

איינמאָל גיט ער אַ קוק אַףביידן און זאָגט:

— איר קענט גאָרניט וויסן, ווי גוט דאָס איז וואָס איר זײַט ביידע דאָ. האָב איך דען נענטערע מענטשן פון אײַך ביידן? ניטאָ, און קוקן אַף אײַך ביידן מיטאַמאָל, איז אַ גרויסע פרייד.

אין אַ ווײַלע אַרום גיט ער צו:

— דו ווייסט גאָרניט, גענטשיק... ווען איך וועל געזונט ווערן, וועלן מיר דאָך כאַסענע האָבן.

### טאַניאַ ווערט שטאַרק רויט.

גענאַדי געפינט ניט טייקעף וואָס צו ענטפערן. ווי אַלע קאָמיוגיסטן, האָט ער ניט איבעריק ליב טאַניאַן; פאַר דער צײַט פון סיאָמאַס קראַנקייט, שאַצט ער אָפּ איר זאָרג און ווערט צו איר בעסער, נאָר זען זי אַלס זײַן פרײַנטס ווײַב, וויל ער ניט פונדעסטוועגן. דערצו געדענקט ער נאָך צו גוט איר ראָמאַן מיט גאַליצינען.

— נו, באַגריס איך אײַך! נאָך איין כאַסענע, הייסט עס — רופט ער זיך אָן צום סאָף.

טאַניאַ רײַסט ניט אָפּ די אויגן פון גענאַדין. זי שטויסט זיך אָן וועגן וואָס ער טראַכט. יאָ, ער איז ניט צופרידן. ער דערמאָנט זיך אַף סערגייען. ער טראַכט זיך אַוואַדע, אַז זי, טאַניאַ, זוכט זיך אַ מאַן. „כאַפּט אַ מאַן" — דערמאָנט זי זיך מיט אַ שוידער סערגייס גראָבע ווערטער. ווען סיאָמאַ וועט געזונט ווערן, וועט אים גענאַדי גאָך עפּשער אָפּריידן. ער וועט זיך ניט זשע־נירן מיט קיין אויסדרוקן און וועט דערציילן ווי זי איז נאָכגעלאָפן סערגייען און האָט זיך אונטערגעהערט אין דער טײַגע, וויאַזוי זי פלעגט לויפן אַף די ראַנדקעס און וואַרטן מיט ציטער און מיט כשאַד, און ער פלעגט זיך פאַר־האַלטן און שפּאַסן מיט זײַנע גוטע ברידער... נו, זאָל ער! זאָל ער דער־ציילן אַלץ, דעם עמעס און די אויסטראַכטענישן. זי האָט פאַר גאָרניט קיין מוירע. זי האָט ניט קיין מוירע צו פילן.

— אַ דאַנק, — זאָגט זי אַ רויִקע — נאָר פריִער דאַרף מען אים ווי געהעריק אויסהיילן...

און זי גלעט דערביי סיאָמאַן די האָר מיט אַ ביינעם, פרויִשן און הער־שערישן האַנט־באַוועג.

עפּעס איז געשען מיט איר אין דער מינוט. דער בייזער שטאָלץ האָט אין איר אויפגעפלאַמט מיט אַ ליידנשאַפטלעכער קראַפט. און אויב זי האָט ביז איצט ניט געגלייבט אין דער עקזיסטענץ פון דעם זיווּג, טראַכט זי איצט וועגן אים ווי וועגן אַן אומפאַרמיידלעכן, זי וויל אים. — יאָ, צולאַכעס אַלעמען, קעגן אַלעמען — זאָלן זיי זי ליב האָבן, אָדער ניט ליב האָבן, נאָר סיאָמאַ האָט זי ליב און האָט פאַר איר כאַסענע און זי וועט זיין גליקלעך, און זי שפּייט אַף אַלעמען...

גענאַדי טרעפט זיך מיט איר איין מאָל אַפן הויף, אויג אַף אויג, און פרעגט זי אַ ביסל גראָב:

— ווען־זשע האָט איר עס באַוויזן מיט אים אַ ליבע צו פאַרדרייען?

ער שמייכלט, נאָר טאַניאַ פאַרשטייט אַז ער איז בייז.

— וואָס איז דען? — פרעגט זי אים האַרט און אומפריינטלעך.

— ס'איז פּאַשעט טשיקאַווע — אַזאַ שנעלע ליבע!

טאַניאַ פלאַמט אויף און גיט אַ זאָג שנעל:

— קענסט דיר טראַכטן וואָס דו ווילסט. נאָר אַרויסוויַיזן דאָס סיאָמאַן, זאָלסטו דיך ניט דערוועגן, פאַרשטאַנען? איצט איז וויכטיק נאָר איין זאַך — וויכטיק איז אים געזונט צו מאַכן. וואָס דערנאָך וועט זיין, ווייס איך ניט. איצטער דאַרף אים זיין גוט. און איך טו אַלץ אים זאָל זיין גוט. און דאָס וואָס דו טראַכסט דיר, איז נידעריק... נידעריק!

און גייט שנעל אַוועק און שלינגט ביטערע טרערן אין וועג.

סיאָמאַ זיצט אַפן בעטל. ס'איז קענטיק אַף אים דאָס דערהאָלן זיך. אַלע זעען עס, דער דאָקטער רעדט דערפון און הייבט די אַקסלען.

— איַיך, קאָמיוגיסטן, קען מען גאָרניט ווייסן ווי צו היילן, — זאָגט ער — באַ אייַך איז אַלץ אַנדערש, אַפילע קראַנקייטן האָט איר אַנדערע, און דער טויט נעמט איַיך ניט.

סיאָמאַ זיצט אַפן בעטל אַ רייניקער, אין אַ פרישן, ערשט איבערגע־טאָנענעם העמד, מיט אַ פרישן געוואָרענעם פּאָנעם.

— טאַניעטשקאַ, איך בין דאָך הונגעריק, טאַניעטשקאַ! — גיט ער איר צו ווייסן מיט אַ קינדערישער פרייד.

זי בלייבט שטיין, ווי זי שטייט, באַ דער טיר. ווי זי וואָלט אים צום ערשטן מאָל געזען. אָט אַזאַ, אַ באַלויכטענעם מיט קינדערישער פרייד, אַ ריי־ניקן, אַ ריינדיקן, אַ געזונט ווערנדיקן. און ער איז אירער, און זי וועט אים ניט אָפּגעבן, קיינער קען אים באַ איר ניט אַוועקנעמען.

טאַניאַ גיט זיך אַ רייס פאָרויס, פאַלט אַף די קני און טוליעט זיך צו צו זיינע הענט מיט איר צעהיצטן פּאָנעם און צעוויינט זיך.

— טאַניעטשקאַ, וואָס טוט איר? טאַניעטשקאַ...

— מיך פרייט אַזוי, וואָס דיר איז בעסער... — זאָגט זי אין מיטן דעם געוויין — דו ביסט דאָך באַ מיר איינער, איינער, איינער...

X

דער האַרבסט איז אַ שווערער. דער ווינטער זאָגט אָן נאָך שווערער צו זיין. די כאַבאַראָווסקער ביוראָ רייַסט סיסטעמאַטיש אַרונטער די באַזאָרגונגס־

פּלענער. ניט זעלטן זײַנען די פּאַלן ווען די ברויט־רעזערוון אַף דער בויונג
לאָזן זיך אויס און די בויער קומט אויס אַ טאָג אָדער צוויי זיך דורכצושלאָגן
מיט אַ זייער קנאַפּער נאָרמע. עס לאָזן זיך פּילן איבעררײַסן מיט גרויפּן,
מיט קאָנסערוון. פלייש ברענגט מען זעלטן, קיין גרינסן זײַנען קימאַט ניטאָ.
די טעלעגראַמעס מעלדן, אַז אַלץ איז „אַף די רעדער”, אַלץ איז אין וועג,
נאָר דאָס לעבן לייקנט אָפּ די טעלעגראַמעס.

דער פּאַרטיי־קאָמיטעט פּאָערט אויף ווערנערן צו אַכראַיעס. ווערנער
רײַסט זיך אַליין פאָרן קיין כאַבאַראָווסק, נאָר די אַרבעטן אַפּן פּלאַץ פאַר־
האַלטן אים. גראַנאַטאָוו נערווירט זיך און זידלט זיך — אַלע זײַנע באַשטע־
לונגען, וואָס ער האָט געמאַכט בעייס זײַן פריערדיקער רײַזע זײַנען געבליבן
ניט אויסגעפילט. ער שיקט דראָענדיקע טעלעגראַמעס און צום סאָף פאָרט
ער אַרויס קיין כאַבאַראָווסק מיט אַן עראָפּלאַן. ער שלײַדערט דאָרט בליצן,
די דונערן דערטראָגן זיך פון כאַבאַראָווסק ביזן פּלאַץ — מען דערוויסט זיך
אַז גראַנאַטאָוו האָט אַרויסגעטריבן צוויי אַגענטן, האָט געמאָלדן עטלעכע
אויסריידן און האָט צום געריכט איבערגעגעבן דעם נאַטשאַלניק פון דער
באַזאָרגונג. גראַנאַטאָווס צוגעשיקטער בריוו איז פול מיט אומרו: די באַ־
שטעלונגען זײַנען ניט געמאַכט געוואָרן אין צײַט, פאַראַן אַ געפאַר אַז ביז
די נאַוויגאַציע וועט זיך אָפּשטעלן וועט ניט געלינגען אַריבערצוּוואַרפן די
גרינטלעכע ווינטער־רעזערוון. ער בלײַבט דאָרט, קעדיי טאָג־טעגלעך אָנצו־
דריקן אַף די באַזאָרגונגס־אָרגאַניזאַציעס און בעט ווערנערן אָרגאַניזירן אַי־
נעם ראַיאָן פון דער בויונג, אין די דערפער אַלע מעגלעכע פּראָדוקטן און
היי פאַר די פערד.

ווערנער און מאַראָזאָוו פאַרנעמען זיך מיט די פאַרגרייטונגען. די „פיש־
פאַנג־באַזע, וואָס מאַראָזאָוו האָט אָרגאַניזירט האָט זיך געעפנט פּונקט צו
דער צײַט — ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער האַרבסטיקער פיש־פאַנג. קאַסימאָוו,
טאַראַס איליטש און קילטו טאָגן און נעכטיקן אַף די פיש־פאַנג־אָפּטיילן. זיי
האָבן ניט קיין אַרויסהעלפער. פון די קאָמיוגיסטן קען קיין איינער ניט פיש
פאַנגען. יעפּיפאַנאָוו רופט זיך אַרויס לערנען און לערנט זיך פלײַסיק די מע־
לאָכע פון פיש־פאַנג. ער דערוויסט זיך אַז פאַראַן זײַנען אַן אַ שיר געזעצן
פאַר אָזערעס און טײַכן, פאַר שנעלן שטראָם און פאַר פאַמעלעכדיקן, פאַר
נידעריקן וואַסער און פאַר טיפן, פאַר באַנאַכט און פאַר באַטאָג. ער איז
אַ פלײַסיקער שילער — אָבער נאָר אַ שילער. קילטו קוקט אַף אים גענעדיק,
טאַראַס איליטש שרײַט אַן און קאַסימאָוו לאַכט און לערנט אים געדולדיק.

אַף דער פיש־באַזע נעמט אויף דער קאָרייער פאַק די פיש און זאַלצט
זיי. דאָ איז די אַרבעט פּאַשעטער, זי פאָדערט אָבער שנעלקייט און אָנפּי־
רונג. דעם גרויסן פאַנג מוז מען טייקעף אײַנזאַלצן, איידער די פיש ווערן
קאַליע. דאָ מוז מען האָבן הונדערטער אַרבעטס־הענט. די פיש שטראָמען
מאַסנווײַז. קאַסאַטקעס, מאַקסונעס, קערפּ און קאַרעסן. די קאָמיוגיסטן איז
פריילעך דאָס אָפּקלײַבן די פיש, דאָס אײַנלייגן אין די פעסער און דאָס באַ־
שיטן זיי מיט גראָבער סקריפּענדיקער זאַלץ און וויסן אַז זיי אַליין,
מיט די אייגענע הענט גרייטן זייער צוקונפטיקן מיטאָג.

— און סאַראַ פאַרשיידנאַרטיקער מענו! — זאָגט מאַראָזאָוו, וואָס אַר־
בעט זײַט באַ זײַט מיט די קאָמיוגיסטן — הײַנט אַ פיש־יויך פון קאַסאַט־
קעס, מאָרגן געפּרעגלטע מאַקסונעס, און עפּשער גאָר קנישיקלעך מיט איקראַ.

— קאַרעסן אַרגענטינישע, מיט טאַרטאַר־סאָוס! — רופט אויס וואַלקאַ

בעססאַנאָוו און צווינגט זיך פרייען מיט די פיש־פערספּעקטיוון: טיף אין האַרצן האָט ער ליבערשט פלייש מיט קאַרטאָפל.

פיש איז אַ צוהילף. דער פאַנג באַווייזט, אַז דער צוהילף וועט זיין אַ גרינגלעכער. נאָר דאָס איז צו ווייניק פאַרן לאַנגן ווינטער און פאַר דער גרויסער בויונג. ווערנער און מאַראָזאָוו קלייבן אַפ די מער ענערגישע קאָמיוגיסטן און צעשיקן זיי איבער די דערפער און יישוווים אויפקויפן גריבסן, היי, בעהיימעס, שליסן אָפּמאַכן אַף צושטעלן געוויכערטע פיש, קליין־יאַגד, בערן־פלייש און לאָסן־פלייש.

אַנדריי קרוגלאָוו האָט מיט זיי ניט באַדאַרפט פאָרן, נאָר ווען די ערשטע אַרויסגעשיקטע זיינען צוריקגעקומען פון די נאָענטע דערפער מיט נעבעכדיקע רעזולטאַטן, און מיט יעדיעס אַז די פויערים און די נאַניַיער סאַבאָטירן דעם פאַרגרייט, האָט זיך אַנדריי אַרויסגערופן פאָרן. ער האָט אויסגעקליבן דעם זעלביקן יישעוו פון וואַנען מאַאָמי און קילטו זיינען געקומען. ער איז אים באַקאַנט געווען פון מאַאָמיס רייד. לויט דעם ווי ער האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיט מאַאָמי, רעכנט ער, אַז ער וועט געפינען די נייטיקע ווערטער. ער איז פאַרגלייבט אין זיך, אַז ער פאַרשטייט ניט נאָר מאַאָמין, נאָר דורך איר אַלע נאַניַיער. ער פילט אַ שרעק פאַרן אויספירן די אָנטרוויונג, אַן אינעווייניקסטע שטים וואָרנט אים וועגן שוועריקייטן. נאָר אַנדריי איז אַ קאָמוניסט, און די שרעק דערדריקט ניט זיין ענערגיע, נאָר פאַרקערט, שטאַרקט די נייטיקייט זי גוויוער צו זיין. ער פאָרט אַרויס.

ער איז גרייט צו נעמען מיט זיך מאַאָמין, נאָר מאַאָמי טרייסלט מיטן קאָפּ און כאַזערט אַלץ: „מיינע ניט קען! ניט קען!"

— פאַרוואָס? וואָס האָסטו מוירע? פאַר די עלטערן?

מאַאָמי רוקט צו צו אים איר אומרויקן פּאָנעם און זאָגט:

— זיי זוכן מיך. זיי ווילן איך זאָל אַהיימגיין. זיי האָבן געשיקט אַהער אַ מענטשן.

— וועלכן מענטשן? דו ביסט דאָך שוין כאַסענע געהאַט, צו וואָס שיקן זיי נאָך אַ מענטשן?

מאַאָמי איז פאַראַקשנט:

— ניין, געשיקט. פאַראַמאַנאָוו דער מענטש. קילטו פלעגט אים פירן, קילטו ווייס. פאַראַמאַנאָוו אַ שלעכטער מענטש. ער איז געקומען באַנאַכט און באַנאַכט אַוועק. ער האָט זיך דערוווסט... מיינע זיך באַהאַלטן, און קילטו זיך באַהאַלטן.

— נאַרישקייטן! — זאָגט קרוגלאָוו — איך וועל אַריינגיין צו דיינע עלטערן, איך וועל זיי איבערגעבן אַ גרוס פון דיר און וועל זיי זאָגן, אַז דו ביסט מאָנטיאָר.

שוין דעם ערשטן טאָג ריַיזע פאַרכאַפּט אים דער קישעף פון דער ווילדער נאַטור, און מיט יעדן טאָג איז דער קישעף אַלץ גרעסער, ווייל אַלץ ווילדער און ניט אויסגעטראָטן זיינען די ערטער, וואָס דאָס שיפל שווימט זיי פאַרביי. דאָס הייבן זיך קעגן שטראָם איז אַנראַכמאָנעסדיקער קאַמף פונעם מענטשן מיט דער סטיכיע. דער מענטש זיגט, נאָר ער ווערט באַגאָסן מיט שווערן שווייס. דאָס וואַסער לויפט ווייטער און גיסט צונויף הינטער דער קערמע די שטראָמען וואָס דאָס שיפל צעשניידט און דער פריילעכער געפלוידער קלינגט אַפּ מיט כויזעק. לעַנגאויס דעם ברעג שטייט די טייגע — מיליאָנעןביימער, און יעדער בוים צייכנט זיך אויס פונעם צווייטן, האָט

זײַן אויסבייג, זײַנע קאַפּריזנע פאַרדרייונגען, זײַן געהיימען פּראַכט. טייל־
מאָל שווימט דאָס שיפל פאַרבײַ פעלדזן און שטיינערנע באַרג־ווענט, וואָס
הענגען איבערן קאָפּ. די פעלדזן גלאַנצן ריין אָפּגעוואַשענע מיט דעם וואַסער.
די אויגן ווערן מיד פון די שאַרפע ליניעס און באַקומען מיטאַמאָל רו אַף
אַ ריינער טאָלעקע, ווו עס שטעקט פונעם וואַסער העל־גרינע ראָרן און רויטע
צינגלעך פון די ווערבעס. און אַרום קוקן הויכע סאָפּקעס אַרויס, איינע היב־
טער דער צווייטער, אַלע אַלצאיינס אַרומגעקײַלעכיקטע און דאָך גאַנץ פאַר־
שיידן מיט זייערע ניט איבערגעכאַזערטע געבויגענע רוקנס.
אַף די קורצע באַנאַכטיקע אָפּשטעלן קען אַנדריי ניט אײַנשלאָפן. ער
ליגט מיט אָפענע אויגן באַם שײַטער, הערט זיך אײַן צו די קוילעס פון דער
טײַגע און טראַכט. ער טראַכט זיך: „בין איך עס אָדער ניט איך? בין איך
טאַקע אָט דער געוואַגטער אין זיך פאַרגליבטער מענטש, וואָס וועט אײַנ־
קויפן היי און בעהיימעס, שליסן אָפּמאַכן און לייענען אין די הערצער פון
די נאַנײַער? טאַקע בין איך עס, דער אינסטרוקטאָר פון אַ טויזנט־קעפּיקער
קאָמיוגיסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס ניצט זיך מיט אויטאָריטעט און צו־
טרוי?" ער האָט ניט קיין שלעכטע מיינונג איבער זײַנע פעיִקייטן, נאָר דער
פאַרנעם פון דער אַרבעט אַף דער בויונג שטײַגט אַף אַ סאַך אַריבער זײַן
פריִערדיקע פּראַקטיק. אַנדריי געפינט זיך אין דעם איבערגאַנגס־צושטאַנד,
ווען אַ יוגנטלעכער ווערט אַ דערוואַקסענער מאַן, נאָר ער האָט נאָך ניט דעם
באַוווסטזײַן דערפון און איז נאָך ניט צוגעוווינט צו זײַן דערוואַקסנקייט. עס
צאַפּלט זיך נאָך אין אים דער יִנגלשער אומצוטרוי צו זײַן ערנסט, נאָר
גראָד ערנסטקייט איז זײַן נײַער וועזן.
אַן אַרויסגעריסענער מיט דער אומגעריכטער רײַזע פון זײַן געוויינלעכן
קרײַז זאָרגן און אומרו, שטודירט אַנדריי זיך אַליין און זײַן אַרבעט. ער איז
צופרידן מיט די רעזולטאַטן פון זײַן שטודיום. צו זײַן אייגענער פאַרוווּנדע־
רונג, פאַרשטייט ער, אַז ער איז גליקלעך. איך בין גליקלעך אייגנטלעך מיט
דער פולקייט פון טיפקייט פון מײַן לעבן. ער איז אָנפירער. ער האָט זיך
פאַרדינט אַכטונג, ניט מיט דערווײַטערן זיך פון די יאַטן, נאָר מיט דער
באַקרעפטיקונג פון זײַן פרײַנטלעכער נאָענטקייט מיט זיי; און אין דער
פרײַנטלעכער נאָענטקייט קען ער זיי ריכטן מיט אַ גענוג פעסטער האַנט.
מען קומט צו אים אָפט נאָך אַן אייצע, מיט אַ קלאַגע, אויסגיסן פּײַנען און
ספּייקעס. ער קלײַבט איבער אין מויעך די שמועסן און ער זעט, אַז די קאָמ־
יוגיסטן צעעפענען זיך פאַר אים גערן, גיבן זיך גערן איבער אין זײַנע יונגע
נאָר מער געניטע הענט. אים איז אָנגענעם זיך צו באַקענען מיט זייערע
שוואַכקייטן און פעלערן פון זייערע אייגענע רייד. סיאָמאַ אַלטשולער לײַדט
פון אייגנליבע און איז אַמביציעז. זײַן אַמביציע ווערט אונטערגעטריבן מיט
דער מוירע, אַז זײַן קליינער וווקס מאַכט אים אומבאַמערקלעך. וואַלקאַ בעס־
סאָנאָוו איז עגאָיִסטיש און ניט שטאַנדהאַפטיק, ער גיט זיך נאָך שנעלע
אויסברוכן פון צערייצטקייט; ווען די אויסברוכן גייען איבער, פּײַניקט אים
די בושע און ער פאַרשטעלט די בושע מיט אויסערלעכער פרעכהייט, נאָר
דערמיט ווערט נאָך שטאַרקער זײַן פּײַן. אַנדריי נאָר (און עפּשער אויך קאַ־
טיאַ) ווייסן וועגן דעם ווי ער לײַדט פון דעם באַוווסטזײַן, אַז ער איז שיר
ניט געוואָרן אַ דעזערטיר, און דער איקער דערפון וואָס אַלע ווייסן עס און
קענען עס אים אַ ליאַדע מינוט דערמאָנען. אַנדריי ווייס פון קאַטיאַס ראָמאַנ־
טישע נייגונגען, וואָס שטעלן זיך קעגן אָרדענונג, פּינקטלעכקייט, אָרגאַ־

ביזירטקייט און שטייגערישן אײַנשטעל; זי האָט זיך פאַר אים רויט־ווערגדיק מוידע געווען, אַז זי קען בעשום אויפן ניט אײַנאָרדענען איר נײַעם פאַמיליע־לעבן, אַז „די אויגן קוקן אַף דער גאַס אַרויס און ניט אין שטוב אַרײַן", און אַז דאָס קומט ניט פון ווייניק ליבע צו וואָלקאַן, נאָר פון ניט קענען אײַנזיצן אַף אַן אָרט. „איך בין, ווייסטו, אַזאַ אומרו"... יעפיפאַנאָוו איז אַ ניט געצוימטער און איז גענייגט צו אַנאַרכיסטישער העפקיירעס; ער זוכט זיך שטענדיק זעלבשטענדיקע שטעגלעך, זאָל זײַן זײַט בײַ אַ זײַט מיט די שוין אויסגעטראָטענע, נאָר אַבי טרעטן אַף רויערד און ניט אומקוקן זיך אַף אַנדערע; דאָס איז בײַ אים צוזאַמענגעלעבט מיט דעם שיינעם, אין פלאָנט דערצויגענעם קאָלעקטיוו־געפיל און האַרציקער כאַווערישקייט; נאָר די איינזאַמקייט אין די אונטערוואַקסנדיקע טיפעניש, דער יאַם־געוויג און די פרייליכע אײַנשטעלעניש, האָבן מעגלעך פאַרשטאַרקט אין זײַן כאַראַקטער אויך די אַנדערע זײַט, די ראָמאַנטישע, די שטורמישע, צווינגען זי אַרויסצווײַזן זיך און דערמאָנען וועגן זיך? שווערער פון אַלע אַנדערע איז קאַליאַ פלאָט — אַ רויִקער, אַ באַטראַכטער, אַ שטאָלצער מיט זײַן וויסן, פאָדערט ער צו זיך אַכטונג און אויפמערקזאַמקייט. ער לאָזט זיך ניט אַרונטער צו אָפנהאַרציקייט מיט אַנדרייען, נאָר ער קומט טיילמאָל זיך קלאָגן אָדער פאָדערן. ער רעאַגירט קרענקלעך אַף יעדן פרווו אים צו לאָזן אָן אַ זײַט, נאָר ער היצט זיך ניט, ער דערווײַזט פאַרניפטיק, אַז ער פאַרדינט די אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער פאָדערט צו זיך, און מאָנט פונעם קאָמיוג ער זאָל אים „פאַרזיכערן באַדינגונגען". ווען אַנדרייען גיט זיך אײַן צו דערווײַזן, אַז זײַנע פאָדערונגען זײַנען אויסער דער מעגלעכקייט אָדער אַז זיי זײַנען אין סטירע מיט די אינטערעסן פון דער בויונג, איז קאַליאַ מאַסקים. אַנדרייען איז קיינמאָל ניט אויסגעקומען אים צו זען אָן אויפגעבראַכטן. נאָענט דערפון איז ער געווען, ווען ער איז געקומען פאָדערן מען זאָל אים געבן אַ צימער אינעם הויז פון די אינזשעניערן, ווײַל ער קלײַבט זיך אויסשרײַבן ליידינקאָן („מײַן קאַלע" האָט ער געזאָגט). אַנדריי האָט זיך אָפגעזאָגט פון דער שטאַדלאָנעס, נאָר ער האָט אים אויפגעקלערט, אַז די אינזשעניערן וווינען שוין אַזוי אויך גענוג ענג, אַז זײַן קאַלע („דערצו אויך אַ קאָמיוגיסטקע?" — „יאָ") קען וווינען אין אַ באַראַק אויך.

— מײַן פרוי דאַרף ניט וווינען אין אַ באַראַק — האָט קאַליאַ שטאָלץ געזאָגט.

אַנדריי האָט אים געפרוווט אָפריידן דערפון, דערנאָך האָט ער אים אויסגעלאַכט און דערנאָך ווידער גענומען אָפריידן.

— נו, וואָס קען מען מאַכן! וועל איך צוואַרטן מיטן אויסשרײַבן — האָט קאַליאַ פלאָט אײַנגעהאַלטן זײַן אויפרעגונג און איז אַוועק פון אים.

יאָ, אַ סאַך זײַנען זיי, און יעדערער האָט זיך זײַנע מײַלעס און זײַנע כעסרוינעס. אַנדריי האָט זיך אויסגעלערנט מיט זיי אָנצופירן. ער האָט זיי אײַנגעשפאַנט אין דער אַלגעמיינער זאַך — שטרויכלט, בריקעוועט, יעדער אַף זײַן אויפן! — נאָר אַלע האָבן איין אַלגעמיינע זאַך, וואָס פאַראייניקט זיי: דער קאָמיוג. אויסערלעך ווײַזט זיך אָפט אַרויס פרימיטיווער: דיסציפלין. נאָר דאָס איז איינע פון די פרײַסטע דיסציפלינעס אין דער וועלט. זי איז פאַראַן דערפאַר וואָס מען וויל זי. זי איז זיי נייטיק, זי העלפט זיי זיך צוימען, צוימען זייער יוגנטלעכן טעמפעראַמענט, וואָס וואַרפט זיי פון איין זײַט אַף דער צווייטער. און אויב עס טרעפט זיי מוזן זיך איר אונטער־

געבן מיט אַ סקריפּ, מיט אינערלעכן פּראָטעסט, זײַנען זיי דערנאָך דאַנקבאַר, וואָרעם דער דראַנג איז פֿאַרבײַ און זיי האָבן געטאָן מיט איין נאַרישקייט ווייניקער. זייער באַוווסטזײַן איז אַ קאָמיוגישער. זייערע מעשׂים גייען אַמאָל קעגן זייער באַוווסטזײַן. די דיסציפּלין העלפֿט זיי אײַנשטימען זייערע מעשׂים מיט זייער באַוווסטזײַן, און אַנדריי פֿירט אָן מיט דעם פּראָצעס. זיי באַקומען דעם אָנווייַז פֿון זײַנע הענט. ער דאַרף טראַכטן פֿאַר אַלע, מער ווי אַלע, ריכטיקער פֿון אַלע.

ס'איז דאָס ערשטע מאָל ווי ער פֿירט אָן מיט אַזאַ גרויסן קאָלעקטיוו. ער ווערט מיד, ער נערווירט, צײַטנווײַז איז ער גרייט אַראָפּצונעמען פֿון זיך די גוואַלדיקע אַכראַיעס. נאָר איצט, ווען ער ליגט אַ וואַכער באַם שײַטער, זײַט באַ זײַט מיט דעם שלאָפֿנדיקן רודערער (צוויי מענטשן אַף הונדערטער קילאָמעטער אומבאַוווינטער טײַגע!), זעט ער דאָס גאַנצע און פֿאַרשטייט דאָס ווי די דערציִונגס־קונסט, וואָס מען מוז זי אומאויפֿהערלעך לערנען און ער האָט דעם באַוווסטזײַן, אַז גראָד אָט דער אָנשטרענג פֿאַרשאַפֿט אים דעם גרעסטן פֿאַרגעניגן. ער וואַרט אַף דינאַן, נאָר ער קען זיך באַגיין אויך אָן איר. ער איז אַפֿילע ניט זיכער צי וועט זי אים ניט שטערן. זײַן הײַנטיק גליק איז פֿרײַ פֿון פֿרויען־ליבע, נאָר דערפֿאַר אַזוי ריין, אַזוי מוטיק, אַזוי אינטערעסאַנט. וועט ער דאָס קענען צוזאַמענפּאָרן?... ער נעמט אַרויס פֿונעם בוזעם־טײַסטער אַן עלעגאַנט בייגעלע פּאַפּיר מיט געכוואַליעטע שור־רעלעך... „ווען צוויי מענטשן שטרעבן איינער צום צווייטן, קען זיי קיין זאַך ניט שטערן. איך פֿאָר צו דיר מײַן ליבער...“ ניין, ער וועט אַלץ קענען. זי וועט אויך קענען. זי וועט זײַן מיט אים און וועט אים ניט שטערן, נאָר העלפֿן. זי וועט אים פֿאַרשטיין. אַז מען האָט שטאַרק ליב, איז דען שווער צו פֿאַרשטיין דעם געליבטן?

קרוגלאָוו קומט אָפּן יישעוו אַ גליקלעכער, אַן אָפּגערוטער, איבערלעך אַ דערפֿיגירטער. ער לייגט אַרײַן אין דער זאַך זײַנע אָפּגעפֿרישטע קויכעס. איוואַן כײַטאַגין העלפֿט אים ווי ער קען. עס העלפֿן אים אויך די קאָמיוגיסטן. נאָר די קאָמיוגיסטן זײַנען ניט די באַלעבאַטים. די אַלטע לײַט הערן גערן אויס קרוגלאָוון, מיט אַלץ זײַנען זיי מאַסקים, נאָר זיי ווילן קיין זאַך ניט פֿאַרקויפֿן. נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען גיט זיך אַנדרייען אײַן צו קויפֿן היי. די קאָמיוגיסטן נעמען צוזאַמענקלאַפּן פֿליטן קעדיי מיט זיי צו פֿירן דאָס היי אַף דער בויונג. נאָר וואָס איז היי? מען דאַרף פֿיש, און די באַלעבאַטים ווילן ניט פֿאַרקויפֿן און ווילן אַפֿילע ניט שליסן קיין אָפּמאַכן אַף צוצושטעלן די פֿיש האַרבסט־צײַט, נאָכן פֿיש־פֿאַנג.

אַנדריי איז פֿאַרמאַטערט ווען צו אים קומט דער קאָמיוגיסט כאַדזשעראַ פֿרעגן אַף קילטו און מאַמי. ער וועט אַליין פֿאָרן אַף דער בויונג, ווען ער וועט פֿאַרגרייטן פֿיש פֿאַר דער פֿאַמיליע. זײַן פֿאַמיליע איז אַן־אָרעמע, נאָר זי איז גרייט צו שליסן אַן אָפּמאַך. כאַדזשעראַ קלערט אים אויף:

— אונדזערע מענטשן דענקן אַז פֿיש וועט ניט זײַן. אונדזערע מענטשן זאָג: 'פֿיש ניט ליב נאַפֿט. בויונג שמוציקט אַמור, פֿיש גיי אַוועק".

ווער האָט געלאָזט אין גאַנג די אויסטראַכטעניש? אַנדרייען איז עס ניט שווער צו פֿאַרשטיין: כאַדזשעראַ אַליין ווייס ניט וואָס אַזוינס איז נאַפֿט און ווי קומט נאַפֿט צו וואַסער. פֿרעמדע ווערטער, טאָפּלט שרעקלעכע, ווײַל אומפֿאַרשטענדלעכע. קרוגלאָוו צעפֿרעגט זיך וואָסערע רוסישע מענטשן, צוגע־רײַזטע, זײַנען פֿאַראַן אָפּן יישעוו. מען ווײַזט אים אָן אַף מיכײַלאָווס ווײַב

— „אינטעגראַל". מיכײַלאָוו אַליין איז אַוועקגעפאָרן און צו פרילינג איז ער געקומען אַף עטלעכע טעג. אַנדריי צעפרעגט זיך — ווער איז מיכײַלאָוו? אַן אַלטיטשקער, אַ גרויער, אַ שטילער, אַ באַריידעוודיקער. אַנדריי שטויסט זיך עפּעס אָן און ער פרעגט: ווי רופט מען אים באַם נאָמען און פאָטערס נאָמען? דער אַלטער פון דער טײַגע... די געשפּרעכן... „די נאָנײַער זאָגן וועגן די רוסן: רוסן שלעכטע מענטשן..." מאַאַמי און קילטו דענקען אַנדערש. מיכײַלאָוס נאָמען און פּאָטערס נאָמען איז איוואַן פּאָטאַפּיטש. נײַן, ניט דאָס... צי האָבן זיך מאַאַמי און קילטו באַגעגנט מיט דעם אַלטן? ער געדענקט ניט. נאָר דער אַלטער איז ווידער אַוועק אין דער טײַגע באַלד נאָך זייער אָנקומען... יאָ, נאָר דעם אַלטן רופט מען סעמיאָן פּאָרפיריעוויטש... נאַרישקייטן!

אַנדריי איז געווען באַ מיכײַלאָווס פרוי. אַ רויקע, שטוב־זיצערישע פרוי מיט גרויע האָר. זי אינטערעסירט זיך מיט דער בוווּנג. רופט אַנדרייען „זונעלע"... און איר מאַן איז געווען אין שליכעס. געקומען איז דער נאַטשאַלניק און האָט אים געשיקט. ווי רופט מען דעם נאַטשאַלניק? זי צעטומלט זיך... ניין, זי ווייס ניט, זונעלע, זי איז אַ פּאַשעטע פרוי, איר זאַך איז אויסבעטן פאַרן גאַסט דאָס בעט און אים געבן צו עסן, דאָס איבעריקע איז דעם מאַנס זאַכן.

אַנדריי איז אַוועק אין שכייניש'ן יישעוו צום רוסישן יעגער סטיעפּאַן פּאַראַמאָנאָוו. פּאַראַמאָנאָוו? דאָס איז דער וועגן וועמען עס האָט דערציילט מאַאַמי? סטיעפּאַן נעמט אים אויף ליבלעך, ער דערציילט אַ סאַך וועגן יאַגד, וועגן די געגנט פון די כאַיעס און פייגל. ער האָט פאַרקויפט אַנדרייען אַ וואָלפן־פעל (דינאַ וועט קומען, וועט זי זיך דערפרייען!).

— איך אַליין בין אַ וואָלף, — זאָגט סטיעפּאַן — איך האָב מיך פאַרקליבן אין דער טײַגע און קריך פון איר ניט אַרויס.

— האָט איר גאָר אַף דער בווונג ניט אַ קוק געטאָן! — פרעגט אים פאַרזיכטיק אַנדריי.

— צו ווײַט! — זאָגט סטיעפּאַן — אַט ווען איר וועט אויסבויען, קראָמען עפענען, וועל איך צופאָרן. אָבער אַזוי, צו וואָס? דער אינטעגראַל באַזאָרגט, די טײַגע דערנערט.

ער לאַכט זיך אויס פון דער מוירע באַ די נאָנײַער מיקויעך די פיש:

— אַ ווילד פאָלק! זיי שרעקן זיך אַליין.

און ער זאָגט צו מיט זיי זיך דורכצורײדן. נאָר אַליין פאַרקויפט ער ניט זײַנע פיש. „איך פאַרנעם זיך דאָך ניט מיט פיש־פאַנג. איך בין אַ יעגער און מײַסטרעווע וואָס ניט איז. דערפון לעב איך".

ווען אַנדריי דערציילט איוואַן כײַטאַניגען וועגן זײַן געשפּרעך מיט סטיעפּאַנען, איז איוואַן כײַטאַגין דערשטויגט:

— וואָס הייסט ער פאַרנעמט זיך ניט מיט פיש־פאַנג? באַ אים איז די בעסטע נעץ אַפן יישעוו!

ער באַשטעטיקט נאָר אַז סטיעפּאַן איז אין ערגעץ ניט אַרויסגעפאָרן.

אַנדריי איז געווען באַ מאַאַמיס עלטערן. זיי האָבן אים ניט געוואָלט אַרײַנלאָזן אין שטוב, דער פאָטער האָט אַפילע ניט געוואָלט הערן פון מאַאַמין, און די מוטער האָט דאָס פּאַנעם אַוועקגעקערט אַן אַ זײַט, און מען האָט ניט געקענט וויסן צי זי הערט אָדער זי הערט ניט. נאָר אין אָוונט איז זי געקומען צו לויפן אַ פאַרהוילנטע צו איוואַן כײַטאַנינען און האָט אים געבעטן

אויספרעגן באַם גאַסט וועגן איר טאָכטער. כּײַטאַנין האָט איבערגעזעצט. די מוטער האָט געוויינט און געשמייכלט. אַנדריי האָט זיך מיט איר פונאַנדער־גערעדט מיקויעך פיש און קאַרטאָפל. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס איז די זאַך פונעם מאַן. נאָר ביגנייווע האָט זי געבראַכט צו שלעפּן אַ זאַק קאַרטאָפל. „פּאַר מאַאָמין".

אַנדריי פאַרלאָרט צוויי שיפלעך (געטראַכט האָט ער וועגן אַ גאַנצן קאַראַוואַן) און פאָרט אַרויס פונעם יישעוו. דאָס היי איז געגאַנגען פאָרויס אַף די פליטן, געפירט פון כאַדזשעראַ. אַנדריי מוז זיך מודע זײַן, אַז ער האָט אויפגעטאָן זייער ווייניק. ער איז זיכער אַז עמעצער אַרבעט דערקעגן, עמעצער אַרבעט צום שאָדן פון דער בויונג. באַם געזעגענען זיך מיט איוואַן כּײַטאַנינען, גיט ער אים אַן אויפגאַבע:

— דער איקער — דערוויס זיך ווער בורעט זיי. פאַרשטייסט? און שרײַב מיר אָן מיט כאַדזשעראַן.

דאָס שיפל גייט אָפּ פונעם ברעג און לאָזט זיך באַלד שווימען מיטן שטראָם אַראָפּ. אַלץ וואָס האָט זיך פריִער אים פאַר די אויגן אויסגעוויקלט פּאַמעלעך ווען ער איז געפאָרן צום יישעוו, לויפט איצט פאַרבײַ אים ווי אַ קינאָ־פילם וואָס מען דרייט מיט גרויס שנעלקייט. אַנדריי זיצט באַם שטאַנג און גיט זיך איבער ניט ווילנדיק דער פרייד, וואָס די שנעלקייט פאַרשאַפט אים.

און מיטאַמאָל גיט ער אַ געשריי, אַליין ניט וויסנדיק נאָך וואָס עס איז געשען. זײַן קעפּקע איז אים אַראָפּגעפלויגן און ליגט אַפן דעק פונעם שיפל, און אייגנצײַטיק דערהערט ער אַ שאָס. דער רודערער וואַרפט זיך אַפן דעק פונעם שיפל. אַ דערשראָקענער און אויפגערעגטער, בייגט זיך אַנדריי אָן און קוקט אין דער זײַט פון וואַנען דער שאָס איז געקומען — צווישן דיביימער צעשווימט זיך דאָס רויכל.

ווען אַנדריי קומט אַפן פּלאַץ לויפט ער צוערשט צו מאַראָזאָוון.

אַ שטאָלצער מיט זײַן דורכגעשאָסענער קעפּקע, באַמיט ער זיך רויִק און גלײַכגילטיק צו דערציילן וועגן זײַנע אַוואַנטורעס. מאַראָזאָוו גייט מיט אים אַוועק צו אַנדראָניקאָוון, דעם באַפולמעכטיקטן פונעם נ. ק. וו. ד. (אי־נערן־מיניסטעריום). אַנדראָניקאָוו איז געקומען ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק, ער ווייס נאָך זייער ווייניק, נאָר ער ווייס, פונדעסטוועגן, אַ סאַך מער פון קרוגלאָוון. דער כּוש און די געניטקייט פונעם טשעקיסט זײַנען פאָרויסגעלאָפן זײַן פינקטלעכן וויסן. זיי זאָגן אים אונטער, אַז אַף דער בויונג און אַרום איר אַרבעטן סאָנים, גראָבן אונטער די סאַמע פונדאַמענטן פון דער בויונג. אים איז נאָך ניט קלאָר אַף וועלכע אָפּטיילך און מיט וועלכע מעטאָדן די אונטערגראָבונג ווערט געפירט, נאָר ער איז זיכער, אַז די סאָנים וועלן זיך פון אים ניט אויסדרייען. אים וווּנדערט ניט וואָס די אַרבעט קעגן דעם פאַרגרייט איז אַזוי שטאַרק, נאָר אים וווּנדערט דער שאָס.

— זיי אַרבעטן אָפן — שאָקלט ער מיטן קאָפּ.

ער הערט אויפמערקזאַם אויס אַנדרייען און קוקט אַף אים דורך די ברילן מיט זײַנע קורצזיכטיקע אויגן.

— און ווער איז שולדיק אין דער דעזערטירערײַ? — גיט ער פּלוצעם אַ פרעג.

קרוגלאָוו פלאַמט אויף. ער ווייס, אַז אויב אַ קאָמיוגיסט באַגייט אַ פאַר־

ברעכן, איז עס זײַן שולד. ער האָט ניט געקענט דערציִען אים. עפּעס האָט ער נאָך ניט געטאָן.

— איך! — ענטפֿערט ער אַנטשלאָסן.

אַנדראָניקאָוו צעשמייכלט זיך.

— דו? יאָ. דו און איך און נאָך אַנדערע. אויב מען האָט דעם סוינע ניט געפּאַקט, זײַנען מיר שולדיק, די באָלשעוויקעס. בײַ אַ גוטער אַרבעט, קען מען אַ ליאַדע סוינע פּאַקן. וועמ־זשע זײַנען די סאָנים?

דאָס איז געווען זײַן פֿראַגע, אַנדריי: „ווער בורעט?" ער ווייס ניט ווער. ער דערציילט וועגן ניקאָלקען, וועגן אַנדערע צופּעליקע קאָמיוגיסטן, וואָס דעמאָראַליזירן די יוגנט. מיט בושע רופֿט ער אָן פּאַקן. מיט בושע, וואָרעם פּאַקס סאַראַי שטייט שוין לאַנג געשלאָסן, און פּאַק אַליין פֿאַרברענגט זײַנע טעג און נעכט אויפֿן פֿיש־פֿאַנג. קרוגלאָוו אַליין האָט ניט איין מאָל געאַרבעט באַנאַכט באַם זאַלצן די פֿיש. פּאַק איז אַ זשוואַווער, אַ כיטרער, שוין אַ צו צוגעלאָזענער, זײַן אויסזען רופֿט ניט אַרויס קיין צוטרוי, נאָר די קאָמיוגיסטן גיבן אים אָפּ וואָס אים קומט — ער שווינט זיך ניט, ער איז שטענדיק אויף די פֿיס, ער אַרבעט פֿאַר דרײַען, די אויגן זײַנען אים רויט פֿון די שלאָפֿלאָזע נעכט, דערפֿאַר ווערן די פֿיש קיינמאָל ניט קאַליע — זיי פֿאַרשווינדן טייקעף אין די פֿעסער מיט זאַלץ־ראָסטל, לייגן זיך אויס הויפֿנווײַז אינעם אונטערערדישן אײַז־קעלער. פּאַק איז אַ גוטער פֿישער. ער קען זײַן מעלאָכע...

— קוק זיך בעסער צו צו אים, צו אַנדערע. האָסט דאָך שאַרפֿע אויגן, יונגע, — אַנדראָניקאָוו דריקט אַנדרייען די האַנט און צעשמייכלט זיך ווידער: — וואָס שײַעך יונגע איז עס אַזוי זיך. אַלטע אויגן זעען אַמאָל שאַרפֿער; זיי צעלויפֿט זיך ניט.

אַנדריי גייט דורך דעם באַקאַנטן גאָר שוין פֿאַרענדערטן (פֿאַר די צוויי וואָכן) דערפֿל. דאָס אייפֿעריקע אויג באַמערקט אַלע ענדערונגען: אויפֿן נײַעם באַראַק שטייט שוין דער דאַך, לעבן די שאַלאַשן זײַנען דורכגעלייגט הילצערנע בריקלעך. בײַ קאַטיאַ סטאַוראָוואַ הענגט אַ פֿירהענגל אויפֿן פֿענצטער, אויף דער טיר פֿונעם עס־זאַל איז אויסגעהאַנגען אַ מעניו; ער גייט צו און לייענט איבער: „געפּרעגלטע פֿרישע פֿיש". אויפֿן ראָג האָט זיך באַוויזן אַ קלייטל. קאַטיאַ פֿירט דאָרט די מעלוכע, אַן אַרומגערינגלטע מיט פֿיש און מיט פֿיש־רייעך. זי מאַכט מיט די הענט צו אַנדרייען און שרײַט אויפֿן גאַנצן קאָל, נאָכמאַכנדיק די גאַסן־הענדלער, און קײַכט אַליין פֿון געלעכטער:

— פֿיש! פֿיש! ווער דאַרף פֿיש?!

קרוגלאָוו קומט צו אַ פֿלוידער טאָן. קאַטיאַ באַרימט זיך — דער לאַקס גייט איצט. פֿיש וויפֿל דו ווילסט, כאַפּ. מאַראָזאָוו האָט געצווונגען אין איין טאָג אָוועקשטעלן קלייטלעך און פֿאַרקויפֿן יעדן איינעם. קלאַראַ קאַפּלאַן מיט די קאָמיוגיסטן האָבן זיי אין איין נאַכט אויפֿגעשטעלט. מען כאַפּט פּאַשעט די פֿיש פֿון אונטער די הענט. מאַראָזאָוו אַגיטירט די יאַטן זאָלן קויפֿן און אַליין אײַנזאַלצן אויפֿן ווינטער. — די פֿיש־באַזע ספּראַוועט זיך ניט און קאַסימאָוו פֿירט צו אַלץ נײַע מאַסן פֿיש. וואַלקאַ האָט שוין איין פֿעסל אײַנגעזאַלצן, און באַנאַכט מאַכט ער פֿעסלעך. ער קען ניט. אַוואַדע קען ער ניט. אַז ער וויל, קען ער אַלץ!

קלאַוואַ זיצט אין אַ צווייטן קלייטל. קרוגלאָוו גריסט איר פֿאַרבײַגייענדיק זייער פֿרײַנטלעך. דאָס שולד־געפֿיל דערלאָזט אים ניט מיט איר זיך

צו באַגעגענען. נאָר צי דען איז ער שולדיק? דער סייכל זאָגט אים, אַז דאָס לעבן איז באַגאַנגען אַ נאַרישקייט, דערמיט וואָס ס'האָט אים צונויפגעפירט מיט דינאַן אַ וואָך פאַר זײַן אָפּפאָרן, ווען קלאַוואַ — די גוטע, די ליבע קלאַ־וואַ! — האָט זיך שוין געקליבן אין וועג אַרײַן, דעם געמיינזאַמען וועג פאַר איר און פאַר אים...

דער צווייטער טאָג איז געווען אַ פרײַער. איבערן אַמור גייט דער לאָקס ווי אַ לאַווע. און צוזאַמען מיט דעם לאָקס איז צוריקגעקומען דער זומער. עס איז וואַרעם און אַ ביסל שטיקנדיק. אַפן צאַרטן הימל באַוועגן זיך וואָלקנס, אָן האַפט און אָן פאָרמען, גרינגע ווי צעשווימענדיקער רויך.

דער אַמור איז אַזוי שטיל אַז אַף זײַן שפּיגל־גלאַטקייט מערקט זיך ניט דער שטראָם.

אַנדריי קומט אַרויס פון דער שטוב און שטויסט זיך אָן אַף קלאַראַ קאַפּלאַן. אַרום איר דרייען זיך די אינזשעניערן, ריין געראַזירטע, אין ווײַסע העמדער און אין די בעסטע אָנצוגן. — זיי גייען צום ברעג אַמור אויסניצן די לעצטע זומערדיקע וואַרעמקייט.

— כאַווייִרים אינזשעניערן, איך פאַרבעט אײַך אַף דער פיש־באַזע — זאָגט קרוגלאָוו האַלב אין שפּאַס, האַלב ערנסט, נאָכדעם ווי ער גריסט זיך מיט זיי.

די אינזשעניערן נעמען דאָס ליבערשט אָן ווי אַ שפּאַס.

— שוין דרײַ טעג ווי איך אַרבעט, ערד־וואָרט! — זאָגט קלאַראַ קאַפּלאַן

— סאַראַ טאָג! סאַראַ טאָג! — רופט זי אויס און אָטעמט טיף, און די באַקן פאַרבן זיך איר פון דער לופט און פון דער וואַרעמקייט — עס ווילט זיך וווּנדערלעך ניט אַרבעטן.

— איך קענט רוען אַף די לאַרבער, — זאָגט איר לאַווראָוו — איר זײַט דער ערשטער אינזשעניער, וואָס זעט דאָ אַ פאַרענדיקטע פאַרקערפּערונג פון זײַנער אַן אידעע.

קלאַראַ פאַרשטייט ניט.

— איך זאָג דאָס אַקעגן די קלייטלעך.

אַ באַליידיקטע, צווינגט זיך קלאַראַ אַ שמייכל צו טאָן און ענטפערן:

— מײַן אידעע וועט זיך דערויף ניט אָפּשטעלן. נאָר יעדע אידעע וויל עסן. בעסער אַרבעטן צום נוצן אָט דער נערונג, איידער וואַרטן אַז אַנדערע זאָלן אײַך דערנערן.

אַפן ברעג, באַם מאָטאָר־שיפל, אייסעקט זיך קאָסימאָוו. ער טראָגט אַ בריזענטענעם ראָב און גומענע שטיוול. דאָס פּאָנעם איז באַ אים ברוין פון דער זון.

— אַפן רעכטן ברעג, — ענטפערט ער אַף די פראַגן פון די אינזשע־ניערן — פאָר איך איצט אַריבער מיט דער כאַלקאַ.

די נײַנקע כאַלקאַ איז ריין און באַקוועם. די אינזשעניערן נעמען זיך בעטן אַריבערפאָרן מיט קאָסימאָוון:

— מיר האָבן נאָך קיינמאָל ניט געזען ווי מען כאַפּט פיש מיט אַ נעץ — זאָגט סליעפּצאָוו — וואָס קאָסט עס אײַך?

— וויפל זײַט איר?

מען נעמט ציילן די באַלאַנים. קלאַראַ איז ניט זיכער. ס'איז קענטיק, אַז זי וויל פאָרן, נאָר זי האָט צוגעזאָגט די קאָמיוגיסטן צוקומען צום בוי פון די באַראַקן. זי טוט אַ זיפץ און קוקט מיט אַ פראַגע צו קרוגלאָוון:

— און איר?

— ניין, ניין, — זאָגט קאַסימאָוו — צום שאָדן פון דער אַלגעמיינער זאַך, וועל איך קיינעם ניט נעמען. בלײַבט איר דאָ, כאַווערטע קאַפּלאַן, איך וועל אײַך אַן אַנדערן מאָל איינע אַליין אַריבערפירן. און דיך אויך, קרוגלאָוו.

ער גיט אַ כיטרע שמייכל צו ביידן און ציילט אַליין איבער די אינ־זשעניערן. אָנגעקליבן האָבן זיך אַכצן מאַן. זיי דערשרעקן זיך פאַר דער צאָל — קאַסימאָוו וועט אַזויפיל ניט מיטנעמען. נאָר קאַסימאָוו שאָקלט פריילעך מיטן קאָפּ.

— גוט! גיכער קריכט אַרײַן, מירן באַלד אָפּשווימען.

קלאַראַ און קרוגלאָוו קוקן טרויעריק נאָך דער אָפּגייענדיקער כאַלקאַ.

— אַ בײַגעקומענער ניסאָיען איז שוין ניט קיין ניסאָיען, — זאָגט קלאַראַ — זאָלן זיי זיך פרייען. מירן זיך פאַרנעמען מיט אַן אַרבעט.

און זיי גייען אַוועק צום באַראַקן־בוי.

דאָס מאָטאָר־שיפל שלעפּט שנעל די כאַלקאַ אַריבערן טײַך, שנײַדט איבער דעם שטראָם. אינזשעניערן ווערן פריילעך פון דער אומגעריכטער פאַרווײַלונג און נעמען זינגען אַ ליד. דער אינזשעניער פעדאָטאָוו דיריזשירט אַרײַנצופאַלן אין וואַסער און זעצט זיך אויף דער קערמע און דיריזשירט פון דאָרט מיט דעם כאָר. קאַסימאָוו שמייכלט צו זיי פונעם מאָטאָר־שיפל און זינגט מיט ניט אין טאַקט.

אויפן פיש־פאַנג איז שטיל. צוויי גענעץ־ציִער, שפּרייטן אויס די נעצן און טאַראַס איליטש קאָכט אַ פיש־יויך. דער לאָקס אַפילע, דוכט זיך, גייט גיט, און קיינער אײַלט זיך ניט. נאָר קאַסימאָוו דרייט זיך און ווײַזט אָן אויפן פוסטן ברעג:

— זעט!

דער ברעג וויגט זיך, ווי דער גאַנצער זשוויר וואָלט זיך גערירט. קאַסי־מאָוו דרייט אויס די כאַלקאַ און קומט צו צום ברעג.

— דאָ זײַנען דאָ פיש! — שרײַען די אינזשעניערן, און בייגן זיך איבערן באָרט.

דער גאַנצער ברעג איז פאַרוואַלגערט מיט היפּשע, שטאַרקע, צאַפּלדיקע פיש. רייזיקע פיש, מיט צעעפנטע מײַלער, שפּרינגען אונטער און קלאַפּן אָן ראַכמאָנעס מיט די עקן, פאַרטשעפּען איינער דעם צווייטן, ווילד געוואָרענע מיט דעם פאַרלאַנג זיך צו ראַטעווען.

די אינזשעניערן לויפן אַראָפּ איבער דער ברעט און קוקן זיך אײַן מיט אינטערעס אינעם רײַכן פאַנג.

— כאַווערים אינזשעניערן, קומט נאָר אַהער — רופט זיי צו קאַסימאָוו.

ער שטעלט זיך אַוועק אויף אַ שטיין; זײַן טרוקענע שטאַלטנע פיגור טיילט זיך פּרעכטיק אויס אויפן הינטערגרונט פון די פעלדזן און פאַלנדיקע האַרבסט־בלעטער.

— ער בעט זיך אויפן לײַוונט — זאָגט שטיל פעדאָטאָוו — ווען איך בין אַ מאָלער...

— איז אָט וואָס, כאַווערים אינזשעניערן, — זאָגט קאַסימאָוו דײַטלעך און אָנטשלאָסן — איר זעט דאָך אַליין סאָראַ פאַנג. און דאָס וועטער איז הייס. אויב מען זאָל זיי ניט באַלד אײַנזאַלצן, וועלן זיי קאַליע ווערן. מען דאַרף אויפלאָדן, און שנעל. אַזוי אַז ניטאָ וואָס צו מאַכן, איר וועט מוזן צואַרבעטן. איר דאַרפט דאָך האָבן פיש, ווינטער וועט איר דאַנקען.

די אינזשעניערן רוקן זיך אָפּ און קוקן זיך איבער. איינער פּרוווט זיך פֿאַרוואַנדלען דעם גאַנצן איניען אין שפּאַס, אַ צווייטער ערגערט זיך: „צי דען קען מען אין אַזוינע אַנצוגן אויפֿלאָדן?"

— מיר זײַנען ניט קיין טרעגער! — שרײַט סליעפּצאָוו — דאָס איז פּאַשעט נאַריש!...

— הערט אויס, כאַווײַרים אינזשעניערן! — זאָגט קאַסימאָוו, און דאָס פּאָנעם ווערט באַ אים פֿינצטער — מען לייגט אײַך פֿאַר מיט גוטן, באַוווסט־זיניקערהייט. די פֿיש וועלן אומקומען, וועט פֿאַר אײַך ערגער זײַן. נאָר איך גיב אײַך מײַן ערן־וואָרט, אַ פּאַרטיזאַנס אַ וואָרט: ווער עס וועט ניט העלפֿן — דעם נעם איך ניט צוריק. פֿאַרבלײַבט דאָ. אַף דער כאַלקאַ וועל איך קיינעם ניט אויפֿנעמען.

עס הייבט זיך אויף אַ טומל. די לאַגע ווערט ניט פֿויגלדיק. אַ סאַך גלייבן נאָך ניט, אַז דאָס איז אין ערנסט און פּרוּוון זיך אַרויסצודרייען מיט שפּאַס.

קאַסימאָוו טרעט אָפּ, פֿאַרקאַשערט די אַרבל און נעמט וואַרפֿן די פֿיש אין דער כאַלקאַ מיט געמאָסטענע גלײַך וויכטיקע באַוועגונגען. די נעצן־ציִער און טאַראַס איליטש שטייען צו צו דער אַרבעט.

— הערט אויס, כאַווער קאַסימאָוו, — קומט צו און נעמט רײַדן אין דער שטיל סליעפּצאָוו — איך בעט אײַך מיך באַפֿרײַען פֿון דער אַרבעט. איר קענט דאָך מיך. איך בין אַ קראַנקער מענטש, דאָס האַרץ איז באַ מיר, דערצו נאָך אין די הויזן...

קאַסימאָוו וואַרפֿט אַרײַן אַ גרויסן פֿיש און ציט זיך אויס אין דער גאַנצער לענג. דאָס פּאָנעם צינדט זיך אים אָן און אַף די באַקן בלאָזן זיך אים אָן גוליעס.

— וואָס וועט איר ווינטער דאַרפֿן — פֿרעסן אָדער אין די יאָנטעוודיקע הויזן שפּאַצירן? שעמט אײַך, כאַווער ספּעציאַליסט!

און מיט אַ געצוווּנגענעם שמייכל ווענדט ער זיך צו די איבעראַשטע אינזשעניערן וואָס שטייען און קוקן זיך איבער:

— אײַלט אײַך צו, בירגער! מײַן וואָרט איז אַ קרעפּטיק וואָרט. איך וועל אײַך דאָ איבערלאָזן איבער נאַכט — איר זאָלט אײַך ניט באַליידיקן.

— דאָס איז אומדערהערט! — שרײַט סליעפּצאָוו און טרעט אָפּ — דאָס איז אַ פֿאַרגוואַלדיקונג, איר האָט אונדז פֿאַרנאַרט, און דערנאָך... פֿאַר טרעגער!

— און פֿאַרוואָס ניט פֿאַרנאַרן, — רופֿט זיך גוטמוטיק אָפּ קאַסימאָוו — ווי־זשע וועל איך נעמען מענטשן? די קאָמיוגיסטן שלאָפֿן אַזוי אויך ניט די נעכט. איר דאַרפֿט אַליין פֿאַרשטיין.

— איז וואָס־זשע איז דאָרטן, אַז אויפֿלאָדן איז אויפֿלאָדן! — שרײַט אויס פּעדאָטאָוו און טוט זיך שנעל אויס אין די הוילע גאַטקעס, אַ מוסקול־ליעזער, אַ צופֿרידענער, און שטעלט זיך אַוועק לעבן קאַסימאָוון.

איינער נאָך איינעם, מיט זידלערײַ און מיט שפּאַס, שטייען די אינזשע־ניערן צו צו די אַרבעטנדיקע. סליעפּצאָוו בלויז כאַפּט זיך ניט און גייט אום פֿון ווײַטנס.

— נעמט אין אַכט, באַנאַכט איז קאַלט! — שרײַען צו אים די אינ־זשעניערן — און די מאָסקיטן דאָ זײַנען בייזע, זיי וועלן אײַך אויפֿפֿרעסן!

די אינזשעניערן אַרבעטן געשמאַק, ווער אין די גאַטקעס, ווער אין די

יאָנטעוודיקע הויזן. דאָס פּיש־בלוט פאַרשפּריצט זיי די ווײַסע העמדער, גיסט זיך איבער די הויזן און איבער די נאַקעטע פיס, נאָר די אַרבעט איז אַ פריי־לעכע, אַ פאַרנעמיקע, און דער טאָג איז אַ זעלטענער.

— דו בעטסט דיך אָפּן לײַוונט! — שפּאַסט מען פון פּעדאַטאַוון — אַ גרויסאַרטיקער טיוזשעט! — „אין געפּאַנגענשאַפט באַם פּאַרטיזאַן".

— אַ נו, פרײַלעכער! — שרײַט קאַסימאַוו און גלאַנצט ביטרע מיט די אויגן.

סליעפּצאַוו אַקשנט זיך נאָך. קאַסימאַוו קוקט זיך אָף אים ניט אום, די אינזשעניערן שפּאַסן, און סליעפּצאַוו פאַרשטייט אַז זײַן לאַגע ווערט אַ נאַ־רישע, — אַלע אַרבעטן, אויסער אים, דערנאָך וועט זיך פונאַנדערשפּילן אַן אומגעלומפּערטע סצענע — דער געוואַגטער פּאַרטיזאַן קען אים מיט אַן עמעסן דאָ איבערלאָזן. מעגלעך נאָך אַז איצט זאָלן די כאַווײרים שטיצן קאַסימאַוון: זיי אַרבעטן!

סליעפּצאַוו הענגט אויף אָף אַ סענק זײַן בײַנקן רעקל און וויגט זיך צו צו די איבעריקע, און ניט גערן, קלוימערשט אין שפּאַס, נעמט ער צו־העלפן. אָפּן פּאָנעם איז בײַ אים פאַרגליווערט אַ געמאַכטער גנעדיקער שמייכל.

— שנעלער, שנעלער, כאַווער סליעפּצאַוו, — שרײַט צו אים קאַסי־מאַוו — איר דאַרפט דעריאָגן, זעט וויפל מיר האָבן שוין אַרײַנגעוואָרפן!

אין אַ שאָ אַרום איז די כאַלקאַ פול געוואָרן, און דער ברעג ליידיק. קאַסימאַוו דאַנקט הייס פאַר דער הילף, גלײַך די אינזשעניערן וואָלטן זיך פרײַוויליק אַרויסגערופן אויפלאָדן. די אינזשעניערן שווײַגן, באַקוקן זייערע פאַרפלעקטע הויזן און פיס מיט קלעפּיקן בלוט. נאָר דערנאָך, ווען די אינ־זשעניערן האָבן זיך, אָף שנעל אויסגעבאָדענע אין קאַלטן וואַסער, זיך אויס־געזעצט אין דער כאַלקאַ באַ די ראַנדן, אָן דער מוירע זיך אײַנצושמירן, און קאַסימאַוו אַ צעשמייכלטער ביז די אויערן האָט הילכיק פאַרצויגן אַ ליד, האָבן זיך אַלע צעלאַכט און ניט ווילנדיק מיטגעזונגען.

אָפּן ליגנקן ברעג האָט זיי דערוואַרט אַ נײַס — אַ שיף איז אַרײַנגעקו־מען. גראַנאַטאַוו קוקט אויפגעלעבט נאָך ווי מען לאָדט אָפּ מעל און קאָנ־סערוון. פאַראַן דאָ אויך ווערנער, קלאַרא קאַפּלאַן, קרוגלאַוו, מאַראַזאַוו, אַנ־דראַניקאַוו. קאַסימאַוו קומט צו. ער שטעלט פאַר די אינזשעניערן אַלס זײַנע פרײַוויליקע צוהעלפער. ער לאַכט און קוקט זיך איבער מיט קרוגלאַוון און קלאַראַן.

גראַנאַטאַוו פרעגט וויאַזוי גייט עס מיטן פאַנג. קאַסימאַוו לייגט פאַר צוגיין אָנקוקן און דאָ טאָקע, צווישן צונויפגעלאָפענעם אוילעם קאָמיוגיסטן, ווערבירט ער נײַע העלפער.

— איך וועל צוגיין אַ קוק טאָן, — זאָגט גראַנאַטאַוו — נאָר דו גיי ניט אַוועק פונעם פּיש־פאַנג ביז דו וועסט ניט אַרויספאַנגען דאָס לעצטע פישל.

אויך מאָאָמי איז אַוועק מיט די קאָמיוגיסטן זאַלצן פיש. צוליבן פרײַען טאָג האָט זי פאַרראַטן איר אַקשאָנעס — זי האָט אײַנגעשטימט צו ווערן פון אַ „מאָנטיאָר" אָף עטלעכע שאָ אַ פישערקע. נאָר ניט באַוויזן האָט זי צו זײַן צען מינוט אָף דער פּיש־באַזע, ווי זי איז פון דאָרט אַרויסגעלאָפן און זגענומען פּאָכען מיט די הענט. זי לויפט צו די אָנפירער, שעמט זיך ניט און כאַפּט אָן באַ דער האַנט ווערנערן און שרײַט אים גלײַך אין פּאָנעם, און דרייט מיט צעשראָקענע אויגן:

— שטעל אַלץ אָפּ! שטעלט אָפּ!

קיינער פאַרשטייט ניט.

אַנדריי נעמט זי אָן פאַר די אַקסלען:

— וואָס איז, מאַמי?

טרערן טרעטן איר אַרויס.

— שטעל אָפּ די! — קלאָגט זי — טאָר ניט רייניקן ניין! פיש פאַרפאַלן, געשוואָלן, טאָר ניט רייניקן, ניין!

— וואָס פאַראַ נאַרישקייטן? — פרעגט גראַנאַטאָוו — דו פאַרשטייסט עפּעס?

מאַמי כאַזערט איבער און וויינט שיר:

— פאַרלוירן פיש, געשוואָלן, פאַרלוירן אַלץ!...

זיי לויפן אַוועק אַף דער פיש־באַזע. מאַראָזאָוו אַפריער, נאָך אים מאַמי, אַנדראָניקאָוו, גראַנאַטאָוו, קרוגלאָוו, ווערנער.

פּאַק נייגט זיך, ער פינטלט פאַרלוירן מיט די אייגעלעך.

אַנדראָניקאָוו עפנט עטלעכע פעסלעך. געשוואָלענע קאַסאַטקעס שווימען אַרויף, ווייסן זיך מאַט מיט אויפגעבלאָזענע בייכער.

מאָראָזאָוו כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ און אין דער בעהאָלע שרייט ער אַף פּאַקן:

— פאַרוואָס־זשע האָסטו געזאָגט אַז רייניקן טאָר מען ניט? וויאַזוי־זשע האָסטו פאַרזיכערט, אַז גערייניקטע פיש ווערן קאַליע? זאָג, דו כיטרע טייוול, לייקן ניט, דו האָסט ניט געקענט ניט וויסן, אַז די פיש וועלן קאַליע ווערן!

פּאַק מורמלט, נייגט זיך, סטאַרטשעט די דערשראָקענע אייגעלעך.

— ס'איז קלאָר — זאָגט אַנדראָניקאָוו — רופט אַהער קאַסימאָוון, מען דאַרף ראַטעווען דאָס וואָס איז נאָך ניט פאַרלוירן.

גראַנאַטאָוו טרייסלט פּאַקן פאַר די אַקסלען:

— שעדיקן? שעדיקן האָט זיך דיר פאַרוואָלט? שעדיקן?

באַ אים ציטערט און צוקט דאָס פּאָנעם. ס'איז אַ שרעק צו קוקן אַף אים. הונדערטער פעסלעך פריש־געזאַלצענע פיש... דער ווינטער־פאַרגרייט. ניט שוין־זשע איז אַלץ פאַרלוירן?

אַנדראָניקאָוו פירט אַוועק פּאַקן. פאַרן אַוועקגיין באַווייזט ער נאָך אַ זאָג צו טאָן קרוגלאָוון:

— זעסט, יונגע אויגן! בעסער איז שעמען זיך ווען דו מאַכסט אַ טאָעס, איידער זיך שעמען ווען דו גלייבסט ניט דעם עמעס.

פון דעם טאָג אָן טרעט מאַמי צייטווייליק אַרויס פונעם מאָנטירער־צעך. זי ווערט קאַסימאָווס געהילף, וואָס פירט אָן מיט דעם זאַלצונגס־צעך.

אַנדריי קרוגלאָוו איז שטאָלץ מיט מאַמיס אַרויסהייבונג. זי איז זיין שילערן. ער האָט זי דערצויגן טאָג נאָך טאָג, ער האָט אויסגעפונען אונטער דעם פרימיטיוון אײַנשטעל פון דער ווילדער אַ קלאָרן און איראָניזירנדיקן סייכל, אַ דרייסטן כאַראַקטער און אויסבאַהאַלטענע לעבנס־קויכעס. אַנדריי קוקט ווי מאַמי פירט אָן הייס און זיכער מיט דעם זאַלצונגס־צעך און ער איז שטאָלץ דערויף. אין דער זעלביקער צייט אָבער איז אים געווען אַ פּיינלעכער ביזאָיען פאַר איר און פאַר זיך אַליין. דאָס וואָס זי האָט אויפגעדעקט פּאַקס שעדיקערײַ איז געווען צופעליק. זי האָט געקענט יאָ גיין און ניט גיין אַף דער פיש־באַזע. זי האָט ניט ליב געהאַט פּאַקן, אינסטינקטיוו האָט

זי זיך געהאַלטן אָן אַ זײַט פון אים. נאָר וואָס האָט אַנדריי געטאָן אַף אײַנצופלאַנצן אין איר דאָס געפיל פון וואַכזאַמקייט? גאָרניט. זי פרייט זיך מיט דעם נײַעם לעבן — און ער פרייט זיך אינאיינעם מיט איר. ער האָט זי ניט אויסגעלערנט פאַרשטיין, אַז סאָנים פרוּוון זיך דאָס נײַע לעבן צו פאַרניכטן.

דאָס נײַס וועגן פאַקס אויפדעקונג האָט אויפגעהויבן דעם גאַנצן בוילעקטיוו. אַז סאָנים זײַנען פאַראַן ווייסן אַלע. נאָר אָט איז ער געווען פאַר זיי אַ קאָנקרעטער סוינע, אַ קליינינקער, אַ רירעוודיקער, אַ כיטרענקער, אַ צוגעלאָזענער, וואָס באַהאַלט זיך אויס אונטער דער מאַסקע פון אַ שלאָגלער. און אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז געווען איז וועגן אים וואָס צו זאָגן אויך פריִער. צו אַנדרייען פלעגן קומען קאָמיוגיסטן: „ער שפעקולירט מיט בראָנפן", „ער זאָגט, אַז ווער עס וויל לעבן דאַרף אַנטלויפן פון דאַנעז", „און דו ווייסט, אַנדריושאַ, דער אַלטער, סעמיאָן פאָרפיריעוויטש, איז זײַנער אַ פרײַנט... זײַנע שמועסן זײַנען אויך שעדיקערישע".

קאַטיאַ סטאַוראָוואַ קומט צו אַנדרייען און זעט אויס ווי אַ פאַרמישפּעטע אַף שאַנד: „אָט האָסטו דיר מײַן ראָמאַנטיק! דאָס האָב איך געבראַכט דעם סוינע אין לאַגער אַרײַן!"

סעמיאָן פאָרפיריעוויטש איז ניטאָ. ער ווײַזט זיך זייער זעלטן אין דערפל, און שוין לאַנג אַז ער קומט ניט זיך אָוועקזעצן אַרום פײַער. נאָר עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז ער טרעפט זיך מיט אַ סאַך קאָמיוגיסטן. טייל זייערע האָבן דעזערטירט. גרישאַ איסאַקאָוו דערציילט ווי דער אַלטער האָט אים אָנגעשראָקן מיט פולשטענדיקער בלינדקייט און האָט אים אָנגערעדט וואָס גיכער צו אַנטלויפן. און דערבײַ איז באַקאַנט געוואָרן, אַז אויך אַנדערע קראַנק געוואָרענע אַף היִנערשער בלינדקייט, האָט ער געראָטן דאָס זעלביקע.

אַנדריי ווערט זיך אַליין דערווידער. שמאַטע, אַלטע שמאַטע! וויִאַזוי האָט ער געקענט פאַרזען דעם אַלטן און פאַקן? וויִאַזוי איז עס געשען, אַז אים איז ניט אײַנגעפאַלן זיך דורכצורײדן מיט די קאָמיוגיסטן און זיי וואָרענען, זיי לערנען זען די פאַלשע און פאַרניכטיקע אַרבעט פון די סאָנים?

ראָמאַנטיק! ראָמאַנטיק איז גוט פאַר קאַטיאַן. „דער מענטש פון דער טײַגע... טיגערס... אויפקלײַבער פון זשען שען..." נאָר ער איז אַן אָנפירער, אַ קאָמוניסט, וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער געהאַט ניט צו זען דעם עמעס?

אַלע זײַנע גליקלעכע געדאַנקען וועגן די רעזולטאַטן פון זײַן אַרבעט, זײַנען מיט איינמאָל פאַרטונקלט געוואָרן נײַן. ער האָט קימאַט גאָרנישט ניט געטאָן. ער האָט פאַרזען דאָס גרינגטלעכע. ער האָט זיך ניט ספּראַוועט...

עס ווילט זיך אים מען זאָל אים פאַרמישפּעטן. ער שמועסט זיך דורך מיט מאַראָזאָוון. נאָר מאַראָזאָוו באַגעגנט אים מיט די ווערטער „איך בין אַ טיפּעש, אָן אַ טראָפּן סייכל! איך האָב אים געהאָלפן זאַלצן פיש און האָב צו אים געפירט די קאָמיוגיסטן און האָב קיין איינמאָל ניט קאָנטראָלירט צי ער פירט ריכטיק... איך בין אַרום און אַרום שולדיק!"

און אַנדריי האָט שוין ניט געזאָגט זײַן צוגעגרייטע פראַזע: „נעמט מיך אַראָפּ, איך האָב ניט די ווערט". אַוועקגיין פון דער אָנפירונג איז זייער גרינג. דאָס איז דאָס גרינגסטע. פאַרריכטן, ווערטיק ווערן — איז שווערער, ווירקזאַמער, ריכטיקער. מענטשן דערציִען איז אַ קונסט וואָס מען מוז זי אָן אויפהער שטודירן. ער ווייס עס, ער האָט שוין געטראַכט דערפון נאָך

דאָרט אין דער טײַגע (דאָס נעכטיקן בײַ די שײַטערס זעט אים אויס אומענדלעך ווײַט!) נאָר דעמאָלט האָט ער ניט געוווּסט, אַז דאָס לעבן אַליין לערנט אָט די קונסט, דאָס לעבן אַליין יאָגט, פּאָדערט, דערלאַנגט קלעפּ, קאָנטראָלירט יעדן טראָט.

## XI

אין באַגינען האָט אויסגעגאָסן אַ רעגן. געשמיסן האָט ער די ערד ביז שפּעטן פרימאָרגן, דערנאָך האָט ער זיך אויסגעשעפּט, מער האָט ער שוין קיין קויעך ניט צו שמײַסן און ער באַגיסט די ערד מיט דריבנע אָפּגעשוואַכטע שטרעמלעך.

קלאַראַ קאַפּלאַן גייט אַרויס פון דער שטוב, שיצט מיט דעם שירעם דאָס פּאָנעם און טרעט פּאַרזיכטיק איבער דעם גליטשיקן צעווייקטן ליים.

— אַלאָ, כאַווערטע אַרכיטעקטאָר!

ווערנערס נאַסער פּאָנעם, רויט פון ווינט, איז ייִנגלש פריילעך.

— מיר דינען דוכט מיר אין איין אינסטיטוציע?

זי דעקט אים צו מיט איר שירעם. דער רעגן פּײַקלט איבערן אָנגעקוואָלענעם זײַד. קלאַראַ קוקט זיך נײַגעריק אײַן אינעם באַלעבטן נאַסן פּאָנעם, וואָס איז האַלב אויסבאַהאַלטן מיט דעם לעדערנעם העלם. ער איז ענלעך אַף אַ פּליִער.

— איך גיי ט פרי, — זאָגט קלאַראַ — ס'איז אַכט אַזייגער.

— איך האָב אַ געוווינהייט אינדערפרי צו שפּאַצירן. און איר זײַט מיט אַן עמעס פרי אַרויסגעגאַנגען. לויט אײַער אויסזען, קען מען ניט קומען צו דעם אויספיר, אַז איר האָט ליב גיין אונטערן רעגן.

— איך האָב ליב צו אַרבעטן אינדערפרי, ביז די באַזוכער.

ער נעמט אַן מיט דער האַנט, אַ באַצויגענע מיט אַ לעדערנער הענטשקע, דאָס הענטל פונעם שירעם:

— אויב אַזוי קומט. דער „אַמורער קראָקאָדיל" וועט כאַלעשן ווען זי וועט דערזען, אַז איך בין געקומען פאַר איר.

זײַן ייִנגלשער טאָן איז איר אָנגענעם. דער ניט אויפגעדעקטער ווערנער באַווײַזט זיך פאַר איר פּלוצעם מיט אַן אומגעריכטער סימפּאַטישער זײַט. זיי גייען, טרעטן אין בלאָטע, און ביידע האַלטן זיי דאָס הענטל פונעם שירעם.

— איך פּאַרדראָט ניט אײַער געוווינהייט צו שפּאַצירן אַפילע אין אַזאַ וועטער? — קלאַראַ קען ניט נישט־מערקן די פּעדאַנטישקייט פון זײַן שפּראַך: „איך האָב די געוווינהייט", „מען קען ניט קומען צום אויספיר". נאָר איצט ערגערט דאָס איר ניט, דאָס פאַרווײַלט איר בלויז.

— יאָ, — ענטפערט ווערנער גערן און מערקט ניט קיין איראָניע — אויב שוין יאָ אײַנפירן אַזאַ מינהעג, מוז מען אָננעמען אַלס קלאַל: קיינמאָל פון אים ניט אָפּצוטרעטן. אַכוצדעם, גיט עס מיר די מעגלעכקייט גאַנץ פרי אַרומגיין די בויונג און דאָס דערפל.

ער פרעגט ווי זי האָט זיך אײַנגעאָרדנט, צי האָט זי באַקומען דעם פּאָטעל. זי פּאַרזיכערט אים, אַז זי האָט זיך אײַנגעאָרדנט אויסגעצייכנט, מיט פולשטענדיקער היימלעכקייט.

— אײַך שטערט ניט גראַנאַטאָווס פּאָטעפאָן?

זי צעלאַכט זיך.

— ער שטערט ניט, נאָר ער וווּנדערט.

גראַנאַטאָוו קענטיק לאַנגווײַליקט זיך אין די אָוונטן. גאַנצע שאָען שטעלט ער אָן דעם פּאַטעפאָן. קלאַראַ, וואָס וווינט זײַט בײַ זײַט מיט אים, און ווערנער, וואָס וווינט איבער אים, מיט אַ שטאָק העכער, זײַנען ניט ווילנדיקע צוהערער.

— זײַן געשאָמע דאַרשט אין די אָוונטן, — זאָגט ווערנער — האָט איר ניט באַמערקט?

קלאַראַ גיט אַ צוק מיט די אַקסלען און ענטפערט ניט. זי גיט קרום אַ קוק אויף אים: וואָס ווייס ער? און צי ווייס ער עפּעס? גראַנאַטאָוו ווײַזט איר אַרויס די צאַרטסטע אויפמערקזאַמקייט. זי דאַרף עס ניט. זי מײַדט אים אויס. ניין, ער איז ניט דער העלד פון איר ראָמאַן! זי שרעקט זיך פאַר נערוועזשע, ניט גלײַכגעוויכטיקע מענטשן: איר אייגענע געוואַלטסעניע צע־פּיבערט איר אָרגאַניזם אין דער געזעלשאַפט פון אַזעלכע מענטשן. ניין, ניין. קיינע איבערלעבונגען! זי זוכט אַרבעט, איינזאַמקייט און רו. גענוג!

— איך וועל אַמאָל קומען צו אײַך צו גאַסט, — זאָגט איר ווערנער אַלץ מיט דעם זעלביקן ייִנגלשן טאָן — מיר איז אינטערעסאַנט ווי זעען אויס בײַ זיך אין דער היים אַזוינע פרויען ווי איר.

— וועלכע זײַנען עס אַזעלכע פרויען?

ער קוקט אויף איר און שמייכלט.

— נו, לאָמיר זאָגן, אַזוינע אומרויִקע, שרעקלעך־פּרינציפּיעלע פרויען, וואָס זײַנען שטענדיק גרייט אַרויסצושטעלן עמעצן און אים ווײַזן ווער ער איז.

ער זאָגט עס אין שפּאַס, נאָר גראָד אין דער פראַגע, קען קלאַראַ ניט שפּאַסן. זי וואַרט אָפּ מיט דעם ענטפער. צופיל מיטאַמאָל האָט עס איר דער־מאָנט. „דײַנע פּרינציפּן וועלן דיך פירן אין מעשוגאַים־הויז...”

— ווייסט איר וואָס איך וועל אײַך זאָגן, כאָטש ווערנער — איר קענט אײַך באַציִען דערצו מיט אַ שמייכל, נאָר איך האָב מײַן פּרינציפּיעלקייט אויסגעלײַטן און איך באַצי מיך צו איר ערנסט.

ער שווײַגט און טראַכט דעריבער. זיי זײַנען שוין בײַ דער פאַרוואַלטונג. דער רעגן האָט אויפגעהערט. קלאַראַ פאַרמאַכט דעם שירעם, זי גיט אַ קוק אויף וועגערן און עס פאַרשווינדט מיטאַמאָל דער קישעף פון דעם קורצן שפּאַ־ציר אונטערן רעגן.

— איר האָט אַ סך וואָס אָנצומערקן? —פרעגט ער אַן אָפּגעפרעמדטער.

זי פאַרשטייט שוין. איר איז דערווידער די דאָזיקע אָפּגעפרעמדקייט. נאָר איר קאָל זאָגט שאַרפער ווי איר ווילט זיך:

— יאָ, דאָס זײַנען מער ווי אָנמערקונגען.

— איר וועט אײַך עפּשער טיילן מיט מיר? איך וועל אײַך זייער דאַנק־באַר זײַן.

„איך וועל אײַך דאַנקבאַר זײַן”. ווידער שווימט אַרויף די צערייצטקייט. זי גייט אים נאָך אין קאַבינעט, וואַרפט אַוועק אַפן טיש די נאַסע הענטשקעס, און זאָגט מיט בעקיוונדיקער היימישקייט:

— נו, גוט. הערט אויס.

ער איז גרייט צו הערן. נאָר קלאַראַ זיצט אַ פאַרטראַכטע. עס קאָסט איר מי אונטערצוקלײַבן וואָס ווייכערע ווערטער. דאָס אַלץ וואָס זי האָט אַרומגעטראַכט און גערעדט ווען זי איז געווען אַליין מיט זיך, איז שווער דאָ אַרויסצוזאָגן אונטער ווערנערס אויפמערקזאַמען און קלוגן בליק.

— מײַן מיינונג איז אַ פּאָרויסיקע. איך וועל מעגלעך ריידן אָן סיסטעם און שאַרף.

— זייער ווויל. איר זעט בעסער פון מיר. צוליב מײַן מין פליכטן זע איך מענטשן פון דער הויך, פונעם קאַפּיטאַן־בריקל, און איר — פון לעבן אײַך.

צו וואָס שטעלט ער זיך אַזוי דערויף? קעדיי צו פאַרריכטן? אָדער קעדיי קלאָר צו ווערן סאַראַ באַשולדיקונגען עס קען קעגן אים אַרויסשטעלן דער „אומרויִקער עלעמענט", די „שרעקלעך פּרינציפּיעלע פרוי"? ווי דאָס איז, וועט ער זײַנס באַקומען.

— אין אָט דער הייך, האַלט איך, באַשטייט אײַער אומגליק. אין אונדזער צײַט איז דער קאַפּיטאַן מעכויעוו צו פירן איין לעבן מיט דער מאַנשאַפט, און איר קריכט ניט אַראָפּ פונעם בריקל.

— נאָר ווען איך האָב גערופן די מאַנשאַפט אַהער, האָט זי געשטיצט ניט אײַך — ענטפערט איר שנעל אָפּ ווערנער.

— איר ווילט אײַך אומקערן צוריק צו אָט דער אומגליקלעכער באַראַטונג? — כאַפּט אונטער קלאַראַ — גוט! דאָס איז איינע פון די הויפּט־אָנמערקונגען, אַפילע באַשולדיקונגען. איר האָט קלוימערשט געשטיצט מיך, נאָר געהאַנדלט האָט איר דערנאָך פּונקט פאַרקערט.

— דערויף האָב איך געהאַט מײַנע מאָטיוון, — זאָגט ווערנער און לאָזט זיך ניט אַרונטער צו אויפקלערונגען — און וואָס נאָך?

זי ווערט צעמישט. דער טאָן פון העכערקייט וואָס הערט זיך אין זײַן ענטפער, נעמט באַ איר צו די זיכערקייט. זי נעמט ריידן שנעל, פאַרגייט אָן אַ זײַט, פאַרגעסט צו דערווײַזן, רײַסט איבער דעם געדאַנק אַפן האַלבן וואָרט.

— איר זײַט צו זיכער אין אײַער אומפעלערהאַפטיקייט. איר האָט געשאַפן צווישן אײַך און דעם קאָלעקטיוו אַ פּאַטאָס פון דיסטאַנץ... איך האָב דעם אײַנדרוק אַז איר האָט אײַך געשאַפן אַן אידעאַל פון אַן אָנפירער, אַ פּיקציע פון פּינקטלעכער אָנפירונג. איר שפּילט די ראָל טיילמאָל שלעכט, טיילמאָל גוט. איר האָט באַוויזן אויפצוהייבן דעם ענטוזיאַזם פון די מאַסן, נאָר פאַרפעסטיקן אים קענט איר ניט. אָדער איר ווילט ניט? אַ דורכפאַל!... איר האָט ווייניק ריכטיקע מענטשן. אײַערע גוטע קאַוואַנעס זינקען אינעם זומפּ פון אײַער אַפּאַראַט. טשינאָווניקעס און טרוקענע ספּעצן... איר זעט ניט די עמעסע לאַגע. וואָרפט מען אָפּ אײַער אילוזיע, איז עס ניט קיין פאַרוואַלטונג, נאָר אַ פּוסטקייט. דער קעניג איז נאַקעט.

— וויפל באַשולדיקונגען מיט איין מאָל! — כאַפּט זיך ווערנער שפּאַסיק פאַרן קאָפּ. ער הערט מיט איראָנישן אינטערעס. ער גלייבט איר, באַשײַנפּערלעך, זייער ווייניק. קלאַראַ וואָלט וועלן ער זאָל זיך פאַרטיידיקן.

— אָט, לעמאָשל, אײַערע אויפנאַם־שאָען, — זאָגט זי אַרויסרופעריש — דוכט זיך זייער שיין. אײַנדערפרי און באַטאָג און ביז האַלבער נאַכט. קום, פרעג, באַקום אָנווײַזונגען. נאָר אָט די אָרגאַניזירטקייט איז אַ פאָרמעלע. דער קאָמיוגישער בריגאַדיר קען צו אײַך ניט צוקומען. מען לאָזט זיי ניט צו. אָט דער „אַמורער קראָקאָדיל" אײַערער אוז אָט דער קאָטשאַנער — אַ זייגער אין ברילן, אַ געראַזירטע גישטיקייט! — אָט ווער עס נעמט אויף די קאָמיוגיסטן, רעדט מיט זיי און שאַפט דעם אײַנדרוק וועגן דעם סטיל פון דער אָנפירונג. אין לעצטן פאַל, קומען זיי אָן צו גראַנאַטאָוון.

— איז עס אַ שלעכטער פֿאַל ?
— אײַער גראַנאַטאָוו ספּראַוועט זיך אַפּילע ניט מיט דער באַזאָרגונג !
— און איר וואָלט אײַך ספּראַוועט ? בײַ אונדזערע באַדינגונגען ?
— לאָזט אײַך אָפּ פֿון די באַדינגונגען ! דאָס איז אײנע פֿון אײַערע פּיקציעס. שוועריקייטן ! שוועריקייטן ! מען דאַרף בעסער אַרבעטן, בעסער אָנפֿירן — און אַ העלפֿט פֿון די שוועריקייטן וועלן ניט זײַן. איך, מעגלעך, וואָלט מיך ניט ספּראַוועט. דאָס איז ניט מײַן ספּעציאַליטעט. נאָר קײן פּאַניק וואָלט איך ניט דערלאָזט. און בײַ גראַנאַטאָוון — איז אײביקע נעווראַסטעניע. די קאָמיוגיסטן גײען פֿון אים אַוועק אַנטוישטע, און די אויסגאַב־פּראָגן לײזט ער אײנגאַנצן ניט, ער שיקט אָפּ צו סערגײ וויקענטיעוויטש.
— ער איז דאָך אונטער זײַן פּירונג.
— פּירונג ! פּירונג ! ער איז אַ גוטהאַרציקע שמאַטע. ער וויל יעדן אײנעם צופֿרידנשטעלן, און דעריבער שטעלט ער ניט צופֿרידן קײנעם. גיט אַ קוק ! בײַ אײַך אינעם אויפֿנאַם־צימער איז פֿון אינדערפֿרי ביז בײַנאַכט פֿול מיט אינזשעניערן, אַרבעטס־אויספֿירער, אויפֿזעער. ווען ער וואָלט לײזן די פּראָגן, וואָלטן זײ ניט געלאָפֿן צו אײַך.
וועראָנער קנײטשט זיך. עס איז אים שוין ניט קאָמיש. דער שטורמישער שטראָם מיט באַשולדיקונגען צעדודערט אים און רעגט אים אויף.
— וואַרט אַ ווײַלע. מײנט איר אַז מײַנע אויפֿנאַם־שאָען זײַנען ניט מער ווי פֿאָרמעלע אָרגאַניזירטקײט ?
— יאָ ! — זאָגט קלאַרא אַ צעהיצטע, כאָטש זי טראַכט אַפּילע ניט דערפֿון. דאָס גערעכטיקײט־געפֿיל צווינגט איר צוצוגעבן : — ניט אינגאַנצן, באַטירלעך. איך האַלט פֿון פּינקטלעכקײט, פֿון אָרדענונג. אַנדערע קענען אויסלײגן אַלץ אין זיבן מינוט, נאָר אַנדערע קענען יט. איר קוקט אָפֿן זײגער נאָך אײדער עס איז אַרויסגעבראַכט דאָס אָנגעווײטיקטסטע. און די רײען ! דער „קראָקאָדיל” אײַערער ! איך זאָג ניט אַז מען דאַרף אַרײַנלאָזן אָן אַ רײ, נאָר פֿון דעם הײליקן ציטער אין אײער אויפֿנאַם־צימער קערט מיר צו דער גאַל ! — זי צעלאַכט זיך — אײַנשוועדונג אין די הײליקע מיסטעריעס. איר וואָלט באַדאַרפֿט אַ קוק טאָן, דער גראָב־בײַכיקער סאָלאָדקאָוו אַפּילע באַמיט זיך דעם בויך אײַנצוציען פֿאַר דער טיר פֿון אײַער קאַבינעט.
וועראָנער רײַסט איבער איר שנעלן רײדן.
— איר זײַט שאַרפֿזיניק, כאַוועדטע קאַפּלאַן. אַ שאָד וואָס איך קען דאָס ניט זען, נאָר מײַן באַרעכטיקונג איז דאָס, וואָס ריכטיקע מענטשן, ווי איר, פֿילן ניט דעם פּאַטאָס פֿון דיסטאַנץ און האָבן אַפּילע ניט מוירע צו שרײַען אָף מיר, ווי איר טוט עס איצט. און וואָס פֿאַר אַן אומגליק איז עס אַז סאָלאָדקאָוו וועט אײן מאָל אין טאָג אײַנציִען זײַן בויך ?
קלאַרא ענטפֿערט ניט. זי פֿאַרשטײט אַז זי איז אַוועק אָן אַ זײַט, אַז זי האָט זיך געלאָזט אַוועקרײַסן פֿונעם איקערדיקן, פֿונעם פּרינציפּיעלן צום ווײַניקער וויכטיקן, אָף וועלכן עס איז זיך ניט קעדײַ צו שטעלן.
— ניט דערין גײט עס. בײַ אײַך איז אַ וווּנדערלעכע בוינג. איר האָט וווּנדערלעכע בוינג ... איר האָט וווּנדערלעכע הײַער און אַ שלעכטן אַפּאַראַט. די לעבעדיקע זאַך ווערט אָפּגעטײט אין דער ביוראָ.
— איר טרײַבט איבער.
— איר אַלײן זעט ניט וואָס אַרום אײַך טוט זיך. און אויב איר ווילט
— זי היצט זיך און קלײַבט שוין ניט איבער קײן אויסדרוקן — אויב איך

ווילט, געפֿינט זיך דער וואָרצל פֿונעם שלעכטס אין אײַך גופֿא. איר זײַט הערשעריש און פֿאַרגלייבט אין זיך. איר פֿאַרלאָזט זיך נאָר אַף זיך. איר שטייט אָן אַ זײַט פֿון די קאָמיוגיסטן, איר האָט זיך אָוועקגעשטעלט איבער דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, די פּרוון פֿון קריטיק באַגעגנט איר שלאַכט־גרייט... אויב איר גיט אָפּ כעשבן פֿאַר דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, איז עס נאָר פֿאָרמעל, קעדיי די נעשאָמע זאָל זײַן ריין... איר פֿאַרגעסט, אַז איינער אַליין — דער קליגסטער מענטש — קען אַזאַ עפּעס ניט באַוועגן...

דער אָטעם פֿאַרהאַקט זיך איר און זי שווײַגט אַ ווײַלע. דאָס האַרץ טוט איר וויי און שפּרינגט אומרעגלמעסיק אין דער ברוסט. איר איז אין די אויגן טונקל פֿון ווייטיק און אויפֿרעגונג. אָנגעשפּאַרט אָפּן רוקן, וואַרט זי ער זאָל ענטפֿערן.

ער זיצט און האַלט צוגעמאַכט די אויגן.

אַ רעגע איז איר אַ ראַכמאָנעס אַף אים. עס כאַפּט זי אַרום אַ צאַרטקייט־געפֿיל. זי מערקט אַף זײַן פּאָנעם שפּורן פֿון גרויס פֿאַרמאַטערטקייט. זי דערמאָנט זיך זײַן יינגלשע פֿריילעכקייט — ניט שוין־זשע איז עס געווען ערשט מיט אַ האַלבער שאָ צוריק? איר ווילט זיך זאָגן: „זײַט מיר מויכל. איך האָב מיך צעהיצט. איך האָב אַוואַדע איבערגעטריבן”.

און מיטאָמאָל האָט אַלץ געקראַכט. פֿאַרזיכטיק (ניט אָפֿן, נאָר ביגנייוועס מיט אַ זײַט) גיט ער אַ קוק אָפּן זייגער און מיט קאַלטער גנעדיקער העפֿלעכקייט, זאָגט ער:

— נו, אַ דאַנק פֿאַר דער אָפֿנהאַרציקייט. איך וועל אײַך ניט גיין ענטפֿערן; איר זאָגט דאָך אַליין אַז אײַער מיינונג איז אַ פֿאָרויסיקע. באַ אַזעלכע מענטשן ווי איר טרעפֿט אָפֿט אַ שטאַרק אַנטוויקלטע פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט.

קלאַראַ זיצט ווי אַ שילערן, מיט אַ העלער פֿאַרב אַף די באַקן. „אַ שטאַרק־אַנטוויקלטע פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט...”, „אַ פֿאָרויסיקע מיינונג...”

דער „אַמורער קראָקאָדיל” קוקט אַרײַן אין דער טיר. קלאַראַ וואַרפֿט אַף איר אַזאַ בליק, אַז די טיר מאַכט זיך טייקעף צו.

— איך בין אײַך געזן, כאָטש אײַך ווילט זיך פֿאַר יעדן פּרײַז מיך „צעעפּענען”, — זאָגט ווערנער און הייבט זיך אויף. דאָס מאָל קוקט ער שוין אָפֿן אָפּן זייגער.

מיט גרויס מי איז קלאַראַ גוּיווער די צערודערונג און די געפּענטעטקייט. ווי נאַריש, ווי נעבעכדיק דער שמועס איז געוואָרן!

— איך האָב גערעכנט, אַז מײַן מיינונג וועט העלפֿן דער אַרבעט. אַז ניט, צו וואָס האָט מיר געטויגט די אָפֿנהאַרציקייט?

ווערנער פֿירט זי צו ביז דער טיר און באַ דער טיר דריקט ער איר הייסע האַנט.

— איך האָב גאָרניט קעגן אײַער אָפֿנהאַרציקייט — זאָגט ער.

ניין, ער האָט גאָרנישט ניט פֿאַרשטאַנען. ער האָט גאָרנישט ניט אָנגענומען. ער האָט זי אַרויסגעשטעלט פֿונעם קאַבינעט ווי אַ מיידעלע, ער האָט אַפֿילע ניט געפֿונען פֿאַר נייטיק צו ענטפֿערן, זיך צו פֿאַרענטפֿערן... און זי האָט אַרויסגעזאָגט אַ הויפֿן צעפּאָרענע געדאַנקען, זי האָט איר דרײַסטקייט פֿאַרלוירן, זי האָט זיך אונטערגעגעבן.

— אויב איך רייד מיט ווערנערן, הייסט עס, אַז איך דאַרף, און איר דאַרפֿט ניט שטעקן די נאָז אין דער טיר! — שרײַט זי בייז אָן אַף דער סעקרעטאַרן, קעדיי צו עמעצן אויסצולאָזן דעם פֿאַרדראָס.

זי לויפט אַרויס אָפּן גאַניק. זי קען אין שטוב ניט אײַנזיצן. די אויפרעגונג שטיקט זי. עס דוכט זיך איר דאָס האַרץ טרעט צו צום האַלדז. אַ מאָדנער אײַנדרוק איז עס: אויך פריִער פלעגט עס טרעפן. נאָר איצט האָט זי ניט מיט וואָס זיך צו באַרויִקן.

— איך בין מיד — זאָגט זי אָפּן קאָל און שטעלט אונטער דאָס פּאָנעם צו די דריבנע רעגן־טראָפּנס. איר מידקייט איז ניט וויכטיק. לעבן מײַנט קעמפן.

XII

אינעם צימער שטייען: אַ בעט, אַ קליינע שאַפע, אַ טיש באַם פענצטער, און באַ דער זײַט אין ווינקל — אַ גרויסער טיפער קאַבינעט־פאָטעל. קלאַראַ קאַפּלאַן לייגט זיך אַרײַן אין בעט, אינעם אָנטאָן.

זי מוז פונאַנדערנעמען דעם הויפן אײַנדרוקן פונעם טאָג, „דערפירן צו איין דענאָמינאַטאָר" — אַזוי הייבט זי אָן די אָוונטיקע פאַרסאַכאַקלונגס־אַרבעט פונעם געדאַנק. די באַראַטונג פונעם פאַרטיי־אַקטיוו . . . זי דערוואַרט פון אים אַ סך. און מאַראַזאָוו? ער דערוואַרט נאָך מער. און ער קען העלער, מיט מער סיידער, אײַנגעהאַלטענער און דערום אויך איבערצײַגנדיקער אויסלייגן איר געדאַנק — ניין, זײַנע געדאַנקען, אין וועלכע זי געפינט די פאַרקערפּערונג דערפון וואָס ברענט אין איר און איז ניט דערטראַכט געוואָרן ביזן סאָף. די אָנפירער פון דער בויונג האָבן ניט באַוויזן צו גיין בעראָש פונעם קאָמיוגישן ענטוזיאַזם. די קוואַליטעט פון דער אָנפירונג שטייט אָפּ און האַמעוועט דעריבער דעם שוווּנג פון דער אַרבעט. „די זיכערקייט פון אייניקע כאַווײרים אַז אַלץ קענען זיי און אַז מיט אַלץ וועלן זיי זיך ספּראַווען, האָט זיך ווייניקסטנס, ניט באַרעכטיקט. און זי שאַפט אַ גינסטיקן באָדן ניט נאָר פאַר ביוראָקראַטיזם, נאָר אויך פאַר דירעקטער אַרבעט פונעם סוינע". ווען זי זאָגט עס, וואָלטן עס אַ סך ניט באַמערקט. נאָר דאָס זאָגט מאַראַזאָוו. און ער באַקרעפטיקט זײַנע ווערטער מיט עטלעכע פאָרשלאָגן, פּאַשעטע און וואָגיקע, וואָס פאָדערן אַ גרינטלעכע ענדערונג פון די אָנפירונגס־מעטאָדן.

„טײַערער . . . קלוגער קאָפּ", — מורמלט קלאַראַ און הערט זײַן ניט געאײַלטן ריידן. אין איר קאָלעקציע מענטשלעכע טיפּן איז ער אַרײַנגעפאַלן אין דער בעקאָוועדיקער רובריק פון די „ריכטיקע" . . . בעייסן קאַמף אינעם בוי־טרעסט איז אויך געווען איינער אַזעלכער, פּעטיאַ איוואַנאָוו. קיינמאָל ניט עפּעס איבעריקס. קיין שום אײַלעניש. רויִקייט און מאָנונג. און סאַראַ אײַזערנע ניט נאָכגיביקייט!

און גראַנאַטאָוו האָט געהאַלטן אַ גלענצנדיקע רעדע. זי אָנערקענט אין אים סייכל און טאַלאַנט. ער האָט גערעדט וועגן ווינטער. דאָס איינציקע. געוואַגטע און ערנסטע פּלענער. קיין איין קלייניקייט איז ניט דורכגעלאָזט. פּראָיעקט . . . דאַטומס . . . אויספירערס . . . ס'איז קלאָר, אַז ער קען אָנפירן. ניט געווען אין אים הײַנט קיין סימען פון נעוואָראַסטעניע. דאָס, מעגלעך, האָט געשאַפן קלאַראַס נייגונג צו אים. זי האָט אים אַפּלאָדירט. ער האָט איר שטילערהייט געענטפערט מיט אַ דאַנקבאַרן און צאַרטן בליק. זיי זײַנען אַהיימגעגאַנגען צוזאַמען. ער האָט מיט באַגײַסטערונג גערעדט וועגן זײַן אַרבעט, וועגן דער פרייד פון בויונג . . . וואָס איז איר ניט געפעלן?

זי קען זיך ניט פונאַנדערקלײַבן. זי האָט אים פּלוצעם אויפגעהערט גלייבן. פּלוצעם האָט זי זיך צוגעמאַכט פאַר אים, אומעטיק און אָפּגעפרעמדט. ווי דעמאָלט מיט ווערנערן נאָכן שפּאַציר אונטערן שירעם.

זי זעצט זיך אַזש אויף אַפן בעט. זי דערמאָנט זיך. ער האָט גערעדט וועגן דער באַזאָרגונג, וועגן דער צעוואָרפנקייט, וועגן דעם ניט קענען דער־פירן אַ זאַך ביז צום סאָף. ער האָט גערעדט גוט. נאָר קלאַראַ האָט אויפגע־כאַפּט ווערנערס זייער אויפמערקזאַמען און פאַרווונדערטן בליק. קלאַראַ האָט לענגער ניט פאַרהאַלטן איר אויפמערקזאַמקייט אַף ווערנערן. זי איז צופיל פאַרכאַפּט געווען מיט דעם טאָך פון דעם וויקועך, און איצט דערמאָנט זי זיך אויך דעם פרעגנדיקן בליק און דאָס, וואָס ער איז פאַר איר אויפגעקומען אַפן וועג אַהיים.

וואָס האָט געוווּנדערט ווערנערן? ווערנער איז גראַנאַטאָוון אַ סאַך זאַכן מויכל. ער שעצט אים און, קענטיק, אויך ליב. אַך, אָט וואָס ער קען אים ניט מויכל זײַן!... גראַנאַטאָוו איז צוויי מאָל געפאָרן קיין כאַבאַ־ראָווסק. דעם ערשטן מאָל האָט ער דאָרט פאַרוויילט אַ גאַנצן כוידעש. און דאָך האָט ער, ערנסט גערעדט, גאָרניט פאַרגרייט אַף ווינטער. בעיס דער צווייטער רײַזע האָט ער געשלײַדערט בליצן, האָט איבערגעגעבן צום געריכט, האָט אַרויסגעטריבן, האָט געשאָטן מיט אויסדריידענישן, נאָר די צײַט איז געווען אַדורכגעלאָזט. ווען ס'איז זומער...

קלאַראַ צעשמייכלט זיך. זי טראָגט זיך איבער אין דער ניט לאַנגסטיקער פאַרגאַנגענהייט. בוי־טרעסט. סאָלאָדיכין. סאַראַ גראַנדיעזע פּלענער! ווי פעיִק ער איז געווען פונאַנדערצואַרבעטן און צו „פאַרקלײַנעכיקן" אַ פראַגע! זײַן געדאַנק איז געשפּרונגען אָן אָפּהאַלט, האָט פאַרכאַפּט די צוהערער. קלאַראַ פלעגט פאַרכאַפּט ווערן און שטימען „פאַר". די אַנטוישונג איז גע־קומען שפּעטער. פונקט נומער 1. „ניט דורכגעפירט". פאַרוואָס? „זעט איר, כאַווײַרים, געווען אַ גאַנצע ריי סיבעס... דער כאַווער ב. האָט באַדאַרפט... מיר האָבן געשטעלט די פראַגע..." פונקט נומער צוויי. ניט אויסגעפירט. „עמעס, אונדז איז ניט געלונגען צו געבן אַ מאַסן־כאַראַקטער, נאָר מיר האָבן דורכגעפירט אָן ענגערע באַראַטונג פון ענלעכן כאַראַקטער..." פונקט נו־מער פיר. דורכגעפאַלן. „ווי זאָל איך אײַך זאָגן... מיר האָבן אויסגעוויקלט די צוגרייטונג... דערפאַר איצטער... אָ! איצט לייגן מיר פאָר דורכפירן אַ נײַעם, באַדײַטנדיק ברייטערן און ווירקזאַמערן מאָסמיטל..." ניט שויך־זשע איז אויך גראַנאַטאָוו אַזעלכער?... און ווערנער פאַרשטייט דאָס?...

קלאַראַ רייכערט. זי הערט איר האַרץ קלאַפּן. זי הערט זיך צו צום גע־דאַנקען־לויף. ניין, זי איז ניט צופרידן מיט דער באַראַטונג. זי איז אַרויס אַ צערודערטע. די באַראַטונג האָט איר גאָרניט אויפגעקלערט. די געדאַנקען, פרײַ געלאָזטע, לויפן איבער דעם קרײַז פּענעמער, ווערטער, אײַנדרוקן און קומען זיך צונויף צום צענטער פונעם קרײַז, צו ווערנערן. ווערנער! „איך זע, אַז איך בין ניט געווען גענוג צודרינגלעך, איך וואָרן, אַז איך וועל איצט זײַן צודרינגלעכער און שטרענגער, איך וועל זײַן אומ־ראַכ־מאָ־נעסדיק". ער איז געקומען שפּעטלעך. ער האָט גערעדט קורץ, בייז, ווי אַ קאַטעגאָרישער שעף. אַ קעלט איז דורכגעגאַנגען איבער אַלעמענס פּענעמער. ווערנער איז געווען גערעכט, נאָר איינזײַטיק גערעכט. ער האָט ניט געזען אַז ער איז אוי־טאָריטעט און נאָך געליבט, אַז מענטשן ציִען זיך צו אים מיט אויפריכטיקן ווילן אים צו העלפן, אַ האַנט דערלאַנגען. ער באַוויליקט ניט קיין הילף, ער

שטייט איבער איר. ווען ער האָט פֿאַרענדיקט, איז ער געבליבן פֿון אויבן, איבער אַלעמען — נאָר אַליין.

דער „אַמורער קראָקאָדיל" האָט באַצײַטנס אַרײַנגעקוקט אין דער טיר. האָט אים שטילערהייט אַרויסגערופֿן. ער איז אַוועק לאַנג פֿאַרן סאָף באַראַטונג. די ציגגער האָבן זיך אויפֿגעבונדן. די קאָמוניסטן האָבן אין זייערע לײַדנשאַפֿטלעכע ווייקוכים געזוכט וועגן, די קיר־צסטע, די געלונגנסטע, צום זיג. ווערנער איז ניט צוריקגעקומען.

קלאַראַ וואַרפֿט אַוועק דעם פּאַפּיראָס, פֿאַרדרייכערט באַלד אַ צווייטן. זי זעט זײַן שלאַנקע, לײַכטע. פֿלינקע געשטאַלט, אײַנזאַם אומגיין איבערן צימער... וואָס? וואָס גייט עס איר אָן?... איר פּײַניקט דער קלעפּיקער אײַנדרוק פֿון ניט אויפֿגעקלערטקייט. אַ דערמאָנונג... דער באַוועג, דער אָנבייג פֿונעם גוף, דער שטערן.. וואָס? ווער? וועמען דערמאָנט ער?...

זי פֿאַרדריקט די קאַלט־געוואָרענע הענט. אַ פֿאָרגעפֿיל פֿאַרלויפֿט דעם געדאַנק. זי באַהאַלט דאָס פּאָנעם אין קישן. איך וויל ניט! איך וויל ניט! און דער געדאַנק דרייט זיך, דרייט זיך אינעם מויעך... אָט בייגט זיך איבער אָן עלעגאַנטע, שטײַפֿע פֿיגור. אַ שטימע הערט זיך. „איר מאַכט אַף מיר אַ גוטן אײַנדרוק. איך ריזיקיר..." אַ באַקאַנטער אָנבייג פֿונעם גוף, אַ באַקאַנטע הערשערישקייט אין דער שטים. האָט זי אים שוין אַמאָל באַגעגנט?

און דער געדאַנק רײַסט זיך דורך דורך אַן אויגנבליקלעכער וויזיע: זי זעט זיך אין דער לאָזשע פֿון אַ טעאַטער און אַן איבערגעבויגענעם מאַן איבער איר, און אַ פֿושקע קאָנפֿעקטן אַף דעם סאַמעט פֿונעם באַריער, און אַ ווייכער, זיך אַרײַנגנאַרנדיקער קאָל רעדט צו איר שטיל: „איך ריזיקיר אײַך אָוועקצוגעבן מײַן פֿרײַהייט. נעמט". לעוויצקי...

זי גיט אַ געשריי. דער געשריי נעמט אָן די פֿאָרעם פֿון דעם נאָמען. זי מאַכט צו די אויגן, פֿאַרדריקט מיט די ציין דעם פּאַפּיראָס, זי באַמיט זיך אָפּטרײַבן פֿון זיך די געשטאַלט, וואָס מען דאַרף וועגן איר ניט געדענקען. לעוויצקי. ער איז צוריקגעקומען אין די שטריכן פֿון אַ צווייטן. נאָר דאָס איז אוממעגלעך. דאָס איז ניט עמעס. זיי זײַנען גיט ענלעך. קיין שום געמיינזאַמס. אַזוי קען מען דאָך ניט אַרבעטן...

„... באַ אײַך איז צו שטאַרק אַנטוויקלט די פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט... אַזעלכע פּרינציפּיעלע פּרויען ווי איר..."

ווען זי האָט איבערגעריסן מיט לעוויצקין, האָט ער איר מיט כויזעק אין פּאָנעם געוואָרפֿן: „דײַנע פּרינציפּן וועלן דיך פֿירן אין מעשוגאָים־הויז!" ער איז געווען איר מאַן אַ האַלב יאָר. און דאָס האַלבע יאָר איז גענוג געווען זי זאָל אים דערקענען און צוגיין אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע...

זי האָט אים ליב געהאַט. יאָ. נאָך איצט, נאָך דרײַ יאָר, ווען ער קומט איר אָפּן זינען, קריכן אַרויס פֿון דער טיפֿעניש פֿון איר וועזן אומקלאָרע געפֿילן, ווי די אָפּשפּיגלונג אָפּן אײַז. זי האָט די דאָזיקע ליבע אין זיך אײַנגעגליווערט. און וויפֿל שאַרפֿן ווייטיק איר האָט פֿאַרשאַפֿט אָט דער זיג פֿונעם באַוווסטזײַן איבערן געפֿיל! איצט, נאָך דרײַ יאָר צײַט, איז שוין קיין שאַרפֿער שנײַדיקער ווייטיק ניטאָ, פֿאַראַן איז נאָר אַ לײַכטע נאָגעניש, אַן אומבאַשטימטע שטעכעניש...

קלאַראַ דריקט צו מיט די הענט די זײַט און באַמיט זיך אײַנצושטילן די שטעכעניש אין האַרץ. דער בלויער רויך צעשווימט זיך ניט אין דער לופֿט, נאָר ער הענגט און וויגט זיך מיט שווערע שיכטן. זאָל מען אין דעם צימער

אויסרייכערן פינף אָדער זעקס פּאַפּיראָסן, וועלן די שיכטן פול מאַכן דעם גאַנצן צימער, און עס וועט שווער זײַן צו אָטעמען. די ווענט דריקן. די סטע־ליע, דוכט זיך, ליגט שווער, ניט געקוקט אַף איר פרישער ווײַסקייט. און מיט יעדן שלונג לופט, איז אַלץ שווערער דאָס אָטעמען און אַלץ מער פילט זי דאָס קלאַפּן אין האַרץ.

„דײַנע פּרינציפּן וועט דיך פירן אין מעשוגאָים־הויז". ער האָט באַדאַרפט זאָגן: אין קייווער. דעמאָלט האָט זיך דאָך צום ערשטן מאָל דאָס האַרץ נאָכ־געלאָזט, האָט זיך צעצאָלט פאַר דעם אָנשטרענג און ווייטיק, וואָס קלאַראַ אַליין האָט זיך פאַרשאַפט מיט דעם קויעך פון איר באַוווסטזײַן...

פּרינציפּן. די אַלע זעקס כאַדאָשים האָט לעוויצקי דערוויזן, אַז קלאַראַ שפּילט אין פּרינציפּיעלקייט, אַז איר אומטאָלעראַנץ איז קאָמיש, אומגעלומ־פּערט, צוגעטראַכט, אַ פּרוכט פון נערוון־דרייצונג. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן שוין אין די ערשטע טעג. דאָס האָט זיך אַרײַנגעריסן אינעם שיקערן קישעף פון די ערשטע נעכט, ווי אַ ווײַטער געשאַל פון אַ סירענע, וואָס וואָרנט פון געפאַר. קלאַראַ האָט ניט טייקעף פאַרשטאַנען דעם סיגנאַל. זי האָט מיט אַ ווייכער האַנט אָפּגעשטויסן די ניט דערקענטע סאַקאָנע: „מען דאַרף ניט וואָדים לעבעדיעוון, זאָל ער מער ניט קומען..." און ער האָט אויך אַזוי ווייך איר האַנט אָפּגערוקט: „טײַערע, ער איז מײַן פרײַנט, קוק זיך צו צו אים, לאָז ניט אַרויס פריצײַטיק די נעגל". זי האָט זיך צוגעקוקט. סאָפּקאָלסאָף איז זי גרייט געווען ליב צו האָבן אַלע זײַנע פרײַנט... נאָר לעבעדיעוון? דער שטשופּלער, טרוקענער וואָדים לעבעדיעוו, מיט דעם שיינעם קאָפּ פון אַ פאַרצײַטיקן רוימער, מיט דעם פרעכטיקן, שטענדיק געהאָרכיקן אים רעד־נער־טאַלאַנט! ער האָט נאָר באַדאַרפט דעם ערשטן מאָל אַרײַנקומען צו זיי אַף דער וווינונג, אַז קלאַראַ זאָל זיך אָנגעשפּיצט אײַנקאָרטשען: ער איז אַרײַנגעקומען ווי אַ באַלעבאָס, האָט צו הויך געלאַכט, צו זיכער זיך באַוועגט, צו הערשעריש גענומען אונטער זײַן שוץ. „ער איז אַ ווונדערלעך אינטערע־סאַנטער מענטש! — האָט לעוויצקי געזאָגט — אַזאַ קלאָרער, אָריגינעלער מויעך. ער וואָלט געקענט זײַן אַ גרויסער פילאָזאָף". — „ער וואָלט? וואָס־זשע שטערט אים צו זײַן?" לעבעדיעוו איז אַרײַנגעדרונגען אין זייער לעבן. לעוויצקי און לעבעדיעוו — זיי פלעגן שאָענווײַז שמועסן. דורך דער האַלב־געעפנטער טיר פלעגט קלאַראַ זיך אײַנהערן אייפערזיכטיק און אומצוטרוי־לעך. עס האָט זי איבעראַשט לעבעדיעווס ערודיציע. ניט אַלץ האָט זי פאַר־שטאַנען. זי האָט זיך דורכגעדרונגען מיט אַכטונג צו לעוויצקין — ער קען פירן אַזעלכע קאָמפּליצירטע פילאָזאָפישע געשפּרעכן! קלאַראַ האָט זיך גע־פילט קליין און קולטורלאָז — פון די געשפּרעכן האָט זיך איר געוואָלט שלאָפן. דערנאָך איז די אַכטונג אַריבער אין אַ מוירע. די הויך־אינטעלעק־טועלע טעמעס האָבן גענומען אויפדעקן פאַר קלאַראַן זייער פײַנטלעכן ווען. די מאַסקע פון געלערנטקייט האָט זיך געוואַלגערט אַף דער ערד. קלאַראַ האָט שוין אַלץ פאַרשטאַנען. זי האָט זיך דערקליבן דורך די ווערטער־שאָלעכץ צו דער עצעם־זאַך: צו די פּעסימיסטישע רעאַקציאָנערע קלערענישן, אין וועלכע עס מישן זיך שטיקלעך פאַרשיידענע פילאָזאָפישע סיסטעמען, שוואַך פאַרשטעלטע קאָנטררעוואָלוציאָנערע טעאָריעס און סענטימענטאַל־אידעאַליס־טישער באַזינגען די „פרײַע, פון קיינעם ניט אָפּהענגיקע פערזענלעכקייט".

זי האָט זיך שוין ניט געפילט קליין און קולטורלאָז — זי פילט זיך אַנדערש. „ער פאַרסאַמט דיר דעם מויעך! — האָט זי געזאָגט לעוויצקין —

ס׳איז מיר אַ בושע וואָס דו האָסט זיך געלאָזט פאַרבלענדן״. לעוויצקי האָט איר פירגעוואָרפן אַז זי באַגרענעצט זיך און איר האָריזאָנט, אַז זי דערלויבט זיך דענקען בלויז לויטן לערן־ביכל, פון דאַנען ביזקל דאַנען״. די קריגערײַ פלעגט אויפהערן דעמאָלט ווען ביידע פלעגן מיד ווערן זיך צו קריגן. זיי פלעגן זיך פאַרגעסן אין ליבע. נאָר אין דער מינוט ווען לעוויצקי איז געווען צעווייקט און נאָכגיביק, פלעגט זי אַ זיפּץ טאָן: „פון וואַנען האָט ער זיך גענומען?״ — „מיר האָבן זיך באַקענט צופעליק״. — „אַ טרויעריקער צופאַל!״ — „אָבער, קלאַראַ טײַערע, מיר ביידע האָבן זיך דאָך אויך באַקענט צופעליק״. — „מיר האָבן זיך באַקענט ווי מיטגלידער פון איין פאַרטיי״. — „קלאַראַ, קאָמיש מיידעלע וואָס דו ביסט, פאַרמיש ניט פאַרטיי מיט סעקטע. מען טאָר זיך ניט אָפּגרענעצן פון אַלע ניט־קאָמוניסטן״. — „ער איז דאָך אָבער אַ פרעמדער, אַ פרעמדער! אָפט דוכט זיך מיר, אַז ער איז אַ סוינע״. ער האָט געלאַכט און האָט זי אַרומגענומען. „טשודאַטשקע! דו פאַרשטייסט אים פּאָשעט ניט גוט. ער האָט אַ גרויסן אָריגינעלן מויעך. זײַנע געדאַנקען איז ענג אין די ראַמען, מען קען צו אים ניט צוגיין מיט אַן אַלגעמיינער מאָס״. איין מאָל, אין דער היץ פון אַזאַ וויקועך, האָט לעוויצקי צו איר אַ געשריי געטאָן: „ווייסטו, אַז ער איז געווען אַ קאָמוניסט נאָך איידער דו האָסט געוווסט דעם באַטײַט פון דעם וואָרט!״ ער האָט זיך באַלד געכאַפּט. מער האָט ער גאָרניט געזאָגט. ער האָט געלייקנט. ער האָט דערמיט געמיינט דעם סיסטעם פון צוגיין צו דער זאַך — ניט מער. „וואָס האָסטו זיך פאַרגעשטעלט, טײַערע?״

פּרינציפּן. טאַקע דעמאָלט האָט קלאַראַ זיך אויסגעלערנט אידעיִשע פּרינציפּן־טרײַהייט. זי האָט זיך געפּרוווט באַטייליקן אין זייער שמועסן. זי האָט אָנטיילגענומען אין די וויקוחים ווי אַ גלײַכע מיט גלײַכע. לעבעדיעוו האָט גנעדיק געשפּאָסט. ער האָט מאַסקים געווען. נאָר ער האָט זי פאַר זײַנס גלײַכן ניט אָנגענומען און ער איז פאַרשוווּנדן. „ער איז אַוועקגעפאָרן אין אַ שליכעס״ — האָט לעוויצקי געזאָגט. אָנדערהאַלבן כאַדאָשים האָט ער זיך ניט געוויזן. פאַר די זעקס כאַדאָשים ליבע, זײַנען עס עפּשער געווען די איינציקע, פון קיינעם ניט פאַרסאַמטע טעג. די לײַדנשאַפט האָט זיי פאַרשלונגען, זיי פלעגן זיך שווער אָפּרײַסן איינער פונעם צווייטן. אַ שאָטן פון אומרו פלעגט אַמאָל דורכלויפן איבער זײַן רויִקן פּנים. זי האָט געוווּסט ווי פאַרוואַלגערט ער איז מיט פּראָפעסאָרישער און אַדמיניסטראַטיווער אַרבעט. זי האָט געוווּסט אַז די שאָטנס פון די טאָג־זאָרגן קומען צו נאַכט צו. זי האָט זיי מיט אַ צערטל פון אים אַראָפּגענומען. און איין מאָל איז זי אַרײַנגעלאָפן צו אים אין אינסטיטוט אים פאַרשאַפן אַ פרייד. איר צאַרטע דערוואַרטונג האָט אָפּגעטראָטן אַ צאָרניקער פאַרווונדערונג: זי האָט דערזען לעבעדיעוון. זי האָט זיך געמאַכט גלײַך זי דערקענט אים ניט און האָט זיך געאײַלט אַוועקגיין און אַוועקטראָגן מיט זיך דעם אײַנגעלאָשענעם אימפּעט. זי האָט לעוויצקין גאָרניט געזאָגט. זי האָט זיך דערוווּסט שטופנווײַז, פאָרזיכטיק, מיט אײַנגעהאַלטענעם צאָרן, אַז וואָדים לעבעדיעוו אַרבעט זײַט אָנדערהאַלבן כאַדאָשים אינעם אינסטיטוט ווי לעוויצקיס אַ געהילף. לעוויצקי אַליין האָט אים רעקאָמענדירט. קיין שום שליכעס איז ניט געווען. זיי האָבן זיך איצט באַגעגנט אינעם אינסטיטוט. קלאַראַ איז געווען אַן איבעריקע. מען האָט זי באַזײַטיקט.

זי האָט זיך געפּרוווט אויפקלערן און איז מיט שרעק אָפּגעטראָטן. זי

האָט דערקענט דעם מענטשן וועלכן זי האָט געליבט. ווי האָט ער עס געקענט, ווי האָט לעוויצקי געקענט אַזוי אַרונטערפאַלן אַ פרעמדער ווירקונג! „ער איז אַן אויסגעשלאָסענער טראָצקיסט, אָט ווער ער איז!" — האָט זי אַ געשריי געטאָן פון אומגעריכטן אַנשטויסן זיך. און אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז זי איז גערעכט. „נו איז וואָס־זשע? — האָט לעוויצקי קאַלט געפרעגט. — ער האָט זיך אַנטוואָפנט. ער אַרבעט אָרנטלעך. וואָס ווילסטו פון אים האָבן? ער זאָל ניט אַרבעטן, ניט לעבן, ניט טראַכטן!" — „איך וויל וויסן וואָס דענקט דײַן פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע וועגן אַזעלכער פרײַנטשאַפט!" — „וואָס גייט איר אָן מײַן פרײַנטשאַפט? דאָס שטערט מיר גאָרניט צו מײַן אַרבעט".

קלאַראַ איז אַ דערשימערטע אַנטשוויגן געוואָרן. זי האָט גענומען רײַדן דערפון שפּעטער, אין אָוונט. ער איז געווען צאַרט און ליב. פאַרשטיי מיך, דו קליינע אַקשנטע, איך קען ניט וועגן אַלץ רײַדן אײנעם ביורא. אײנער וועט פאַרשטיין און פיינף ניט, ווי דו האָסט ניט פאַרשטאַנען... זיי האַלטן לעבעדיעוון ווי אַ פאַרשמירטן מיט זײַן פאַרגאַנגענהייט — און פאַר זיי איז עס גענוג. און איך שטיץ מיך אַף זײַן סייכל, אַף זײַן טאַלאַנט, אַף זײַנע קענטעניש".

לעבעדיעוו האָט זיך ווידער באַוויזן בײַ זיי אין שטוב. ער איז געקומען זעלטענער, ער האָט געלאָכט שטילער, האָט ליב געשמועסט מיט קלאַראַן. זי האָט זיך קעגנגעשטעלט זײַן אַרײַנרײַסן זיך. איר האָט זיך געוואָלט גיין אין אינסטיטוט, אײנעם פאַרטקאָם און זיך דורכרײדן. נאָר אַ צופאַל האָט איר געשטערט. זי איז קראַנק געוואָרן. לעוויצקי זיצט מיט לעבעדיעוון בײַ זיך אײנעם קאַבינעט. זיי זײַנען געווען באַשעפטיקט און האָבן שטיל געשמועסט, דערנאָך האָט לעבעדיעוו גענומען דאָס טרײַבל: „ליאַליק, קום אַרײַן אַהער מיך נעמען". קלאַראַ האָט דערנאָך געפרעגט: „ווער איז דער ליאַליק?" לעוויצקי האָט אַ שמייכל געטאָן: „האָב קיין מוירע ניט, מײַן טײַערער געריכט־פאַרשער, ער איז אַ קאָמוניסט, און אַפילע סעקרעטאַר פון אונדזער פאַרטקאָם. אַ קאַנטשאַפט פולשטענדיק לויט דײַן געשמאַק..."

אַפן צווייטן טאָג איז קלאַראַ אַוועק אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע.

קלאַראַ דערמאָנט זיך יענע טעג און זי פילט, אַז דער שאַרפסטער ווייטיק, דער פײַנלעכסטער, איז געבוירן געוואָרן אין דעם אָוונט נאָך איר באַזוך אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע. „איך האָב געקענט דעם מענטשן ווי אַן אָרנטלעכן קאָמוניסט, ראַטעוועט אים אַזוי לאַנג עס איז נאָך צײַט". אַזוי האָט זי דעמאָלט געזאָגט. גיין גלײַך אַהיים איז ניט מעגלעך געווען — זי איז געגאַנגען מיט אַן אַרומיקן וועג, איבערן ניעווסקי פּראָספּעקט, מיט דעם שטראַנד. דער שטראַנד איז געווען פוסט. אין דער שטילקייט האָט זיך בלויז דער ריטמישער פּאַטשן פונעם שטראָמיקן וואַסער און דעם הילצערנעם סקריפּ פון אַ באַרזשע, וואָס האָט זיך געוויגט אַף די כוואַליעס. דער סקריפּ האָט איר דערמאָנט די הוידלקע פון איר ווײַטער קינדהייט. קלאַראַ איז לאַנג געשטאַנען, מיט דער ברוסט צוגעפאַלן צום קאַלטן גראַניט. זי האָט זיך דערפילט אומענדלעך איינזאַם און קליין, ווי קינדווײַז. נאָר דער גראַנדיעזער פלוס פון דער ניעווע האָט אַנגעהויכט רו. קלאַראַ האָט צונויפגענומען אַלע אירע קויכעס און איז אַוועק אַהיים.

לעוויצקי איז געלעגן אַפן דיוואַן און האָט געלייענט. קלאַראַ האָט אים דערזען, האָט זי זיך פלוצעם דערשראָקן. אַזאַ ניט אײַנגעהאַלטענע פּאַנישע

שרעק האָט זי נאָך ניט געהאַט איבערגעלעבט ניט פאַר און ניט נאָך אָט דעם טאָג. „וואָס האָב איך אָגעאַרבעט ? !“

ער האָט זיך אומגעדרייט אַפּן שאָרך פון אירע טריט. קלאַראַן איז אַף איר גאַנץ לעבן פאַרבליבן אײַנגעקריצט דער שמייכל און דער צאַרטער זשעסט מיט וועלכן ער האָט דעם בוך אַוועקגעלייגט, קעדיי איר די האַנט צו דערלאַנגען.

— און לעבעדיעוו ווו איז ? — האָט זי אים שאַרף אַ פרעג געטאָן. זי האָט גויוועך געוועזן די שרעק, די ליבע, די פאַרצווייפלונג, ניין — אַלע אירע געפילן האָבן זיך אין יענעם אָוונט איבערגעשמאָלצן אין איין אומדערטרעגלעך שווערן קנויל, וואָס האָט זיך איר אַפן האַרץ אַוועקגעלייגט.

— דו וואַרטסט דען אַף אים ?

— איך וואַרט מען זאָל אים די מאַסקע אַראָפּרײַסן. אים מיט זײַן אָריגינעלן מויעך.

לעוויצקי האָט זיך צעלאַכט, אַ ביסל געצוווּנגען, נאָר דאָך אונטערקויפנדיק ווייך און וויל. קלאַראַ איז פאַרליבט געווען אין זײַן געלעכטער.

— קלאַראַ, קינדעלע, זײַ ניט בייז ! אויב דו ווילסט ניט, וועט ער מער ניט קומען . . .

דעמאָלט האָט זי אויסגעשאָסן אין איין אָטעם :

— איך בין הײַנט געווען אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע, איך האָב זיי געבעטן זיך פאַראינטערעסירן מיט לעבעדיעווס אָריגינעלן מויעך און מיט דײַן פרײַנטשאַפט מיט אים און מיט זײַנע פרײַנט . . .

ער האָט זיך פלינק אויפגעהויבן, מיט איין שפרונג :

— דו . . . שפּאַסט אָדער דו ביסט פונעם זינען אַראָפּ ?

— איך זאָג דעם עמעס.

זי האָט רויִק אָנגעריבן אַ שוועבעלע און האָט פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס. נאָר זי האָט אַזוי טיף אַרײַנגעצויגן דעם רויך, אַז זי איז שיִר ניט דערשטיקט געוואָרן און די לונגען האָבן באַ איר אַ כריפּע געטאָן. זי האָט אים נאָכגעקוקט ווי ער וואַרפט זיך איבערן צימער, און האָט די בייזע פאַראַכטלעכע קלאַנגען פון זײַן גראָב געוואָרענעם קאָל אָנגענומען פאַר קלעפּ. זי איז ניט בעקויעך געווען אַרײַנצודרינגען אין זייער זין און באַדײַטונג.

דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אַפן דיוואַן און, אַן אָפּגעשוואַכטער, זיך אָנגערופן :

— נו, קלאַראַ, דאָס איז דער פרייִלעכער פינאַל פון דער ליבע. איצט פאַרענדיק — גיי אַוועק. פאַרשמיר ניט דײַן אָרטאָדאָקסאַלן נאָמען מיט דײַן נאָענטקייט צו מיר.

זי האָט זיך נאָך געפּרוווט אויפקלערן :

— איך בין געגאַנגען דיך ראַטעווען ווי אַ קאָמוניסט, קאָלזמאַן ס׳איז ניט שפּעט. דו האָסט מיך ניט געוואָלט פאָלגן, האָסט ניט געגלויבט . . . אַליין האָב איך דיך ניט געקענט אײַנהאַלטן, וועט דאָס די פּאַרטיי טאָן.

ער האָט זיך בייז צעשריגן :

— די פּאַרטיי ! די פּאַרטיי ! עפּעס דאָרט אַ פּויערל מיט סטאַזש האָט דיך אויסגעהערט און האָט אַן אַכקע געטאָן : אויב אַ ליבנדיקע פרוי איז געקומען צו לויפן מיט אַ מעסירע, הייסט עס, אַז עס האַלט שוין מיִעס ! און קנאַק ! מיט דעם נאָגל ! אויס מיט דעם קאָמוניסט לעוויצקי ! דערפאַר האָט קאַפּלאַן זיך אַרומגעצוימט. קאַפּלאַן איז ריין ווי אַ שײַבעלע !

ער האָט אָפּגעאָטעמט און קימאַט אַ מורמל געטאָן:

— וויאַזוי האָב איך דיך באַלד ניט דערקענט, וויאַזוי האָב איך דיך טייקעף ניט אַרויסגעטריבן מיט דיין נאַרישער צוויעס? יאָ, יאָ! איבער אַזעלכע ווי דו, האָט מיך געשטיקט אין דער פּאַרטיי, איבער אַזעלכע ווי דו, האָט מיך געצויגן צו לעבעדיעוון!

זי איז געשטאַנען אָן אַן אָטעם. דער קנויל האָט זיך אַנגעלייגט, האָט געדריקט...

— אַוועק פון דאַנען — שוין! איך זאָל דיך ניט זען, פּרומאַטשקע מיט אַ פּאַרטיי־בילעט, שמאַל־קעפּיקע סעקטאַנטקע!

זי איז ניט אַוועקגעגאַנגען. זי איז געזעסן אָן שלאָף אָפן בעט, די קני אין די הענט פאַרקלעמט און געטראַכט, געטראַכט, געטראַכט... צווישנווייז האָט זי זיך אָף אַ רגע פאַרגעסן. געווען איז עס גיכער אַנמאַכט איידער שלאָף. אויפגעכאַפּט האָט זי צום לעבן פון לעוויצקיס טריט הינטער דער וואַנט. ער איז אומגעגאַנגען הין און צוריק, אינעם שפּאַלט פון דער טיר האָט זיך געזען זיין שאָטן פאַרביילויפן אין דער שיין פונעם טיש־לאָמפּ.

זי איז אַוועק אינדערפרי. די כאַווײרים אָף דער אַרבעט האָבן זיך דער־שראָקן ווען זיי האָבן דערזען איר געלן פּאָנעם און איר פּוסטן ניט דאַיקן בליק. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר זי האָט בלויז אַ געשריי געטאָן און האָט זיך אָף דער ערד אַראָפּגעזעצט.

דערנאָך דער שפּיטאָל. קלאַראַ פלעגט גאַנצע טעג זיצן מיט די פּיס אַראָפּגעהאַנגען. ליגן האָט זי ניט געקענט, ווייל דער אומדערטרעגלעכער קנויל האָט איר אָפן האַרצן געדריקט ווען זי פלעגט זיך אַוועקלייגן.

דערנאָך די קאָנטראָל־קאָמיסיע, די אַרויסרופעכישן אין דער געפּעו, די שמועסן מיט דעם פּאַרטיי־אויספאָרשער, ווידער די קאָנטראָל־קאָמיסיע. זיי האָבן זיך דאָרט געטראָפן — צוויי סאָנים. ער האָט געשמייכלט ווען זי האָט געזאָגט: „איך גיב מיר אָפּ פולע רעכענונג דערין וואָס עס איז געשען. לע־וויצקי איז ניט קיין סוינע, ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט, מען האָט אים פאַרפּלאָנטערט. די אָפּעראַציע איז אַ שווערע, נאָר זי איז אים צום נוצן. איך זאָג עס ניט דערפאַר וואָס איך האָב אים ליב, נאָר דערפאַר וואָס איך קען אים".

זי האָט אים ניט געקענט. ווען מען האָט אים אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי, איז זי גרייט געווען טיינעס צו האָבן, נאָר זי האָט קיין טיינעס ניט געהאַט. זי האָט געגלויבט. זי האָט זיך הייסט עס ניט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון איר ליבע. אַזוי הייסט עס דאַרף מען. אויב ער איז אַ קאָמוניסט, וועט ער זיך אומקערן אין די רייען פון דער פּאַרטיי. קיין שום זאַך קען ניט אָפּ־שטויסן אַ קאָמוניסט פון זיין פּאַרטיי, אויב ער פילט, אַז די פּאַרטיי איז זיינע.

ער האָט זיך ניט אומגעקערט.

זי האָט געלעבט ווי אַ געשפּענסט. די דערהאַרגעטע ליבע האָט זיך אין איר נויקעם געווען, האָט צעשטערט דעם סאַמע גרונט פון איר לעבן — איר האַרץ. קלאַראַ האָט זיך געגומען אין די הענט און איז אַוועקגעפאָרן זיך היילן. דערנאָך האָט זי זיך מיט פרייד פאַרקאָנטראַקטירט אָפן ווייטן מיזר־רעך. זי האָט געוואָלט אָנהייבן אַלץ פון אָנהייב אין דעם קאַנט, ווו אַלץ איז ניי, ווו אַלץ ווערט ערשט געבוירן, ווו עס זיינען אַזוי נייטיק געניטע הענט צום אויספורעמען דאָס לעבן וואָס שאַפט זיך.

שוין אָפן וואָקזאַל האָט זי זיך דערוווסט. זי האָט לייכטער אָפּגעזיפצט.

שוין מער ניט געווען דער קנויל אין דער ברוסט. זי האָט קיין טאָעס ניט געמאַכט. זי האָט ניט געבראַכט איר ליבע אַ קאָרבן דעם טאָעס — זי האָט אָפּגעווישט דאָס וואָס איז פֿאַלש, צוליב דעם וואָס איז עמעס און שיין.

איצט איז שוין קיין ווייטיק ניטאָ, נאָר אַ לײַכטע נאָגעניש און אַן אומ־באַשטימטע שטעכעניש...

קלאַראַ ציט זיך אויס אָפּן בעט און שמייכלט. דער זיקאָרן האָט אויפֿ־געלעבט דאָס פֿאַרגאַנגענע, קעדיי נאָכאַמאָל דאָס צו באַגראָבן. אירע גע־דאַנקען ציִען זיך צום צוקונפֿטיקן, צום איצטיקן...

— יאָ, איז וואָס זשע אַזוינס איז וואָרנער?

* * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * * *

זי כאַפּט זיך אויף מיטאַמאָל, מיט איין שטויס פֿונעם באַוווּסטזײַן. הייסט עס, אַז זי איז אײַנגעשלאָפֿן. דער זייגער ווײַזט צוועלף. דער פּאַטע־פּאַן הינטער דער וואַנט ריזלט זײַן קלאַג: „איך בין פֿאַרליבט אין אײַער שמאָלער ברעם..." זי טוט אַ הוסט, קעדיי צו וויסן צו געבן וועגן זיך. צוועלף דער זייגער. מען דאַרף דאָך לאָזן רוען כאָטש באַנאַכט... איך טוט ווייַ דער שווער געוואָרענער קאָפּ. אַ צו גרויסע אָנלאָדונג פֿאַר איין אָוונט. דערמאָנונגען זײַנען אַ צו גרויסער לוקסוס פֿאַר אַ מענטשן, וואָס לעבט מיט דעם איצט און מיט דער צוקונפֿט.

— קלאַראַ, קען מען אַרײַנגיין צו אײַך?

ווידער ער, גראַנאַטאָוו. ער איז אַרײַנגעקומען אָף די שפּיץ פֿינגער. גוט איז כאָטש דאָס וואָס דער פּאַטעפֿאָן איז שטיל געוואָרן. דער מוזיקאַ־לישער קלאַג, וואָס צערײַסט דאָס האַרץ...

— נו, וואָס ווילט איר? מיר טוט ווייַ דער קאָפּ.

— עפּשער דאַרפֿט איר עפּעס? אַ טיכל אײַנגעצן, נאָך אַ רעפֿוע צולויפֿן?

— איר זײַט צו סאָליד, אָף לויפֿן, גראַנאַטאָוו. איך דאַרף גאָרניט.

זי דאַרף גאָרניט. און ער דאַרף זי האָבן. זי פֿילט זיך איצט ניט מער ווי אַ פֿרוי, אַ באַגערטע ואָן אַ גלײַכגילטיקע. זײַן באַגערן פֿאַרשאַפֿט איר ניט קיין פֿאַרגעניגן. זי וואָלט זיך צו אים באַצויגן בעסער ווען ער באַגערט זי ניט.

— צײַט אײַך שלאָפֿן. אײַער פּאַטעפֿאָן הויכט אָן אָף אײַך נאַרישע געדאַנקען. שענקט אים אָוועק די קאָמיוגיסטן — זיי וועלן, ווייניקסטנס, טאַנצן.

— פֿאַרוואָס כוויזעקט איר פֿון מיר, קלאַראַ?

זי ענטפֿערט ניט. זי געזעגנט אָפּ. ער טרעט אָף איין אָרט בײַ דער שוועל און דערוועגט זיך ניט צוקומען. ווי פֿאַרשיידן מענטשן זײַנען אָף דער אַרבעט — אין געזעלשאַפֿטלעכע מאַניפֿעסטירונגען — און בײַ זיך אין דער היים — אין פּערזענלעכע מאַניפֿעסטירונגען. גראַנאַטאָוו זעט איר איצט אויס נעבעכדיק, נישטיק — אַן אָפּגעשטויסענער מאַן אַן שטאָלץ.

— איך הער אַמאָל באַנאַכט ווי איר גייט אום איבערן צימער און מיר איז שרעקלעך, אַנגסטיק... איר טראַכט דאָך ניט אַרום דעם ווײַטערדיקן פּלאַן, ווען אײַך שלאָפֿט זיך ניט? איך וויל אַז אײַך זאָל זײַן גוט. איך וואָלט אײַך אָף די הענט געטראָגן...

קלאַראַ הייבט זיך אונטער אָף אַן עלנבויגן. ווי עס טרעשטשעט דער

קאָפּ. און ס'איז עמעס — זי איז איינזאַם, ווער וועט זי טראָגן אַף די הענט ? און צו וואָס טראָגן ... זי גייט מיט אַ זיכערן טראָט.

— איר האָט אַ מאָעס. איך טראַכט גראָד וועגן דעם ווײַטערדיקן פּלאַן ווען מיר שלאָפט זיך ניט.

— פאַרוואָס זײַט איר בײַסיק מיט מיר, קלאַראַ ? איר האָט אַ הייזע־ריקלעכע שטימע און אַן אײַז־קאַלט האַרץ. איר האָט ניט קיין געפילן און קיין פרויישע ווייכקייט ... מיר דוכט זיך איר ציט מיך צו ווי אַ סטירע, ווי אַן אַפּלייקענונג פון מײַן אידעאַל וועגן אַ פרוי ...

— גענוג ! ... — קלאַראַ שפּרינגט אויף — איך וויל ניט הערן. מיר גייט אַבסאָלוט ניט אָן אײַער אידעאַל. דער אידעאַל, מיסטאָמע, איז אויך אַ נעבעכדיקער, אַן אויסגעריבענער ...

זי פאַרבײַסט אויגנבליקלעך אַ ליפּ. שוין צופיל. ער ווערט בלייך. זײַנע הענט קלעמען זיך נערוועזיש — די טונקעלע שלענגעך שראַמען בלינצלען פאַרבײַ אירע אויגן.

— קלאַראַ, איר מעגט מיך ניט ליב האָבן, נאָר פאַראַכטן ... ווער גיט אײַך דאָס רעכט צו דענקען, אַז מײַנע אידעאַלן זײַנען נעבעכדיקע און אויס־געריבענע ?

— זײַט מיר מויכל.

זי בייגט אָן דעם קאָפּ. זי שעמט זיך. ווידער ער — גראַנאַטאָוו איז אַ נערוועזישער, נאָר אַ שטאַרקער און אַ פאַרגלייבטער אין זיך. דער גראַנאַ־טאָוו ווי אַלע קענען אים. גראַנאַטאָוו וועמען זי האָט הײַנט אַפּלאָדירט.

— זעט איר שוין, טײַערער, צו וואָס איר האָט מיך דערפירט. איך האָב ניט געטראַכט דאָס וואָס איך האָב געזאָגט. נאָר מיט אַן עמעס, מיר טרעשטשעט אַזוי דער קאָפּ. גייט שלאָפן, גראַנאַטאָוו. און פאַרגעסט וועגן מיר. מען דאַרף ניט. איך וויל רו. איך אַכט אײַך זייער, גראַ־נאַטאָוו, נאָר מיר וועלן זיך קיינמאָל ניט צונויפגיין.

ער שפּאַנט צו דער טיר.

— ווען איר ווייסט ווי מיר איז אומעטיק טיילמאָל ! ...

דאָס איז אַ געשריי פונעם האַרצן. קלאַראַ שטייט, מיט די אויגן אַראָפּ־געלאָזט, און ווייס ניט וואָס צו ענטפערן. נאָר גראַנאַטאָוו האָט שוין באַ־הערשט זײַנע נערוון און גיט צו מיט אַ לײַכטן געלעכטער:

— אַלץ איבער אײַך ! נאָר וואָס גייט עס אײַך אָן !

די טיר האָט זיך פאַרמאַכט הינטער אים. ניין, קלאַראַ איז זיכער, אַז עס איז ניט נאָר איבער איר. זײַן אומעט איז אַ טיפערער. זי האָט דערפילט אָט דעם אומעט זײַנעם ווען זי האָט נאָך אין זײַן לעבן קיין שום אָרט ניט פאַרנומען.

— איינזאַמקייט ?

זי קוקט זיך אַרום. דאָס צימער איז פּוסט. דער פּאָטעל שטייט אינעם ווינקל. וואָלט איצט עמעצער געקומען און זיך אַרײַנגעזעצט אין דעם פּאָטעל, וואָלט פאַררייכערט אַ לאַנגן שמעקעדיקן פּאַפּיראָס, וואָלט גערעדט צאַרט און מיט קאָפּ, אָן שום פּאָדערונג, אָן שום באַגער !

זי ווייס ווען איר ווילט זיך זען אינעם פּאָטעל, צוויי שפּאַן פון איר, וועמעס רויקן און פרײַנטלעכן קאָל זי דאַרף איצט. „איך וועל אַמאָל קומען צו אײַך צו גאַסט". ער קומט ניט. אים ציט צו איר אי פרײַנטשאַפט אי

פײַנטשאַפט. איז ער גלײַך צו איר אָדער שטאַרקער פון איר? אַלנפאַלס איז מיט אים אינטערעסאַנט זיך צו פאַרמעסטן. ניין, ניין! ווידער קאַמף?

„איך בין מיד. איך וויל זען אין מענטשן נאָר דאָס גוטע. איך וויל אָפּרוען, שמועסן — וועגן וואָס? וועגן ביכער, וועגן דעם וועלכע ווינטן בלאָזן אַפן אַמור, וועגן פרײַנטשאַפט.

אויבן, איבערן קאָפּ, זײַנען אויפגעקומען טריט. ער איז אַהיימגעקומען. ווי פּאַשעט וואָלט עס געווען אַרויסגיין אין קאָרידאָר און אָנקלינגען. „איר האָט אײַך געקליבן צו מיר צו גאַסט...” ער וואָלט געזעסן אינעם פאָטעל, אָט דאָרט, אָנגעלענט מיטן רוקן. רויקע רינגען רויך. אַן אײַנגעהאַלטענער קאָל... ווידער פּאַטעפאָן. וואָס איז עס פאַר אַ שטראָף!

ער שרײַט אַליץ
און וויינט אַליץ אַף פראַנצויזיש...

— עפּעס אַ טשעפּוכאַ! „און וויינט אַליץ אַף פראַנצויזיש”... זאָל ער דאָרט אויפהערן בענקען אונטער ווערטינסקיס מאָטיוון, אַפילע ווען דער אומעט איז אומדערטרעגלעך.

דער טעלעפאָן הענגט אין קאָרידאָר אַף דער וואַנט. אַרויסגיין און אָנקלינגען. פּאַשעט, כאַוועריש. „אַלאָ! קומט אַרײַן צו מיר, מירן שמועסן וועגן וואָס ס'עט זיך מאַכן...” גראַנאַטאָוו וועט זיך אײַנהערן — ווי נאַריש עס איז צו האָבן אַ פאַרליבטן הינטער דער וואַנט! כאָטש וואָס גייט איר אָן? ער איז גענוג קלוג ניט אַריבערצוטראָגן די באַציִונגען אַף דער אַרבעט. ניט אין אירע קלאָלים איז עס אָפּצוטרעטן.

אין קאָרידאָר איז פינצטער. די האַנט טאַפּט אָן דאָס טרײַבל. דאָס קאָל וואַרפט שטיל אַרויס דעם נומער. אויבן דערהערן זיך טריט, און קימאַט איינצײַטיק רײַסט זיך אָפּ דאָס לידל אינעם פּאַטעפאָן.

— אַלאָ! (דאָס קאָל הערט זיך אינעם טרײַבל און אויך דורך דער סטעליע פון אויבן).

— איר זײַט עס, ווערנער?

— איך בין עס. ווער רעדט?

— קלאַראַ קאַפּלאַן.

און ווער ווייס פאַרוואָס, זי געפינט קיין ווערטער ניט. זי וואַרט.

— גוטן אָוונט, כאַווערטע קלאַראַ. וואָס האָב איך צו דאַנקען?

— איר האָט ניט וואָס צו דאַנקען. איך האָב דערהערט אײַערע טריט איבערן קאָפּ. מיר טומז שרעקלעך ווײ דער קאָפּ.

— איך האָב בײַ מיר פּיראַמידאָן. מיך פרייט וואָס איר האָט אָנגעקלונגען. אויב איר ווילט וועל איך אַראָפּקומען צו אײַך און וועל אײַך היילן?

— היילן דאַרף מען ניט, נאָר קומט צו גיין. און ברענגט אײַער פּיראַמידאָן.

הינטער דער וואַנט איז שטיל. גראַנאַטאָוו הערט זיך אײַן.

דאָס פײַער בײַ אים אין צימער איז אויסגעלאָשן. גראַנאַטאָוו זינגט זיך אונטער אין דער פינצטער:

אינעם באַנאַנאַ־ציטרינענעם
סינגאַפור, טרורע...

קלאַראַ גייט צוריק אַרײַן אין צימער, פאַרריכט די קאָלדרע, גייט צו צום שפּיגל. און מיטאַמאָל, אונטער אַן אויגנבליקלעכן דראַנג, וואַרפט זי

פון זיך אַראָפּ די בלוזע, און טוט אָן אַ שאַרשנדיק זײַדענעם דזשעמפּער. „פּאַרהילט דאָס האַרץ אין זײַד און אין שענשילן...” פון וואַנען איז עס? אַך, יאָ, אַלץ פון דעם זעלביקן ווערטינסקין!

דער אײַנדרוק פון זײַד אַף די אַקסלען איז אָנגענעם. איר געפינט אויס, כאָוועטש ווערנער, אַז אַזעלכע פרויען מוזן שלעכט אויסזען באַ זיך אין דער היים?

„וואָס פאַראַ נאַרישקייטן! אַ נאַרישע שטימונג. שולדיק איז דער קאָפּ־ווייטיק, און אָט די לידלעך... „פּאַרהילט דאָס האַרץ אין זײַד און אין שענשילן...”

אַ דײַטלעכער קלאַפּן.

זי עפנט, קערט אָפּ די אויגן אַן איבערראַשטע. ווערנער קוקט פאַרשנדיק אַף קלאַראַן. עס פּאַסט איר דער דזשעמפּער, זי האָט אַ שיינע פיגור. און זי אַלײן האָט אים גערופן... איז וואָס... עפּשער איז עס אַן אָנהייב פון אַ ראָמאַן?

ער נעמט איר האַנט און דריקט זי צערטלעך.

— אײַער פּולס? וואַרט, וואַרט, איך קום צו אײַך אַלס דאָקטער. אָט איז דער פּיראַמידאָן. איר האָט געזאָטענע וואַסער?

קלאַראַ גייט אַרויס אין קיך ברענגען וואַסער. מיט דער גלאָז אין דער האַנט דורך דעם פינצטערן קאָרידאָר, שטעלט זי זיך דײַטלעך פאָר: באַלד וועט ער אַרײַנקומען אין צימער, דער צימער איז ניט ליידיק, אין דער ווייכער שײַן פונעם טיש־לאָמפּ, אינעם פאָטעל — ווערנער. זיי וועלן שמועסן שטיל, ניט געאײַלט.

ווערנער שטייט נאָך און באַטראַכט דאָס צימער.

— באַ אײַך איז גוט, — זאָגט ער — איך האָב ניט ליב אין אַ צימער זאָל זײַן אַ סאַך אָנגעשטעלט.

— יאָ, מיט אַן עמעס? עס אָטעמט זיך גוט.

— ס'איז גוט צו לעבן, וואָלט איך געזאָגט. ניטאָ קיין סערוועטקעס.

— ער גיט אַ קוק — צי האָט זי פאַרשטאַנען. זי האָט פאַרשטאַנען, — דאָ האָט איר אײַך אַ טאַבלעטקע. שלינגט זי אײַן. און איצט ליגט אַ ביסל.

מיט אַ שמייכל נעמט זי אַ פּאַפּיראָס באַ אים פון דער פּושקע. לאַנגע, זייער גוטע פּאַפּיראָסן. רויקע רינגען רויך... שטילער געשפּרעך...

— לייגט אײַך אַוועק, — שטייט ער צו — פון די דאָזיקע זיצונגען קען דער שטאַרקסטער קאָפּ אָנהייבן ווי טאָן. אַ גערעדאַרניע.

זי האָט פאַררייכערט און שפּאַרט באַלד אָן דעם קאָפּ אַף הינטן. ער רעדט וועגן דער באַראַטונג פונעם פאַרטיי־אַקטיוו.

— אַ שאָד וואָס איר זײַט ניט געווען ביזן סאָף, — זאָגט זי — עס וואָלט פאַר אײַך געווען אינטערעסאַנט און נוצלעך. מען האָט גערעדט אַ סאַך זאַכלעכס.

ער מאַכט מיד אַוועק מיט דער האַנט.

— דאָך, האָט דער אַקטיוו געזוכט וועגן וואָס וואָלטן אײַך געהאָלפן. אויב איר ווייסט, פאַרוואָס האָט איר ניט געזאָגט? נאָר איך בין אין סאָפעק צי איר ווייסט. איר גלייבט ניט דערין, אַז מאַסן־מענטשן קענען אײַך העלפן. און דער אונטערצי איז, אַז איר צעפּאָטערט דעם געזעלשאַפטלעכן צוטרוי און אײַער אויטאָריטעט, און איר בלײַבט אין פּרעכטיקער איזאָלירטקייט. דער סאָף פון דער איזאָלירטקייט קען זײַן אַ טרויעריקער.

ווערנער קנייטשט זיך פאַרדריסלעך. ער וויל זיך אַרײַנזעצן אינעם פאָטעל, נאָר ער זעצט זיך ניט. ער שפּאַרט זיך ליַיכט אָן אַף דעם ברייטן הענטל. קלאַראַ שטייט אויך, אָן ערנסטע, גרייט צו דער שלאַכט. הינטער דער וואַנט איז שטיל — ניט דער פּאַטעפאָן, ניט קיין טריט.

— פאַרוואָס איזאָלאַציע? וואָסערע באַווײַזן האָט איר?

— באַווײַזן? איר וואָלט באַדאַרפט אַ קוק טאָן אַף דער הײַנטיקער באַראַטונג! אַלע האָבן געוואַרט. מען האָט אײַך אויסגעהערט מיט דערעכ־ערעץ, מיט צוטרוי. איר האָט גערעדט קלוג, נאָר מיט אַזאַ אַדמיניסטראַטיווער קעלט! איר גלייבט נאָך, אַז מיט באַפעלן און מיט אויסריידענישן קען מען באַוועגן די זאַך. מען וויל אײַך העלפן און איר שרײַט אַף זיי: מען דאַרף ניט, איר׳ט אַליין טאָן. קיין אויפרײַס איז ניט געווען. אײַך איז נאָך געבליבן אַ געוויסער רעזערוו אויטאָריטעט. „אַ שטאַרקע פּערזענלעכקייט״, אַ „פיגור״ — ווי מען רעדט וועגן אײַך. ווען איר זײַט אַוועקגעגאַנגען, האָבן זיך אַלע דערפילט ווי בײַ זיך אין דער היים.

— דעם בויך צעלאָזן? — גיט ווערנער אַ בליק מיט די אויגן — און באַלד טאַקע גיט ער אײַנגעהאַלטן צו: — אַלזאָ, הער איך אײַך ווײַטער. וואָס־זשע האָט איר אויסגעפונען, ווען איך בין אַוועקגעגאַנגען? — זי האָט אים. פונדעסטוועגן, אַנגערירט. דאָס בייזע פײַערל האָט אַ בליק געטאָן, האָט עס געמעגט זײַן פאַרשטעלט מיט וועלכער עס איז אינערלעכער רו.

— איר וואָלט באַדאַרפט ענדערן די מעטאָדן, — זאָגט זי ווייך — ווייניקער אַדמיניסטראַטיוון עקסטאַז, מער עכטע פאַרטייִשקייט.

ער ענדערט זיך אַפן פּאָנעם.

— הערט אויס, קלאַראַ. איך בין שוין אין דער פאַרטיי אַ סאַך יאָרן, און האָב שטענדיק געאַרבעט מיט פאַרטיי־מעטאָדן. אין וואָס באַשולדיקט איר מיך? מעגלעך, איך גיב אָפּ ווייניק צײַט אַף פאַרטיי־אָרגאַניזירונג, נאָר נעמט אין אַכט, בייזע פרוי וואָס איר זײַט, אַף מיר ליגן דאָך מיליאָנען זאָרגן! שלאָגלערישע און אויסער־צײַטישע בויונג, מאַטעריאַלן, ביודזשעטן, באַזאָרגונג, באָרמען, גוס, גלאָז, אַלבאַסטער, לוינען, וווינונגס־פראַגע, מאַקאַ־ראָנען, זאַוויסעס . . . דער טײַוול ווייס עס! שווער אַלץ צו האַלטן אַפן קאָפּ.

— יאָ, — כאַפּט אונטער קלאַראַ — דערפאַר וואָס איר אַרבעט אייגער אַליין, איר ווילט ניט און איר קענט ניט אַרבעטן מיט די מאַסן, זיך צוהערן צו זייער שטים. אין אײַערע געדאַנקען איז דאָס פאַרטיי־לעבן און דאָס קאָמ־יוגישע אָפּגעריסן פונעם פּלאַן, פון דער בויונג, פון די פראַגן פון באַזאָרגונג און אַרבעט. דערפאַר אויך דאַרפט איר זיי ניט האָבן . . .

— איר רעדט איבער מאָראַזאָווס ווערטער! — וואַרפט אומפרײַנטלעך אַרײַן ווערנער.

— אויב דאָס זײַנען מאָראַזאָווס ווערטער, דאַרף מען זיך דאָך אַוואַדע צו זיי צוהערן — ענטפערט שאַרף קלאַראַ.

— איך דאַנק אײַך פאַר דער אייצע.

זיי קוקן אייגער אַפן צווייטן ווי סאָנים. איר ווערט מיטאַמאָל זייער טרויעריק. זי שפּאַנט אַוועק צום צווייטן עק צימער, קלעמט די פינגער און איז בייז אַף זיך אַליין.

— מיר וועלן דערוועגן ניט ריידן, קלאַראַ — זאָגט ער ווייך — דאָס איז זייער ערנסט. מעגלעך איר זײַט אין אַ סאַך זאַכן גערעכט. איך וויל זיך

ניט שפּאַרן. איך וועל באַטראַכטן אײַערע ווערטער, — און נאָך אַ פּויזע:
— דער פּיראַמידאָן האָט געהאָלפן?
— יאָ.
אַ ווײַלע שײַן האָט זיך וואַרעם צעגאָסן איבערן צימער. דער באַקוועמער פּאָטעל שטייט איינזאַם אינעם ווינקל — איינזאַם און ניט נייטיק. ווערנער לעשט צו דעם פּאַפּיראָס און צעשמייכלט זיך העפלעך:
— איז אָט האָב איך אײַך אויסגעהיילט. און איר האָט מיר געזאָגט דאָס ערגסטע וואָס איר האָט געקענט. אַ דאַנק פאַר דער אָפנהאַרציקייט. דאָס איז שוין ניט קיין פּיראַמידאָן, נאָר אַ גוטע דאָזע אַמאָניאַק.
ניט שוין־זשע גייט ער שוין אַוועק? קלאַראַ פילט די אומפאַרריכטלעכקייט פון דעם געשעענעם. „פאַרהילט דאָס האַרץ...״ סאַראַ נאַרישער אָוונט, אַלץ איז אַרויס אַזוי קרום.
זי ווייס ניט וואָס צו זאָגן, וויאַזוי אים צו פאַרהאַלטן.
ער באַקוקט זי פון אויבן ביז אַראָפּ — פונעם אויפגערעגטן פּאָנעם ביז די שמאָלע נעז פון די עלעגאַנטע שיכלעך.
— איך האָב מיר ניט פאָרגעשטעלט אַזאַ צו זען אײַך אין דער היים — רופט ער זיך טייקעף אָן, — איר זײַט שענער און עלעגאַנטער ווי איך האָב גערעכנט. נאָר ווען איך בין געגאַנגען צו אײַך האָב איך געטראַכט, אַז מירן ריידן האַרציקער און רויִקער — נו, פּאָשעט אָפּרוען אַ ביסל.
— איך אויך... — האָט קלאַראַ געזאָגט קוים מען האָט זי געהערט.
— אַרויסגעקומען איז אַנדערש, — האָט ער ניט דערהערט אירע ווערטער און האָט ווײַטער גערעדט — נאָר איך דאַנק אײַך פאַר דער גוטער דאָזע אַמאָניאַק.
„דער אָנהייב פונעם ראָמאַן איז ניט אַרויסגעקומען. דאָס איז מיט פּרינציפּיעלע פּרויען!״
„דאָס גאָר. ער וועט אַוועקגיין. דער אַמורער ווינט איז ניט פאַר מיר״.
— און עפּשער קען מען איצט, נאָך דער פּרינציפּיעלער טייל, נעמען ריידן האַרציקער און רויִקער?
זי האָט אומזיכער, בעטנדיק, אַ שמייכל געטאָן. זי קלאַמערט זיך פאַר די רעשטן אילוזיע.
— עס וועט ניט אַרויסקומען, קלאַראַ. אײַך האָט דער קאָפּ ווײ געטאָן. איר דאַרפט שלאָפן. און איך וועל מיך אַ ביסל דורכגיין פאַרן שלאָף.
— איר האָט אַ געוווינהייט צו שפּאַצירן פאַרן שלאָף.
— ניין. דאָס איז אַ דערגאַנצונג, נאָכן אַמאָניאַק.
צום אַוועקגיין דריקט ער איר די האַנט. קלאַראַ האַלט שוין אָפן דאָס מויל אים צו זאָגן, אַז זי וועט גיין מיט אים צוזאַמען, נאָר באַ גראַנאַטאָווען אין צימער האָט זיך די טיר געעפנט און באַוויזן האָט זיך אַן אָנגעשפּיצטע פיגור.
— אַ גוטע נאַכט.
— אַ גוטע נאַכט.
פאַרן אַרײַנגיין צו זיך רופט זי זיך שאַרף אָן צו גראַנאַטאָוון:
— פאַרוואָס גייט איר ניט שלאָפן? אויב איר קענט ניט שלאָפן, שפּאַצירט אײַך דורך, גייט צו גאַסט צו עמעצן, אָדער לייענט עפּעס.
עס דערטראָגט זיך צו איר אַ טרויעריקער און פאַרדראָסיקער ענטפער.

— צום באַדויערן האָט קיינער צו מיר ניט אָנגעקלונגען אַז דער קאָפּ טוט ווײ, און איך האָב אויך ניט קיין פּיראַמידאָן.

ווען זי לייגט זיך שלאָפן, נעמט ער הינטער דער וואַנט זינגען און פּאַיאַצעווען:

און די ווינקלען פון דעם באַליידיקטן מויל...

זי שלאָפט איין אַ סאַך שפּעטער, שוין נאָך דעם ווי איבער די טרעפּ און דערנאָך אויבן איבער איר קאָפּ, הערן זיך רויִקע, זיכערע טריט.

## XIII

גענאַדי קאַליוזשני איז אַן אָפּנהאַרציקער און אַן אָקשן. ער געהער צו דעם מין מענטשן, וואָס גיבן זיך ניט די מי לאַנג צו טראַכטן און נעמען גערן אָן די פאַרטיקע רעזולטאַטן דערפון וואָס אַנדערע באַקלערן. ער איז שטאַרק ווי אַן אָקס און אין דעם קויעך פילט ער זײַן בעסטן שוץ און זײַן בעסטע שטיצע. נאָר ווי ס׳ראָזו שטאַרקע מענער איז ער אַ גוטער און ביי־טיקט זיך אין דעם צווייטן געליבטן שוואַכערן פרײַנט, קעדיי אויסצובערנגען זײַן קראַפט אַף ביידן. אָט דער פרײַנט איז סיאָמאַ. זיי זײַנען פרײַנט געוואָרן מיט לאַנגע יאָרן צוריק, נאָך אַלס יינגלעך, ווען גענאַדי האָט פאַרטיידיקט סיאָמאַן אין אַ ניט גלײַכן געשלעג, אין וועלכן סיאָמאַ האָט זיך בעשום אויפן ניט געוואָלט אונטערגעבן. סיאָמאַ איז געווען צו שטאַלץ אים צו דאַנקען, ער איז אַוועק מיט אַ צעבלוטיקטער ליפּ און מיט סיניאַקעס, נאָר טיף אין האַרצן האָט ער אײַנגעהיט דאַנקבאַרקייט און באַוווּנדערונג. געגאַנגען זײַנען זיי נאָך אַ שטיקל צײַט באַנאַנד, ניט נאָענט געוואָרן, ביז סיאָמאַן איז געלונגען צו דערווײַזן גענאַדין די מערוועַרטיקייט פון זײַן סייכל און פון זײַן וויסן, קעדיי אַזוי אַרום אויסצוגלײַכן די שאַנצן. גענאַדי איז בעשום אויפן ניט געווען שטאַלץ, ער איז געווען אַ יונג ביקל, וואָס איז פּונקט אַזוי גרייט צו שטויסן זיך ווי צו רײַבן זיך מיטן פּיסק אָן אַ גלעטנדיקער האַנט. ער איז אַקעגנגעלאָפן דער דאָזיקער פרײַנטשאַפט, האָט זיך איר איגאַנצן אָפּגעגעבן און באַצײַטנס מוידע געווען זײַן שוואַכקייט אין אַלץ, אַ כּוּץ אין דער מאַכט פון זײַנע אויסגעצייכנטע מוסקולן. ווי עכטע אַדעסיטן, זײַנען זיי ביידע געווען פילאָזאָפן אין די קלייניקייטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן, ביידע האָבן זיי אויסגעמיטן סענטימענטאַלע דאַנקבאַרקייטן און האָבן אויסבאַהאַלטן אונטער דער מאַסקע פון גוטמוטיקן סקעפּטיציזם דעם אימפּעט פון זייער פרײַנטלעכער ליבע.

אַפּן וועג פון זייער ליבע האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט געשטעלט אַ פרוי — אָט דער גרעסטער ניסאָיען פאַר מענערישער פרײַנטשאַפט. גענאַדיס ליבע־אַוואַנטורעס האָבן סיאָמאַן געווײַלט, נאָר ניט באַרירט — ער האָט נאָכגעקוקט זײַן פרײַנט מיט קאָפּ און מיט אַ שמייכל. סיאָמאַ אַליין האָט קיין שום אַוואַנטורעס ניט געהאַט. אין אַדעס איז ער פאַרליבט געווען אין אַ סאַך מיידלעך, נאָר דאָס פאַרליבעניש פלעגט באַלד אַריבער אין אַ פרײַנטשאַפט, באַלד פלעגט ער זיך כאַפּן איבערגעבן זײַנע געדאַנקען און טעאָריעס, און האָט זיך מער אינטערעסירט מיט דעם גײַסטיקן וווּקס פון זײַנע כאַוועַרטעס איידער מיט זייער ליבע; ער האָט פאַרקוקט זייערע ראָמאַנען, האָט זיי כאַסענע געמאַכט און געבראַכט קאַלעקאַטקעס די קינדער. די שאָ פון ליבע האָט נאָך ניט געשלאָגן.

ווען אַפּן האָריזאָנט פון די צוויי פּרײַנט האָט זיך באַוויזן קלאַוואַ, האָט גענאַדי שווײַגנדיק אָפּגעטראָטן — ער וויל זיך ניט צעקריגן מיט זײַן פּרײַנט. „ניין איז ניין. אַ פּינטעלע“ — האָט גענאַדי געזאָגט. קלאַוואַ האָט ליב באַקומען אַ צווייטן. און סיאָמאַס גרויס ליבנדיק האַרץ האָט זיך אַף דער ליבע אָפּגערופן מיט פאַרשטאַנד און טרויער. גענאַדי האָט פאַר זיך געשמייכלט: „נאָך איין פּרײַנטשאַפט! וואָס קען זײַן, ער וועט איר כאַסענע מאַכן“.

די צוויי פּרײַנט, פרײַע פון ליבע און פאַראייניקט מיט דעם גאַנצן לעבנס־אײַנשטעל אַף דער בויונג, זײַנען זיך נאָך ענגער צונויפגעגאַנגען. זיי האָבן זיך שוין גאָרניט פאַרגעשטעלט, אַז זיי קענען זיך פונאַנדערגיין, לעבן באַזונדער. און דאָ באַווײַזט זיך טאָניאַ, טאָניאַ! — דאָס איינציקע מיידל, וואָס גענאַדי האָט געהאַלטן פאַר אומפּעיִק אַף צוציִען סיאָמאַס אויפמערקזאַמקייט. וויִאַזוי איז עס געשען? גענאַדי ווייס ניט. ער זעט ניט. זײַן פּרײַנטס ליבע איבערראַשט אים, ער איז צו איר ניט צוגעגרייט. ער דערוויסט זיך פון איר דערמאָלט ווען אַלץ איז שוין באַשלאָסן. און ער שפּיצט זיך שוין אָן מיט אייפער און סיגע קעגן אַ פרעמדן פאַרמעסט אַף דער פרײַהייט פון זײַן בעסטן פּרײַנט.

סיאָמאַ אַלטשולער איז אַרויס פון שפּיטאָל אין מיטן אָקטאָבער און דעם זעלביקן טאָג, מיט דער לעצטער שיף, דאַרף ער אָפּפאָרן אַף אורלויב. צוריק דערוואַרט מען אים ניט פריִער ווי סאָף דעצעמבער, אַראָפּגערעכנט דעם כוידעש רײַזע און די האַרבסטיקע שלעכטע וועגן.

סיאָמאַ קומט אַהיים אַ שוואַכער און אַ צעשײַנטער. גענאַדי וואַרט אַף אים מיט שרעק און אומרו. דאָ וועט ער סאָפּקאָלסאָף קענען זיך דורכשמועסן מיט זײַן פרײַנט. נאָר סיאָמאַ מאַכט צו נישט מיט איין מאָך פון דער האַנט יעדן שמועס. ער קלײַבט זיך אין וועג אַרײַן ווי אַף אַ כאַסענע. ער האָט אָנגעטאָן זײַן בעסטן אָנצוג און דעם פילקאָלירטן קראַוואַט, און האָט אַ גלאַנץ געמאַכט אַף זײַנע צעריסענע שיך.

— אין די צוויי כאַדאָשים, ווייניקסטנס, באַטראַכט זיך... — הייבט אָן גענאַדי.

— הער אויס, גענטשיק! — זאָגט אים פײַערלעך סיאָמאַ — איך ווייס אַלץ וואָס דו ווילסט מיר זאָגן. אַלץ דאָס שלעכטע ווייס איך אַליין. און קיין שלעכטס עקזיסטירט ניט פאַר מיר. לאָמיר דערפון ניט ריידן.

טאָניאַ איז געקומען. גענאַדי באַגעגנט זי מיט אונטערגעשטראָכענער העפלעכקייט און גייט שנעל אַרויס.

סיאָמאַ שטייט אין מיטן דעם שאַלאַש און שמייכלט נעבעכדיק. טאָניאַ קוקט אַף אים און דערקענט אים ניט. ער איז ריין אָפּגעראַזירט, אויסגעפּוצט, ווײַט. ער איז ניט דער וועמען זי קען און וועמען זי האָט ליב באַקומען. עס כאַפּט איר אַרום אַ געפיל פון אומזיכערקייט, וואָס שמידט אײַן אירע באַוועגונגען און איר צונג.

און סיאָמאַ ווייס ניט וואָס צו זאָגן.

ווי זיי וואָלטן זיך איצט צום ערשטן מאָל באַגעגנט.

— קום זיך דורכגיין, — זאָגט סיאָמאַ, קעדיי איבערצורײַסן די פּײַנלעכע איינזאַמקייט פון זייערע צעטומלטע הערצער.

זיי גייען פאַרבײַ די שאַלאַשן און ריידן ניט צווישן זיך און רירן זיך ניט צו איינער צום צווייטן.

ווען די שאַלאַשן זײַנען שוין הינטער זיי, שטעלן זיי זיך אָפּ און שווײַגן.

איבער זיי איז בלויז דער הויכער פרײַער הימל. אַרום זיי איז בלויז פּענקעס און האַלב־פאַרפוילטער, שוואַרץ־געוואָרענער מאָך.

— טאָניאַ, — רופט זיך צום סאָף אָן סיאָמאַ — איך דאַרף מיט אײַך ריידן ווי אַ כאַווער מיט אַ כאַווער. איך בין אַ מוטיקער מענטש. איך וויל ניט אָפּנאַרן ניט דיך און ניט מיך. טאָניעטשקאַ, איר האָט מיך געראַטעוועט פונעם טויט, איר זײַט מיר געווען אַ גוטער מאַלעך, אַ קאַלע און אַ מוטער, איר זײַט געווען זייער קלוג, טאָניאַ...

טאָניאַ קוקט אָן אַ זײַט, אַף די אָפּטרעטנדיקע שוואַרצע פּעניקעס מיט די געלע קעפּ.

— דאָס זײַנען קלייניקייטן... איך האָב געטאָן וואָס מען האָט באַדאַרפט. וועגן וואָסערן געניאַר רעדסטו, סיאָמאַ?

— טאָניאַ... איך רייד וועגן אײַער האַרץ, טאָניאַ. זאָגט מיר ווי אַ פרײַנט. דאָ שטיי איך פאַר אײַך אַף די פיס, אַ געזונטער. איך פאָר אַוועק זיך היילן, דערנאָך וועל איך צוריקקומען. איר האָט ניט קיין כאַראָטע, טאָניאַ, איר טראַכט אויך איצט, אַז איך וועל אײַך קענען אָנרופן מײַן ווײַב?

— יאָ.

זי ענטפערט עמעסדיק. זי וויל עס. נאָר-אַ ניט זיכערקייט כאַפּט זי אַרום. ער איז אַ פרעמדער, אַ פרעמדער. אַ ביסל נידעריקער פון איר אין דער וווקס, מיט אַ קאָלירטן קראַוואַט, אין גלאַנציקע צעריסענע שיך, מיט אַ מאָגערן, ביז בלוי אויסגעראַזירטן פּאָנעם, — איז ער שוין ניט איר סיאָמאַ, איר הילפלאָזער, רירנדיקער, גלעטנדיקער האָדאָוואַניק, וואָס שטילט זיך אײַן אונטער דעם דערפרישנדיקן גלעט פון איר דלאָניע. ער האָט זיך שוין אָפּגעריסן פון איר, ער עקזיסטירט שוין אויסער איר לעבן. וועט זיי געלינגען ווידער צונויפצושמעלצן זייערע לעבנס אינאײנעם?

— איך וויל ניט פרעגן, טאָניאַ, צי דו האָסט מיך ליב. איך ווייס דו וועסט מיך ליב באַקומען, טאָניאַ. נאָר איך בעט איין זאַך. זאָגט מיר אָרנטלעך, טאָניאַ. עפּשער וואָלטן מיר אָפּגעלייגט ביז מײַן צוריקקומען? עפּשער ווילט איר אײַך דורכקאָנטראָלירן, באַטראַכטן, באַשליסן פרײַערהייט?

— ניין! — שרײַט אויס טאָניאַ און דריקט צו די האַנט צו דער ברוסט. ניין, זי וויל עס ניט, זי דאַרף עס ניט. זי וויל זיך ניט דורכקאָנטראָלירן.

סיאָמאַ קוקט אַף איר מיט איבערגעגעבנקייט און צערודערטקייט. מיט וואָס פאַר אַ פרייד וואָלט ער זי אַרומגענומען, זײַן געליבטע, און וואָלט באַהאַלטן זײַן פּאָנעם אַף איר ברוסט, און וואָלט איר געשעפּטשעט די ליבעס־ווערטער, וואָס ער האָט איר אַזויפיל אין געדאַנק געזאָגט, און ניט דערוועגט זיך פון מויל אַרויסצוברענגען! נאָר אויך איצט דערוועגט ער זיך ניט. איצט מער ווי ווען עס איז. ביידע זײַנען זיי צוריקגעקומען צום לעבן. אין דעם לעבן האָט טאָניאַ אירע, מיט סיאָמאַן ניט פאַרבונדענע, געפילן. זײַנען זיי פאַרגעסן אָדער בלויז פאַרטריבן אַף אינעווייניק מיט דעם צווייכאַדאָשימדיקן אָנשטרענג פון אירע קויכעס, צוזאַמענגענומענע צוליב זײַן רעטונג?

— טאָניאַ, — זאָגט ער — באַטראַכט אײַך גוט. ער איז ניטאָ דאָ. נאָר טאָמער קומט ער צוריק? טאָמער קומט ער צו אײַך און זאָגט: „טאָניאַ, זײַ מיר מויכל", — וואָלט אײַך ניט באַנג געטאָן? וואָלט איר ניט געפונען בײַ אײַך אין האַרצן קיין ליבע פאַר אים?

דאָס האָט מען ניט באַדאַרפט זאָגן. ער פילט אַליין, אַז ער שטעלט פאַר איר אַ כאַפּ־שפּיגל, אַז ער דערנידעריקט זי.

— ניין! ניין! — ווערט טאַניאַ בלייך — איך האָס אים. איך וויל אים ניט דערמאָנען. דאָס איז פאַרענדיקט, פאַרענדיקט! דו באַליידיקסט מיך, איך וואָלט מיך פּײַנט געהאַט...

סיאָמאַ נעמט איר האַנט, טראָגט זי לאַנגזאַם צו צו די ליפּן און קושט זי מיט פּײַערלעכן דערעכערעץ. ער שעמט זיך פאַר זײַן אייפערזוכט־אימ־פּולס, פאַר זײַן אַרויסווײַזן מענערישע אומטאָלעראַנץ, וואָס איז פרעמד אַלע זײַנע אַנשויונגען.

— טאַניאַ, — זאָגט ער — איך שווער דיר, אַז אויב דײַן גליק הענגט אָפּ פון מיר...

דאָס קאָל האַקט זיך אים איבער.

טאַניאַ נעמט אים אַרום און דריקט איר פּאָנעם צו זײַן אַקסל. זיי דער־ווענן זיך ניט צעקושן זיך, נאָר דאָס אומשולדיקע אַרומנעמען זיך מאַכט זיי נענטער ווי אַ קוש.

זיי גייען צוריק אַהיים.

געננאַדי זיצט באַם אַרײַנגאַנג פאַרן שאַלאַש, מיט די פויסטן אונטער־געשפּאַרט זײַן פינצטער פּאָנעם. ער גיט אַ קוק אַף סיאָמאַן, דערנאָך אַף טאַניאַן. ער פאַרשטייט אַז אַלץ איז באַשלאָסן. ער פילט אַ ווייטיקלעכן שטאָך פון דעם פאַרשטאַנדיקן בליק, מיט וועלכן סיאָמאַ און טאַניאַ וואַרפן זיך ביגנייווע איבער אַף זײַן כעשבן.

די פרײַנטשאַפט טרעט אָפּ פאַר דער ליבע.

אַ דערדריקטער הייבט זיך געננאַדי אויף און גייט זיי אַקעגן, מיט אַ גע־מאַכטן פריילעכן שמייכל אַפן פּאָנעם. ער איז געצוווּנגען זיי ביידן צו באַ־גריסן מיט אַ שמייכל און דערנאָך אויסהערן ווי סיאָמאַ מעלדעט מיט גרויס־אַרטיקע ווערטער וועגן דער דערוואַרטער כאַסענע.

געננאַדי קעמפט מיט זיך, מיט זײַן אייפערזוכט און אומפרײַנטלעכקייט, ביז דעם מאָמענט פון געזעגענען זיך. ווען טאַניאַ טרעט אָפּ כאָטש אַף איין מינוט, וואָלט ער אַרומגענומען סיאָמאַן און וואָלט אים געזאָגט עפּעס אַזוינס פרײַנטלעכס, שפּאַסיקס, וואָס זאָל באַזײַטיקן די שווערקייט. נאָר טאַניאַ טרעט ניט אָפּ אַפילע אַף איין מינוט. און סיאָמאַן פעלט ניט אײַן, אַז ער דאַרף בלײַבן אַליין מיט זײַן פרײַנט, — ער האָט זיך פאַרגעסן אָן אים.

באַם געזעגענען זיך, מאַכט געננאַדי אַ לעצטן אָנשטרענג:

— רו אָפּ און ווער דיק, סיאָמאַ, און גריס דעם שוואַרצן יאַם, — זאָגט ער — איך וועל זאָרגן פאַר טאַניאַן, און ווען דו וועסט קומען, וועט דער בעסטער פאַמיליע־צימער אינעם נײַעם באַראַק זײַן צוגעגרייט פאַר דיר: איך אַליין וועל אים צוגרייטן, קענסט זײַן רויק.

סיאָמאַן באַגלייט אַ גרויסער אוילעם, מיט לידער. טאַניאַ נעמט זינגען, נאָר קיין איין ליד קען זי ניט דערזינגען ביזן סאָף. דאָס גליק פילט זי אָן מיט דער נײַקייט. זי הערט שפּאַסערײַען און ווונטשן, וואָס שיטן זיך אַף זיי פון אַלע זײַטן. סיאָמאַ דריקט איר האַנט אין זײַנער און קוקט איר אין פּאָנעם אַרײַן מיט שײַנענדיקע אויגן, און טאַניאַ גלייבט, אַז עס וועט זײַן גליק.

באַם ברעג דערוועגן זיי זיך ווידער ניט צו קושן. נאָר ווען סיאָמאַ איז שוין געווען אַף דער שיף און די מאַטראָסן גרייטן זיך שוין אַוועקצונעמען

די קלאַטקע, גיט זיך טאַניאַ אַ ריס פאַרויס, לויפט גרינג אַרויף איבער דער קלאַטקע און פאַלט אַרײַן סיאַמאַן אין די אָרעמס. זי גיט אַ קוש סיאַמאַן גלײַך אין די ליפּן, און ביידע קענען זיי זיך ניט אָפּרײַסן פונעם קוש, וואָס רעדט צו זיי אַזויפיל וועגן ליבע, צוטרוי, דערוואַרטונג און האָפענונגען.

דערנאָך לויפט טאַניאַ אַראָפּ איבער דער קלאַטקע און מיט אַ געוואַגטן שפרונג שפרינגט זי אַרײַן צווישן דעם אוילעם פרײַנט.

מען אַפּלאָדירט איר. די שיף פירט אַוועק סיאַמאַס שײַנענדיקע אויגן. מען זעט נאָך זײַן אויפגעהויבענע האַנט מיט דער קעפּקע.

דערנאָך גיסט זיך אַלץ צוזאַמען. טאַניאַ שטייט און קוקט פאַר זיך מיט אַ שטיין געבליבענעם בליק. אין דער דעמערונג באַמערקט קיינער ניט איר טויט־בלייך געוואָרענעם פּנים. דאָס וואָס קומט פאָר אין איר, איז אַזוי שרעקלעך, אַז עס איז קיין קויעך ניטאָ דאָס צו גלייבן. „ניין, איך האָב פאַרשײַט ניט געלונגען אַ שפרונג געטאָן". אינעם שאַרף געוואָרענעם זיקאָרן, זײַנען די לעצטע צוויי כאַדאָשים, ווי איין טאָג, דורכגעלאָפן, פול מיט שרעקן און זאָרגן. „נאָר ווי:אַזוי האָב איך ניט באַמערקט... אָדער איך האָב איצט פאַרגעסן ?.. זי ווייס אַז זי האָט גאָרניט פאַרגעסן, נאָר דער עמעס איז אומגעריכט און שרעקלעך.

— קום, טאַניאַ — זאָגט גענאַדי און נעמט זי אונטער דער האַנט.

דערנאָך געדענקט זי ניט צי האָט זי באַוויזן מאַכן עטלעכע שפּאַן אָדער עפּעס צו זאָגן. אויפגעכאַפּט האָט זי זיך אַף דער ערד, אַף אַ פרעמדן מאַנטל. דער קאָפּ און די ברוסט זײַנען נאַס. קאַטיאַ סטאַווראַוואַ שטייט איבער איר איבערגעבויגן און פּאַטשט איר אין די באַקן קעדיי זי ברענגען צום באַוווסטזײַן. טאַניאַ קוקט זיך לאַנג אײַן אַן זינען אין קאַטיאַס פּאַנעם, זי דערקענט זי ניט און פאַרשטייט ניט וואָס עס האָט פּאַסירט. אין קאָפּ רוישט איר — דער גערויש פון די אַנקער־קייטן, דאָס פּאַטשן פונעם וואַסער, דער געוואַי פון דער געזעגענונג־סירענע. און מיטאַמאָל איז דער שרעקלעכער עמעס דערגאַנגען צו איר באַוווסטזײַן. טאַניאַ דערמאַנט זיך אין אַלץ און מאַכט צו די אויגן, זי וויל ניט לעבן...

נאָר קאַטיאַ פּאַטשט איר איבער די באַקן, דאָס נאַסע טיכל קילט דעם שטערן, שטערעמעלעך וואַסער רינען איבערן האַלדז. טאַניאַ שטייט אויף, ווישט אָפּ דעם נאַסן שטערן און גייט אַהיים, אונטערגעהאַלטן פון ביידע זײַטן, פון גענאַדין און קאַטיאַן.

— אָט דאָס הייסט פאַרליבטע ! — לאַכט קאַטיאַ און באַמיט זיך פאַרנאַנדערצוטרייסלען טאַניאַ — עפּשער כאַלעשט דאָרטן אויך סיאַמאַטשקאַ ? אָט דאָס הייסט צערטלעכקייט, פּונקט ווי אין אַ ראָמאַן !

טאַניאַ שלאָפט אַ גאַנצן כוידעש זיצנדיק אַף אַ טאַבורעטקע. אָט האָסטו דיר צערטלעכקייטן ! — זאָגט גענאַדי.

ער קען זיך האָבן זײַן מיינונג וועגן טאַניאַן, נאָר ער האָט צוגעזאָגט סיאַמאַן זי אָפּצוהיטן און פון דער מינוט אַן דערוועגט זיך ניט קיינער פאַרטשעפּען טאַניאַן ווען ער איז דאָ דערבײַ.

סאָף פון ערשטן בוך.

